די שרייבערין דאַנקט דעם „מעמאָריאַל פונדיישן״ פאַר יידישער קולטור אין ניו־יאָרק, וואס האָט איר מיטגעהאָלפן אין צוגרייטן דאָס בוך.

טאָני סאָלאָמאָן־מערבי

# טעג פון צאָרן

כראָניק פון יידישע ליידן אין רומעניע
אין די יאָרן 1939—1944



פאַרלאַג „המנורה", תל אביב
תשכ"ח — 1968

געווידמעט דעם הייליקן זכרון פון אַלע אונדזערע
טייערע אומגעקומענע על קידוש השם —
מיטן געדאַנק צו מיין אומפאַרגעסלעכער,
גאָטזעליקער מוטער

**שרה לאה סאָלאָמאָן ז״ל**

וועלכע האָט מיט מסירת־נפש אָפּגעהיטן די
נאָטיצן צום דאָזיקן בוך,

און צום אָנדענק פון מיין טייערער שוועסטער
און שוואָגער

**חנה און יצחק נאַדלער ז״ל**

# אינהאַלט

# וואָס דערציילט אונדז דאָס בוך
# „טעג פון צאָרן"?

די חורבן־ליטעראַטור וועגן רומעניש ייִדנטום איז ניט צו רייד, הן אין ייִדיש, הן אין עברית. אין פאַרגלייך צו אַנדערע ייִדישע ישובים, ווי פוילן, ליטע א.א.וו. זענען ביז איצט נאָך ווייניק דערשינען זכרונות־ביכער אָדער פאָרשער־אַרבעטן וועגן רומעניש ייִדנטום. סתּם אַ ייִד, וואָס האָט אַליין נישט דורכ־געלעבט די חורבן־יאָרן אין רומעניע, ווייסט גאָר ווייניק וועגן די ייִדישע ליידן און וועגן ייִדישן גוראַנגל אין רומעניע אונטערן נאַצי־רעזשים, און פאַרנעפּלט ממש איז פאַר אים דער שווידער־באַגריף — טראַנסניסטריע.

דעריבער איז צו באַגריסן אַלץ וואָס דערשיינט אין ייִדיש, עברית ווי אויך אין אַנדערע שפּראַכן, וואָס גיבן עפּעס אַ באַגריף וועגן דער מגילה פון רומע־נישן ייִדנטום אין יענע אימה־יאָרן.

אַ קאָנטיקן צושטייער צו דער פאָרשונג בנוגע דעם רומענישן ייִדנטום, האָט מיט עטלעכע יאָר צוריק געגעבן ד"ר תּיאודור לביא מיט זיין אַרבעט „יהדות רומניה במאבק על הצלתה" (דאָס רומענישע ייִדנטום אינעם גוראַנגל פאַר זיין רעטונג). ס'ווערן געשריבן איצט ווייטערדיקע פאָרשונג־אַרבעטן. אין פּנקס הקהילות פון יד־ושם וועט דאָס רומענישע ייִדנטום זיכער פאַרנעמען דעם גע־העריקן מקום.

די זכרונות פון פרוי טאָני סאָלאָמאָן־מערבי „טעג פון צאָרן" (כראָניק פון ייִדישע ליידן אין רומעניע) ייִדיש: חיים ראַבינזאָן, זענען אַ גבית־עדות פון אַ פרוי, וואָס האָט אַליין איבערגעלעבט דעם ליידנס־קאַפּיטל פון רומענישן ייִדנטום. איר משפּחה, טאַטע און ברידער, זענען געווען פאַרשיקט אין די דאָרטיקע עינויים־לאַגערן. אירע בעסטע פריינד זענען געווען אויף אַלע נע־ונד־וועגן פון רומענישן ייִדנטום. אַלץ וואָס זי האָט אַליין געזען און אַלץ וואָס זי האָט זיך אָנגעהערט אין די מלחמה־יאָרן, זענען ביי איר געבליבן פעסט איינגע־קריצט אין איר זכרון. איצט קומט זי עס דערציילן פאַר דער וועלט.

כ'מוז מודה זיין, אַז ביזן לייענען דאָס בוך „טעג פון צאָרן", האָב איך קיין מאָל ניט געהערט דעם נאָמען: טאָני סאָלאָמאָן־מערבי, אַלס ייִדישע שרייַ־בערין. איצט, נאָכן דורכלייענען דאָס בוך, זע איך, אַז זי איז באַגאַבט הן מיט אַ געבענטשטן זכרון, און הן מיט אַ פען צו דערציילן.

אָפט איז עס אַ כראָניק, דערציילט פון אַ פאָלקס־מענטש; אָפט — פרוּוון צו מאָלן די געשעענישן אין אַ רעפּאָרטאַזש־פאָרעם; אָפט — דיגרעסיעס וועגן ייִדישן גורל, און ווידער פּערזענלעכע זכרונות, דערציילונג וועגן גרוילקייטן, אי־בערגעלעבטע און געהערטע.

אין אָנהייב בוך ווערן געגעבן בילדער פון אַנטיסעמיטיזם, וואָס שטייגט אין רומעניע און נעמט אָן אַלץ גיפטיקערע פאָרמען. אָט אזי דער אויסברוך פון דער מלחמה צווישן דייטשלאַנד און פוילן אין יאָר 1939. פּוילישע פּליטים קו־

מען אַן קיין רומעניע. אין דער לופטן שפירט זיך דער שווידערלעכער שטורעם וואָס גייט אויף רומעניע. יידן טרייסטן זיך: אפשר וועט דאָס שלעכטע ווינטל פאַרבייגיין? יוגנט וואָלט נאָך אפשר ווי־עס־איז געקענט לויפן קיין ארץ־ישראל, אָבער עלטערן האַלטן דערווייל נאָך אָפּ די קינדער: „וואָס עס וועט זיין מיט יעדן איינעם וועט אויך זיין מיט אונדזערע קינדער". און שפּעטער — איז שוין צו שפּעט...

אינעם בוך שפּירט מען ווי דער תוהו־ובוהו שלינגט איין דאָס רומענישע יידנטום: גזירות, שיקאַנעס, באַרויבונגען, זלזולים, סאַדיסטישע אָפּלאַכונגען, און דאַן — גזילות און רציחות, פּאָגראָמען און פאַרשיקונגען. מען קען זאָגן, אַז איבער די זייטן פונעם בוך שפירט זיך די פּאָגראָם־שטימונג וואָס איז גע־האַנגען איבערן רומענישן יידנטום טאָג־איין, טאָג־אויס, ביזן טאָג פון דער באַפרייאונג.

ס'ווערט געשילדערט ווי אַזוי ברייטע שיכטן פון דער רומענישער באַפעלקע־רונג ווערן, אונטערן איינפלוס פון דער אַנטיסעמיטישער פראָפּאַגאַנדע, פאַר־וואַנדלט אין בלוטקיע חיות און רוצחים; נאָר דאָ און דאָרט שיינען אַרויס די יחידים, די יוצאים מן הכלל, וואָס העלפן דעם יידן אין זיינע צרה־טעג.

אין די שילדערונגען וועגן די יידישע גירושים, לויכטן אויף די מאָמענטן פון יידישער סאָלידאַריטעט, הן פון יחידים און הן פון קהילות. יידישע שטעט־לעך נעמען אויף מיט ברידערלעכער זאָרג די פאַרטריבענע. דאָ און דאָרט אַנט־שטיין הילפס־קאָמיטעטן. מען באַמיט זיך צו באַהאַלטן די פאַרפאָלגטע, גיבן זיי אַ שטיקל ברויט, באַזאָרגן זיי מיט אַ געלעגער, איבערברענגען ידיעות פון אָרט צו אָרט, און — ברענגען צו קבורה די המונים מתים וואָס וואַלגערן זיך איבער די גאַסן, באַן־רעלסן, סטאַציעס. די קהילה אין יאַס ווערט דער יידישער „טרערן־אינזל", וווהין מען לויפט נאָך הילף, נאָך אַן אינטערווענץ, נאָך אַ ידיעה אָדער בריוול פון אַ פאַרשיקטן.

אין דער גרויסער יאַס, אין די קליינע שטעטלעך, אין די צוואַנגס־לאַגערן, אומעטום, באַווייזן זיך ברידער וואָס טראָגן הילף איינער דעם אַנדערן. אַזאַ איז דער צדיק ר' הערשעלע. ער איז איינער פון המונים הערשעלעך, וואָס האָבן זיך באַוויזן אין יענע צייטן אויף דער יידישער גאַס, בכדי צו מוטיקן זייערע ברידער פון ליידן.

אינעם בוך ווערט אָפּט דערמאָנט „ייפ"א ד. ה. „יידישע פליאַטקעס־אַגענ־טור", וואָס האָט פאַרשפרייט ידיעות וועגן גזירות וואָס וועלן בקרוב אָנקומען און געוואָרנט קעגן זיי, און וואָס האָט אויך מיט סאַרקאַסטישן וויץ דערציילט וועגן די מעשים תעתועים פון די זיגערישע דייטשן און די באַרבאַריען, וואָס ס'באַגייען זייערע רומענישע משרתים. ייפ"א אין רומעניע, פונקט ווי „ענלעכע" וואָרענונגס־אַגענטורן אין אַנדערע יידישע ליידנס־לענדער, זענען געווען גלייכצייטיק אַ געווער פון שנעלער אינפאָרמאַציע וועגן אָנקומענדיקע אָדער פאַרויסגעזאָגטע אומגליקן, ווי אויך אַן אָפּווער־מיטל פון הומאָר און סאַטירע כלפי דעם שונא, וואָס האָט געשיינט צו זיין אַזוי אומצעברעכבאַר. ייפ"א, ד. ה.

דער יידישער רצון אין זיין וואַריאַנט (ייוו״אָ — יידן ווילן אַזוי) האָבן פּאָרויס־געזען די אַבסאָלוטע מפּלה פון דייטשן רייך אין די טעג פון זייערע גרויסע נצחונות.

צו די הייכן פון עכטן שרייבערישן טאַלענט, דערהייבן זיך די איכהדיקע שילדערונגען פון פּאָגראָם אין יאַס און פון די פּאַרמאַכטע מתים־וואַגאָנען. דערביי ווערן קורץ און בולט אַרויסגעבראַכט סילועטן פון יידישע מנהיגים, רבנים, דאָקטוירים, לערערס, און יידן פון אַ גאַנץ יאָר. עס בלייבן איינגעקריצט אין זכרון די עפּישע שילדערונגען, ווי אַזוי זיי זענען געגאַנגען אויף קידוש השם.

אינעם בוך זענען פאַראַן אַ סך אומבאַקאַנטע פּרטים וועגן די יסורים־לאַ־גערן אין רומעניע, און ס׳בלייבט אין זכרון די שילדערונג פונעם לאַגער וואַפּניאַר־קאַ, ווו די דייטשן האָבן געשפּייזט די יידן מיט ווילדע אַרבעס — דער פועל־יוצא איז געווען פאַרשידנאַרטיקע פּאַראַליזש־דערשיינונגען, בעיקר אויף די פיס. (כ׳זע זיי ביז איצט אויך אין תל־אביב, די וואַפּניאַרקאַ־קרבנות, וואָס טראָגן נאָך עד־היום אויף זיך די ירושה פון יענעם דייטשע סאַדיזם).

ס׳לויפן דורך אין בוך שילדערונגען וועגן דער אונטערערדישער טעטיקייט פון די ציוניסטישע יוגנט־גרופּן, וואָס האָבן געוואָלט אָרגאַניזירן אַן אומלעגאַלע עליה קיין ארץ־ישראל אין די סאַמע שווידער־יאָרן פון נאַציזם. איינע פון די דאָזיקע אינציאַטיוון, האָט זיך געענדיקט מיט דער „סטרומאַ״־טראַגעדיע, ווען 765 „אומלעגאַלע״ יידישע עולים האָבן געפונען זייער טויט אין מיטן ים, מיטן אויפרייס פון דער שיף „סטרומאַ״.

מען זעט אויך אין בוך ווי ס׳וואַקסט די פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג, וואָס ווערט דער שרעק פון די נאַצישע מערדערס און דערנענטערט זייער מפּלה.

ס׳איז אַ זכרונות־בוך, ווי אַזוי יידן האָבן געלעבט, געליטן, געהאָפט און געראַנגלט זיך פאַר זייער מענטשלעכער און יידישער עקזיסטענץ, אין יענע פינצטערע חורבן־יאָרן פון רומעניע.

דער היסטאָריקער פון חורבן־רומעניע וועט, האָפנטלעך, דאָ געפינען אַ סך פּרטים צום פאַרגלייכן און פאַרדאָקומענטירן.

עס איז דעריבער אַ צושטייער צו דער זכרונות־ליטעראַטור פון דער חורבן־תקופה; ס׳איז גלייכצייטיק אַ בוך, וואָס מאַכט זען פאַר יידן אין אַלע לענדער, וואָס זייערע ברידער־יידן האָבן איבערגעלעבט אין יענע מאַווימדיקע יאָרן אין גלות־רומעניע.

עס איז אויך אַ צושטייער צום גרויסן באַשולדיקונגס־אַקט קעגן די נאַצישע מערדערס און קעגן זייערע קאָלאַבאָראַטאָרן — אין אַלע לענדער בכלל, און אין רומעניע בפרט.

זאָל דאָ אויך דערמאָנט ווערן די שיינע איבערזעצונג פון רומעניש אויף יידיש, אַזוי זאָרגפעלטיק צוגעגרייט דורכן באַקאַנטן דיכטער חיים ראַבינזאָן. די שפּראַך איז קלאָר און פול מיט חנעוודיקע „רומעניזמען״ און גלייכצייטיק אָפּט געהאַלטן אין עפּישן טאָן פון אַ חורבן־כראָניקער.

**ד״ר מ. דוואָרזשעצקי**

# אַ וויכטיקער קוואַל פאַר דער היסטאָריאָגראַפיע פון דער חורבן־תקופה

בעת די מחברין פונעם בוך האָט מיר דערציילט ווי אַזוי זי האָט ממש מיט סכנות־נפשות, געשריבן און אויסבאַהאַלטן אירע פאַרצייכענונגען וועגן דעם פּאָגראָם אין יאַס, האָב איך זי שוין נישט באַדאַרפט פרעגן אויף די סיבות וואָס האָבן זי דערפירט דאָס צו טאָן. עס האַנדלט זיך דאָ נישט אין עפּעס אַ ליטעראַרי־שער אַמביציע, צי אין כוונות פון פאַרעפנטלעכן שפּעטער די אַר־בעט, אָדער זי אויסנוצן אַלס רוי־מאַטעריאַל פאַר אַ נאַראַטיווער שאַפונג. די מחברין אַליין האָט זיך קיין חשבון נישט אָפּגעגעבן, אַז מיט איר איינשטעלן זיך דאָס לעבן ביים פאַרשרייבן די אַלע געשעענישן, פילט זי אויס די מינדלעכע צוואה פון היסטאָריקער פּראָפ. שמעון דובנאָוו, בעת די נאַציס האָבן אים געפירט אויף זיין לעצטן גאַנג: יידן! שרייבט און פאַרשרייבט!

די חורבן־תקופה אין רומעניע פאַרמאָגט זייער ווייניק ריכ־טיקע,ווירקלעכע דאָקומענטן פון דעם מין. לגבי דער דראַמאַטיש־קייט פון די געשעענישן, קען מען דאָס בוך פאַרגלייכן מיט די צייכענונגען פונעם מאָלער אַרנאָלד דאַגאַני, אין דייטשן לאַגער פון יענער זייט בוג, ווו עס זענען אומגעקומען די פאַרשיקטע קיין טראַנסניסטריע.

נאָך פאַראַן — דערווייל נישט פאַרעפנטלעך — אַ טאָג־בוך פונעם יידיש־רומענישן שריפטשטעלער מיכאַיל סעבאַסטיאַן, אַ באַשרייבונג פונעם פּאָגראָם אין בוקאַרעשט, וואָס איז אָבער מער אַן איבערדערציילונג — ער האָט נישט געזען מיט די אייגענע אויגן, נאָר זיך אָנגעהערט פון אַנדערע.

אויך דער יידיש־רומענישער זשורנאַליסט, ב. ברענדישטיאַני, האָט איבערגעלאָזט אַ טאָג־בוך פון יענע ביטערע צייטן, אָבער ער פאָלגט נאָך נאָר די אידעאָלאָגישע אויסברוכן פונעם אַנטי־סעמיטיזם.

במשך זיין געפונען זיך אין טראַנסניסטריע, ווהין ער איז אויף אַ קורצער צייט פאַרשיקט געוואָרן, האָט אויך ד״ר וו. פילדערמאַן געפירט אַ טאָג־בוך, נאָר די נאָטיצן זענען מער אַלגעמיינע, כ׳וואָלט געזאָגט: סינטעטיזירטע. געווען זענען דאָס רשימות פון בקשות וועגן דער לאַגע פון יידן אין טראַנסניסטריע, וועלכע ער האָט פון דאָרט אַרויסגעשיקט צו דער רומענישער רעגירונג.

דאָס בוך פון טאָני סאָלאָמאָן־מערבי אַנטהאַלט אינדיווי־דועלע געשעענישן, נאָר די ליידן ווערן אויסגעדריקט אין אַ טיף־אינערלעכן פערספעקטיוו. דער עצם־פאַקט וואָס איר דערציילן האָט נישט קיין ליטעראַרישע פרעטענסיע און איז נישט באַפּוצט מיט קיין מעטאַפאָרן, פאַרגרעסערט נאָך די אויטענטישקייט. ס׳איז אַ שטיק טראַגיש לעבן, אויפגעכאַפּט אויפן פּאַפּיר אין די הייסע מאָמענטן פונעם געשען.

צבי שנער, דער אָנפירער פון דער ביבליאָטעק און אַרכיוו אין בית־לוחמי־הגיטאות, האָט אויף אַ קאָנפערענץ ביים קאָנ־גרעס אין ירושלים, וועלכע איז געווען געווידמעט דעם יידישן ווידערשטאַנד אין די צייטן פון פאַרפאָלגונג, זייער טרעפלעך דע־פינירט דעם דראַנג וואָס האָט דערפירט אונדזער מחברין צו פאַראייביקן די געשעענישן:

„...יעדער דאָקומענט פון דעם מין, איז אַ ספּעציעלע פאָרעם פון ווידערשטאַנד וואָס שטורעמט אַרויס פון אַ טיף־היסטאָרישן פילן. אַלע וועלכע האָבן געפילט אַז זיי דאַרפן איבערלאָזן אַן עדות־זאָגונג, זענען נישט געווען זיכער אויב זיי אַליין וועלן איבערלעבן, אָבער זייער ציל איז געווען צו פאַרוואַרפן אַ פאַרבינדונגס־בריק מיט די קומענדיקע דורות. דאָס פאַרשרייבן אַליין ווייזט, אַז דער מחבר האָט

פעסט געגלויבט אין צוויי זאַכן: אַז דאָס נאַציסטישע דייטשלאַנד וועט צעשמעטערט ווערן און דאָס יידישע פאָלק וועט ווייטער לעבן..."

אָט די אַלע אינערלעכע אָנרעגונגען האָבן, אין אַ געוויסער מאָס, זיכער געווירקט אויך אינעם אונטערבאַוווּסטזיין פון דער מחברין ביים פאַרצייכענען די „טעג פון צאָרן". דער דאָקומענ־טאַרער ווערט איז דערמיט גאָרנישט פאַרמינערט געוואָרן, נאָר להיפך, פיל פאַרשטאַרקט געוואָרן. דער דופק פון די געשעענישן פולסירט אין יעדן בלעטל, אין יעדער שורה פונעם בוך. זיי אַנט־פּלעקן דעם כאַראַקטער פון אַ נישט־אָפגעלייקנטער ליבע צום אמת.

וועגן דעם פּאָגראָם אין יאַס זענען אָנגעשריבן געוואָרן עט־לעכע היסטאָרישע ווערק. געציילטע שרייבער האָבן אויך אויס־גענוצט די געשעענישן פאַר ליטעראַרישע שאַפונגען, אויך פאַר צוגעפּאַסטע קינסטלערישע איבעראַרבעטונגען. איצט קומט צו נאָך אַן אייגנאַרטיקער דאָקומענט, אַ פּערזענלעכע עדות־זאָגונג, וואָס וועט פון היינט אָן דינען אַלס איינער פון די וויכטיקסטע קוואַלן פאַר דער היסטאָריאָגראַפיע פון דער חורבן־תקופה אין אַלגעמיין און פון די געשעענישן אין זייערע געניי־איבערגעגעבענע פּרטים.

**ד"ר תיאודר לביא (לעווענשטיין)**
לייטער פון רומענישער אָפּטיילונג
אין „יד ושם", ירושלים

## קאַפּיטל איינס

# פּאַרגעפּילן

אין דער פאַבריק „אינקאָטעקסט" איז היינט עפּעס נישט ווי תמיד. אַלע קריסטלעכע אַרבעטער האָבן איבערגעריסן די אַרבעט און אָפּגעהאַלטן אַ זיצונג אין וועלכער מ׳האָט באַדאַרפט באַשליסן, אַז מ׳איז מסכים מיט דער אַנטיסעמיטישער שטעלונג לגבי די יידן. כאָטש ס׳געזעץ פאַרווערט צו פאַרלאָזן די אַרבעט אין באַשטימטע שעהען פון טאָג, האָבן זיי דאָס נישט גענומען אין אַכט און דעמאָנסטראַטיוו, פריי און אָפן, זיך פאַרזאַמלט אין הויף פון פאַבריק און אַרויסגעזאָגט וואָס מ׳האָט געהאַט צו זאָגן. נאָכדעם, גאַנץ רויִק זיך אומגעקערט צו דער אַרבעט, גלייך ס׳וואָלט גאָרנישט גע־שען.

גריגאָרען, דעם הויפּט־רעדנער און הויפּט־עסקן, האָט מען תיכף אַריינגערופן אין ביוראָ, פרעגנדיק אים וואָס איז דאָס פאַר אַן אויפפירונג. מעשה־פאַרשעמט האָט ער צוגעזאָגט, אַז ס׳צווייטע מאָל וועט שוין אַזוינס נישט געשען.

אין מוח פון די פאַבריק־־אייגנטימער האָט זיך דאָך אָנגעצונדן אַ פונק, אָבער אין געדאַנק פון בעני נאָדעלמאַן, איינער פון די הויפּט־שותפים, האָט זיך צעברענט אַ גאָר גרויס פייער.

דערמאָנט האָט ער זיך אין אַן ענלעכן זומער־טאָג אין זיין געבורט־שטאָט, כאָטין, אין דער בעסאַראַביע. דאָס איז געשען, ווי ער אַליין האָט עס מיר דערציילט, אין אַ שבת. דער ערשטער שבת נאָכן אָפּשטעלן ס׳פייער פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. פריילעך און מיט אַ גוטן געמיט איז ער געגאַנגען אין שיל אַריין.

זיין יונגע שיינע פרוי איז געשטאַנען אויף דער שוועל, האַלטנדיק אַקעגן דער זון איר קליין מיידעלע, אַ צוויי־חדשימדיק נפשל, אַז מיט איר

ליכטיק צעשיינט פנימל, זאָל זי נאָך מער דערוואַרעמען ס׳האַרץ פונעם טאַטן, ביים אַהיימקומען פון שיל.

ווי זי שטייט און שפּילט זיך מיט איר טעכטערל, גייט פאַרביי אַ רומע־נישער סאָלדאַט. רומעניע האָט דאַן אָפּגעריסן בעסאַראַביע פון באָלשעווי־זירטן רוסלאַנד און די אַרמיי האָט זיך גענומען אויסלערנען די ניי־צוגעקו־מענע יידישע בירגער, וואָס אַזוינס „אָרדענונג״ איז... זעענדיק אַ פרוי ציט זיך צוריק אין שטוב אַריין, איז דאָס אים געווען „פּאַרדעכטיקט״, און ער האָט אָנגעלאָדן די ביקס. דערפילנדיק אַז אַן אומגליק דערנענטערט זיך, האָט די מאַמע צוגעדריקט איר קינד צום האַרץ און ביים אַריינלויפן אין שטוב, האָט אַ קויל זי אַנידערגעוואָרפן. אַ דערשאָסענע, האָבן אירע נאָך עטוואָס צעעפנטע אויגן געקוקט שטום, ווי פרעגנדיק אַ שאלה די זומער־דיקע וואָלקנדלעך, די ליכטיקע זון, גאָט אַליין.

דאָס איז געווען אין יאָר 1918.

היינט איז דער 5טער אַפּריל 1937.

אַכצן יאָר נאָך יענעם „הייסן״ שבת, אין אַזאַ טאָג מיט זון, נאָר אין דער שטאָט יאַס, האָט ער זיך איינגעקוקט אין גריגאָרעס פּנים. גריגאָרע דער רומענער, דער קריסט... אויסגעוויזן האָט זיך אים אַז אַזוי האָט באַ־דאַרפט אויסזען אויך ס׳פּנים פון יענעם רומענער און קריסט, וואָס האָט דערשאָסן אויף טויט זיין פרוי, אין כאָטין.

גריגאָרע האָט טאַקע מבטיח געווען אַז „ס׳צווייטע מאָל וועט שוין אַזוינס נישט געשען״, אָבער זיין אַנטיסעמיטישע אַרבעט האָט זיך געצויגן ווייטער. אויב די ערשטע באַראַטונג איז פאָרגעקומען אַ שטילע, אין הויף פון פאַבריק, האָט מען ס׳צווייטע מאָל זיך אויסגעשטעלט אין רייען, טאַקע אין דעם זעלבן הויף, און מיט צעוויקלטע פאָנען אַוועק איבער די גאַסן, באַליידיקט יידישע פאַרבייגייער און זיי געלעכערט די אויערן מיט שטעכע־דיקע קלאַנגען פון כוליגאַנישן הימן:

דערשטיקן אונדזער אומה די זשידאַנעס
און רויבן ס׳פאַרמעג פון אונדזער לאַנד...*

---

* פראַגמענט פון לעגיאָנערן־הימן.

אַוועק איז מען צו דער גרויסער פאַרזאַמלונג אין „פּיאַצאַ אוניריי״, (פאַראייניקונגס־פּלאַץ) צו הערן די תורה פון פּראָפעסאָר ק ו ז אַ.*

אין פאַבריק האָבן זיך געשאַפן קוזיסטישע קעמערלעך. פראַנק און פריי האָבן זיי זיך פאַרזאַמלט, אָפן געפירט אַנטיסעמיטישע העצערייען. צום אונטערשייד פון אַנדערע פאַבריקן, האָבן זיי דאָ נישט דורכגעפירט קיין כאַבאַטאַזש־אַקטן. די גוטע באַציִונגען מצד דער אָנפירערשאַפט פון פאַבריק, ווי אויך די הילף וואָס איז געגעבן געוואָרן יעדן איינעם, אין פאַל פון קראַנק ווערן, אין שווערע קאַלטע ווינטערס, דאָס אַלץ האָבן די קריסט־לעכע אַרבעטער גאַנץ גוט געוווּסט און טאַקע דערפאַר, מער אָדער ווייני־קער, איינגעהאַלטן זייערע אַנטיסעמיטישע העצערייען.

דערפאַר אָבער, ביים פאַרענדיקן די אַרבעט, איז יעדער איינער פון זיי אַוועק אין די קלובן און לאָקאַלן, ווו אַ „פאַרגעשריטן־טרייער״ סטודענט פון קוזאַס קליקע האָט זיך באַמיט צו „באַלייכטן״ די געדאַנקען, בנוגע די „פינצטערע זשידאַנעס״.

צו די „פינצטערע״ זשידאַנעס פון פאַבריק, איז נישט איינמאָל געקו־מען אַ קראַנקע מאַמע, אַן אַלמנה פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, און כאָטש די רומענישע קאָנסטיטוציע פאַרזיכערט זיי אַ לעבנס־פּענסיע, זענען אַ סך פון די מאַמעס געשטאַנען ביים טויער, און ביים אַרויסגיין פון די פאַבריק־אייגנטימער, די „זשידאַנעס״, און אַפילו מיר, די יונגע קאַסירערין און אָנפירערין פון פאָנד פאַר נויטבאַדערפטיקע, האָבן זיי געקושט די הענט און מיט טרערן אין די אויגן געדאַנקט; איינע, דערפאַר וואָס איר איינאונאיינציק טעכטערל, לענוצאַ קריסטעסקו,** אַ מיידל פון אַ יאָר 16, אַ יתומה, ליידט פון אַ כראָנישן רעוומאַטיזם. דער מלוכה־דאָקטאָר האָט גאָר ווייניק צייט וועגן איר, די יתומה פון אַ טאַטן, וועמענס נאָמען איז פאַרצייכנט צווישן די וואָס האָבן „געאָפּפערט״ זייער לעבן פאַרן לאַנד און נאַציע.

— אונדז האָט א י ר געראַטעוועט, א י ר, גאָטס שליחים. אַ דאַנק אייער הילף לעבט היינט מיין קינד. אין קלויסטער האָב איך געבעטן יעזוסן פאַר אייער געזונט, פאַר אייך אַלעמען...

* גרינדער פון אַנטיסעמיטישער פּאַרטיי.

** וועגן ל. ק. זע אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען.

כאָטש שלעכטע ווינטן האָבן געבלאָזן פאַר יידן, איז די פאַבריק גע־גאַנגען איר גאַנג און די מענטשהייט — אירע געגנגעלעך. אייניקע זענען אַוועק פון דער וועלט, אַנדערע זענען צוגעקומען און אַלץ וואָס איז געווען יונג, האָט פאַרמאָגט האָפענונג און געטרוימט פון ליבע אויף פליגלען, וואָס זייער פלי איז געוואָרן שוואַכער און לאַנגזאַמער, צוליב דער שווערער מאַטעריעלער לאַגע, וואָס האָט זיך פון טאָג צו טאָג פאַרערגערט ביי יעדן איינעם פון די אַרבעטער. די באַשטעלונגען פון סחורות זענען קלענער געוואָרן, די אַרבעטס־טעג — נאָך ווייניקער און סוף חודש איז יעדנס געהאַלט אַרויס צעממיתט, ווי נאָך אַ מלחמה.

אין אַרבעטער־קרייזן ווו מ׳פלעגט זיך באַגעגענען, האָט מען אָפן גע־רעדט וועגן אונדזער באַציִונג צו זיי. אַ באַזונדערער זכות איז געווען פאַר יעדן אַרבעטער, וואָס האָט געקענט פאַרנעמען אַ פריי־געוואָרענעם פלאַץ.

אָבער ביים בעסטן גוטן ווילן, מיט דער גאַנצער איינגעפירטער האַר־מאָניע, איז די אַטמאָספער געוואָרן וואָס מער אָנגעלאָדן. יעדער אַרבעטער, טאַקע יעדער איינער, ביים אַוועקגיין פון דער פאַבריק, האָט זיך צוגעזונגען אַ פריילעך לידל, פרייענדיק זיך וואָס ער גייט אַהיים צו דער משפחה. אָבער, ווי נאָר ר׳איז אַריבערגעגאַנגען אויפן צווייטן טראָטואַר, האָט ער דערפילט אַז עפּעס לאָזט אים נישט אָטעמען פריי. די לופט האָט געשטיקט און אינ־סטינקטיוו האָט יעדער איינער זיך אַרומגעקוקט, גלייך ווי ער וואָלט געזוכט, געפּרוווט צו דערגיין און דערזען פון וואַנען ס׳קומט אָט די דושנעקייט.

מער פון אַלע האָבן יידן זיך געפילט געענגט. זיי האָבן געזען, געפילט און גאָרנישט געקענט טאָן, ווייל זיי האָבן קיין מעגלעכקייט און קיין ברירה נישט געהאַט. עפּעס האָבן די יידן יאָ געוואָלט ענדערן, אָבער, — ווי תמיד, דער אָנגעוויטיקטער גורלדיקער „אָבער״ — זיי זענען געווען צוגעבונדן צום באָדן אויף וועלכן זיי זענען געבוירן געוואָרן, צו דעם ביסל אָפּגע־שפּאָרטן פאַרמעגן אין משך פון יאָרן. זענען זיי איצט געשטאַנען אָנ־מעכטיקע פאַר געשעענישן, וועלכע האָבן פון זיך אַליין גערעדט, באַפוילן, פאָרויס געזאָגט, אַז קיין גוטס וועט נישט אַרויסקומען. ווי אַמאָל אין חלום, ווען ס׳דאַכט זיך דיר, אַז דו מוזסט פאַרביילויפן אַ געסל, אָדער אַרויפדראַ־פּען זיך אויף אַ בערגל, כאָטש אַן אומגליק לויערט דאָרט, אַזוי האָבן אויך יידן זיך געזען פאַר אַ סכנה און קיין אַנונג נישט געהאַט, וווהין זיך קערן

און ווענדן, כדי אויסצומיידן די צרות, וואָס האָבן זיך צעכוואַליעט פון אַלע זייטן.

דער איינציקער געדאַנק וואָס האָט זיך באַוויזן, ווי דער איינציקער רעטונגס־וועג, ווי אַ קלאָרער קוואַל צווישן פאַרדרייטע־פאַרשאָטענע שטעגן אויף אַ באַרג, איז געווען ס׳אָפּפאָרן קיין ארץ־ישראל. אין יעדנס נשמה האָט די „התקוה״ אָפּגעקלונגען ווי אַן עכאָ פונעם ליד, מיט וועלכן אונדזערע מאַמעס פלעגן אונדז, קליינערהייט, פאַרוויגן. און פונקט ווי דעמאָלט, ליגנ־דיק אין וויגעלע, האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס ליד קומט פון גאָר־גאָר וויַיט, אַזוי אויך דער ציוניסטישער געדאַנק: וואָס מער ר׳האָט זיך דער־נענטערט, איז ער קלאָרער און ליכטיקער געוואָרן, אָבער — געבליבן פון דער וויַיטנס... דער מאַמעס וויגליד האָט איינגעשלעפט, די „התקוה״ האָט אָבער אויפגעוועקט. און אויפכאַפנדיק זיך, זענען מיר געווען ווי אין אַ היץ־הער־פלעט. קיין באָדן נישט געפילט אונטער די פיס, און איבערן קאָפּ זענען געהאָנגען ליידיקע הייכן.

דאָך האָבן יידן געחלומט: אפשר... אפשר וועט דאָס שלעכטע ווינטל פאַרבייגיין... אָבער אין פינצטערניש פון דער נאַכט, האָבן זיי קלאָר געזען ווי עס צעפּראַלט זיך איבער זיי אַ כאַאָס, פון וועלכן זיי וועלן שוין קיינ־מאָל נישט אַרויס.

מיט אַלע פאָרגעפילן צו דעם וואָס קומט אָן, האָבן אַ סך עלטערן אָפּ־געהאַלטן זיך צו שיקן זייערע קינדער אין די ציוניסטישע יוגנט־קרייזן און באַוועגונגען, די איינציקע אין וועמענס כוח ס׳איז נאָך געווען צו וויַיזן אַ וועג, ווי אַזוי צוריקצוגעפינען זיך אין דער אָנגעלאָדענער אַטמאָספער וואָס האָט זיך געשאַפן אין די באַלקאַן־לענדער.

— וואָס ס׳וועט טרעפן יעדן איינעם, וועט אויך געשען מיט אונדזערע קינדער!... — פלעגן אַ סך עלטערן זאָגן.

אין ס׳אַראַ ביטערער שעה זיי האָבן דאָס אַרויסגערעדט!... ווייל אַ סך אומגליקן וואָלטן אויסגעמיטן געוואָרן, ווען יענע עלטערן וואָלטן דעמאָלט געהאַט די קלאָרע ראיה און אַנדערש געדענקט. דווקא אין יענער צייט האָט זיך שוין גאַנץ קלאָר אַרויסגעוויזן דער ציל פון די קוזיסטן, ווי אויך די פּינקטלעכקייט אָפּצוהיטן דעם דאָזיקן דרך זייערן. נישט זייענדיק באַגרע־נעצט מצד דעם געזעץ, און אין אַ סך פאַלן — אַפילו דערמוטיקט פון די געזעצגעבער, האָבן זייערע צילן באַקומען מער לעבעדיקע פאָרמען און די

חוצפה זייערע — נאָך לעבעדיקער און אומבאַגרענעצט. זייערע שליחים האָבן געפּרעדיקט צו שאַפן אַ „נאַציאָנאַלע קריסטלעכע ליגע פון פּאַרטיי־דיקונג", וואָס די ראשי־תיבות זענען געווען: L.A.N.C. דאָס באַדייט: אַ שפּיז! און די דאָזיקע „שפּיזן־טרעגער" האָבן איבערצייגט, אַז זיי זענען מסוגל צו דינען מיט לייב און לעבן דעם קוזיסטישן געדאַנק, וועלכער דאַרף גערעכנט ווערן אַלס די איינציקע נאַציאָנאַלע אידעע, און תמיד ווען מען וועט זיך נייטיקן אין זיי, זאָלן די קוזיסטן האָבן זייער אייגענע אַרמיי.

יידן האָבן שוין נישט געקענט זיך באַגעגענען פּראַנק און פריי אין גאַס, אָדער אין קאַפעהויז. נאָר מוותר זיין אויף „בייעסן" איז געווען אַ צו גרויסער נסיון. זענען זיי געוואָרן „גאָטספּאַרכטיקע" און געלאָפן אין שיל אַריין, ווו פאַרן דאַווענען און נאָכן דאַווענען, האָט מען געלערנט אַ פּרק... פּאָליטיק!

גענומען האָט מען זיך צו פּאָליטיק פון גאַנץ פריי... אייניקע האָבן געהאַלטן, אַז מ'דאַרף גיין מיט דער פויערים־פּאַרטיי, אונטער דער אָנפי־רונג פון יוליו מאַניו; אַנדערע האָבן געטענהט, אַז דער איינציקער וועג געהאָלפן צו ווערן, זענען נאָר די ליבעראַלן, אָבער אומעטום האָבן דערוויילגעיובלט די קוזיסטן:

— מיר זענען די איינציקע כשרע פּאַרטיי, ווייל אין אונדזערע רייען זענען קיין זשידאַנעס נישט פאַראַן!... זאָלן מיר נאָר קומען צו דער מאַכט, וועט איר זען, ברידערלעך רומענער, סאַראַ ביעור־חמץ מיר וועלן מאַכן מיט אָט־די קרעציקע... אַזוי האָבן די קוזיסטן געטענהט.

און געפירט האָבן זיי די פּראָפּאַגאַנדע זייערע, אויף אַ גאָר אָריגינעלן אופן: היות ווי די גלחים, בפרט די יונגע צווישן זיי, זענען אַלע געווען תלמידים פון טעאָלאָגישע סעמינאַרן, וועלכע זענען דורכויס באַזעצט גע־ווען מיט לערערס פון קוזאָס תלמידים, פלעגן די קוזיסטישע שליחים אָנקו־מען ביינאַכט אין די דערפער, אַריין אין קלויסטער און קלינגען מיט די גלעקער. אין געציילטע מינוטן איז דאָס גאַנצע פויערטום פון דאָרף געלאָפן אויפן רוף פון די „הייליקע" קלויסטער־גלעקער. דאָרט האָט שוין געוואַרט אויף זיי דער גלח מיט די הייליקע בילדער און אַלע האָבן באַדאַרפט שווערן ביים צלם, אַז ביי די נאָענטע וואַלן, וועלן זיי געבן זייערע שטימען נאָר פאַר דער „נאַציאָנאַל־קריסטלעכער ליגע", אין וועמענס שפּיץ עס געפינט זיך פּראָפ. קוזאַ אָן „אייניקל" פונעם ערשטן מושל אין רומעניע, וועלכער האָט

מהרים געווען דעם באָדן פון די קלויסטערס און אים צעטיילט די באַפרייטע אָרעמע פויערים, וואָס זענען הונדערטער יאָרן געווען ס׳לייב־אייגנטום פון די באָיאַרן...

אין דעם גאַנצן ענין איז אמת נאָר דער פאַקט, אַז דער אַלעק־סאַנדער יאָן קוזאַ, דער ערשטער מושל, נאָך דעם ווי די צוויי פּראָווינצן, מאָלדאַוואַ און מונטעניאַ האָבן זיך פאַראייניקט, האָט טאַקע צעטיילט באָדן פאַר די אָרעמע פויערים, נאָר אַז קוזאַ איז זיינס אַן אייניקל, האָט אין זיך נישט קיין שפּור פון אמת, ווייל אַ סך האָבן אַפילו געצווייפלט, צי פּראָפ. קוזאַ אַליין, האָט אַ ריינעם, כשרן רומעניש אַפּשטאַם...

די וואַלן זענען געווען אין אמתן ברען. אין שפּיץ פון דער ליבעראַלער פּאַרטיי איז געשטאַנען טאַטאַרעסקו, מיט רעלאַטיוו־פריינדלעכע באַציִונגען צו יידן, צווישן וועלכע ר׳האָט געציילט אַ סך עפנטלעכע און נישט־עפנט־לעכע ידידים.

יידן האָבן געהאָפט, אַז די גרויסע פּאַרטייען וועלן זיך פאַרשטענדיקן און אַזוי אַרום וועלן די רעכטע עקסטרעמיסטן נישט מצליח זיין. אייניקע יידן האָבן אַפילו אָנגעהויבן אַרויסזאָגן מיינונגען וואָס קומען פון „הויכע זיכערע קוועלן״, אַז לויט די כוונות פון די אמתע מנהיגים דאַרף מען טאָן אַלץ, כדי צו ראַטעווען ס׳פאָטערלאַנד וואָס קייקלט זיך אין אַ תהום, אין וועלכן אַפילו פאַר זיי, די קריסטן, וועט אויך נישט זיין אַמבעסטן.

מיט אַלע „מיינונגען״ און געגעבענע „הבטחות״, איז קלאָר געווען, אַז די לאַגע וועט פון טאָג צו טאָג ערגער פאַר יידן. מ׳האָט שוין נישט באַדאַרפט גיין אין שיל אַריין, צו דערוויסן זיך „נייעסן״. זיי זענען שוין געקומען גלייך אַהיים, אין די יידישע שטיבער אַריין. אַמאָל, מיט צעשפּאָל־טענע קעפּ — אַמאָל דורך אויסגעזעצטע שויבן און אַמאָל — דורך באַ־ראַבעוועטע יידישע געשעפטן.

האָט טאַקע דער קלוגער רעזניק געכאַפּט אַ שמועס מיט די אַנדערע צוויי שותפים, אָשר בערדיטשעווסקי און נאַכמאַנאָוויטש, ווי אַזוי זיך צו ראַטעווען, זיך אַליין און דאָס פאַרמעגן. באַשלאָסן האָט מען, אַז איינער פון די שותפים זאָל אַרויספאָרן קיין ארץ־ישראל און אויפשטעלן דאָרט אַ פאַבריק פון סאָדעוואַסער.

זייענדיק דער עלטערער און מיט מער נסיון פון אַלע שותפים, האָט

בערדיטשעווסקי מיט זיין פרוי מלכהלע באַשלאָסן צו פאָרן קיין ארץ־ישראל און פרוּוון זיך דאָרט איינאָרדענען.

— טאָמער, חלילה, קומען צו דער מאַכט די קוזיסטן, האָבן זיי גע־טראַכט, וועלן זיי זיכער דורכפירן זייער פּראָגראַם און מ׳וועט אָנהייבן פייניקן יידן. און זיי, אַלס די אָנגעזעענסטע גבירים אין יאַס, ווער ווייסט אויב מ׳וועט זיך נישט נעמען אויך צו זיי...

פאַרמאָגנדיק אַ גרויס פאַרמעגן, אין לאַנד און אין אויסלאַנד, וועלן זיי נעמען די קינדער און זיך באַזעצן אין ארץ־ישראל, לעזנדיק אַזוי אַרום די פראַגע, נישט נאָר פאַר זיך, נאָר אויך פאַר די משפחות פון די אַנדערע צוויי שותפים, מיט וועלכע ס׳פאַרבינדט זיי יאָרן פון פריינדשאַפט און שותפות.

האָט מען זיך אָנגעהויבן גרייטן אין וועג אַריין און אויסגעקליבן האָט מען דעם חודש יולי, בכדי מ׳זאָל קענען גוט פאַרברענגען ביים ים... ס׳איז געבליבן אָפּגעשמועסט, אַז אויב די פּאָליטישע לאַגע וועט זיך פאַרערגערן, שליסט מען די פאַבריק און אַלע צוזאַמען, — דאָס מיינט: אָן די אָרעמע קרובים, — פאַרלאָזן רומעניע און לאָזן זיך אין וועג אַריין.

אין דעם פאַל האָט מען באַדאַרפט ביילייגן אַ געלט־גאַראַנטיע פון 30.000 רומענישע ליי (קרוב 5.000 ענגלישע פונט, לויטן דעמאָלטיקן קורס), ווי אויך אונטערשרייבן אַן התחייבות, אַז אויב ביזן דרייסיקסטן טאָג זינט מ׳האָט אונטערגעשריבן דעם פאָרמולאַר, געפינען זיי זיך נישט צוריק אין לאַנד, געהערט די בייגעלייגטע סומע דער רומענישער מלוכה.

דורכצופירן דאָס שליחות איז געפאַלן אויף מיר, ווייל איך בין געווען די קאַסירערין פון דער פאַבריק. גייענדיק צום פינאַנציעלן מלוכה־אַנשטאַלט און רעדנדיק מיטן באַאַמטן, אַ יונגער רומענער מיט אַ מער־מענטשלעכן אויסזען, האָט ער מיר צווישן אַנדערע געזאָגט, נישט מער און נישט וויי־ניקער:

— גיט איר אייך אָפּ חשבון, פרײלין ס., וויפל אַ ייד איז ווערט ביי אונדז?... 30.000 רומענישע ליי... גלייבט מיר, אַז עס וועט אונדז פרייען צו באַקומען די דאָזיקע סומע, וואָס איז נישט מער ווי אַ גאַראַנטיע, איידער ווידער זיי זען דאָ, די דאָזיקע זשידאַנעס, וואָס זענען פאַרבלאָנדזשעט גע־וואָרן אויף אונדזער רומענישער ערד. כ׳ווייס נישט פאַרוואָס, אָבער כ׳קען זיי שוין נישט פאַרדייען... ווען כ׳זע זיי קומען אַהער און הער ווי אַ דריטע

פערזאָן זעצט זיי איבער, וואָרט ביי וואָרט, זייערע בקשות, ווער איך אויסער זיך פאַר פאַרדראָס... האָבן זיי דען אַן אַנדערן אויסזען ווי איר, פריילין? איר זענט דאָך פון איין פאָלק און פון איין גלויבן... א י י ך, פריילין, זאָג איך עס אַלס גוטער פריינט: אויב איר האָט די מעגלעכקייטן, זאָלט איר וואָס גיכער נעלם ווערן פון אונדזערע מקומות. זוכט פאַר אייך אַנדערע פלעצער, און, אַמבעסטן, אין אייגענעם לאַנד. גוט, שלעכט, ווי ס׳זאָל אייך נישט זיין דאָרט, אָבער אין דער היים זענט איר... אויף אייגענער ערד און אונטער אייגענע הימלען. געדענקט גוט וואָס כ׳זאָג אייך. גוט וועט דאָ זיכער נישט זיין פאַר אייך, ווייל, צו... צו... האָט איר שוין אַריבערגעכאַפּט די מאָס. צעשפּרייט זיך מיט שטיבער, מיט געשעפטן, גלייך איר האָט אונדזער לאַנד בירושה פון עמעצן. אַפילו אַ גאַסט, אויב ער איז נישט קלוג ווי אַ מענטש דאַרף זיין, נעמט מען אים אַן פאַרן קאַרק און מ׳וואַרפט אים אַרויס.

וואָסזשע מיינט איר? ס׳לאַנד האָט מען אונדז געגעבן סתם אַזוי, עפּעס ווי אַ נדבה. די פעלדער זענען דורכגעווייקט מיטן בלוט פון אונדזערע רו־מענישע ברידער און דוקא ביי אונדז האָט איר אייך צונויפגעקליבן פון דער גאַנצער וועלט, דאָס לעבן אונדז צו פאַרביטערן. אייניקע פון אייך האָבן נאָך די העזה צו זאָגן אונדז, רומענער, אַז זיי זיצן דאָ אויף פרעמדע פּאַספּאָרטן... רירסטו זיי אָן מיט אַ וואָרט, פאַרקלאָגט מען אונדז תיכף אין אויסלאַנד. אמת, נאַראָנים זענט איר נישט, אָבער שווינדלערייען צו פירן, קענט איר שוין פון דער מאַמעס בויך אַרויס. אפשר קענט איר מיר זאָגן, פריילין, צו וואָס טויג אייך די גאַנצע חכמה אייערע, אַז זייט די וועלט איז, זענט איר אויף שפּאָט און געלעכטער...

און צום סוף, אויף אַ גאָר־נאַטירלעך־פריינטלעכן אופן, האָט מיך דער רומענישער פּאַטריאָט, שטיל און צוקערדיק, געפרעגט:

— זאָגט מיר, טייערינקע, עטלעכע מעטער לייוונט, אָבער פון בעסטן סאָרט, קען מען טרעפן אין פאַבריק, נאָר... אין קאָסט־פּרייז...

— זיכער, הער קאָנטראָלאָר, אויב איר האָט קיין צייט נישט, וועט איר דאָס באַקומען צוגעשיקט אַהיים.

מיט אַ פריינטלעכן האַנט־דרוק, בין איך אַוועק פונעם קאָנטראָלאָר, וועלכער האָט, נעבעך, שווער געהאָרעוועט ביים ציילן די גאַראַנטיע־געלט־

ער... און דערלאַנגענדיק די קוויטונג, האָט ער אויך דערלאַנגט אַ פּאַרצייכענונג: וויפל מעטער לייוונט ער וויל אין קאָסטן־פּרייז...

נאָך אין יענעם אָוונט האָט זיך דער בעסאַראַבער ייד בערדיטשעווסקי מיט זיין פרוי, גאַר באַקוועם באַזעצט אין די באַרימטע שלאָף־וואַגאָנען. נישט קענענדיק אַרויסרעדן לייטיש אַ רומעניש וואָרט, איז מיט זיי מיטגעפאָרן, זעלבסטפאַרשטענדלעך אין איינעם פון די דערנעבנדיקע פשוטע דריטע־קלאַס וואַגאָנען, אַ בחורל וואָס האָט נאָר וואָס געענדיקט קאָמערץשול, ר׳זאָל זיין דער דאָלמעטשער, ביים אַרויפגיין אויף דער שיף, אין קאָנסטאַנצער האַפן.

די רייזע איבערן ים האָט פאַרמאָגט אַ באַזונדערן רייץ, ווייל כמעט אַלע רייזנדע זענען געווען רייכע מענטשן, וואָס זענען געפאָרן קיין ארץ ישראל, מיט דעם זעלבן צוועק. פון וואָרט צו וואָרט האָט מען זיך אויך צעשמועסט וועגן קויפן גרויסע שטחים ערד. ווי זאָגט מען: זאָל עפעס זיין אָפּגעשפּאָרט אויף פאַר שווערע צייטן.

אויך פרוי בערדיטשעווסקי האָט אין זינען געהאַט אירס: צו רעדן וועגן פאַרשידענע איינגעמאַכטסן, ווייל נוס און צוקער פעלן נישט אין רומעניע, אָבער דאָרט, אין א״י, ווער ווייסט ווי אַזוי ס׳איז.

סוף כל סוף איז מען אָנגעקומען, און בערדיטשעווסקי, אַ מענטש מיט סוחרישן חוש און געניטע פעיִקייטן, האָט, ווי ס׳איז אָפּגערעדט געוואָרן מיט זיינע יאַסער שותפים, גענומען אויפשטעלן אַ פאַבריק פון סאָדע־וואַסער נעבן חיפה.

צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע שיפס־ברידער האָט מען באַזוכט ס׳לאַנד. מלכה׳לע בערדיטשעווסקי האָט בשום אופן נישט געקענט פאַרגעסן אין איר „טייערן־זיסן רומעניען״. זי האָט שוין געוואָלט דערלעבן דעם דרייסיקסטן טאָג און זיך ווידער זען אין דער היים. עפעס האָט זי זיך נישט געפילט אין אירע וואַסערן, אויך דאַן ווען אומעטום ווו זי איז געקומען, האָט מען זי באַגייסטערט אויפגענומען און באַדינט, אַ דאַנק איר געלט. ס׳האָבן נישט געהאָלפן אויך די גוטע רייד פון ידידים און באַקענטע, וועלכע האָבן געוווינט אין ברייטע ליכטיקע דירות, מיט אַראַבישע דינסטן און משרתים. די גוטע רייד האָבן אויף איר קיין השפעה נישט געהאַט.

אין אַ צווייטן בריוו שרייבט זי בפירוש, אַז זי קען בשום אופן נישט

באַגרייפן פאַרוואָס אַזאַ שווערער קלימאַט הערשט אין אונדזער לאַנד, וואָס איז דערווייל נאָך נישט „אונדזערס“... וויל עמעצער אַרויסגיין פון שטוב, מוז ער צום ערשטן, אַרויסשטעקן אַ פינגער דורכן פענצטער, און ס'איז נישט אויסגעשלאָסן אַז ר'זאָל אים צוריקציִען אַן „אָפּגעבראָטענעם“ פון דער זון...

בנוגע מ'לעבן, דאָ, אין א"י, האָט זי קיין באַזונדערע געפילן נישט. אויב ס'איז דערווייל שטיל אין דער היים, זאָל יעדער איינער זיצן געזונטער־הייט דאָרט ווו מ'קען אים.

מ'האָט זיי געגעבן צו פאַרשטיין אַז ס'זענען פאַראַן מעגלעכקייטן צו פאַרלענגערן זייער „באַזוך“, און נישט פאַרלירן די גאַראַנטיע, ווייל ביי פאַרמעגלעכע מענטשן ווי זיי, שפּילט קיין ראָל נישט איינצוקויפן זיך אַביסל ערד פון די אַראַבער. די משפחה בערדיטשעווסקי האָט גאַנץ קאַלט געענטפערט:

— פאַר זיי איז דערווייל גאַנץ גענוג די פאַבריק אין חיפה. שפּעטער וועלן זיי זען...

פונקט צום דרייסיקסטן טאָג פונעם אָפּפאָרן, האָט מען זיך אין דער יאַסער באַן־סטאַנציע צעקושט מיט גרויס שמחה וואָס מ'זעט זיך שוין „אין דער היים“. האָט מען זיי געפרעגט ווי ס'לעבט זיך עפּעס אין אונדזער א"י, האָט מלכהלע געענטפערט:

— ווי לאַנג דער וואָלעך לעבט, פאַרלאָזט זי נישט רומעניען...

די צייט האָט אָבער אויך נישט געשוויגן און שטילערהייט געטון אירס. די פאַבריק נעבן חיפה האָט זער שנעל אָנגעהויבן איר אַרבעט, אָבער די אַנטיסעמיטישע געשעענישן אין רומעניען — נאָך שנעלער. די אייזערנע גוואַרדיע (ס'אידעען־קינד פון די קוזיסטן) האָט פאַרפלייצט ס'לאַנד מיט האַס און שנאה קעגן יידן.

דער פּרעמיער טאַטאַרעסקו האָט זיך דורכן ראַדיאָ געווענדט צום פאָלק אַז ס'זאָל זיך נישט לאָזן פאַרפירן פון די כוליגאַנעס, וועלכע וועלן דערפירן צו אַ חורבן.

די צייטונגען האָבן געמאָלדן, אַז אין קעניגלעכן פּאַלאַץ קומען פאָר זער אָפטע באַראַטונגען. כאָטש שווערע וואָלקנס פון שנאה האָבן זיך אָנגע־

זאַמלט, זענען נאָך געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן נישט אויפגעהערט צו גלייבן און פילאָזאָפירן, אַז דער קעניג אַליין וועט נישט דערלאָזן צו דער מאַכט אַן אַנטיסעמיטישע רעגירונג, ווייל דאָס וועט אים אַליין, דעם קעניג, אויך נישט טויגן. דער קעניג איז געווען אַ געניטער סוחר און זיינע אינטערעסן זענען געווען פאַרבונדן מיט די גרויסע פינאַנס־לייט פונעם לאַנד, צווישן וועלכע ס׳זענען געווען אַ סך יידן. זאָל נאָר געלונגען טאַטאַרעסקון צו באַקומען אַ מערהייט אין די קומענדיקע וואַלן, וועט מען פיר יאָר נאָך קענען ווי עס איז דורכקומען. דערנאָך וועט מען שוין זען וואָס מ׳האָט צו טאָן. ס׳איז דאָך קיין תכלית נישט איבערצולאָזן אַלץ אויף הפקר און זיך נעמען לויפן, כ׳ווייס אַליין נישט וווהין. די גויים אַליין וועלן דאָך לאַכן אין די פויסטן...

יידן האָבן געחקרנט ביז שפּעט אין אָוונט, אַרומגעלאָפן אַהין, אַהער, נאָך „נייעסן״, וועלכע האָבן אָבער איבערגעשטיגן די ווירקלעכקייט.

צווישן די רומענער אַליין איז אויך קיין אחדות נישט געווען. דער אָנפירער פון דער נאַציאָנאַלער פויערים־פּאַרטיי, יוליו מאַניו, האָט געהאַט זיינע חשבונות מיטן קעניג, וועמען ער האָט געהאַסט און אים אָנגערופן מיט כלערליי נישט בכבודיקע עפּיטעטן, ווי: שכור, הפקר־יונג... ווילסנדיק, אַז אַ טאַטאַרעסקו־רעגירונג איז נישט מער ווי דעם קעניגס רעכטע האַנט, האָט ער אים עפנטלעך חושד געווען, אַז ער וויל שאַפן אַ רעגירונג פון מיליטערישער דיקטאַטור, בכדי ר׳זאָל אַזוי אַרום קענען פירן וויטער זיינע אומגעזעצלעכע און אוממאָראַלישע שטיק. דערפאַר האָט מאַניו, בשעת דער וואַל־קאַמפּאַניע, געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט דער אייזערנער גוואַרדיע און געשטעלט טאַטאַרעסקוס פּאַרטיי אין אַ מינדערהייט. אמת, אַ סך פון די אָנפירער האָבן נישט געזען מיט גוטע אויגן דאָס דערנענטערן זיך צו דער עקסטרעמיסטישער כוליגאַנען־פּאַרטיי, און דאָס איז שוין געווען גאַנץ גענוג פאַר יידן, זיי זאָלן דערפון דרינגען, אַז מ׳דאַרף לייענען צווישן די שורות... מ׳טאָר זיך נישט טויב מאַכן אויך צו דעם וואָס „לייטישע״ גויים זאָגן, באַזונדערס ווען דאָס שטאַמט פון בויאַרישן יחוס. זיי ווייסן מער פון אונדז, ווייל זיי געפינען זיך אין סאַמע קאָך פון פּאָליטישן לעבן, פון וואַנען יידן זענען דערווייטערט געוואָרן״...

מיט אַלע פּאָרויסזאָגונגען, סיי פון יידן, סיי פון „לייטישע״ גויים, האָט די טאַטאַרעסקו־רעגירונג געמוזט פאַלן, ווייל זי האָט נישט באַקומען די

נייטיקע צאָל שטימען. אַזוי אַרום איז די גאַנצע יידישע פּאָליטיק אויך גע־פאַלן און יידן האָבן מיט אַ מאָל זיך דערזען גאָר־גאָר געפאַלענע. האָבן זיי זיך גענומען צו אַ גאָר פשוטער פּאָליטיק: אין זינען געהאַט בלויז דאָס נייטיקע, בכדי צו האָבן כוח און מעגלעכקייט דורכצוקומען די שווערע צייטן.

אָבער דעם 27סטן דעצ. 1937, ווען ס׳האָט זיך געשאַפן אַ גאָגאַ־קוזאַ־רעגירונג, האָבן יידן זיך אויפגעכאַפּט ווי פון אַ טיפן שלאָף, און פון קליין ביז גרויס, פון אָרעם ביז רייך, האָט מען אָנגעהויבן אַרומצופרעגן זיך:

— וואָס וועט זיין?

מיט אַ מאָל האָבן יידן דערפילט ווי עס צעפאַלט זיך דער גאַנצער יסוד אויף וועלכן זיי האָבן געבויט חלומות וועגן אַ טאַטאַרעסקו־רעגירונג, וועגן „לייטישע״ קריסטן פון בויאַרישן שטאַם אד״גל.

די ערשטע גזירה פון גאָגאַ־קוזאַ האָט, ווי תמיד, אַוועקגערויבט ביי יידן אַ טייל פון זייער „גייסטיק ברויט״. מען האָט פאַרמאַכט די יידיש־רומענישע פּרעסע, די וועכנטלעכע צייטונגען און חודש־שריפטן, אָן וועלכע דער נאַציאָנאַל־געשטימטער ייד, בפרט אויף דער פּראָווינץ, האָט נישט געפילט דעם אמתדיקן עונג שבת. ידיעות וועגן א״י, וועגן יידן אין דער וועלט, איבערזעצונגען פון דער העברעישער ליטעראַטור, עסייען, נאָוועלן, לידער — דאָס אַלץ איז שבת געלייענט געוואָרן אין משפחה־ און יוגנט־קרייזן. אַחוץ דעם זענען אָפּגעשטעלט געוואָרן אַפילו יענע גרויסע רומע־נישע צייטונגען, וועלכע זענען געווען „פאַריידישט״, צוליב זייערע דעמאָ־קראַטישע נייגונגען, ווי אויך צוליב די מיטאַרבעטער, וואָס זענען ס׳רוב געווען יידן, נישט קוקנדיק וואָס אַ סך פון זיי האָבן אויף אַ באַדייטנדיקן אופן מיטגעהאָלפן צו דער אויפבליִונג פון דער רומענישער קולטור אויף אַלע געביטן: פּראָזע, דיכטונג, קריטיק, זשורנאַליסטיק, עקאָנאָמיע, קונסט און טעאַטער.

נאָך דעם האָט מען אָנגעהויבן אין די הויכע מלוכה־אַנשטאַלטן מיט די יידישע באַאַמטע, וועלכע זענען באַפרייט געוואָרן פון זייערע פּאָסטנס, און געענדיקט מיט קריסטן — מענער און פרויען, וועלכע האָבן שוין נישט געטאָרט דינען ביי יידן.

יעדן טאָג נייע גזירות. דאָס באַקאַנט מאַכן די גזירות איז געווען גאָר פייערלעך. שרייענדיקע פּלאַקאַטן האָבן מודיע געווען, אַז די בירגער־אַקטן פון יידן זענען אַנולירט; באָדן וואָס געפינט זיך אין יידישן באַזיץ ווערט

צוגענומען, דערלויבענישן וועגן מסחר, וואָס געפינען זיך אין יידישע הענט, זענען בטל ומבוטל. אַזוי האָבן זיך געשאָטן נייע פאַראָרדענונגען, לאָקאַלע, צענטראַלע, פּראָווינציעלע, און איבער גאַנץ רומעניע האָט מען געהערט נאָר גזירות אויף יידן, גלייך ווי עפּעס אַנדערש האָבן שוין די רומענער נישט געהאַט צו זאָרגן.

יידן האָבן טאַקע פיל געליטן, אָבער, ווי זאָגט ס'פאָלקסווערטל: „גראָבט אַ גרוב און וויסט נישט פאַר ועמען"... די עקאָנאָמישע פאַרפאָל־גונגען קעגן יידן האָבן געהאַט גאָר אַנדערע פאָלגן, וועלכע האָבן נישט געלאָזט רויק שלאָפן אַפילו די רומענער. ס'האָט זיך אַ וואַקל געטאָן די גאַנצע עקאָנאָמישע לאַגע פונעם לאַנד און ס'האָט זיך געפאָדערט אַ שנעלע אַקציע צו ליקווידירן די ווירטשאַפטלעכע קאַטאַסטראָפע. דער קעניג, אָדער בעסער געזאָגט, דעם סוחר אין אים, האָט גאָרנישט געשמעקט די געשאַ־פענע לאַגע און אַלס מאָנאַרך האָט ער באַדאַרפט האָבן אַ פּנים אויך פאַר אויסלאַנד.

ביז וואָס־ווען האָבן זיך געצויגן די רויבערייען. נישט געווען קיין טאָג, אַז עפּעס אַ שמוציקער גוי זאָל זיך נישט געווען טשעפּען צו יידן.

די ווירקלעכקייט האָט שנעל באַוויזן, אַז די אַנטיסעמיטישע גאָגאַ־קוזאַ־רעגירונג, נישט נאָר, וואָס זי האָט דעם מצב נישט פאַרבעסערט, נאָר זי איז נישט פעיִק געווען אים צו דערהאַלטן, ווי ר'איז געווען ביים קומען צו דער מאַכט. פאַר יידן איז דאָס אָבער געווען דער אָנזאָג פון קומענדיקע ליידן, פון אַן אומפאַרמיידלעכן חורבן. דאָך האָבן יידן נישט אויפגעהערט צו גלייבן אין נסים און אַליין זיך געטרייסט:

— מיר וועלן זען, וואָס מאָרגן וועט זיין!

אַזוי איז טאַקע געשען! אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט דער זייפנבלאָז געפּלאַצט. כוליגאַנעס האָבן גענומען פאַרקאַטשען די אַרבל, כדי צו ליק־ווידירן די יידישע שטעטלעך. און מיט אַ מאָל —

מיט אַ מאָל, נאָך פערציק טעג זינט ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער מבול פון גזירות אויף יידן, איז די רעגירונג פון גאָגאַ־קוזאַ געפאַלן. דאָס איז געווען דער אָנהייב פון אַ פּאָליטישער גסיסה אויך פאַר דער „אייזערנער גוואַרדיע" מיט איר „פירער" קאָדרעאַנו.

די אָפיציעלע געליבטע פונעם קעניג, די רויטע יידישקע העלענאַ מאַגדאַ לופּעסקו, אַן אייניקל פון אַ יאַסער ייד, האָט שוין איין מאָל משפיע געווען

אויפן קעניג, אַז ער זאָל צוליב איר מוותר זיין אויפן טראָן, אויפן איינציקן קינד, מוטער, פרוי, משפחה, לאַנד און פאָלק.

אין איר האָבן עס די אַנטיסעמיטן געזען די סיבה וואָס האָט נישט דערלאָזט זיי זאָלן דורכפירן זייער טייוולאַנישן פּלאַן צו ליקווידירן די יידן. פּאָליטיש האָבן זיי שוין קיין קראַפט נישט געהאַט, אָבער געהעצט קעגן יידן האָבן זיי פראַנק און פריי. נאַצי־דייטשלאַנד האָט זיי גאָר דערמוטיקט. זיי האָבן אָנגעהויבן דורכפירן רציחה־אַקטן אויך איבער רומענער.[7] דאָס מאָל האָט שוין אויך דער קעניג נישט געשוויגן. לויט פּרטים וואָס זענען שפּעטער פאַרעפנטלעכט געוואָרן איז די „אייזערנע גוואַרדיע״ בלוטיק און אַכזריותדיק אונטערדריקט געוואָרן. זיי זענען אָבער צו פיל געווען, אַזוי, אַז אַפילו די מאַכט האָט זיי נישט געקענט אויסראָטן מיט אַ מאָל. אַ פייער איז אויסגעבראָכן און ס׳איז נישט געווען ווער ס׳זאָל עס צו דער צייט פאַרלעשן. די קאַטאַסטראָפע האָט זיך שוין גאַנץ גוט אָנגעזען. די צייט איז געלאָפן, יידן האָבן געליטן און געשראָקן זיך פאַר דער צוקונפט. ידיעות וועגן רדיפות אין דייטשלאַנד האָבן נאָך מער צערודערט דאָס געמיט. גאָט פון אַברהם האָט אין יענע טעג מער ליב געהאַט די וועגן וואָס פירן צו דער עקידה און גאָר פאַרגעסן, אַז ער איז אויך דער גאָט פון נקמה, צו וועמען יידן האָבן געבעטן יעדעס יאָר:

— גיס אויס דיין גרימצאָרן אויף די פעלקער, וואָרים פאַרצערט האָבן זיי יעקבן און זיין וווינונג פאַרוויסט.

## קאַפּיטל צוויי

# פּאַרוואָלקנטע טעג

סאָלאָמאָן ראָזענבלום, דער אייגנטימער פון אַ גרויסער אַגענטור־ און קאָמיסיאָן־פירמע, האָט געלעבט אויף אַ פּוילישן פּאַספּאָרט. געבוירן איז ער טאַקע אין רומעניע, קיין וואָרט פּויליש נישט געקענט, נאָר דעם פּאַספּאָרט האָט ער בירושה פון זיינע עלטערן, וואָס זענען געבוירן געוואָרן אין פּוילן. נאָך דער חתונה באַזעצט זיך אין יאַס, געשאַפן זיך אַ קרייז באַקאַנטע, ממלא־מקום זיין די נאָענטע פון דער היים, וועלכע זענען געזעסן וויט און ס׳איז נישט אויסגעקומען אַזוי אָפט צו טרעפן זיך מיט זיי.

די צוויי ברידער, סאָלאָמאָן און לאָנטשו, האָבן די עלטערן פאַרשריבן אַלס פּוילישע בירגער, טראַכטנדיק, אַז ס׳שאַדט נישט אַ ייד זאָל האָבן אַ רעטונגס־בריקל, כאָטש אויפן פּאַפּיר.

נישט איין מאָל האָבן ביידע ברידער שטאָלצירט מיט זייערע פּוילישע פּאַספּאָרטן און טאַקע תיכף צוגעגעבן:

— אמת, אַ פּאַספּאָרט אין דער האַנט, נאָר בעוונותינו הרבים, וועט מען אונדז נישט אָנערקענען, נישט ווי פּוילישע און נישט ווי רומענישע בירגער. איינס פאַרזיכערן מיר אייך, ברידערלעך טייערע, ווען ס׳וועט האַלטן דערביי, וועט מען אונדז אויך הרגענען, ווי פּשוטע יידן, ווייל ס׳האָט נאָך קיין מאָל נישט פּאַסירט, אַז די בירגערשאַפט וואָס אַ ייד האָט באַקומען אין אַ לאַנד, וואָס האָט אים אַריינגעלאָזט, אָדער אַפילו ווען ר׳איז דאָרט געבוירן געוואָרן, זאָל אים פאַרטיידיקן אין אַ צרה, דערפאַר ווייל ער איז אַ ייד.

סאַראַ טרויעריקע ווירקלעכקייט האָט מיט די ווערטער זיינע פאָרויס־געזאָגט סאָלאָמאָן ראָזענבלום, אויך דאַן ווען מ׳האָט געמיינט, אַז פאַר יידן איז רומעניע אַ גן־־עדן אויף דער ערד!

שטענדיק אַרומגעפאָרן אין אויסלאַנד, ווו מ׳האָט זיך צו אים בכבודיק באַצויגן, האָט סאָלאָמאָן ראָזענבלום תמיד געהאַט צו דערציילן, אַז אין

אַ סך אונטערנעמונגען איז אַלץ געווען כשורה ביז מ׳איז געוואָר געוואָרן, אַז ר׳איז אַ ייד. נישט איין מאָל האָט באַדאַרפט פאַרבייגיין אַ היפּש ביסל צייט, ביז דער אָנפירער פון אַ באַרימטער אונטערנעמונג, זאָל מסכים זיין זיך צוגעוויינען צום געדאַנק, אַז דער „אַזוי בכבודיקער" פאַרשטייער איז אַ ייד, וואָס ווען אים, דעם אָנפירער פון אַזאַ באַרימטער אונטערנעמונג, דאַרפן פאַרטרעטן.

זיין באַוווּסטער ראַדיאָ־מאַגאַזין „מערקור", איז געווען פון די פּאָפּו־לערסטע אין יאַס, אַפילו ווען די באַגרענעצונגען לגבי יידן האָבן זיך שוין אָנגעהויבן. ראָזענבלום פלעגט זיך תמיד ווערטלען:

— מיר גייען אַ ר אָ פּ, ברידערלעך!... מיר זאָלן נאָר נישט אַריינ־פאַלן אין תהום אַריין...

מ׳האָט זיך שוין געגייטיקט אין ספּעציעלע ערלויבענישן צו קויפן און פאַרקויפן ראַדיאָ־אַפּאַראַטן. יידן וואָס האָבן געווינט נאָענט צו דער גרענעץ האָבן בכלל נישט געטאָרט האַלטן אַזאַ אַפּאַראַט אין שטוב און דווקא אין אַזעלכע טעג האָט יעדער איינער געשטרעבט צו אַ ראַדיאָ, נאָך גיכער ווי צו אַנדערע פאַרגעניגנס. די צייטן — אומקלאָרע. יעדער האָט זיך געוווּנטשן מיט די אייגענע אויערן צו הערן, וואָס עס טוט זיך אויף דער גרויסער וועלט. ווי שיכור איז מען אַרומגעגאַנגען, בפרט יידן, צו הערן נייעס, ווייל די לופט איז געווען אַזוי אָנגעלאָדן, אַז מ׳האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז אָט־אָט דאַרף עפּעס, ערגעץ ווו, פּלאַצן...

תמיד האָט מען ראָזענבלומען גערופן אין פּאָליציי, ער זאָל שריפטלעך דערקלערן פון וואַנען באַקומט ער און וועמען פאַרקויפט ער די ראַדיאָ־אַפּאַראַטן. מ׳האָט אים שוין נישט געגלייבט, ווי אַ מאָל, אויפן וואָרט. יעדעס מאָל ווען מ׳האָט אים גערופן, האָט ער שוין געזוכט עפּעס אַ באַקאַנטן קאָמיסאַר, ווייל נישט איין מאָל האָט מען אים אויפגענומען אין פּאָליציי מיט אַ לשון, וואָס איז גאָרנישט געווען צום האַרצן.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן, באַגעגענענדיק זיך מיט אַ באַקאַנטן קריסט, אַ הויכער פּאָליציי־קאָמיסאַר, האָט אים יענער, ממש ברודעריש, געראָטן:

— בייט אויס אַ טייל פון דיינע ראַדיאָ־אַפּאַראַטן אויף אַנדערע סחורות. כ׳באַדויער, אָבער העלפן קען איך דיר נישט, ווייל נישט תמיד בין איך ד ע ר וואָס רופט דיך צו „פאַרשן"... טאָג און נאַכט וועט מען דיך אַרומפירן פון באַצירק צו באַצירק, און ווי אַזוי דו זאָלסט נישט רעדן

און וואָס דו זאָלסט נישט זאָגן, וועט נישט זיין גוט. ווער ווייסט אויב מ׳וועט אַ מאָל נישט אויסטייטשן פּונקט קאַפּויער די ווערטער, וואָס דו האָסט היינט געזאָגט און געחתמעט. און ווער ווייסט סאַראַ קאַשע ס׳וועט זיך נאָך פּאַרקאָכן פון דיינע אייגענע רייד. כ׳וואָלט דווקא נישט געוואָלט, אַז דווקא דיך זאָל אַזוינס טרעפן. קענסט מיך שוין פון יאָרן און דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז ווען מ׳האָט באַדאַרפט עפּעס זאָל „נעלם" ווערן, כ׳מיין מיט יענע פון דיינע יידישע „יינגעלעך", וועלכע האָבן זיך טועה געווען און אָנשטאָט אַ רומענישע דוינע* איז זיי געווען מער צום האַרצן, דו ווייסט גאַנץ גוט, סאַראַ זמרל... איז געווען גענוג זאָלסט מיר מודיע זיין, און — גלייך ס׳וואָלט גאָרנישט געשען. נאָך מער, די „יינגעלעך" האָב איך אַהיים געשיקט ביי נאַכט, גוט באַוואַכט, אַז ס׳זאָל זיי עפּעס נישט „טרעפן" אין אַ הינטערגעסל. אָבער וואָס קען איך טאָן איינער אַליין! זעסט דאָך, אַז אַפילו דער ווינט בלאָזט שוין גאָר אַנדערש ווי אַ מאָל... שווערע צייטן ווייזן זיך, און דו, טייע־רינקער, ביסט נישט מער ווי אַ ייד, און דערצו נאָך אַ פּוילישער בירגער... מאָרגן, למשל, קומט זיי אויפן געדאַנק צו נעמען דיך מיט דער גאַנצער משפּחה דיינער און אַלע איך אַריבערשטעלן איבער דער גרענעץ... אפשר איז דאָס נישט שיין פון מיין זייט, אָבער מיין געוויסן דערלאָזט נישט, כ׳זאָל דיר נישט אויפמערקזאַם מאַכן, אַז דו זאָלסט מודיע זיין אַנדערע פון דיינע פריינד און באַקאַנטע, ווייל ס׳איז קיין זיצונג נישטאָ, מ׳זאָל נישט פרעגן די אַלטע קשיה:

— נו, און מיט די יידן וואָס טוט מען?

מ׳ווייסט, אַז אַ גאַנץ לעבן בין איך געווען אַ יידן־פריינד. היינט, ווייסטו דאָך, וואָס מ׳וואַרפט מיר אין פּנים אַריין: אַז כ׳האָב מיך פאַרזשידעוועט. מיך אַרט עס נישט. איין מאָל שטאַרבט אַ מענטש. נאָר דו ווייסט דאָך, כ׳האָב אויך קינדער און ווער ווייסט וואָס עס דערוואַרט אויך ז״י...

ראָזענבלום האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי איינער זאָגט: „מסכים!". דריקנדיק די האַנט פון זיין קריסטלעכן פריינד, האָט ער געענטפערט, אויפ־הייבנדיק די אויגן צום הימל:

— ביי גאָט אין די הענט זענען מיר, אי די גוטע, אי די שלעכטע...

נישט וואַרטנדיק לאַנג, האָט ער אָנגעהויבן צו „ענדערן" דעם אויסזען

---

* רומעניש פאָלקס־ליד.

פון זיין געשעפט, בייטנדיק די ראַדיאָ־אַפּאַראַטן אויף אַנדערע סחורות. געוווּסט האָט ער גאַנץ גוט, אַז אויך דאָס וועט שוין נישט העלפן. אַז עס איז איבעריק. ביי אַזאַ אויסגוס פון שנאה, ווערט דערטרונקען אַלץ וואָס ס'איז גוט אויף דער ערד.

קודם־כל איז נייטיק געווען: וואָס ווייניקער אַפּאַראַטן אין געשעפט. אָבער וואָס טוט מען מיט די, וואָס מ'האָט נאָך נישט פאַרקויפט? סיידן נעם און וואַרף זיי אין וואַסער אַריין... די אַראָפּגעגנידערטע פּרייזן האָבן קיין קונים נישט צוגעצויגן, אַפילו נישט פון צווישן די קריסטן. יעדער האָט אין זין געהאַט נאָר איין זאַך: פאַרזאָרגן זיך מיט עסנוואַרג! זאַמלען וואָס מער, ווייל כלערליי שמועות האָבן זיך פאַרשפּרייט בנוגע דעם מאָרגנדיקן טאָג.

פון ייִדן האָט מען שוין ווייניק־וואָס געקענט געהאָלפן ווערן. אַ מאָל, אַז אַ ייִד האָט געביטן ס'מעבל, האָט ער געביטן אויך דעם ראַדיאָ־אַפּאַראַט. אויס מורא האָבן אַ סך ייִדן אַוועקגעשענקט זייערע גרויסע פיינע אַפּאַראַטן, און אַרומגעגאַנגען הערן עפּעס נייעס פון לאָנדאָן, פון טיר־אַספּאַל, ווייל אויפן אייגענעם רומענישן פּאָסטן האָט מען זיך די לעצטע צייט גאָר ווייניק פאַרלאָזט און נאָך ווייניקער געגלייבט...

די באַאַמטע פון געשעפט זענען אַרומגעגאַנגען פאַראומערטע און מ'האָט זיך שוין געזען, מאָרגן־איבערמאָרגן, אָן אַ פּאָסטן און אָן ברויט.

דערווייל האָט ראָזענבלום, פּונקט ווי פיל אַנדערע סוחרים, איינגעפירט אַ קאָלעקטיוון סיסטעם, לויט וועלכן מ'האָט צעטיילט צווישן אַלע, דאָס ביסל, וואָס מ'האָט נאָך פאַרדינטביים פאַרקויפן, אָדער איבערבייטן אַן אַפּאַראַט. ביים בעסטן ווילן זיינעם, האָט עס אָבער קיין סך צייט נישט געקענט האַלטן. פון טאָג צו טאָג האָט מען באַדאַרפט געבן גרעסערע באַקשישן צו פאַרשידענע עצה־געבערס, וועלכע האָבן, מעשה גוטע־פריינד, געפונען פאַר נייטיק אויפמערקזאַם צו מאַכן, אַז אויסער רומענישע און דייטשע פּאָסטנס, טאָר מען נישט הערן. ביסט נישט געווען זיכער, אויב דער אַריינגעקומענער וויל באמת קויפן, אָדער ער איז בלויז אַ שפּיאָן און וויל זען ווער ס'קומט אַריין אין געשעפט. מ'האָט שוין נישט געוווּסט ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון כלערליי אָנשיקענישן. פאַרמאַכן די קלייטן פאַר דער באַשטימטער שעה האָט מען אויך נישט געטאָרט. גאַנץ פרי, זייענדיק

אין געשעפט, האָט זיך נישט איין ייד געבעטן, ער זאָל שוין דערלעבן דעם אָוונט און זיך זען אין דער היים, ווייט־ווייט פון מסחר...

דערווייל האָבן זיך אָנגעהויבן אונטערזוכונגען ביי יידן. די וועלכע האָבן אויסגעפירט דאָס שליחות, האָט וויניק וואָס געאַרט אויב ס׳איז אַן אָרעמע אָדער רייכע משפחה. דער עיקר איז געווען זיך נישט טועה זיין אין אַדרעס און אָנטרעפן דווקא צום אָנגעוויזענעם יידן, ווייל אָרעם, רייך... מיט ליידיקע הענט איז מען נישט אַוועק.

געוויינלעך זענען די אונטערזוכונגען פאָרגעקומען אין די קליינע נאַכט־שעהען. יידן האָבן שוין געוווּסט ווען דאָס הייבט זיך אָן. געקומען איז מען מיט אַ פּאָליציי־אויטאָ, מיט דער ד ו ב ע, וואָס האָט געהאַט איר ספּעציעלן סיגנאַל און דערהערנדיק אים, האָט זיך יעדן איינעם אויסגעוויזן, אַז ער גייט אַרום נאַקעט אין פאַרשנייטע ווינטער־חדשים.

אויף אַן אַכזריותדיקן אופן האָט מען אויפגעוועקט די מענטשן, מיטן אויסרוף:

— אין נאָמען פון געזעץ — עפנט!

ווי צו דעם וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט צו עפענען, מיינענדיק, אַז אַזוי וועט אפשר זיין בעסער. מ׳האָט אויפגעריסן די טיר און אַלע זענען אַרויס־געשלעפּט געוואָרן פון די בעטן, אַריינגעשטופּט אין דער דובע און אָפּגע־פירט געוואָרן אין דער פּאָליציי, ווו מ׳האָט צוזאַמענגעשטעלט משפחה־דאָסאַרן. פאַרטאָג, אָדער ס׳האָט זיך עמעצער באַוויזן, טאָן עפּעס וועגן זייערטוועגן, אָדער מ׳האָט זיך אַליין פאַרשטענדיקט מיטן קאָמיסאַר, ווען, ווו, און די סומע געלט וואָס מ׳דאַרף אים ברענגען.

אַ סך קאָמיסאַרן, וועמען ס׳האָט נישט געקלעקט זייער חודשלעכער געהאַלט, זענען געווען גאָר צופרידן פון אַזעלכע שליחותן, ווייל עפּעס איז דאָך אַריינגעפאַלן אין קעשענע אויך. אויב נישט געלט, איז אַ זייגערל, אַ פינגערל, אַ בראַסלעט, און ווען ס׳איז געווען נייטיק — אויך אַ פיינער פּרויען־מאַנטל. די קאָמיסאַרן אַליין זענען נישט איין מאָל געקומען מיט די קוישן אין די הענט, ווייל אַ קאַווע־ אָדער טיי־סערוויס איז אויך נישט גע־ווען טריפה. ביים אַוועקגיין האָבן יידן זיך געפילט ווי נאָך אַ קאַלטן דוש... וואָרעם איז זיי שוין גאָרנישט געווען, נישט אויפן האַרצן און נישט אויף דער נשמה, ווייל די אומגליקלעכע האָבן אַוועקגעגעבן אַלץ וואָס זיי האָבן

פאַרמאָגט. און אויב זיי האָבן נאָך דערהערט „אַ גוטן טאָג״ ביים אַוועקגיין, האָבן זיי אַוודאי און אַוודאי געדאַנקט גאָט וואָס דאָס איז אַדורך ווי ס׳איז שוין אַדורך.

יאָ, ביי אַוועקגיין פלעגן נאָך די קאָמיסאַרן דערלאַנגען די האַנט און געבן אַ שמייכל. די אומגליקלעכע יידן, פילנדיק, אַז ס׳האַלט שוין ביים אַוועקגיין, האָבן גאָרנישט געפילט און פאַרשטאַנען אויף וויפל דער שטן באַהאַלט זיך אונטער דעם האַנט-דרוק און דעם שמייכל. אָנגעשטאָפּטע מיט יידיש האָב־און־גוטס, זענען די קאָמיסאַרן, כוליגאַנעס אָנגעטוענע אין מלוכה־מונדירן, דעם צווייטן טאָג, גאַנץ רויִקע געזעסן אין זייערע פּאָ־טעלן און צוזאַמענגעשטעלט ביטערע ראַפּאָרטן וועגן די באַראַבעוועטע יידישע משפּחות, ווי זייער קרענקלעכע פאַנטאַזיע האָט זיי דיקטירט... פון די ראַפּאָרטן האָט מען צוזאַמענגעשטעלט דאָסאַרן, מיט אַ נומער, ווי אויך מיט די ראשי־תיבות פונעם קאָמיסאַרס נאָמען, אַלץ — ווי דאָס געזעץ פאָדערט!

מיט אַ מאָל האָבן זיך יידן דערזען קאָמוניסטן... פּראָ־ענגלאַנד... פּראָ־אַמעריקע. און דערפאַר טאַקע — זענען זיי מסוכן פאַר דער מלוכה־אָרדע־נונג. די קאָמיסאַרן, געוויינענדיק זיך מיט די נאַכט־באַזוכן, פון וועלכע זיי האָבן זיך אומגעקערט גוט אויסגעבעט, פון דער רגע וואָס זיי האָבן צוזאַמענגעשטעלט די דאָסאַרן, האָבן זיי זיך שוין געניייטיקט אין אַ ספּע־ציעלן באַפעל, זיי זאָלן קענען „אָפּשטאַטן״ אַ נייעם באַזוך ביי די זעלבע משפּחות. די שדים, די „היטער״ פון דער אָרדענונג, האָבן שוין אויסגעגע־פונען וואָס אַזוינס צו טאָן. מ׳האָט אָנגעהויבן צו אַרעסטירן, אָדער דעם עלטסטן פון דער משפּחה, אָדער יונגע מיידלעך, אָדער ס׳מוזיניקל וואָס האָט נאָר־וואָס געפּראַוועט די בר־מצווה און די גאַנצע משפּחה האָט געציטערט פאַר זייער געזונט און כבוד.

אין אַלע פאַלן זענען די באַקשישן געפלויגן. ס׳האָט קיין סוף נישט גענומען צו די שתדלנותן מצד דער קהילה, אָדער מצד באַקאַנטע קריסטן, פאַר דער אָדער יענער יידישער משפּחה.

די „פאַרשטעלונג״ איז פאָרגעקומען אין דער געביידע פון דער פּאָ־ליציי, ווו די אַקטיאָרן האָבן גאַנץ גוט דורכגעפירט זייערע ראָלן, יעדער איינער, ווי מ׳האָט אים אויסגעלערנט.

ווילנדיק־נישט־ווילנדיק, האָבן פּאָליציי־באַאַמטע דערקלערט פאַרן

קאָמיסאַר, וועלכער איז גאַנץ רויִק געזעסן אין פאָטעל און לאָנגזאַם פאַר־צייכנט אַלץ, וואָס די „געזעץ־היטער" האָבן דערקלערט.

די אַרעסטירטע יידן האָבן געלייקנט. אויך דאַן ווען מ׳האָט זיי מער־דערלעך געשלאָגן, האָבן זיי נישט באַשטעטיקט די פאַלשע עדות. דאַן האָט זיך ערשט אָנגעהויבן די אמתע פאָרשטעלונג:

— זשיד, זאָג אויס!... זשיד, חתמע!...

האָט דער זשיד אויך דאָס מאָל אָפּגעזאָגט זיך צו חתמענען. זענען חיהשע לאַפּעס פון קאָמיסאַרן פאַרפאָרן אים אין פּנים אַריין. אייניקע יידן האָבן דאָס אַלץ אַראָפּגעשלונגען און געשוויגן. אַנדערע אָבער, בפרט מייד־לעך און קינדער, האָבן ביטער געוויינט.

— ער וואָיעט, דער זשיד... ער וואָיעט... — האָבן די קאָמיסאַרן גע־לאַכט און אויפסניי אָנגעהויבן שרייבן זייערע טייוולאָנישע ראַפּאָרטן. אַז מ׳האָט שוין געהאַלטן ביים חתמענען און דער ייד האָט זיך באַמיט דאָס אויסצומיידן, האָבן צוויי אויסוורפן אים אָנגענומען און אַזוי געדריקט די האַנט זיינע, אַז ס׳האָט שוין גאָרנישט געהאָלפן און דער פּראָטאָקאָל איז אַרויס — ווי פון זיך אַליין — געחתמעט.

נאָכן דורכפירן די אָפּעראַציע אויף רווי־פליישׂ, איז מען אַריינגעשליי־דערט געוואָרן אין די פינצטערע קעלערן פון דער פּאָליציי, פון וואַנען מ׳איז אַרויס נאָר נאָך גרויסע באַמיִונגען און נאָך גרעסערע באַקשישן. יידן, וואָס זענען אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער פּאָליציי און נאָכן דורכמאַכן דעם סטאַזש אין די קעלערן, האָבן, ביים אַרויסגיין, שוין גאָרנישט אויסגעזען ווי ביים אַריינגיין. פיזיש זענען זיי געווען צעבראָכן, אָבער גייסטיק האָבן זיי מיט אַ מאָל דערפילט אַ זיכערקייט, אַז ווי נאָר ס׳וועט זיך ענדיקן מיט אָט דעם גלות, און די גוטע צייטן וועלן ווידער קומען, טאָר שוין קיין זכר פון קיין יידן דאָ נישט זיין. אַזוי האָבן אַלע געדענקט, געטראַכט און געהאָפט, בעיקר די יוגנט, וועלכע האָט שוין פון לאַנג פאָרויסגעזען דאָס אַלץ, נאָר צום באַדויערן האָט מען זיי נישט פאַרשטאַנען.

יעדן טאָג האָט מען געקענט זען פאָראָרדענונגען אויף די ווענט און לייענענדיק זיי איז דיר אויסגעקומען נאָר זיך אַ מעשה אָנטאָן. אויף וויפל אַ ייד האָט נאָך פאַרמאָגט עפּעס, האָט ער זיך געשטעלט די פראַגע: וועט אַזוי גיין אויך ווייטער און יעדעס מאָל וועט מען ווייניקער פאַרדינען, וועט אויסקומען צו שטאַרבן פון הונגער.

אין אַ לעצטער פאַראָרדענונג האָט זיך בפירוש געזאָגט, אַז יידן טאָרן נישט פאָרן פון שטאָט צו שטאָט, ווי דאָס איז געווען ביז איצט. די „ביולע־מינען" * דאַרף מען בייטן און אויב מ׳וועט טרעפן אַ יידן וואָס האָט זיך אַריבערגעצויגן אין אַן אַנדער דירה און נישט געמאָלדן דער פּאָליציי, וועט ער שטרענג באַשטראָפט ווערן.

אַ טאָג אָן פאַראָרדענונגען איז געווען אַ געפונענער־לעבעדיקער טאָג, אַפילו ווען מ׳האָט נישט גֿעהאַט וואָס צו עסן.

מיטן פאַרמאַכן די פאַבריק „אינקאַטעקסט", בין איך געבליבן אַרבעטס־לאָז, און געפינען אַ פּאָסטן אין יענע צייטן, איז געווען זייער שווער. לויטן געזעץ האָט יעדער יידישער באַאַמטער באַדאַרפט האָבן אַ קריסטלעכע פער־זאָן אַלס „געהילף" און ס׳איז אוממעגלעך געווען אַרויסצודרייען זיך דערפון. די פליכט פונעם יידישן באַאַמטן איז געווען, אויפצוקלערן זיין קריסטלעכן „געהילף", אַלע כללים פון בוכהאַלטעריע, אַלע סודות פון דער פאַבריק, דאָס הייסט, אים אַריינשטעקן אין קאָפּ אַריין אַלץ, וואָס דער שכל זיינער איז נישט מסוגל געווען צו פאַרשטיין, בעיקר, אַז ער האָט אין שול נישט געלערנט און נישט געהאַט די עלעמענטאַרסטע צוגרייטונגען פאַר דעם פּאָסטן, צו וועלכן מ׳האָט אים באַשטימט, בכדי ער זאָל באַקומען אַ חודש־לעכן געהאַלט.

מאַכט זיך אַ מעשה און אין יאַס האָט געוווינט פרוי קאָפּאָלאָוויטש, אַן אַלמנה וואָס האָט נישט געוווּסט ווי און וואָס צו טאָן, בעיקר, אַז צווישן די יתומים זענען געווען אויך קינדער, וואָס מ׳האָט נאָך באַדאַרפט מגדל זיין. די עלטערע צוויי אויסגעגעבענע זין, וועלכע זענען יאָ פעיִק געווען צו פירן די שפּיגל־פאַבריק, האָבן אָנגעהויבן צו קריגן זיך.

ווי זאָגט אָבער אַ רומעניש פאָלקסווערטל : צוויי קריגן זיך און אַ דריטער פאַרדינט!

סאָלאָמאָן ראָזענבלום, וועלכער איז געווען אויך אַן אָנגענומענער בורר, האָט לויט דער בקשה פון דער אַלמנה און די צוויי ברידער, אַרויסגעטראָגן אַ פּסק־דין, לויט וועלכן אַלץ וואָס איז פאַרבונדן מיט געלט־חשבונות, דאַרף

* אידענטיטעט־קאַרטן.

איבערגעגעבן ווערן אַ ספּעציעלן באַאַמטן און קיין איינער פון די ברידער האָט קיין רעכט נישט אַרויסצונעמען געלט פון דער קאַסע.

אַזוי אַרום האָב איך אין יענע שווערע צייטן באַקומען אַ פּאָסטן אַלס קאַסירערין, און מיין „געהילף" איז געווען ס׳טעכטערל פון איינעם פון די פאַבריק־אַרבעטער. זעלבסטפאַרשטענדלעך איז זי ס׳רוב צייט געזעסן אין דער היים, נאָר באַקומען האָט זי אַ פּיל גרעסערן געהאַלט פון מיר, וואָס איך בין געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַלץ וואָס געשעט אין פאַבריק.

מיטן גאַנצן „גליק" וואָס עס האָט מיך געטראָפן ביים באַקומען דעם פּאָסטן, איז נישט געווען מיך וואָס מקנא צו זיין. ערשטנס, האָב איך באַ־דאַרפט זיין נייטראַל אַפילו ווען גערעכט איז געווען דער אָדער יענער. צווייטנס, אַזוי ווי די צוויי ברידער האָבן זיך פשוט געהאַסט, האָב איך באַ־דאַרפט יעדן איינעם פון זיי אַרויסוויזן די זעלבע „אָפיציעלע" אויפמערק־זאַמקייט, אַז זיי זאָלן כאָטש אין דעם זין זיין רויִק.

די קריסטלעכע אַרבעטער האָבן דאָס אַלץ גוט פאַרשטאַנען און אַזוי ווי זיי זענען אַלע געווען אַנטיסעמיטיש געשטימט, און פון לאַנג זיך שוין געוווינט אין קאָפּ אַריין ווי אַזוי אַריינצוכאַפּן עפּעס אַ שטיקל חלק פון דער פאַבריק, האָבן זיי אויסגענוצט די לאַגע און אָנגעשטעלט, בעסער געזאָגט, אָנגערייצט איין ברודער קעגן דעם אַנדערן. קיין אויסרייד האָט נישט גע־פעלט: איינער קומט אין דער פאַבריק פאַרן צווייטן... דער רעדט אַזוי און דער זאָגט אַזוי... היות די נערוון זייערע זענען סיי ווי געווען אָנגע־שטרענגט, האָט מען געדאַרפט האָבן בלויז אַ קליין פייערל, אַז ס׳זאָל אויס־ברעכן אַ שריפה.

וואַסילע, דער עלטסטער פון די אַרבעטער און אַ מומחה אין זיין פאַך, איז אויפגעוואַקסן, פון קינדוויַיז אָן, אין איינעם מיט די ברידער קאָפּאָלאָ־וויטש. נישט איין מאָל האָבן זיי אים צוגעגעבן הוספות צום חודשלעכן גע־האַלט. זיי האָבן אים געהאַלטן ווי אַן אייגענעם, אַ מין משפחה־מענטש, און קיין איין געלעגנהייט נישט אויסגעמיטן אים דאָס אַרויסצווייזן, סיי ווען ער האָט באַדאַרפט חתונה האָבן, סיי ווען ס׳זענען אים געבוירן געוואָרן די קינדער.

ס׳איז נישט געווען נייטיק, אַז עמעצער זאָל וואַסילען חושד זיין אין שלעכטע כוונות. ס׳האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דווקא ער, וואַסילע, איז געווען דער אָנפירער פון אַ גרופּע לעגיאָנערן און אומגעדולדיק געוואַרט

אַריינצוכאַפּן די גאַנצעע פֿאַבריק, ווו ער אַרבעט זינט יאָרן, אַלס דער „באַ־גלייבסטער" און „געטרייסטער" אַרבעטער. זייענדיק דער עלטסטער פון אַלע, האָט ער אַליין זיך אַריינגענומען אין קאָפּ אַריין, און געזען דאָס ווי אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך, אַז די פֿאַבריק געהערט אים, נישט טראַכ־טנדיק אַפילו אַ רגע, אַז דאָס וואָלט געווען אַן עוולה און אַ שווינעריי קעגן די יידישע אייגנטימער, וועמענס אויגן און אויערן זענען תמיד געווען אָפן צו זיינע נויטן.

ווען די ברידער קאַפּאַלאָוויטש האָבן זיך, אויף אַ נישט דירעקטן אופן, דערוווסט, אַז וואַסילע פּרעדיקט די לעגיאָנערישע תורה, האָבן זיי נאָך גע־לאַכט און בשום אופן נישט געוואָלט און נישט געקענט גלייבן:

— וואָס הייסט? וואַסילע — אַ לעגיאָנער? ע ר, וואָס האָט זיך געדרייט צווישן זיי, נישט ווי אַ פּשוטער אַרבעטער, נאָר ווי אַן אייגענער, האָט נישט איין מאָל, אויף אייגענער איניציאַטיוו, דורכגעפירט פאַרשידענע זאַכן אין פֿאַבריק און קיינער האָט נישט געוואַגט אים דאָס צו פאַרווערן... לאַנגע יאָרן האָבן זיי נישט געצווייפלט אין זיין איבערגעגעבנקייט, זאָל דווקא ער זיך אַרומטראָגן מיט בייזע כוונות? ס'האָט זיך זיי גאָרנישט געלייגט אויף דער מחשבה.

דאָך האָט מען זיי אינפאָרמירט, אַז ער צעטיילט כוליגאַנישע מאַניפעסטן צווישן די קריסטלעכע אַרבעטער, און אין דער פרייער צייט כאַפּט ער אַ שמועס, אַ מאָל מיט דעם, אַ מאָל מיט יענעם, כדי נישט אַרויסצורופן קיין חשד. זיי האָבן געטראַכט, אַז ס'וואָלט נישט געשאַדט אים אַ ביסל נאָכקוקן אין די אַפּרו־שעהען און אויך דאַן ווען די אַרבעטער גייען אַהיים.

דער אויסגעפונענער אמת האָט זיי שטאַרק ווי געטאָן, ווייל קיינער איז נישט געווען אַזוי באַהאַוונט אין אַלע סודות פון דער פֿאַבריק, ווי וואַסילע. קיינער האָט אַזוי נישט געוווּסט סאַראַ שרייפּעלע מ'דאַרף אַ דריי טאָן, אַז עפּעס זאָל געשען. אַפילו אין זייערע אייגענע משפחה־ענינים איז ער געווען אַן אַלץ־ווייסער און תמיד געהאַט אַ פרייען אַריינגאַנג אין זייערע שטיבער.

דערווייטערן אַזאַ מענטש און נאָך אין אַזעלכע ביטערע צייטן, איז געווען גאָר שווער, אַפילו מסוכנדיק. זיי האָבן אַליין נישט געוווּסט ווי אַזוי מיט אים אַרומגיין, כדי נישט פאַרערגערן די לאַגע. זיי האָבן פּשוט אָנגעהויבן מורא צו קריגן פאַר אים און געפּרוּווט אים אויסמיידן, ווייל פון

איין זייט האָט זי ווי געטאָן: זיי האָבן געהאַלטן פון אים! פון דער צווייטער זייט האָבן זיי געטראַכט: סיי ווי איז ער שוין גאָר־גאָר פאַרפאַרן מיט זיינע מעשים און ווער ווייסט צי מ׳קען נאָך עפּעס טאָן.

וואַסילע אָבער האָט זיך שוין נישט באַגנוגנט מיט בלויז שנאה קעגן זיינע באַלעבאַטים. ער האָט אָנגעהויבן צו טשעפּען זיך אויך צו די יידישע אַרבעטער און ביי יעדער קלייניקייט געדראָט, אַז עס וועט לאַנג נישט דויערן און קיין סימן וועט שוין נישט זיין פון זיי אין פאַבריק. מיטאָג־צייט, קעגן דעם איינגעפירטן סדר, אַז יעדער זיצט ווו ס׳געפינט זיך אַ פרייער פּלאַץ, האָט וואַסילע אַזוי געדרייט, אַז אַלע קריסטן זענען געזעסן פון איין זייט טיש און יידן — פון דער אַנדערער זייט.

נאָכן עסן, מאַכנדיק איבער זיך דעם צלם און אויפהייבנדיק זיך, האָט וואַסילע, אָן שום בושה, באַפוילן צו זינגען דעם כוליגאַנישן הימן „גוואַר־דיע און קאַפּיטאַן", מאַכנדיק דערביי זיסע אייגעלעך, איינער צום צווייטן.

יעדעס מאָל, נאָכן פאַרענדיקן די אַרבעט, איז מען אַוועק מיט אַ זינ־געריי, גלייך ווי יעזוס, דער גאָט זייערער, איז אַוועק אין אורלויב און איי־בערגעגעבן די וועלט אין די הענט פון קאַפּיטאַן. קיינער האָט נישט געוואַגט זיי צו שטערן און ס׳איז זיי גאָרנישט אָנגעגאַנגען. האָט מען געזען, אַז צווישן יידן רעדן צווישן זיך, איז תיכף געפאַלן אַ חשד פון „געפערלעכע פאַר דער מלוכה־אָרדענונג". כוליגאַנעס האָבן געמעגט טאָן אַלץ, זייענדיק דער־מוטיקט פון די רומענישע מאַכט־אָרגאַנען.

דערווייל זענען קינדער עלטער געוואָרן. אַ נייע פראַגע האָט אָנגעהויבן פּייניקן די יידישע עלטערן: וואָס טוט מען מיט די קינדער? געענדיקט די פאָלקסשול, געענדיקט די מיטלשול, און — ווייטער?

משה קאַפּאַלאָוויטש, איינער פון די פאַבריק־אייגנטימער, וועלכער האָט געוווינט אין אַ פריצישער ווילע, טאַקע אין הויף פון דער פאַבריק, האָט באַשלאָסן, אַז זיין טעכטערל זאָל, צוזאַמען מיט קלאַוויר־שפּילן און שפּראַכן, לערנען אויך שניידעריי. ס׳קומען שווערע צייטן און ס׳שאַדט נישט צו האָבן אַ פאַך אין האַנט, וואָס קומט אומעטום צו נוץ.

געוועזן טאַלאַנטירטע קינדער מיט אויסערגעוויינלעכע פעיִקייטן פאַר קונסט. די עלטערן האָבן נאָך פאַרמאָגט די מאַטעריעלע מעגלעכ־

קייטן דאָס צו פֿאַרווירקלעכן; אָבער די צייטן זענען שוין געווען אַזעלכע, אַז מ׳האָט שוין נישט געקענט טראַכטן וועגן דעם. אין אַ געשפּרעך ביי דער משפּחה קאָפּאָלאָוויטש, אין איינעם פון די עלעגאַנטע סאַלאָנען, האָט זיך פּאַלאַמאָן ראָזענבלום, דער פֿאָטער פונעם באַרימטן דיריגענט מענדי ראָדאַן, אָנגערופן:

— בנוגע מענדין, האָב איך בדעה אים אַליין לאָזן פֿאַרזעצן זיין אַרטיס־טישע נייגונג צו מוזיק. איינס פון די ביידע: אָדער ער וועט אַ מאָל קאָנ־צערטירן אין קעניגלעכן פּאַלאַץ, אָדער ער וועט זיך שלעפּן פון קרעטשמע צו קרעטשמע, צימבלענדיק אַ לידל, ווי אַ פֿאַרוואָגלטער ייד, נאָכן אָרעמען שטיקל ברויט.

בכדי אַ ביסל צו פֿאַרגעסן זיך, האָט מען געעפֿנט דעם ראַדיאָ־אַפּאַ־ראַט און — ווי אַ פֿאָרזעצונג צום פֿריִערדיקן געשפּרעך — האָט זיך קלאָר געהערט, ווי די כוליגאַנעס יובלען זייערע „מעשׂים טובֿים“.

— זעסט, משה, — האָט זיך אָנגערופן סאַלאָמאָן ראָזענבלום, — כ׳האָב דאָס געפֿיל, אַז אַפֿילו דער הימל איז געוואָרן אַשיק... ווייזט אויס, אַז אונדז איז שוין נישט באַשערט צו זען מיט די אייגענע אויגן אַפֿילו די ליכטיקע שיין פון הימל...

נישט פֿאָרויסזעענדיק קיין גוטע טעג, האָבן זיי זיך, איינער דעם צווייטן געוווּנטשן „אַ גוטע נאַכט“ און געזעגנט זיך, מיט קעפּ אַראָפּגע־בויגענע פון צו פֿיל זאָרג און פּראָבלעמען, פֿאַר וועלכע זיי האָבן דערווייל קיין לעזונג נישט געפֿונען.

אין יאַס האָט מען שוין גאַנץ אָפֿן גערעדט וועגן אַ גרויסער כוליגאַ־נישער דעמאָנסטראַציע. אָן אויפֿהער האָט מען אָפּגעהאַלטן זיצונגען אין דער קהילה און געזוכט אַ וועג צו דער מאַכט, צו עפֿענען אירע אויגן אויף די כולאַגאַנישע תאוות און אויף יידיש לייב־און־לעבן.

יידן זענען געווען דערשראָקן, ווייל יאַס איז געווען אַ גרויסער יידי־שער צענטער, אַרומגערינגלט מיט קליינע יידישע שטעטלעך, אין וועלכע ס׳האָבן זיך געפֿונען ברייטע מאַסן יידן פון דער מאָלדאַווע — און אַרום זיי, און צווישן זיי, האָט געקווירן די אַנטיסעמיטישע שנאה. היינט האָסטו גע־רעדט מיט אַ באַקאַנטן קריסט, אַ שכן, און מאָרגן האָסטו אים שוין געזען אַרומגיין מיטן באַנדעראָל פון די לעגיאָנערן אויפֿן אָרבל.

ענדלעך איז דער קהילה געלונגען צונויפֿצוזאַמלען ביי פֿאַרמעג־

לעכע יידן אַ פאַנטאַסטישע סומע געלט, און באַוואָפנטע מיט אַזאַ „פּאַרטיי־דיקונגס"־מיטל, איז געלונגען אָפּצוקויפן דעם קאָלאָנעל פון דער זשאַנ־דאַרמעריע און, צוליב דעם געלט, האָט די לעגיאָנערן־דעמאָנסטראַציע נישט געגעבן די פאָרויסגעזעענע פּאָלגן.

דאָך האָט אַלץ אויסגעזען ווי פאַרנעפּלט. קלאָר איז געווען נאָר איין זאַך: די דעמאָנסטראַציע האָט אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף די יידן און ביים פאַרענדיקן זייער בייז ווונדער מיטן הימן „גוואַרדיע און קאַפּיטאַן", האָבן זיך באַוויזן פּויסטן און אויפגעהויבענע הענט וועלכע האָבן געדראָאַט יידישע הייזער און אַלץ וואָס האָט זיך אין זיי געפונען, ווי איינער זאָגט:

— וואַרט, וואַרט, זשידלאַקעס!... אויב נישט היינט, איז אַ צווייט מאָל, אין גיכן... ס'וועט קומען אַ צייט און מיר וועלן זיך מיט אייך גאָר פיין אָפּ־רעכענען...

זעענדיק די צוגרייטונגען צו דער דעמאָנסטראַציע, מצד די קריסט־לעכע אַרבעטער פון פאַבריק, זענען אין דער עלעגאַנטער ווילע פאַרבליבן נאָר משה קאַפּאַלאָוויטש מיט זיין יינגל. פרוי קאַפּאַלאָוויטש מיט איר מיי־דעלע און איך, זענען אַוועק אויסבאַהאַלטן זיך ביי מיין פעטער, נתן אַלטער, אויף סאַנט־לאַזאַר־גאַס, אין אַ קליין שטיבעלע וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ מאַנסאַרדע. נאָך צוויי טעג טעג פון פּחד, דערזעענדיק דורך די קאַמופּ־לירטע שויבן, אַז מענטשן דרייען זיך שוין אין די גאַסן, האָט מען געוואַגט צו עפענען אַ טיר און מאַכן עטלעכע טריט אין הויף און אַרום דער שטוב.

אויפן דריטן טאָג בין איך צוריקגעגאַנגען אין פאַבריק און די גבי־רנטע צו אירע פריצישע צימערן.

לויט ווי משה קאַפּאַלאָוויטש האָט איבערגעגעבן, איז וואַסילע מיט זיין גאַנצער באַנדע צוריקגעקומען גאָר באַרעגנט. עפּעס איז דאָס נישט אַרויסגעקומען ווי זיי האָבן געמיינט. די יידישע אַרבעטער, געטריבן פון נויט, זענען געקומען זוכן ס'ביסל חיונה און זענען אויפגעציטערט געוואָרן ביי יעדן שאָרך, ווייל מ'האָט שוין גאַנץ קלאָר געזען, אַז מנוחה וועט מען שוין נישט האָבן. ס'איז געווען, ווי זאָגט מען, צו כאַפּן דעם אָטעם צווישן פּאַטש און פּאַטש. מ'האָט נאָר נישט געוווסט, וויפל צייט מ'וועט נאָך לאָזן פריי אָטעמען.

די יידישע יוגנט, דערצויגן אין ציוניסטישע באַוועגונגען, פלעגט זיך טרעפן אין פּריוואַטע דירות און אויסגעגאָסן זייער ביטער האַרץ אין נאַ־

ציאַנאַלע לידער. זי איז געווען געפּענטעט און נישט געזען קיין שום אויס־וועג, ווי אַזוי און ווען זיי וועלן אַ מאָל קענען אַרויס פון דאַנען. די אָרעמ־קייט איז געוואַקסן אין יעדן געסל, אין יעדער שטוב. ס׳איז שוין גאָרנישט לייכט געווען דורכצוקומען די ביטערע צייט. דער מסחר איז אָפּגעשטאָרבן און ס׳איז געקומען אַ צייט, ווען איין ייד האָט געלעבט מיט דער אמונה, אַז דער צווייטער ייד וועט רחמנות האָבן און אים געבן אויף צו דערהאַלטן זיך. געהאָלפן צו ווערן פון אַ קריסט איז שוין גאָר נישט געקומען אויפן געדאַנק.

פון טאָג צו טאָג איז גרעסער געוואָרן די צאָל נויטבאַדערפטיקע, און דאָס האָט פאַרגרעסערט אויך די צאָל באַאַמטע אין דער קהילה. אין אָנהייב האָבן זיך געמאָלדן פרייוויליקע, מיט דער צייט האָבן זיי אַליין זיך שוין גענייטיקט אין הילף. באַפרייען זיי האָט מען נישט געקענט, ווייל די קהילה האָט זיך גענייטיקט אין מומחים, וואָס זאָלן פאָרשן די דאָסאָרן פון דער פּאָליציי, בכדי צוזאַמענצושטעלן אין דער קהילה אַן ענלעכן דאָסאַר, וואָס זאָל מבטל מאַכן די פאַלשע עדות און די באַשולדיקונגען קעגן יידן.

גאָר ערנסט האָט מען אָנגעהויבן רעדן וועגן דער לאַגע פון דער יידישער יוגנט וואָס דאַרף זיך שטעלן צום מיליטער־דינסט. מיט אַ מאָל האָבן זיי באַקומען איינרוף־באַפעלן און דאָס איז געווען אַ שטראַל־ליכט, וואָס האָט זיך אָבער גאָר שנעל פאַרלאָשן.

גערופן האָט מען זיי טאַקע, אָבער — תיכף באַפרייט, און אויפן צעטל איז געווען אָנגעצייכנט מיט רויטער טינט: ייד!

הייסט עס, אַז יידן זענען שוין לגמרי און געזעצלעך אויסגעשלאָסן פון דער אַרמיי. דערפון האָט זיך יעדער ייד אַראָפּגענומען אַ מוסר־השכל, ווי ווייט מ׳איז שוין איבעריק אין די אויגן פון די רומענער.

זינט דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אַ ייד געקענט זיך „איינאָרדע־נען" אין מיליטער, ווי ס׳איז אים אויסגעקומען צום חשבון. דאָס מאָל האָט מען בפירוש געזען, אַז דאָס רעקרוטירן האָט בלויז איין ציל: אויסצו־געפינען די ריכטיקע צאָל, בעיקר פון די יוגנטלעכע, און ווו יעדער איינער געפינט זיך.

יידן וועלכע האָבן דורכגעמאַכט דאָס מיליטער־דינסט, באַזונדערס גע־וועזענע יידישע אָפיצירן, זענען איינגערופן געוואָרן, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ נײַ גלענצנדיק מסחר. צען יידן אין אַ קאָמפּאַניע, זענען

געוועזן אַ גוטער „צושטייער״ פאַרן קאָמענדאַנט, ווי אויך פאַרן פשוטן סער־זשאַנט. אויסגעצייכנט אין דעם „אויסוואַל״ האָבן זיך די רומענישע אָפיצירן, וועלכע האָבן זיך אויסגעקליבן יידן „איינס און איינס״, זיי האָבן שוין געהאַט זייערע מוסרים, וועלכע האָבן געקענט די מאַטעריעלע לאַגע פון יעדן איינ־גערופענעם יידן.

ווי נאָר ס׳איז אַוועקגעשיקט געוואָרן דער באַפעל, האָט מען שוין געוווסט אַלע פּרטים און צווישן די רומענישע אָפיצירן האָט זיך אָנגעהויבן, אויף אַ גאָר פריינטלעכן אופן, ס׳איינטיילן זיך מיט די יידן, ווי ס׳וואָלט זיך געהאַנדלט אין שאַך־פיגורן, וואָס דו טוסט מיט זיי וואָס דו ווילסט.

גאָר אַ ביטערע שפּיל איז דאָס אָבער געווען פאַר אַן אַנדער מין יידן. נישט האָבנדיק די מאַטעריעלע מיטלען נאָכצוקומען די געלט־גייציקייט פון כלערליי גראַדויִרטע אין דער קאָמפּאַניע, אין וועלכער זיי זענען אַריינגע־פאַלן, האָבן די משפחות געליטן אין דער היים נישט ווייניקער ווי די מאָבי־ליזירטע אין די רעגימענטן. די משפחה האָט געהאַט איין דאגה: צו פאַר־קויפן ס׳בעסטע און ס׳טייערסטע פאַר אַ שיבוש, אַבי צו העלפן דעם קאָנ־צענטרירטן, וועלכע איז געווען נישט מער ווי ס׳כפרה־הינדל פאַר די מער פאַרמעגלעכע.

בכדי זיך צו פאַרשאַפן וואָס מער כבוד און אַרויסווייזן, אַז ער איז מקיים זיינע נאַציאָנאַלע פליכטן, האָט יעדער אָפיציר געוואָלט אויספיינען זיך מיט זיינע „קאָמפּאַניע־יידן״. אָך און ווי איז געווען צו יענעם, וואָס האָט נישט געהאַט מיט וואָס זיך אויסצוקויפן פון דער שווערער אַרבעט מיט וועלכער מ׳האָט אים געפּייניקט צוליב זיין יידישקייט. האָט איינער נישט געקענט נאָכקומען די שווערע אַרבעט, האָט ער זיך באַקענט מיט קאַרצער, מיט שפּאָט און קללות, ווייל יידן זענען שולדיק געווען אין דער גאַנצער אינטערנאַציאָנאַלער קאָניוקטור פון יענער צייט. סאָוויעט־רוסלאַנד און היטלער־דייטשלאַנד האָבן זיך גאָר פעסט געהאַלטן אין זייער אָפּמאַך און, מעשה־גנב, מעשה־גוטער־ברודער, זיך איינגעטיילט מיט יעדער נייער צו־געראַבעטער טעריטאָריע.

מיטן פאַרנעמען פּוילן און איר צעטיילונג,* האָבן זיך איבער די יאַסער

* אָקטאָבער 1939.

גאַסן באַוויזן יידישע פּליטים. יידישע הערצער האָבן זיך תיכף ברייט צע־עפנט פאַר זיי, און ס׳ביסל יידן, וואָס האָט זיך געראַטעוועט פון דאָרטן, האָט מען מצד דער יידישער קהילה, אַוועקגעשיקט קיין בוקאַרעשט, גלייבנדיק, אַז אין דער הויפּטשטאָט, מיט אירע העכער אַ מיליאָן איינוווי־נער, וועלן זיך די פּוילישע פּליטים נישט וואַרפן אין די אויגן. בלויז אַ דאַנק דער אומדערמידלעכער אַרבעט פון אַ סך יידישע פּערזענלעכקייטן אין רומעניע, וואָס האָבן נאָך געהאַט פּערזענלעכע פאַרבינדונגען מיט קריסטלע־כע פירער פונעם רעזשים, איז געלונגען אויסצובאַהאַלטן די יידישע פּליטים פון פּוילן אין די זומער־דאַטשעס, ווו זיי זענען געווען ווייניק אויפפאַלנדיק.

אַ טייל איז פאַרבליבן אויך אין בוקאַרעשט. היות אָבער דאָס אָפּפאָרן קיין ישראל איז געווען אוממעגלעך פאַר אַזאַ גרויסער צאָל, וואָס האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן, האָט זיך אָנגעהויבן אַ גוואַלדיקע אַרבעט, ביז ס׳איז געלונגען צו באַזעצן אַ סך פון זיי אין פאַרשידענע שטעט און שטעט־לעך פון רומעניע, מיט לעגאַלע פּאַפּירן, אַז זיי זענען געבוירן אויפן רו־מעניש באָדן. נאָר אַ סך נעכט האָבן יאַסער יידן נישט פאַרמאַכט קיין אויג, ביים בלויזן גערדאַנק, אַז אָט־אָט וועט פאָרקומען אַ רעוויזיע און מ׳וועט טרעפן מענטשן, וועמענס דאָקומענטן זענען נישט אין אָרדענונג. מ׳האָט זיי צוגעטיילט צו משפּחות מיט אַ סך קינדער, ווו נאָך איין מענטש, אָדער צוויי וועלן זיך נישט אָנזען.

אַ לאַנגע צייט האָבן רומענישע יידן געטיילט זייער שטיקל ברויט מיט זייערע אַנטלאָפענע ברידער פון פּוילן. צו דער אַרבעט האָט מען זיי נישט גע־קענט שיקן, ווייל זיי האָבן די לאַנד־שפּראַך נישט געקענט. גאַנצע טעג זענען זיי געלעגן אויסבאַהאַלטן אין שאַפּע און אויף בוידעמס, ביז זייער „בירגערלעכע" לאַגע איז מער־ווייניקער קלאָר געוואָרן. ווי נאָר ס׳האָבן זיך באַקומען סערטיפיקאַטן פאַר משפּחות אָדער יוגנטלעכע פון רומעניע, האָבן עס די רומענישע יידן אַוועקגעשענקט מיט פולן האַרץ פאַר זייערע פּוילישע ברידער, נישט ווייסנדיק סאַראַ ביטערן גזר־דין זיי גרייטן אַליין צו פאַר זיך, דאָ, אין רומעניע, דורכן מוותר זיין אויף די דאָזיקע סערטיפי־קאַטן. שטיל, אָן געפּילדער, האָבן יידן אין רומעניע געזאַמלט געלט, קליי־דונג און באַזאָרגט די פּוילישע יידן, ס׳זאָל זיי נישט קאַלט זיין אין די ווינטער־חדשים. נישט איינער פון די פּליטים האָט אַ נדר־געטאָן, קיין מאָל נישט צו פאַרגעסן דאָס וואָס רומענישע יידן האָבן וועגן אים געטאָן אין

יענע טעג פון צאָרן, ביז זיי האָבן דערלעבט זיך צו זען אין די שיפלעך קיין ארץ־ישראל.

אַ וויכטיקע ראָל אין דער דערנענטערונג צווישן פוילישע און רומע־נישע יידן האָט דורכגעפירט די יוגנט. צונויפקומענדיק זיך ביי דיסקוסיעס און ביי בענקשאַפט־לידער, האָט מען זיך געפילט ווי פאַראייניקט. אַ סך שידוכים זענען אַזוי אַרום געשלאָסן געוואָרן צווישן פוילישע און רומענישע יידן. יונגע באַלעבעסלעך האָבן אָנגעהויבן לערנען רומעניש און במשך פון אַ קורצער צייט האָבן זיי זיך שוין געקענט גאַנץ גוט אויסטענהן אויף רומעניש.

## קאַפּיטל דריי

# הילפלאָזע געשרייען

ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן קלאַנגען וועגן צוריקגעבן די רוסן בעסאַראַביע.

רומענער, וועלכע זענען געזעסן אין בעסאַראַביע, האָבן געהאַלטן אין איין איינקויפן סחורות און עסנוואַרג, ווייל געזאָגט האָט מען, אַז אונטערן סאָוויעטישן רעזשים קען מען נישט געפינען אַלץ וואָס דעם מענטשן גלוסט זיך. אין רוסלאַנד איז אַלץ ראַציאָנירט. די בעסאַראַבער האָבן איינגעקויפט אַלץ וואָס זיי האָבן געפונען. קיין מאָל האָט זיך נישט געפונען אַזוי פיל געלט אויפן מאַרק, ווי אין יענע טעג. אַ סך האָבן זיך געפרעגט: פון וואַנען נעמט זיך אַזוי פיל געלט, און אָנגעהויבן חושד זיין, אַז ס׳איז פ אַ ל ש געלט.

פאַר יידן האָט זיך געשטעלט אַ נייע פראַגע.

נישט פאַרקויפן — איז פאַרוועַרט לויטן געזעץ. פאַרקויפט מען יאָ, באַקומען זיי פּולע זעק פּאַפּירן־געלט, און קויפן פרישע סחורות קען מען נישט. די פּרייזן האַלטן אין איין שטייגן און מיטן גאַנצן אָנגעזאַמלטן געלט קען מען נישט קויפן אַפילו אַ דריטל פון דער פאַרקויפטער סחורה. האָבן יידן געטראַכט, אַז ס׳וואָלט נישט שלעכט געווען אַוועקצולייגן עפּעס אויך פאַר זיך: עטלעכע מעטער שטאָף, אַ ביסל מעל, — ווייל אין שווערע צייטן, אַז ס׳איז שווער צו קויפן ברויט, זאָל מען האָבן מיט וואָס ס׳האַרץ צו דער־קוויקן.

היות קיין זאַך קען אייביק נישט בלייבן פאַרבאָרגן, האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז אַ ייד ביי וועמען מ׳האָט געפונען באַהאַלטענע סחורות, איז תיכף אַרעסטירט געוואָרן און מ׳קען זיך שוין פאָרשטעלן, וואָס אים האָט געוואַרט. אַ סך יידן פלעגן זיך אויסבאַהאַלטן איינער ביים אַנדערן, מורא האָבנדיק, אַז מ׳וועט זיי חושד זיין אין אויסבאַהאַלטן סחורות. קריסטן האָבן דאָס עפּנטלעך געטאָן און פאַרקויפט באַהאַלטענע סחורות מיט געפּעפּערטע פּרייזן. זיי איז גאָרנישט געשען. באַזונדערס, ווען ס׳צוריקקערן פון בעסאַ־

ראַביע האָט זיך דערנענטערט, זענען די רדיפות אויף יידן געוואָרן אַלץ שטאַרקער.

אַלע ישובים לענגויס דעם דניעסטער און דעם פּרוט, זענען דערקלערט געוואָרן אַלס מיליטער־שטחים, יעדע משפּחה האָט געהאַלטן אין איין איינ־קויפן, יעדער לויט זיינע מעגלעכקייטן, ווייל געטראַכט האָט מען: טאָמער קומט אַריין דער רוס קיין בעסאַראַביע, איז אים שוין גאָרנישט שווער איינ־צונעמען אויך די מאָלדאַווע און ביז וואָס־ווען, איז גוט, אַז אין שטוב זאָל זיין פון אַלעמען. אַ ביסל שפּייז איז געוואָרן אַ מין קולט. יעדער האָט זיך געוואָלט פאַרזיכערן אַז ער זאָל, חלילה, נישט אויסגיין פון הונגער, ביז מ׳וועט זען וואָס פאַר אַ „גוט־מאָרגן" די רוסן וועלן דיר ענטפערן. ווייל מ׳האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז ביים רוס איז נישט פאַראַן ייד אָדער קריסט... להיפך! אַ טעריטאָריע נעמט מען ווי אַזוי מ׳געפינט זי, אָן אונטערשייד פון רעליגיע.

קריסטן, פּונקט ווי יידן, האָבן אויסגעגעבן דעם לעצטן גראָשן, ווייל אַלע האָבן געטראַכט, אַז אונטערן רוס וועט רומעניש געלט קיין שום ווערט נישט האָבן. די צייט האָט דערוויַיל געטאָן אירס: ווייטער געגאַנגען. אָבער אָפּגעבן בעסאַראַביע — נישט מ׳הערט און נישט מ׳זעט. האָט עמעץ יאָ געהאַט אַן אָפּגעשפּאָרטן גראָשן, איז ער אים אויסגערינען געוואָרן, ווייל עסן האָט מען באַדאַרפט.

מ׳האָט געלעבט ווי אין אַ תוהו־ובוהו. אַפילו יענע, וואָס האָבן נאָך געקענט עפּעס פאַרדינען, האָבן דאָס נישט געטאָן, טראַכטנדיק, אַז סיי ווי וועט ס׳געלט קיין ווערט נישט האָבן. יידן האָבן נישט געוואַגט זיך לאָזן אין אַ לענגערן וועג, מורא האָבנדיק, אַז דער רוס זאָל נישט אַריינקומען און זיי איבערלאָזן וויַיט פון דער היים. מענטשן זענען ממש קראַנק געוואָרן, טראַכטנדיק אָן אויפהער: ווען דערלעבט מען שוין די שעה.

בלויז איין זאַך איז געגאַנגען זייַן געוויינלעכן גאַנג, נישט געשטערט: די שנאה צו יידן. און מיט איר, מיט דער שנאה, נייע אַנטיסעמיטישע גזירות.

יידן האָט מען אַרויסגעוואָרפן פון די צוגן אין פולן גאַנג. טייל פון די אַרויסגעוואָרפענע זענען געפאַלן אונטער די רעדער און געבליבן אָן הענט, אָדער אָן פיס; טייל אַרויסגעשליידערט געוואָרן דורך די פענצטער פון די וואַגאָנען, נאָך דעם ווי זיי זענען מערדערלעך צעשלאָגן געוואָרן און קיין

כוח שוין נישט געהאַט אָנצוהאַלטן זיך אין די שטאַנגען פונעם וואַגאָן. די שטומע פעלדער זענען געווען עדות פון זייערע ליידן און הילפלאָזע געשרייען, ביז יציאת נשמה, נאָך דעם ווי זיי זענען אָפּגעגאַנגען אין בלוט, וועמענס ריח האָט ביי נאַכט צוגעצויגן די הונגעריקע וועלף, וועלכע האָבן זיי לעבעדיקערהייט צעריסן און געפרעסן.

יידן זענען אַרעסטירט געוואָרן פאַר נישט־געשטויגענע חטאים און נאָך באַמיִונגען מצד דער קהילה זענען זיי באַפרייט געוואָרן, פאַרשטייט זיך, נאָך פייניקונגען און מאַטערנישן, נישט וויסנדיק און פילנדיק, ווען מ׳האָט זיי אַראָפּגענומען די אַמפּרענטן פון די פינגער. ביים אַוועקגיין, ווי נאָר ס׳האָט אים דערזען אַ פּאָליציי־מאַן, האָט ער אים תיכף מכבד געווען מיטן אמתדיקן אויסרוף: קאַמוניסט!

אַזוי האָט זיך געצויגן ס׳לעבן פון די יידישע מאַסן אין רומעניע, דאָס לאַנד פאַר וועלכן זייער אַ סך יידן האָבן פאַרגאָסן זייער בלוט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין די דאָזיקע שוואַרצע און ביטערע טעג, האָט זיך יעדער ייד דערמאָנט אין אַלע אומזיסטיקע קרבנות, וואָס ער האָט געבראַכט, וועגן דעם מסירות־נפש און מי, אין משך פון יאָרן און דורות, די אָנשטרענגונגען פון יידישע מוחות, אויף צו פאַרבעסערן די לאַגע פון לאַנד. און היינט? היינט בלייבן יידן די איינציקע, וואָס מ׳דאַרף זיי שוין דאָ נישט האָבן. די קינדער האָבן זיי קיין ארץ־ישראל נישט געלאָזט פאָרן, טאָמער וועלן זיי דאָרט דאַרפן טראָגן שטיינער, אויסטריקענען זומפּן...

היינט? — היינט קומען אָפּ די קינדער פאַר די זינד פון די עלטערן! זיי אַרבעטן שווער ביים האַקן שטיינער אין די בערג און הינטער זייערע פּלייצעס שטייט אַ זעלנער מיט אַן אָנגעלאָדענער ביקס, גלייך זיי וואָלטן געווען פאַרברעכער, וואָס מ׳האָט זיי פאַרמשפּט אויפן גאַנצן לעבן.

די עלטערן האָבן מורא געהאַט, אַז אין פּאַלעסטינע וועלן זיי נישט האָבן ווו דעם קאָפּ אַנידערצולייגן, און היינט? גליקלעך זענען היינט די קינדער, אַז מ׳לאָזט זיי אָנשפּאַרן דעם קאָפּ אויף געקאָסעטע פעלדער, ווייל אויך דאָס — טענהן די רומענישע זעלנער — איז צו פיל און צו גוט פאַר אַ זשידאָן.

געוויינט האָבן קינדער און געוויינט האָבן עלטערן:

— געזינדיקט האָבן אונדזערע עלטערן און געזינדיקט האָבן מיר, וואָס

מ׳יר האָבן נישט דערלאָזט, אַז אונדזערע קינדער זאָלן האָבן אַ ציל אין לעבן, ווי ייִדן און ווי מענטשן.

פון בוקאַרעשט זענען געקומען גאָר נישט קיין פריילעכע בשורות. אַפילו ד״ר פילדערמאַן אַליין, דער שטענדיק מוטיקער קעמפער פאַר ייִדן אין רומעניע, קען שוין אויך נישט אָפּשטעלן דעם שטראָם פון גיפט און שנאה, וואָס האָט זיך צעגאָסן איבערן רומענישן ייִדנטום. זיינע פּערזענלעכע פאַרבינדונגען זענען שוין אַזוי צעריסן, אַז ס׳קומט גאָרנישט אין אַכט מ׳זאָל זיי אַ מאָל נאָך קענען פאַרבינדן. פון אַלע זיינע אַמאָליקע פריינד, זענען פאַראַן אַ סך, וואָס האָבן פשוט מורא מיט אים צו פאַרבינדן זיך. אַנדערע ווייזן אים די פּלייצעס ווען עס רעדט זיך וועגן אַ טובה טאָן אַ ייִדן. טאָמער טרעפט זיך שוין איינער וואָס וויל אים יאָ העלפן, האָט ער אַליין קיין קראַפט נישט עפּעס דורכצופירן.

דורך די ראַדיאָ־כוואַליעס הערט מען, בסודי־סודות, ווי טיראַספּאָל מעלדעט אין רומעניש:

— בעסאַראַביע! אונדזער טייערע בעסאַראַביע! אונדזערע בעסאַראַבישע ברידער, פאַראייניקט אייך מיט אונדז! קומט צוריק אין שויס פון דער מאַמע רוסלאַנד...

ווי נאָר די נאַכט איז צוגעפאַלן, האָבן ייִדן זיך פאַרשלאָסן אין די צימערן, הינטער פאַרלאָדנטע און פאַרהאַנגענע פענצטער, טראַכטנדיק דערביי, אַז ערגער קען שוין נישט זיין און וואָס ס׳דאַרף געשען, זאָל געשען, אַבי מ׳זאָל נאָך דערלעבן צו זען די אומשולדיקע קינדער.

דער לאָנדאָנער ראַדיאָ האָט געהאַלטן אין איין מודיע זיין, אַז די לעגיאָנערן אין רומעניע פירן זייער אונטערערדישע אַרבעט, דערמוטיקטע פון דייטשלאַנד, וועלכע האַלט אין איין דערציילן, וואָס פאַר אַ גליק ס׳האָט געטראָפן דער מענטשהייט אין די לענדער וואָס רוסלאַנד און דייטשלאַנד האָבן פאַרנומען, כאָטש אין די דורך דייטשלאַנד פאַרנומענע טעריטאָריעס האָט מען דורכגעפירט דעם געוויינעם פאַרטיליקונגס־פּלאַן קעגן ייִדן.

ייִדן האָבן געהאָפט, אַרויסגעקוקט, געוואַרט. ביז אין אַ שיינעם טאָג האָט זיך דערהערט דער אָפיציעלער ראַדיאָ־קאָמוניקאַט, אַז די רומענישע רעגירונג האָט באַשלאָסן אָנצונעמען דעם רוסישן אולטימאַטום און אומקערן בעסאַראַביע. ס׳בלוט איז פאַרגליווערט געוואָרן אין די אָדערן, ווייל זינט 1918, האָבן זיך די איינוווינער פון מאָלדאַווע און בעסאַראַביע אַזוי

פאַרבונדן צווישן זיך, אַז ס׳האָט זיך נישט גלעלאָזט גלייבן, אַז די ראַדיאָ־מעלדונג פונעם 21סטן יוני 1940 איז טאַקע ריכטיק, און אַז בעסאַראַביע וועט אויף אַן אמת צוריקגעגעבן ווערן. יעדער טאָג איז געווען אַ תשעה־באב אין יידישע הייזער, בעיקר צווישן משפחות פוןביידע זייטן פּרוט, וועלכע האָבן זיך משדך געווען. פון איין זייט — עלטערן, פון דער אַנדערער זייט — קינדער. ס׳האָט זיך געשאַפן אַ ווירוואַר און קיינער האָט נישט געוווּסט אויף וועלכער וועלט ער איז. כל זמן מ׳האָט נאָר גערעדט וועגן צוריקגעבן בעסאַראַביע, איז דאָס נאָך געווען צו דערליידן, אָבער שטיין פנים אל פנים מיט דער ווירקלעכקייט — דאָס האָט זיך שוין גאָרנישט געלייגט אויפן שכל. די פון דאָרטן האָבן געבעטן מ׳זאָל קומען צו זיי, ווייל אונטער די רוסן וועט מען זיך פילן ווי אין אַ גן־עדן. די פון דאַנען האָבן געבעטן מ׳זאָל צוריקקומען, ווייל דאָ וועט זיין בעסער. געהערט האָט מען נאָר זיפצערייען און געוויינען. ס׳יידישע זיפצן און וויינען, גלייך ווי בלויז צוליב דעם ווערט אַ ייד געבוירן.

טאָג און נאַכט זענען צוגן געפאָרן און געקומען, אַוועקפירנדיק און צוריקברענגענדיק מענטשן. ס׳געזעגענען זיך איז געווען האַרצרייסנדיק. דאָ טיילט זיך אָפּ אַ טאָכטער פון עלטערן, דאָרט — עלטערן פון קינדער. טרערן זענען פאַרגאָסן געוואָרן פון איין זייט טייך און פון דער אַנדערער, נאָר ס׳האָט גאָרנישט געהאָלפן. אַ סך פון דאַנען האָבן נישט געקענט פאָרן אַהין און אַ סך פון דאָרט האָבן נישט געקענט קומען אַהער. מ׳האָט געזען בחוש ווי הערצער ווערן צעריסן, גלייך עמעצער וואָלט געשניטן מיט אַ מע־סער אין רויען פלייש. געוויינען האָבן איינגעריסן הימלען, בעטנדיק רחמים, ווייל אויף וויפל ס׳נאָענטקייט צו אייגענע איז געווען שטאַרק, האָט זיך דאָך דערנענטערט די רגע פונעם צעטיילן זיך. די קלאָג איז געווען אַזוי גרויס, אַז זי איז געגאַנגען פון שטוב צו שטוב, פון שכן צו שכן, פון גאַס צו גאַס, ווי זוכנדיק צו דערגרייכן דעם הימל, וואָס איז געווען העכער און ווייטער ווי תמיד און ס׳יידישע געוויין נישט דערהערט.

יידן זענען געפאָרן און געקומען. געדאַכט האָט זיך, אַז מיטן אָנקום פון דער נאַכט לויפן נאָך אַפילו די שאָטנס און בעטן רחמים ביי די אָפּ־פאָרנדיקע, זיי זאָלן זיך אומקערן צו די איבערגעלאָזטע היימען, צו טאַטע־מאַמע. אַ ווייטאָג וואָס האָט קיין נאָמען נישט געהאַט, האָט געדריקט און געפּרעסט. בייגנדיק די קעפּ צו דער ערד און זיפצנדיק, האָט יעדער איינער

אויסגעדרייט דעם קאפ אויף צוריק, כאטש ר׳האט גאנץ גוט געוווסט אז ס׳פינצטערניש פון דער נאכט פארשטעלט צו זען די הארציקע און טייערע. דאך האט ער צוריקגעקוקט אין דער פינצטערער ליידיקער נאכט, גליך ווי ס׳הארץ וואלט אים געזאגט, אז דערמיט האט זיך אלץ געענדיקט און אז מער וועט ער זיי שוין קיין מאל נישט זען.

די וועלכע האבן באשלאסן זיך צו פאראייניקן, פארנדיק איינער צום אנדערן, האבן פארלאזט רייכע ווירטשאפטן וואס זענען חרוב ונחרב געווארן. מיט עטלעכע קלימעקלעך אין האנט האט מען זיך געלאזט אויף גאטס באראט, אבי מ׳זאל זיין אין איינעם — מאן מיט פרוי, עלטערן מיט קינדער. נישט אנדערש, נאר עפעס אן אינסטינקט האט זיי אונטערגעזאגט, אז זיי פארן צום ס ו ף, צו פארניכטונג. וואס זשע איז דער אונטערשייד צי מען שטארבט דא אדער דארט? ס׳ביסל וואס מ׳האט נאך צו לעבן, זאל מען כאטש זיין צוזאמען.

די ערשטע צוויי וואכן זענען די רומענער אזוי פארנומען געווען מיט זיך, אז זיי האבן נישט אין זין געהאט די אפפארנדיקע יידן. ווען ס׳האט זיך אבער דערנענטערט דער לעצטער טערמין, האבן יידן אנגעהויבן פילן, אז מ׳קוקט זיי נאך... עפעס גארנישט ווי אין די ערשטע טעג, ווען מ׳האט געגלייבט, אז יעדער איז פריי צו פארן, ווי ס׳האט זיך געזאגט אין דער אפיציעלער מעלדונג. ווער ס׳איז אוועקגעפארן די לעצטע וואך און איבערגעלאזט משפחה אין רומעניע, האט מען די איבערגעבליבענע באליידיקט און פארגעווארפן:

— א טייל האט איר אוועקגעשיקט קיין רוסלאנד און איר אליין זענט געבליבן דא. מן הסתם האט איר צוזאמענגעשטעלט א טייוולאנישן פלאן... מ׳קען אייך גאנץ גוט... איר האט עס געמאכט אזוי, אז איר זאלט זיך פארשטיין דורך סימנים, זיי דארט און איר דא! דורך אייך, זשידאנעס, האט מען אונדז אפגעריסן בעסאראביע, אונדזער טייערע בעסאראביע מיט אונדזערע רומענישע ברידער, וועלכע געפינען זיך דארט זינט דורות...

גאר טראגיש איז געווען די לאגע פון די יידישע סאלדאטן, וואס די געשעענישן האבן זיי פארכאפט אויף בעסאראבער באדן. דורך ייפ״א האבן די דאזיקע יידישע סאלדאטן זיך דערוווסט, אז א סך פון זייערע פרויען און קינדער, וויסנדיק אז זייערע מענער זענען קאנצענטרירט אין בעסאראביע, האבן זיי גענומען די קינדער און אנטלאפן, טראכטנדיק אז דער עיקר איז,

זיי זאָלן שוין זיך געפינען אויף יענער זייט פרוט. דאָרט וועלן זיי שוין אויסגעפינען די מענער אוןווידער זיין צוזאַמען.

מ׳האָט פשוט נישט געוווּסט וואָס צו טאָן און דאָס האָט דערפירט צו ערנסטע אומגליקן. געווי האָט מען נישט געקענט פעסטשטעלן די ריכטיקע צאָל קרבנות, אָבער געווען זענען אַ סך. ביים צוריקציִען זיך פון דער רומע־נישער אַרמיי, זענען יידישע סאָלדאַטן געפּייניקט געוואָרן פון זייערע רו־מענישע קאַמעראַדן.

די סיבה איז געווען אַ גאַנץ פשוטע: די רומענישע סאָלדאַטן האָבן געהאַלטן אין איין וואָרטשען, אַז די יידן האָבן געוווּסט, אַז דער רוס קומט. יידן האָבן אים געבראַכט, וויל פון קליין ביז גרויס זענען אַלע יידן קאָמור־ניסטן... אַ סך יידן זענען דערשאָסן געוואָרן אונטערן אויסרייד, אַז זיי גיבן איבער סימנים די בעסאַראַבער יידן, ביי וועלכע אַ סך רומענישע סאָלדאַטן זענען איינגעשטאַנען אויף קוואַרטיר.

נישט קענענדיק איבערטראָגן די פּיין און דעם חשד, זענען יידן גע־גאַנגען מיט געשוואָלענע פיס, צענדליקער קילאָמעטער, בעת די רומענישע סאָלדאַטן זענען געפאָרן גאַנץ באַקוועם אין וואַגנס, וואָס זיי האָבן רעקווי־רירט ביי די פּויערים. ווען יידן האָבן שוין נישט געקענט גיין, איז דאָס אויסגעטייטשט געוואָרן ווי אַ פרווו צו אַנטלויפן. האָבן די רומענער אָנגע־לאָדנט די ביקסן און מיט איין שאָס ליקווידירט דעם יידן מיט אַלע זיינע צרות און מאַטערנישן.

אינעם אָפּמאַך האָט זיך בפירוש געזאָגט, אַז ביים צוריקציִען זיך, טאָר די רומענישע אַרמיי נישט טשעפּען די אָרטיקע באַפעלקערונג. נאָך מער: די רומענער האָבן געדראָט, אַז אויב די יידן וועלן זיך באַקלאָגן פאַר די רוסן און דערציילן דעם אמת, וועלן זיי, די רומענער זיך נוקם זיין אין די יידן פון רומעניע... נאָר יענע, וועלכע האָבן פאַרויסגעזען וואָס עס קען געשען און באַגראָבן אַ טייל פון זייער פאַרמעגן, האָבן געהאַט מיט וואָס זיך צו דערהאַלטן, נאָך דעם ווי די רומענישע אַרמיי האָט זיי באַראַבעוועט און באַגזלט.

צוריקגעצויגן האָבן זיך די רומענער אין גרויס אומאָרדענונג. אָבער אויך די פּאָר זיי ביטערע טעג האָט נאָך מער פאַרביטערט אין זיי די שנאה צו די יידן. אָן רחמנות האָבן זיי געצילט אין זייערע נעכטיקע וואָפן־ברידער פון יידישן אָפּשטאַם. זייער אַ סך קערפּערס פון יידישע סאָלדאַטן זענען

געפונען געוואָרן נאַקעטע, אַפילו די קליידער האָט מען צוגענומען ביי די טויטע און צו קבורה זענען זיי געבראַכט געוואָרן אַלס אומבאַקאַנטע זעלנער, ווייל אויך די דאָקומענטן זייערע זענען אַוועקגערויבט געוואָרן.

צוריקקומענדיק קיין מאָלדאַווע זענען רומענישע סאָלדאַטן געקומען צו יידישע משפחות, וועמענס זין, מענער, ברידער אָדער טאַטעס זענען שוין געווען טויט. דערשאָסענע טאַקע פון די זעלבע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן איצט געבערענגט אַ גרוס דער משפחה. און בכדי איבערצוצייגן, אַז זיי זאָגן דעם אמת, האָט מען אַרויסגענומען פון די ביים טויטן צוגעראַבעוועטע זאַכן, וואָס דער טויטער האָט כלומרשט איבערגעגעבן, בכדי מען זאָל גלייבן...

אויף די פראַגן פון דער דערשלאָגענער משפחה: פאַרוואָס קומען אויך זיי נישט אַהיים, בשעת די גאַנצע רומענישע אַרמיי געפינט זיך שוין אויף דער זייט פרוט? האָבן די שקצים געענטפערט, אַז זיי האָבן געהערט פון אַנדערע, אַז יידישע סאָלדאַטן זענען פאַרבליבן אין בעסאַראַביע און גאָר אין גיכן וועט מען באַקומען ידיעות פון זיי...

— אַבי זיי לעבן!... — האָבן ווידער געיאָמערט אומגליקלעכע מאַמעס, וועמענס זין זענען נישט צוריקגעקומען. — זאָלן זיי זיין ווו זיי זענען, אַבי זיי לעבן. יידן זענען מיר און אויב ס׳איז אונדז שלעכט דאָ, ווו מיר זענען געבוירן געוואָרן, טאָ וואָס פאַר אַ גוטס קענען מיר נאָך דערלעבן אין אַנדערע לענדער?

נאָר אַזוי איז עס זינט טויזנטער יאָרן. דער ווינט פאַרטראָגט אַ קערן און ס׳וואַקסט אויס אַ בוים. אַזוי אויך מיט אונדז, יידן. הונדערטער יאָרן פאַרוואַרפט אונדז דער ווינט אויף פאַרשידענע ערטער, ווו מיר וואָרצלען זיך איין, צעוואַקסן זיך, ביז ס׳קומט אַ נייער ווינט, רייסט אויס מיט די וואָרצלען און פאַרוואַרפט אונדז אויף ס׳ניי, ווו ס׳לאָזט זיך. נאָר אַזוי דאַרף מען פאַרשטיין פאַרוואָס יידן זענען צעזייט און צעשפּרייט איבער אַלע עקן וועלט.

אַ מאַמע, וואָס איר קינד איז נישט אַהיימגעקומען, אַ פרוי, וואָס האָט נישט געזען איר ליבן מאַן, זייער איינציקע טרייסט איז געווען: אפשר איז ער פאַרבליבן אין בעסאַראַביע. אויף די אומצאָליקע ווענדונגען צום רעגימענט, ווו ער האָט געדינט, האָט מען באַקומען אַ זייער לאַקאָנישן ענטפער:

— ווער ס׳איז נישט אַהיים געקומען, איז געבליבן. צי ר׳איז געבליבן לעבן אָדער טויט, קען קיינער נישט פעסטשטעלן.

### טעג פון צאָרן

ווען די רומענער האָבן איבערגענומען די וואַך אויף דער רעכטער זייט פון פּרוט, וואָס איז געוואָרן די נייע גרענעץ צווישן רוסלאַנד און רומעניע, האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ גרויסער טרויער אויף יידישע שטיבער און אין יידישע הערצער. נישט געווען קיין משפּחה וואָס זאָל נישט געווען האָבן אַ חלק אין דער בעסאַראַבער טראַגעדיע, גלייך מ׳האָט צוגענומען גאַנצע שטיקער פון דער יידישער קערפּערשאַפט אין רומעניע. מ׳האָט זיך אַרומגעדרייט מיט אַ ליידיקייט אין דער נשמה. עפּעס האָט זיי געפעלט. נאָר גלייבן האָט מען נישט געגלייבט. להיפך, די רומענער פלעגן נאָך זידלען:

— איר שפּילט טעאַטער, שפּילט איר... איר פרייט זיך, ווייל מ׳האָט ביי אונדז אַוועקגענומען אונדזער טייערע בעסאַראַביע מיט אונדזערע ברידער...

אומעטום האָט מען געהערט דאָס זעלבע לידל:

— זשידאַנעס־קאָמוניסטן האָבן דאָס אָפּגעטאָן!... — און די רדיפות האָבן זיך פאַרמערט. שוין נישט געהאַט קיין כוח איבערצוטראָגן.

די פון יענער זייט פון דעם אייזערנעם פאָרהאַנג, האָבן זיך געלאָזט הערן — נישט וויסנדיק ווי אַזוי און דורך וועמען די ידיעות זענען אָנגעקומען. זיי האָבן מודיע געווען, אַז ס׳איז זיי נישט שלעכט, אָבער ס׳וועט קיין סך צייט נישט נעמען און מיר וועלן ווידער זיין צוזאַמען.

אויף ס׳לשון, אין וועלכן מ׳האָט געשריבן איז געווען אַ מאָדנע לשון:

„אַ שפּילקע אויף רומעניש *... אַ באַלד... דער פעטער קומט... דער פעטער קריכט...” און אַנדערע מאָדנע פאַרשידענע סימנים. יידן האָבן געלייענט אין מאָל און ווידער אַ מאָל, געפּרוּווט אויסטייטשן און געגעבן כלערליי פּירושים. ווידער האָט מען געהאָפט. מאַמעס, פרויען און קינדער האָבן געהאָפט וואָס גיכער זיך צו זען און זיין צוזאַמען.

ס׳האָט זיך אָנגעהויבן באַקומען פּאָסט דורכן רויטן קרייץ און די וואָס האָבן באַקומען, האָבן דורכגעווייקט ס׳פּאַפּיר מיט טרערן, דערזעענדיק אַ באַקאַנט געשריבן אות פון אַ קינד, אַ מאַן, אַ טאַטן, ברידער, צי שוועסטער. זיי האָבן געוויינט און זיך אויך געפרייט, נישט וויסנדיק, אַז יעדער בריוו ווערט פאַרצייכנט אין דער פּאָליציי, און אין די אויגן פון דער מאַכט זענען זיי שוין געפערלעכע עלעמענטן, וואָס געפינען זיך אין עפנטלעכער פאַרבינדונג מיט די קאָמוניסטן פון בעסאַראַביע.

---

* אַ שפּילקע אויף רומעניש הייסט: Ac, ערשטער זילב פון וואָרט Acus — תיכף.

## קאַפּיטל פיר

# מיין שטעטעלע ביוואַלאַר

אין פאַבריק ווו כ׳האָב געאַרבעט, פלעגט מען מיר זאָגן, האַלב־וויץ, האַלב־אמת, אַז כ׳בין שוין גאָר־גאָר פונעם אמתן י ח ו ס, ווייל די משפחה מיינע וווינט ביים ברעג פון פּרוט, אַזוי נאָענט, אַז מ׳דאַרף נאָר די האַנט אויסשטרעקן און — שלום עליכם, פּעטער!

טאָמער האָט זיך איינער פון די מייניקע אַריינגעכאַפּט אויף עטלעכע שעה קיין יאַס, איז די ערשטע פראַגע געווען:

— וואָס הערט מען עפּעס אויף יענער זייט? מ׳רירט זיך?

ייפ״א האָט געהאַלטן אין איין טענהן, אַז אַ סך צייט קען דאָס אַזוי נישט גיין. וואָס הייסט? דער פּעטער איז נישט אַזאַ שוטה צו באַגנוגענען זיך בלויז מיט בעסאַראַביע אַליין. וואָס זשע? ר׳וועט וואַרטן ביז דער דייטש וועט אַלץ פאַרכאַפּן און זיך רוקן מיט דער גרענעץ ביז צו אים? אויב אַזוי, ווזשע איז דער פאַנישער שכל זיינער?

דערפאַר טאַקע האָט מען זיך ווידער אַ נעם געטאָן צום אַלטן מיטל: ווער ס׳האָט נאָר געקענט, האָט איינגעקויפט... אויף נישט צו באַדאַרפן. די הונגעריקע האָבן געזען אַ שטיקל ברויט בלויז אין חלום, ווייל די קהילה האָט פּשוט שוין נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. ס׳האָט זיך געשאַפן דער איינ־דרוק, אַז אויב די כוליגאַנעס וועלן פאַרזעצן אין אַזאַ טעמפּ, וועלן אין דער פּאָליציי זיין מער דאָסאַרן ווי יידן. נישט געווען קיין טאָג אָן נייע אַרעסטן, אויפן סמך פון דעם, וואָס איינעם אַ גוי האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אַ ייד האָט זיך צו הויך צעלאַכט אין מיטן דער גאַס, אָדער ער האָט אים געהערט זינגען עפּעס אַ גאָר „מאָדנע״ לידל, אָדער ר׳האָט געזען „מיט די אייגענע אויגן״ ווי פון יאַנקלס קוימען האָט אַרויסגעשטעקט אַ רויטע פאָן.

אין איינעם אַ טאָג האָט מען מיר מודיע געווען, אַז מיין משפחה, וואָס איז טאַקע געזעסן ביים ברעג פון פּרוט, בעט מיך כ׳זאָל תיכף אַהיים קומען,

זיך צו זען מיט זיי, ווייל דער פעטער האָט מודיע געווען, אַז ער קומט בקרוב און אויב ס׳איז אמת, ווער ווייסט צי מיר וועלן זיך אַזוי גיך נאָך קענען זען.

דאָס האָט געהייסן, אַז די רוסן האָבן בדעה צו פאַרנעמען אויך די מאָלדאַווע און ביז וואָס־ווען, וועט מען זיך בשום אופן נישט קענען באַ־געגענען איינער מיטן אַנדערן. ווייל ביי די רוסן איז אַזוי: פאַרנעמט ער אַ טעריטאָריע, טאָר מען נישט פאָרן אַפילו פון איין עק שטאָט צום אַנדע־רן. בפרט נאָך אַרויספאָרן. אַזוי אָט ייפ״א געפּסקנט און תיכף געגעבן צו פאַרשטיין דעם שכל דערפון: ראשית, ווייל דער רוס וויסן די לאַגע פון יעדן איינעם. והשנית טענהט ייפ״א, האָט דער רוסישער ליב מ׳זאָל וואָס ווייניקער זיך אַרומדרייען, מעשה לײדיקגייער, און וואָס ווייניקער צו רומ־פּלען זיך איבער די וועגן.

יאָ, יאָ, ייפ״א האָט געאַרבעט אויף אַלע כלים, ווייל אין אירע אַגענ־טורן זענען אויך געווען קריסטן, פון די — זייער־אונטערדריקטע — אייזנ־באַן־אַרבעטער, וועלכע האָבן אויך געחלומט וועגן אַ בעסער לעבן און האָבן געגלייבט, אַז דאָס קען געשען נאָר ווען דער רוס וועט אַריינקומען. האָבנדיק די פולע פרייהייט צו הערן אויך וואָס פרעמדע ראַדיאָ־סטאַציעס מעלדן, האָבן זיי דאָס תיכף „פאַרקויפט״ און גיי וויים און טרעף דעם קוואַל פון כלערליי נישט־געשטויגענע און נישט־געפלויגענע מעשיות. אַ סך מאָל זענען די ידיעות אַרויס אַזוי פאַרקריפּלט, אַז נישט איינער פון די „פאַר־קויפערס״ האָט זיך אַליין געפרעגט:

— ווי אַזוי קען שוין זיין 12 אַ זייגער ביי נאַכט, אַז דער פעטער איז נאָך נישטאָ...

אַ סך מאָל אָבער, האָט ייפ״א צוגעשטעלט אַזעלכע גענויע ידיעות, אַז דו האָסט געמוזט זיין יעדן טאָג זייערס אַ „קונה״. ווי נאָר ס׳האָט געשאַ־ריעט אויפן טאָג, איז דער ערשטער גוטמאָרגן געווען: וואָס זאָגט עפּעס ייפ״א? און די תשובה איז געווען גרייט און פאַרטיק, גלייך זיי האָבן במשך דער נאַכט, באַוויזן איבערצוליייענען אַלע צייטונגען פון דער וועלט.

מיטן געדאַנק, אַז דעם צווייטן טאָג וועל איך צוריקקומען, האָב איך באַשלאָסן צו פאָרן זען מיין משפחה, ווייל ס׳קען קיינער קיין נביא נישט זיין און וויסן וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען. אַרום 2 אַ זייגער נאָך מ׳יטאָג פאָרט אָפּ דער אויטאָ. האָב איך געזאָגט אין פאַבריק „אַ גוטן טאָג!״ און

אַוועק צום שטעפּאַנעשטער כאַן,* ווו ס׳האָט זיך געפונען דעם „הער יאָזעפּס״ מאַשין, וועלכער האָט זינט יאָרן געהאַט די חזקה אויף דער רוטע יאַס־ ביוואָלאַר.

דאָרט האָב איך שוין געטראָפן אַ סך באַקאַנטע פּונעם שטעטל, וואָס האָבן אויף מיר געמאַכט דעם איינדרוק, אַז מער ווי זיי רעדן, שעפּטשען זיי אַרויס די ווערטער, גלייך זיי וואָלטן געוואָלט זיך פאַרשטענדיקן מיט סימנים און נישט דערהערן ס׳אייגענע קול, ווען זיי ווילן זאָגן, אַז די נאַכט פאַלט צו און ס׳וואָלט נישט שלעכט געווען מ׳זאָל זיך שוין זען אין דער היים. ס׳ווערט פינצטער. דער וועג דויערט דאָס מאָל זייער לאַנג און עלעקטרישע לאָמפּן ברענען שוין נישט איבערן שאָסיי.

פונקט צוויי אַ זייגער האָט דער אויטאָ געררירט, נישט וואָרטנדיק, ווי תמיד, טאָמער האָט עמעצער פאַרשפּעטיקט, ווייל אַלע זענען געקומען באַ־ צייטנס. געמאַכט האָט זיך, אַז כ׳בין געזעסן נעבן סראָליקל איסר, אונדזער שכנס אַ קינד, אַ חבר נאָך פון די קינדערן־יאָרן. דעם גאַנצן וועג האָט ער גערעדט שטילערהייט, קוים צו הערן אַ וואָרט, ווייל אין אויטאָ זענען מיט־ געפאָרן אויך צוויי קריסטן, וועלכע, מיט זייער גאַנצער רומענישקייט, האָבן אויך זיי געוואָלט זיך שוין זען אין דער היים, און דערפאַר טאַקע נישט געפאָרן מיט אייגענע פערד און וואָגן, וואָס דויערט אַ גאַנצן טאָג, נאָר מיטן אויטאָ, כדי דער וועג אַהיים זאָל זיין וואָס קירצער. אויך זיי, די קריסטן, האָבן נישט געוואָלט זיין ווייט פון דער היים צו פיל צייט, בפרט אויף אַ וועג, וואָס האָט זיך געצויגן לענגויס דער גרענעץ.

און סראָליקל האָט מיר געשעפּטשעט אין אויער אַריין:

— זאָל שוין קומען וואָס ס׳דאַרף, ווייל די נערוון קענען פּשוט שוין נישט איבערטראָגן. געקומען אַ צייט, אַז אַפילו אין שטעטל ווו דו ביסט געבוירן און דערצויגן געוואָרן, האָסטו שוין אויך מורא אַ נאַכט איבערצו־ נעכטיקן. ס׳איז שוין קיינער נישט קיין באַלעבאָס אַפילו איבערן אייגענעם שאָטן, פאַר וועלכן דו האָסט שוין אויך מורא באַקומען.

ער, סראָליקל, וואָס האָט נישט מורא געהאַט אַפילו פאַר צען גויים, ווען ז ייהאָבן זיך אָנגעשיכורט ביי אים אין קרעטשמע,** ער האָט שוין

---

* איינפאָר־הויז.

** שענק.

איך מורא... ער וואָלט זיך אַרויסגעצויגן קיין יאַס, ווו ס׳איז פּאָרט אַנ־דערש, אָבער קיין איין ייד וויל ביי אים נישט קויפן, נישט די שיינע צעל־ניקערייַ* זיינע און נישט די קרעטשמע, וואָס ער אַליין עפנט זי שוין איך נישט אויף, אויס מורא, אַז ס׳זאָל דער־רוח־ווייסט־ווער נישט אַריינ־קומען, אָנשיכורן זיך און אים אָפּטאָן ס׳שטיקל אַרבעט. כאַפּן אַ שמועס מיט אַ קריסט, אַז ער זאָל ביי אים קויפן די קרעטשמע, האָט ער מורא.

פֿאַרבייפאַרנדיק ס׳דאָרף טריפּעשט, האָט ער מיר אויפמערקזאַם גע־מאַכט, אַז אַפילו אַריבערקוקן אויף „יענער״ זייט, טאָר מען שוין אויך נישט. נאָר ס׳אויג איז דאָך אַ גנב און — . עכאַפּט אַ קוק... די פּויערים פון „יענער״ זייט האָבן געאַרבעט אין פעלד און איבער זיי, אויף אַ הויכן סלופּ, האָט געפלאַטערט אַ רויטע פאָן.

...און צעפלאַטערט האָט זיך אויך דער געדאַנק וועגן אַמאָליקע צייטן, ווען נישט ווייט פון דאַנען איז געווען העליש באַלויכטן דער פּריצישער הויף פון גענעראַל נעגרוצי, דער געוועזענער רעגענט פון מאָלדאַווע און אַן אמתער יידנפריינד. געווען אין שטעטל עטלעכע יידישע משפחות, וועלכע האָבן אים געפירט די געשעפטן און זיך געפילט אין „הויף״ ווי ביי זיך אין דער היים. איז געווען אַ שמחה אין שטעטל, פלעגט גענעראַל נעגרוצי זיצן אויבנאָן. זיינע צוויי טעכטער זענען געווען די ערשטע אַדוואָקאַטינס, וועלכע האָבן אויסגעקעמפט די פרויען־רעכט אין רומעניע. בשעת ר׳איז געוואָרן רעגענט,** האָבן אים די יידן פון שטעטל געמאַכט אַ קבלת פנים, אַז אַפילו ער אַליין האָט עס נישט געקענט פאַרגעסן און געווען שטאָלץ מיט „זיינע״ יידן.

און היינט ?

קיין פלעמל פון אַ לאָמפּ זעט זיך נישט אָן אין אַמאָליקן פּריצישן הויף. קיין סימן פון אַמאָליקער פרייד. די פענצטער — מיט אַראָפּגעלאָזטע לאָדנס. דער גרויסער שיינער גאָרטן — פּוסט און פאַרלאָזן. דער איינציקער פריינד פון דער נאַטור, דער פרוט, נאָר ע ר איז נאָך געבליבן ווי אַ מאָל, לאַכנדיק, — און אַצינד, אפשר וויינענדיק — אַרום פאַרקן פון אַמאָליקן בויאַרישן הויף, וואָס האָט זיך יאָרן געבאָדן אין שפע און אין רום. וויפל

* שפּייז־קראָם.

** וויצע־קעניג.

מאָל איז די יוגנט פון שטעטל אַריבערגעשוווּמען דעם פּרוט ביים שיין פון דער לבנה, און צוריקגעקומען מיט גרויסע באַטעמטע אַרבוזן פון נעגרוציס פעלדער, וועלכע זענען געווען אַ שם־דבר מיט זייער גרויסקייט און זיס־קייט.

און בשעת יידישע שמחות... נישט איין מאָל, אין די הייסע זומער־נעכט, ביי חתונות, אָדער תנאים שרייבן, אַז מ׳האָט געוואָלט אַ קאַלטן טרונק, איז מען „אַריבער״ און געברענגט לאַנגע גראָבע שטיקער אייז פון גענעראַלס אייז־קעלער. מיט אַ שמייכל פּלעגט מען זופן דאָס קאַלטע געטראַנק, צוגע־בנדיק:

— קאַלט ווי אין טיפן רוסלאַנד...

און דאָס אַלץ, גלייך ס׳איז גאָר אַ חלום, וואָס מ׳קען אים נישט, און אפשר וויל מען נישט פאַרגעסן...

מיט אַ מאָל האָט דער אויטאָ זיך אָפּגעשטעלט און אָפּגעשטעלט אויך ס׳חלומען מיינס. צוויי באַוואָפנטע זעלנער זענען אַריין אין אויטאָ, קאָנטראָלירן די רייזנדע. איבערגעקוקט די דאָקומענטן און מענטשן, ביז זיי זענען אַראָפּ און געגעבן אַ סימן אַז מ׳קען שוין פאָרן ווייטער.

— זעסטו, — האָט ווידער געשעפּטשעט סראָליקל, — דאָס צענעמט מיך מער פון אַלץ. יעדע צוויי טריט — קאָנטראָל! ביי יעדן צווייטן טריט הערסטו איין און דאָס זעלבע וואָרט: סטאָפּ! און ס׳בלוט ווערט פאַרגלי־ווערט און ס׳האַרץ הערט אויף צו קלאַפּן, גלייך ווי די שעה איז געקומען און דער זייגער דיינער שטעלט זיך אָפּ...

4 אַ זייגער נאָך מיטאָג זענען מיר אָנגעקומען אין שטעטל. שאַ־שטיל ווי אויף אַ בית־עולם. ס׳האָט אָנגעכאַפּט אַ דראָזש! מיין טייער שטעטעלע, מיט די שטילע, רויִקע, גאָטס־גלויביקע יידן, קוים וואָס ס׳האָט נאָך גע־כאַפּט דעם אָטעם!

די איינוווינער האָבן אַרויסגעקוקט אויפן אויטאָ, ווי אויף משיחן, זאָלן שוין דערלעבן צו הערן עפּעס נייעס פון יאַס. די גאַנצע וועלט האָט געלעבט מיט איין געדאַנק: נ י י ע ס. קיינעם איז שוין גאָרנישט אָנגע־גאַנגען. דער עיקר איז געווען: נייעסן!

אַזוי ווי אין יאַס, די קרוינשטאָט פון מאָלדאַוויע, אַזוי אויך אין קליינינקן שטעטעלע, האָט ייפּ״א געאַרבעט מיט אַ כוח פון טויזנט פערד! כ׳בין גע־בליבן איבעררעשט פון דעם, וואָס מ׳האָט געוווּסט אין דעם פאַרוואָרפענעם

אָפּגעזונדערטן ווינקל. אַ שפּאַן וועג פון דער רוסישער גרענעץ האָב איך דערוווּסט זיך זאַכן, וואָס אַפילו די יי״פּאַ־צענטראַלע אין יאַס איז נישט אין שטאַנד געווען אַזוינס אויסצוטראַכטן. כ׳האָב זיך געפרעגט נאָר איין זאַך: היות די איינוווינער זיצן ס׳רוב צייט אין די שטיבער און אין גאַנצן שטעטל זענען פאַראַן נישט מער ווי איין גאַס און ס׳קבצנישע קליינע געסל, פון וואַנען נעמט זיך צו זיי אַזוי פיל ידיעות און דווקא ביי די עט־לעכע איינוווינער פון די געציילטע שטיבער אין שמאָלן קבצנישן געסל?

מיין נייגעריקייט איז אָבער תיכף פאַרענטפערט געוואָרן.

קריסטן, וועלכע זענען געזעסן ביים ברעג פון פּרוט און — אַ דאַנק דער טאָפּאָגראַפיע פון אָרט — האָבן זיי געהאַט אַלע מעגלעכקייטן „אַריבערצוקוקן״, נישט זייענדיק באַמערקט פון די גרענעץ־היטער. האָט מען געכאַפּט אַ וואָרט מיט אַ שטיקל „קרוב״ פון יענער זייט, איז טאַקע תיכף אַריינגעקומען דאָס איבערגעבן, בסודי־סודות, באַקלאָגנדיק זיך דערביי, אַז לויט אַלע ידיעות, איז ביטער. דער רוס איז אַרויס פון דער נאָרע און ר׳האָט אַפּילו נישט בדעה צו בלייבן שטיין אויף יענער זייט. אויף דעם סמך האָט מען שוין אָנגעהויבן צו דערציילן גאַנצע מעשיות, גלייך ווי דאָס וואָלט באמת אַזוי געווען.

ווי נאָר כ׳בין אַריין צו טאַטע־מאַמע אין שטוב, האָב איך באַמערקט, אַז אין מיטן העלן טאָג הייבט מען אָן אַראָפּצולאָזן די פאָרהאַנגען, פאַר־מאַכן די לאָדנס און מ׳שליסט זיך אָפּ אין די שטיבער. מ׳האָט זיך, ווי גע־היט, אַ וואָרט צו רעדן מיטן צווייטן. מ׳האָט אָנגעצינדן אַ קליין לעמפּעלע און אַפילו אין דער פאַרשלאָסענער און פאַרהאָנגענער שטוב האָט מען גע־רעדט שטילערהייט, גלייך אַ פרעמדער, מסוכענער, דרייט זיך אַרום און הערט זיך צו. אויף מיין פראַגע: פאַרוואָס רעדט מען נישט אַ ביסל העכער, האָט מען מיר געענטפערט:

— האָסט אַפּנים פאַרגעסן אַז דו געפינסט זיך אויף דער גרענעץ.

דעמאָלט ערשט האָב איך באַגריפן די שטימונג וואָס הערשט דאָ, אַקעגן דער שטימונג אין דער גרויסער שטאָט יאַס, ווו יידן האָבן נישט וויניקער געליטן. דער פאַקט אַליין, אַז מיר, אין יאַס, געפינען זיך 17 ק״מ ווייט פון דער גרענעץ, איז שוין גאַנץ גענוג מ׳זאָל קאַמופלירן די פענצטער. אָבער אין די שטיבער האָט געברענט ס׳עלעקטרישע ליכט און אין די פאַבריקן האָט מען געאַרבעט ביי טאָג און ביי נאַכט.

כאָטש כ׳בין געווען צווישן אייגענע, ביי טאַטע־מאַמע אין דער היים, האָב איך אַ גאַנצע נאַכט נישט געקענט קיין אויג פאַרמאַכן. ווען ס׳האָט אָנ־געהויבן טאָגן און ס׳האָט זיך שוין יאָ געוואָלט כאַפּן אַ דרימל, האָבן זיך דערהערט עטלעכע לייטישע קנאַלן. אַלע זענען אויפגעציטערט געוואָרן, נאָר געבליבן אין די בעטן, ציטערנדיק פון איבעראַשונג. יעדער האָט געגלייבט, אַז די רוסן זענען אַריבער דעם פּרוט און ס׳שטעטל איז שוין ״זייערס״. ס׳האָט קיינער נישט געוואַגט אַ וואָרט אַרויסצוזאָגן.

אַרום 7 אַ זייגער אין דער פרי, האָבן יידן אָנגעהויבן רוקן זיך צו די טירן, און דורך אַ שפּעלטל פון אַן עטוואָס צעעפנטן לאָדן, אָדער טיר, האָט מ׳ען בגניבה געכאַפּט אַ קוק אין דרויסן אַרויס. נישט זעענדיק דערווייל קיין איין רוסישן סאָלדאַט אין גאַס, האָט מען אָנגעהויבן צו דרינגען, וואָס אַזוינס זאָלן געווען זיין די קנאַלן... און טאַקע תיכף אַרויסגעזאָגט מיינונגען:

— וואָלט טאַקע דער רוס בדעה געהאַט אַריבער צו גיין דעם פּרוט, בשעת ס׳האָט זיך געהערט ס׳קנאַלעריי, וואָלט ער שוין איצטער באַדאַרפט זיין העט־ווייט, כמעט ביים פּאַשקאַנער רבין אין הויף.. וואָלט ער געהאַט ,,עטלעכע״ עראָפּלאַנען, וואָלט ער שוין פון לאַנג געווען אין בוקאַרעשט. זאָל ער עס אָבער געווען אָפּטאָן, מעשה פּאָני און עס נעמען אַרום־און־אַרום, וואָלט ער אויך באַדאַרפט אַריינשיקן אין שטעטל אַריין כאָטש עטלעכע סאָלדאַטן, ווייל די נאָענטסטע באַן־סטאַנציע שאָלדאַנאַ איז דאָך עפּעס אַ חשובער שליסל־וועג... דאָ שטעקט עפּעס אַנדערש, נאָר גיי זיי אַ מבין אויף פּאָניעס מחשבות.

דערווייל האָבן אויך אַנדערע שכנים געעפנט האַלבע לאָדנס און אַזוי ווי די יידן זענען געשטאַנען אויף די שוועלן און געזוכט תירוצים, איז פאַר־בייגעגאַנגען די גרענעץ־וואַך, וואָס האָט געהיט די בריק נעבן פּרוט: זעקס סאָלדאַטן מיט רוקזעק אויף די פּלייצעס, נישט אומצוקוקן זיך אויף די יידן, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט דורך די האַלב־צעעפנטע לאָדנס.

ערשט דאָ האָבן יידן אויף ס׳ניי אָנגעהויבן צו גלייבן, אַז די רוסן זענען באמת ,,אַריבער״. אויב די גרענעץ־וואַך איז אַוועק, הייסט עס, אַז דער וועג איז פריי און —

מ׳האָט ווידער אָנגעהויבן צו וואַרטן.

נישט עפענענדיק די לאָדנס, ווייל ס׳שאַדט נישט, האָבן יידן גע־טראַכט, אַז אויך אויף דער רוסישער אַרמיי זאָל מען ס׳ערשטע כאַפּן אַ

קוק נאָר דורך אַ שפּעלטל, און נאָר נאָך דעם, וואָס די „גאַנצע" רוסישע אַרמיי וועט פאַרבייגיין, זאָל מען אַ ביסל אַרויס אויף דער ליכטיקער שיין. קיינער האָט דאָך נישט געוווּסט, ווי די לאַגע איז. נאָך גוט, האָבן יידן גע־קלערט, וואָס ס'איז אין דער פרי. ס'איז ליכטיק און מ'קען נאָך דערקענען ס'פּנים פון אַ מענטשן, ווייל ביי נאַכט האָט אַלץ אויסגעזען שוואַרץ, וואָס שוואַרץ הייסט.

ווייזט אויס, אַז די צייט האָט נישט געוואַרט אויף די רוסן און, ווי תמיד, געגאַנגען ווייטער. באַלעבאָסטעס האָבן דערווייל צוגעשטעלט קאַווע. ווייל אין מויל אַריין דאַרף מען אויך עפּעס נעמען. ביז אַ זייגער צען אין דער פרי האָט מען נאָך גאָרנישט געוווּסט. דער רוס האָט זיך נישט באַוויזן. אָבער מיט וואָס צוריקפאָרן קיין יאַס, האָב איך אויך נישט געהאַט. די קנאַלערייען וואָס האָבן אונדז אויפגעוועקט פאַרטאָג, האָבן דערווייל נאָך גאָרנישט געזאָגט און ס'איז געווען נישט רויט און נישט דרייפאַרביק.*

ערשט אַרום מיטאָג־צייט האָט מען זיך דערוווּסט פון אַ פויער וואָס איז געקומען אין שטעטל אַריין, אַז אומבאַקאַנטע האָבן געוואָרפן אין דער לופטן צוויי קליינע בריקלעך איבער רינשטאָקעס, העט־ווייט, אויפן וועג קיין יאַס. אַזוי ווי די גרענעץ־היטער האָבן געהאַט אַ באַפעל, ווי נאָר ס'וועט זיך זיי אויסווייזן עפּעס „אויפפאַלנד" אויף „יענער" זייט, זאָלן זיי תיכף אָפּטראָגן זיך. כפי זיי זענען טאַקע געווען ביים ברעג פון פּרוט, און ס'האָבן זיך דערהערט אָפּקלאַנגען פון קנאַלן, ווער ווייסט פון וואַנען, האָבן זיי תיכף אויסגעפירט דעם באַפעל און אויסגעווען די צייט...

אין שטעטל זענען געווען אויך עטלעכע מענטשן, וואָס האָבן פּונקט ווי איך, באַדאַרפט צוריקפאָרן קיין יאַס. האָט מען אָנגעהויבן זוכן „וועגן" ווי אַזוי צו פאָרן, ווייל די געוויינלעכע רוטע ביוואָלאַר־יאַס, מיטן הער יאָ־זעפס אויטאָ, האָט זיך נישט געקענט לאָזן אין וועג אַריין, ביז מ'וועט נישט פאַרריכטן די אויפגעריסענע בריקלעך. און דאָס איז אַ לאַנגע מעשה; ביז מ'וועט נישט אויספאָרשן ווי אַזוי דאָס איז געשען, וועט מען זיך נישט קענען רירן פון אָרט. האָבן מיר זיך אָפּגערעדט צו דינגען אַ פערד־און־וועג־

* די רומענישע פאָן האָט דריי פאַרבן.

געלע ביי אַ פויער, און צווי אַ זייגער נאָך מיטאָג, זענען מיר אַרויסגעפאָרן קיין יאַס. אין מיטן וועג האָבן מיר באַגעגנט די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע, וועלכע איז אַרויסגעפאָרן אויספאָרשן דעם פאַל פון די אויפגע־ריסענע בריקלעך.

זיי האָבן אונדז דערזען און תיכף אָנגעהויבן אויספרעגן וואָס עפּעס זוכן מיר אין ערטער, וואָס זענען דערקלערט געוואָרן ווי מלחמה־שטחים. אָן ספּעציעלע דערלויבענישן מצד די מיליטערישע אָרגאַנען טאָרן מיר בכלל זיך נישט געפינען אין די ערטער, בפרט פאָרן.

זעענדיק לויט די ביולעטינען,* אַז מיר וווינען אין יאַס, האָבן זיי גע־פּרוּווט, בעיקר מיך, שטעלן אין זייער אַ נישט־אָנגענעמער לאַגע. ווען כ׳האָב זיי אָבער געענטפערט, אַז איך אַרבעט אין אַ פאַבריק וואָס איז רעקווירירט פון דער מאַכט, האָבן זיי דאָס פאַרצייכנט און אונדז געלאָזט פאָרן ווייטער.

די גאַנצע „אויספאָרשונג" האָט געדויערט געציילטע מינוטן. זיי האָבן געלאָזט זיך צו זייערע אויטאָמאָבילן, נישט פאַרגעסנדיק אונדז אויפמערק־זאַם צו מאַכן, אַז מיר זאָלן זיך צואיילן, ווייל ווי נאָר ס׳פאַלט צו די נאַכט, האָבן די פּאַטרולן אַ באַפעל צו אַרעסטירן יעדן איינעם, וואָס געפינט זיך אין וועג.

זעענדיק אַז זיי זענען מער אָדער ווייניקער, גוטוויליק, האָב איך גע־וואַגט זיי צו בעטן, אונדז דערלויבן מיטצופאָרן מיט זיי, אין זייערע מאַ־שינען, זייענדיק גרייט צו באַצאָלן וויפל דאָס וועט קאָסטן. דער ענטפער איז געווען שאַרף, קורץ און קאַלט:

— איר זענט יידן און מיר קענען אייך נישט מיטנעמען...

האָבן מיר פאָרגעזעצט די נסיעה, אַ מאָל אין וואָגן, אַ מאָל צו פוס און פון צייט צו צייט, זענען מיר פאַרהאַלטן און אויסגעפאָרשט געוואָרן, וואָס מיר זוכן אין דער מלחמה־זאָנע. אַלץ וואָס מיר האָבן געהאַט ביי זיך, געלט, זייגערלעך, רינגלעך, איז געבליבן אין די הענט פון אונדזערע „פאָרשער", ביז מיר זענען אָנגעקומען צו דער יאַסער פּעריפעריע, קאָפּאָו, און מיט די לעצטע כוחות געלאָפן, כ׳זאָל נאָך פאַרכאַפּן דעם לעצטן טראַמוויי. דאָ ערשט האָב איך דערזען, אַז אַפילו קליינגעלט צו קויפן אַ בילעט אין טראַמוויי, האָב איך שוין נישט, ביז איך צוריקגעלאָפן צום פויער וואָס האָט מיך

---

* אידענטיטעט־קאַרטע.

געברענגט קיין יאַס, אים דערלאַנגט מיין טייערן זשאַקעט, בעטנדיק ביי אים, ער זאָל מיר דערפאַר געבן נאָר וויפל ס׳דאַרף קאָסטן אַ בילעט אין טראַמוויי. דער פויער, וועלכער האָט גאַנץ גוט געוווּסט דעם פּרייז פון די בילעטן אין יאַסער טראַמווייען, האָט דעם טייערן זשאַקעט מיינעם גענומען און מיר אָפּגעציילט אין דער האַנט אַריין טאַקע נישט מער וויפל ס׳קאָסט אַ טראַמוויי־בילעט.

זייענדיק אין יידישקע אין טראַמוויי, כאָטש ער איז געווען איבערפולט מיט אַרבעטער, וועלכע זענען אַהיימגעפאָרן, האָב איך געגלייבט, אַז מ׳וועט מיך נישט באַמערקן. נאָר ווער? וואָס? דער וואַטמאַן* האָט געהאַלטן אין איין זידלען:

— וואָס זוכט זי דאָ, נאָך 10 אַ זייגער ביי נאַכט, ווען זשידאַנעס טאָרן אויסער זייערע שטיבער נישט געפינען זיך? ווו איז די מאַכט? געזעץ איז געזעץ!

אַלע האָבן אויסגעדרייט די פּנימער, ממש מיך איינצושלינגען, אָדער, לכל הפּחות פון טראַמוויי מיך אַרויסוואַרפן.

כ׳וויס אַליין נישט ווען און ווי אַזוי כ׳בין אַרויס פון טראַמוויי. מיט אַ דערשלאָגן געמיט בין איך אַרויפגעגאַנגען אויף די טרעפּ צו מיין צימער.

אַלע זענען שוין געשלאָפן. אָבער ווען מ׳האָט דערהערט מיין קלאַפּן אין טיר, זענען זיי געווען זיכער אַז פּאָליציי איז דאָ און אַריינגעכאַפּט יענע שרעק. ווען זיי האָבן אָנגעהויבן גלייבן, אַז דאָס בין איך, האָט מען אָנגע־הויבן אויסצופרעגן, אויב כ׳האָב אין וועג נישט געזען די רוסישע אַרמיי. וואָס האָבן זיי בדעה צו טאָן? ווייל ייפ״א האָט געמאָלדן, אַז דער רוס שטייט נישט.

ווען כ׳האָב זיי איבערגעגעבן אַלץ וואָס כ׳האָב געהערט און געזען אין מיין 24־שעהעדיקער רייזע, זענען זיי גאָרנישט צופרידן געווען. פון מיר האָבן זיי דערוואַרט צו הערן עפּעס בעסערס. וואָס הייסט? גאַנץ יאַס איז אויף די פיס. ייפ״אַ האָט דאָך געמאָלדן אַז מ׳האַלט אין איין קאָנצענטרירן מענטשן, וועלכע זענען שוין אַפילו אַוועק צו דער גרענעץ... יידן האָט מען דערווייל נישט גענומען, אָבער מ׳שמועסט, אַז זיי וועלן אויך דינען, נאָר נישט אין דער אַרמיי...

* טראַמוויי־פירער.

כ׳האָב מיך געלייגט שלאָפֿן און די גאַנצע נאַכט האָט זיך מיר געהאַלטן אין איין חלומען, אַז איך בין אין וועג... פּאַטרולן... סטאָפּ! האַלט! וואָס זוכט איר דאָ?... געלט, פֿינגערלעך, זשאַקעט... טראַמווייִ. גאַנץ פֿרי, אויפֿכאַפּנדיק מיך, בין איך געווען ווי אין אַ שוויץ־באָד... אָנטאָן זיך האָב איך אויך קיין כוח נישט געהאַט.

מיט אַ מאָל — אַן אַליאַרם! מען מוז אַראָפּלויפֿן אין קעלער אַריין, האָב איך מיט אַ מאָל באַקומען כוח און געלאָפֿן גלייך מיט אַלע.

קומענדיק צו דער אַרבעט אין פֿאַבריק, האָבן זיי נישט געוואָלט גלייבן די אייגענע אויגן זייערע, אַז דאָס בין א י ך, אין דער אמתן, א י ך, אַ גאַנצע צוריקגעקומען קיין יאַס, ווייל זיי זענען געווען זיכער, אַז כ׳וועל שוין איבערבלייבן דאָרט אַ טאָג, צוויי. מער וועט דאָך נישט דויערן, ביז ע ר וועט אַריינקומען. נאָך האָבן זיי מיר דערציילט, אַז די פֿאַבריק איז רעקווירירט געוואָרן און אַלע אַרבעטער, אָן אויסנאַם, זענען מאָביליזירט אויף זייערע אַרבעטס־פּלעצער, נישט טאָרנדיק פֿאַרלאָזן דעם פּלאַץ אָן אַ דערלויבעניש פֿון דער מאַכט.

די אַליאַרם־פּרוּוון האָבן זיך געצויגן טאָג און נאַכט, גלייך ווי דאָס וואָלט געווען אַ מין מאַנעוור, אויסצולערנען דעם מענטשן, ווי אַזוי נ י ש ט צו רוען.

זינט מ׳האָט רעקווירירט די פֿאַבריק, האָבן זיך אָנגעהויבן קאָנטראָלעס און קיין איין קאָמיסיע איז נישט אַוועק נישט צו פֿאַרקוקן זיך אויף אַ שיינעם שפּיגל, גלעפֿינענדיק די פּאַסיקע ווערטער און שבחים פֿאַר דער פֿיינער אַרבעט, וואָס „אונדזער" פֿאַבריק איז מסוגל צו מאַכן... זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אַז באַלד איז דער שפּיגל געווען איינגעפּאַקט און קיין סך האָט מען זיי נישט באַדאַרפֿט בעטן צו נעמען די מתנה, נאָר דער אופֿן פֿון נעמען און דער שטייפֿער שמייכל זייערער, איז געווען אַזוי, גלייך ס׳איז גאָר קיין מתנה נישט, נאָר ס׳קומט זיי לויטן געזעץ...

אַזוי האָבן זיך אַלע מאָל געיאָוועט נייע קאָמיסיעס, נייע קאָנטראָלן. דעם צוועק האָבן מיר נישט געוווּסט; מיר זענען נישט מער ווי אַ שפּיגל־פֿאַבריק, עסנוואַרג האָבן מיר נישט, שטאָפֿן פֿאַבריצירן מיר נישט און בשום אופֿן האָבן מיר נישט געקענט פֿאַרשטיין דעם טאָלק פֿון די שטרענגע קאָנטראָלן. קריסטלעכע אַרבעטער זענען געווען אויגן און אויערן בעת אַזאַ „באַזוך" און געהאַלטן אין איין סודען זיך. די יידן אָבער, אַפֿילו די

פאַבריק־אייגנטימער, די ברידער קאָפּאָלאָוויטש, האָבן באַדאַרפט נאָר ענט־פערן, אויב מ׳האָט זיי געפרעגט, אָבער אַז זיי זאָלן עפּעס פרעגן ביי די קאָנטראָלערן, איז נישט געווען אַפילו וואָס צו שמועסן, ווייל זיי זענען דאָך געווען ייד ן.

אַלץ איז געווען פאַרנעפּלט, סודותדיק, פול מיט פּחד. און דאָך האָט מען געמיינט, אַז עפּעס הייבט אָן איינצושטילן זיך, צו נאָרמאַליזירן. אַזוי האָט מען געמיינט, אָבער אין דער אמתן, האָט מען פּשוט אָנגעהויבן צוגעווינען זיך צו די צרות, וועלכע, איין מאָל אַריינגעכאַפּט זיך אין יידישע שטיבער, און איבערנעכטיקנדיק מיט פאַרצרהטע יידן, איז שוין דעם צווייטן טאָג גרינגער געווען די צרות איבערצוטראָגן. מ׳האָט זיך שוין צו־געוויינט צו זיי און יעדער איינער האָט געבעטן ביי גאָט, ס׳זאָל נאָר ערגער נישט זיין.

## קאַפּיטל פינף

# דער אָנהייב פונעם סוף

דער וועג פון ביוואָלאַר קיין יאַס, ווי אויך די שטענדיקע זאָרג פאַר מיינע עלטערן, האָט משפּיע געווען אויף מיין געזונט. געאַרבעט האָב איך שווער און די געשפּאַנטקייט האָט דערפירט, אַז כ׳האָב באַקומען אַ לונגען־אָנצינדונג. די אַרבעט האָט נישט דערלויבט מיר צו רוען ווי עס געהערט צו זיין, און דאָס האָט געווירקט אויף מיין גאַנצן געזונט־צושטאַנד.

דערוויסנדיק זיך וועגן דעם, איז דעם 15טן מאַי 1941, געקומען צו מיר מיין שוועסטערל ראָזאַ, נישט קוקנדיק אויף דער געפאַר פון לאָזן זיך אין וועג אַריין אין אַזעלכע שווערע טעג. נאָר יענע וואָס האָבן נישט געוווּסט, אַז זי קומט פון אַ שטעטל וואָס געפינט זיך נעבן דער גרענעץ, האָבן זי נישט משוגע געמאַכט מיט זייערע פראַגן.

— וואָס הייסט? איר ווינט דאָך אויפן באַרג און בעסאַראַביע איז אונטן, אין טאָל... איז טאַקע אַזוי שווער אַ קוק צו טאָן און זען וואָס ס׳טוט זיך דאָרט?... ווי גוט וואָלט געווען איר זאָלט האָבן ביי אייך אַ בינאָקל, איר וואָלט אַלץ געזען פאַרגרעסערט...

מיט אַ מאָל זענען מיר, די געבוירענע און אויפגעוואַקסענע אין ביוואָ־לאַר, געוואָר געוואָרן, אַז אונדזער שטעטעלע שטייט גאָר אויף אַ באַרג און אַז גאַנץ רוסלאַנד ליגט אין טאָל... מ׳האָט גערעדט, אַבי ס׳זאָל הייסן אַז מ׳זאָגט עפּעס... ווען מיין שוועסטערל האָט זיי געענטפערט, אַז זי ווייסט גאָרנישט פון דעם אַלעם וואָס מ׳דערציילט אין יאַס וועגן ביוואָלאַר, איז זי שוין גאָר אַראָפּגעפאַלן ביי זיי אין די אויגן. געווען בעלנים וואָס האָבן זיך געשוווירן, אַז ווען זיי וואָלטן געזעסן אין ביוואָלאַר, וואָלטן זיי שוין פון לאַנג געווען „אַהין און צוריק״, ווייל אויף וויפל דער פּרוט זאָל נישט לאַנג זיין, קען מען נאָך געפינען אַ גענגעלע, אַז די סאָנטינעלן זאָלן פון זייער געזונט נישט וויסן, און טאָמער יאָ, איז דאָס נישט מער ווי אַ וואָלעך, מיט וועמען מען קען זיך פאַרשטענדיקן.

אַזוי ווי אין אַ סך גרינע, מיט ביימער באַוואַקסענע געסלעך, האָבן ייִדן זיך שוין נישט געטאָרט באַווייזן. פלעג איך נאָך די אַרבעט־שעהען דרייען זיך מיט מיין שוועסטער, ווו ס׳האָט זיך געלאָזט, אַבי הנאה צו האָבן פון אַ ביסל פרישער לופט.

שפּאַצירנדיק אַזוי, באַגעגנט אונדז אין איינעם אַ טאָג, איינע פון אונדזערע שטאָטישע און נאָכן „גוטן טאָג״ פרעגט זי אונדז פון וואַנען מיר קומען: פון דער פּרעפעקטור ציִ פון דער קהילה.

פאַרוואונדערטע זענען מיר שטיל געבליבן, נישט ווייסנדיק וואָס איר צו ענטפערן, פילנדיק אָבער, אַז עפּעס איז געשען. זעענדיק אונדזערע פלוצעם בלאַס־געוואָרענע פּנימער, האָט זי זיך געמערקט, אַז מיר ווייסן פון גאָרנישט, אונדז אָנגענומען ביי די הענט און מיט אַ באַרויִקנדיקן טאָן דערציילט:

— אין ביוואָלאַר האָט מען אַרעסטירט ייִדן, אינאיינעם מיטן רב. צווישן זיי געפינט זיך אונדזער ברודער אברהם. איצט געפינען זיי זיך אין זשאַנדאַרן־פּאָסט אין קאַפּאָו.

ווי פאַרגליווערטע זענען מיר ביידע געבליבן שטיין. נאָך עטלעכע פראַגן האָט זי אונדז אַלץ קלאָר געמאַכט:

ביי נאַכט זענען געקומען זשאַנדאַרן מיט אַ שוואַרצער ליסטע צו אַ צאָל ייִדן פון שטעטל און זיי אַרעסטירט. בשום אופן האָט מען זיי נישט גע־קענט אַרויסנעמען פון זייערע הענט, נישט מיט געלט, נישט מיט שתדלנותן. אינעם באַפעל האָט זיך געזאָגט, אַז זיי זענען געפערלעך פאַר דער מלוכה־אָרדענונג, און ביז ווייטער באַפעלן וועלן זיי געשיקט ווערן אין לאַגער.

נאָך האָט זיך געזאָגט אין באַפעל, אַז זיי דאַרפן געפירט ווערן צו פוס, פון פּאָסטן צו פּאָסטן. אַ דאַנק אַ גרויסער „קלינגענדיקער״ אינטערווענץ, האָט מען זיי דערלויבט צו דינגען פערד־און־וואָגן, און באַגלייט פון באַ־וואָפנטע זשאַנדאַרן האָט מען זיי געבראַכט קיין קאַפּאָו, ווו זיי געפינען זיך פון גאַנץ פרי. אַלע באַמיִונגען מצד דער יאַסער קהילה צו באַפרייען זיי האָבן נישט געגעבן קיין שום רעזולטאַט. מעגלעך, אַז מ׳זאָל זיי נאָך היינט אַוועקשיקן, נאָר מ׳ווייסט נישט גענוי וואוהין.

מיר ביידע זענען תיכף אַוועק קיין קאַפּאָו, אָבער מ׳האָט אונדז נישט דערלויבט צוגיין אַפילו צום פּלויט. ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט און מיר האָבן זיי געזען אַרויסגיין דורך דעם ברייט־צעעפנטן טויער, צווישן צוויי

רייען סאַנטינעלן און אָפּגעפירט זיי אין דער פּרעפעקטור, ווו מ׳האָט ביי זיי גענומען די פינגער־אָפּדרוקן און זיי ווידער צוריקגעשיקט קיין קאַפּאָ. אין דער קהילה האָט מען געטענהט, אַז דאָס איז ליידער נישט דער איינציקער פאַל, ווייל אין יענער נאַכט האָט מען אַדורכגעפירט אַרעסטן אין אַ סך יידי־שע שטעטלעך צווישן יידן, וועלכע זענען „אויפפאַלנד״, און אַלס אַזעלכע וועלן זיי אַוועקגעפירט ווערן אין פאַרשידענע ערטער פון לאַנד. דאָס איז אַלץ וואָס מ׳האָט אונדז געענטפערט. דערווייל קען מען גאָרנישט וויסן וואָס ווייטער וועט זיין.

כ׳בין תיכף צוריקגעלאָפן קיין קאַפּאָ מיט דער האָפענונג, אַז ס׳וועט מיר געלינגען צו כאַפּן אַ וואָרט, אויב נישט מיט מיין ברודער, איז כאָטש מיט איינעם פון מיינע שטעטלדיקע אַרעסטירטע. נאָר אומזיסט! כ׳האָב נישט געקענט זען אַפילו איינעם פון זיי. די סאַנטינעלן האָבן אונדז באַמערקט און אָנגעהויבן פאַרטרייבן אונדז מיט די ביקסן־קאָלבעס, דראָ־ענדיק, אַז אויב מ׳וועט אונדז נאָך זען דאָרט, וועט מען אונדז אויך „פאַר־שפּאַרן״. ווי נאָר די סאַנטינעלן האָבן זיך צוריקגעקערט אויף זייערע פּלע־צער, זענען מיר ווידער צוריקגעקומען, אויסבאַהאַלטנדיק זיך אונטער קוסטעס, פון וואַנען מיר האָבן נאָכשפּיאָנירט אַלץ, וואָס ס׳טוט זיך אָפּ אויף יענער זייט פּלויט, ווו ס׳האָבן זיך געפונען די אַרעסטירטע יידן.

מיט אַ מאָל האָבן זיך דערהערט באַפעלן. זשאַנדאַרן האָבן זיך אויס־געשטעלט אין צוויי רייען, די טויערן האָבן זיך צעעפנט און צו מיינע אויערן האָט זיך דערטראָגן אַ קול:

— צו דער גאַרע! *

אויפן וועג צו דער גאַרע, האָט מען די 15 יידן געפירט ווי די ערגסטע פאַרברעכער, כדי די אַנטיסעמיטן זאָלן הנאה האָבן פון דעם ספּעק־טאַקל. דעם רב האָט מען געהייסן גיין אין שפּיץ, נאָך אים דעם ראש הקהל פונעם שטעטל און דערנאָך — די איבעריקע אַרעסטירטע.

געמיינט האָב איך, אַז נאָר איך מיט מיין שוועסטערל האָבן „אָפּגע־נאַרט״ די זשאַנדאַרן. ווייזט זיך אָבער אַרויס, אַז פון הינטער דיביימער, פון פאַרשאָטנטע טונקעלע ליקן, זענען אויסגעוואַקסן מאַמעס, פרויען און מיט אַ מאָל האָט זיך געשאַפן אַ גאַנצע מחנה יידישע פרויען, וואָס זענען

---

* באַנהויף.

נאָכגעגאַנגען, טריט ביי טריט, אויף די טראָטואַרן, זעענדיק די אַרעס־טירטע, אָבער נישט קענענדיק רעדן מיט זיי אַ וואָרט.

די אומגליקלעכע האָבן צו אונדז געשמייכלט פון צווישן די שפּיזן, און געשלעפּט האָבן זיי זיך, ווי נישט אויף די אייגענע פיס. די כוליגאַנעס האָבן זיי געפירט דורך די הויפּט־גאַסן, מאַכנדיק דעם איינדרוק, אַז זיי טוען דאָס בכוונה, כדי יעדער איינער זאָל זיי זען. יידן זאָלן וויסן וואָס עס דערוואַרט זיי און די קריסטן זאָלן זען, אַז ס׳האָט זיך שוין אָנגעהויבן...

קומענדיק נאָענט צו דער גאַרע, האָט זיך יעדער איינער פון אונדז דורכגעשמוגלט ווי עס איז אויפן פּעראָן, אפשר וועלן מיר דאָך געוואָר ווערן וווּהין מ׳שיקט זיי אַוועק. די סאָנטינעלן האָבן דאָס באַמערקט און אָנגעוויזן אונדז ווו מיר מעגן שטיין און זען, נאָר פון דער ווייטנס.

נאָך דעם ווי מ׳האָט זיי אַריינגעשטופּט אין די וואַגאָנען, האָט מען אונדז דערלויבט מיטגעבן זיי עפּעס אין וועג אַריין, אָבער נישט רעדן מיט זיי. די טייוולאָנים האָבן נאָך חוזק געמאַכט פון אונדז. וואָס האָבן מיר דען געהאַט זיי מיטצוגעבן? האָט דען עמעצער געהאַט מיט זיך עפּעס וואָרג? ערשט דאַן האָט מען באַמערקט, אַז מ׳האָט זיי דאָרט געהאַלטן און קיין עסן נישט געגעבן. ווער ס׳האָט געהאַט ביי זיך אַ ביסל געלט, האָט עס אַריינגעוואָרפן דורך די פענצטער פון וואַגאָן. די וועלכע האָבן ביי זיך קיין פּרוטה נישט געהאַט, האָבן נאָך באַדאַרפט צוקוקן ווי זייערע טייערע פּאָרן אַוועק הונגעריקע און אָן אַ גראָשן געלט ביי דער נשמה.

וווּהין מען האָט זיי אַוועקגעפירט האָט קיינער נישט געוווּסט. ס׳איז געווען אַזוי שטרענג, אַז ביז מ׳האָט אונדז נישט געזען דערווייטערט פון דאָרט, האָט מען אַפילו דאָס נסיעה־צעטל נישט אויסגעשטעלט. מיר זענען אַהיימגעגאַנגען, באַוואַשנדיק די טראָטואַרן מיט אונדזערע טרערן. טאָג־טעגלעך האָבן מיר אויסגעוואַרט צו באַקומען אַ ידיעה פון זיי. דאָס קהילה־הויז איז געוואָרן דאָס אָרט, ווו מ׳האָט אויסגעגאָסן ס׳ביטערע האַרץ, נאָר העלפן האָט די קהילה נישט געקענט. איר אַליין איז נישט געווען באַקאַנט דער גורל פון די פאַרשיקטע. די יידישע צרות זענען געוואַקסן אָן רעגן, ווייל איבער די פעלדער פון רומעניע האָט געהערשט אַ טריקעניש.

איך האָב שוין געהאַט צוויי פּאָסטנס: אין דער פאַבריק, ווו כ׳האָב געצויגן ס׳שטיקל ברויט און אין דער קהילה, ווו ס׳האָט מיך געטריבן די נויט, וואַרטנדיק, אפשר וועט זיך פּאָרט באַווייזן עמעצער מיט אַ בשורה,

אַז מ׳וויסט כאָטש ווי עס געפינען זיך אונדזערע טייערע, וואָס מ׳האָט אַזוי אַכזריותדיק אָוועקגעריסן פון די היימען.

ערשט נאָך צוויי וואָכן איז מען געוואָר געוואָרן, אַז זיי געפינען זיך אין גאַיעשטי (פיטעשטער געגנט) און אַרבעטן ביים אויסלאָדענען און אָנלאָדע־דענען שווער מאַשין־געווער, אונטער דער אויפזיכט פון דייטשן.

דער דאָרטיקער ראש־הקהל, הער בערקאָוויטש, אַ ייד מיט נשמה און מיט חן אין די אויגן פון די דאָרטיקע פריצים, האָט אויסגעפועלט, אַז די „אויפפּאַלנדע״ זאָלן באַהאַנדלט ווערן מענטשלעך. אַלע, אויסערן רב, האָבן טאַקע געאַרבעט ביי די וואַגאָנען, אָבער די באַציִונג צו זיי איז געווען צו דערליידן.

אין אַלגעמיין זענען די פיטעשטער יידן געווען אַסימילירט, אָבער דערזעענדיק אַ רב, האָט זיך אין זיי אויפגעוועקט דאָס פּינטעלע ייד און דעם ראש הקהל איז איינגעפאַלן, אַז די פיטעשטער יידן, וואָס עסן אַ גאַנץ יאָר טריפה פלייש זאָלן אויסנוצן די געלעגנהייט וואָס דער רב איז אויך אַ שוחט און דערפאַר זאָל מען אים באַצאָלן אַ חודשלעכן געהאַלט פון 1500 ליי, וואָס זאָל איבערגעשיקט ווערן דער פרוי מיט זיינע פינף קינדער־לעך, זיי זאָלן האָבן מיט וואָס צו דערהאַלטן זיך.

אַ דאַנק דעם ראש־הקהל, הער בערקאָוויטש, איז געלונגען, אַז דער ערשטער טראַנספּאָרט פון די ביוואָלאַרער יידן, וועלכע זענען פאַרשיקט געוואָרן אַלס „געפערלעכע פאַר דער מלוכה־אָרדענונג״, זאָל עס דורכמאַכן אַ ביסל מענטשלעכער ווי אין אַנדערע ערטער. באַקומענדיק ידיעות, רע־לאַטיוו גוטע, האָבן מיר געהאָפט, אַז דערמיט וועט זיך שוין ענדיקן די פרשה פאַרשיקענישן פון אונדזער שטעטל, וואָס איז דערווייל באַזעצט געוואָרן פון דער רומענישער אַרמיי, צו היטן די גרענעץ.

יפ״א איז נישט פויל און צווישן אַנדערע האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז דער באַקאַנטער אַנטיסעמיט ר אַ ד ו ל ע ק אַ לאָזט זיך הערן מיט די פּראָיעקטן זיינע, וואָס ער וויל דורכפירן. צוזאַמען מיטן נאַציסטישן געזאַנדטן, מאַנפרעד פאָן קילינגער, וועלכער איז געשיקט געוואָרן קיין רומעניע, צו באַטראַכטן די יידן־פראַגע, האָט ער אויסגעאַרבעט אַ ראַסיס־טישן פּלאַן פון אַן אַלגעמיינער פאַרניכטונג. איין פּלאַן האָט אָנגעיאָגט דעם

צווייטן, אָן דעם, אַז פון ערגעץ ווו זאָל זיך הערן עפּעס אַ גוט וואָרט וועגן אונדז, אַ וואָרט, וואָס זאָלן אָפּשטעלן די קרימינעלע פּלענער, גלייך ס׳וואָרט „ייד" איז דורך זיי אויסגעטייטשט געוואָרן ווי „פאַרמשפּט צום טויט" און נישט מער.

די ציוניסטישע באַוועגונג האָט אין אומלעגאַלע באַדינגונגען אויסגע־פירט אירע פליכטן, איינשטעלנדיק נישט איין מאָל דאָס לעבן פון אירע אַקטיוויסטן. דער פּאַלעסטינע־אַמט איז געווען אין פולן ברען, דווקא אין אַ צייט ווען דאָס מלחמה־פייער האָט אָנגעהויבן אונטערצינדן אַלע באַל־קאַנישע לענדער. אין יענע טרויעריקע טעג, ווען רומעניע איז געווען אַרומ־גערינגלט דורך דער דייטשער אַרמיי, האָבן ידן פון רומעניע און פון אַנ־דערע באַלקאַנישע לענדער, נאָך געקענט אַפּפאָרן קיין ארץ־ישראל, אַ דאַנק דער מסירות־נפשדיקער אַרבעט פון דעם בוקאַרעשטער פּאַלעסטינע־אַמט. יונגט־באַוועגונגען האָבן אומלעגאַל געווירקט אין דער יידישער גאַס. נישט קענענדיק זיין די אָנזאָגער פון גוטע בשורות, האָבן זיי אָבער דערמוטיקט די אַלע, וואָס האָבן געדענקט און געהאָפּט אָפּצופאָרן, נישט געקוקט וואָס זיי שטעלן איין דאָס אייגענע לעבן.

מיט סכנות־נפשות האָבן די דאָזיקע שליחים געלאָזט זיך איבער די שטעט און שטעטלעך, געפאָרן פון איין פּלאַץ צום צווייטן, פאַרצובריייטן און וויזן אַ וועג פאַר די אַלע, וואָס דער גורל האָט זיי באַגליקט און ס׳איז זיי געלונגען אַרויסצורייסן זיך פונעם רומענישן גהינום.

אָבער אין אַלגעמיין זענען די יידישע מאַסן געווען אין גרויס עצבות. שטילערהייט געליטן און דערשטיקט אין זיך די געשרייען וואָס האָבן זיך געקענט הערן מיילן וויט. אָבער אַחוץ איין ייד דעם צווייטן, האָט עס קיינער נישט געהערט און קיינעם נישט גערירט. די האָפענונג, אַז נייטראַלע לענדער וועלן אונדז נעמען אונטער זייער שוץ, איז צערונען געוואָרן. יעדער דורכגעלעבטער טאָג איז געווען אַ דור פון פאַרביטערטקייט, פאַר אַלץ וואָס איז געווען ייד.

דער רעקרוטירונגס־צענטער פון גאַנץ מאָלדאַווע, האָט זיך געפונען אין יאַס, אויף אַנאַסטאַסי־פּאַנו 20, אין געוועזענעם לאָקאַל פון דער ערשטער יידישער פּראָפעסיאָנעלער מיידל־שול „סטיאַוואַ" (דער שטערן). דער „אַלמעכטיקער" איז דאָרט געווען קאָלאָנעל זשעאַנאַלו, מיט זיינע צוויי „באַהעלפערס" איינער, דעברעציין, וואָס די רומענער האָבן אים אַ

נאָמען געגעבן „דער פּאַרזשידעוועטער", און דער צווייטער איז געווען קאַטאַי, מיטן צונאָמען „דער טייוול אויף דער ערד". עס זענען געשאַפן געוואָרן אַן אויפהער אַרבעטס־לאַגערן פאַר יידן, און זיי זענען צעשיקט געוואָרן אין ערטער, וואָס מ'איז נישט זיכער געווען, אויב זיי עקזיסטירן בכלל. די יידישע וועלט איז אויפגעציטערט געוואָרן, ווען מ'האָט זיך דערוווּסט וועגן די ליידן פון די פאַרשיקטע. ווּהין צו גיין און בעטן רחמים איז נישט געווען, ווייל אַלע האָבן אונדז געוואָלט זען טויט. גלייך ס'האָט זיך שוין געענדיקט מיט דער מענטשלעכקייט און אויף גאָטס ערד דרייען זיך אַרום בלויז שדים און רוחות.

יעדן טאָג כמעט, האָט מען געקענט זען פאַרשוואַרצע פּנימער און הערצער פולע מיט בענקשאַפט און זאָרג פון יונגע מיידלעך, וועמענס חתנים זענען גערופן געוואָרן צום רעקרוטירן. איין מאָל איינגערופן, האָט מען שוין געוווּסט, אַז גוט וועט נישט זיין. געווען אַזעלכע לאַגערן וואָס בלויז ביים אַרויסרעדן זייער נאָמען האָט אָנגעכאַפּט אַ גרויל. ס'מזל איז אָפּגעהאָנגען אין וועמענס הענט מ'איז אַריינגעפאַלן. ווי און וויסט איז שוין געווען, אַז מ'איז אַריינגעפאַלן אין קאַטאַיס לאַגערן. די אומגליקלעכע יידן פון זיינע לאַגערן זענען גאָר גיך געוואָרן לעבעדיקע קאַדאַוורן און ס'האָט דיך באַהערשט אַ געוויין בלויז ביים אָנקוקן זיי. נאָר עטלעכע „גוט־אויסגעבעטע" זענען נאָך געווען בכוח דאָרט איבערצוטראָגן און האַלטן זיך אויף די פיס.

איינער פון די דאָזיקע געשאַפענע לאַגערן, אָנגערופן אין ציוויליזירטן לשון: „אַרבעטס־אָפּטיילונגען", איז געווען ו ו י ד ע ל ע (געגנט זשיאורזשיו).

אין איינעם פון די פראָסטיקע ווינטער־טעג פון יאָר 1940, האָט מען געמאָלדן, אַז ס'קומט אַ נייער יידישער טראַנספּאָרט פון בוקאַרעשט. דאָס זענען געווען אויסגעפּייניקטע בחורימלעך. און ווי נאָר זיי האָבן דערזען ווי אַזוי די אָרטיקע לאַגערניקעס זעען אויס, זענען זיי בלאַס געוואָרן פון שרעק. איינעם פון זיי איז געלונגען אונטערצוקויפן אַ זעלנער און אַזוי אַרום אומקערן זיך קיין בוקאַרעשט, מודיע זיין דער אונטערערדישער אָנפירונג פון רומענישן יידנטום.

ס'איז נישט צום באַשרייבן וואָס מ'האָט דאָרט געזען. יינגלעך האָבן אויסגעזען ווי אַלטע קראַנקע מענטשן, האָבן געהאַקט שטיינער אין די בערג, כמעט אָן מכשירים. פון די הענט האָט גערונען בלוט און די סאָנטינעלן

זענען געשטאַנען און צוגעקוקט, גלייך ס׳איז געווען גאַנץ נאָרמאַל. די אומ־גליקלעכע האָבן שוין נישט געוווסט ווי אַזוי צו פאַרטיידיקן זיך פאַרן פראָסט און נישט איין מאָל האָבן זיי אַראָפּגעצויגן פון פוס אַ צעריסענעם זאָק, כדי צו פאַרבינדן די פאַרבלוטיקטע האַנט.

מיט פאַנטאַסטישע געלטער איז געלונגען אַ ביסל איינצושטילן דעם „נאַציאָנאַלן" ציל פון דער „אַרבעט לטובת הכלל" אין די שטיינהאַקערייען, ווו ס׳האָבן זיך געפונען טויזנטער צונויפגעטריבענע יידן פון לאַנד.

אַ גרויסע ראָל האָט אויך געשפּילט לאָקאָטענענט דעברעצין, אָדער ווי די רומענער האָבן אים גערופן „דער פאַר־שידעוועטער". אַ סך יידן האָבן געהאַלטן אין איין בעטן ביי גאָט, אַז זיי זאָלן אַריינפאַלן צו דעברעצינען אין די הענט. ס׳זאָגט זיך נאָר אַזוי „אַריינפאַלן". דאָס איז נישט געווען פון די לייכטע זאַכן. קודם־כל האָט מען זיך באַדאַרפט „פּראָווען" ביי אַ פרוי, וואָס אויסער דעם וואָס זי איז געווען זיין פריינדין, איז זי אויך געווען אַ יידיש־קע... און דעברעצין האָט געלקחנט, נישט נאָר געלט, נאָר אויך אַנדערע ווערטפולע מתנות. אָבער געהאָלפן האָט ער! דאַקעגן קאָטאַי, האָט גע־שניטן און געהאָנגען, אַלץ וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען ייד. ווי נאָר מ׳האָט אים דערזען, זענען יידן מיט אַ מאָל שטום געוואָרן.

די קאָנצענטרירונגען צו דער „אַרבעט לטובת הכלל" האָבן זיך געצויגן אָן אויפהער און אין יידישע שטיבער זענען פאַרבליבן נאָר פרויען און קינדער.

צו אַלע צרות איז צוגעקומען נאָך איינע: דאָס אַרויסטרייבן יידן פון די דערפער און פון אַלע קליינע שטעטלעך פון מאָלדאַווע. דאָס גלות האָט זיך געצויגן פון סאַמע אָנהייב. וווהין מ׳האָט די יידן געטריבן — ווייסט מען נישט.

— סאַראַ ביטערע צייטן די נעבעכדיקע יידן האָבן דערלעבט — פלעגן נישט איין מאָל זיך אָפּרופן אַלטע גרייז־גרויע פויערים, ווייל אין דער אמתן האָט שוין קיין איין ייד נישט געוווסט ווו ער געפינט זיך ערגעץ אין דער וועלט.

ס׳איז נישט געווען אויסגעשלאָסן, אַז איבער נאַכט זאָל אַרויס אַ באַ־פעל, לויט וועלכן יידן טאָרן זיך שוין אין ערגעץ נישט געפינען.

יידן פון פאַרשידענע געזעלשאַפטן פאַר ווילטעטיקע צוועקן האָבן אין פוילן הסכם מיט דער קהילה, געשאַפן קאָמיטעטן און אין געהיים געקומען צו הילף די יעניקע, וואָס ערשט נעכטן זענען זיי נאָך געווען בכבודיקע באַלעבאַטים פון שיינע היימען, און היינט לעבן זיי פון דעם, וואָס יידן גיבן זיי.

מ׳האָט געזען ווי גאַנצע משפחות וואַנדערן פון דערפער, פון שטעט־לעך, אָבער די גרעסטע טראַגעדיע איז געווען דאָס טרייבן זיי פון איין גאַס אין דער צווייטער, פון הויז צו הויז. איבער נאַכט פלעגט מען אויספאַרטיקן נייע פאַראָרדענונגען, וואָס האָבן קלאָר און שאַרף געמאָלדן, אַז דאָ טאָרן יידן נישט וווינען, דאָרט טאָרן זיי זיך בכלל נישט באַווייזן. אַנשטאָט געבן זיי אַ שטיקל מקום־מנוחה, דעם קאָפּ אַנידערצולייגן, פלעגן די סאָלדאַטן דראָען מיט אָנגעשפּיצטע באַגנעטן אויף יידן, אַז זיי זאָלן וואָס גיכער נעמען ס׳קלימעקל זייערס און זיך אָפּטראָגן פון דאַנען, ווייל די דירה איז אַ צו בכבודיקע פאַר זיי. זאָל זי בעסער שטיין ליידיק, ביז מ׳וועט זי אַ מאָל דאַרפן האָבן פאַר דער רומענישער אָדער דייטשישער אַרמיי.

ווי נאָר די גאַס איז דערקלערט געוואָרן אַלס „פאַרבאָטענע" פאַר יידן, האָט מען שוין בשום אופן נישט געקענט אויספועלן, אַז מ׳זאָל ווייטער קענען פאַרבלייבן. דאָס ערגסטע פון אַלעמען איז געווען, וואָס די מענער זענען אַוועקגענומען געוואָרן אין די לאַגערן און געבליבן זענען בלויז פרויען מיט קינדער, וועלכע זענען ממש אַרויסגעשטעלט געוואָרן אויף דער גאַס און נישט איין מאָל געטריבן געוואָרן אויך אין קאַלטע רעגנדיקע נעכט. דער ערשטער וועג איז דאָן, פאַרשטייט זיך, געווען צו דער קהילה, וועלכע האָט ליידער געקענט נאָר פאַרצייכענען דעם פאַל, דערלאַנגענדיק די פריש־געטראָפענע נישט מער, ווי ס׳האָבן באַקומען אַנדערע פאַר זיי.

די ניי־געקומענע האָבן זיך אַנידערגעזעצט אויף דער ערד, נעבן די פריער־געקומענע יידן און נעבן די שוין־געקומענע לייז, וואָס האָבן נישט גע־ווּסט וואָס עס איז אַזוינס רייך אָדער אָרעם, נאָר זיי האָבן שוין גוט געוווּסט וואָס עס איז אַזוינס אַ ייד. עפּעס האָבן יידן מיט אַ מאָל אָנגעהויבן פילן ווי עפּעס אומאָנגענעמס קריכט איבערן קערפּער. אין אָנהייב האָט מען זיך נאָך געשעמט און געליטן. ווען מ׳האָט אָבער געזען וואָס אַנדערע טוען, האָט מען די בושה אַוועקגעלייגט אין אַ זייט און מ׳האָט געקענט זען ווי צענד־ליקער מאַמעס באַקוקן די קליידער פון זייער קליינע קינדערלעך, וואָס

ערשט נעכטן זענען זיי געשלאָפן אויסגעבאָדענע און אויסגעצוואָגענע, און היינט, אַפילו אַזאַ קליין באַשעפעניש ווי אַ לויז, טוט מיט זיי וואָס זי וויל.

דערזעענדיק צווישן זיי אויך זוניאַן, אָדער ווי מיר האָבן זי גערופן „די דייטשקע״, ווייל זי איז געווען פון טשערנאָוויץ און האָט גערעדט בלויז דייטש, האָב איך זיך דערמאָנט אין דעם וואָס זי האָט מיר דערציילט:

איין מאָל, זייענדיק נאָך אין טשערנאָוויץ, פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה, איז איר שוועסטערס ייִנגעלע אַהיימגעקומען פון שול, אָנרופנדיק זיך צו דער מוטער:

— מוטי, מוזט מיר פאַרזאָרגן אַ לויז...

אויף דער מוטערס פראַגע האָט ס׳ייִנגעלע געענטפערט, אַז ער האָט געהערט ווי זיינע קאָלעגן האָבן גערעדט צווישן זיך, אַז אַ לויז האָט אויך פיס און דערפאַר וויל ער אויך האָבן עפּעס אַזוינס...

דעמאָלט האָט מען שטאַרק געלאַכט און היינט האָלטן ייִדן מלחמה מיט דריי שליחים פונעם מלאך־המות: מיט די דייטשן, מיט די רומענער און מיט די לייז...

פונקט ווי די לייז, האָבן אויך די דייטשן זיך געמערט און וווּ נאָר דו האָסט זיך געווענדט האָסטו זיי דערזען. די דייטשן האָבן פיינט געהאַט ייִדן ווי דעם טויט, נאָר אַז מ׳האָט געדאַרפט אָנקומען צו זייער הילף האָט מען זיי געזוכט מיט ליכט. האָבן די דייטשן באַדאַרפט האָבן אַ דאָלמעטשער, איז מען געקומען צום ייִדן און דאָס איז שוין גאַנץ גענוג געווען פאַר די רומענער, זיי זאָלן דערפאַר נאָך מער פיינט האָבן די ייִדן.

— הייסט עס, — פלעגן טענהן די רומענער, — פיינט האָבן זיי זיך, די דייטשן מיט די זשידאַנעס, אָבער פאַרשטיין, פאַרשטייען זיי זיך גלענצנד, בעסער ווי מיט אונדז... אויפן פראָנט גייען זיי מיט אונדז, נאָר געשעפטן פירן זיי מיט די ייִדן...

די דייטשן האָבן געטענהט, אַז ווי באַלד זיי וועלן זיך אויסלערנען רעדן רומעניש וועלן זיי זיך שוין אויף ייִדן נישט אומקוקן. איינער אַ דייטש, וואָס האָט געפּועלט ביי זיך, אַז ער קען שוין רעדן רומעניש, האָט אין אַ שיינעם פרימאָרגן געפּרוּווט צוזאַמענשמועסן זיך מיט אַ רומענישן אָפיציר, אָבער נישט קענענדיק קומען צו אַ טאָלק האָט אים דער דייטש אין כעס, געזאָגט: אָקס!

הערנדיק דעם „קאָמפּלימענט״, האָט דעם אָפיצירס פרוי זיך זייער

באַליידיקט און איר כעס וואָלט אפשר נישט געווען אַזוי גרויס, ווען דאָס זאָל נישט געווען געשען אין דער אָנוועזנהייט פון זשידאַנעס. דערפאַר האָט זי געטענהט, אַז דאָס איז אַ באַליידיקונג, נישט נאָר אַ פּערזענלעכע, פאַר איר מאַן, דעם אָפיציר, נאָר פאַר דער גאַנצער רומענישער אַרמיי. דער דייטש, מיינענדיק, אַז דאָס באַליידיקט אים דעם אָפיצירס פרוי, האָט קיין סך נישט געטראַכט און אויך איר אַריינגעזאָגט:

— ביסט אַן אָקס מיט ברוסטן!.. אויף פּשוט יידיש גערעדט: אַ קו!

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דער ערשטער מקור פאַר אָט די אַלע גע־שעענישן איז געווען ייפ״א, וועלכע האָט דאָס תיכף צעשפּרייט און אין אַ פּאָר טעג אַרום, האָט די גאַנצע געשיכטע שוין געהאַט איר אמתן חן.

זעענדיק, אַז מיט די רומענער קענען זיי צו קיין טאָלק נישט דערגיין, פלעגן די דייטשן מיטברענגען אַ ייד, וואָס קען רעדן „דייטש". אַ סך מאָל האָט מען געקענט זען ווי אַ דייטש איז צוגעגאַנגען צום ערשטן ייד, וואָס ער האָט באַגעגנט, אים אָנגענומען פאַרן קאָלנער, אונטערגעשטופּט אים, ביז מ'איז צוגעקומען צום רומענער און דער דייטש האָט זיך אָנגערופן:

— יודע, וואָס בראַוכט דער ציגוינער ?...

אַ סך יידן ביי וועלכע דייטשן זענען איינגעשטאַנען, האָבן פון זיי גע־שעפּט חיונה, דערמיט וואָס זיי פלעגן תמיד אַרומגיין מיט זיי ביים איינ־קויפן זאַכן און פאַרמיטלט צווישן זיי און די רומענער. איז אַ דייטש אַריין צו וווינען ביי אַ ייד אין דער דירה, האָט מען תיכף אָנגעקלעפּט אַ צעטל אויף דער אַריינגאַנג־טיר, געחתמעט טאַקע פונעם דייטשן קאָמאַנדאַמענט, מיטן דייטשן סטעמפּל, אַז דאָס הויז איז פאַרנומען. נישט איין מאָל האָט זיך געמאַכט אַז אַ רומענישער אָפיציר איז געקומען דינגען אַ צימער, וואָס איז צופעליק געשטאַנען ליידיק, פלעגט אים דער ייד צופירן צו דער טיר, ווייזן אים דאָס צעטל מיט גרויסע אותיות: „ב ע ז עצ ט!" און נישט איין מאָל איבערגעזעצט אין רומעניש דעם אָפיציר, וואָס אַזוינס באַטייט דאָס וואָרט „בעזעצט".

יונגע יידישע פרויען און מיידלעך האָבן אין דער גאַס בכלל נישט געטאָרט זיך ווייזן, בפרט אין די אָוונט־שעהען, ווען דייטשן זענען אַרויס אויף גע־יעג נאָך פרויען. אַ לידל האָט מען דעמאָלט פאַרפאַסט און געזונ־גען דאָס שטילערהייט:

## טעג פון צארן

האָב ליב דאָס ווייב פון דער ווייטנס
און דריי זיך נישט מיט איר אין גאָס...
זאָל זי בעסער זיצן אין שטוב,
וועט זי זיין דיר תמיד ליב.

אין איינעם אַ טאָג, דער הימל איז געווען ווי באַשיט מיט אַש און געדוכט האָט זיך, אַז די וועלט קען שוין דעם אָטעם נישט כאַפּן. יעדער איינער איז אַרומגעגאַנגען מיט די אויגן צום הימל, ווי ר׳וואָלט געזוכט לופט. אַזוי האָט עס שוין געהאַלטן מיט יידן, אַז אַפילו אַ ביסל לופט, און טאַקע אין דרויסן, האָט מען שוין אויך באַדאַרפט אויסבעטלען. געווען איז ערשט 3 אַ זייגער נאָך מיטאָג און דער הימל איז געוואָרן טונקעלער, פינצטערער. יעדער איינער האָט געהאַט נאָר איין באַגער: וואָס גיכער זיין אין דער היים. אין ביוראָ האָב איך דערפילט אַ נויטווענדיקייט נישט אָנצינדן דאָס עלעקטרישע ליכט. אינסטינקטיוו האָט עס יעדן איינעם געטריבן אויסבאַהאַלטן זיך. כ׳בין אויפגעשטאַנען פון בענקל, אַרויס אין הויף און געזען ווי מענטשן לויפן. ס׳האָט זיך געשאַפן דער איינדרוק, אַז תיכף וועט אין גאַנצן פינצטער ווערן. יעדער האָט געקוקט צום הימל, נישט גלייבנדיק זיך אַליין, אַז עס איז נאָך אַזוי פרי און דאָך — שוין אַזוי טונקל.

כ׳בין צוריק אַריין אין ביוראָ, אָנגעהויבן צונויפנעמען די פּאַפּירן, אומעטום פאַרשלאָסן, ווייל די אַרבעטער האָבן געענדיקט 2 אַ זייגער און תיכף אַהיימגעגאַנגען. כ׳בין אַרויפגעגאַנגען איבערגעבן די שליסלען דעם באַלעבאָס און אים זאָגן, אַז כ׳גיי אַהיים. די משפחה קאָפּאָלאָוויטש האָט זיך אַ גאַנצן טאָג געשלעפּט ווי ס׳איז, ווייל אין הויף איז געווען אַ געפּילדער, די פאַבריק האָט געזשומעט און ס׳איז געווען אַ מיש־מאַש פון אויטאָס און מענטשן. דערפאַר אָבער, ווען ס׳איז נאַכט געוואָרן, איז זיי אַלעמען באַפאַלן אַ שרעק, וויסנדיק אַז זיי בלייבן אַליין אין די גרויסע צימערן און אין נאָך גרעסערן הויף. דער באַלעבאָס האָט הינטער מיר פאַרשלאָסן דאָס טויער, פאַרמאַכט זיך אין שטוב, פאַרהאָנגען די פענצטער און מ׳האָט געמעגט קלאַפּן ביז אין ווייסן טאָג אַריין, האָט מען נישט געעפנט, סיידן מ׳איז געקומען פון דער פּאָליציי און מ׳האָט קיין ברירה נישט געהאַט.

כ׳האָב געאיילט איבער ליידיקער גאַס, מורא האָבנדיק אַפילו דעם קאָפּ אויסצודרייען, ווייל כ׳האָב געהאַט אַ געפיל, אַז עמעצער גייט מיר נאָך. צו

אַלעמענס פרייד בין איך אַהיים געקומען און ווי נאָר כ'בין אַריין אין שטוב, האָבן זיי אַלע געעפנט ברייטע אויגן, וואונדערנדיק זיך וואָס כ'האָב בכלל געוואַגט אין אַזאַ שעה צו גיין אין גאַס, כאָטש דאָס איז געווען אין חודש יוני, ווען דער טאָג איז לאַנג און קלאָר.

ווי נאָר כ'בין אַריין אין שטוב און זיי דערציילט וואָס אין גאַס טוט זיך, האָבן מיט אַ מאָל זיך דערהערט געשרייען פון דרויסן. אונדזער צימער האָט געהאַט דעם אויסזען פון אַ מאַנסאַרדע, פאַרשטעקט און פאַרשטעלט דורך אַנדערע דירות. מיר זענען צוגעגאַנגען צום קאָמופלירטן פענצטער, כדי צו זען וואָס עס טוט זיך אין גאַס.

באַוואָפנטע דייטשן קלאַפּן אין טירן פון די הייזער וואָס זייער אַרויס־גאַנג איז געווען צו דער גאַס, זוכנדיק פּרויען. אַזוי ווי מ'האָט זיי נישט גע־עפנט, האָבן זיי אָנגעהויבן האַקן די טירן מיט די קאָלבעס. די אומגליקלעכע עלטערן, מענער און ברידער, האָבן שוין געוווּסט, אַז מ'וויל שענדן זייערע מאַמעס, פרויען און שוועסטער. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ געלויפעריי זיך אויסצובאַהאַלטן. פּונקט ווי בעת אַ געיעג אויף חיות, האָט מען געקענט זען מענער לויפן און די דייטשן — נאָך זיי. טונקל איז געווען, די דייטשן האָבן נישט געוווּסט, אַז דאָס דערשיסט מען זיי און אַז זיי לויפן גאָר נאָך... מענער, וועלכע האָבן בכוונה געעפנט דעם אונטערשטן אַרויסגאַנג פון הויז און געלאָזט זיך לויפן איבער דער גאַס, אַרויסנאַרנדיק אַזוי אַרום די דייטשן, וועלכע האָבן געמיינט אַז דאָס לויפן פרויען, וועלכע האָבן דערוויילט באַוויזן זיך צו באַהאַלטן.

אַ געפּלאָגטע לעבן האָבן ייִדן געפירט נישט ווויסנדיק ווי און ווו נאָך אויסצובאַהאַלטן זיך. פון דער לופט האָט קיינער נישט געקענט לעבן. ייִדיש לעבן איז געהאַנגען אויף אַ האָר, ווייל יעדער מאַן, פאָטער אָדער ברודער, וואָס האָט געוואָלט פאַרטיידיקן דעם כבוד פון זיין פרוי, טאָכטער אָדער שוועסטער, האָט אויפן אָרט באַקומען אַ קויל.

אַן אינזשעניער פון דייטשן אָפּשטאַם, קיזער, געלעבט און דערצויגן געוואָרן צווישן ייִדישן אַדוואָליי פון מאָלדאַווע, איז געווען ביי די דייטשן, ווי זאָגט מען עס, אי אַ שלעסל, אי אַ שליסל. געקומען צווישן זיי ווען ר'האָט נאָר געוואָלט און דורך אים האָט מען אויסגעפועלט, פאַר גרויסע ווערטפולע מתנות, וואָס מ'האָט איבערגעגעבן דעם דייטשן גענעראַל פון

קאָמאַנדאַמענט, אַז ס'זאָל אַרויס אַ פאַראָרדענונג, לויט וועלכער ס'ווערט פאַרבאָטן דייטשע זעלנער צו באַפאַלן יידישע פרויען.

אין די קליינע שטעטלעך, ווו עס איז נאָך דערווייל נישט געווען קיין באַפעל צו פאַרטרייבן די יידן, האָבן פרויען שוין נישט געקענט איבער־טראָגן. ביי נאַכט איז דאָרט געווען דאָס אמתע גיהנום. אין אַלע שטיבער זענען געווען קאַנטאָנירט רומענישע סאָלדאַטן און די יידישע „באַלעבאָס־טעס" זענען געווען מחויב זיי צו באַדינען. אומגליקלעכע אַלטע יידישע מאַמעס האָבן שווער געהאָרעוועט, פון פרי ביז שפעט אין אָוונט, קאָכנדיק און וואַשנדיק פאַר די סאָלדאַטן, ווייל די יונגע פרויען און מיידלעך זענען געלעגן אויסבאַהאַלטן אויף די ביידעמס אָדער אין די האָלץ־קעמערלעך.

ס'איז דערגאַנגען דערצו, אַז מ'האָט די משפחה אין גאַנצן אַרויסגע־טריבן פון שטוב, בכדי פלאַץ צו מאַכן פאַר ניי־געקומענע זעלנער און אָפיצירן. איינער פון זיי, זעענדיק ווי אַן אַלטע פרוי מיט אירע אייניקלעך פלאָגן זיך ביים שלאָפן אין הויף, האָט ער זיך נאָך געוויצלט:

— סאַראַ קלוג פאָלק די יידן זענען!... תמיד ווייסן זיי ווי איינצואָר־דענען זיך. און טראָץ דעם אַלעמען — אויך אַ פאַרשאָלטן פאָלק.

ביי טאָג האָט מען געזען נאָר פאַטרולן, ווייל ס'רוב מיליטער איז גע־ווען פאַרשטעקט און צווישן די טויזנטער סאָלדאַטן האָבן זיך אַרומגעדרייט יידן „ווי די מייז אין אַ שטייגל". קיינער האָט נישט פאַרשטאַנען דעם שכל, וואָס דערלויבט, אַז יידן זאָלן זיך דרייען צווישן אַזוי פיל סאָלדאַטן. פון דער צווייטער זייט, איז דאָס זשמענקעלע יידן אָפגעריסן געווען פון דעם וואָס ס'טוט זיך אַרום זיי. רעדן האָבן זיי נישט געקענט, אַפילו מיטן שכן, ווייל אומעטום זענען געווען סאָלדאַטן, און אויב זיי האָבן שוין יאָ באַגעגנט אַ שכן, האָט מען מורא געהאַט אַ וואָרט אַרויסצורעדן, כדי נישט געבן קיין אויסרייד די סאָלדאַטן וועלכע האָבן סיי ווי געטענהט, אַז יידן „שושקען" זיך...

די דערפער זענען געווען פול מיט מיליטער און די פויערטעס האָבן זיך ביטער באַקלאָגט, אַז מ'טוט זיי אָן גרויסע שאָדנס און אַז ס'לאַנד פירט זיך נישט ווי געהעריק. לויט זייער פויערישן שכל וואָלט מען נישט באַ־דאַרפט אַוועקשיקן זייערע מענער און קינדער צו היטן אַנדערע ערטער און אַהער זאָל מען ברענגען „ווילד־פרעמדע רוחות"... וואָלט דאָך בעסער געווען, אַז יעדער איינער זאָל היטן ס'אייגענע האָב־און־גוטס... עפעס האָט

זיך זיי גאָרנישט געלייגט אויפן שכל, אַז סאָלדאַטן, און דווקא אייגענע, — ווייל זיי זענען דאָך געווען רומענער — זאָלן קיין רחמנות נישט האָבן און אַזוי חרוב מאַכן די האָרעוואַניע פון אַ גאַנץ לעבן. אַפילו דעם פּלויט האָבן זיי צעבראָכן, כדי צו קענען זיין איינס מיט די סאָלדאַטן פון שכנותדיקן הויף.

אין דאָרף קאָרוי־נעגרו, האָט געוווינט איין יידישע משפּחה: אפרים זינגער. זיין ווייב איז שוין געווען יענץ אשת־חיל. פאַר קיינעם קיין מורא נישט געהאַט. ווען די משפּחה האָט ביי איר זיך געבעטן, זי זאָל אַריבער־קומען צו זיי אין שטעטל ביוואָלאַר, האָט זי נישט געוואָלט. ס׳האָבן זי פאַר־בונדן צום אָרט די געשעפטן. געהאַט אַ גרויסן סטאָק פון סיגאַרן און פאַר־קויפט זיי צו גאָר געהויבענע פּרייזן. אַפילו ווען מ׳האָט דעם מאַן אירן צו־גענומען צו דער „אַרבעט לטובת הכלל״ האָט זי זיך פון אָרט נישט גערירט. פאַרפירט שמועסן מיט די סאָלדאַטן, ווי זיי וואָלטן גאָר געווען אירע קונים פון אַמאָליקע גוטע צייטן. תמיד האָט זי געזאָגט, אַז וואָס ס׳איז באַשערט, וועט סיי ווי קומען, נאָר זי פון שטוב רירט זיך נישט, סיידן ס׳מבול וועט קומען.

און ס׳מבול איז טאַקע געקומען, ווייל אַפילו צייט צו אַנטלויפן האָבן יידן שוין נישט געהאַט, און ווהיין — אַוודאי און אַוודאי נישט! די זשאַנ־דאַרן האָבן צוגעגרייט שוואַרצע ליסטעס פון נייע אַרעסטן. יידן האָבן פאַרויסגעזען אַז אַן אומגליק רוקט זיך אָן אויף זיי, געוואָלט ראַטעווען זיך, נאָר נישט געוווסט ווי אַזוי. אַפילו אַריינוואַרפן זיך אין פּרוט אַריין און פּטור ווערן פון אַלע אומגליקן, האָבן זיי שוין אויך נישט געקענט. דער טייך פּרוט איז געווען אַזוי באַוואַכט, אַז אַפילו צוקומען צו אים, האָט אַ ייד שוין אויך נישט געטאָרט.

## קאַפּיטל זעקס

# דער פּאָגראָם אין יאַס

אַ ר ב ע ט ס - ק אַ ר נ ע ט ן — אַ ניי מיטל צו נאָגן געלט ביי יידן!

אַ ייד, וואָס האָט יאָ געקענט גיין צו שווערער אַרבעט, אָדער ר׳איז שוואַך געווען, האָט מיט אַ גרויסער סומע געלט געקענט איינאָרדענען זיך, מ׳זאָל אים שיקן צו אַ לייכטערער אַרבעט. די „צרה" איז, אמת, געקומען מצד די גוים, נאָר די יידן אַליין האָבן זי פאַרוואַנדלט אין נאָך אַ גרעסע־רער צרה, וואָס ביז אַהער האָט מען פון איר נישט געוווסט: ק נ א ה!

מ׳האָט פּשוט מקנא געווען איינעם, וואָס האָט געהאַט די מאַטעריעלע מעגלעכקייטן איינצושאַפן זיך אַן אַרבעטס־קאַרנעט. אַ סך בחורים, אויס מורא מ׳זאָל זיי נישט שיקן אין די אַרבעטס־לאַגערן, האָבן געשלאָסן שידו־כים מיט מיידלעך, וועלכע זענען געווען עלטער פון זיי, אַבי צו באַקומען די נייטיקע סומע געלט, וואָס מ׳האָט געפאָדערט פאַר אַ קאַרנעט.

דאָס „ביכעלע" — ווי יידן פלעגן אָנרופן דעם קאַרנעט — איז געוואָרן אַ מין לעבנס־תנאי: אָדער דו גייסט צו דער חופּה, אָדער צו צוואַנגס־אַרבעט.

יידן האָבן דערשנאַפּט אַ נייע פּרנסה און איבער נאַכט זענען אויסגע־וואַקסן שדכנים, זוכנדיק מיידלעך מיט גרויסע נדנים, וואָס ביז היינט האָבן זיי צו קיין שידוך נישט געקענט צוקומען, צוליב אַ פיזישן מום, גע־ווען אַ מיאוסע, אָדער, ווי מ׳האָט געזאָגט ביי יידן: פאַרשפּעטיקט דעם צוג...

ווי ס׳גאַנצע יידישע לעבן אין יענע צייטן, איז אויך אין דעם זין, אַלץ געגאַנגען פונקט קאַפּויער. פאַרזעסענע מיידלעך, וועלכע האָבן געטראַכט, אַז דער „ונתנה תוקף" זייערער וויל אַז זיי זאָלן שוין בלייבן פאַרזעסענע ביזן גרויען צאָפּ אַריין, האָבן מיט אַ מאָל דערזען זיך באַלאַגערט פון שדכנים, וועלכע האָבן זיי פאָרגעלייגט יונגעלייט פון וועלכע זיי האָבן אַפילו נישט געוואַגט צו חלומען: קינדער פון געוועזענע פאַרמעגלעכע משפּחות, וועל־כע זענען פאַראָרעמט געוואָרן און בכדי צו ראַטעווען זיך פון צוואַנגס־

אַרבעט, האָט מען שוין נישט געקוקט, נישט אויף יאָרן, נישט אויפן סאָציאַלן ראַנג.

אַפילו די קליינשטעטלדיקע און דאָרפס־מיידלעך, וועלכע זענען עוואַקויִירט געוואָרן, די אַזוי גערופענע „ראַנדאַרקעס" * מיטן אויסזען פון פויערטעס, זענען מיט אַ מאָל געוואָרן אַ גאָר טייערע און געזוכטע סחורה. לאַנגע יאָרן האָבן די משפחות דאָרט געהאָרעוועט, געקליבן פרוטה צו פרוטה און אַזאַ איינע איז געווען אַ יקר־המציאות. ס׳איז געוואָרן אַ מין האַזאַרד־שפּיל מיט „ביכעלעך", וואָס זענען פאַבריציִרט געוואָרן טאָג און נאַכט, גלייך זיי וואָלטן געווען קמיעות. און אַפּגעהיט האָט מען דאָס „ביכעלע" ווי ס׳אויג אין קאָפּ.

נישט פאַרביי קיין סך צייט און די טראַגעדיעס האָבן זיך אָנגעהויבן: קעגנזעצלעכע אייגנשאַפטן, דער נדן איז אויסגערונען. מיט אַ מאָל האָט מען זיך דערמאָנט, אַז מ׳איז פון אַ מיוחסדיקער משפחה, מאַמעס און שוועסטער האָבן אָנגעהויבן אונטערצובאַמקען... אָבער די מורא, אַז דעם ווייבס משפחה וועט נישט געבן קיין געלט צו באַנייען דאָס „ביכעלע" אויף פאַרן קומענדיקן יאָר, האָט פאַרשטאָפּט די מיילער. אַ סך האָבן געוווּסט, אַז נישט די כלה, נאָר דער חתן גופא דעקט זיך צו די אויגן ביים גיין צו דער חופה. נאָר איין מאָל פאַרשליירט, האָט ער שוין קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט ווי נאָר צו וואַרטן. איינס פוןביידע: אָדער ר׳וועט פועלן ביי זיך אַלץ אַראָפּשלינגען און בלייבן ס׳גאַנצע לעבן אַ פאַרקויפטער, אָדער, גאָט וועט העלפן און די וועלט וועט נאָך זיין וועלט, וועט ער זיך גטן, צוריקגעבנדיק אַלץ, וואָס ר׳האָט ביי איר גענומען אין יענע מוראדיקע טעג פון צאָרן.

אַ מישמאַש איז פאָרגעקומען אין יעדנס געדאַנקען. פון „האַלטן וואָרט" איז שוין נישט געווען וואָס צו רעדן. יעדער האָט געזוכט צו טאָן אַלץ, וואָס ס׳וועט בעסער זיין פאַר אים היינט, ווייל וועגן מאָרגן האָט קיינער נישט געטראַכט. זאָל מען ס׳ערשטע דערלעבן ביז מאָרגן און דאַן וועט מען שוין זען. יעדער האָט געזאָגט ווי אויף היזון. היינט ביסטו אַ מענטש, מיט שטוב און טיש, מאָרגן קען דיך דער ווינט פאַרטראָגן, ווער ווייסט וווּהין.

* דאָרפישע יידישקעס.

## טעג פון צאָרן

נייע ידיעות האָבן זיך באַקומען וועגן יידן אין רומעניע. אויך אין ערטער, וועלכע האָבן זיך נישט געפֿונען אין „מלחמה־שטחים“, איז די אַטמאָספער געווען אַן אָנגעלאָדענע. פון רגע צו רגע האָט מען דערוואַרט דעם אויסברוך פון אַ וועלט־מלחמה, וואָס פאַר יידן וועט דאָס זיין אַן אַלגע־מיינע אויסראָטונג. אָן שום רעכט צו פאַרטיידיקן זיך, איז שוין געווען אָנגעגרייט אין די אַנטיסעמיטישע טיש־קעסטלעך דער גורל פון טויזנטער יידן, וועלכע האָבן באַדאַרפט ליקווידירט ווערן אויפן אָרט, אָדער אָוועקגע־שיקט ווערן, אָן האָפענונג צוריקצוקומען.

דרייסיק טעג נאָכן ערשטן טראַנספּאָרט פון ביוואָלאַר, דעם 15טן יוני 1941, האָט מען צוזאַמענגענומען אין שטעטל אַלע מענער, גרויס און קליין, און געבערענגט זיי אין זשאַנדאַרמעריע־פּאָסטן פון קאָפּאָו.

כ׳בין תיכף אָוועק אַהין, ווייל צווישן זיי האָט זיך אויך געפֿונען מיין טאַטע מיט מיין ברודער שמעון. נישט לייגנדיק קיין אַכט אויף דער סכנה וואָס כ׳שטעל זיך איין, האָב איך, ביים עפֿענען דאָס טויער, הינטער די פּליינצעס פון סאָנטינעל, אַריינגעכאַפּט זיך און געזען מיך צווישן די אומ־שולדיקע אַרעסטירטע, וועלכע זענען געזעסן אויף דער ערד, אָפּגעבערענטע פון דער זון און ווינט, ווייל מ׳האָט זיי געטריבן צו פוס ביז קיין יאָס.

אין געציילטע מינוטן האָט מען מיר איבערגעגעבן דעם אופן ווי אַזוי מ׳האָט זיי אַרעסטירט און ווי אַזוי מ׳האָט זיך „געזאָרגט“ פאַר זיי דעם גאַנצן לאַנגן וועג: איין קליין גלעזעלע וואַסער און אַ דאַר פּענעצל ברויט.

דאָס איינציקע וואָס אַלע האָבן מיך געבעטן איז געווען, אַז די נאָך פריי־געבליבענע זאָלן נישט פאַרגעסן אין די אַרעסטירטע. יעדער איינער האָט געוואָלט זאָגן עפּעס אַנדערש, וואָס האָט זיך אָבער מיט גאָרנישט אָפּגע־שיידט פון דעם אַנדערנס בקשה: מ׳זאָל מודיע זיין אַהיים, ווייל אין גרויס איילעניש, ביים אַרעסטירן, האָט מען זיי נישט געלאָזט זאָגן דעם ווייב און קינד אַפילו „אַ גוטן טאָג“.

געשען איז דאָס אַרום האַלבער נאַכט, ווען די זשאַנדאַרן האָבן געהור־דעט אין די טירן, באַפעלנדיק „אין נאָמען פון געזעץ“, מ׳זאָל זיך אָנטאָן און תיכף אַרויסגיין. ס׳האָט אויף קיין האָר נישט גערירט ס׳געוויין פון די איבערגעשראָקענע קינדער, נישט תפילות ותחנונים, מ׳זאָל וואַרטן ביז ס׳וועט טאָג ווערן. אַכזריותדיק אַרויסגעטריבן, נישט האָבנדיק אַפילו קיין צייט אָנצוזאָגן דער פרוי וואָס צו טאָן, אויב מ׳וועט זיי אויך עוואַקויִרן.

איך האָב זיי געקוקט גלייך אין די אויגן. מײַנע טרערן האָבן ווי באַ־שטעטיקט, אַז אַלץ וואָס זיי האָבן מיר דאָ דערציילט און מיך געבעטן, איז מיר אַריין נישט נאָר אין די אויערן, נאָר טיף אין האַרצן. כ׳האָב אַרויסגערעדט בלויז איין און איינציק וואָרט: קאָמוניטאַטע!* דאָס האָט געהייסן, אַז כ׳לויף תיכף אין דער קהילה אַריין און פון דאָרט וועל איך גלייך מעלדן קיין ביוואָלאַר.

אין טראַנספּאָרט האָבן זיך אויך געפונען מיידלעך, יונגע פרויען וואָס האָבן ערשט נישט לאַנג חתונה געהאַט, און ווייל זייערע קינדער זענען נאָך נישט פאַרצייכנט געוואָרן אין זייערע ביולעטינען, האָט מען זיי נישט דערלויבט מיטצונעמען די קינדערלעך, וועלכע זענען געבליבן אין איינעם מיט די אַלטע מאַמעס.

די גאַנצע יוגנט וואָס מען האָט דאָס מאָל אַרעסטירט, האָט געהערט צו ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זענען אָבער איבער נאַכט „אָפּי־ציעל״ דערקלערט געוואָרן אַלס קאָמוניסטישע.

אַ יונגער אָפיציר, ווי פון דער ערד אַרויסגעוואַקסן, און אַפּנים געריהרט פון דעם וואָס ר׳האָט געזען און געהערט, האָט מיר אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז כ׳זאָל תיכף אַרויסגיין, איידער ס׳וועט אָנקומען די פּאָליציי און מיך טרעפן דאָ. איך בין אין אַ סכנה פאַרשיקט צו ווערן אין איינעם מיט זיי, וואָס ווערן מאָרגן אַוועקגעשיקט קיין ווידעלע.

נאָר דורך אַ נס בין איך אַרויס פון דאָרט און געטראָפן צענדליקער מענטשן, קרובים פון די אַרעסטירטע, וואַרטנדיק אין דרויסן. כ׳האָב זיי תיכף אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז מ׳איז אין סכנה אַרעסטירט צו ווערן, אויב מ׳וועט אונדז דאָ טרעפן, ווייל די זשאַנדאַרן פאַרשפרייטן אַ קלאַנג, אַז אין דרויסן גרייטן זיך זשידאַנעס צו באַפאַלן די זשאַנדאַרן. תיכף וועט אָנקומען פּאָליציי און אַרעסטירן יעדן איינעם וואָס געפינט זיך דאָ.

מיר זענען אַלע אַוועק צו דער קהילה און אַלץ איבערגעגעבן. אמת, די קהילה־פירער זענען שוין וואָך געוועזן, אָבער דאָס איז געווען נאָר אַ לאָקאַלע אַקטיוויטעט. די טעלעפאָנען צו די קאָמיסאַרן האָבן געהאַלטן אין איין קלינגען, נאָר מ׳האָט גאָרנישט געקענט טאָן.

גאָר לאַנג האָט זיך געצויגן יענער טאָג. אָבער די נאַכט — אין מײַן

* קהילה.

לעבן געדענק איך נישט אַזאַ לאַנגע נאַכט. די געדאַנקען זענען געפלויגן און בשום אופן האָב איך זיי נישט געקענט אָפּשטעלן, בכדי כ׳זאָל זיך קענען קאָנצענטרירן און אַריינטראַכטן זיך רויִק, כאָטש איין רגע. די געדאַנקען זענען געווען שטאַרקער פון מיר: איין ברודער פאַרשיקט. דער טאַטע מיטן צווייטן ברודער וועלן מאָרגן דעפּאָרטירט ווערן. די מאַמע — אַליין מיט קליינע קינדער און מיט דער אַלטער קראַנקער באָבע; דעם טאַטנס מאַמע. דאָס אַלץ האָט מיך געהאַלטן וואַך און נישט דערלאָזט, אַז דער שלאָף זאָל קומען.

פּונקט 7 אַ זייגער אין דער פרי בין איך שוין געווען אין דער קהילה, וווּ מ׳האָט מיר געזאָגט, אַז צום באַדויערן, האָט מען גאָרנישט אויסגעפּועלט. די לאַגע איז אַזעלכע, אַז ס׳איז שוין נישטאָ וועמען צו געבן, נישט געלט און נישט מתנות. ס׳רוב פון די הויכראַנגיקע קריסטן, וועלכע האָבן אין ענלעכע פאַלן פאַרמיטלט, זענען מאָביליזירט אָדער זיי האָבן זיך פרייוויליק עוואַקויִרט אין אַנדערע שטעט, כדי נישט זיין נאָענט צו דער גרענעץ. אייניקע — אויס מורא זיי זאָלן אַליין נישט איינשטעלן זיך דערמיט, וואָס זיי זענען זיך משתדל פאַר „קאָמוניסטן” און דערפאַר מישן זיי זיך נישט אין ענינים וואָס האָבן אַ שייכות מיט יידן.

גייענדיק קיין קאָפּאָו, האָב איך באַגעגנט אויך אַנדערע, וועלכע האָבן גאַנץ פרי אַוועקגעלאָזט זיך אויפן וועג פון יסורים, צו זען וואָס עס הערט זיך מיט זייערע טייערע. פונעם נסיון, און אפשר אינסטינקטיוו, האָט יעדער אויסבאַהאַלטן זיך אונטער אַ ביימל, נישט באַמערקט צו ווערן פון די סאַנטינעלן.

פּונקט 9 אַ זייגער האָט מען געזען ווי מ׳פירט זיי אַרויס. מיר זענען דערציטערט געוואָרן זעענדיק סאַראַ גרויסע צאָל יידן זענען צוגעקומען במשך דער נאַכט. לאַנגזאַם, אָן אַ שום חשק צו לעבן, האָט זיך די מחנה געשלעפּט. מיר האָבן שטילערהייט געוויינט, קוקנדיק פון דערווייטנס אויף זיי, ווייל אַפילו צוגיין האָט מען אויך נישט געלאָזט.

צווישן סאַנטינעלן מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן, ווי אַ טרויעריק־פאַרטונקלטער צוג, זענען זיי געגאַנגען דורך דער הויפּט־גאַס לאַפּושנעאַנו און צוקומענדיק ביז פּיאַצאַ אונירי, וווּ מ׳האָט באַדאַרפט אַראָפּגיין צו דער גאַרע, האָט מען זיך אָפּגעשטעלט. די סאָלדאַטן האָבן זיך צו אונדז געווענדט, דראָענדיק בקולי קולות, אַז מיר זאָלן אַלע הערן:

— עס איז שטרענג פֿאַרבאָטן צו באַגלייטן די אַרעסטירטע. ווער ס׳וועט וואַגן דאָס צו טאָן, וועט דערשאָסן ווערן !...

אַ לעצטער בליק און — זיי האָבן פֿאַרקערעוועט צו דער גאַרע.

יעדער איז אַוועק אין זיין היים. פֿאַראייניקטע זענען מיר אַלע געווען אין אונדזער גרויסן ווייטאָג, נאָר העלפֿן איינער דעם צווייטן, האָבן מיר נישט געקענט. פֿאַרבייגייענדיק די קלייט פֿון סאָלאָמאָן ראָזענבלום, ווייס איך נישט וואָס ס׳האָט מיך גערטריבן אַריינצוגיין. איך האָב אויסגעבראָכן אין אַ געוויין, די איינציקע מעגלעכקייט אין יענע ביטערע רגעס, אַ ביסל גרינגער צו מאַכן זיך ס׳האַרץ. ווי אַ געטרייער ברודער, וואָס איז תמיד נעבן די לײדנדע, האָט סאָלאָמאָן ראָזענבלום געפּרוּווט מיך באַרויִקן:

— וויין נישט ,קינד. ידישע טרערן האָבן שוין נישט קיין זין און קיין שום פּעולה נישט. אפשר איז פֿאַר זיי שוין בעסער וואָס מ׳האָט זיי דער־קלערט אַלס פּאָליטישע אַרעסטירטע און פֿאַרשיקט. דערמיט האָט די מאַכט גענומען אויף זיך, מער אָדער ווייניקער, די אחריות פֿאַר זיי. שווער איז פֿאַר אונדז, די איבערגעבליבענע דאָ, וועלכע דאַרפֿן אָפּקומען פֿאַר אַלע. אָדער מיר וועלן אויסגיין פֿון קעלט, אָדער פֿון הונגער, ווייל זעסט דאָך, ווי אַ כאָליערע איז אויסגעבראָכן די שנאה קעגן אונדז. און אַזאַ מין קרענק, אַז מ׳נעמט נישט אָן קעגן איר די נייטיקע מיטלען, אין סאַמע אָנהייב, איז ביטער, גאָר גאָר ביטער. מיר האָבן נישט געהאַט קיין שכל דאָס פֿאַרויס־צוזען ביי צייטנס און איצט האָבן מיר נאָר איין ברירה: מיט אויפגעהויבענע קעפּ קוקן דעם גורל אין די אויגן אַריין! זענען מיר געבוירן געוואָרן יידן, דאַרפֿן מיר אויך שטאַרבן ווי יידן... הער אויס: לויט כ׳האָב געהערט, וועט מען אויך די פֿרויען אַרויספֿירן פֿון די קליינע שטעטלעך. טו אַלץ וואָס מ׳קען נאָר טאָן און ברענג אַריבער דיין משפּחה קיין יאַס. זאָלן כאָטש די פֿרויען זיין צוזאַמען.

זיינע לעצטע ווערטער האָבן מיך ווי אויפגעוועקט. כ׳האָב פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַ גזר־דין און מ׳טאָר קיין איין רגע נישט פֿאַרשפּעטיקן. כ׳האָב באַשלאָסן, צוזאַמען מיט מיין ברודער, צו דינגען אַ וואָגן מיט אַ גויִשן באַ־לעגאָלע און תיכּף אַרויסשיקן ברענגען קיין יאַס די מאַמע, די אַלטע באָבע און מיינע דריי קליינע שוועסטערלעך.

געזאָגט און געטאָן. כ׳האָב געשריבן אַ בריוו צו דער מאַמען, זי זאָל אַלץ איבערלאָזן און תיכּף קומען. לאָזט זיך אויס, אַז די באָבע, זעענדיק

ווי מ׳האָט אַוועקגענומען איר איין און איינציקן זון מיט צוויי אייניקלעך, האָט זי פון עגמת־נפש באַקומען אַ האַרץ־אַטאַק און ס׳איז אוממעגלעך געווען זי פון אָרט צו רירן. די מאַמע מיט די קינדער האָבן בשום אופן נישט געוואָלט זי איבערלאָזן איינע אַליין, כאָטש מ׳איז שוין אַרומגעגאַנגען פון שטוב צו שטוב און געמאָלדן, אַז אין עטלעכע שעה אַרום דאַרף מען פאַרלאָזן ס׳שטעטל, ווייל די ציווילע באַפעלקערונג טאָר זיך נישט געפינען צוזאַמען מיט דער אַרמיי, וועלכע וועט תיכף פאַרנעמען ס׳שטעטל. דורכן פענצטער האָט מען געזען ווי שכנים פאַרלאָזן שוין די שטיבער, זוכנדיק צו זיין וואָס ווייטער פון די סאָלדאַטן, וועלכע דאַרפן אָנקומען. מ׳האָט געזען, אַז דער אויסברוך פון דער מלחמה איז אַן ענין פון געציילטע שעהען.

אַ דערשלאָגענע און אַ בלאַסע, האָט די באָבע צוגערופן מיין מאַמען מיט די אייניקלעך און זיי געראָטן:

— מיך לייגט אַריין אין שאַנץ* וואָס מ׳האָט אויסגעגראָבן אין הויף און איר גייט אַוועק, כל זמן ס׳איז נאָך נישט צו שפּעט. גאָט וועט אויף מיר רחמנות האָבן און מיר, ווי אין גיכן, צונעמען די נשמה. וויסנדיק אַז איר זענט מיט אייערע קינדער וועל איך שטאַרבן רויִק. ס׳האָט דאָך קיין טעם נישט איר זאָלט זיך איינשטעלן דאָס לעבן צוליב מיר. פון מיר וועט שוין קיין לייט נישט זיין. גייט געזונטערהייט, און אויב כ׳שטאַרב, וואַרט שוין אויף מיר מיין זון אברהם, וואָס איז געפאַלן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. כ׳זע דאָך, אַז מער קען איך שוין נישט איבערטראָגן.

די מאַמע מיט די קינדער זענען געשטאַנען אַרום איר, זעענדיק ווי אַ קאַלטער שווייס האָט באַגאָסן איר פּנים. די הענט זענען שוין געווען פאַר־שטאַרט, און נאָר די שיינע גוטע אויגן אירע האָבן געברענט ווי אין פיבער. געקוקט האָבן דער באָבעס אויגן אין אַלע זייטן, שעפּטשענדיק דעם נאָמען פון מיין טאַטן מיט מיינע צוויי פאַרשיקטע ברידער, וואָס זי האָט זיי אויס־געבאָוועט, און היינט זענען זיי ווייט פון איר. זי האָט געוווסט, די אַל־טיטשקע, אַז מער וועט זי זיי שוין נישט זען.

מיט די לעצטע כוחות האָט זי געפּרוּווט איבעררעדן מיין מאַמען, אַז זי זאָל זי איבערלאָזן אַליין. אין שטעטל איז שוין קיין מענטש נישט געווען. די מענער האָט מען פון לאַנג שוין פאַרשיקט, און די איבערגעבליבענע

---

* גרוב.

פרויען מיט קליינע קינדער אויף די הענט, אָדער מיט אַלטע קראַנקע איינ־געבויגענע מאַמעס, האָבן שוין געשלעפּט זיך איבער וועגן, ווי פאַנטאָמען, נישט ווייסנדיק וווּהין צו גיין. איבער זייערע קעפּ האָבן געזשומעט מאָטאָרן ביז טויב צו ווערן און אויף די וועגן איז שוין קיין פּלאַץ נישט געווען פאַר זיי. ביקסן־קאָלבעס האָבן געשטורקעט און געשטופּט, מרוקענדיק:

— רירט אייך שוין, זשידאָווקעס, איר פאַרשטעלט אונדז דעם וועג.

מחנות ווייבער און קינדער האָבן שווער גערירט זיך. אויף יעדן טריט און שריט — אַרמיי און שווער געווער. ווו מ׳האָט זיך געווענדט, האָט מען געהערט שרייען:

— עס איז שטרענג פאַרבאָטן צו געפינען זיך דאָ!

געגאַנגען זענען זיי ווי די ראַקן: איין טריט פאָרויס און צוויי — צו־ריק. פון אַלע זייטן — בליקן פון שנאה און זידלערייען, גלייך די אומ־גליקלעכע פרויען און קינדער זענען שולדיק אין דעם, וואָס די מלחמה ברעכט אויס.

אין אָט די מאָמענטן האָבן מייניקע נאָך נישט גערירט זיך פון אָרט.

איינער אַ ייד, וואָס ס׳גאַנצע שטעטל האָט אים געקענט אַלס צעטראָ־גענעם, האָט זיך צוליבן משוגעת זיינעם, באַהאַלטן. נישט הערנדיק קיין שאָרך, האָט ער גענומען זיך שפּאַנען איבער די פּוסטע גאַסן, אַריינקוקנדיק אין פאַרלאָזטע יידישע שטיבער, ביז ר׳איז אַריין אין אונדזער שטוב.

די באָבע האָט שוין געהאַלטן ביי יציאת נשמה. נאָך אַ האַלבער שעה האָט מיין מאַמע זיך שוין געוואָרפן אויף איר טויטן קערפּער, בעטנדיק ביי איר מחילה, וואָס זי דאַרף זי פאַרלאָזן. זי האָט איר אַרומגעבונדן דעם קאָפּ מיט אַ ריינער גרימע,* צוגעדעקט זי מיט אַ ווייס ליילעך און מיט אירע דריי קינדער אַוועקגעלאָזט זיך אין וועג פון אַלע יידישע מאַמעס.

באַשערט געווען דעם משוגענעם יידן פון שטעטל, ר׳זאַל מקיים זיין די גרויסע מצווה פון חסד של אמת. תיכף איז ער אַוועק צום אַלטן נעכאָ־ראַן, דער גוישער שומר פונעם יידישן בית־עלמין, וועלכער, דערהערנדיק, אַז די פרוי פון הערשעלע בעל־מקווה איז געשטאָרבן, האָט ער איר אויס־געגראָבן אַ קבר און צוזאַמען מיטן לעצטן יידן, געבערענגט צו קבורה די

* ווייס טיכל.

עלטסטע, אָבער אויך די לעצטע, פון דער ביוואָלאַרער יידישער באַפעל־קערונג.

ווי עס האָט אונדז שפּעטער דערציילט דער אַלטער נעכאַראַן אַליין, האָט ער איר געגראָבן דאָס קבר נעבן איר מאַן, הערשעלע בעל־מקווה. נאָך דער קבורה, גענומען אַ גרויסן שטיין און געשטעלט איר צוקאָפּנס. דער קרוב 90־יאָריקער נעכאַראַן, וואָס האָט נאָך פון ייִנגלווייז געקענט אונדזער באָבע, און לאַנגע יאָרן געווען אַן איינגייער ביי איר אין שטוב, האָט געלאָזט אַ טרער אויף איר פרישן קבר, געקניט און געזוויינט:

— אַזאַ סוף קומט דער פרוי פון הערשעלע בעל־מקווה?

ביים אַרויספאָרן פון שטעטל האָט מען די מאַמען מיט די קינדער גע־הייסן אַראָפּגיין פון וואָגן, וואָס מיר האָבן געשיקט פון יאַס, ווייל אַלע טראַנספּאָרט־מיטלען זענען רעקווירירט געוואָרן לטובת דער אַרמיי.

זי האָט זיך באַגעגנט מיט עטלעכע אַנדערע פרויען און אַזוי זענען זיי געגאַנגען מיט דעם וואַלדיקן וועג, וואָס פלעגט זיי, נישט איין מאָל, פירן פון יאַס קיין ביוואָלאַר און צוריק.

דער גאַנצער שאָסיי איז געווען פאַרפולט מיט אויטאָס און האַרמאַטן. די גאַנצע צייט האָבן די פרויען זיך געפונען נאָר צווישן הימל און אַרמיי. איייניקע מאָל האָט מען אַפילו דעם הימל נישט געקענט זען, ווייל עראָפּלאַ־נען האָבן אים פאַרשטעלט. דאָך זענען די פרויען געגאַנגען, ביז מ׳האָט זיי געהייסן גיין קיין ציגאַנאַש. ווייטער קען מען בשום אופן נישט גיין. דער וועג איז בלויז פאַר מיליטער.

נאָך אַ טאָג גיין, אָן עסן און אָן אַ טראָפּן וואַסער, זענען זיי אָנגעקומען קיין ציגאַנאַש און דאָרט געטראָפן אַלע איבעריקע פרויען און קינדער, וועלכע זענען פריִער מיט עטלעכע טעג אַרויסגעגאַנגען פון שטעטל. גע־זעסן זענען זיי אויף פּעק און זעק, גלייך ווי דאָ ענדיקט זיך די וועלט. אויסגעשעפּטע פון מידקייט, האָט איינע זיך געטוליעט צו דער אַנדערער, ווי וועלנדיק זיך דערוויסן ווען וועט שוין אַ מאָל נעמען אַ סוף. זינט זיי זענען אַרויסגעגאַנגען פון ביוואָלאַר, האָבן זיי געהאַלטן אין איין אַרומ־דרייען זיך אויף די זעלבע וועגן, ביז זיי האָבן זיך דערזען אין שטעטל

ציגאַנאַש, ווו ס'האָט זיי קיינער נישט געשטערט אַנידערצוזעצן זיך אין מיטן ד'ער גאַס און אַ ביסל אָפּרוען זיך.

לויט מיינע שוועסטערלעך דערציילן, האָבן זיי דאָרט געזען גאָרנישט קיין פריילעכע בילדער. אַלטע און מידע פרויען האָבן געבעטן אויף אַ גיכן טויט, נישט קענענדיק צוזען ווי קליינטשיקע קינדער שרייען און וויינען, אַז זיי ווילן אַהיים. מאַמעס האָבן אָנגעהויבן זיי דערציילן מעשיות, אַז אָט באַלד... באַלד... נאָר דאָ האָט זיך באַוויזן אַ זשאַנדאַר, וועלכער האָט באַ־פוילן, אַז אויסער קריסטן, דאַרפן אַלע יידישע פרויען תיכף פאַרלאָזן דאָס אָרט, ווייל אויך ציגאַנאַש איז דערקלערט געוואָרן אַלס מלחמה־זאָנע און נאָר איין ברירה האָבן זיי — צו גיין קיין יאַס!

— באַפּעל איז באַפּעל! — האָט געטענהט דער זשאַנדאַר, ווען יידישע פרויען האָבן אָנגעהויבן וויינען. נאָך דעם ווי זיי האָבן אָוועקגעגעבן דעם זשאַנדאַרן־שעף אַלץ וואָס זיי האָבן געהאַט מיט זיך, האָט מען זיי דער־לויבט, אַז קרוב 200 פרויען זאָלן דינגען צוויי (!) וואַגנס, און אַרויפלייגן זייער באַגאַזש, נאָר זיי מיט די קינדער זאָלן גיין צו פוס...

אַזוי האָט די מחנה געלאָזט זיך אין וועג אַריין, צווישן טויזנטער רו־מענישע און דייטשע סאָלדאַטן, וועלכע זענען געזעסן אין אויטאָס און גע־שוויגן. אויסער די רעדער און די יידישע פרויען מיט קינדער, האָט זיך גאָרנישט גערירט אַרום זיי, גלייך די גאַנצע וועלט, מענטש און בוים און ערד זענען פאַרגליווערט געוואָרן. אויסגעזען האָבן די סאָלדאַטן ווי סטאַ־טועז, וואָס מ'האָט אַוועקגעשטעלט צו קאָפּנס פון די האַרמאַטן און געקוקט האָבן זיי אין גלייכן־וויטן וועג אַריין, וועלכער איז סיי ווי נישט געווען צו פיל ברייט, גלייך זיי, די סאָלדאַטן, וואָלטן מורא געהאַט, אַז זיי זאָלן פון וועג נישט אַראָפּ און זיך איבערקערן אין איינעם מיט די שווערע אויטאָס.

געקוקט האָבן די פרויען און קינדער אויף דער אַרמיי, גלייך ס'וואָלט געווען עפּעס אַ מלחמה־פילם, וואָס ענדיקט זיך נישט. אין אָנהייב האָבן זיי געמיינט, אַז ווי באַלד זיי וועלן זיך באַגעגענען מיט רומענישע אָדער דייטשע זעלנער, וועט מען זיי תיכף צושטעלן צו דער וואַנט. צו זייער גרויס פאַר־וווּנדערונג האָבן די סאָלדאַטן אויסגעזען ווי ספינקסן, וועלכע קוקן נאָר פאָרויס צו זען אויב דער וועג איז פריי, זיי זאָלן קענען פאָרן ווייטער.

מיט זייער גאַנצער איינגערעדטער רו, האָבן די עלנטע יידישע פרויען נישט געוווּסט וואָס עס דערוואַרט זיי. זיי האָבן טאַקע פאַרלוירן דעם באַ־

גריף פון צייט, אָבער דער קאַלענדער האָט דאָך אָנגעוויזן די דאַטע: — 22סטער יוני 1941. און זיי זענען געווען אין וועג, הונגעריקע, טויט־מידע, נישט וויסנדיק וואָס פאַר אַ קינד מ׳זאָל פריִער נעמען אויף די הענט. ס׳איז זיי אַפילו אויפן געדאַנק נישט געקומען, אַז ביי נאַכט, אַרום חצות, ברעכט אויס דער צווייטער וועלט־קריג. זיי זענען געווען אַזוי דערשלאָגן, אַז זיי האָבן נישט געוווּסט ווו זיי זענען און וואָס ס׳טוט זיך מיט זיי.

די באַלעגאָלעס, נאָך דעם ווי מ׳האָט זיי מלכותדיק באַצאָלט, האָבן נישט אויפגעהערט צו שעלטן און זידלען דערפאַר, וואָס דורך די זשי־דאַנקעס געפינען זיי זיך אַ צינד וויט פון זייערע היימען.

— גאָט מאַכט חוזק פון דער וועלט, — האָבן זיי געזידלט. — אונדזערע קינדער פירן די הייליקע מלחמה, און מיר, אַלטע שוטים, גרייז־גראָע נאַראָנים, געפינען זיך אין וועג. וואָלטן די סאָלדאַטן שכל געהאַט, וואָלטן זיי אויסגעשטרעקט די ביקסן און אונדז פטר׳ן פאַר דעם טריפהנעם שטיקל אַרבעט...

די יידישע פרויען האָבן געהערט יעדעס וואָרט און דערציטערט גע־וואָרן, נישט פון דעם וואָס מ׳וועט זיי אויסשיסן, נאָר פאַר דעם וואָס ס׳קען, חלילה, טרעפן זייערע קינדער.

די נאַכט איז צוגעפאַלן און דער וועג האָט זיך געצויגן און געצויגן.

22.6.1941

פונקט 12 אַ זייגער ביי נאַכט, ווען די מחנה פרויען, קינדער און אַלטע־לייט האָבן, ווי ס׳איז, נאָך געשלעפט זיך, הערנדיק נאָר זיפצערייען, אַ שלע־פעניש פון פיס און אַ וואָרט פון אַ מאַמען צו אַ קינד, וואָס האָט געהאַלטן ביים איינשלאָפן און די מאַמע האָט עס אויפגעזדרעכעט, בכדי ס׳זאָל ווייטער שפּאַנען. אַן אומפאַרשטענדלעך געפיל האָט געטריבן די מאַמעס, פעסטער אָנצוהאַלטן זיך אין זייערע קינדער, ווייל אויסגעוויזן האָט זיך, אַז די קינדערישע הענטלעך ווילן זיך אַרויסגליטשן פון זייערע הענט. אַ טאַטער האָט פשוט נאָכגעשלעפט איר אַלטע מאַמע, וואָס האָט שוין קיין כוח נישט געהאַט צו גיין. מיט אַ מאָל איז ליכטיק געוואָרן ווי אין מיטן העלן טאָג.

— די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן! ס׳איז אויסגעבראָכן דער הייליקער קריג! — האָבן געמורמלט די באַלעגאָלעס, מאַכנדיק איבער זיך אַ צלם.

פון בײדע זײַטן פרוט האָט זיך אָנגעהויבן אַ באָמבאַרדירונג. מ׳האָט געזען פײַער־צונגען, וואָס רײַסן זיך אַרויס פון די האַרמאַטן־פּיסקעס און עראָפּלאַנען ענטפערן מיט באָמבעס. פרויען, קינדער און אַלטע־לײַט זענען געוואָרן אַ מין שפּיל אין די הענט פונעם גורל. מאַמעס האָבן געוואָרפן די קינדער אונטערן וואָגן, מײנענדיק, אַז דערמיט וועט זײ דער האָגל פון באָמבעס נישט טרעפן.

ווען ס׳פײַער האָט זיך אָנגעהויבן, זענען זײ שוין געווען אויף קאַפּול־דעאַל,* און פון זײַן שפּיץ האָט מען געזען גאַנץ יאַס. די שטאָט האָט זיך גע־טוליעט צו דער פינצטערניש, נאָר אויסדרײיענדיק דעם קאָפּ אויף צוריק, האָט מען געקענט באַמערקן דעם טײַוולאַנישן אָנהײב פון דער צווײטער וועלט־מלחמה. אַלע זענען געבליבן שטײן ווי פאַרווירט, ווי פאַרשטײנערט, געזען, אויף וויפל ס׳אויג איז בכוח געווען צו פאַרכאַפּן, דעם ערשטן צוזאַמענשטויס צווישן די רוסישע און רומעניש־דײַטשישע אַרמײען.

די דײַטשן האָבן געגעבן באַפעלן און די רומענער — ווי די פליגן זענען זײ געפאַלן, דערפאַר, וואָס זײ האָבן זיך געפונען אויף דער ערשטער פראָנט־ליניע. מ׳האָט געקענט באַמערקן ווי אַמבולאַנסן פירן שוין פאַר־וווּנדעטע, וואָס האָבן איבערגעלאָזט אין שלאַכט־פעלד אַ שײנעם משכון: הענט, פיס און טויטע קערפּערס פון חברים.

די באַלעגאָלעס, אַלײן אויך דערשראָקענע, האָבן זיך פאַרנומען בײַם זײַט זועג. אויף דער פראַגע פון אַ סאָלדאַטנעל וואָס זײ זוכן דאָ, האָט זיך דער באַלעגאָלע באַלעמוטשעט און געענטפערט, אַז ער פירט ק ר י ס ט־ל ע כ ע פרויען, וועלכע עוואַקויִרן זיך פון אַ דאָרף בײַם ברעג פון פרוט. אַ דאַנק דעם ענטפער איז צו פאַרשטײן פאַרוואָס די מחנה ייִדישע פרויען איז תיכף נישט אויסגעשאָסן געוואָרן.

אויף די מחנה פרויען האָט זיך געצויגן אין אַ זײַט, באַפרײַענדיק דעם וועג פאַר די יאָגנדיקע אַמבולאַנסן. ס׳געשרײ פון די פאַרוווּנדעטע, דער אויפרײַס פון באָמבעס און רעווענדיקע באַפעלן אויף דײַטש, האָבן פּשוט געלעכערט דעם קאָפּ.

מיט אַ מאָל האָבן די פערד אויך אָנגעהויבן דערפילן די מלחמה. ס׳בלוט פון די הרוגים און פאַרוווּנדעטע האָט באַנעצט דעם וועג קײן יאַס,

---

* באַרג בײַם אַרײַנפאָר קײן יאַס.

און די פערד, דורשטיקע, ווייל זיי האָבן אין משך פון דער גאַנצער נסיעה גאָרנישט געטרונקען, האָבן אַראָפּגעבויגן די קעפּ און דערשמעקנדיק דאָס בלוט, האָבן זיי ס׳פּאַלאָשעט זיך און געבליבן שטיין בלויז אויף די צוויי הינטערשטע פיס, הירזשענדיק ווילד מיט פאַרוואָרפענע קעפּ, ווי וועלנדיק אַרויסרייסן זיך פון די האָלאָבליעס. די מחנה פרויען האָט זיך געשלעפּט ווי אין אַ בייזן חלום, ביז די ערשטע סימנים פון אויפגייענדיקן טאָג האָבן אָנגעהויבן צו מאָלן אין לעבעדיקע פאַרבן, די קאָנטורן פונעם באַרימטן גאָרטן אויפן קאָפּאָו, אין יאַס. דער שיינער גאָרטן, וועלכער האָט לאַנגע יאָרן געזען צווישן זיינעביימער, אַלץ וואָס יאַס און די גאַנצע מאָלדאַווע האָט פאַרמאָגט שיינס און גוטס: פּאָעטן, מוזיקער, אַרטיסטן, וואָס זענען דאָ געזעסן און געשאַפן אייביקע ווערטן אין דער רומענישער קונסט און קולטור, דער שיינער גאָרטן וועלכער איז תמיד געווען אָפן פאַר אָרעם און רייך, פאַר אינטעלעקטואַלן און אַרבעטער, דער גאָרטן, מיט דער פרישער באַרג־לופט און ריח פון רויזן, איז אַצינד געוואָרן אַ שאַנטיער פון וואַגען מ׳האָט אַרויסגעשיקט מענטשן־פלייש פאַר די פייערדיקע פיסקעס פון שטאָל און אייזן, אויפן פראָנט.

ייפּ״א האָט געעפנט אַ צווייטן פראָנט: כלערליי ידיעות פונעם שלאַכט־פעלד. געהייסן האָט עס, אַז די דייטשן מיט די רומענער האָבן גרויסע אבידות און די רוסן האַלטן מלחמה, נישט מיט קיילעכלעך, נאָר מיט אמתע קוילן, אַז מ׳האָט שוין אָנגעהויבן אַריינברענגען אין שטאָט אַריין „פרישע״ סחורה און די שפּיטאָלן זשומען: ס׳איז קיין פרייער פּלאַץ נישטאָ. די רו־מענער שטופּט מען פאָרויס, אין די ערשטע פייער־ליניעס, און די דייטשן גיבן נאָר באַפעלן... מ׳שמועסט גאָר ערנסט וועגן אַ פולשטענדיקער עוואַ־קוירונג פון יאַס, בלויז יידן וועלן בלייבן אויף זייערע ערטער און... ווער ס׳וויל, מעג גלייבן, אַז דאָס וויל מען צונויפנעמען אַלע יידן אויף איין פּלאַץ און זיי „פאַרטיק״ מאַכן... צוויי יידן פון די „גאָר־גאָר״ אין דער יאַסער קהילה, זענען אַוועק קיין בוקאַרעשט, ווייל די לאַגע פון יידן אין מאָלדאַווע איז נישט אויף אַרויסצורעדן...

אָן אויפהער האָבן זיך געהערט בוזשעררייען פון האַרמאַטן און עפּעס איז איינס נישט געווען גלייך צום צווייטן. ייפּ״אַ האָט תיכף געפונען דעם

פירוש: די דייטשן האָבן זיך גאָרנישט פאַרגעשטעלט, אַז די רוסן האָבן כלערליי מינים געווער און דערפאַר טאַקע, אַז עס הערט זיך פון יענער זייט פרוט עפּעס „אַזאַ מין...", פרעגט מען זיך: „וואָס זאָל דאָס הייסן?" געטראַכט האָבן זיי „אַריבערצוכאַפּן" זיך דעם פרוט, און „זאַגאַר", קעגן אַלע זייערע פּלענער, האָט דער רוס נישט בדעה אַרויסצוקריכן פון דער נאָרע אין וועלכער ר'האָט זיך גאַנץ גוט פאַרפונדעוועט. דער דייטש וועט ערשט איצט געוואָר ווערן, אַז אויך אַנדערע וויסן ווי אַזוי מ'שמעקט פולווער. מ'דאַרף אויך נישט פאַרגעסן, האָט ייפ"אַ שטילערהייט געטענהט, אַז ביים רוסישן שלאָגן זיך, עס איז מער ווי זיכער, אויך יידן. און אַז יידן קענען די מלאכה, דאַרף מען קיינעם נישט דערציילן. יידן, אַז מ'גיט זיי אַ ביקס אין האַנט אַריין, זענען זיי בכוח דעם דייטש צעטראַסקען די גאַל און אים נישט לאָזן גיין ווייטער. וואָס מיינט ער, דער דייטש, אַז אונדזערע „אחינו", דאָרט, זענען ווי מיר, דאָ? יידן בלייבן יידן און די דאָרטיקע האָבן אין א ו נ ד ז נישט פאַרגעסן...

די גאַנצע נאַכט פון 22סטן יוני 1941, איז געווען אַ נאַכט פון אויפּ־רייס, גלייך די ערד וואָלט זיך געוואָרפן אין ספּאַזמען. גאַנץ פרי האָבן אַפילו די רומענער שוין גערעדט צווישן זיך:

— וואָס זאָגסטו עפּעס אויף די קאַמפן? זאָל עס טאַקע אמת זיין, אַז די דייטשן „שטופּן" אונדזערע אין פייער אַריין? אויב מיר וויסן נישט ווו אונדזערע רומענער זענען, איז עס דער בעסטער סימן, אַז מ י ר זענען ד י, וועלכע „שלאָגן" זיך...

אויסגעצייכנט האָבן זיך בעיקר די וואַטמאַנען,* וועלכע זענען יעדע האַלבע שעה געפאָרן פון איין עק שטאָט צו דער אַנדערער און געזען ווי אַזוי די אַרמיי „רירט" זיך, געוווּסט געגויע פּרטים און געווען זיכער, אַז דער רוס האָט זיך דערווייל נישט גערירט פון אָרט.

— יאָ, יאָ, — האָבן זיי געטענהט, — מ'ווייסט ווען אַ מלחמה הייבט זיך אָן, אָבער ווען זי ענדיקט זיך, דאָס קען שוין קיינער נישט וויסן. ווייל וועט זיין צו אונדז אויב דער רוסישער וועט אַ קריך־טאָן און אונדז פאַר־נעמען... דעמאָלט וועלן די זשידאַנעס שוין מאַכן אַ גוט לעבן. מ'האָט זיי באַדאַרפט „פאַרטיק" מאַכן נאָך איידער מ'איז אַריין אין דער מלחמה.

---

* פירער פון טראַמווייען.

עפּעס האָבן דאָך די דייטשן דערפּאַרונג אין דעם... זיי מוזן אונדז העלפן פּטור ווערן פון די זשידאַנעס, מיר זאָלן קענען רויִק שלאָפן... נאָר וואָס קען מען מאַכן? די גרויסע פרעגן דען וואָס פאַר אונדז איז גוט?...

געווען יידן, וועמענס אויסזען איז זיי בייגעשטאַנען אין די שווערע טעג. מ׳האָט נישט דערקענט אויף זייערע פּנימער, אַז דאָס זענען יידן. האָבן זיי זיך טאַקע איינגעשטעלט און געפאָרן אין די טראַמווייען, וואָס פאַר יידן איז עס געווען פאַרבאָטן, און זיי האָבן געבערענגט די אַלע „גוטע״ בשורות.

יאַס האָט אויסגעזען טרויעריק. די פענצטער זענען געווען קאַמופּלירט און טיר־און־טויער — פאַרשלאָסן. דאָס אַלץ האָט אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף יענע רומענער וואָס האָבן נישט באַוויזן צו עוואַקויִרן זיך, טראַכטנדיק, אַז מ׳וועט דעם רוסישן „תיכף״ פאַרטרייבן אין די ווייטע סטעפּעס, דער פראָנט וועט זיך דערווייטערן און ס׳האָט קיין שום טעם נישט צו נעמען שלעפּן זיך אין אַנדערע שטעט. כּפי דער חשבון זייערער האָט נישט געשטימט, האָבן זיי זיך אויפגעכאַפּט גאַנץ פרי און אָנגעהערט זיך, אַז שווערע קאַמפן פירן זיך אַרום דעם פּרוט. „דערווייל״ איז מען אים נאָך נישט אַריבער...

דעם ערשטן טאָג נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה, האָט מען שוין געקענט זען איבער די יאַסער גאַסן טויזנטער נע־ונדניקעס פון אַלע קליינע שטעטלעך און דערפער אין דער מאָלדאַווע. הונגעריקע, באַרויבטע, שוואַכע און מידע, האָבן זיי זיך נאָכגעפרעגט ווו ס׳געפינט זיך דער בנין פון דער יידישער קהילה אין יאַס, וואָס האָט זיי אויפגענומען ווי אַ גוטע מאַמע, וואָס געפינט אַ פּלאַץ פאַר יעדן קינד.

ביים באַגעגענען זיך, פלעגט איין ייד איבערגעבן דעם צווייטן:

— ווייסט, כ׳האָב געזען דיינע קרובים, דיינע עלטערן אד״גל. פיל האָבן אַהיים געבומען זייערע אייגענע טראַכטנדיק: וואָס ס׳וועט זיין, וועט שוין זיין, אַבי מען זאָל זיין אין איינעם. אַנדערע האָבן אַליין נישט געהאַט מיט וואָס איבערצוקומען אַ טאָג. צו אַל די צרות איז צוגעקומען אַ נייע, גאָר גרויסע צרה: יעדער ניי־געקומענער האָט תיכף געמוזט מעלדן זיך אין דער פּאָליציי, אַנדערש האָט אים געדראָט אַ גרויסע געלט־שטראָף און אַפילו אַרעסט. דערפאַר טאַקע האָט מען זיי ווייטער געלאָזט זיצן אין דער קהילה. דאָרט האָבן זיי אַ דאַך איבערן קאָפּ און אַ שטיקל ברויט אויף

צו דערהאַלטן זיך. די קהילה־באַאַמטע ווייסן שוין וואָס צו טאָן. העלפט נישט קיין בעטן זיך, אין פאַראַן „באַקשיש"...

לויט אַ נייער פאַראָרדענונג האָבן די געשעפטן און פאַבריקן באַ־דאַרפט זיין אָפן און די אַרבעט טאָר נישט אָפגעשטעלט ווערן. אַ סך מענטשן וואָלטן אין יענעם טאָג מוחל געווען אַפילו אויפן עסן, אַבי צו געפינען זיך אין דער היים, און נישט זיין אין גאַס, צי אין מסוכנדיקע פלעצער, ווייל יעטוועדע פאַר מינוט האָבן סירענעס אָנגעזאָגט אַ נייעם אַליאַרם. מ'האָט באַדאַרפט לויפן אין די בונקערס, און יעדער האָט זיך אַרומגעדרייט ווי זאַטשמיעלעט.

די מלחמה איז אויסגעבראָכן און מייניקע זענען נאָך דערווייל נישט אַרויס פונעם פייער־ראָד. שוין פיר טעג זינט מ'איז אַרויסגעפאָרן זיי ברענגען און מער ווי 4—5 שעה דויערט נישט דער וועג פון ביוואַלאַר קיין יאַס, אַפילו ווען די פערד זאָלן געווען זיך שלעפּן. די פאַבריק האָב איך נישט געטאָרט פאַרלאָזן. יעדער טאָג — נייע קאָנטראָלן און נייע אָנשיקע־נישן. ביי נאַכט האָט מען גענעכטיקט אין די בונקערס און ס'לויפעניש אַרויף און אַראָפּ די טרעפּ, האָט מיך פשוט געענדיקט.

דעם 22סטן יוני, אַרום 2 אַ זייגער נאָך מיטאָג, אַרויפגייענדיק פונעם בונקער, בין איך דערשיטערט געוואָרן דערזעענדיק פאַר מיינע אויגן אומ־באַקאַנטע, — און דאָך זייער־זייער באַקאַנטע פּנימער. ווי פאַנטאָמען האָבן זיי אויסגעזען און נאָר לויטן קול האָב איך דערקענט די מאַמען מיט די שוועסטערלעך, וואָס זענען אָנגעקומען, אָן כוח, אָן גאָרנישט און אָן דער באַבען. נאָך עטלעכע שעה פון רו האָבן זיי אָנגעהויבן אַרומצוקוקן זיך און דערזען די ביטערעווירקלעכקייט: דער טאַטע מיט די ברידער — פאַר־שיקט, די באָבע — טויט, ס'פאַרמעגן פאַרלוירן און אַלע זענען זיי אָן אַ היים.

כ'האָב זיי באַרויִקט זאָגנדיק, אַז גאָר אין גיכן וועלן מיר האָבן אַ וווינונג. אָבער ווו נעמט מען אַ קישן? אַ דעק? אַפילו קיין שיך אָנצוטאָן האָבן זיי נישט. די פיס זענען געשוואָלן און פאַרוווּנדעט און זיי קענען קיין טריט נישט מאַכן, אַפילו באַרוועסערהייט.. געבליבן איז אַז ביז צום איינ־אָרדענען זיך, זאָל מען זיצן ביי קרובים. אָבער דאָס איז געווען אַ שווער פּראָ־בלעם.די עוואַקויִרטע יידן זענען דערקלערט געוואָרן אַלס קאָמוניסטן און אַפילו די נאָענטסטע קרובים האָבן מורא געהאַט זיי אַריינצונעמען. די סי־

רענעס האָבן דערווייל געטאָן זייערס און מיר האָבן שוין אַליין נישט גע־ווּסט וואָס צו טאָן. וווּהין מ׳זאָל זיך נישט געווען קערן, איז געווען נישט גוט. אַ מזל, וואָס מיין עלטערער ברודער האָט זיך אַראָפּגעכאַפּט זען, וואָס ס׳הערט זיך ביי דער משפּחה און טראָץ אַלע סכנות, האָט ער באַשלאָסן צו נעמען די מאַמען מיט צוויי שוועסטערלעך צו זיך און איך מיט מיין קליין שוועסטערל זאָלן פאַרבלייבן ביי מיין פעטער.

אַזוי האָבן מיר באַשלאָסן, אָבער תּיכּף האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע צרה. אין בונקער ווּ מיר פלעגן אַראָפּגיין בשעת אַן אַליאַרם, איז מען יעדעס מאָל געקומען פון דער פּאָליציי קאָנטראָלירן און זען אויב ס׳איז נישטאָ עמעץ וואָס איז נישט פאַרצייכנט אין דער פּאָליציי. ווי און וויסט איז געווען יענעם, וואָס איז נישט געווען אין אָרדענונג, אַפילו ר׳איז שוין 10 יאָר געזעסן דאָ, נאָר לויט דער צאָל פון די הייזער איז ער געווען פאַרשריבן מיט אַ נומער מער אָדער ווייניקער.

ווי דורך אַ נס האָט זיך מיין שוועסטערל עטלעכע מאָל געראַטעוועט, באַהאַלטנדיק זיך אין קלאָזעט. נאָך דער קאָנטראָל אָבער, האָבן אַלע איינ־ווּינער אָנגעהויבן טענהן מיט טרערן אין די אויגן:

— אמת, מיר זענען אַלע יידן, אָבער אייער שוועסטערל קען נאָך דער־פירן מ׳זאָל אונדז אַלע אומברענגען... אויך מיר האָבן קינדער און יעדער איינער האָט זיין פּעקל צרות. מיר ווילן העלפן, אָבער ווי אַזוי? מ׳ווייסט דאָך גאַנץ גוט די לאַגע...

אייניקע האָבן דאָס געזאָגט געלאַסן, געפּרוּווט מיר דאָס געבן צו פאַרשטיין, אָבער אַנדערע האָבן, אויס פּחד, באַקומען היסטערישע אָנפאַלן, מורא האָבנדיק, אַז אָט־אָט וועט די פּאָליציי געפינען מיין שוועסטערל.

אַלע זענען זיי געווען גערעכט, אָבער וווּהין זאָל איך גיין מיט מיין שוועסטער? מיט דער הסכּמה פונעם פעטער און זיינע קינדער, האָבן מיר באַשלאָסן, אַז בשעת אַן אַליאַרם, וועל איך מיט מיין שוועסטערל בלייבן אין שטוב, און בכדי קיינער זאָל נישט חושד זיין, אַז מיר זענען אינעווייניק, וועלן זיי פאַרשליסן די טיר ביים אַראָפּגיין אין בונקער, אויפהענגענדיק פון דרויסן אַ שלעסל.

און אַזוי איז עס טאַקע געווען. אַרומגענומענע איינע די אַנדערע, פלעגן מיר ביידע זיך צוקלעפּן צו דער וואַנט בעת די באָמבעס זענען געפאַלן, אַבי מיר זאָלן נישט אַראָפּגיין אין בונקער.

מיין פעטער איז געווען זייער דערשלאָגן. די שטוב אין וועלכער ר'איז געזעסן אין געווען אַ געדונגענע און געהאַט ס'רעכט אַראָפּצוגייען אין בונ־קער נאָר מיט זיינע קינדער, וועלכע זענען געווען פאַרצייכנט אין דער באַ־שטעטיקטער פּאָליציי־רשימה. ר'האָט אַליין אויך נישט געוווּסט, וואָס צו טאָן מיט מיין שוועסטערל, אַז זי זאָל אויך האָבן עפּעס אַ שטיקל פּלאַץ אין בונקער, ווייל דאָרט איז דאָך נישט אַזוי מסוכן ווי אין שטוב, ווו מיר זענען געווען איינגעשטעלט מיטן לעבן יעדע רגע.

טעג האָבן זיך געצויגן ווי אייביקייטן, און ווי נאָר ס'האָט זיך דער־הערט אַן אַליאַרם, האָט מען אונדז פאַרשלאָסן אין שטוב, אויפהענגענדיק אַ שלאָס פון יענער זייט טיר, בכדי אין פאַל פון קאָנטראָל זאָל מען זען, אַז די שטוב איז אָפּגעשלאָסן און ס'איז קיינער נישטאָ אינעווייניק, צו מאַכן סימנים דעם שונא.

מיר פלעגן זיך לייגן אונטערן טיש, אָדער אונטערן בעט, בכדי צו שאַפן זיך דעם איינדרוק, אַז מיר זענען „באַשיצט"... אָבער ווי נאָר ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די אויפרייסן, האָט עס מיט אונדז געוואָרפן, און געדוכט האָט זיך, אַז אָט־אָט וועט די גאַנצע וועלט זיך איבערקערן איבער אונדז. ס'מעבל האָט געטאַנצט, ס'גלאָזוואַרג האָט געקלונגען, ראַקעטן האָבן באַ־לויכטן דעם הימל און נישט ווילנדיק זענען מיר געווען עדות פון לופט־שלאַכטן, זעענדיק, נישט איין מאָל, ווי געטראָפענע עראָפּלאַנען פאַלן איבער שטיבער, בונקערס, דערהרגנדיק די אַלע, וועלכע האָבן זיך דאָרט געפונען, און ביים פאַרענדיקן דעם אַליאַרם־צושטאַנד, זענען זיי שוין אַלע געווען פאַרברענט. דייטשע און רומענישע סאָלדאַטן פלעגן תיכף זיך באַווייזן, און ביז מ'האָט די גאַס נישט אָפּגערייניקט פון די טויטע קערפּערס און פון שטיקער געפאַלענע עראָפּלאַנען, האָט מען נישט געטאָרט אַרויסגיין פון בונקער. ווען מ'האָט שוין יאָ געמעגט אַרויסגיין, איז יעדער געווען פאַר־ווילדעוועט, כמעט נישט צום דערקענען. חורבן, פייער, רויך, שרעק, טויט — דאָס האָט מען געקענט זען אַרום זיך.

וועמען איז געלעגן אין קאָפּ צו נעמען עפּעס אין מויל, סיידן קליינע קינדער, וועלכע האָבן נאָך געבעטן אַ שטיקל ברויט. אַ מזל, וואָס דאָס וואַסער איז נאָך גערונען פון קראַן און מיר האָבן געהאַט מיט וואָס צו באַנעצן די פאַרטריקנטע ליפּן.

און איך מיט מיין שוועסטערל זיצן אין שטוב, זעען דאָס אַלץ און אין

בונקער זיצן נאָר די, וועלכע זענען „אין אָרדענונג״ לויט דער פּאָליציי־רשימה. געווען זענען זיי זיכער, אַז כל זמן זיי טראָגן אַרום ביי זיך אַזאַ מין „אָפיציעלן״ דאָקומענט, וועט זיי גאָרנישט געשען. ווי ביטער זיי האָבן זיך נעבעך אָפּגענאַרט!

דעם 23סטן יוני 1941, אַרום 11 אַ זייגער אין דער פרי, האָבן די רוסן גאָר שטאַרק באָמבאַרדירט ברייטע שטחים הינטער דעם רומענישן פראָנט. איך בין געווען אין פאַבריק, ווייל נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה האָבן מיר אָנגעהויבן פאַרשטיין, פאַר וואָס די רומענער איז געגאַנגען פשוט אין לעבן, אַז אונדזער פאַבריק זאָל זיין אין אָרדענונג מיט דער אַרבעט. ווי נאָר די שלאַכטן זענען אויסגעבראָכן, זענען די דייטשן געקומען און מ׳האָט באַדאַרפט תיכף צושטעלן שויבן פאַר זייערע אויטאָס, ווי אויך פאַר ווי־נונגען. באַצאָלט האָבן זיי מיט „פּאַפּירלעך״, מיט וועלכע מ׳האָט באַדאַרפט גיין צום דייטשן קאָמאַנדאַמענט, ווו אַלס שעף פון דער סעקציע האָט גע־אַרבעט דער שוין פריִער דערמאָנטער אינזשיניער קיזער. נישט איין מאָל האָט אונדז אַ דייטשער אָפיציר געפרעגט, וויצלענדיק זיך מכלומרשט, צי מיר האָבן אַ סך גלאָז אין דעפּאָזיט, ווייל אַנדערש וועט ער פון אונדז מאַכן גלאָז. די מלחמה האָט זיך נאָר וואָס אָנגעהויבן און אַפילו זיי, די דייטשן, וועלכע זענען געווען זיכער, אַז מאָרגן־איבערמאָרגן וועלן אַלע רוסישע מאַשינען זיין אין זייערע הענט, און דערפאַר טאַקע וועלן זיי זיך נייטיקן אין גרעסערע קוואַנטומס פון שויבן. אַזוי האָבן זיי געמיינט, די דייטשן, גלייך דער נצחון איז שוין ביי זיי אין קעשענע.

נאָך מיטאָג קומט צו מיר מיין ברודער, בלאַס און דערשראָקן. ר׳האָט קיין שום אויסוועג נישט ווי אַזוי צו פאַרשרייבן די מאַמען מיט די צוויי שוועסטער אין דער פּאָליציי. אַ שכן זיינער, אַ באַקאַנטער קריסט, וועלכער איז געווען אין דער פּאָליציי און געפּרוּווט דאָס דורכפירן, איז אהיימגעקו־מען מלא כעס: היתכן? ר׳האָט אים געשיקט פאַרשרייבן קאָמוניסטן...

אָנשטאָט אים אַ טובה טאָן, איז דער קריסט אים געוואָרן אַ דם־שונא און לויט מ׳שמועסט, איז ער געשטעלט פון דער פּאָליציי, נאָכצושפּיאָנירן ווו ס׳געפינען זיך פרעמדע אָנגעקומענע יידן.

מיט אַ מאָל האָבן זיך די סירענעס צעוואָיעט און מיר זענען אַראָפּ אין בונקער. דער גאַנצער סעקטאָר איז געווען פאַרנומען פון דער אַרמיי און דער הויף האָט געזשומעט פון אַזוי פיל דייטשן, וואָס האָבן שוין גוט אָנגע־

לאַכט זיך פון אונדזער בונקער און געזאָגט, אַז ס׳לוינט זיך נישט אַפילו אַריינצוגיין אין „אַזאַ־מין אָ״ וואָס איז אַ פשוטער קינדער־שפּיל. בעסער שוין אויסלייגן זיך מיטן פּנים צו דער ערד... נאָר ווייל מיר זענען יידן, טאָרן מיר דאָס נישט טאָן, ווייל מיר קענען נאָך אַרויפקוקן און מאַכן סימנים... יידן, האָבן זיי געזאָגט, דאַרפן ליגן אַפילו לעבעדיקערהייט אין גריבער... און זיי האָבן זיך געקאַטשעט פאַר געלעכטער.

ווי נאָר דער אַליאַרם־צושטאַנד איז פאַרביי, האָבן מענטשן אָנגעהויבן לויפן אַהיים. אין שטאָט, — אַ קלאָג, אַרעסטן, הונגער, תמיד נייע בלבולים:

— די רוסן האָבן אָנגעטראָפן אין אַלע מיליטערישע אָביעקטן — דער־פאַר וואָס יידן האָבן באַהאַלטן אין די קוימענס רויטע פאָנען, און לויט דעם האָבן זיך אָריענטירט די רוסישע עראָפּלאַנען...

אַ סך יידן זענען געלעגן באַהאַלטן, מורא האָבנדיק אַרויסצוגיין. אָבער קליינע קינדער האָבן באַדאַרפט עסן און יידן האָבן איינגעשטעלט ס׳לעבן. ליידער האָבן זיי זיך שוין נישט אומגעקערט און צו גיין זוכן זיי, האָט קיין זין נישט געהאַט. מ׳האָט שוין גאַנץ גוט געוווסט וואָס מיט זיי איז געשען.

די גאַנצע צייט האָבן זיך געהערט שיסערייען. קיינער האָט נישט געוואַגט אַרויסצושטעקן דעם קאָפּ פונעם שוצגרוב. די געגנטן קאַפּאַו, סאַראַריע, פּעקוראַר, אַבאַטאַר, יאַסער פּעריפעריעס ווו יידן זענען געזעסן, האָבן באַ־קומען דעם זעלבן גורל ווי די יידישע קליינע שטעטלעך. מ׳האָט באַפוילן די יידן זאָלן פאַרלאָזן די הייזער. ביי נאַכט האָט מען זיי אַלע צונויפגענומען און זיי אַוועקגעפירט אין מושב־זקנים, נעבן דער יאַסער קהילה, וואָס האָט נישט באַוויזן אַזוי פיל צו העלפן. ס׳איז שוין קיינער נישט געווען זיכער מיט דער רגע. אַפילו יענע וואָס האָבן דערוויל קיין עוואַקויִרונגס־באַפעל נישט באַקומען, זענען געזעסן אויף די פּעקלעך, גרייט מ׳זאָל זיי יעדע רגע הייסן אַרויסגיין, ווייל ווי ס׳איז נאָר טאָג געוואָרן, איז מען געקומען פון דער פּאָליציי, רעקווירירנדיק צימערן פאַר דער אַרמיי.

מ׳האָט זיך אָנגעשטויסן אין אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד מצד די רוסן. די דייטשן האָבן טאַקע געשריגן „בליץ־קריג״, נאָר מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ זענען דערוויל אָנגעפילט געוואָרן די שפּיטאָלן מיט פאַרוווּנ־דעטע. ווי האָט ייפ״אַ געזאָגט:

— די רוסן דערלאַנגען נישט קיין האַלעשקעס, נאָר קוילן וואָס גייען אַריין טיף אין דייטשן פלייש און זייער בלוט גיסט זיך אין פּרוט, וואָס איז

אַפּנים אויך באַלשעוויזירט און באַקומט אַ רויטע פאַרב... זאָלן זיי זען, די דייטשן, ווי דער רוס וועט זיי פאַרציִען אין טיפן ווינטער אַריין און דעמאָלט וועלן זיי זיך שוין זען מיט אַלע קרובים זייערע.. ביז וואָס־ווען, זאָל גאָט העלפן, אַז די דייטשן מיט די רומענער זאָלן זיין פאַרנומען מיט זיך און קיין צייט נישט האָבן אונדז צו ווייזן וואָס ס׳הייסט צו זיין אַ ייד...

די אַרעסטן האָבן זיך געצויגן. האָסט נאָר וואָס גערעדט מיט אַ מענטשן און שפּעטער מיט אַ פּאָר מינוט האָט מען שוין פון זיין געביין נישט געוווּסט. תמיד — נייע ידיעות וועגן די פאַרשיקטע. לויט ייפ״אַ האָט איבערגעגעבן, ווערן זיי פון צייט צו צייט פאַרשיקט אויף אַנדערע פּלעצער, ווייל זיי זענען פּאָליטישע ערבות־מענטשן און ווער ווייסט ווען מ׳וועט קענען זיך דער־ וויסן ווו זיי זענען. איינס האָט מען געוווּסט, אין דער מאָלדאַווע געפינען זיי זיך נישט. פון צייט צו צייט פלעגט זיך באַווייזן אַ קריסט, וועלכער איז באַצאָלט געוואָרן מיט גרויסע געלטער, דערפאַר וואָס ר׳האָט געבראַכט אַ קוויטעלע, אַז זיי לעבן.

שמועות זענען געפלויגן און פון אַלעם האָט מען געדרונגען, אַז ס׳איז אַ לאַנגע מעשה. די רוסן ווילן אַריינשלעפּן דעם דייטש אין ווינטער אַריין.

— יאָ, האָט ייפ״אַ געטענהט, נאָך געוויען אַזעלכע חכמים וועלכע האָבן אָנגעהויבן מיט די רוסן, און פּונקט דעמאָלט ווען זיי האָבן געמיינט, אַז אָט־אָט זיגן זיי, איז אָנגעקומען דער ווינטער און גיי טו עפּעס, אַז די נאַ־ טור האַלט מיטן רוס... יידן האָבן אַפילו איינגעשטעלט זיך און געכאַפּט אַ פרעמדן פּאָסטן ביי די אַפּאַראַטן וואָס זענען באַהאַלטן געוואָרן אויף אַזאַ פּלאַץ, ווו מ׳וועט זיי קיין מאָל נישט טרעפן... ווייל ביים איבערגעבן די ראַדיאָ־אַפּאַראַטן, האָט מען צווישן אַזוי פיל הונדערטער, איבערגעגעבן אויך ליידיקע קעסטלעך און דערצו נאָך באַקומען אַ באַשטעטיקונג, געשריבן שוואַרץ אויף ווייס, אַז פלוני האָט בפירוש איבערגעגעבן דעם ראַדיאָ־ אַפּאַראַט... אַ ייד האָט געברענגט אַן אַלטן אַפּאַראַט, האָט דער סאָלדאַט, מיטן שטיוול אָדער מיט דער ביקסן־קאָלבע, אים אַ שליידער געטאָן און געהייסן, טאַקע דעם יידן אַליין, צונויפנעמען און אַרויסוואַרפן אין הויף אַריין די צעבראָכענע „ראַבלע״.* האָט אים דער ייד טאַקע געפאָלגט. באַקומען אַ צעטל אַז זיין אַפּאַראַט איז איבערגעגעבן געוואָרן אין דער

* שברי־כלי.

פּאַליציי, נאָר אָנשטאָט אים אַרויסצוואַרפן אין הויף אַריין, האָט ער אים אַהיים גענומען און — — —

ס'איז גענוג געווען, אַז איינער זאָל הערן ווי אַזוי לאָנדאָן גיט איבער דעם געוויינטלעכן מצב אויפן פראָנט, האָט ער געכאַפּט אַ שפּאַציר פון שטוב צו שטוב, פון בונקער צו בונקער און מחיה געווען די ייִדן מיט חדשות. טי־ראַספּאָל האָט, אויף רומעניש, געמעלדעט גענויע ידיעות און גערופן די באַפעלקערונג, אָן אונטערשייד פון נאַציע און רעליגיע, מלחמה האַלטן און שטערן דעם שונא „וועלכער פאַרכאַפּט פרעמדע טעריטאָריעס און פאַרגיסט אומשולדיק בלוט".

שילן זענען באַרויבט געוואָרן פון די הייליקע רייכקייטן וואָס האָבן דורות־לאַנג זיי באַצירט. ייִדן האָבן באַוויינט די ספרי־תורות וואָס זענען אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די טמאים, וועלכע האָבן זיי צעשניטן, צע־ריסן, אויפגעניצט פון זיי טאַשן, בייטלען, אויבער־רעק. איניקע האָבן זיך אויפגעניצט אָפּינטשעס * און אַנדערע — צונויפגענומען זיי גאַנצע הויפנס, געמאַכט אַ וואַרע און פאַרברענט. זייער שדים־שנאה האָט זיך דערמיט נאָך נישט געשטילט, פלעגן זיי אָנצינדן די שילן, צוקוקנדיק, מיט שפּאָט און געלעכטער, ווי זיי ברענען. אין ערטער וווּ די שילן זענען נישט פאַרברענט געוואָרן, האָט מען זיי פאַרוואַנדלט אין פערדשטאַלן.

ייִדן וועלכע זענען קאָנצענטרירט געוואָרן ריין צו מאַכן די איינגענו־מענע שטחים, האָבן נישט איין מאָל געפונען אויף צעבראָכענע טירן — אַ מזוזה. פלעגן זיי די מזוזה אַראָפּנעמען, אַרומטראָגנדיק זיך מיט איר ווי מיט אַ קמיע. אַנדערע האָבן מורא געהאַט מ'זאָל די מזוזה ביי זיי געפינען בשעת אַן אונטערזוכונג און זיי חושד זיין, אַז דאָס איז אַ „מסוכענער" דאָ־קומענט פונעם שונא, פלעגן זיי די מזוזה ברענגען צו קבורה ווו עס האָט זיך געלאָזט, בשעת זיי האָבן באַדאַרפט פאַרשיטן די פון באָמבעס אויפגע־ריסענע גריבער. בכדי דער סאָלדאַט וואָס האָט זיי געהיטן זאָל נישט דערהערן, פלעגן זיי שטילערהייט שעפּטשען אַ תפילה... אַזוי האָבן זיי געטאָן אויך מיט שיימעס און תפילין.

מענטשן וועלכע זענען געווען אַ מאָל לינק געשטימט, נאָר דערווייל האָט מען זיי נאָך נישט פאַרשפּאַרט, האָבן געחלומט, אַז אָט־אָט וועט דער

* פויערישע שיך.

רוס אָנהייבן די אָפּענסיווע און אין חלום האָבן זיי שוין געזען ווי דער דייטש אַנטלויפט... ליידער, האָט מען דאָס נישט געזען. דער דייטש איז דערווייל נישט אַנטלאָפן און דער רוס איז נישט געקומען.

ייפ״א האָט געלאָזט זיך הערן, נאָר דאָס מאָל מיט בייזע נבואות. דייטשן זאָלן געוועזן זאָגן, אַז ביז מ׳וועט דעם אמתן קרבן נישט ברענגען, דאָס הייסט: ביז זיי וועלן נישט זען ווי ייִדיש בלוט גיסט זיך איבער אַלע וועגן וואָס פירן צום פרוט, וועלן זיי דעם פרוט נישט אַריבערגיין.

זעלטן האָט מען געזען אַ ייד גיין אין גאַס. געזען האָט מען יידן אין גאַס אונטער פאַרשידענע אופנים: אָדער מ׳האָט אים אַרעסטירט דערפאַר, וואָס ר׳האָט געוואַגט צו ווייזן זיך אין גאַס, אָדער אין קעלער האָט מען געפונען אַ פאַרדעכטיק שטיקל דראָט, אָדער אַ רויטע קאָלדרע — אַ סימן, אַז ר׳האָט צוגעגרייט אויף אַ פאַסיקן מאָמענט אַ רויטע פאָן, און ער וואַרט נאָר אַז דער רוס זאָל אַריינקומען. בלבולים האָבן זיך געצויגן. ביז אין אַ שיינעם טאָג האָט די פּאָליציי אָנגעהויבן צו באַפרייען צעטלען, אַז פלוני איז „אין אָרדענונג״ און מעג זיך באַוועגן אין גאַס. אַפילו מיט די צעטלען האָבן יידן אויך מורא געהאַט צו באַווייזן זיך אין גאַס און מ׳האָט שוין מקנא געווען די פאַרשיקטע.

ביי טאָג האָט דער שונא נישט אויסגעזען אַזוי ווילד און חיהש. טאָמער האָט אַ קויל געטראָפן אין מיטן גאַס, איז דאָס געווען ביי דער ליכטיקער שיין און דער טויט אַליין, אויף וויפל ר׳איז געווען ביטער, האָט ער נישט אויסגעזען אַזוי שוואַרץ און קאַלט. ווי נאָר ס׳איז צוגעפאַלן די נאַכט, האָט מען געמיינט, אַז מ׳וועט שוין דעם צווייטן טאָג נישט דערלעבן. אַזוי לאַנג איז זי געווען, די נאַכט. כוליגאַנעס, רומענער און דייטשן, פלעגן ביי נאַכט אַריינכאַפּן זיך אין בונקערס אָפּטאָן יענץ שטיקל אַרבעט און ביים אַוועקגיין, קריק פאַרמאַכן די טירן, גליך ס׳איז גאַרנישט געשען. ווען די שלעכטע ריחות פון די צום טויט דערשאָסענע קערפּערס האָבן זיך געלאָזט פילן, איז מען געוואָר געוואָרן וואָס דאָרט איז געשען.

אין אָנהייב איז נאָך געווען צו דערליידן אין יענע בונקערס ווו ס׳זענען געווען אויך קריסטן, ביז די שנאה האָט זיי אָנגעשטעקט און זיי האָבן פשוט נישט דערלאָזט, אַז אויך יידן זאָלן געניסן פון די בונקערס. יידן זענען געלאָפן אין דער פּאָליציי, באַקומען צעטלען אַז זיי זענען „אין אָרדענונג״,

אָבער דאָס האָט אויך נישט געהאָלפֿן. נאָך מער: זייער זעלטן איז געלונגען צוריקצוקומען לעבעדיקערהייט פֿון דער פּאָליציי.

איך האָב מיך אַלץ געהאַלטן מיט מײַן צרה: גאַנצע נעכט געווען פֿאַר־שלאָסן מיט מײַן שוועסטערל אין שטוב און געפֿילט ווי מיר ווערן משוגע פֿאַר פּחד. די אויפֿרײַסן האָבן נישט אויפֿגעהערט, און די שטוב, גלײַך זי האָט אָנגעשטעקט זיך פֿון אונדז, האָט אויך געציטערט. געלעגן זענען מיר אָן עסן, אָן שום ידיעה וועגן דער מאַמען מיט די אַנדערע צוויי שוועסטער־לעך. תמיד נײַע געשרייען, געוויינען איבער די גאַסן. מיר האָבן פֿולשטענדיק פֿאַרלוירן דעם באַגריף פֿון צײַט. כ׳בין נישט פֿעיִק געווען זיך צו דערמאָנען אין וועלכן טאָג מיר זענען. אויב כ׳האָב קיין טעות נישט, איז נעכטן געווען דאָנערשטיק, הײַנט איז פֿרײַטיק. דעם גאַנצן טאָג איז קיינער נישט אַרויס פֿון בונקער און דערפֿאַר זענען מיר געלעגן פֿאַרשלאָסן אין שטוב אַ גאַנצן טאָג. דורכן קאַמופֿלירטן פֿענצטער האָבן מיר געקענט כאַפּן אַ קוק אין גאַס און זען ווי יעדעס מאָל ווערן אַנדערע יידן אַרויסגענומען פֿון די הײַזער און דערשאָסן. דער אַליאַרם־צושטאַנד האָט זיך געצויגן אָן איבעררײַס אַ גאַנצן טאָג. די נאַכט איז צוגעפֿאַלן און ראַקעטן האָבן באַלויכטן אונדזער צימער, כאָטש ס׳איז געווען קאַמופֿלירט.

מיט אַ מאָל האָבן מיר דערהערט געוויינען. די טיר האָט זיך געעפֿנט און אין איינעם מיטן פֿעטער זענען עטלעכע מענער אַרײַן אין שטוב און געזאָגט

— דער קעלער העלפֿט שוין אויך נישט! מ׳דאַרף זיך אויסבאַהאַלטן.

וואָס טוט מען אָבער מיט מײַן שוועסטערל ראָזאַ? זי איז דאָך נישט „פֿאַרשריבן״.

כ׳בין צוגעגאַנגען צום פֿעטער, אים אַ קוש געטאָן און געזאָגט:

— האָב קיין יסורים נישט, פֿעטער טײַערער, ווי נאָר ס׳הייבט אָן טאָגן וועלן מיר אַוועקגיין.

דער פֿעטער האָט אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. זײַן שוועסטערס קינדער קענען בײַ אים אין שטוב נישט זײַן. וווּהין וועלן זיי גיין און וואָס קען חלילה געשען מיט זיי, אַצינד, אין פֿולן פֿײַער אַרויסגיין אין גאַס. ווי אַזוי וועל איך מיר דאָס קענען מוחל זײַן?... כ׳האָב דאָך אויך קינדער...

אַ גאַנצע נאַכט זענען מיר געזעסן אַרום פֿעטער און געוויינט, פֿאַרויס־פֿילנדיק, אַז דער מאָרגנדיקער טאָג וועט באַשליסן אַלעמענס גורל.

אין דרויסן שטאָק־פינצטער. געוואַלדן און דראָונגען:

— אַנטלויף נישט, ווייל כ'וועל לעבעדיקערהייט אָפּשינדן די הויט פון דיר.

קוילן האָבן געפייפט ווי קאָסעס ביים שנידן זאנגען, און מיט אַ מאָל איז ליכטיק געוואָרן. אַ נייע באָמבאַרדירונג. ס'איז פאַרביי אַ שעה. די אויפרייסן זענען אַנטשוויגן געוואָרן, נאָר קיין צייכן איז נישט געגעבן געוואָרן, אַז מען מעג שוין אַרויסגיין פון די בונקערס. פון דער צווייטער גאַס האָט זיך דערהערט אַ באַפעל אויף דייטש און מיטראַליערן האָבן זיך צעשאָסן אויף רעכטס און אויף לינקס. דאָס מאָל האָט מען שוין קיין זיפצן און קיין געשרייען נישט געהערט. גוטווייליק איז געווען דער טויט און געקומען מיט אַ מאָל, פון געניטע שיסערס.

אַ בית־הקברות־שטילקייט. אויפן האָריזאָנט — רויטע דעמערונג, גלייך ס'פאַרגאָסענע יידישע בלוט האָט אויך דעם הימל באַשפּריצט. כ'האָב מורא געהאַט צו קוקן ארויף, ווייל ס'רויטקייט איז געווען זייער מאָדנע, נישט ווי תמיד. אַ רויִקייט האָט מיך אַרומגענומען, אַ מין פועלן ביי זיך אַליין, אַז אַזוי דאַרף זיין. איך מיט מיין שוועסטער זענען געבליבן שטיין פאַרשטיינערטע, ווי צוויי סטאַטועס, נישט קענענדיק אַרויסרעדן קיין וואָרט. כ'האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז מער וועל איך דעם פעטער מיט זיינע דריי זין שוין מער נישט זען, ווייל אין דער צייט וואָס מיר זענען געלעגן באַהאַלטן ביי אים אין שטוב, האָבן מיר געזען דורכן פענצטער ווי מ'פירט מחנות יידן, נאָר צוריק קומט שוין קיינער נישט. יידן גייען מיט אויפגעהויבענע הענט. די שדים בדקענען אין די קעשענעס. זעענדיק אַ רינגל אויף אַ פינגער, וואַרט מען נישט ביז ר'וועט עס אַליין אַראָפּנעמען און זיי אַוועקגעבן, נאָר מ'רייסט אַראָפּ ס'רינגל צוזאַמען מיטן פינגער. האָט איינער אַ שיינעם זייגער אויף דער האַנט, ווערט אים אָפּגעהאַקט אויך די האַנט. האָט זיך איינער צעווײנט פאַר ווייטאָג, האָט אַ שאָס אים פאַרשטילט אויף אייביק. די געטריבענע יידן זענען געגאַנגען איבער טויטע יידישע קערפּערס, וואַרעמע טויטע קערפּערס, ווייל די סאָלדאַטן האָבן געשטופּט און געשלאָגן, מ'זאָל זיך צואיילן. אַ סך צייט האָבן די מערדערס נישט געהאַט. עס האָבן געוואַרט אַנדערע יידן מיט רינגען און מיט זייגערלעך.

אין די אויערן האָבן מיר געקלונגען דעם פעטערס לעצטע ווערטער, ביי אונדזער אַרויסגיין:

— זייט מיר מוחל, קינדער! מיין שוועסטערס טייערע קינדער...

מיר האָבן אים מוחל געווען. וואָס איז ער, נעבעך, שולדיק געווען? ר׳האָט געטראָגן די שולד פון אונדז אַלע: מיר זענען יידן!

אָבער וווהין זאָלן מיר גיין? אין דער קהילה? ניין! מ׳דאַרף פּרווון אין דער פאַבריק. דאָרט, צווישן די מאַשינען, וועלן מיר זיך אפשר קענען אויסבאַהאַלטן, ווייל זיכער איז, אַז אין דער פאַבריק אַרבעט מען נישט היינט. בכדי נישט טרעפן זיך מיט סאָלדאַטן, האָבן מיר גענומען גיין דורך הינטערגעסלעך און קוים דערלעבט צו זען זיך נישט ווייט פון דער פאַבריק. מיט אַ מאָל וואַקסן אויס צוויי שקצים, וועלכע האָבן אונדז תיכף מקבל פּנים געווען מיט אַ פּאָר גוטע סטוקאַטשעס אין די זייטן און תיכף זיך צעשריגן:

— וואָס טראָגט איר דאָרט אין די בינטלעך, זשידאַנקעס? מאַניפעסטן? אויפרייס־מאַטעריאַל? ווילט איר טאַקע אונדז אַלע אומברענגען?

עפּענענדיק די פּעקלעך און זעענדיק וואָס מיר האָבן דאָרט: אַ האַנטעך, העמד, אַ פּאָר זאָקן, האָבן זיי דאָס צוגעלקחנט, זאָגנדיק:

— טראָגט איך שוין אָפּ פון דאַנען. וויטער צו גיין איז פאַרבאָטן פאַר זשידאַנעס...

זיי האָבן אונדז איבערגעגעבן אַ דריטן שייגעץ, וועלכער האָט אונדז אויך מקבל געווען מיט קלעפּ און געפירט אונדז, צוזאַמען מיט אַנדערע, צום הויף פון גענעראַל, פאַרוווּלעסקו,* אויף קאַפּיטאַן־פאַון־גאַס 11.

---

* גענעראַל פאַרוווּלעסקו האָט חתונה־געהאַט מיט אַ יידיש מיידל און געלעבט מיט איר גליקלעך. זי האָט זיך נישט געשעמט מיט איר יידישן אָפּשטאַם און נישט איין מאָל גערעדט יידיש מיט די שכנטעס. דער גענעראַל פלעגט תמיד זאָגן: אמת, מיין פרוי איז אַ יידישקע, אָבער מיינע צוויי טעכטער מעגן חתונה האָבן מיט וועמען זיי אַליין וועלן אויסקלויבן, קריסטן אָדער יידן!

זענען אָבער געקומען די טעג פון צאַרן. לעגיאָנערן האָבן געוואָרנט דעם גענעראַל, אַז ער זאָל „אָוועקוואַרפן די זשידאָווקע", אַנדערש וועט מען אים עפנטלעך אַראָפּרייסן די עפּאָלעטן פון אַ גענעראַל. אין שטוב, ווי אויך צווישן זיינע באַקאַנטע, האָט מען באַמערקט, אַז ער גייט אַרום אַ דערשלאָגענער, ווייל ער האָט ליב געהאַט זיין פרוי און געשעצט יידן. אין שווערע צייטן האָט ער אַ סך טובות געטאָן יידן, אַ דאַנק זיין פרוי. ער וואָלט מסכים געווען צו אַן עפנטלעכער דעגראַדירונג, נאָר ר׳איז געווען אַ מיליטערמאַן מיט אַ רייכער פאַרגאַנגענהייט און געהאָפט, אַז די צייטן וועלן זיך נאָך ענדערן צום גוטן. ר׳האָט אַלץ געטאָן, בכדי צו פאַרבאָרגן די אמתע לאַגע פאַר זיין פרוי, מיט וועמען ר׳האָט זיך פאַרבונדן אויס ריינער אמתער ליבע, ביזן טויט. מ׳ווייסט נישט ווי אַזוי זיין פרוי האָט זיך דערוווּסט. קענעדיק איר מאַן, אַז ר׳האָט ליב זיין לאַנד און זיין פּאָסטן, האָט זי

אַזוי ווי דער הויף האָט געהאַט עטלעכע אַריינגענג, האָט מען געהאַלטן אין איין ברענגען ייִדן. אונטער אַ בוים זענען געשטאַנען די שדים און צוגעקוקט ווי מ׳טרייבט צונויף די ייִדן, גלייך זיי וואָלטן געווען אַ טשערעדע בהמות. ווען דער הויף איז שוין געווען איבערפולט, האָבן די רשעים אָנגעהויבן די סעלעקציע, אויף פּאַרדעכטיקטע און נישט־פּאַרדעכטיקטע. עלטערן האָבן זיך געבעטן מ׳זאָל זיי נישט פונאַנדערטיילן פון זייערע קינדער. יונגע מענטשן האָט מען געהייסן זיך שטעלן אין איין זייט. זיי זענען גוט פאַר „אַרבעט לטובת הכלל״ און אונטער אַ שטרענגער וואַך זענען זיי אַוועקגעשיקט געוואָרן צו דער קוועסטור, פון וואַנען זיי זענען צוריק שוין נישט געקומען. די אַלטע האָט מען כלומרשט אַהיים געשיקט, נאָר ביז צו דער היים, האָבן זיי די כוליגאַנעס דערשאָסן אין גאַס.

אַ פאָטער איז געלעגן אין אַ טייך בלוט.. דער זון האָט זיך איינגבויגן

---

קיין סך נישט געטראַכט, און ביינאַכט, שלאָפנדיק נעבן איר געליבטן מאַן, האָט זי אויסגעטרונקען אַ גרויסע דאָזע סם, און געבליבן טויט אויפן אָרט. זעענדיק, אַז זי לעבט נישט, איז ער ווי פון זינען אַראָפּ, שרייענדיק אַז צוליב אים איז זי געשטאָרבן און דער חשד האָט אים געעקט.

אין אַ בריוו, וואָס זי האָט געשריבן מיט אַ טאָג פריִער, האָט זי געבעטן איר מאַן און אירע צוויי טעכטער, מ׳זאָל איר מוחל זיין פאַר דעם ווייטאָג וואָס זי האָט זיי פאַראורזאַכט. זי האָט עס געטאָן אויס ליבע צו זיי. פריינד פון דער משפחה האָבן דערציילט, אַז זי האָט געבעטן מחילה ביי איר פאָלק, פון וועמען זי איז געווען אָפּגעטיילט, נאָר צייטווייליק, ווייל אין דער נשמה איז זי געבליבן אַ ייִדישקע. דערפאַר איז פאַר איר אַלץ איינס, אויב מ׳וועט זי צו קבורה ברענגען ערגעץ אין אַ ווינקל, זאָל זיין אַפילו ביים פלויט פון אַ ייִדישן בית־הקברות. זי שטאַרבט מיט אַ רויִק געוויסן. אויס ליבע צו איר טייערן מאַן האָט זי פאַרלאָזט איר פאָלק און אויס ליבע צו איר מאַן און קינדער פאַרלאָזט זי ס׳לעבן. זי שטאַרבט, ווייל זי וויל נישט, אַז די אַלע, וועלכע זענען איר אַזוי טייער זאָלן באַשמוצט און באַליידיקט ווערן צוליב איר ייִדישן אָפּשטאַם; כאָטש זי איז זיכער, אַז איר ליבער מאַן מיט אירע קינדער, וואָלטן זי אויך איצט נישט פאַרלאָזט. זי האָט נישט פאַרלייקנט איר ייִדישן אָפּשטאַם, אויך דאַן, ווען איר מאַן איז בייגעשטאַנען שווערע פאָרווורפן און אויס ליבע חתונה געהאַט מיט איר. זי איז אויף קיינעם נישט ברוגז, נאָר אַצינד פילט זי וואָס אירע עלטערן האָבן געפילט ווען זי האָט זיי פאַרלאָזט, ווייל אַצינד גייט זי אַוועק פון אירע קינדער און טייערן מאַן.

אַ לוויה האָט זי געהאַט איינע פון די בכבודיקסטע. אָבער אויך דער גענעראַל האָט ביסלעכוויז אָנגעהויבן אָפּצושטאַרבן. ער איז תמיד געגאַנגען אויף איר קבר און מיט טרערן אין די אויגן אויסגערעדט זיך זיין ביטער האַרץ, אַז צוזאַמען „מיט איר, איז אויך אָפּגעשטאָרבן זיין גראַד״... ער האָט אויסגעפילט זיין חוב פאַרן לאַנד און אַצינד וויל ער דערפילן זיין חוב אויך לגבי איר״... און טאַקע נאָך אַ קורצער צייט געשטאָרבן.

איבער אים, האָט ער תיכף אַריינגעכאַפּט אַ קויל אין קאָפּ אַריין. דער מער־דער, אַ באַקאַנטער זיינער, האָט אים נאָך געזאָגט:

— אַ ווילער זון ביסטו. שווער דיר צו שיידן זיך פון טאַטן... טאָ נאָ דיר אויך אַ קויל אין קאָפּ אַריין...

פרויען האָט מען געהייסן אַהיים גיין. האַלטנדיק מיין שוועסטערל ביי דער האַנט, האָט מיך געמאַטערט איין געדאַנק: וואָס הערט זיך ביי דער מאַמען? לויט מ׳האָט דערציילט איז אויסגעקומען, אַז קיין איין בונקער איז נישט געבליבן אָן הרוגים. רומענישע שקצים האָבן אָנגעוויזן ווו יידן געפינען זיך. אויב די ערשע קויל האָט בלויז פאַרוואונדעט האָבן די רומע־נער דערלאַנגט מיט שטעקנס, מיט שטיינער איבערן קאָפּ, אין פּנים אַריין, ס׳זאָל הייסן, אַז אויך זיי נעמען אַ חלק אין דער מצוה פון „באַפרייען" רו־מעניע פון יידן.

די דייטשן האָבן געראַבעוועט יידיש האָב־און־גוטס, דערשאָסן די יידי־שע איינגטימער און אַוועקגעפאָרן. קינדערלעך, וואָס האָבן אינסטינקטיוו דערפילט די סכנה, האָבן זיך פאַררוקט אונטער די בעטן. פילנדיק, אַז די דייטשן זענען שוין אַוועק, זענען זיי אַרויסגעקראָכן און אָנגעהויבן רופן די עלטערן, וועלכע האָבן זיך געוואַלגערט אין קאַלוזשעס בלוט און גאָרנישט געענטפערט, ווייל פון די דורכגעשאָסענע מיילער האָט געליאַפּעט דאָס בלוט.

לאַנג האָט געדויערט דער וועג ביז מיין ברודערס ווינונג, ווו מיין מאַמע האָט זיך געפונען, ווייל אַלע מאָל האָט מען אונדז פאַרהאַלטן און „אויסגעפאָרשט". אין רויִקע צייטן האָט דער וועג געדויערט אַ פערטל שעה. היינט זענען מיר אָנגעקומען ערשט 4 אַ זייגער נאָך מיטאָג. געקראָכן זענען מיר פון וואַנט צו וואַנט, פון פּלויט צו פּלויט, לעכצנדיק נאָך אַ טראָפּן וואסער. נאָר אָנשטאָט וואַסער האָבן מיר געזען אַרום זיך בלוט, וואָס האָט אין די שטראַלן פון דער תמוזדיקער זון געגלאַנצט ווי פּערל. סירענעס האָבן געוואָרנט, און אויב מ׳האָט געפונען עמעצן אין גאַס, האָט מען אים תיכף דערשאָסן.

מיר זענען געלעגן מער אויף דער ערד, ווי געגאַנגען. צוליב דעם שווערן לופט־דרוק, האָב איך זיך יעדעס מאָל געפונען ווייט פון מיין שוועסטער. אויפגעכאַפּט ווי פון אַ חלשות האָב איך זיך אַרומגעקוקט, אָנגע־

הויבן זוכן איינע די אַנדערע, צוערשט רופנדיק ביים נאָמען, נאָך דעם, אויפשטעלנדיק זיך אויף די קני, אָנגעהויבן רופן זי, רופן הויך אויף אַ קול, ביז מיר האָבן זיך נאָך אַ מאָל אָנגענומען פאַר די הענט, געגאַנגען און גע־גאַנגען, נישט צו וויסן ווו מיר געפינען זיך. נישט איין מאָל זענען מיר צוריק געקומען אין דעם זעלבן געסל פון וואַנען מיר זענען נאָר וואָס אַוועקגעגאַנגען.

סוף־כל־סוף זענען מיר אָנגעקומען צום ברודערס שטוב און געטראָפן אַ הענגענדיק שלעסל אויף דער טיר. נאָך אַ מאָל האָבן מיר אָנגעהויבן אויסקוקן די אויגן אויף רעכטס און אויף לינקס, אפשר וועט מען דאָך זען אַ לעבעדיק נפש; די גאַנצע גאַס איז דאָך געווען באַווינט פון יידן. אַ גרויל האָט אונדז אַרומגעכאַפּט, נישט ווילנדיק ווהין צו גיין. כ׳האָב זיך דערמאָנט, אַז מיין שוועגערין האָט דאָ, נישט ווייט, אַ פעטער, און גענו־מען גיין אַהין. האָט מען אונדז געזאָגט, אַז די מאַמע מיט די קינדער גע־פינען זיך נישט ווייט פון דאַנען, ביי אַ געוויסער משפּחה מאָסקאָוויטש.

פאַרויספילנדיק עפּעס שלעכטס, האָב איך געפרעגט מיין שוועגערין, ווו ס׳געפינט זיך מיין ברודער שלמה, איר מאַן. מיט אַן אויסגעלאָשן קול, כמעט נישט צו דערהערן, האָט זי מיר געזאָגט, אַז ביי נאַכט זענען געקומען דייטשן, אַרויסגענומען פון דער שטוב איר מאַן, ברודער, פעטערס און קרובים, אַריינגעקוועטשט זיי אין דער דובע, פון וואַנען ס׳האָבן זיך אַרויסגעריסן הימלרייסנדיקע געשרייען, גלייך מ׳האָט זיי אינעווייניק מערדערלעך געפייניקט און געשלאָגן.

פון דאָרט בין איך אַוועק און געטראָפן די מאַמען מיט די קינדער אין אַזאַ מצב, אַז עס האָט מיר אָפּגענומען דאָס לשון. די מאַמע האָט מיר דער־נאָך דערציילט, אַז ווען מ׳האָט אַוועקגענומען מיין ברודער פון דער היים, האָט מיין שוועגערין פאַר מורא שוין נישט געקענט דאָרטן בלייבן און מיטן קליינעם קינד און מיט איר מאַמען, איז זי אַוועק צו אירע פריינד. מיין מאַמע, פאַרשטייענדיק איר שנורס יסורים, האָט גענומען אירע קינדער און געלאָזט זיך גיין אויף גאַס באַראַט. פונקט דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע באָמבאַרדירונג און זי האָט נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. פרוי מאָס־קאָוויטש, וועלכע איז געלאָפן פון שטוב און בונקער, דערזעענדיק מיין מאַמען מיטן פעקל אויף די פלייצעס און מיט די צוויי קינדער, האָט זי זי געהייסן אַריינגיין אין בונקער.

— וואָס ס'וועט זיין מיט אונדז — האָט זי געזאָגט, וועט זיין אויך מיט איך.

זייענדיק אין בונקער, האָט די מאַמע געהערט ביי נאַכט שרעקלעכע געוואַלדן אין הויף ווו מיין שוועגערין האָט געוווינט. זי האָט געוואָלט לויפן אַהינצו, נאָר מענטשן פון בונקער האָבן זי נישט געלאָזט אַרויסגיין.

דעם אַנדערן טאָג, גאַנץ פרי, צווישן צוויי אַליאַרמען, האָט יעדער אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ פון בונקער, זען, וואָס אַרום טוט זיך. מיין מאַמע האָט דערזען ווי מיין שוועגערין שטייט מיטן קינד אַקעגן דער זון און דאָס קינד זעט אויס ווי קראַנק. האָט מיין מאַמע איבערגעלאָזט די קינדער ביי דער פרוי מאַסקאָוויטש און צוגעכאַפּט זיך זען, וואָס דאָס קינד מאַכט.

האָט איר מיין שוועגערין דערציילט, אַז די פריינד צו וועלכע זי איז געגאַנגען, זענען אַוועק פון זייערע היימען און דערפאַר איז זי אַהיים געקו־מען. ביי נאַכט זענען געקומען די קריסטלעכע אַרבעטער פון איר פעטערס וואַרשטאַט און נאָכגעפרעגט זיך אויף די מענער. ווען זי האָט געענטפערט, אַז די דייטשן האָבן זיי אַוועקגענומען, האָבן זיי איר נישט געגלייבט און געמיינט, אַז זיי ליגן באַהאַלטן אין די וואַרשטאַטן און אָנגעהויבן דראָען מ'זאָל זיי אויסזאָגן ווו זיי זענען, ווייל זיי האָבן צו דערליידיקן מיט זיי אַלטע חשבונות. זעענדיק, אַז מיט דראָונגען וועלן זיי גאָרנישט דערגרייכן, האָבן זיי אָנגעהויבן שלאָגן די פרויען, צעבראָכן די זאַכן פון שטוב, אויפ־געריסן דעם וואַרשטאַט און אָנגעלאָדן אויף אַן אויטאָ אַלץ, וואָס זיי האָבן דאָרט געפונען. פאַרן אַוועקגיין האָבן זיי אויפסניי אָנגעהויבן שלאָגן. אינ־סטינקטיוו האָט מיין שוועגערין אַרומגענומען ס'קליינע קינד מיט די אָרעמס, אַז די מערדערישע קלעפּ זאָלן עס נישט דערהרגענען. וועלנדיק פאַרטיידיקן איר טאָכטער און איר אייניקל, האָט מיין שוועגערינס מוטער געשטעלט זיך צווישן זיי, און דעמאָלט האָבן די רשעים מערדערלעך זי צעשלאָגן, ביז זי איז אַנידערגעפאַלן אויף די קערפּערס פון איר טאָכטער און אייניקל, וואָס איז ווי שטום געוואָרן פאַר שרעק. פאַרן אַוועקגיין האָבן די כוליגאַנעס דערזען אַ קעסעלע מיט וואַסער. האָבן זיי דאָס אויסגעגאָסן, כדי די אומ־גליקלעכע פרויען זאָלן נישט האָבן וואָס צו טרינקען, אָדער מיט וואָס אָפּ־צוּוואַשן זיך ס'פּנים פון בלוט.

זעענדיק, אַז אויף דער פרוי מאַסקאָוויטש קען מען נישט דריקן זי זאָל אונדז אויך ווייטער האַלטן אין בונקער, האָב איך איר מבטיח געווען, אַז

מארגן, גאנץ פרי, וועלן מיר גיין אין דער דירה, וואס כ׳האב געדונגען ביי איינעם א קריסט, אן אינוואליד פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. בעתן שיקן ברענגען די מאמען פון ביוואלאר, האבן מיר געדונגען א צימער ביי א קריסט, וועלכער האט אויף אונדז געמאכט אן איינדרוק פון אן אנשטענדיקן מענטש, אים באצאלט פאר א האלב יאר פארויס און ער האט אונדז אפילו צוגעזאגט צו דערלידיקן אלץ אין דער פאליציי, ווו ער האט גוטע באקאנטע.

ס׳איז געווען א נאכט פון גרויל און פיין. געוואלדן און דונערן האבן געלעכערט דעם הימל. קיינער האט נישט געוווסט צי דאס זענען דונערן און בליצן, אדער אויפרייסן. פארטאג זענען די הימלען געווען בלייערנע און די העלדזער — טרוקענע פון רויך, וואס האט זיך דערהויבן פון ברע־נענדיקע שטיבער. מיר האבן געוואלט ארומוואשן די פנימער, נאר מיר האבן זיך נישט פארגינען אויסצונוצן ס׳ביסל וואסער וואס האט זיך נאך געפונען אין בונקער, ווייל מיר האבן נישט געוווסט, צי די וואסער־רערן זענען נישט באשעדיקט געווארן און צי די קריסטן האבן נישט פארסמט דאס וואסער.

געהערט האט זיך א טופעריי פון פיס און ס׳בלוט איז פארגליווערט געווארן אין די אדערן. ווי דורך א נס איז מען נישט אריינגעקומען אין בונקער פון דער משפחה מאסקאוויטש. דערמאנענדיק זיך, אז כ׳האב צו־געזאגט צו פארלאזן דעם בונקער נאך היינט, בין איך, איינע אליין, מיט דער נאכט אויפן קאפ, אוועק צו מיין פעטערס דירה, ווו כ׳האב געוווינט, בכדי צו נעמען עטלעכע נייטיקע זאכן, ווי ליילעכער, האנטעכער מיר זאלן כאטש האבן מיט וואס די טרערן אפצווווישן.

לענגויס דעם וועג האב איך געזען איין־און־דאס־זעלבע בילד: אלטע, יונגע און קינדער, געטריבענע און מערדערלעך צעשלאגענע. וועלנדיק פארקירצן דעם וועג בין איך אריין אין בארבוי־געסל. טראכטנדיק: כפי ס׳וווינען דארט קריסטן, וועט מיר לייכטער זיין. לאזט זיך גאר אויס, אז דווקא אויף דער קריסטלעך־פריצישער גאס, פירט מען ארויס פון בונ־קערס, יידן אין פיזשאמעס, האלב־נאקעטע, 13—14 יאריקע קינדער, פרויען מיט צעפאטלטע האר, אלע אויסגעשטעלט ווי צום פאראד, ווערן געטריבן צו דער קוועסטור. כ׳האב נאך צייט געהאט מיך אנידערצווואַרפן אויף דער ערד הינטער א פלויט און מיט אן איינגעהאלטענעם אטעם געזען ווי מען טרייבט זיי ווי בהמות צום שעכטהויז. ווייזט אויס, אז יידן האבן

זיך באַהאַלטן ביי אַ קריסט אין בונקער, פאַרלאָזנדיק זיך, אויף זיין, פון פריִער באַצאָלטן, יושר. אַצינד האָט ער אַרויסגעוויזן וואָס אַזוינס קריסט־לעכער יושר איז, און געהייסן דעם גויִשן דינער זיינעם קיין איין ייד נישט אַרויסלאָזן פון בונקער, ביז די „היטער" פון דער אָרדענונג וועלן נישט קומען.

די מחנה איז פאַרביי, כ׳האָב געלאָזט זיך וויטער גיין. אַ גרויס פייער איז אויסגעבראָכן אין גרויסן מאַרק, אָדער ווי מיר רופן עס: די האַלע. הונדערטער קריסטן האָבן באַוווּנדערט דעם ספּעקטאַקל. ווי כ׳האָב געהערט דערציילן, איז אַ באַמבע געפאַלן אין בונקער פון מאַטעלזאָנס הויף און „פאַרטיק" געמאַכט 200 זשידאַנעס. די פייערלעשער האָבן באמת שווער געהאָרעוועט, נישט חלילה צו ראַטעווען די יידן, נאָר צו זאָרגן, אַז די נעבעכדיקע קריסטלעכע דירות זאָלן זיך נישט אָנצינדן. גויים האָבן גע־זשאַרעט * מיט די אויגן, ווי איינער זאָגט:

נישט אַלץ וואָס די רוסן טוען, איז טאַקע שלעכט. אָט האָבן זיי אַראָפּ געוואָרפן אַ באַמבעלע און באַגראָבן זשידאַנעס. מ׳האָט זיך גאָרנישט געריכט אויף אַזוי פיל.

קומענדיק צום סאַראַטאָ־געסל, נעבן מענדעלזאָנס פאַבריק, האָב איך געזען קריסטלעכע שקצימלעך, אין עלטער פון 15 יאָר, רייסן באָרד און פּיאות פון אַן אַלטן אַנידערגעפאַלענעם יידן. דאָס איז געווען דער פאָל־טיטשענער רבי, ר׳ פּיזוישל וואַרמאַן, וועלכער איז געלעגן אַ פאַרבלוטיק־טער ביים עק פון טראָטואַר. די שקצימלעך האָבן מיך נישט געלאָזט צוגיין צו אים. צופעליק איז פאַרבייגעפאָרן אַ קריסט, אַראָפּ פון וואָגן, אויפגע־הויבן דעם רבין און פאַרגעלייגט אים אַהיים צו פירן, מוסרנדיק אויך די שקצים, וועלכע האָבן שפּאָטיש געלאַכט אים אין פּנים אַריין.

צוקומענדיק צום הויף ווו מיין פעטער האָט געוווינט, האָב איך פון ערשטן בליק שוין אַלץ פאַרשטאַנען. פרויען מיט קינדער זענען געשטאַנען ביים אַרויסגאַנג פון בונקער, מיט פאַרוואָרפענע קעפּ פון יאוש. די מענער זייערע מיט די עלטערע קינדער האָט מען אַרויסגעריסן פון די שטיבער און גלייך דערשאָסן.

אין צימער ווו כ׳האָב געוווינט, האָב איך געטראָפן מיין פעטערס דריי

---

* געברענט.

מיידלעך, זיצנדיק ווי פאַרשטיינערטע. דעם פעטער מיט זיינע דריי זין האָט מען געפירט מיט אויפגעהויבענע הענט, צוזאַמען מיט אַנדערע הונ־דערטער יידן, צו דער קוועסטור, פון וואַנען זיי זענען נאָך נישט אַהיים געקומען. נישט אויסרעדנדיק קיין וואָרט, האָב איך זיך אַנידערגעזעצט נעבן זיי, געגלעט זיי, געקושט, נאָר זיי, ווי פאַרשטיינערטע זענען זיי געזעסן און קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט.

כ'האָב זיך דערמאָנט אין מיין מאַמען מיט די שוועסטער ד א ר ט און געזען פאַר מיינע אויגן וואָס ס'טוט זיך דאָ, ביי מיין פעטער אין שטוב. נישט וויסנדיק אַליין וואָס כ'טו, האָב איך צונויפגעשלעפט עטלעכע פון מיינע זאַכן, און ווי אַ גנב זיך אַרויסגעכאַפּט פון דער שטוב, מיט אַ צע־בראָכן האַרץ, וואָס כ'דאַרף זיי אַזוי איבערלאָזן. פון קליין ביז גרויס האָבן מיר שוין גאַנץ גוט געוווּסט וואָס אויף אונדז וואַרט. איז נישט היינט, וועט עס זיין מאָרגן. אַלע וועלן מיר גיין נאָך אונדזערע טייערע, וואָס זענען אַזוי טראַגיש אַרויסגעריסן געוואָרן פון אונדז. קיין סימן פון הילף האָט מען פון ערגעץ און פון קיינעם נישט געזען. אויסגעפאַלן איז אויף אונדזער גורל, אַז מיר דאַרפן זיין אַ דור פון קרבנות!

מיטן פעקל אויף די פּלייצעס און מיט נאָך אַ גרעסערער פאַרביטערט־קייט אין האַרץ, בין איך אַראָפּ אין גאַס, ווי אין אַן אַנדער וועלט. די גאַס איז געווען טויט, ליידיק. דערפאַר האָבן געטשעפּעט זיך צו מיר שלעכטע און ביטערע מחשבות וועגן מאָרגנדיקן טאָג. כ'בין נישט געווען זיכער אויב כ'וועל אַ לעבעדיקע אָנקומען צו מיין מאַמען און דאָ קומט דער שרעקלע־כער אַכזר, דער אייגענער געדאַנק און נעמט מיך מוטשען:

„וואָס וועט מען טאָן מאָרגן? פון וואָס וועט מען לעבן? אפשר איז שוין בעסער פאַר יענע וואָס אַ קויל האָט אויף זיי רחמנות געהאַט און געפּטרט זיי פון אַזעלכע מחשבותן״... מיט אַ מאָל בין איך אויפגעציטערט געוואָרן, נישט וויסנדיק פאַרוואָס. עפּעס האָט מיך אַ טרייסל געטאָן און געוואָרן בין איך גאָר אַן אַנדער מענטש. כ'האָב זיך אַרומגעקוקט, זוכנדיק דעם נישט־געזעענעם, וועלכער האָלט אין איין זאָגן מיר:

— מען דאַרף לעבן און זיך שטאַרקן דווקא אין אַזעלכע רגעס. איבער־טראָגן אַלדאָס בייז, ווי ס'יידישע פאָלק! ווער ס'וועט דאָס איבערלעבן, וועט זיין אַ נייגעבוירענער מענטש, וואָס וועט שרייען און פאָדערן גערעכ־טיקייט און נקמה פאַר אַלע, פאַר אַלץ און פאַר אַלעמען.

דער זון־אויפגאַנג האָט מיך דערמאָנט אין אַ ליד וואָס מ׳פלעגט עס זינגען אין די יוגנט־קרייזן:

פיר אונדז, זון, צו יענעם ראַנד,
ווו ס׳געפינט זיך אונדזער לאַנד,
ווייל פאַר אונדז, נאָר דאָרטן, דאָרט,
גוט וועט זיין, וועט זיין אַן אָרט.

גייענדיק, מער אין חלום ווי אויף דער וואָר, האָב איך געהאַט ס׳געפיל, אַז אַרום מיר גייען מחנות, הונדערטער און טויזנטער פון מיינע יידישע ברידער און שוועסטער, מיט אויפגעהויבענע שרייענדיקע הענט, וואָס פאָדערן יושר, גערעכטיקייט, און פון אַלעמענס פנימער שטראַלט אַ גלויבן, אַז מיר זענען נישט די לעצטע. עמעצער וועט בלייבן און פאַר אונדז זיך נוקם זיין!

מיט אַ מאָל — אַן אַליאַרם: כ׳האָב אויפגעכאַפּט זיך פונעם חלום, איבער גאַסן געוואַשענע מיט יידיש בלוט. מיט די לעצטע כוחות בין איך צוגעלאָפן צום בונקער, ווו מיין מאַמע געפינט זיך, נאָר ביים אַריינגיין האָבן מיינע אויגן געבלאַנדזשעט אַרום און אַרום, זוכנדיק די ברידער און שוועסטער, וועלכע זענען מיט מיר געגאַנגען איבערן גאַנצן וועג און מיר האָבן זיך אַזוי גוט פאַרשטאַנען. די ערד האָט געטליִעט פון אַזוי פיל פייער. אין בונקער האָט מען געטוליעט זיך צו די ווענט, זוכנדיק איינער אין אַנדערן אַן אָנהאַלט. דווקא אין רגעס ווען מ׳האָט געזען דעם טויט פאַר די אויגן, האָבן יידן געוואָלט לעבן און געפרעגט האָט מען מיך צי כ׳האָב געזען יידן וואָס קומען שוין אַהיים, און דער עיקר: וואָס זאָגט ייפ״אַ? וויפל וועט עס נאָך האַלטן?

נישט ווילנדיק האָב איך אַ שמייכל געטאָן און געענטפערט:

— ייפ״אַ איז אויפן פראָנט. ביים צוריקקומען וועט זי אַריינכאַפּן זיך אויך אין דער קוועסטור, ווייל ביז איצט האָט זיך נאָך קיין איין ייד נישט אומגעקערט פון דאָרט.

מיטן ווונטש, אַז מיר זאָלן זיך נאָך זען אין גוטע צייטן, זענען מיר אַוועקגעגאַנגען פון דער משפחה מאָסקאָוויטש.

ס׳איז געווען זונטיק, 9 אַ זייגער אין דער פרי, דעם 29סטן יוני 1941. האַלטנדיק זיך ביי די הענט, זענען מיר אַרויס פון בונקער מיטן געדאַנק

צו ג׳יך צום צימער וואָס מיר האָבן געדונגען און אַפילו שוין באַצאָלט דעם קריסט, וואָס האָט אויף אונדז געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ ליטישן מענטש. דאָרט וועלן מיר שוין בלייבן און נישט אַרויסגיין ביז די לאַגע וועט קלאָר ווערן. אָדער מיר וועלן אויסגיין פון הונגער, אָדער מ׳וועט אונדז דערשיסן.

ביז מיר זענען צוגעקומען צו משה בעדערס באַד, אַ וועג וואָס האָט באַדאַרפט דויערן געציילטע מינוטן, האָבן מיר געזען נאָר פאַטרולן. די סירעגעס האָבן נישט אויפגעהערט צו אַליאַרמירן און מיר האָבן זיך געוואָרפן אויף דער ערד, שלעפנדיק זיך, ווי די ראַקן און זעענדיק ווי פון שוצגריבערשטעקן אַרויס פרויען די קעפּ, זוכנדיק איבער די ליידיקע גאַסן, אפשר וועט מען זען אַהיימקומענדיק איינעם פון זייערע טייערע.

איבער די גאַסן — קאַדאַורן מיטן פנים צום הימל, מיט האַלב־צעעפנטע אויגן, ווי זיי וואָלטן געפרעגט די אַלטע שאלה:

— פאַרוואָס קומט אונדז דאָס?

אַנדערע מיטן פנים צו דער ערד, זענען געלעגן אין ריטשקעס בלוט, וואָס האָט ביים שיין פון די זון־שטראַלן געשאַפן דעם איינדרוק, אַז עפּעס רירט זיך... ס׳בלוט רירט זיך... ציטערט...

פון ליקן און געסלעך האָבן זיך באַוויזן נייע מחנות יידן, געטריבענע אין איין און דער זעלבער ריכטונג: קוועסטור. ענדלעך זענען מיר דערקראָכן ביז אין שיל־הויף, דער גרויסער יידישער קוואַרטאַל מיט זיינע געסלעך און ליקלעך, ווי דינינקע אָדערלעך פון אַ קערפּער. ווי לויט אַ באַפעל, האָבן זיך פון יעדן געסל־אָדערל געגעבן אַ צעגיס יידן, וועמענס בלוט האָט זיך געגאָסן איבער דער שוין פאַרבלוטיקטער ערד. מיט אַ מאָל —אַ נייע מחנה, מיטן קאַלאַראַשער רבין, טווערסקי, מיט זיין הויכער, אַנזעעוודיקער פיגור פון אַ הייליקן, אין שפּיץ פון דער מחנה. מ׳שלעפּט אים ביי באָרד און פּיאות, מ׳שלאָגט אים.

דערמאָנענדיק זיך אַצינד אין יענעם בילד פונעם רבין, דעם גייסטיקן פאַסטעך פון יאַסער יידן, דערמאַן איך זיך אויך אַ לידל וועגן אַ פאַסטעך, וואָס מ׳האָט עס געזונגען ביי אונדז אין ביוואַלאַר:

פאַסטעך, האָב אין זין די סטאַדע!
ס׳גייט דער וואָלף, שוין איבער שעפסן;
לעבעדיקערהייט, אַוודאי,
וועט ער דיך שוין אויכעט פרעסן...

נעבן דער אַפּטייק זשעלאַי, אַנהייב סאַראַריע־גאַס, האָט מען פאַרייניקט אַלע מחנות און אָנגעהויבן טרייבן זיי, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס אַ סך האָבן קיין כוח נישט געהאַט אַפילו די פיס צו שלעפּן, האָט מען זיי געשלאָגן און געטריבן מיט די ביקסן־קאָלבעס אָן רחמנות. ברידער האָבן געטרעטן אויף ברידער וועלכע זענען שוין אויך געבליבן ליגן פאַרחלשטע אויף דער ערד. האָט איינער געשריגן פאַר ווייטאָג, האָט אים דער ערשטער פאַרביי־גייענדיקער סאָלדאַט תיכף באַפרייט פונעם ווייטאָג מיט אַ... קויל אין קאָפּ אַריין און יידן האָבן אים באַדאַרפט שלעפּן ביי די פיס, אין אַ זייט אַוועק, ער זאָל נישט שטערן דעם „פרייען" אַדורכגאַנג...

מיר זענען אַריין אין אַ הויף אויף קאָסטאַקע־נעגרי־גאַס, נישט וויסנ־דיק וואָס צו טאָן און ווי אַזוי צו גיין, אַז מיר זאָלן צוקומען צו אונדזער דירה אויף ספּינטו־אַנדריי־גאַס. דער גאַנצער וועג — בלוט, פייער, חורבן, געוויין פון יידישע קינדער, ווייל קריסטן — אָדער זיי זענען זיך צעפּאָרן אין דערפער, אָדער זיי זענען אין בונקערס וואָס די מאַכט האָט געבויט מיט אויסגענאָגט געלט פון יידן, וועלכע האָבן אין די בונקערס נישט געטאָרט אַריינגיין און די גאַנצע צייט זענען זיי געשטאַנען אין אָפענעם פייער, פאַר־שטויבטע, שוואַרצע פון וואַרפן זיך אויף דער ערד ביי יעדן אַליאַרם. נישט איין מאָל האָב איך אַליין זיך געפרעגט, צי מיר וועלן נאָך אָנקומען אין דער געדונגענער דירה איידער די נאַכט פאַלט צו און אַ פּאַטרול וועט אונדז אַלע אויסשיסן.

סוף־כל־סוף זענען מיר אָנגעקומען, אויפגעשלאָסן די טיר און אַלע זענען מיר אַנידערגעפאַלן מידע און דערשלאָגענע. ערשט דאָ האָבן מיר באַמערקט, אַז אונדזערע פּעקלעך זענען געבליבן איבער די וועגן און מיר האָבן נישט געהאַט אַפילו מיט וואָס ס'פּנים אָפּצוווישן. וויסנדיק, אַז די פאַבריק ווו איך אַרבעט איז נישט ווייט, האָב איך געשיקט צוויי פון מיינע שוועסטערלעך, זיי זאָלן בעטן די פרוי קאָפּאַלאָוויטש אונדז עפּעס צו געבן, ווייל מיר ליגן אויף דער הוילער ערד, נישט האָבנדיק אַפילו מיט וואָס צוצודעקן זיך.

פאַר דער טיר האָבן זיך פאַרזאַמלט אַלע קריסטלעכע קינדער פון דער גאַס און געקוקט אויף אונדז ווי אויף געטריבענע חיות. נישט צו וויסן וואָס דאָס זאָל באַדייטן, האָב איך געבעטן איינעם פון זיי, ר'זאָל גיין מיר קויפן אַ ברויט, ווייל זינט צוויי טעג, און אפשר מער, האָט קיינער פון אונדז נישט

געגעסן אַ שטיקל ברויט. ס׳געלט האָט ער גענומען נאָר אַ ברויט האָט ער ניִשט געברענגט. דערפאַר אָבער האָבן זיך אַלע אומגעקערט מיטן באַלע־באָס פון צימער וועלכער האָט אונדז געמאַכט גאָר אַ וואַרעמען קבלת־פּנים:

— וואָס זוכט איר ביי מיר אין הויף?...

שיכור איז ער געווען און כ׳האָב געפּרוווט אים דערמאַנען, אַז מיר האָבן דאָס צימער געדונגען און אַפילו באַצאָלט שכר־דירה פאַר אַ האַלב יאָר פאָרויס. דאָ האָט ער זיך צעשריגן אויף אַ קול:

— כ׳וועל אייך דערשיסן ווי די הינט, זשידאַנעס... דורך אייך האָבן מיר מלחמות... כ׳קום אַצינד פון דער קוועסטור, — האָט ער זיך געווענדט צו די קינדער — איז עס דאָרט אַ שפּיל... ביקסן קנאַלן און זשידעס פאַלן... ווי פליגן פאַלן זיי... דאָס הייסט געאַרבעט...

דערווייל האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אויך אַנדערע קריסטן און דער שיכורער באַלעבאָס איז אַריין אין גאָר גרויס התלהבות:

— מיט איין קויל ענדיקט מען דאָרט, עטלעכע פון אָט... די...

ער האָט אָנגעוויזן מיטן פינגער אויף אונדז.

— כ׳בין אַ געוועזענער זעלנער און מעג טראָגן אַ ביקס... טאַקע אַ פּענסיאָנער, אָבער שיסן קען איך נאָך... ווי יעדער סאָלדאַט אויפן פראָנט וואָס דאַרף טאָן זיין הייליקן חוב און דערהרגענען דעם שונא...

זעענדיק וואָס עס דערוואַרט אונדז, האָב איך מיט די פּלייצעס אָנגע־הויבן אַרויסשטופּן די מאַמען מיטן שוועסטערל פון צימער אין הויף אַריין, און איך, מיטן פּנים צו דער חיה וואָס האָט געדראָט צו נעמען די ביקס.

מיט אַ מאָל האָט זיך פאַרהאַלטן אַ מאַשין און כ׳האָב געהערט ווי מיינע שוועסטערלעך רופן מיך מיט דער מאַמען. קומענדיק צו דער משפחה קאָפּאַלאָוויטש, וווהין כ׳האָב זיי געשיקט, האָבן די שוועסטערלעך געזאָגט, אַז זיי האָבן מורא אַליין אַהיימצוגיין. האָט זיך דאָרט געפונען אַ דייטש אין די עלטערע יאָרן און זעענדיק ווי די קינדער וויינען, האָט מען אים דער־ציילט אין וואָס עס האַנדלט זיך און ער האָט גענומען אויף זיך אונדז צו ברענגען אין פאַבריק, באַזונדערס ווען מ׳האָט אים דערקלערט, אַז דאָס בין איך די, וועלכע קען אים געבן די „קוויטאַנציעס" וואָס ער פאַדערט. מיין שוועסטערל האָט אים געוויזן וווּ איך געפין זיך און זעענדיק ווי דער שיכו־רער גוי דראָט מיך צו שלאָגן, האָט ער תיכף אַרויסגענומען דעם רעוואָל־ווער און געוואָלט שיסן. מיט שווערער מי איז מיר געלונגען דאָס צו פאַר־

האַלטן, זאָגנדיק דעם דייטש, אַז דאָס איז אַ ק ר י ס ט און נישט קיין ייִד. דעמאָלט האָט ער זיך באַרויִקט און אונדז אָפּגעפירט אין פאַבריק.

די משפחה קאַפּאַלאָוויטש האָט אונדז תיכף דערלאַנגט טיי און פּילנ־דיק, נאָך אַזוי פיל טעג, דעם טעם פון טיי, האָבן מיר אָנגעהויבן קומען צו זיך, קוקנדיק איינע צו דער אַנדערער. די מאַמע צו מיר איך צו דער מאַמען און מיט אַ מאָל אַן אַליאַרם. אַלע זענען מיר אַראָפּ אין בונקער און דעמאָלט ערשט האָב איך באַמערקט אַז די גאַנצע פאַבריק איז רעקווירירט פון די דייטשן און מיר זענען אין זייערע הענט נישט מער ווי מאַריאָנעטן. פון די קריסטלעכע אַרבעטער האָבן איך געפונען נאָר די עלטערע, און אויך עטלעכע יידן וועלכע האָבן זיך באַהאַלטן ווו נאָר מ׳האָט געקענט. זעענדיק, אַז יידן זענען מומחים אין פאַך און וויל זיי האָבן זיך געניייטיקט אין זיי, האָבן די דייטשן ממילא מסכים געווען, אַז די יידן זאָלן בלייבן אין דער פאַבריק אַלס מאָביליזירטע צו דער אַרבעט.

אין בונקער זענען מיר געזעסן און געהערט ווי די דייטשן לאַכן און מאַכן חשבונות: קיין איינער פון די רוסישע עראָפּלאַנען וועט שוין נישט אַרויס גאַנץ פון דער מלחמה וואָס פירט זיך אין דער לופטן. ווייזט זיך אַרויס אַז די דייטשן זענען אַ ביסל שטומפּיק געווען אויפן חשבון. עטלעכע דייטשע עראָפּלאַנען זענען טאַקע אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן און די רוסישע זענען אַלע בשלום צוריקגעפלויגן קיין בעסאַראַביע.

אין בונקער האָט מיר פרוי קאַפּאַלאָוויטש דערציילט, אַז אין אַן אין דער פרי איז צו זיי אַריינגעקומען די קריסטלעכע שכנטע, אַ דאָקטאָרין און זיי געוואָרנט נישט אַרויסגיין אין גאַס, נאָר אויסבאַהאַלטן זיך. האָבן זיי טאַקע אַזוי געטאָן. די דייטשן האָבן זיי געגייט אויפצועפענען די פאַבריק, ווייל די אויסגקלאַפּטע שויבן אין די אויטאָס קענען נישט וואַרטן. די דייטשן האָבן גענומען אויף זיך צו היטן די פאַבריק און די אַרבעטער, און טאַקע זיי אַליין, די דייטשן, האָבן באַשלאָסן, אַז יעדער איינער וואָס געפינט זיך ביי דער אַרבעט וועט פון דאַנען נישט אַוועקגענומען ווערן און זיי זענען ערוב דערפאַר. נאָר אַזוי זענען געראַטעוועט געוואָרן די עטלעכע יידישע אַרבעטער וועלכע זענען אַרויס פון זייער באַהעלטעניש און די דייטשן אַליין האָבן זיי געברענגט אין פאַבריק אַריין.

ווען כ׳האָב זיי דערציילט וואָס אין גאַס טוט זיך, האָבן זיי בשום אופן נישט געוואָלט גלייבן, אָבער טרויעריק זענען זיי געוואָרן, ווייל איבער אַכט

טעג האָבן זיי פון דאַנען נישט גערירט זיך און גאָרנישט געהערט וועגן זייערע משפּחות.

ווי נאָר ס׳האָט זיך געענדיקט דער אַליאַרם־צושטאַנד, זענען די דייטשן צוגעקומען צום בונקער מאַכנדיק סימנים אַז מיר קענען שוין אַרויסגיין. כ׳בין תיכף אַריינגעגאַנגען אין ביורא און נישט געוווּסט וואָס פריִער צו טאָן. עפּעס אַ מאָדנע געפיל: איך זיץ אויף אַ בענקל! נאָך טעג פון קריכעניש אויף דער ערד, ליגנדיק איבער גאַסן, שטיין אין בונקערס, זיץ איך ווידער, ווי אַ מענטש, אויף אַ בענקל.

ביז שפּעט אין דער נאַכט, מיט קאַמופלירטע פענצטער, האָב איך געאַרבעט פאַר די דייטשן, וועלכע האָבן געהאַלטן אין איין כוואַליען זיך פון פראָנט, מיט צעבראָכענע געמיטער און מיט צעבראָכענע שויבן. געקומען זענען זיי גלייך אין פאַבריק, מיטברענגענדיק אַ צעטל פון אינזשיניער קיזער, אָדער באַצאָלנדיק אויפן אָרט. ווען זיי האָבן באַצאָלט אויפן אָרט, האָבן זיי מיך געבעטן צו געבן נאָך 3—4 קאָפּיעס פון דער אויסצאָל־קוויטונג, מעג זיין אַפילו אָן דאַטעס, טענהדיק, אַז זיי דאַרפן דאָס צוליב געוויסע „אינטערעסן״.

עטלעכע טעג זענען מיר געווען אָפּגעריסן פון דעם וואָס עס טוט זיך אין שטאָט. טאָג און נאַכט איז דער הויף געווען פול מיט דייטשע אויטאָס און מ׳האָט זיי תיכף באַדאַרפט ברענגען אין אָרדענונג, ווייל לויט אַ שטרענגן באַפעל האָט מען תיכף באַדאַרפט אומקערן זיך אויפן פראָנט.

לויט אַ פאַראָרדענונג פון די דייטשן האָט מען דאָס טויער נישט געטאָרט פאַרשליסן, נישט ביי טאָג און נישט ביי נאַכט. ווי ס׳איז נאָר טונקל געוואָרן פלעגן מיר אַראָפּ אין בונקער, און אויף דער וואַך, ביים אַריינגיין אין הויף, איז געשטאַנען דער באַלעבאָס מיט זיין יינגל. ביידע האָבן גערעדט אַ גלענצנדיקן דייטש און אין פאַל ווען אַן אויטאָ איז געקומען, האָבן זיי אַליין אַריינגעשטעלט די שויבן, ווייל זיי האָבן זייער גוט געקענט ס׳פאַך.

אין אָוונט פונעם 2טן יולי 1941, האָבן מיר באַשלאָסן נישט אַראָפּצוגיין אין בונקער, ווייל די ווענט זענען געווען פייכט און ס׳האָט געהאַלטן אין איין טריפן פון זיי. דווקא אין יענער נאַכט איז די פּאָליציי אָנגעקומען און געפאָדערט צוויי צימערן פאַרן שטאַפּ־פירער פון דער טאָדט־אָרגאַניזאַציע. תיכף איז אויסגעוואַקסן אַ יונגער דייטשער אָפיציר, מאַכנ־

דיק מיט דער האַנט אַ סימן, אַז אַלע זאָלן אַריינגיין אין איין צימער און ער מיט זיין כאָפּטע האָבן זיך באַזעצט אין אַלע אַנדערע צימערן פון דער גאַנצער ווילע. תּיכּף אינסטאַלירט טעלעפּאָנען וועגן סודותדיקע געשפּרעכן מיטן גאַנצן שטאַב. נעמענדיק אין אַכט, אַז די פֿאַבריק איז רעקווירירט געוואָרן נאָר פֿאַר דייטשן, האָבן זיי אין איינעם פון די פליגל פון פֿאַבריק אָנגעלייגט עסנוואַרג און אונדז אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז אויב ס׳וועט עפּעס פֿעלן, וואַרט אויף אונדז טויט־שטראָף. דאָס איז געווען, אַזוי צו זאָגן, אַ מין כבוד־צוגאָב פֿאַר אונדז: געאַרבעט האָבן מיר פֿאַר דייטשן. אַ שטאָפּל־פירער מיטן גאַנצן שטאַב זענען געזעסן ביי „אונדז" און אָנגעבערענגט האָט מען שפּייז וואָס האָט געקענט קלעקן פֿאַר הונדערטער פון אונדזערע יידישע ברידער און שוועסטער, אָבער מיר, נישט נאָר וואָס מיר האָבן נישט גע־טאָרט צורירן זיך צום עסנוואַרג, מיר האָבן נאָך באַדאַרפֿט האָבן הונדערט אויגן, נאָכצושפּיאָנירן יעדן קריסטלעכן אַרבעטער, ר׳זאָל עפּעס נישט לקחנען און דערנאָך זאָל עס אויסגיין צו אונדזער קאָפּ.

דרייענדיק זיך אין הויף, צווישן דייטשן, האָב איך אויפגעכאַפּט ווערטער, לויט וועלכע ס׳איז קלאָר געווען, אַז מ׳האָט דורכגעבראָכן דעם רוסישן פראָנט ביים פּרוט און אומעטום ווו זיי זענען אַריין, האָבן זיי גע־פּראַוועט שחיטות איבער יידן, וועלכע האָבן נישט באַוויזן צו אַנטלויפֿן אין איינעם מיט דער רוסישער אַרמיי.

דייטשן האָבן דערציילט אויף אַ הויך קול און פריילעכע, אין הויף און אין ביוראָ, ווי אַזוי מ׳האָט אַרויסגעשלעפּט יידן פון זייערע באַהעלטענישן, געשענדעט יידישע מיידלעך און נאָך דעם געשטעלט זיי מיטן פּנים צו דער וואַנט, אַז די קויל זאָל נישט צערייסן ס׳שיינע פּנים, נאָר דעם נאַקן... און געבערענגט האָבן די דייטשן צוקער, מעל, בוימל, פולע אויטאָס, גלייך זיי האָבן געמיינט, אַז זיי וועלן, חלילה, שטאַרבן פון הונגער. געוויזן האָבן זיי צירונג... און דערציילט ווי אַזוי די יידן אַליין האָבן עס געבערענגט. די דייטשן האָבן צוגעזאָגט אַז אויב די יידן וועלן זיי וויזן ווו ס׳ליגט באַהאַלטן ס׳יידישע פאַרמעגן, בלייבן זיי לעבן. און די „שעפּעלעך" — אַזוי האָבן די דייטשן אָנגערופֿן די נאַיִווע יידן — האָבן תּיכּף געבערענגט. מיט געלעכטער האָבן די דייטשן דערציילט ווי אַזוי זיי האָבן די יידן געזאָגט „דאַנקע שען"... געהייסן אויפהייבן די הענט, באַוואונדערט ס׳צירונג, נאָך אַ מאָל געזאָגט „דאַנקע שען"... און דערלאַנגט זיי אַ קויל אין פּנים אַריין, אָדער אין

האַרץ, לאַכנדיק מיט ברייט־צעעפנטע מיילער, נאָכמאַכנדיק די ספּאַזמען פון זייערע יידישע דערשאָסענע קרבנות.

זיי האָבן גערעדט וועגן שחיטות איבער יידן, ווי וועגן עפּעס באַטיר־לעכס און זייער ציוויליזירטס, באַרימענדיק זיך, יעדער איינער, מיט הונדערטער רציחות, וואָס ר׳איז באַגאַנגען. בשעת די קרבנות זייערע האָבן זיך געראַנגלט מיט טויט, האָבן זיי געטראַכט סאַראָ מינע ס׳וועלן מאַכן זייערע פרויען און געליבטע, בשעת זיי וועלן באַקומען די מתנות. גאַנצע פּעק זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן, צוגעבנדיק, אַז דערוויל איז דאָס נאָר אַן אָנהייב, ווען זיי וועלן אַריין אין טיף רוסלאַנד, וועלן זיי ערשט פון דאָרט שיקן די אמתע מתנות, בכדי די פרויען זייערע זאָלן נישט בענקען נאָכן גאָלד און זילבער וואָס זיי האָבן אַוועקגעגעבן, צו אינאַרמירן דעם דריטן גרויסן רייך.

אַזעלכע און ענלעכע רייד האָב איך באַדאַרפט הערן יעדן טאָג, יעדע רגע, ווען כ׳האָב זיך געדרייט אין הויף, צווישן די אויטאָס, צו פּאַרציי־כענען די נומערן פון די מאַשינען וועלכע האָבן באַדאַרפט זיין אויך אויף די „קוויטאַנציעס״ און ס׳האַרץ האָט געבלוטיקט, געקאָרטשעט זיך פאַר ווייטיק.

## קאַפּיטל זיבן

# קדושים

מאַמעס האָבן אָנגעהויבן זוכן זייערע קינדער; פרויען — זייערע מע־נער און די דורך אַ נס איבערגעבליבענע יידן — זייערע טראַגיש־אומגע־קומענע קרובים. אין די גאַסן — קאַדאַוורען; אין די בונקערס — קאַ־דאַוורען; אין שילן און שולן — קאַדאַוורען. אַ וועלט מיט פרויען, גערירטע פון זינען, פון דעם אַלעם, וואָס זיי האָבן געזען און איבערגעלעבט, פלעגן זאָגן איינע דער אַנדערער:

— כ׳האָב געזען דיין טאַטן, דיין מאַן, ברודער, קינד, שוואָגער, דער־הרגעט... ער ליגט דאָרט און דאָרט...

אַזעלכע פרויען זענען שוין געווען, אַזוי צו זאָגן, די „גליקלעכסטע". געוווסט האָבן זיי אויף זיכער, אַז ר׳איז טויט און מ׳וועט אים ברענגען צו קבורה, זי זאָל כאָטש קענען גיין אויסוויינען זיך אויף זיין קבר.

אַנדערע, וועלכע האָבן זייערע טייערע נישט געפונען צווישן די טויטע, אין די יאָסער גאַסן, אין בונקערס און אין שילן, האָבן געלעבט מיט דער האָפענונג, אַז ער געפינט זיך נאָך אפשר אין דער קוועסטור. נאָר ווער האָט דען געקענט צוקומען אַהין? ווער האָט דען געקענט אידענטיפיצירן עמעצן צווישן אַזוי פיל אָנגעוואָרפענע טויטע? די פנימער — צעשאָסענע, צעשניטענע, צעשלאָגענע, געשוואָלענע, פון וועלכע ס׳האָט געהאַלטן אין איין שטראָמען בלוט. און די ברענענדיקע זון פון אָנהייב תמוז, מער ווי ערגעץ אַנדערש, האָט זיך אָפּגעשטעלט דווקא איבער זייערע קערפּערס, שפּילנדיק אויף זיי מיט אירע שטראַלן, גלייך זי האָט זיי געוואָלט גלעטן, גאָלדענע גלעטן, און אפשר טרערן ליכטיקע, אויף זייער ביטערן גורל.

די אמתע באַלעבאַטים, די דייטשן, האָבן געגעבן אַ באַפעל אָפּצו־רייניקן די גאַסן פון טויטע, ווייל ס׳שמעקט מיט מגפה. די רומענער וועלכע האָבן נישט פאַרשטאַנען קיין דייטש האָבן דאָס אויסגעטייטשט ווי אַ פאַר־אָרדענונג ווייטער צו דערמאָרדן יידן און דערפאַר האָבן זיי איצט שוין

גארנישט פאַרשטאַנען, וואָס אַזוינס ווילן נאָך די דייטשן פון זיי? אויסגע־מאָרדעט האָט מען כמעט אַלע יידן. וואָס זשע האַלטן נאָך די דייטשן אין איין באַפעלן: יודע!... יודע!...

ווען זיי האָבן ענדלעך געכאַפּט זיך אין וואָס עס האַנדלט זיך, זענען די רומענער מיט אַ מאָל געוואָרן פול מיט גאווה און יעדער פּאָליציי־משרת האָט געשריגן און באַפוילן, מעשה גענעראַל:

— זאָל מען שוין דאָ נישט זען די פּאַרעיפּושטע זשידאַנעס... אַזוי האָבן געדעוועט די פּאָליציי־חיות, וועמענס קעשענעס ס׳האָבן אָראָפּגע־שווערט פון זייגערלעך, רינגען און גאָלדענע ציין, וואָס זיי האָבן אַרויסגע־ריסן פון דורכגעשאָסענע יידישע מיילער.

צווישן די טויזנטער טויטע זענען בלויז עטלעכע יידן געבליבן לעבן, ווייל טויטע קערפּערס האָבן זיי צוגעדעקט. בשעת די שיסערייען האָבן זיך אָפּגעשטעלט און די סאָלדאַטן האָבן זיך אָנגעהויבן דערוויטערן, זייענדיק זיכער, אַז די טויטע וועלן נישט אַנטלויפן, האָבן די עטלעכע לעבעדיק־געבליבענע יידן אָנגעהויבן אַרויסשטעקן די קעפּ פון צווישן די טויטע קערפּערס און זיך געשלעפּט. ווי נאָר ס׳האָט זיך זיי אויסגעוויזן, אַז אַ סאָלדאַט קוקט אויף זיי, האָבן זיי פאַרוואָרפן די קעפּ, מעשה טויטע, און געבליבן ליגן אָן שום באַוועגונג.

אַרום 20 יידן האָבן זיך אַזוי אַרומגעשלעפּט, נאָר דערקענען האָט מען זיי נישט געקענט. איבער נאַכט גראָ געוואָרן, אָן קליידער, אַפילו די אונ־טערוועש האָבן די „בראַווע" רומענער פון זיי אַראָפּגעריסן. האָט איינער געקוקט אויפן צווייטן, ווי פרעגנדיק: ווער זענען זיי און פון וואַנען קומען זיי?

די דייטשן האָבן געגלייבט באמונה שלימה, אַז כל זמן זיי וועלן נישט זען ווי יידיש בלוט גיסט זיך, וועלן זיי דעם פּרוט נישט אַריבער. ווי נאָר זיי האָבן געזען זייער פאַרווירקלעכטן חלום, האָבן זיי געלאָזט די רומענער, זיי זאָלן דעם קאָפּ אַליין זיך קלאַפּן, וואָס צו טאָן מיט די טויטע און מיט דער סכנה פון מגיפות.

אַ סך פון די אָפיצירן האָבן אין דער ערשטער רגע געמיינט, אַז דאָס זענען טויטע פאַנטאָמען און דערוויטערט זיך מיינענדיק, אַז אָט־אָט וועלן די מתים אויפשטיין און נקמה נעמען. זעענדיק אָבער אַז דאָס איז אַן ענין פון איינצלנע, האָט מען זיי געבערענגט צום קאָמיסאַר, וועלכער האָט זיך גאָר

דערפּרייט אויף דער מציאה און טאַקע תּיכּף באַפוילן, אַז מ׳זאָל זיי אונטער אַ „שטרענגער וואַך״ אַרויספירן צום יידישן בית־עולם און שטעלן זיי גראָבן מאַסן־קברים פאַר די זשידאַנעס, וואָס אויך טויטערהייט שטעלן זיי אין דאָס לעבן פון רומענישן פאָלק און ווילן ברענגען אַ מגיפה.

לויט מ׳האָט געררעדט, איז פון בוקאַרעשט אָנגעקומען אַ באַפעל, מ׳זאָל תּיכּף אָפּשטעלן די שחיטות, וואָס האָבן זיך געצויגן ביז ענדע יוני 1941. די לעבן־געבליבענע יידן זאָלן אָוועקגעשיקט ווערן אין לאַגערן. האָט מען אָנגעהויבן צונויפנעמען יידן אין הויף פון דער קוועסטור און אין בונקערס, אין שילן און אין קעלערס, און אָנגעהויבן האָט זיך אַ נייע שפּיל.

אויסגעשטעלטע אין רייען און אַרומגערינגלטע מיט דייטשע סאָלדאַטן און רומענישע כוליגאַנעס, האָט מען זיי אָנגעהויבן טרייבן צו דער יאַסער גאַרע. דאָס מאָל האָט מען נישט געשאָסן, נאָר שטעקנס און ביקסן האָבן זיך צעפּאָכעט איבער יידישע קעפּ, צווישן די קני, אין די זייטן און ווו מ׳האָט נאָר געטראָפן. איז איינער אַנידערגעפאַלן, איז ער צעטרעטן גע־וואָרן פון זיינע געשלאָגענע, געטריבענע יידישע ברידער.

יידן זענען געגאַנגען ווי צעדולטע, גאַרנישט געזען, גאַרנישט געהערט און נאָר געפילט, אַז מ׳שלאָגט... מ׳שלאָגט...

גאַנץ פרי, דעם 30סטן יוני 1941, איז מען אַרויס פון דער קוועסטור און געלאָזט זיך צו דער גאַרע דורך די הויפּט־גאַסן פון יאַס, ס׳פּאַטריאַר־כאַלע, קולטורעלע יאַס פון אַ מאָל, וואָס האָט זיך צעבליט אויך אַ דאַנק דער מי און האָרעוואַניע פון יידן.

יידיש בלוט האָט זיך געגאָסן אַ גאַנצע נאַכט פון 29סטן אויפן 30סטן יוני 1941. איבער די גאַסן קוזאַ־וואָדע, שטעפאַן־טשעלמאַרע און אין דער פרי האָט מען געקענט זען בלוט אַפילו אין די טראַמוויי־רעלסן און נעבן די רעלסן — יידישע פרויען מיט קינדער, אויף די קני, געבויגענע איבער די רעלסן און ציטערנדיק פון גרויל, האָבן זיך מיט פאַרטרערטע אויגן איינ־געקוקט אין שימערירנדיקן בלוט און געפרעגט זיך שטומערהייט:

זאָל דאָס זיין דעם טאַטנס בלוט? דעם ברודערס? דעם מאַנס? אָדער גאָר פון טייערן קינד?

געוואַרט האָבן זיי, די אומגליקלעכע, אַז ס׳בלוט זאָל זיי ענטפערן. נאָר

בלוט קען נישט רעדן. בלוט שרייט און פאָדערט: נקמה! נקמה!
נאָר ווי קענען צעווייטיקטע אַלמנות און קליינינקע יתומימלעך נקמה נע־מען. זיי קענען נאָר וויינען, פאַרגיסן טרערן... זענען טאַקע טרערן פון די לעבעדיקע אַריינגעפלאָסן אין בלוט פון די טויטע, ביז — — —

ביז די רומענער האָבן דאָס דערזען און געצווונגען די יידישע פרויען צו ברענגען וואַסער אין די עמערס און ריין מאַכן, באַפרייען די רעלסן פונעם יידישן בלוט און פון פליגן וואָס האָבן אויך נישט אָפּגעזאָגט זיך הנאה צו האָבן פון פאַרגאָסענעם יידישן בלוט.

און יידן זענען געטריבן געוואָרן מיט קלעפּ, מיט שפּאָט, מיט באַליי־דיקונגען. אין דער יאַסער גאַרע זענען שוין געווען גרייטע וואַגאָנען, ווו ס׳פלעגן אַריינגיין אַרום 40 פערזאָן, זענען דאָס מאָל אַריינגעקוועטשט געוואָרן אַריבער 100 מענטשן, און דאָס איז געווען אַ וואַגאָן אין וועלכן מ,פלעגט פירן בהמות. קוים־קום וואָס מ׳האָט געקענט פאַרמאַכן די טיר. דאָ איז אָנגעקומען אַ דייטש, פעסטשטעלן צי ס׳איז שוין טאַקע נישטאָ מער קיין פלאַץ, און געהייסן אַריינשטופּן נאָך אַ פּאָר יידן און דעם וואַגאָן הער־מעטיש פאַרמאַכן. ווען ס׳איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז אַלע וואַגאָנען זענען „אין אָרדענונג״, האָבן די דייטשן באַפוילן מ׳זאָל אָנהייבן „אונטער־הייצן״...

די תמוזדיקע זון פון אויבן און דאָס אָנגעצונדענע שטרוי אונטער די וואַגאָנען האָבן שוין געשאַפן יענע „אָנגענעמע״ טעמפּעראַטור. דאָך האָבן די דייטשן נאָך נישט באַגנוגנט זיך דערמיט. געהאַט עקספּעריענץ ווי אַזוי צו פּייניקן יידן און באַפוילן מ׳זאָל אָנהייבן מאַנעווורירן מיט די וואַגאָנען, דאָס הייסט, נישט פאָרן, נאָר סתם רירן זיך, אַהין און צוריק, לאַנגזאַם און פאַמעלעך, בכדי די פאַרמאַכטע זאָלן וואָס שנעלער דערשטיקט ווערן.

דער באַפעל „נישט שיסן מער״ איז שטרענג אָפּגעהיט געוואָרן. דער־פאַר האָט מען אויסגעקליבן פאַר די נישט־דערשאָסענע יידן אַ טויט, וואָס איז געווען פיל ערגער ווי אַ קויל אין קאָפּ.

דער וועג פון יאַס קיין פאַדולוי דויערט נישט מער ווי 10—20 מינוט. דאָס מאָל האָט ער אָבער געדויערט קרוב 18 שעה. דער צוג האָט מאַנעוו־רירט אַהין און צוריק. דייטשן האָבן געקאַטשעט זיך פאַר געלעכטער, הערנדיק ווי די קרבנות מאַטערן זיך אָן אַ ביסל לופט.

צו דער גאַרע זענען דערווייל אָנגעקומען טויזנטער סאָלדאַטן און

אָפּיצירן, פיל פון זיי אויפגעוואַקסן אין איינעם מיט אַ סך פון די אומגליק־לעכע יידן. קאַלט און רויִק זענען זיי געשטאַנען און צוגעהערט זיך צו די געוואַלדן וועלכע האָבן געקענט רירן אַפילו אַ שטיין, אָבער נישט ס׳האַרץ פון אַנטאַגנעסקוס אָפּיצירן. פון גענעראַל ביזן פּשוטן סאַלדאַט — די זעלבע בעסטיע! אַפילו די פויערים, בשעת די וואַגאָנען האָבן מאַנעווורירט אַהין און צוריק פאַר זייערע פעלדער און שטיבער, האָבן קיין ביסל וואַסער נישט דערלאַנגט. געקוקט האָבן זיי צום איינציקן קליינעם שייבל פונעם בהמות־וואַגאָן, וואָס איז דאָס מאָל געווען פאַרקלאַפּט מיט בלעך, בכדי ס׳זאָל אויך קיין ביסל ליכט נישט אַריין און אַפילו ביי טאָג זאָל פאַר יידן זיין נאַכט. מ׳וואָלט זייער לייכט געקענט צוגיין, אַראָפּרייסן די בלעך פון שייבל, אויס־קלאַפּן ס׳שטיקל דינע גלאָז און יידן וואָלטן געהאַט אי ליכט, אי אַ ביסל לופט. האָט איינער פון די אומגליקלעכע שוין יאָ מצליח געווען צו צעברעכן ס׳שייבל און באַזייטיקן די בלעך, איז ער געווען גליקלעך וואָס ער זויגט ס׳בלוט פון זיין פאַרווונדעטער האַנט, מיינענדיק, אַז דאָס פליסיקייט איז וואַסער. האָט אַן אַנדערער אויסגעשטרעקט אַ גאָלדן זייגערל און פאַרלאַנגט דערפאַר אַ ביסל וואַסער, האָט אַ פויער גענומען דאָס זייגערל, נאָר ס׳וואַ־סער האָט ער אויסגעגאָסן פאַר די אויגן פון דעם וואָס האָט אַרויסגעקוקט דורכן שייבל פון וואַגאָן.

דייטשן האָבן שטרענג קאָנטראָלירט און אויפן געשריי: „אַ ביסל וואַסער!“, האָבן זיי גאַנץ געמיטלעך געענטפערט:

— לעקן זי זאָלט!...

אין מיטן וועג האָט מען געעפנט די וואַגאָנען און דייטשע אָפּיצירן האָבן באַפוילן אַרויסצוואַרפן די טויטע. הויפנסווייז זענען זיי געלעגן איבער די פעלדער, נעבן די באַן־רעלסן. קראָען, ווי שוואַרצע קברנים, האָבן תיכף זיך פאַרזאַמלט אַרום זיי און געפּראַוועט אַ סעודה. זעלבסטפאַרשטענד־לעך, אַז די אָרטיקע פויערים האָבן צוגענומען די קליידער און אַלץ וואָס דער טויטער האָט נאָך געהאַט אויף זיך. דייטשע אָפּיצירן האָבן גאָר אָנ־געקוואָלן און אַלע מאָל געפרעגט, אויב די צאָל טויטע וואַקסט. יידן, וואָס זענען פון זינען אַראָפּ, האָבן געטרונקען השתנה איינער פון צווייטן, צו באַנעצן די פון היץ און פון ווייטאָג צעשפּאָלטן־פאַרטרוקנטע ליפּן.

אַנדערע האָבן פון משוגעת זיך גאָר צעזונגען, געגאָרגלט זיך, געהאַלטן פלאַם־פייערדיקע דרשות, אין וועלכע זיי האָבן געמאַכט דעם אמתן חשבון

מיט גאָט, מיט דער מענטשלעכקייט, מיט דער גאַנצער וועלט, מיט אַלע אייביקייטן:

— פאַר וואָס קומט אונדז דאָס? און ווי לאַנג נאָך?

אָט שטייט קאַרל דרימער, אַ שרייבער און אַ כלל־טוער, אַ בקי אין דער דייטשער ליטעראַטור. האַלט ער טאַקע אַ פּייערדיקע רעדע פאַר די דייטשע אָפיצירן, אַז זיי זאָלן, למען השם, נישט פאַרגעסן, אַז דאָס זענען ז י י, די אייניקלעך פון געטע און שילער. אָנגעהויבן צו דעקלאַמירן פראַג־מענטן פון שילערס „נאַטאַן דער וויזע״. דייטשע אָפיצירן האָבן באַוווּנ־דערט זיין קאָרעקט־געשליפענעם דייטש און פון גרויס התלהבות — אים אַריינגעשאָסן אַ קויל גלייך אין מויל אַריין.

אָט איז חיים געלבער, דער חכם־עתיק, די פאַרקערפּערונג פון תורה און חכמה און גדולה, אַ שטאָלצער שלאַנקער ייד, וואָס זיין אויסזען איז געווען אַן אָפּשפּיגלונג פון אינערלעכער און גייסטיקער אַריסטאָקראַטיע. אין אַ ליד פון דעם יאַסער דיכטער חיים ראַבינזאָן, ווערט ער אַזוי געמאָלן:

דער שענסטער און דער קלוגסטער פון מאָלדאָווע —
... האָט יעדערער אין אים אַ מאָל דערקענט.
אויגן — ווי צוויי שוואַרצע טראָפּנס קאַווע,
מיט חן פאַרבלאָנדזשעטן פון אָריענט.

דער אויסברוך פון דער מלחמה האָט אים געטראָפן אין בוקאַרעשט, וווּ ער האָט גאַנץ רויִק געקענט פאַרבלייבן, זיין חוש פון אַחריות האָט אים געטריבן צוריק קיין יאַס.

— אַלע פּריצים קענען מיך, — האָט ער געטענהט, — אפשר דאַרפן די יידן מיך האָבן, כ׳זאָל זיי העלפן...

מיט גרויס מי באַקומען אַ דערלויבעניש צוריקצופאָרן. ווי נאָר ר׳איז אַהיים געקומען, האָט ער מיט זיין חכמה אַרויסגעזען, אַז פאַר די יאַסער יידן איז קיין רעטונג נישטאָ. ווען דער באַרוסטער פּאָליציי־שעף, יאַנקו, האָט אים באַגעגנט און געפרעגט:

— וואָס מאַכט איר, הער געלבער?

האָט אים דער יאַסער חכם געענטפערט:

— כ׳שעם זיך וואָס כ׳בין אַ מענטש!...

נישט איין מאָל איז ער גערופן געוואָרן פונעם פּרעזידענט פון גע־

ריכט־הויז, אַן עצה געבן ווי אַזוי קלאָר צו מאַכן אַ פאַרפּלאָנטערטן יורי־דישן ענין. די סענאַטאָרן פון יאַס און פון דער מאָלדאַוויע האָבן אים עפּנט־לעך געלויבט אין סענאַט און נישט איין מאָל דערמאָנט זיין נאָמען. געווען דער אָנפירער פון „מזרחי״ און יעדן שבת געלערנט דעם „שיעור״ אין לאָקאַל פונעם יאַסער „מזרחי״. זיין שטוב איז געווען אַ צענטער ווו אַלץ וואָס יאַס האָט געהאַט ייִדיש און נגידיש, האָט זיך באַגעגנט. אין טאָג פון פּאָגראָם האָט ער זיך געלאָזט גיין צו דער קוועסטור, צו באַקומען אַ צעטל. מענטשן האָבן אים געוואָרנט ר׳זאָל נישט גיין.

— ס׳ברענט אַ פייער, ר׳ חיים! גייט אַהיים און באַהאַלט אייך!... — האָבן ייִדן געבעטן זיך ביי אים.

— אויב ס׳ברענט אַ פייער, דאַרף מען גיין לעשן, — האָט ר׳ חיים געענטפערט.

ר׳ חיים געלבער איז געשטאָרבן באַליידיקט און געפּייניקט, גלייך ער וואָלט געווען דער שולדיקער אין דעם, וואָס די מלחמה איז אויסגעבראָכן. ביז צו דער לעצטער מינוט האָט ער יעדן געטרייסט, צו שטאַרקן זיך, נישט בכדי הנאה האָבן פונעם וואַכעדיקן לעבן, נאָר דערלעבן אַ צייט, ווען אַ ייִד וועט מיט אַ ביקס אין האַנט, איינשטילן דעם רוצחישן אינסטינקט פון עשון. ער פלעגט תמיד זאָגן:

— ס׳איז אוממעגלעך אַז אויך די צוקונפט זאָל אונדז קיין ליכט נישט ברענגען. מיר ווערן עלטער, אָבער אונדזערע קינדער דאַרפן מיר וועקן און וועקן, זיי זאָלן דעם ציל נישט פאַרלירן, נישט פאַרשפּעטיקן, ווי מיר, וואָס זענען איינגעשטעלט דערשטיקט צו ווערן יעדע רגע.

און אַזוי איז ער טאַקע געשטאָרבן: דערשטיקט!

לויט מענטשן דערציילן האָט ער אויך אין די לעצטע רגעס נישט פאַר־לוירן די האָפענונג.

— גאָט! — האָט ער געשריגן, — האָב רחמנות און גיב אונדז כוח, מיט די אייגענע אויגן זאָלן מיר זען די נקמה וואָס די שונאים פון דיינע קינדער, וועלן באַקומען פון דיין אַלמעכטיקער האַנט! אויב נישט דו, גאָט, ווער דען וועט אונדז געדענקען און העלפן?

ר׳האָט נישט געדאַווענט, נאָר געשריגן. איינגעריסן וועלטן פאַר זיין משפחה, דער גאַנצער משפחה: בן־יחיד, ברודער, איידעם, באַקאַנטע, מחותנים, וועלכע זענען געגאַנגען מיט אים צו דער קוועסטור זייענדיק

זיכער, אַז חיים געלבבער וועט פועלן. זעענדיק ווי יידן שטאַרבן אין וואַגאָן, האָט ער געשריגן צו גאָט, מיט אויפגעהויבענע הענט, ווייל אין וואַגאָן איז קיין פּלאַץ נישט געווען די הענט אַראָפּצולאָזן. מיט אויפגעהויבענע הענט, האָט ער אויסגעהויכט די נשמה און אויך ווען מ׳האָט אים פון וואַגאָן אַרויסגענומען, זענען זיינע הענט געווען פאַרשטאַרט, אין דער לענג, ווי אַ צוגאָב צו זיין שלאַנקער געשטאַלט.

געשטאָרבן אַזוי איז אויך אינזשיניער געצל בוכמאַן מיט זיין יינגל. געווען דער שטאָלץ פון זיין קליין שטעטל פּאָדולוי, ווו ר׳האָט געלייגט דעם יסוד פאַר אַ ציוניסטישער באַוועגונג. אַ קינד פון בית־מדרש, האָט ער נעבן זיינע רייכע ידיעות אין תורת ישראל, באַקענט זיך מיט די אַלגעמיינע קולטור־ווערטן. זיין איינציקע טרייסט איז געווען, וואָס ער האָט געראַטעוועט אַ יידישע נשמה: איינס פון זיינע קינדער איז עולה געווען קיין ארץ־ישראל.

אָט איז ר׳ בן־ציון אַבראַמאָוויטש, דער „כשרער״ שוחט פון אויבער־מאַרק, דער אַריינגייער אין הייזער פון אַלע רביס און רבנים. מיט זיין זיס קול איז ער גערעכנט געוואָרן אַלס דער חסידישער בעל־תפילה פון גאַנץ יאַס, און ווו נאָר אַ רבישע שמחה, איז ר׳ בן־ציון געווען דער באַזינגער. ווו נאָר אַ רביניש־רבישע לוויה, האָט ר׳ בן־ציון געמאַכט די „מלא״. תמיד מיט אַ שמייכל אויף זיין ראָזעווע־צעשיינט פּנים.

אַצינד איז ער געשטאַנען אין וואַגאָן צווישן פּשוטע יידן, נאָר נישט ווייניק הייליקער פון די גרעסטע רביס, און אַ „מלא״ געמאַכט אַלע קדושים... און זעענדיק זיך אַליין צווישן אַזוי פיל קדושים, האָט אַליין אויך אַ „מלא״ געמאַכט ז י ך...

אָט איז יאַנקו גאָלדשטיין, אַן אָפיציר אין דער רומענישער ארמיי און אַזוי איז ער טאַקע געגאַנגען צום טויט: אין אָפיצערסקע קליידער! פיר באַרוועס־אָפּגעריסענע שקצים מיט אָנגעלאָדענע רעוואָלווערן זענען אַריין אין שטוב און געדראָט דעם אָפיציר פון דער רומענישער אַרמיי!

— גייט מען נישט אַרויס, ווערט מען דערשאָסן!

צוזאַמען מיט אַלע יידן איז ער דורכגעגאַנגען אַלע בזיונות, אַלעליידן, איבער די גאַסן, אין דער קוועסטור, אין וועג צו דער גאַרע, ביז אין די וואַגאָנען. דאָ האָט ער אָנגעהויבן אויסטאָן זיינע מיליטערישער קליידער

און מיט אַ מאָל דערפילט זיך ווי פאַרלייכטערט. יאָ, די מיליטערישע קליידער האָבן דעמאָלט סימבאָליזירט רציחה, מאָרד, שפלות, טויט. דער ייד גאָלדשטיין האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיין קערפּער די קליידער פון פאַר־שאָלטענער רומעניש־קריסטלעכער נידערטרעכטיקייט און ווי אַ ייד, איינ־געוויקלט אין הייליקער וואַרעמקייט פון די טויטע וואַגאָנען, איז ער אַקעגן געפאָרן דעם טויט מיט אַ געפיל וואָס האָט אים נישט געלאָזט שטאַרבן און מיטגעגאַנגען מיט אים אויך אין טויט אַריין: דאָס געפיל פון אמתער ליבע צו זיין טייערער פרוי און זיין בת יחידקעלע.

אָט איז יאַנקו פּינקעלשטיין. פון אַלע אין וואַגאָן איז ער אפשר געווען דער גליקלעכסטער, ווייל צוזאַמען מיט אים האָט זיך אויך געפונען זיין געליבטע פרוי. אַ יונג און גליקלעך פּאָרפאָלק, וואָס האָט דערוואַרט אַ קינד. דאָס קינד פון זייער ליבע.

היות אין וואַגאָן איז זייער הייס געווען, האָבן אַלע אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די קליידער און אויך דאָס יונגע פּאָרפאָלק. זעענדיק אַזאַ אויסטערליש בילד, האָבן די דייטשן באַפוילן צונויפנעמען אַלע מלבושים און געהייסן עפענען, ביי נאַכט, די אָפּקיל־רערן, ווייל אין די וואַגאָנען פלעגט מען פירן פלייש פאַרן מיליטער אויפן פראָנט און דערפאַר האָבן זיי אויך געהאַט אָפּקיל־אַפּאַראַטן, די אומגליקלעכע האָבן גענומען ציטערן פון קעלט, ביי נאַכט, און ווי נאָר ס׳איז טאָג געוואָרן האָבן די דייטשן געהייסן פאַרמאַכן די אָפּקיל־רערן און נישט געענוג וואָס די תמוזדיקע זון האָט געברענט איבער די וואַגאָנען, האָבן זיי אָנגעצונדן שטרוי, דערוואַרעמט אויך אונטער די וואַגאָ־נען. מענטשן זענען אַראָפּ פון זינען, צווישן זיי אויך די יונגע פרוי פּינקעל־שטיין, וועלכע איז געווען אין אַכטן מאָנאַט. אין אומבאַשרייבלעכע יסורים האָט זי אויסגעהויכט די נשמה אין די אָרעמס פון איר ליבן מאַן. דער טויט האָט דאָס מאָל רחמנות געהאַט אויף אַ יידישער פרוי און נישט מאַריך געווען איר גסיסה. דער מאַן האָט קיין טרער נישט געלאָזט, ווייל זיינע אויגן זענען שוין געווען אויסגעטרוקנט פון געוויין. ווען לויטן באַפעל פון די דייטשן האָט מען באַדאַרפט אַרויסוואַרפן די טויטע קערפּערס, האָט יאַנקו פּינקעלשטיין געבעטן ביי אַ יידן וואָס האָט נאָך געהאַט אַ העמד אויף זיך, אַז ער וויל צודעקן דעם נאַקעטן קערפּער פון זיין פרוי. דער ייד האָט אים תיכף געגעבן ס׳לעצטע העמד, נאָר די דייטשן האָבן דאָס העמד תיכף צעריסן און שטעלנדיק זיך אין אַ ראָד אַרום דער טויטער

פרוי, האָט יעדער איינער באַשפּיגן דעם טויטן קערפּער פאַר די אויגן פון משוגע־געוואָרענעם מאַן.

אָט איז דער קאַלאַראַשער רבי. ער זיצט אין ווינקל פון וואַגאָן, דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן און זיינע ליפּן מורמלען. געהייליקט איז געווען דער ייִד אין די אויגן פון יאַסער יידן, און אַצינד — ווער ס׳האָט נאָר כוח צו רעדן, פרעגט:

— רבי, אפשר דאַרפט איר עפּעס?

דער הייליקער רבי כאַפּט זיך אויף ווי פון אַ טיפן שלאָף:

— ניין, ניין! אפשר דאַרפן אַנדערע יידן עפּעס. מיך לאָזט צו רו. אפשר דאַרף מען העלפן אַנדערע הייליקע יידן...

און דער רבי ווייזט מיט זיין ציטערדיקער האַנט אויף אַנדערע הייליקע יידן, מ׳זאָל זיי העלפן. אים, דעם רבין, זאָל מען צו רו לאָזן. ער דאַרף גאָרנישט...

און נעבן רבין, דער יונגער יאַסער רב, ר׳ שלמהלע גראַניק, פון אַקערמאַן (בעסאַראַביע). געשמט אַלס גרויסער למדן נאָך אין דער קעשע־נעווער ישיבה און חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פונעם יאַסער רב, ר׳ מנשה. אין איינעם מיטן שוואָגער, הרב ר׳ ישראל גויכמאַן, האָט מען זיי פון דער שטוב אַרויסגענומען. דורכגעגאַנגען אַלע שבעה מדורי גיהנום איבער די גאַסן און אין דער קוועסטור. ביים אַריינגיין אין וואַגאָן האָט מען אים אַרויסגעריסן די האַנט פון זיין שוואָגער און אַצינד, צווישן טויטע און פאַרווונדעטע, זיצט דער יונגער גאון, דער יונגערמאַן וואָס עלטערע רבנים האָבן אים אָפּגעגעבן כבוד פאַר זיין פרומקייט און ערלעכקייט, פאַר זיין בקיאות. אַצינד פרעגט ער די שכנים, אפשר דאַרפן זיי עפּעס... אַליין דאַרף ער שוין גאָרנישט. פאַרטאָן אין טיפע רעיונות, אין ווידוי זאָגן, מיט אַ פאַרוואָרפענעם קאָפּ, ביז ער שלאָפט איין, ווי אַלע יידן, שטיל און הייליק, ווי אויף די פליגל פון דער הייליקער שכינה.

אָט איז מאָטל דאַוויד * און זיין זון, ישראליקל. געווען פון די בכבודיקסטע יידן אין אונדזער שטעטעלע ביוואָלאַר, נאָר באַצייטנס זיך אַריבערגעצויגן קיין יאַס, און ווי אין ביוואָלאַר, אויך דאָ, אין דער גרויסער שטאָט, געווען אַ בכבודיקער ייד. וועמענס קלוגע עצה האָט זיך תמיד געהערט און נאָך מער האָט מען ליב געהאַט צו הערן זיין זיס אָנגענעם קול ביים דאַווענען פאַרן

* דער פאָטער פון ד״ר יונה דוד (תל־אביבער אוניווערסיטעט).

עמוד... און אַט דער ווילער ייד, איז אין עטלעכע מינוט דערשטיקט גע־וואָרן, אינאיינעם מיט זיין סרוליקלען.

אַט איז ד״ר אברהם ראָזען, דער קאַפּיטאַן אין דער רומענישער אַרמיי, אָבער אויך דער בעסטער פאַרלייענער פון שלום־עליכם. נישט געווען קיין ליטעראַרישער אָוונט, ווו אַברהם ראָזען זאָל נישט געווען פאַרלייענען. מ׳האָט אים געפּייניקט, שווער געפּייניקט, נאָר זיין פיזישע קראַפט איז אים בייגעשטאַנען. מ׳האָט אים פאָטאָגראַפירט אין מיטן גאַס, ווי ער האַלט אַ קוילנוואַרפער און... שיסט אויף די דייטשן. ווען דער דייטש האָט אים געפרעגט, צי ער האָט עפּעס צו באַמערקן צו דעם בילד, האָט דער שטאָל־צער ייד, ראָזען, געענטפערט:

— יאָ, אַזוי וועט מען אייך אויך פירן איבער די גאַסן און פייניקן...

פאַרשטייט זיך, אַז פאַר אַזאַ ענטפער האָט מען אים נישט געדאַנקט. ער האָט מיט שטאָלץ מקבל געווען אַלע קלעפּ. אין וואַגאָן איז אים געלונגען אויסצוברעכן אַ דריי־פיר ברעטער, פאַרפוילטע שוין, און געפּרוּווט אַרויס־שפּרינגען. אַ סאָלדאַט האָט דאָס דערזען און אים דערשאָסן אויפן אָרט.

אַזוי זענען אויסגעגאַנגען צענדליקער און הונדערטער פון אונדזערע נאָענטע: סאַנדו שאַפּירא, אינזש. וואַליאַ בערדיטשעווסקי, פּאַול הערש־קאָוויטש, יחזקאל איסר, די ברידער מרדכי און ישראל גאָלדנער, ביידע דאָקטוירים, הונדערטער מאָסקאָוויטשעס, אַבראַמאָוויטשעס, סטרולאָווי־טשעס; טויזנטער ברידער, וועמענס נעמען בלייבן מיר אומבאַקאַנט. אָבער אין האַרץ פון אונדז אַלע, וועלן זיי תמיד אָפּגעהיט ווערן, ווייל זיי זענען אומגעקומען אויף קידוש השם.

נאָך צוויי טעג פון „פאַרנדיקן״ פּיין איז דער צוג אָנגעקומען קיין פאָדולוי. קודם האָט מען אָנגעפרעגט אין דער קהילה פון טירגו־פרומאָס, אויב זיי זענען גרייט אויפצונעמען 2.000 „קאָמוניסטן״. פאַרשטייט זיך, אַז די קהילה האָט נישט מסכים געווען, בפרט, אַז זיי האָבן אַפילו קיין אָנונג נישט געהאַט פון דעם וואָס עס קומט פאָר אין יאַס. די קהילה אין פאָדולוי האָט געפילט, אַז עפּעס איז געשען און געענטפערט פּאָזיטיוו אויף דער פראַגע, אויב זיי זענען גרייט מקבל צו זיין.

פאַרשטייער פון דער דאָרטיקער קהילה, וועלכע האָבן זיך געפונען אין דער באַן־סטאַנציע, זענען דערשיטערט געוואָרן, זעענדיק וואָס ס׳האָט געטראָפן זייערע ברידער אין יאַס. אַפילו די קריסטן פון שטעטל האָבן זיך

געצלמט, פּרוּוונדיק אַרויפוואַרפן די גאַנצע שולד אויף די דייטשן. ביים עפענען די וואַגאָנען זענען אַ סך פּאַדוּלויער יידן געפאַלן אין חלשות.

טויטע קערפּערס האָבן זיך געשיט און נאָר געציילטע לעבעדיקע מענטשן האָבן געטרעטן אויף די קערפּערס. אייניקע האָבן געלאַכט, אַנדערע האָבן געזונגען. געווען אַזעלכע וואָס זענען געפאַלן אין חלשות, ביים טרעפן זיך מיט דער פרישער לופט און אַ סך האָבן באַקומען אַ האַרצשלאַק, זעענדיק נאָך אַ מאָל די ליכטיקע שיין. מ'האָט געוואַרט, אַז אויך אַנדערע זאָלן אַרויס פון די וואַגאָנען, נאָר וואָס טויט איז — רירט זיך נישט. דע־מאָלט האָבן די מאַכט־אָרגאַנען געגעבן אַ באַפעל, אַז מ'זאָל די טויטע אַרויסנעמען.

מיט אַ מאָל האָבן זיך געשאַפן הויכע הויפנס פון מתים. אַלץ וואָס האָט געאָטעמט, האָט שווער געאַרבעט ביים גראָבן דעם ברידער־קבר, וואָס האָט זיך געפונען אויף אַ בערגל און די מתים זענען געבראַנגט געוואָרן צו קבודה, אַזוי ווי זיי זענען געשטאָרבן: א י ן א י י נ ע ם!

יעדער איינער פון די לעבן־געבליבענע האָט פאַרצייכנט די נעמען פון די מתים, לויט די אידענטיטעט־קאַרטן וואָס מ'האָט געפונען, אָבער נאָר ביי אַ טייל פון זיי, ווייל ביים רוב האָט מען צוגענומען די קליידער מיט די קאַרטן צוזאַמען. ס'מחילה בעטן איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס די לעבעדיקע האָבן פאַרזיכערט די טויטע, אַז די צוקונפט, אויף וויפל זי זאָל נישט זיין ווייט, וועט זיך נוקם זיין פאַר די יידן, וואָס זענען אומגעקומען על קידוש השם.

אין שטעטל האָט מען גוזר געווען אַן אַלגעמיינעם טרויער פון 7 טעג. אין דער פרי און אין אָוונט איז יעדער איינער, פון קליין ביז גרויס, געזעסן אַ שעה „שבעה". אין שילן און אין פּריוואַטע הייזער האָט מען געמאַכט מנינים און געזאָגט קדיש. די געראַטעוועטע פון די וואַגאָנען זענען צעטיילט געוואָרן ביי יידישע משפחות אין שטעטל.

דעם צווייטן טאָג נאָך דער קבורה זענען די פּויערים אַרויסגעגאַנגען צו דער אַרבעט אין פעלד און דערזען רויטע ריטשקעלעך בלוט איבער די פעלדער... כאָטש דער ברידער־קבר איז געווען צוגעדעקט מיט אַ גרויסער שיכט ערד, האָט דאָס בלוט נישט געוואָלט בלייבן, ווי די יידן, אין קבר, נאָר דורכגעריסן זיך צו דער ליכטיקער שיין, צו די אויגן פון דער וועלט

און פון די פאַרבײַגייער... אַ גרייז־גראָער גוי, זעענדיק ווי ס׳בלוט רייסט זיך פון קבר און רינט איבער די פעלדער, האָט זיך אָנגערופן:

— זעט איר, ברידערלעך, דאָס ריטשקעלע... ס׳וועט נישט שווייגן... אַ צייט וועט קומען און דאָס וועט פאָדערן נקמה. אָנשטאָט די באמת שול־דיקע, וועט מען אונדז באַשטראָפן, ווייל דאָס האָט פּאַסירט אויף דער ערד וואָס מיר האָבן בירושה פון דורות. מיר האַלטן זיך טאַקע פאַר גרויסע חכמים, אָבער גערעכט איז נאָר גאָט און זיין משפּט. אמת, שוין אַוועק די צייט ווען מ׳האָט נאָך צוגעהערט זיך וואָס אַן אַלטער גוי, ווי איך, זאָגט, אָבער ס׳לעבן וועט ווייזן אַז איך בין גערעכט.

אַזוי האָט גערעדט דער אַלטער גוי, געצלמט זיך און אַוועק ווייטער.

ווענן דער לאַגע פון די יידן אין די פאַרמאַכטע וואַגאָנען האָט מען אין יאַס נישט געוווסט. דאָס ביסל איבערגעבליבענע יידן האָבן געדאַרפט גראָבן קברים, צונויפנעמען די מתים און וואַשן ס׳בלוט פון די גאַסן. גע־טראָפן האָט מען מתים ווו איר ווילט: אין גערטנער און אין קעלערס, אין שטיבער און אין מיסטקאַסטנס, אין קלאָזעטן און אַפילו אין קאַנאַלן. יאַס, די שטאָט פון צענדליקער טויזנטער יידישע נפשות, איז געוואָרן אַ טויטע שטאָט...

ביסלעכווייז האָט מען אָנגעהויבן צו דערוויסן זיך וואָס ס׳איז געשען טאַקע אין יאַס. ס׳בעסטע און ס׳שענסטע פון דער יידישער באַפעלקערונג אין יאַס, אויב ס׳איז נישט דערשטיקט געוואָרן אין די וואַגאָנען, זענען זיי אומ־געקומען אין די ערשטע שעהען פונעם פּאָגראָם.

ד״ר סאָלאָמאָוויטש, איינער פון די בעסטע ספּעציאַליסטן פון נאָז־, אויערן־ און האַלדז־קראַנקייטן, איז געווען פיל יאָרן פּרעזידענט פון דער אָרטיקער קהילה און פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. אַ מענטש מיט אַ רייכער יידישער קולטור און אַ גלענצנדיקער קענער פון דער העברעי־שער ליטעראַטור, איז דערשאָסן געוואָרן ביי זיך אין הויף.

ד״ר קאַזאַק אַוערבוך — איינער פון די אויסגעצייכנטע דאָקטוירים פאַר קינדער־קראַנקייטן, אַ קענער פון דער יידישער און וועלטלעכער לי־טעראַטור, פּראָפּאַגאַטאָר פאַר פּאָפּולערער מעדיצין. אַ משומדתטע, וועלכע האָט זיך געוואָלט אויספיינערן פאַר די רומענער, האָט אָנגעוויזן אויף זיין

ווינונג, אַ דערשאָסענער איז ער געפאַלן אויף דער שוועל פון זיין ווינונג.

אַדוואָקאַט גערנער, אַן אָנגעזעענער עסקן און אַ קהילה־מיטגליד, אַד־מיניסטראַטיווער אינספּעקטאָר מטעם דער ייִדישער געמיינדע. אַלס אַדוואָ־קאַט האָט ער געהאַלטן פאַר זיין הייליקן חוב צו פּראָטעסטירן ביי די מאַכט־אָרגאַנען קעגן דער שחיטה. ווי אַן ענטפער האָט מען אים שווער פאַרוואונדעט, כמעט צעשמעטערט דעם קאָפּ זיינעם.

אין אויבערמאַרק (בראַטיאַנו־גאַס), האָט מען צונויפגענומען אַלע ייִדן, אין שפּיץ מיטן אַלטן חשובן רב, הרב חיים ראַבינאָוויטש, אים אָנגעבינדן אַ רויטע באַנד אַרום קאָפּ און געהייסן אַז ייִדן מיט באָרד און פּיאות זאָלן אים טראָגן אויף די הענט און שרייען: „זאָל לעבן סטאַלין!" צוקומענדיק צו דער קוועסטור, האָבן זיי געזען ווי פון ביידע זייטן טויער שטייען שקצים מיט אייזערנע שטאַנגען אין די הענט און יעדער ייִד, וואָס גייט אַריין באַ־קומט אַ זעץ פון אַ שטאַנג אין קאָפּ. האָט דער געפאַלענער נאָך כוח אויפ־צושטיין און צו שלעפּן זיך ביז אין הויף אַריין, טוט ער דאָס, טאָמער נישט, דאַרפן די נאָך נישט פאַרוואונדעטע ייִדן נעמען דעם אַנידערגעפאַלענעם און אים אַריינוואַרפן אין הויף אַריין, ווו מ'האָט שוין געזען אַ היפשן באַרג פון פאַרוואונדעטע און מתים, ווייל אַ סך פון זיי זענען דערשטיקט געוואָרן פון די, וואָס מ'האָט אויף זיי אַרויפגעוואָרפן.

יאָסל זילבערמאַן פון ביוואַלאַר איז אין משך פון יאָרן געוועזן אַ שותּף מיטן מאָלדאַווישן בויאַר, וואַסילע פּעטרעסקו. זיי האָבן געדונגען באָדן ביי די פּויערים און די געשעפטן האָבן ווייטער זיך געפירט אויך אין די ביטע־רע יאָרן. דער בויאַר, וועלכער איז געווען באַקאַנט אַלס אַן אָרנטלעכער מענטש, האָט פאַרגעלייגט זיין ייִדישן שותּף, אַז ר'זאָל „פאַרקויפן" אים זיין חלק און ביז די שלעכטע צייטן וועלן איבערגיין, זאָל דער ייִד מיט זיינע זין פיגורירן אַלס ייִדישע מומחים, וועלכע פילן אויס זייער „אַרבעט למובת הכלל". זילבערמאַן האָט געהאַט אַ פאַרגעפיל, אַז דער שותּף זיינער איז שוין נישט דער זעלבער וואָס אַ מאָל, נאָר בשום אופן נישט געוואָלט ברענגען אַפילו אויפן געדאַנק, אַז ער האָט כלפּי אים שלעכטע כוונות. אמת, דער שותּף האָט אים טאַקע געבעטן ר'זאָל וואָס וויניקער וויזן זיך איבער די פעלדער, ווו אַלע קענען אים אַלס שותּף, אָבער זילבערמאַן האָט עס פאַרשטאַנען און אַלץ מקבל געווען באהבה.

אין טאָג פון די בלוטיקע געשעענישן, ווען בויאַרן און כוליגאַנעס

האָבן געמאַכט יד אחת צו דערמאָרדן יידן, האָט דער בויאַר פּעטרעסקו, באַקאַנט אַלס איינער פון די „לייטישע" קריסטן אין מאָלדאַווע, גערופן איינעם פון זיינע פויערים, אָנגעוויזן געגנוי דאָס אָרט וווּ זיין שותף באַהאַלט זיך און באַפוילן אים צו דערהרגענען. דעם לוין וועט דער רוצח באַקומען, נאָך דעם ווי ר'וועט ברענגען זילבערמאַנס... אַן אויג, ווייל דער גויישער כּריץ האָט גוט געוווּסט אַז זיין יידישער שותף האָט אַ בעלמע אויף אַן אויג. דער מערדער האָט אויסגעפּילט זיין שליחות, ווי ס'קען גאָר בעסער נישט זיין. ווי ס'וואָלט זיך געהאַנדלט אין אַ פּשוטן שפּיל, האָט ער אים קודם כל צעקלאַפּט דעם קאָפּ, אויפגעהויבן אַ שטיקל פּאַפּיר פון דער ערד און איינ־געוויקלט ס'אַרויסגעריסענע אויג, בשעת זילבערמאַן האָט נאָך געגוססט. אַזוי האָט דער „גוטער" בויאַר פון מאָלדאַווע געוואָלט זיך פאַרזיכערן, אַז זיין יידישער שותף זאָל שוין קיין מאָל נישט קומען צו אים מיט טענות אויף זיין שותפות.

אויף אוזינע־גאַס האָט זיך געפונען די עלעקטרישע סטאַנציע, וווּ ס'האָבן געאַרבעט אויך יידן, מיט וועלכע די קריסטן האָבן געלעבט בשלום. ערב דעם פּאָגראָם האָבן זיי פאַרגעלייגט די יידן זיי זאָלן זיך אויסבאַהאַלטן אין דער אוזינע, ווייל זיי, די קריסטן, הייסט עס, זענען באַזאָרגט וועגן גורל פון די יידן. אויב זיי ווילן, האָבן די קריסטן געזאָגט, מעגן זיי מיטברענגען נאָך עטלעכע פון זייערע באַקאַנטע, זאָלן זיי זיך דאָ אויסבאַהאַלטן, ווייל די דייטשן וועלן נישט וואַגן צו קומען אַהער, וויסנדיק, אַז דאָ איז אַ מלוכה־אינסטיטוציע און יידן האָבן דאָ נישט קיין דריסת הרגל.

יידן האָבן געגלייבט און מיטגעבראַכט אַלע זייערע באַקאַנטע און קרובים. לאָזט זיך אויס, אַז בכדי צו פייערן דעם 29סטן יוני, האָבן די קריסטן געהייסן אַלע יידן אַריינגיין אין אַ באַזונדער צימער, אונטערן אויסרייד, אַז מ'דאַרף זיי אויסבאַהאַלטן, און ווי נאָר זיי זענען געווען אין דער „באַהעלטעניש" זענען אַלע מיט אַ מאָל עלעקטריזירט געוואָרן.

— זייער בלוט האָבן מיר נישט פאַרגאָסן, — האָבן געיובלט די רוצחים — נאָר דער טויט איז זיי אָנגעקומען לייכט....

ווי שמאַטעס האָט מען זיי צונויפגעוואָרפן, טראַכטנדיק וואָס צו טאָן: פאַרברענען זיי, אָדער אַריינוואַרפן ערגעץ אין אַ גרוב.

אַזוי האָבן זיך אויפגעפירט קריסטן, אַרבעטער, וועלכע האָבן ערשט נעכטן געטענהט מיט די „פאַרשטענדיקע" יידן, אַז די מאַכט האָט שוין

איבערגעכאַפּט די מאָס. אַרבעט פאָדערט מען מער ווי פאַר דער מלחמה און ווען, ס׳קומט צום צאָלן, האָט מען נישט מיט וואָס דעם חודש איבערצוקו־מען. זיי, די קריסטן אַליין, האָבן שוין געזען, אַז ביז אַן אַרבעטער־רעגי־רונג וועט נישט קומען צו דער מאַכט, וועט זיך די לאַגע נישט פאַרבעסערן.

נאָך מער: זיי זענען געגאַנגען צו די משפחות פון די דערמאָרדעטע יידישע אַרבעטער, פאַרזיכערנדיק אַז זיי לעבן. זאָלן די משפחות קיין יסורים נישט האָבן, ווייל זיי זענען פאַרהיט פון יעדן בייז. ווי נאָר ס׳וועט זיך איינ־שטילן, וועלן זיין אַהיים קומען. עסן פעלט זיי אויך נישט, ווייל אין דער אוזינע איז פאַראַן אַ קאַנטינע.

ווען מ׳האָט זיך דערוווּסט דעם אמת, האָבן זיך געזעצט שבעה עט־לעכע צענדליק אלמנות, וועלכע האָבן געמיינט אַז דער גורל האָט זיי נישט אַזוי אַכזריותדיק באַהאַנדלט. די זון איז אויפגעגאַנגען און אונטערגע־גאַנגען, נאָר יידן האָבן קיין קליין שטראַלעכל ליכט נישט געזען. די רדיפות זענען געוואָרן ערגער און דער דורשט נאָך יידיש בלוט — גרעסער. יעדן טאָג איז מען געוואָר געוואָרן פון נייע נידערטרעכטיקייטן. ס׳זענען געקו־מען נייע גזירות, פאַר וועלכע יידן האָבן איינגעבויגן די קעפּ, ווי וואַרטנדיק מ׳זאָל זיי די קעפּ אַראָפּנעמען.

בעיקר האָט מען דאָס דערפילט אין די בונקערס, ביי נאַכט. קריסטן זענען רויִק געשלאָפן אין די בעטן, נאָר יידן פלעגן צווישן טאָג און נאַכט שוין אַראָפּגיין אין די בונקערס, איידער ס׳איז פינצטער געוואָרן, אויס מורא, אַז אין פאַל פון אַן אַליאַרם זאָלן זיי נישט דערשאָסן ווערן אויפן וועג פון דער שטוב צום בונקער, אונטערן אויסרייד, אַז זיי האָבן געגעבן סימנים דעם שונא. יעדע נאַכט נייע פינצטערע בשורות. אַ מעשה מיט אַ פרוי וואָס האָט גאָרנישט געוווּסט, אַז ביי נאַכט איז אויסגעבראָכן די מלחמה. האָט זי צו מאָרגנס אַרויסגעהאָנגען צו לופטערן אַ רויטע קאָלדרע. דער גאַסן־קערער האָט דאָס דערזען און צוגערופן דעם פּאָליציי־סערזשאַנט, וועלכער איז תיכף אַריינגעגאַנגען אין שטוב און די פרוי, צוזאַמען מיט איר טאָכטער, דערשאָסן.

אַ מעשה מיט אַ קריסטלעכן שוישפּילער פונעם יאַסער נאַציאָנאַל־טעאַטער, וועלכער האָט מיט זיינע „אַרטיסטישע" הענט דערשאָסן אַ גאַנצע יידישע משפחה: דעם טאַטן, די מאַמען און ס׳קליינע 4־יאָריקע קינד...

אַ מעשה מיט אַ 12־יאָריק קינד וואָס איז אַרויסגעשפּרונגען פון וואַגאָן

און באַקומען אַ קויל אין פוס אַריין. האָט אים אַ רומענישער אָפיציר גע־פרעגט:

— וואָס יאָמעָרסטו?

האָט אים ס׳פאַרוווּנדעטע קינד געענטפערט:

— כ׳וויל וואַסער.

— תיכף וועל איך דיר געבן וואַסער, אַז דו וועסט מיד ווערן דאָס אויסצוטרינקען.

אויפן באַפעל פונעם אָפיציר האָט אַ סאָלדאַט אָנגענומען ס׳קינד ביי די פיס, געשלעפּט עס ביזן טייך באַכלוי, אים געהאַלטן מיטן קאָפּ אין וואַסער און חיהש געגרעוועט:

— נאַ, טרינק און זיי נישט דורשטיק.

און דאָס קינד האָט „געטרונקען" אַזוי לאַנג, ביז די נשמה איז אים אויסגעגאַנגען אין וואַסער.

אַרום איז געווען פינצטער. די מעשיות — נאָך פינצטערער, און אויס־געדאַכט האָט זיך, אַז מיר געפינען זיך אין אַ הייל מיט טויזנטער יאָרן צוריק. די ווילדע הייל־מענטשן גייען אַרויס מיט די פרימיטיווע כלי־זין: העק, אייזערנע שטאַנגען, שטיינער, מעסערס און לאָזן זיך אין אַ ווילדן געיעג בו דערהרגענען אַלץ וואָס זיי וועלן טרעפן אין וועג.

## קאַפּיטל אַכט

# נאָכן פּאָגראָם

די יידישע קהילה אין פּאָדולוי, האָט נישט באַוויזן צו ענטפערן דורך דער פּאָסט, דורך גוט־באַצאָלטע קריסטן, דורך אָפּיציעלע קוריערן, אויף דער הימל־שרייענדיקער פראַגע:

— ווער לעבט?

פאַר די גורל־געפּרוווטע איז פּאָדולוי געוואָרן אַ חלום וואָס האָט גע־פייניקט און אויך געטרייסט. נאָר ווי אַזוי קומט מען אַהין? אָן אַ דערלוי־בעניש האָט מען דאָך נישט געטאָרט פאָרן. יידישע פרויען האָבן זיך געמאַ־טערט: לויפן האָבן זיי געוואָלט, פליען, אָבער ווי אַזוי? זיי זענען דאָך געפּענטעט דורכן געזעץ.

אויך פון פּאָדולוי האָט מען געבעטן אַז צוליבן דערפאָלג פון דער אַקציע, זאָל מען וואָס ווייניקער ווייזן זיך דאָרט, בפרט יידן פון אַנדערע ערטער. איינס האָבן זיי מודיע געווען: ווען מ׳האָט קובר געווען די 1.400 מתים, זענען ס׳רוב אידענטיפיצירט געוואָרן און עס ווערן צוזאַמענגעשטעלט ליסטעס, וואָס וועלן איבערגעשיקט ווערן צו דער יאַסער קהילה.

די פּאָדולויער קהילה האָט באַדאַרפט זאָרגן אויך פאַר די לעבן־געבליבענע. אַלע זענען זיי געווען דערשלאָגן. אַ סך פון זיי זענען אַראָפּ פון זינען. אַנדערע האָבן קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט, אָדער סתם גערעדט ווי אין פיבער. שווער געווען צו גלייבן, אַז אַ מענטש איז מסוגל צו דערגיין צו אַזאַ מצב און נאָך לעבן. אַ סך זענען געלעגן אין די בעטן מיט ווונדן נאָך נישט באַקאַנטע דער מעדיצין, ביז ס׳איז פעסטגעשטעלט געוואָרן אַז ס׳בלוט פון די מתים איז אַריין אין די ווונדן און האָט אַרויסגערופן אַן אינפעקציע.

די יידישע משפּחות ביי וועלכע זיי זענען איינגעשטאַנען, האָבן שוין נישט געוווסט וואָס צו טאָן, בכדי מ׳זאָל זיי כאָטש טיילווייז צוריקברענגען צו אַ נאָרמאַלן צושטאַנד. פּאָדולויער יידן האָבן אויף פאַרשידענע וועגן זיך געווענדט צו די משפּחות פון די קראַנקע און פאַרלאַנגט משפּחה־בילדער.

ווען די קראַנקע האָבן געזען די בילדער, זענען זיי געבליבן גאָר קאַלט. אַפילו מיט אַן ענדערונג פון בליק נישט רעאַגירט. מ׳האָט איינעם געוויזן ס׳בילד פון זיין איינציק קינד, וואָס איז געווען זייער ענלעך צו אים. ווען מ׳האָט אים געפרעגט ווער דאָס קינד איז, האָט ער קיין וואָרט נישט געענטפערט און נישט אַרויסגעוויזן קיין סימן פון פרייד, אָדער איבערראַשונג. ס׳רוב געראַטעוועטע זענען ביי נאַכט נישט געשלאָפן און ווי נאָר ס׳איז טונקל געוואָרן און מ׳האָט גענומען פאַרהענגען די פענצטער, האָבן זיי אָנגעהויבן צו געוואַלדעווען מיט משונהדיק סקריפּענדיקע קולות, אַז אַלע אין שטוב זענען דערציטערט געוואָרן.

ביים ברענגען די מתים צו קבורה, האָט מען געפונען דריטהאַלבן מיליאָן ליי און אַכט מיט אַ האַלבן קילאָ גאָלדענע זייגערלעך, רינגען, אויערינגלעך, בריליאַנטן. עס האָט זיך געשאַפן אַ הילפס־קאָמיטעט און 350 נויטבאַדערפטיקע האָבן באַקומען יעדן טאָג צו 60 ליי.

די פאַרבייפאָרנדיקע סאָלדאַטן וועלכע זענען געווען פאַרסמט פון אַזוי פיל רעדעכצער וועגן „יידישע קאָמוניסטן" האָבן נישט איין מאָל אַריינגעכאַפּט זיך אין יידישע שטיבער און דערהרגעט יידן, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון די וואַגאָנען. אַ סך מאָל זענען זיי אַרויסגענומען געוואָרן אויסצולאָדן די וואַגאָנען, און אַ גאַנצן טאָג, אַ מאָל אויך ביז שפּעט אין דער נאַכט, געווען אין סכנה דערהרגעט צו ווערן יעדע רגע. די קהילה האָט אַ סך מי אַוועקגעלייגט, ביז עס איז איר געלונגען, דורך גרויסע געלטער, צו פועלן, אַז מענטשן צו דער אַרבעט זאָלן געשיקט ווערן דורך דער קהילה, און נישט גענומען ווערן דורך די זשאַנדאַרן, וועלכע פלעגן אָנוואַרפן אַ פחד ביים אַריינרייסן זיך אין די שטיבער.

אַזוי ווי די דייטשן האָבן באַדאַרפט אָנקומען צו מיר, זיי זאָלן באַקומען פיקטיווע קוויטונגען, האָבן זיי מיך תמיד מכבד געווען מיט סיגאַרן, שאָקאָלאַד, קאַפע און תמיד געפרעגט, אויב זיי קענען מיר מיט עפּעס בייהילפיק זיין.

אַזוי ווי כ׳בין געווען זייער צוריקגעהאַלטן און גאָרנישט געפאָדערט פאַר די אומצאָליקע קוויטונגען, האָבן זיי געפילט זיך געטראָפן, ווען כ׳האָב זיי אין אַ געוויסן טאָג געזאָגט, אַז אַזוי קען עס שוין ווייטער נישט גיין.

איין מאָל קומט צו מיר אַ דייטש, אַ ביסל אַ נאַרעלע און באַקלאָגט זיך, אַז ר׳וואָלט עפּעס אַהיים געשיקט, נאָר ר׳האָט קיין געלט נישט. דערמיט האָט ער געוואָלט מיר גֿעבן אָנצוהערן, אַז ר׳האָט קיין אַנדערע ברירה נישט, ווי נאָר צו בעטן מיך, כ׳זאָל אים געבן נאָך אַ קוויטונג וועגן אַ גרויסן קוואַנטום שויבן. ביי דער געלעגנהייט האָט ער מיר דערציילט, אַז צווישן די דייטשן ווערטלט מען זיך:

— אַז אַ דייטש טוט אָפּ אַ בראַוו שטיקל אַרבעט, באַקומט ער אַ העכערן גראַד.

— אַז אַ דייטש טוט אָפּ אַ גרעסער שטיקל אַרבעט, באַקומט ער נאָך אַ גרעסערן גראַד.

— אָבער אַז אַ דייטש טוט אָפּ גאָר אַ גרויס שטיקל אַרבעט, באַקומט ער אַן אורלויב אויף צוויי וואָכן אין רומעניע, פון וואַנען ער קען אַרויסשיקן אַהיים, די פיינסטע זאַכן, וואָס אַפילו אין דייטשלאַנד קען מען זיי אויך נישט באַקומען.

ער, וואָס קעמפט שוין אַזוי פיל צייט אויפן פראָנט, איז נישט אין שטאַנד צו שיקן עפּעס דער נקבה, מיט וועלכער ער ליבט זיך און וועלכע האָט אים נישט איין מאָל אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז אַנדערע פרויען באַמען יאָ... אַ קאַמעראַד זיינער האָט אים דערציילט, אַז פאַר עטלעכע פיקטיווע קוויטונגען וועט ער קענען באַקומען וואָס ר׳וועט וועלן: טיי, צוקער בוימל, ברויט אד״גל.

דער דייטש האָט געהאַלטן אין איין קוקן צו מיר, וואַרטנדיק אויף אַ תשובה. כ׳האָב געטראַכט, אַז די אַלע אויסגערעכנטע זאַכן וואָלטן זייער צו נוץ געקומען און טראָץ דעם האָב איך אָפּגעוואָרפן זיין פאָרשלאַג, זאָגנדיק אים, אַז דאָס אינטערעסירט מיך נישט. נאָר אויב ער וויל באמת טאָן מיר אַ טובה, וויל איך, אַז אָנשטאָט אַלע עסנוואַרגן וואָס ר׳האָט אויסגערעכנט, זאָל ער מיר אַ טובה טאָן, פאַר אים וואָלט דאָס געווען אַ קורצער שפּאַציר מיטן צוג, נאָר פאַר מיר איז דאָס אַ גרויסע זאַך, וואָס גייט מיר ממש אין לעבן: ער זאָל זיך אַריינכאַפּן קיין פאָדולוי און איבערגעבן מיינעם אַ בריוו אין דער דאָרטיקער קהילה און מיר ברענגען תשובה.

פרייענדיק זיך, וואָס ר׳קומט אָפּ מיט אַזאַ קלייניקייט, האָט ער פאַרלאַנגט פון מיר דעם בריוו. נישט טראַכטנדיק קיין סך האָבן איך אויף דער שרייבמאַשין אָנגעשריבן אַ רשימה פון קרוב 200 מענטשן, וועלכע זע־

נען מיר געקומען אויפן געדאַנק, בעטנדיק מ׳זאָל ביי דער זייט פון יעדן איינעמס נאָמען, אָנצייכענען זיין גורל.

מיט אַ שעה שפּעטער איז שוין דער דייטש געשטאַנען אין דער פּאָ־דוליער קהילה, און ווי ער אַליין האָט מיר שפּעטער דערציילט, זענען זיי „גריין און גרוי״ געוואָרן, ווען זיי האָבן אים, דעם דייטש, דערזען. לייענענדיק דעם בריוו און לויט דער „שטרענגער״ פאָדערונג פון דייטש, וואָס שנעלער געבן „איין ריכטיקן אַנטוואָרט״, האָבן זיי דאָס געטאָן. שוואַרץ איז מיר געוואָרן פאַר די אויגן, ווען כ׳האָב, נאָך צוויי שעה, באַקומען דעם ענטפער: פון קרוב 200 מענטשן זענען נאָר 14 געבליבן לעבן.

בכדי דער דייטש זאָל נישט באַמערקן מיין צושטאַנד, האָב איך אים תיכף געפּטרט, דערלאַנגענדיק אים די פאַרלאַנגטע קוויטונגען און אָנגע־הויבן לייענען די תשובה.

מיין פאָטער מיט זיינע דריי זין ליגן שוין אין ברידער־קבר. קרובים, פריינד, באַקאַנטע, — ביי יעדן איינעמס נאָמען איז פאַרצייכנט: טויט! כ׳האָב אויסגעבראָכן אין אַ געוויין און אַפילו נישט באַמערקט ווען דער באַלעבאָס איז אַריינגעקומען. נישט וויסנדיק וועגן מיין באַשלוס, צו שיקן דעם דייטש מיט אַ בריוו קיין פּאָדוליע, איז ער צעטרודערט געוואָרן, זעענדיק מיך אין אַזאַ מצב. כ׳האָב אים דערלאַנגט די רשימה. פאַר איבערראַשונג איז ער אַנידערגעפאַלן אויפן בענקל און אויך אויסגעבראָכן אין אַ געוויין.

ווייזט אויס, אַז אַפילו צו פאַרענדיקן ס׳געוויין אויף אונדזערע טייערע ברידער, איז אויך נישט באַשערט געווען. אַ כאַפּטע דייטשן זענען אַריין אין ביוראָ, געפאָדערט מ׳זאָל „אין אָרדנונג״ ברענגען די אויטאָס, וועלכע געפינען זיך אין הויף. דערזעענדיק מיך אַ פאַרוויינטע, האָט איינער צום אַנדערן געזאָגט:

— וואָס פּאַסירט מיט אונדזער מעדכען?

האָט אַ צווייטער, ווי געענטפערט:

— זי איזט דאָך איינע יודין!

ס׳הייסט, טאָמער בין איך „איינע יודין״, מוז איך וויינען.

ס׳האָט מיך געפּלאָגט אַ געדאַנק: די דאָזיקע חיות, וועלכע בעטן זיך ביי מיר כ׳זאָל זיי געבן קוויטונגען, וויפל יידישע לעבנס האָבן זיי, די פאַר־שאָלטענע, פאַרשניטן? וויפל קינדערלעך זענען צוליב זיי געוואָרן יתומים און וויפל וועלן נאָך ווערן?

ווי נאָר כ׳האָב געענדיקט די אַרבעט, בין איך תיכף אַוועק פון שטוב צו שטוב, אָנזאָגן די גוטע בשורה פאַר די, מיט וועלכע דער גורל האָט געטאָן אַ גרויסן חסד און זייעריקע זענען אַרויס לעבעדיק פון די וואַגאָנען. שנעל ווי אַ בליץ האָט אין שטאָט זיך פאַרשפּרייט די ידיעה, אַז א י ך ווייס „עפּעס״... וועמען כ׳האָב קיין גוטס נישט געקענט מבשר זיין, האָב איך געענטפערט די לעצטע פאַר ווערטער פון דעם פאָדוּלויער ענטפער צו מיר:

— אין משך פון די נאָענטסטע טעג וועט מען צושיקן ליסטעס צו דער יאַסער קהילה און יעדער איינער וועט קענען לייענען און וויסן.

כ׳האָב געטראָגן אין מיר אַ שווערן וויטאָג, געהאַט דאָס געפיל, אַז יעדע נשמה וואָס איז אויסגעגאַנגען אַזוי שווער, קומט צו מיר מיט טענות:

— פאַרוואָס דערציילסטו איך נישט דער משפחה, אַלץ וואָס איך ווייס. זיי, די מתים, האָבן ווי ס׳איז שוין געפונען אַן אָרט זיך אָפּצורוען, אָבער דער ספק וואָס פּלאָגט זייערע משפחות, לאָזט זיי נישט רוען.

יסורים האָבן מיך געפּייניקט: אפשר דאַרפן די נשמות אַ ק ד י ש? און אפשר איז בעסער, אַז די משפחה זאָל דערווייל זיך קוויקן מיט אַ פאַלשער טרייסט, אַז זיי לעבן נאָך... געוואָר צו ווערן דעם אמת וועלן זיי קיין מאָל נישט פאַרשפּעטיקן...

בין איך געגאַנגען צו דער קהילה און איבערגעגעבן די רשימה. אַזוי אַרום איז מיין מאַמעס געוואָר געוואָרן וועגן איר ברודער מיט זיינע דריי זין. געגאַנגען צו מיין פעטערס דריי מיידלעך און זיי געהייסן טאָן, וואָס זי טוט: זעצן זיך „שבעה״. אין יאַס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּרשה „שבעה״־זיצן. אין שטיבער און אין בונקערס, אין קעלערס און אין הויף פון דער קהילה, זענען יידן געזעסן „שבעה״ און געשוויגן. בכלל האָבן יידן זיך צוגעוווינט צו שוויגן, אויס פּחד טאָמער הערט זיך אונטער אַ גוי. יסורים האָבן שוין אַזוי אָפּגעשוואַכט, אַז מ׳האָט שוין פּשוט קיין כח נישט געהאַט אַ וואָרט אַרויסצורעדן אַפילו ווען מ׳האָט אַ מאָל געפרעגט עפּעס, האָט מען געענטפערט מיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ אָדער געמאַכט מיט די הענט.

אַ ים פון קעפּ האָט זיך צעכוואַליעט נעבן די שוואַרצע ליסטעס ביים אַריינגאַנג אין דער קהילה. טויזנט מאָל געקוקט און איבערגעלייענט אייך און דעם זעלבן נאָמען, נישט געוואָלט גלייבן די אייגענע אויגן און דאָך אויסגעבראָכן אין אַ געוויין, אָדער געפאַלן חלשות. ווי נאָר מ׳האָט זיי דערמינטערט, האָבן זייערע געשרייען איינגעריסן הימלען:

— כאָטש איין מאָל זיין ביים קבר... צום קבר וויל איך!...

אַזוי האָט געשריגן די מאַמע, די פרוי און נאָך זיי — די קינדערלעך:

— איין מאָל כאָטש זיין ביים קבר... צום קבר וויל איך!...

דער געדאַנק פון יעדן איינעם איז געווען קאָנצענטרירט אַרום צוויי פונקטן און תמיד געזען פאַר די אויגן נאָר די ביי דער קהילה אַפּישירטע ליסטעס פון די מתים און דעם נישט געזעענעם קבר. מאָדנע איז געווען צו הערן ווי טאַטעס, מאַמעס, פרויען, קינדער, טויזנטער און צענער טויזנטער מענטשן, האָבן אַלע אַרויסגערעדט די איינציקע צוויי ווערטער:

— צום קבר...

אויסער פּאָדוּלוי זענען געשאַפן געוואָרן אויך אַנדערע לאַגערן פאַר די לעבן־געבליבענע פון די וואַגאָנען. נאָר ווי האָט מען דען געקענט צוקומען אַהין? וועגן דעם לאַגער אין קאַלאַראַש האָט מען גערעדט ווי וועגן אַן אַנדער פּלאַנעט.

עפּעס „נייעס" האָט מען געקענט געוואָרן ווערן נאָר דורך ייפ"א, אָדער פון אַ גוי, וועלכער האָט גענומען גרויסע געלטער, אַז ר'זאָל זיך דורכפאָרן מיטן צוג, ווייל אַלס קריסט מעג ער פאָרן וווהין ער וויל.

איינער פון די דאָזיקע קריסטלעכע שליחים זאָל געווען איבערגעבן בסוד־סודות, אַז די קרבנות פון „יענעם זונטיק", אויפן וועג קיין קאַלאַראַש, זענען פאַרבייגעפאָרן אויך דורך דער שטאָט ר אָ מ אַ ן.

און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ זאָגעניש און אַ רעדעניש: ר אָ מ אַ ן.

שווער געווען צו גלייבן וואָס מ'האָט דערציילט וועגן דעם מיליטערישן קאָמענדאַנט פון דער שטאָט, קאָלאָנעל פאַרוווּלעסקו, אַ ברודער פון דעם פריִער־דערמאָנטן גענעראַל פאַרוווּלעסקו. ער אַליין, אַזוי האָט מען דער־ציילט, האָט באַפוילן צו עפענען די וואַגאָנען און מ'האָט די לעבן־געבליי־בענע דערלאַנגט עסן, וואַסער און קליידער. די אומגליקלעכע האָבן נישט געוווּסט וואָס מ'זאָל ס'ערשטע טאָן: עסן? טרינקען? אָנטאָן זיך? דער געדאַנק זייערער האָט שוין פּשוט נישט געאַרבעט.

אַלס מענטש וועלכער באַגרייפט דעם ווערט פון אַ מענטשן אויף דער ערד, זאָל קאָלאָנעל פאַרוווּלעסקו אויך געווען זאָגן, אַז ר'וואָלט זיי פאַר־

האַלטן אין ראָמאַן, נאָר „באַפּעל איז באַפעל!" און אויפן נסיעה־צעטל שטייט בפירוש געשריבן אַז די יידן „דאַרפן" פאָרן קיין קאַלאַראַש.*

אויף ס׳ביי האָט מען פאַרחתמעט די וואַגאָנען, וועלכע האָבן געלאָזט זיך אַפּריכטן גלות, און די יידן פון ראָמאַן האָבן אָנגעהויבן מקיים זיין די מצווה פון קובר זיין מתים.

דעם צווייטן טאָג איז אַהין אַרויסגעפאָרן פון בוקאַרעשט קיין קאַלאַראַש פּרעד (אפרים) שאַראַגע, געבראַכט אַ געניע רשימה פון די לעבעדיקע און אויך געזאָרגט זיי זאָלן באַקומען אַ מענטשלעכע באַהאַנדלונג.

אמת, אויך דאָ האָט זיך איבערגעחזרט די זעלבע מעשה ווי אין פּאָדולוי. אַ סך האָבן אויך דאָ נישט געקענט אַרויסרעדן אַ וואָרט פון מויל ווען דער גוטער שליח פּרעד שאַראַגע האָט זיי ברודערלעך געטרייסט. ער אַליין, דער יידישער שליח איז אַהיימגעקומען צעבראָכן און פאַריאושט, ווען ר׳האָט געזען וואָס די חיות האָבן געמאַכט פון זיינע יאָסער ברידער. דאָקטוירים וועלכע זענען ספּעציעל אַרויסגעשיקט געוואָרן צו זיי, האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ זאָגנדיק, אַז נאָר די צייט וועט זיי אפשר קענען ברענגען אַ רפואה, ווייל קיין שפּיטאָל און רעצעפּטן קענען דאָ נישט העלפן. שפּיטאָלן און רעצעפּטן זענען געווען נאָר פאַר די קריסטן, באַזונדערס פאַר די סאָלדאַטן.

חדשים לאַנג זענען די קרבנות געזעסן אין קאַלאַראַש. קאָלאָסאַלע געלט־סומעס האָט מען גישיקט פון דער יידישער געמיינדע אין בוקאַ־רעשט, נאָר געהייסן האָט עס, אַז די רומענישע מאַכט „זאָרגט" דערפאַר,

---

* לויט ס׳איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, איז דאָס געשען אַזוי: ס׳צווייטע יידישע שטעטל נאָך פּאָדולוי, איז טירגו־פרומאָס, אַ מהלך פון 15—20 מינוט פאָרן מיטן צוג. דאָרט האָט מען זיך פאַרהאַלטן, בכדי אַראָפּלאָזן די יידן פון די וואַגאָנען. די רומענישע אָנפירונג פון שטעטל האָט זיך אָפּגעזאָגט אויפצונעמען „קאָמוניסטן" און זיי זענען געפאָרן ווייטער, קיין ראָמאַן. צופעליק האָט זיך אין דער גאַרע געפונען די אָנפירערין פונעם אָרטיקן „רויטן קרייץ", פרוי אַגאַריטש, וועלכע האָט געפאָדערט, אַז מ׳זאָל תיכף עפענען די וואַגאָנען. קענענדיק זי אַלס פאָרשטייערין פון דער מאַכט, האָט מען געעפנט די וואַגאָנען און די יידן אַוועקגעפירט אין הויף פון אָרטיקן רעגימענט, ווו מ׳האָט זיי געמאַכט אַ באָד, בכדי אויסצומיידן מגיפות. דערוויסנדיק זיך, אַז דאָס זענען יידן, האָט קאָלאָנעל פאַרוווּלעסקו געמאָלדן קיין בוקאַרעשט און לויט אַ באַפעל פון מאַרשאַל אַנטאָנעסקו איז פרוי אַגאַריטש אַראָפּ־גענומען געוואָרן פון איר פּאָסטן אַלס פאָרשטייערין פון „רויטן קרייץ", דערפאַר וואָס זי האָט געהייסן עפענען די וואַגאָנען.

אַז יעדן טאָג זאָלן זיי באַקומען אַ ביסל יושקע,* נאָך וועלכער מען האָט באַדאַרפט שטעלן זיך אין דער ריי, אַ סך צייט איידער מ׳האָט דאָס אַריינ־געגאָסן אין שיסעלע.

דאָס האָט שוין געהייסן „גוט״ געלעבט, נאָר פונקט ווי דער פּאָדוליער „חלום״, האָט אויך קאָלאַראַש נישט געלאָזט שלאָפן ביי נאַכט און דערפירט אַ סך מאַמעס, פרויען און קינדער, זיי זאָלן אַרומגיין ווי אין חלום, אויך ביי טאָג.

אויך קאָלאַראַש האָט געשאַפן אַ וויזיע פון קברים. נישט פון איין גרויסן מאַסן־קבר, נאָר פון ק ב ר י ם, איינצלנע און צעשפּרייטע, ווו ס׳האָבן זיך געפונען פיר איילן ערד אויפן רומענישן באָדן, וואָס האָבן מסכים געווען אַז אַ ייד זאָל אויך קומען צו אייביקער רו. אָט איז אַ בערגל ערד... אין מיטן פעלד, נישט ווייט פונעם לאַגער... דאָ ליגט דער יאַסער ייד מאַקס גוטמאַן.

אַ צווייט בערגל ערד. דאָ ליגן צוויי מתים. דער ערשטער: הרב ר׳ פּי־שעלע רויזענגורט, אָדער ווי מ׳האָט אים אין יאַס גערופן: דער קיסניצער רב, פון אוקראַינע. אַנטלאָפן פון פּעטליורעס פּאָגראָמען, געקומען קיין יאַס און ווי אַ מלאך אין געשטאַלט פון אַ רב, אַרומגעדרייט זיך איבער די יאַסער געסלעך, צונויפזאַמלען געלט פאַר די רבי מאיר בעל הנס־פּושקעס... יעדן איינעם באַגעגנט מיט אַ שמייכל... אַרומגעגאַנגען תמיד מיט פאַרמאַכטע אויגן, פאַדבקהט אין עולמות עליונים און געזען פאַר זיך נאָר גאָט און דעם שטעפּאַנעשטער רבין ר׳ מאָטעסל, וועמענס חסיד ער איז געווען. תמיד געהאָלפן דעם צווייטן, זיך געטיילט מיטן שטיקל ברויט און טויטערהייט געטיילט אויך זיין פּלאַץ אין קבר מיט אַ צווייטן קדוש.

באַלד נאָכן קומען קיין קאָלאַראַש איז ר׳ פּישעלע קראַנק געוואָרן און תיכף נפטר געוואָרן. דריי טעג נאָך זיין פּטירה איז נפטר געוואָרן אויך סאָלאָ־מאָן ראָזענבלום, וועלכער איז דעם 29סטן יוני געזעסן מיט דער פרוי און קינדער אין בונקער. געהאַט האָט ער אַ פאָרגעפיל, אַז עפּעס וועט געשען און געהאַלטן אין איין האַלדזן די קינדער. מיט פאַרטרערטע אויגן האָט ער געקוקט צו זיין ליבער פרוי, ביז זיי האָבן אויסגעבראָכן אין אַ ביטער געוויין.

---

* פּאָלשע זופּ.

אַ געוועזענע קריסטלעכע דינסט האָט אָנגעוויזן ווו זיי געפינען זיך און אַ כאָפּטע דייטשן האָט זיך אַריינגעריסן, געפּאָדערט די שליסלען פון דער וווינונג און אַרויסגענומען אַלע ווערטפולע זאַכן. נאָך דעם אים געהייסן מיטגיין. מיט אויפגעהויבענע הענט איז ער געגאַנגען צו דער קוועסטור, ווו ר׳האָט ביים טויער געטראָפן ליגן זיין ברודער לאַנטשיו מיט אַ צעשפּאָל־טענעם קאָפּ, אַ טויטן. אַ געשלאָגענער און געפּייניקטער האָט ער מיט די לעצטע כוחות אַרויפגעדראַפּעט זיך אין וואגאָן און מיט שווערער מי דערשלאָגן זיך ביז קאַלאַראַש,* ווו ר׳איז געשטאָרבן.

דערווייל האָבן אָנגעהויבן קומען בריוו פון קאַלאַראַש, און דערוווּסט האָבן מיר זיך, אַז אויך מיין עלטערער ברודער שלמה מיט זיין שוואָגער, לעבן און בעטן מ׳זאָל זיי שיקן בילדער פון די קינדער, פון די עלטערן און פון די פרויען. איניקע האָבן געבעטן קישעלעך, צו האָבן ווו דעם קאָפּ אַנידערצולייגן.

אין שטאָט האָט מען געזען פרויען אין שוואַרצן. אַ גרויסער טרויער האָט באַהערשט די יידן פון יאַס און פון דער גאַנצער מאָלדאַווע. האָסטו באַגעגנט זיך מיט עמעצן, האָט ער דיר תיכף געזאָגט:

— ווייסט, פלוני איז טויט! ווייסט, יענער איז פאַרשיקט...

ווייניקע זענען געבליבן לעבן און נאָך ווייניקער — אין דער היים.

פונעם טאַטן און מיין ברודער שמעון האָבן מיר באַקומען אַ בריוו פון ווידעלע. זיי אַרבעטן שווער ביים האַקן שטיינער און גייען ממש אויס פון הונגער און פיין. זיי וואָלטן אָבער זאַט געווען ווען זיי זאָלן וויסן, אַז די מאַמע מיט די קינדער און מיט דער באָבען האָבן מצליח געווען אַרויסצור־רייסן זיך פון שטעטל, איידער די רומענישע אַרמיי איז אַריין, וויל זיי, די פאַרשיקטע, ווייסן שוין גאַנץ גוט וואָס אַזוינס רומענישע אַרמיי איז...

ס׳ביסל וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט האָבן מיר תיכף אַוועקגעשיקט. ווען די דייטשן האָבן מיר געברענגט שאָקאָלאַד, טיי אָדער צוקער, האָב איך דאָס גענומען און אַוועקגעשיקט צו אונדזערע פאַרשיקטע, שוואַכע און הונגעריקע ברידער קיין ווידעלע. קאָמפּלעטירנדיק די פּעקלעך אויך מיט קליידער און שיך, נישט נאָר פאַר מייניקע, נאָר פאַר וויפל כ׳האָב נאָר געקענט צונויפזאַמלען. אַזוי האָבן אויך געטאָן די אַלע וועלכע האָבן געהאַט

* אַ שטאָט אין דער אָלטעניע, יאַלאָמיצער געגנט.

קרובים אין ווידעלע אָדער אין אַנדערע לאַגערן. וועגן דעם, אַז זיי זאָלן אַהיימקומען האָבן זיי אַפּילו נישט דערמאָנט. דער האַרבסט האָט זיך דערנענטערט און ביים געדאַנק אַז זיי וועלן, חלילה, דאַרפן בלייבן דאָרט איבערן ווינטער, האָט אונדז אַלעמען אָנגעכאַפּט אַ גרויל. מיר האָבן געוווּסט, אַז זיי זענען נאַקעט און באָרוועס. ווער ווייסט צי מיר וועלן אויך ווינטער קענען עפּעס שיקן.

אין שטאָט האָט דער הונגער באַוויזן זיין אמתע צורה. פאַרדינען איז נישט געווען ביי וואָס. יידן זענען געווען פאַראָרעמט, קראַנק פון אַזוי פיל יסורים און ס׳רוב פון זיי — שוואַכע, אויסגעמאַטערטע פרויען.

ביז 10 אַ זייגער אין דער פרי האָט קיינער נישט געטאָרט זיך באַוויזן אין גאַס. האָט מען געטראָפן אַ יידן אין מאַרק פּ אַ ר דער באַשטימטער שעה, האָט מען אים אַרעסטירט און נאָר דורך דער אינטערווענץ פון דער קהילה און גרויסע געלטער, האָט מען אים געקענט ראַטעווען פון פאַרשיקן אין לאַגער. קינדערלעך האָבן אָבער געבעטן ברויט, און נאָך דעם ווי די קריסטן האָבן אויסגעליידיקט ס׳ביסל סחורה, וואָס האָט זיך געפונען אויפן מאַרק, זענען אָנגעלאָפן יידן און באַצאָלט געהויבענע פרייזן פאַר שפּייז, וואָס האָט געטויגט נאָר אַרויסצוואַרפן. האָט אַ ייד נאָך געהאַט די מעגלעכקייט און אונטערגעקויפט אַ גוי, ר׳זאָל אים קויפן אַביסל לייטישע סחורה, האָט ער, דער ייד, אויס מורא און בושה, געשעמט זיך דאָס צו עסן ווען אַנדערע זעען.

צו וואָס יידן זענען דערגאַנגען!... געגעסן האָט מען אונטער פאַרשלאָסענע טירן, ווי מ׳וואָלט עס געגנבעט ביי עמעצן...

די צייט איז נישט געשטאַנען. די מלחמה — אויך נישט. אין פאַבריקסהויף איז קיין פרייער פּלאַץ נישט געווען פאַר אַזוי פיל אויטאָס מיט אויסגעהאַקטע שויבן. פון דעם גאַנצן ענין בין איך אַרויס מיט אַ גרויסן סטאַק פון סיגאַרן, שאָקאָלאַד, צוקער, טיי... געווען שוין וועמען דאָס צו שיקן!

— כ׳האָב אַ גאָר גוטן סעזאָן!... — האָב איך איין מאָל געזאָגט צו מיין באַלעבאָס.

— די שפּיטאָלן האָבן נאָך אַ בעסערן, — האָט ער מיר געענטפערט.

— ס׳פעלט אויך דאָרט נישט קיין „סחורה“. יעדן טאָג — נייע און פרישע.

טאָג און נאַכט האָט מען געבראַנגט פאַרוווּנדעטע, אַפּילו די שולן זענען רעקווירירט געוואָרן. ס׳איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז אויב עס וועט ווייטער

אַזוי גיין, וועט מען בעטן די יידן, אַז זיי זאָלן אַזוי גוט זיין און אַרויסגיין פון די שטיבער, בכדי ס׳זאָל זיין ווו צו לייגן די פאַרוואונדעטע.

דער גענעראַל פון דער טאָדט־אָרגאַניזאַציע איז געפאָרן קיין בוקאַ־רעשט און נאָך עטלעכע טעג צוריקגעקומען אין אַ שפּאָגל־נייער טעקסי, אַ רויטע לימוזינע, אויסגעבעטט מיט ווייסן זייד, און זיצנדיק אין איר האָט מען געקענט מיינען, אַז דאָ זיצט דער טערקישער סולטאַן. מן הסתם האָט ער זי צוגעלקחנט ביי איינעם אַ רומענער, פּשוט גערעדט: צוגעגנבעט, ווייל די רומענער האָבן געמוזט זען, הערן און שווייגן. די אמתע באַלעבאַטים אין לאַנד זענען געווען די דייטשן.

בכדי די לימוזינע זאָל, חלילה, נישט כאַפּן ס׳מינדסטע קריצעלע, האָט מען געפונען פאַר איר אַ פּלאַץ אינעם קליינעם גערטנדל פון דער פאַבריק.

פון דעם וואָס די דייטשן האָבן גערעדט, האָט מען געקענט פעסטשטעלן, אַז אויפן פראָנט איז שוין דאָס אמתע פייער. אָבער אין דער מאָס ווי דאָס שלאַכטפעלד וועט זיך דערווייטערן, וועט יאַס דערקלערט ווערן אַלס שפּי־טאַל־זאָנע, בכדי פאַרוואונדעטע זאָלן האָבן אַ רויִק אָרט און פאַרברענגען זייער רעקאָנוואַלעסצענט־צייט, ווייט פון פראָנט.

אויך די רומענער האָבן „גערעדט״, נאָר מיט אַ געוויסער אויפרעגונג. עפּעס האָט אָנגעהויבן זיך שאַפן אַן אַטמאָספער פון רעוואָלט קעגן די דייטשן; דערפאַר וואָס אַזוי פיל רומענער ווערן אינוואַלידן און פאַלן ווי די פליגן אויף פרעמדע טעריטאָריעס, ווייל די אַלע וואָס זענען אַוועק אויפן שלאַכטפעלד, האָבן גאַנץ גוט געוווּסט, אַז די רוסן קומען זיי נישט אַקעגן מיט לעקעך־און־בראָנפן. די רומענער האָבן געמוזט אָנערקענען, אַז די רוסן זענען נישט אַזעלכע פּילאַנטראָפּן, און פאַר יעדן מעטער ערד באַ־צאָלט מען גאָר־גאָר טייער. ס׳רוב דערפער געפינט מען פאַרברענט. די רוסן זאָרגן שוין, אַז אַפילו ווו צו שלאָפן זאָל שוין אויך נישט זיין. אין אַ סך ערטער איז דאָס וואַסער פאַרסמט, די ברונעמער — פאַרשיִט, און ווער ווייסט וואָס ס׳וועט נאָך זיין.

דייטשן וועלכע האָבן זיך אומגעקערט פון פראָנט האָבן מיטגעברענגט ראַבעוואַניע, וואָס איז תיכּף אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין דייטשלאַנד. אַן דעם מינדסטן געפיל פון בושה, האָבן זיי צעשפּרייט אויף דער ערד אַלץ, וואָס זיי האָבן געגזלט און געראַבעוועט: זילבערנע מנורות, חנוכה־לעמפּלעך,

טעפּיכער, מעשענע און אַנדערע ווערטפולע אַנטיקן פון שילן, אַפילו פּרוכתן פון אָרון־קודשס, פּליושן אויסגעשטיקטע מיט זילבערנע פעדים, — אַלץ וואָס איז זיי אין דער האַנט געקומען. האָסט געהאַט דעם איינדרוק, אַז די מלחמה איז אויסגעבראָכן נאָר צוליב רויב און מאָרד, ווייל אַליין האָסטו געפרעגט זיך:

— ווו איז דאָס מענטשלעכע געוויסן, ווען אויף דער גרויסער ברייטער ערד איז פאַראַן פּלאַץ פאַר יעדן איינעם, און יעדער איינער וואָלט מסוגל געווען מיט אייגענער מי צו פאַרדינען ס׳כשרע שטיקל ברויט, ווי זיין האַרץ גלוסט, נישט אָנרירנדיק דעם צווייטנס גוטס.

ייפּ״אַ האָט אויך נישט געשוויגן און פאַרשפּרייט קלאַנגען וועגן די יידן אויף די פאַרנומענע טעריטאָריעס. יידן וועלכע זענען געפונען געוואָרן צווישן דער רוסישער באַפעלקערונג, זענען אַרויסגענומען געוואָרן פון די רייען, דערשאָסן געוואָרן אָדער צונויפגעטריבן געוואָרן אין קרייזן מיט שטריק־אַרומגעצייכנטע, ווי ווילדע חיות, און אין דער מיט פון קרייז, אויף אַ הויכן סלופּ, אַן אויפשריפט: יודען!

כל זמן מ׳האָט נאָך געקענט אויסנוצן זיי צו גראָבן גריבער, רייניקן גאַסן, אָנלאָדן סחורות, האָט מען פון זיי אויסגענאָגט ס׳לעצטע ביסל מאַרך, געבנדיק אַ קליין שיסעלע עסן, וואָס אַפילו חזירים וואָלטן עס נישט פאַר־זוכט, פרויען און מיידלעך זענען פאַרנומען געווען פאַרן געניוס פון די סאָל־דאַטן. יידישע פרויען, באַשאַנקען פון דער נאַטור מיט יענער שיינקייט וואָס פאַרכאַפּט אַפילו דעם אָטעם פון אַ דייטשן מערדער, האָבן אויסגעווילט צו באַגיין זעלבסטמאָרד, איידער געשענדעט צו ווערן פון די חיות. אַ דייט־שער אָפיציר איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער שיינקייט פון אַ יונגער יידישער סטודענטקע, וועלכע האָט זיך געראַנגלט מיט אַלע כוחות און נישט דערלאָזט אים ר׳זאָל זי שענדן. זעענדיק אַז זי ווערט שוואַכער אין איר געראַנגל, האָט זי אים פאַרגעלייגט, ר׳זאָל איר געבן רו אַ האַלבע שעה, און דאַן זאָל געשען וואָס ס׳דאַרף געשען. זייענדיק זיכער אַז זי איז שוין „זיינע״, האָט דער דייטשער אָפיציר אַנידערגעלייגט דעם רעוואָלווער אויפן טיש און צוגעגאַנגען צום פענצטער, נישט טראַכטנדיק וואָס אין אירע מחשבות טוט זיך. ווי אַ טיגער האָט די סטודענטקע זיך אַ וואָרף געטאָן צום רעוואָלווער און ביז דער דייטשער „גבור״ האָט זיך אויסגעדרייט, האָט זי זיך אַריינגעשאָסן אַ קויל אין די שלייפן און אַנידערגעפאַלן אַ טויטע. אין

זיין גרויסן כעס, האָט ער זי פאַרגוואַלדיקט, בשעת איר קערפּער איז נאָך געווען וואַרעם און ס׳בלוט האָט געגאָסן פון די שלייפן.

די קאַמפן זענען געווען פאַרביטערטע און יעדער פּאַס ערד איז פאַר־לאָזט געוואָרן און ווידער צוריקגענומען געוואָרן, אַ מאָל דורך די רוסן, אַ מאָל דורך די דייטשן. רעזערוון האָבן געשטראָמט טאָג און נאַכט. דייטשן וועלכע זענען געקומען פאַרריכטן די אויטאָס האָבן באַקומען אַ שטרענגן באַפעל, תיכף אומקערן זיך. שוין נישט געווען ווי ביז איצט, אַז ווער ס׳געפינט זיך 24 שעה אין שלאַכטפעלד, האָט ס׳רעכט אָפּצורוען זיך 24 שעה. אַפילו עסן האָבן זיי קיין צייט נישט געהאַט. אַ משוגענער געדאַנק איז זיי איינגעפאַלן: בשעת מ׳שטעלט אַריין די שויבן, זאָל מען זיי, טאַקע אין דער פאַבריק, צוגרייטן ס׳עסן; ווייל דער דייטש, בכדי צו עסן אין דער באַשטימטער צייט, וועט אַלץ טאָן. דערפאַר טאַקע, האָט די באַלע־באַסטע אַליין, פּרוי קאַפּאַלאָוויטש, מיט מיין מאַמען און מיט מיינע שוועס־טערלעך, באַדאַרפט ווערן קעכינס פאַר די דייטשע מיליטער־לייט, וואָס האָבן זיך געדרייט אין הויף פון דער פאַבריק.

די דייטשן האָבן געבערענגט פון כל־טוב. געלט האָט זיי דאָס נישט געקאָסט, אַלץ איז געראַבעוועט געוואָרן. געבערענגט האָבן זיי פונעם פיינסטן און פונעם בעסטן. אַ סך פון זיי וואָס האָבן נאָך נישט באַוויזן אָפּצועסן היינט, האָבן שוין באַשטעלט אַ טאָפּלטע פּאַרציע אויף מאָרגן, נישט זייענ־דיק זיכער אויב זיי וועלן דערלעבן ביז מאָרגן. ס׳רוב פון זיי זענען אומ־געקומען אויפן פראָנט, אָדער געכאַליעט אין די שפּיטאָלן, פאַרשעלטנדיק די טעג זייערע מיטן דריטן רייך צוזאַמען.

די „באַלעבאַסטע", פּרוי קאַפּאַלאָוויטש, וואָס איז געווען אַ מין „אָבער־קעכין", איז איינגעגאַנגען אויף אַ שותפות מיט די דייטשן: זיי וועלן ברענגען עסנוואַרג און מיר וועלן דאָס „צעטיילן". פונעם עסן וואָס מ׳האָט צוגעגרייט פאַר די דייטשן, האָבן מיר אויך געשיקט אין מושב־זקנים, ווו ס׳זענען געזעסן אַ סך פון די אַמאָליקע בכבודיקע משפחות פון קליינע שטעטלעך, וואָס זענען פאַראָרעמט געוואָרן צוליב דער מלחמה.

אין איינעם אַ טאָג האָבן די דייטשן אָנגעבערענגט אַ גאַנצן קאַמיאָן מיט עסנוואַרג, און דערזעענדיק אַזוי פיל שפּייז, זענען מיר אַלע געבליבן ווי פאַרשטיינטע. ס׳האָט זיך געשאַפן אַן איינדרוק, אַז זיי ווילן פּראַווען אַ סעודה פאַרן גאַנצן רעגימענט. לויט זייער גרויס איילעניש האָבן מיר פאַר־

שטאַנען, אַז עפּעס קאָכט אין זיי. עסן וועלן זיי שוין דאָס קאַלטערהייט, פאַרנדיק אויפן פראָנט, און יעדע פּערטל שעה וועט מען פאַרבעטן דעם שאָפער, אַז ער זאָל אויך עפּעס נעמען אין מויל אַריין. זיי האָבן נאָר מורא געהאַט, טאָמער וועלן זיי שטאַרבן הונגעריקע. בעת דאָס עסן האָט זיך גע־קאָכט, האָבן זיי געהאַלטן אין איין חשבונען, גלייך מ׳וואָלט אין די טעפּ אַריינגעלייגט ציפערן און נישט קיין פלייש. ווען מ׳האָט זיי איבערגעגעבן דאָס געקעכץ, האָט דער „אָבער״ געפרעגט אויב די פּאַרציעס שטימען לויט דעם איבערגעגעבענעם פּאַר אַ באַשטימטער צאָל מענטשן.

ווען ס׳זענען אָנגעקומען שליחים און געפאָדערט זיי זאָלן תיכף צוריק־פאָרן, האָט מען געקענט זען ווי שווער ס׳איז זיי אָנגעקומען איבערצולאָזן אַזאַ טייערן ביסן און אַוועקפאָרן. נישט איין מאָל האָבן אָפיצירן זיך צע־שריגן בקולי קולות, הלמאי מ׳פאָרט נישט צוריק צום פראָנט, דווקא אַצינד, ווען יעדע רגע איז גורלדיק.

נישט געוווּסט האָבן די שרייענדיקע אָפיצירן, אַז די אויטאָס זענען פול מיט עסנוואַרג און מ׳וואָרט ס׳זאָל קומען זייער ריי איבערצוגעבן דאָס אין קיך און טאַקע זאָרגן, אַז עסן זאָלן זיי און נישט קיין אַנדערע. זעענדיק אַז מען מוז זיך רירן פון אָרט, — באַפעל איז דאָך באַפעל! — איז מען גיך אַרויפגעלאָפן צו פרוי קאָפּאַלאָוויטש, וועלכע איז געשטאַנען מיט מייַן שוועסטערל ראָזאַ און געשיילט קאַרטאָפל. דער דייטש האָט זיי מודיע געווען, אַז ר׳האָט אָנגעבראַכט כל טוב פון בעסאַראַביע, נאָר אַלץ געפינט זיך אין „וואַגן״. זאָלן די „קעכינס״ קומען און דאָס אויסלאָדן.

אַזוי ווי מיין שוועסטערל האָט קיין דייטש נישט געקענט, האָט זי זיך פאַרגעשטעלט, אַז „וואַגן״ איז אויך עפּעס אַ מין מאכל פון וועלכן זי האָט דערוייל נאָך נישט געהערט, און תיכף געענטפערט, אין איר דייטשמעריש:

— ברענגען זי דעם „וואַגן״... בראַטן וואָלן זי האַבן...

דער דייטש האָט אויסגעשאָסן אין אַ געלעכטער און דאָס דערציילט אויך פאַר אַנדערע דייטשן. זעענדיק, אַז מיט די זשידאָוקעס וועט עס קיין סוף נישט נעמען, האָבן די דייטשן אַליין, אין גרויס איילעניש, אַרויפגע־טראָגן אין קיך אַלץ, וואָס זיי האָבן געבראַכט, נישט פאַרגעסנדיק אָנצו־זאָגן, אַז צום טיש וועלן זיי קומען מיט אַ סך קאַמעראַדן, און ס׳עסן זאָל זיין „פיין און געשמאַקליך״.

מיט קאַמופלירטע פענצטער האָט מען אַ גאַנצע נאַכט געהאַלטן אין

איין קאָכן און דעם אַנדערן טאָג, אַרום 10 אַ זייגער אין דער פרי, האָבן זיי אָנגעהויבן צו יאָוועץ זיך און שוין אומגעדולדיק געוואַרט, ס׳זאָל שוין זיין מיטאָג־צייט, אַז מ׳זאָל זיך אַ נעם טאָן צו דער אַכילה. דייטש בלייבט דייטש! צען מינוט פאַר צוועלף וועט ער נישט גיין עסן, גלייך ס׳גייט אים נישט אין גאָרגל אַריין אויב ער עסט פריִער מיט פינף מינוט.

טישן האָט מען געגרייט אין די צימערן און אין הויף, אונטער דיביימער, און אַלע זענען זיי געזעסן, גלייך ווי אַ מהלך פון עטלעכע שעה ווייט פון דאַנען וואָלט נישט געגאָסן זיך ס׳בלוט פון זייערע ברידער אין דער מלחמה פון משוגעת, וועלכע וועט ביז׳ן סוף אונדז אַלע משוגע מאַכן.

היות דער דייטש איז אַ פּינקטלעך־אויסגערעכנטער מענטש, האָט ער ראשית כל פאַררוכט דעם אויטאָ, אַריינגעשטעלט שויבן און אַלץ געבראַכט אין אָרדענונג, נאָר אַ דרוק צו טאָן מיטן פוס און — פאָרן! דאַן ערשט האָט מען זיך גענומען צו דער אַכילה, און געטראַכט האָבן זיי אַוודאי דאָס צו פאַרציִען גאָר לאַנג.

מיט אַ מאָל פליט אַרייך אַ לימוזינע אין הויף און עס ווערט אַ בהלה. אַלע נעמען לויפן צו די אויטאָס און דער „אָבער" וואָס איז אַרויס פון דער לימוזינע, רעוועט ווי אַ פאַרווונדעטע חיה, באַפעלנדיק מ׳זאָל תיכף אַוועק צום פראָנט, נאָר גאָר אין אַן אַנדער ריכטונג, ווייל... ווייל...

פאַרשטאַנען האָבן מיר תיכף, אַז דאָס האָבן די רוסן צוריק פאַרנומען אַ וויכטיקן שליסל־פונקט און עס פאָדערט זיך ניי מענטשן־פלייש.

די דייטשלעך אין די אויטאָס איז אויך נישט געווען וואָס מקנא צו זיין. ווער ווייסט וואָס ס׳דערוואַרט זיי שפּעטער מיט אַ טאָג, און אפשר מיט אַ שעה... זיצנדיק ביים רודער, האָט מען מיט איין אויג געקוקט פאָרויס, ר׳זאָל נישט אַרויף אויף אַ צווייטן אויטאָ, און ס׳אַנדערע אויג נישט געקענט אָפרייסן פון די געגרייטע טישן מיט די פיינע מאַכלים, וואָס זענען געלעגן, נישט אָנגערירטע אַפילו.

כ׳בין צוגעגאַנגען צום „אָבער", פרעגנדיק אים וואָס צו טאָן מיטן עסן. נאָר אים איז איצט נישט געלעגן אין קאָפּ ס׳עסן. ווי משוגע האָט ער געטריבן די דייטשן, זיי זאָלן וואָס גיכער אַרויספאָרן אין דער „נייער" ריכטונג. ווען אַלע זענען אַוועק און כ׳האָב אים ווידער געפרעגט וואָס צו טאָן מיטן עסן, האָט ער אַן אויפגערעגטער מיר געענטפערט:

— שמייסן זי דאָס הערויס!...

אין אַ צייט ווען מענטשן זענען אויסגעגאַנגען פון הונגער, האָט זיין דייטש געוויסן נישט דערלאָזט אים צו זאָגן מ׳זאָל דאָס אַוועקגעבן די אַרבעטער פון פאַבריק, נאָר — „שמייסן זי דאָס הערויס..."

— באַפעל איז באַפעל!... — האָב איך געטראַכט און צווישן צוויי אַליאַרמען „אַרויסגעשמיסן" ס׳גאַנצע עסן גלייך אין מושב־זקנים, וווּ מ׳האָט זיך מחיה געווען פון אַזאַ אומגעריכטער „מלכותדיקער" סעודה.

## קאַפּיטל ניין

# ווייסטע היימען

דער דייטש איז טאַקע געווען באַלעבאָס, נאָר די אינערלעכע אָרדע־נונג האָט מען איבערגעלאָזט פאַר די רומענער.

ס׳רוב קריסטלעכע בירגער זענען זיך צעפאָרן אין סאַמע מלחמה־צייט, נאָכן פּאָגראָם, ווען טויזנטער משפּחות זענען געבליבן אָן אַן אָנהאַלט אין לעבן, אויב מ׳האָט געכאַפּט אַ יידן וואָס האָט עפּעס פאַרקויפט, בכדי צו באַצאָלן די פאַרקויף־שטייערן. און פאַרקויפט האָט מען קליידער, שיך אד״גל, זאַכן, וואָס שפּעטער אַ ביסל וואָלט מען אַליין באַדאַרפט זיך באַנוצן מיט זיי.

אַזוי האָבן יידן דערזען זיך נאַקעטער ווי זיי זענען געווען. יעדער האָט געמאַכט אַ חשבון לויט וועלכן ס׳איז אויסגעקומען אַז:

— מאָרגן זאָל געשען וואָס עס וועט געשען... דערווייל האָבן די קינ־דער כאָטש אַ שטיקל טרוקן ברויט.

אַזוי ווי אַ סך יידישע געשעפטן זענען געווען געשלאָסן, ווייל די אייגנטימער זענען אומגעקומען אין פּאָגראָם, אָדער פאַרשיקט געוואָרן אין די לאַגערן, איז אַרויס אַ באַפעל, אַז די אַלמנות דאַרפן עפענען די קלייטן און דאָרט זיך געפינען דעם גאַנצן טאָג.

דער ציל איז געווען קלאָר: מ׳זאָל קענען פאָדערן נייע שטייערן!

דעם רומענער האָט נישט אינטערעסירט צי מען פאַרקויפט עפּעס, אָדער ניין. שטייערן האָט מען באַדאַרפט צאָלן לויטן פעסטגעשטעלטן אינדעקס.

גאַנץ פרי האָט מען געקענט זען אַלמנות אין שוואַרצן, לויפנדיק אין קלייט מיט קליינע קינדערלעך, מיט אַ האַלבער שעה פאַר דער צייט, און שטיין פאַר די פאַרשלאָסענע געשעפטן, בכדי זיי זאָלן פונקט 8 אַ זייגער זיי עפענען. אַנדערש האָט געדראָט אַ פּראָצעס פון „באַיקאָט״. דאָס פרי־

שטיק האָבן די קינדער געגעסן אין קלייט און מ׳קען זיך שוין פאָרשטעלן סאַראַ מין פרישטיק דאָס איז געווען.

דייטשן האָבן געדרוקט רומענישע באַנקנאָטן אין די מיליאָנען און די דייטשע סאָלדאַטן האָבן געקויפט און אויסגעליידיקט אַלע ראַפטן. אָרעמע יידישע אַלמנות, אָן שום פּראַקטיק אין ענינים פון מסחר, אָן שום ידיעות וועגן שווינדל און אָפּנאַרעריי, אין שטענדיקער מורא פאַר דעם אַריינגעקור־מענעם קונה, ר׳ זאָל נישט זיין אַ „שפּיצעל״ פון דער פּאָליציי, האָבן מיט אַ מאָל דערזען ליידיקע ראַפטן. מיט וואָס צו קויפן נייע סחורות האָבן זיי נישט געהאַט און פאַרמאַכן די קלייטן האָט מען אויך נישט געטאָרט, ווייל שטייערן האָט מען געמוזט צאָלן, כל זמן די קלייט איז אָפן. דעם רומענער האָט נישט אינטערעסירט צי יידן האָבן יאָ סחורות, אָדער נישט, דער עיקר פאַר אים זענען געווען די שטייערן.

יידן האָבן שוין נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. סיידן לעבעדיקערהייט אין דר׳ערד אַריין, נאָר די רומענער וואָלטן אויך דאַן נישט צופרידן געווען.

דער ייד איז געווען ס׳כפּרה־הינדל. איז אויסגעבראָכן אַ מלחמה — דאַרף מען הרגענען יידן. כאַפּט מען קלעפּ אויפן פראָנט, זענען יידן שול־דיק. ייפּ״אַ האָט מודיע געווען, אַז ביידע צדדים ווערן צעמאָלט ווי ווייץ צווישן מילשטיינער נאָר ווער וועמען ס׳וועט מנצח זיין, ווייסט מען נאָך נישט. דערפאַר טאָקע דאַרף מען האָבן יידן, צו שאַפן אַ פאַקט אַז מען הרגעט מענטשן, זיי זאָלן נישט האָבן די מינדסטע מעגלעכקייט זיך אָקעגנ־צושטעלן. נעמט דער רוסישער געפאַנגענע, פירט ער זיי שפּאַצירן אויף דער פרישער לופט, קיין סיביר. נעמט דער דייטש געפאַנגענע, האַלט ער זיי אין דער געגנט פון בוקאַרעשט, נאָר צוויי מאָל אין דער וואָך, פירט ער זיי איבער דער שטאָט, צו ווייזן די קלויסטערס, ספּאָרט־פּלעצער און אַנ־דערע ערטער.

נאָך די לעצטע צוזאַמענשטויסן זענען אַלע שפּיטאָלן געווען איבער־פולט מיט פאַרוווּנדעטע. האָט מען אָנגעהויבן צו רעקווירירן גאַנצע גאַסן ווו ס׳זענען נאָך געווען פאַרמעגלעכע יידן, נאָר געהייסן האָט עס, אַז דער גורל איז נישט געווען אַזוי אַכזריותדיק צו זיי און דערווייל זענען זיי פאַר־בליבן אין די אייגענע דירות. יידן האָבן אויף ס׳ניי אָנגעהויבן אָפּריכטן גלות — פון די יאַסער הויפּט־גאַסן אין די הינטערגעסלעך. מיט פּעק אויף די פּלייצעס, ווי אַ טשערעדע געטריבענע שאָף, האָבן זיי אָנגעהויבן

וואַנדערן, נישט וויסנדיק וווהין, ווייל נישט אומעטום איז געווען צו קריגן אַ פרייע דירה, אַפילו אין די הינטערגעסלעך. דער מושב־זקנים און דער הויף פון דער קהילה זענען געווען איבערפולט. די אוממעגלעכקייט צו געפינען דירות פאַר אַלע, האָט דערפירט צו כלערליי גזירות: דאָ טאָרן יידן נישט גיין, דאָרט טאָרן יידן זיך נישט געפינען. לויט איין פאַראָרדענונג זענען געוויסע זאַכן פאַר יידן שטרענג פאַרבאָטן, לויט אַ צווייטער פאַראָרדענונג, קומט דערפאַר טויט־שטראָף.

די לעצטע פאַראָרדענונג איז געווען ממש הימל־שרייענדיק. מ׳האָט אָבער קיין כוח נישט געהאַט אַפילו אַ הויך וואָרט אַרויסצורעדן. „באַפעל איז באַפעל" און ווער ס׳וועט נישט פאָלגן, ריזיקירט צו באַקומען אַ האַרבע שטראָף.

— ביז אין דריי טעג דאַרף יעדע יידישע משפחה צושטעלן פאַר די פאַרוווּנדעטע פון דער „הייליקער" מלחמה: אַ קאָלדרע, אַ קישן, ליילעכער אד"גל.

— יאָ, יאָ, פאַר פאַרוווּנדעטע! — האָבן יידן געקלאָגט. — איידער זיי זענען אַוועק אין דער „הייליקער" מלחמה, האָבן זיי אומגעבראַכט אונדזערע קינדער, ברידער, מענער און טאַטעס; פאַר זיי דאַרפן מיר איצט מנדב זיין, ס׳זאָל זיי ווייך זיין צו שלאָפן... בעת אונדזערע טייערע ליגן נאַקעטע אָן תכריכים, אומגעבראַכטע פון טמאדיקע הענט. פון אונטערן קינדס קעפּעלע אַפּירשלעפּן ס׳קישעלע און דאָס געבן ז י י, אַצינד, ערב ווינטער, אַוועקנעמען ס׳איינציקע שטיקל צודעק ביי אַלטע, ביי קראַנקע, און ביי קימפּעטאָרינס, וועמענס קינדער וועלן שוין קיין מאָל נישט קענען זייער טאַטן.

אַזוי האָבן מאַמעס אויסגעוויינט זייערע אויגן, גלעטנדיק יעדעס קישן, מיט ציטערדיקע הענט דאָס איינגעפּאַקט און יעדע רגע גרייט געווען צו שיידן זיך פון זאַכן וועלכע זענען נישט איין מאָל, אין נעכט פון פּיין און בענקשאַפט, פון צווייפל און טרויער, געווען די איינציקע נאָענטע ווו מ׳האָט געקענט איינגראָבן ס׳פּנים און זיך אויסוויינען... אַצינד ווערן אַוועקגענומען פון זיי אויך די געטרייע עדות פון זייערע טרערן. יעדע רגע קען אָנקומען די „ספּעציעלע" קאָמיסיע און קאָנטראָלירן אויב עס פעלט נישט עפּעס.

ווי איז געווען צו דעם, וואָס האָט געפּרוּווט נישט אויספילן דעם חוב פאַר די פאַרוווּנדעטע פון דער „הייליקער" מלחמה.

אין די יידישע געסלעך האָבן זיך באַוויזן לאַסטאויטאָס מיט רומענישע און דייטשע שאָפערן, מיט קאָמיסיעס פון רומענישע און דייטשע אָפיצירן, וועלכע האָבן צוגענומען די לעצטע קישעלעך פון אונטער די יתומימס קעפּעלעך, אָן דעם מינדסטן געפיל פון רחמנות. קאַלטבלוטיק, גלייך עס וואָלט גאָר געווען שלום אויף דער וועלט און מען גייט צונויפנעמען מתנות וועגן עפּעס אַ באַל, אָדער פאַר אַנדערע פילאַנטראָפּישע צוועקן. נאָך דעם האָבן זיי אַרויסגענומען פאָרמולאַרן, אַלץ פאַרצייכנט און געצוווּנגען די אומגליקלעכע יידן זיי זאָלן חתמענען, אַז זיי שפּענדן דאָס פרייוויליק.

גאַנצע הויפנס קאָלדרעס, קישנס, ליילעכער מיט אויסגענייטע מאָנאָ־גראַמען, אַרויסגענומען פון מיידלעכס צוגעגרייטע נדנס, אויף וועלכע מ׳האָט לאַנגע יאָרן שווער געהאָרעוועט, זענען צונויפגעזאַמלט געוואָרן אין ספּעציעלע מאַגאַזינען, שנעל סעלעקציאָנירט געוואָרן, גלייך זיי וואָלטן געווען זייער אייגנס. די פאַרוווּנדעטע האָבן אַפילו נישט זוכה געווען צו זען עפּעס פון דעם צוגעראַבעוועטן גוטס. די יעניקע וועלכע האָבן זיך „מטריח" געווען מיטן זאַמלען, האָבן געמאַכט אַ חלוקה צווישן זיך. טויזנ־טער קאָלדרעס און קישנס זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין דייטשלאַנד, זיי זאָלן דערוואַרעמען פרויען, קינדער און געליבטע פון יענע, וועמענס הענט ס׳וועלן אויף אייביק שוין בלייבן באַפלעקט מיט בלוט, ווייל נאָר די געשיכטע איז מסוגל איבערצוגעבן אַלץ, וואָס די חיות אין געשטאַלט פון מענטשן האָבן אָפּגעטאָן קעגן אַ פאָלק וואָס האָט געלערנט די מענטש־הייט, ווי אַזוי צו לעבן מענטשלעך, אָן אונטערשיד פון ראַסע און רעליגיע.

די מלחמה האָט זיך געצויגן קעגן יידן מיט אַ פיל גרעסער פייער ווי אין אָנהייב. די דייטשן זענען געגאַנגען פאָרויס, אומברענגנדיק אַלץ וואָס איז געווען יידיש. אויף יידישע מיידלעך האָבן זיי זיך געוואָרפן ווי הונגע־ריקע וועלף. אומגליקלעכע טאַטעס, מענער, ברידער, עדות פון דער שענ־דונג פון זייערע פרויען, טעכטער און שוועסטער, זענען אומבאַהאָלפן גע־שטאַנען און געמוזט צוזען די באַרבאַריזמען פון די אויסוווּרפן אין כריס־טוסעס געשטאַלט.

ווען דער בעסטיאַלישער אַקט איז פאַרענדיקט געוואָרן האָבן זיי אַלע־מען דערשאָסן ווי פּשוטע הינט, נישט נעמענדיק אין אַכט, אַז די יידן געפינען זיך נאָך אין אַ צושטאַנד פון עקל און גרויל פון דעם אַלעם וואָס זיי האָבן צוגעזען. געווען פאַלן ווען פאַר דער שיינקייט פון יונגע יידישע

מיידלעך האָבן אַפילו די דייטשע חיות נישט געקאָנטביישטיין און אָפּיצירן האָבן זיי געלאָזט לעבן, כדי צו האָבן מיט וועמען צו באַפרידיקן זייערע פיזישע נויטווענדיקייטן.

אַ מעשה מיט צוויי שוועסטער וואָס איינע פון זיי איז זייער געפעלן געוואָרן אַ דייטשישן מאַיאָר. די אַנדערע איז ווי דורך אַ נס ניצול געוואָרן און דערוויסנדיק זיך ווו איר 17יאָריקע שוועסטער געפינט זיך, האָט זי אָנגעהויבן טראַכטן ווי אַזוי זי אַרויסצוראַטעווען פון דעם דייטשס הענט. דרייענדיק זיך אַרום איר שוועסטערס „דירה", באַגעגנט זי אַ זעלנער, וועלכער האָט זי געפרעגט אויב זי קען וואַשן וועש...

אַזוי אַרום איז איין שוועסטער געוואָרן אַ דינסט ביי דער אַנדערער. איר קריסטלעכער אויסזען האָט איר בייגעהאָלפן אַז זי זאָל בלייבן אין דער דירה פון איר שוועסטער און זי באַדינען. מאַכט זיך, אַז די יונגערע שוועסטער איז געוואָרן שוואַנגער און דער מיידזשער האָט זייער נישט געוואָלט, אַז זיין בלוט און פלייש זאָל אַרויס צום לעבן דווקא פון אַ יידישן בויך, האָט ער באַשלאָסן, אַז אַ דייטשער דאָקטאָר, איינער פון זיינע באַ־קאַנטע„ זאָל דאָס קינד פאַרניכטן. דאָס זיבעצן־יאָריקע מיידל האָט געמוזט זיך אונטערגעבן און דער דייטשער דאָקטאָר האָט דורכגעפירט די אָפּעראַציע מיט דער גרעסטער אַכזריותדיקייט. די שוועסטער האָט די גאַנצע צייט זיך געפונען נעבן איר און נאָר אַ דאַנק איר מסירות נפש איז איר געלונגען צו דערהאַלטן די אומגליקלעכע ביים לעבן. ווידער האָט דער מיידזשער דערזען פאַר זיך אַ בליִענדיקע שיינקייט. זיצנדיק ביי נאַכט איבער די מיליטערישע מאַפּעס, האָט זיין יונגע זיבעצן־יאָריקע געליבטע אים אַרויסגעוויזן אַ סך צערטלעכקייט, כאַפּנדיק בשעת מעשה אַ בליק אין די מאַפּעס און איר שוועסטער, די וועשין, האָט שוין געהאַט מאַטעריאַל איבערצוגעבן די פּאַרטיזאַנער...

די יאַסער קהילה איז געוואָרן דער טרערן־אינדזל פאַר די אַלע וואָס האָבן אָנגעהערט צום יידישן אָפּשטאַם. יידן זענען געקומען אין דער קהילה, די איינציקע אינסטיטוציע וואָס איז נאָך בכוח געווען מיט עפּעס וואָס צו העלפן, דער עיקר מיט אינפאָרמאַציעס פאַר די אַלע פון גורל געשלאָגענע.

אין אַ שווערער לאַגע האָבן זיך געפונען די קריסטן וואָס האָבן חתונה

געהאַט מיט יידישקעס. באַזונדער שווער איז געווען די לאַגע פון זייערע קינדער. געוועזענע יידישקעס, ווען אַפילו זיי האָבן געהאַט ביי די קריסטלעכע מענער אַ גוט לעבן, האָבן אין די איצטיקע באַדינגונגען אַזוי געליטן, אַז זיי האָבן קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט, ווי נאָר צוריק צו קומען צום יידנטום.

אויף די קהילה־וועגט האָבן יעדן טאָג זיך באַוויזן נייע שוואַרצע ליס־טעס. הונדערטער מענטשן זענען געשטאַנען אין דערוואַרטונג, נישט גע־וואָלט אַוועקגיין: טאָמער וועט דאָך אָנקומען עפּעס אַ שטיקל ידיעה, אַז זייערע נאָענטע לעבן. אפשר איז גאָר געווען אַ טעות, האָבן אַ סך געגלייבט און זיך געוואָלט איינרעדן אַ סך פון די וואָס האָבן אויף דער שוואַרצער ליסטע געזען די נעמען פון אייגענע און ביי דער זייט פאַרצייכנט: טויט, אָדער אומגעקומען און קיין שפּור נישט געלאָזט.

אין אַ ווינקל זיצט אַ שוואַנגערע פרוי, אין ניינטן חודש, און לויטן אָטעמען דערקענט מען, אַז יעדע רגע קען זי געבוירן ס׳קינד. דאָס איז די טאָכטער פון אַ בכבודיקער סוחרישע משפחה אויף בראַטיאַנו־גאַס. איבער־געטראָגן אַ סך יסורים ביז די משפחה אירע האָט מסכים געווען, אַז זי זאָל חתונה האָבן מיט איר אויסדערוויילטן, אין וועמען זי האָט זיך פאַרליבט. האָבנדיק אַ שווערע שוואַנגערשאַפט, איז זי בשעת די אַליאַרמען געזעסן אין שטוב, נישט קענענדיק אַראָפּגיין אין בונקער, און איר ליבער מאַן איז אויף קיין רגע נישט אָפּגעטרעטן פון איר.

מורא האָבנדיק, אַז זי זאָל נישט איינשטעלן דאָס לעבן פון איר מאַן, אויב מ׳וועט אים טרעפן אין שטוב בשעת די אַליאַרמען, האָט זי זיך גע־לאָזט צום בונקער. זי איז נאָך רעכט נישט אַריינגעגאַנגען, ווי פאַר אירע אויגן האָבן זיך באַוויזן די מערדער, וועלכע האָבן אַרויסגעפירט פון בונקער אַלע מענער און דערזענדיק איר מאַן, האָבן זיי אים אויך פאַרשלעפּט...

איצט זיצט זי אין דער קהילה און באַוויינט איר פינצטער מזל. באַלד וועט זי געבוירן. וווּ? ווייסט זי אַליין נישט. זי האָט קיין כוח נישט פון אָרט זיך צו רירן. איר קינד, די פרוכט פון איר ליבע, וועט אַ גאַנץ לעבן נישט האָבן וועמען צו רופן: טאַטע! זי באַוויינט זיך זעלבסט און באַוויינט איר טייערן אַוועקגענומענעם מאַן.

אין אַ צווייט ווינקל ליגט אויף דער ערד פרוי ק. מיט איר אויסגע־

שטרעקטער האָנט האַלט זי אין איין גלעטן די טיר, אויף וועלכער ס׳הענגט אַ שוואַרצע ליסטע מיט נעמען פון געפאַלענע אויף קידוש־השם.

אָט שטייען צווי שוועגערינס, איינע פאַרקנוילט אין דער אַנדערער און זייערע טרערן מישן זיך אויס. טרערן, אויפן טויט פון זייערע מענער. ווי טשאַפּעס פאַרשוואַרצטע פון רויך און צוזאַנענגעוואָרפענע, זעען אויס די אומגליקלעכע יידישע פרויען, שאָקלענדיק זיך ווי אין תפילה און אומענד־לעכן טרויער. אַ מחנה פרויען אין שוואַרצן, זוכן אין דער לופט אַ טרייסט, אַן אָנהאַלט, אַ האָפענונג, אפשר איז פאָרט נישט אמת דאָס, וואָס ס׳איז געשריבן אין דער שוואַרצער ליסטע.

— זאָל מיר געווען פאַרבלייבן כאָטש איינער... איינער נאָר... — יאָ־מערט אַן אַלטיטשקע וועמענס זין און אייניקלעך זענען אויף אייביק אַרויס־געריסן געוואָרן פון דער היים. שטרעקנדיק די הענט העכער און העכער, ווי וועלנדיק דערגרייכן צום הימל, איז זי מיט אַ מאָל אַנידערגעפאַלן, מיטן קאָפּ אויפן אַרויפשטייג פון אַ טרעפּ, בלייבנדיק טויט אויפן אָרט. נישט ווייניק פון די אין שוואַרצן געהילטע פרויען האָבן זי מקנא געווען פאַר איר גליקלעך־גרינגן טויט.

די צייט איז נישט געשטאַנען און ייפ״אַ האָט געבערענגט ידיעות, אַז די פאַרשיקטע וועלן אַהיימקומען. נאָר די קהילה האָט עס נישט באַשטע־טיקט. ווידער האָט זיך אָנגעהויבן אַ געגיי אין דער קהילה, וועלכע האָט געשוויגן. נאָך מער: ייפ״אַ איז געבעטן געוואָרן נישט צו פאַרשפּרייטן קלאַנגען, ווייל די גורל־געשלאָגענע וועלן אַליאַרמירן, לויפן אין דער קהילה אין אַ צייט וואָס די אַליאַרמען פון די לופט־אָנגריפן שטעלן זיך נישט אָפּ און דאָס קען ברענגען צו נייע אומגליקן.

דער ווייטאָג האָט געדריקט, שווער געדריקט. האָט עמעצער שוין יאָ געוואָלט עפּעס אַרויסרעדן, האָט ער קיין כוח נישט געהאַט. ממש ניט גע־קענט רעדן, פאַר פאַרדראָס, פאַר ווייטאָג און פאַר מורא.

די יוגנט וואָס איז נאָך געבליבן אין יאַסער געגנט, האָט זיך פאַר־זאַמלט אין דער קהילה. ס׳איינציקע אָרט ווו מ׳האָט נאָך געקענט אַרויס־רעדן אַ וואָרט און דערמאַנען ארץ־ישראל, אַפילו שטילערהייט. איז דאָס אַליין שוין געווען אַ טרייסט. אָבער ווי ווייט ס׳האָט אויסגעוויזן דער אידעאַל, אַז מ׳זאָל אַ מאָל זוכה זיין אים צו דערגרייכן... קומען אַהין...

אזוי האָבן צווישן זיך גערעדט די יוגנטלעכע. איינשטעלנדיק זיך דאָס

לעבן, האָבן זיי דאָך מצליח געווען צו באַקומען זייער אומקלאָרע ידיעות, און די האָפענונג האָט ווידער אויפגעוואַכט.

— גוט, וואָס מ׳פירט אונטערהאַנדלונגען... נישט וויכטיק וויפל יידן ס׳וועלן אַוועקפאָרן, דער עיקר — צו ראַטעווען זיך...

מ׳האָט געזוכט וועגן צו שטעלן זיך אין פאַרבינדונג מיט יידן פון אַנדערע שטעט, פון די לאַגערן, פון די תפיסות און פון אומעטום, ווו מ׳האָט געקענט ברענגען אַ ידיעה, אַ געוויסע הילף, שפייז־מיטלען, מעדיקאַמענטן, אַלץ איז געווען גוט און ווויל. פון קיינעם האָט מען דערווייל קיין זייטיקע הילף נישט באַקומען. ייפ״אַ האָט טאַקע „פעסטגעשטעלט״, אַז די אַמעריקאַנער יידן וועלן נישט שווייגן, נאָר ווער ווייסט אין וועלכער מאָס זייערע אָנשטרענגונגען וועלן אונדז דאָ העלפן אַציינד, בעת די מלחמה צעשפרייט זיך און דער ווינטער וועט אונדז פאַרכאַפן אין סאַמע ברען פון די רדיפות. יעדער איינער האָט דערפילט, אַז ר׳איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער צוקונפט פונעם פאָלק און ס׳ליגט אויף אים אַ הייליקע אַחריות, אַ חוב, אַז ער טאָר נישט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט.

דערמוטיקטע פון אָט דעם ביסל התלהבות, האָבן יונגע קינדער געגעבן זיך די הענט, אַלס צייכן פון פאַרברידערונג און געשווירן צו קעמפן ווייטער.

אין איינעם פון די אויגוסט־טעג 1941, האָבן אָנגעהויבן צוריקקומען די פאַרשיקטע. בליץ־שנעל האָט זיך די ידיעה פאַרשפרייט און דער יידישער עולם האָט זיך דערוווּסט, אַז דער נס איז געשען.

אַזוי ווי די פעריפעריע־גאַרע, ניקאָלינאַ, איז געווען רעקווירירט פאַר טראַנספּאָרטן פון שווער געווער, האָבן די איבערגעבליבענע פון אַרבעטס־לאַגערן געהאַט די פריווילעגיע אָפּצושטייגן אין צענטראַלן באַנהויף, צוזאַמען מיט די רעזערוון פון דער דייטש־רומענישער אַרמיי, וועלכע האָבן געהאַלטן אין איין שטראָמען צום פראָנט.

מ׳האָט מודיע געווען דער יאַסער קהילה וועגן זייער אָנקום, אָבער נישט האָבנדיק קיין גענויע ידיעות וועגן דער באַשטימטער שעה, ווייל די פאַראָרדענונגען האָבן זיך געביטן פון שעה צו שעה, האָט מען נישט געקענט

גליבן, ביז מ׳וועט עס נישט זען מיט די אייגענע אויגן, בעיקר, ווען דאָ האָט זיך געהאַנדלט וועגן יידן.

דערפאַר טאַקע האָט די קהילה נישט באַשטעטיקט קיין שום ידיעה, בכדי נישט צו שאַפן נייע אַנטוישונגען, כאָטש אין דער מעלדונג פון דער פרעפעקטור זאָגט זיך בפירוש, אַז אַ שליח מצד דער קהילה וועט קענען זיין אַנוועזנדיק ביים אָנקומען פון די פאַרשיקטע.

מצד דער פרעפעקטור זענען געשיקט געוואָרן צוויי רומענישע אָפיצירן, וועלכע האָבן זיך געצלמט ביים דערזען די צוריקגעקומענע. געשיקט האָט מען זיי אַראָפּצונעמען די יידן פונעם צוג, ווי אויך האַלטן פאַר זיי אַ לאַנגע דרשה, אַז זיי זאָלן זיך אויפפירן ווי טרייע בירגער, בכדי ס׳זאָל שוין נישט געשען מיט זיי דאָס, וואָס ס׳איז געשען, בפרט אַצינד, ווען ס׳לאַנד געפינט זיך אין אַ גרויסער מלחמה.

די רומענישע אָפיצירן האָבן קיין וואָרט נישט געקענט אַרויסרעדן פאַר די לעבעדיקע קאַדאַוורען וואָס זענען געשטאַנען ווי פּאַראַליזירט און אַפילו קיין פינטל מיטן אויג נישט גערירט. די אָפיצירן אַליין האָבן געהאַט אַ געפיל, אַז זיי חלומען אַ שלעכטן חלום. זיי האָבן בשום אופן נישט געקענט גלייבן, אַז דאָס זענען ווירקלעך לעבעדיקע מענטשן. וואָס אַן אמת, האָבן זיי אויך געהערט רעדן וועגן עפּעס אַן „אויפשטאַנד" מצד די יידן און דערפאַר האָט מען זיי פאַרשיקט אין די לאַגערן, ווו מ׳האָט לגבי זיי זיך אויפגעפירט אין א פאַרעם, וואָס ברענגט דעם לאַנד קיין כבוד נישט. נאָר אַז מענטשן זאָלן דערגייך צו אַזאַ מצב, דאָס וואָלטן זיי קיין מאָל נישט געגלייבט.

דאָס זענען געווען צוויי יונגע אָפיצירן, וועלכע האָבן זיך דערוווּסט, אַז צווישן די צוריקגעקומענע געפינען זיך אויך אַ סך פון זייערע ידישע באַקאַנטע, האָבן זיי אַליין געבעטן זיך, מ׳זאָל זיי שיקן צו דער גאַרע, אויפ־נעמען די יידן.

ווען מ׳האָט געמעלדעט, אַז דער צוג דערנענטערט זיך, האָבן די אָפי־צירן זיך אַרומגעקוקט, כדי צו זען אויב עס איז געקומען עמעצער פון דער קהילה און צוזאַמען זענען זיי צוגעגאַנגען צו די וואַגאָנען. ווען די טירן האָבן זיך געעפנט און די צוריקגעקומענע האָבן אָנגעהויבן אַראָפּגיין, זענען זיי בלאַס געוואָרן, זעענדיק ווער, וויפל און ווי אַזוי מ׳האָט זיי אומגע־קערט.

— ווּ איז די פֿאַרשיקטע יידישע אַריסטאָקראַטיע? — האָבן די אָפּי־צירן שטילערהייט זיך געפֿרעגט. נאָר פֿאַרוווּנדעטע בליקן האָבן ווי גע־ענטפֿערט:

— זיי זענען אין קבר... און אפשר, ניין... זיי זענען אין הימל..

נאָכן קאָנטראָלירן די אָנגעקומענע לויט אַ רשימה, וואָס האָט זיך גע־פֿונען אין די הענט פֿון די קהילה־פֿאַרשטייער, האָבן די אָפּיצירן געחתמעט און צוגעשטעלט אַ פּאָר לאַסטאויטאָס, מ׳זאָל די אומגליקלעכע אָפּפֿירן אין דער קהילה, ווייל אַ סך פֿון די צוריקגעקומענע האָבן נישט געדענקט ווי אַזוי זיי הייסן און ווּ זיי וווינען. די אָפּיצירן האָבן זיך נישט גערירט פֿון אָרט ביז זיי האָבן נישט געזען, אַז אַלע זענען אין די אויטאָס. ווען די אויטאָס זענען שוין אָפּגעפֿאָרן, זענען זיי געבליבן ווי פֿאַרשטיינערטע, פֿרעגנדיק זיך, אויב אַזעלכע חרובע מענטשן וועלן נאָך אַ מאָל זיין מיט לייטן גליך. און נאָך האָבן זיי זיך געפֿרעגט: וועט מען דאָס קענען מוחל זיין?

אומזיסט האָבן זיי זיך געמאַכט פֿאַרוווּרפֿן. געווען זענען זיי בלויז צוויי גוטע יאַטלעך, וועלכע, דערשלאָגענע און פֿאַרשעמטע, האָבן זיי זיך אומגעקערט אין דער פּרעפֿעקטור, איבערגעבנדיק אַלץ, וואָס זיי האָבן געזען און דרך־אגב געפֿרעגט אויב עס זענען נאָך פֿאַראַן לאַגערן פֿון וואַנען יידן דאַרפֿן זיך אומקערן.

פֿון אַ ווינקל האָט מען זיי געענטפֿערט:

— ליידער זענען נאָך איבערגעבליבן זייער אַ סך. וואָלט מען מיך געפֿרעגט, וואָלט איך גלייך באַפֿוילן אויף ס׳ניי אָנצוהייבן דאָס, וואָס מ׳האָט אונדז נישט געלאָזט פֿאַרענדיקן. איר האָט אַפֿנים נישט געהערט ווי אַזוי די דייטשן זענען איין אין נאַכט פּטור געוואָרן פֿון אַלע זייערע זשידאַנעס, נישט ווי מיר, וואָס שרעקן זיך פֿאַר יעדן באַפֿעל וואָס מען באַ־קומט פֿון אויבן... דאָס מאָל איז עס נישט געווען אין אָרדענונג, אַפֿילו מצד אונדזערע מנהיגים. וואָס, אייגנטלעך, שטעלט מיט זיך פֿאָר די סאָציאַלע פּלאָג וואָס הייסט: יידן? זענען זיי דען מער ווי גנבים?... איר זענט נאָך יונג, סענטימענטאַל, און איר האָט נאָך רחמנות אויף זיי. דעם גאַנצן כבוד פֿאַר אייך, ווייל איר טראָגט אַ שווערד! אָבער איר דענקט נישט ווי גוטע רומענער. וואָלט די גאַנצע רומענישע אַרמיי מקיים געווען איר נאַציאָנאַלע

שליחות, וואָלט היינט שוין קיין סימן נישט געווען פון זיי, און איין מאָל פאַר אַלע מאָל וואָלטן מיר פּטור געוואָרן פון אָט דער קללה.

בעת אין דער פּרעפעקטור האָבן צוויי מיינונגען זיך געאַמפּערט בנוגע יידן, האָבן אָנגעהויבן קומען אין דער קהילה די משפּחות, וואָס מ׳האָט געשיקט רופן, אַז זיי זאָלן אַהיים נעמען זייערע אָנגעקומענע.

געקומען זענען נישט נאָר די מיטגלידער פון די געראָפענע משפּחות, נאָר אויך אַלע אַלמנות און יתומים פון פּאָגראָם, כדי צו פרעגן דעם אָדער יענעם, אפשר דערמאָנען זיי זיך אין די לעצטע ווערטער פון זייערע טייערע פאַרן שטאַרבן. אפשר האָבן זיי מיטגעבראַכט עפּעס אַ זאַך פונעם פאַרשטאָרבענעם, אַז ס׳זאָל זיין אַן אָנדענק אין דער משפּחה, די יתומים זאָלן האָבן וואָס צו גלעטן אין אַ מאָמענט פון בענקשאַפט, און די אַלמנה זאָל וויסן וואָס איר מאַן האָט געדריקט צום האַרצן אין די לעצטע רגעס פון זיין לעבן.

עס זענען דערביי פאָרגעקומען שרעקלעכע סצענעס! די צוריקגעקומענע זענען געשטאַנען אין מיטן הויף, געקוקט אַרום און אַרום, אַ מאָל צו דעם, אַמאָל צו אַן אַנדערן, וואָנזיניקע, נישט קענענדיק אַרויסרעדן אַ וואָרט. געשטאַנען זענען זיי ווי די גולמס מיט וואָנזיניקע בליקן און נישט גערירט זיך. אַפילו ווען אַ מאַמע, אַ פרוי אָדער אַ קינד האָבן זיי אַרומגענומען, האָבן זיי זיך נישט געפרייט. אויף צענדליקער פראַגן האָבן נאָר געציילטע פון זיי געענטפערט מיט אַ טרער אין אויג.

צוריקגעקומען זענען חרובע מענטשן, וואָס האָבן פאַרלוירן דעם מינדסטן געפיל צו אַלץ און צו אַלעמען, נאָך דעם, וואָס זיי האָבן זיך אָנגעליטן אין די לאַגערן. דער מצב האָט נאָך פאַרגרעסערט דעם צער פון דער יידישער באַפעלקערונג אין יאַס, וועלכע האָט גאַנץ גוט געזען, אַז די צוריקגעקומענע וועלן פאַרבלייבן אינוואַלידן אויפן גאַנצן לעבן.

ווי תמיד, איז די זון זיך געגאַנגען אין וועג און אָנגעהויבן אונטערצוגיין איבער די קעפּ פון די צוריקגעקומענע, וועלכע האָבן זיך געשלעפּט איבער די גאַסן און זענען אַהיים געפירט געוואָרן דורך זייערע נאָענטע. דערווייל האָבן די סירענעס זיך צערעוועט און מ׳האָט געוווּסט, אַז אין עטלעכע מינוט אַרום וועלן זיך באַווייזן פּאַטרולן און דערשיסן יעדן איינעם, וואָס וועט זיך געפינען אין גאַס, בפרט, אַז מ׳האָט געזען אַז די נאַכט וועט זיין אַ שווערע. עראָפּלאַנען זשומען שוין אַן אויפהער איבער די קעפּ און

ביי יעדן אַליאַרם ענטפערט דאָס אַנטי־עראָפּלאַן געווער. איז דאָס אַהיים־גיין געוואָרן אייליקער.

עס האָבן אָנגעהויבן צוריקקומען אויך די איבערגעבליבענע פון פּאָדולוי, טירגו־פרומאָס, און אַלע — נישט צום דערקענען, ווי זיי וואָלטן געקומען פון אַן אַנדער וועלט. צווישן זיי איז אויך געווען דער קאָלאַרעשער רבי, טווערסקי, פאַר וועלכן די חסידים זיינע האָבן באַצאָלט שווער געלט, מ׳זאָל אים אַהיימברענגען צווישן די ערשטע און אין סאַמע פייער פון דער מלחמה, אים איבערצופירן קיין בוקאַרעשט. דערשלאָגן פון דעם אַלעם וואָס זיינע אויגן האָבן געזען, איז ער טאָג און נאַכט געשטאַנען אויף די פיס און געבעטן רחמים פאַר יידישע קינדער, פאַרן כלל ישראל. די איינציקע זאַך צוליב וואָס ער האָט זיך דערלויבט מפסיק צו זיין די תפילות, איז געווען: צו פרעגן וואָס עס מאַכט זיין עלטסט קינד — אַ מיידל וואָס איז קראַנק געוואָרן בעת די שרעקלעכע פּאָגראָם־טעג. און נישט האָבנדיק די נייטיקע הילף, איז זי נאָך אַ קורצער צייט געשטאָרבן, פאַר די אויגן פון איר הייליקן טאַטן.

ס׳איז געווען סוף סעפּטעמבער 1941. די דייטשן זענען פאַרויסגעגאַנגען, צאָלנדיק טייער פאַר יעדן שפּאַן ערד, וואָס זיי האָבן איינגענומען, מיינענדיק, אַז וואָס מער זיי וועלן איינגעמען, וועט עס דערפירן דעם רוס צו קאַפּיטולאַציע. אַלץ וואָס זיי האָבן געראַבעוועט האָט געמאַכט די געווינלעכע רוטע: רומעניע—דייטשלאַנד. וואָס מער דער פראָנט האָט זיך דערווייטערט, האָט יאַס אָנגעהויבן צו באַקומען אַ מער נאָרמאַלן אויסזען. די האָרמאַטן זענען פאַרבייגעפאָרן נאָר ביי נאַכט און שפּייז פאַר די סאָלדאַטן אויפן פראָנט האָט מען שוין געפירט מיט עראָפּלאַנען. נאָר די אַליאַרמען זענען ווייטער אָנגעגאַנגען, און די רומענער האָבן געלאַכט:

— דער פאַרזשידעוועטער רוס כאַפּט קלעפּ...

די עוואַקויִרטע רומענער האָבן אָנגעהויבן צוריקקומען און ס׳לעבן פאַר זיי האָט אָנגעהויבן ווערן נאָרמאַל און רייך. אָנגעראַבעוועט זיך מיט יידיש האָב־און־גוטס פון די קליינע שטעטלעך און פון די דערפער, זענען זיי זונטיק געגאַנגען אין די קלויסטערס בעטן, אַז ס׳זאָל פאַרלוירן ווערן פון

אונטער גאַטס הימלען דאָס פאָלק פון גנבים, וואָס הייסט יידן. אַלץ וואָלט געווען גוט און ווויל, ווען נישט די לעבן־געבליבענע זשידאַנעס. פונקט ווען ס'לעבן איז זיי געווען ליב, קומט זיי אין גאַס אַנטקעגן אַ ייד. דאָס דער־פירט זיי מיט אַ מאָל שטום צו ווערן פאַר פאַרדראָס און נישט קענען פירן ווייטער דעם שמועס מיטן צווייטן רומענער, אָבער ס'איז נישט אויסגע־שלאָסן, אַז די זשידאַנעס וועלן נאָך אָפּקומען ווי עס דאַרף צו זיין. אמת, דאָס וואָס „אונדזערע אַליאירטע", די דייטשן, האָבן צוגענומען ביי די זשידעס איז זייער גוט און ווויל, אָבער די דייטשן טרייבן שוין איבער די מאָס און רירן זיך צו אויך צו די פעלדער פון די רומענישע פויערים, טשעפּען זיך צו די רומענישע שיקסעס... צו די פויערטעס... בנוגע דעם מצב אויפן פראָנט דערציילן שוין די רומענישע פאַרוווּנדעטע, ווי אַזוי מען באַגייט זיך מיט זיי. ס'ערשטע זאָרגט מען פאַר די דייטשע פאַרווונ־דעטע, און נאָר צום סוף דערמאָנט מען זיך אויך אין אונדזערע „רומענער"... דאָס הייסט ברוודערשאַפט? נאָר — שווייגן איז געזונט! אַ זשידאַן קען נאָך אויפכאַפּן אַ וואָרט וואָס מיר רעדן דאָ און ווי ווערט זיין צו אונדז.

די איבערגעבליבענע יידן האָבן דערווייל אָנגעהויבן זוכן פּרנסה. אמת, דער מאָגן, זאָגט מען, האָט טאָקע נישט קיין פענצטער, נאָר צום עסן קוקט ער אַרויס.

יאַס איז דערקלערט געוואָרן אַלס מילימער־זאָנע ביזן סוף פון דער מלחמה, און דערפאַר איינגעטיילט געוואָרן אין 5 סעקטאָרן, אַלע אָפּהענגיק פון דער קוועסטור.

ווייל מיר זענען געזעסן אין הויף פון דער פאַבריק, געהערן מיר צום צווייטן סעקטאָר. גראָד דאָ איז דער קאָמיסאַר געווען אַ גרויסער כלב, אַן אָנגעזעענער אַנטיסעמיט מיטן נאָמען ספּרינצעאַנאַ, און ווי דער שפּאָט פונעם גורל, האָט ער געהאַט אַ יידישע פרוי, מיט וועלכער ר'האָט געהאַט אַ זון, וואָס איז איבערגעגאַנגען דעם הינטישן טאַטן מיט אַכזריות־דיקייט. נישט איין מאָל האָט זיין אייגענע מאַמע זיך פאַרשאָלטן דאָס לעבן. זי אָט פאַרלאָזט דעם יידישן גלויבן, אויס ליבע צו איר מאַן, נאָר איר זונדעלע, האָט זי פונעם נאָמען „זשידאַנקע", נישט אַרויס־געגנומען. ווען נישט דער פּחד פאַר זיין טאַטן, וואָס טראָגט זיין שנאה צו יידן, האָט ער ליב געהאַט זיין פרוי, וואָלט זיין זון דערהרגעט זיין אייגענע מאַמע. ווי נאָר דער פאָטער איז אַוועק פון שטוב האָבן זיך אָנגעהויבן אירע

מאַטערנישן, דער בנ׳אָק האָט זי געפּייניקט מיט כלערליי פּראַגן, זאָגנדיק איר, אַז ער ווייסט דעם גאַנצן אמת וועגן בלוט, וואָס יידן באַנוצן זיך דער־מיט ביים באַקן מצות אויף פּסח. ער האָט געהאַלטן אין איין פאָדערן פון איר, אַז זי זאָל אים אויסזאָגן די סודות וואָס יידן גיבן איבער דעם שונא. גרין און בלאָ איז זי געוואָרן פון די קלעפּ וואָס ער פּלעגט איר דערלאַנגען. זי האָט גאָרנישט דערציילט דעם מאַן, ווייל פון איין זייט האָט זי דאָס מו־טערלעכע האַרץ נישט דערלאָזט, און פון דער צווייטער זייט האָט זי דאָס אָנגענומען פאַר אַ שטראָף, דערפאַר וואָס זי האָט פאַרלאָזט איר פאָלק און אירע עלטערן.

אַ סך יידן האָט דער קאָמיסאַר ספּרינצעאַנאַ געשיקט צום טויט. אויף אַזוי ווייט האָט ער זיי נישט געקענט ליידן, אַז ווי נאָר ר׳האָט באַגעגנט אַ יידן אין גאַס, אַפילו פון צווישן זיינע באַקאַנטע שכנים, האָט ער אים צע־ממיתט, אויסטראַכטנדיק אויף אים כלערליי בלבולים. האָט אַ ייד באַ־דאַרפט גיין אין קאָמיסאַריאַט, האָט ער בעסער געבעטן אויף זיך דעם טויט, איידער אָנצוקוקן די דאָזיקע חיה.

גייענדיק איין מאָל אויף פּאַלאַט־גאַס, פאַרטיפט אין אומהיימלעכע געדאַנקען, האָב איך נישט באַמערקט ווי מען פאַרשטעלט מיר דעם וועג. אויפהייבנדיק די אויגן, בין איך שיעור נישט אונטערגעשפּרונגען. דאָס איז געווען לענוצאַ קריסטעסקו, די אַמאָליקע אַרבעטערין פון דער פאַבריק „אינקאָטעקסט״, וועלכע איז קראַנק געוואָרן אויף טובערקולאָז און תמיד פלעג איך איר ברענגען אַהיים רפואות, ווי אויך געלט פון דער אָנפירונג פון דער פאַבריק. נישט ווייט פון איר איז געשטאַנען אַ צווייטע יונגע פרוי, וועלכע האָט אויך געהייסן לענוצאַ און זי איז געווען די פרוי פון איינעם קאָסטעל שוויי, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט אַ סעקציע אין דער פּאָליציי פון צווייטן באַצירק, צו וועלכן מיר האָבן געהערט. לענוצאַ קריסטעסקו האָט מיר געזאָגט, אַז זי זוכט מיך שוין זינט עטלעכע וואָכן, זאָל מיך פאָר־שטעלן פאַר איר חברטע, ווענענס מאַן איז אַן אַדוואָקאַט, נאָר בכדי ר׳זאָל נישט אָוועקגעשיקט ווערן אויפן פראָנט, האָט אים איינער פון זיינע קרובים, אַ הויכער באַאַמטער, איינגעאָרדנט אַלס אָנפירער פון צווייטן באַצירק. זי האָט מיר אויך געגעבן זיין אַדרעס און בפירוש געזאָגט מיר, אַז זי האָט

נישט איין מאָל גערעדט וועגן מיר מיט איר קרובה, שוויס פרוי. אויב כ׳וועל זיך בייטיקן אין עפּעס, זאָל איך תיכף גיין צו דער משפּחה שוויי. די פרוי שוויי האָט מיר אויסגעשטרעקט די האַנט און געדריקט מיט אַזאַ וואַרעמקייט, אַז כ׳בין געוועזן זייער גערירט.

— קום צו אונדז ווען דו ווילסט. זעסט אויס זייער פאַרצרהט, אפשר וועל איך מיט מיין מאַן דיר קענען העלפן מיט עפּעס. האָסט אַוודאי געהערט ווער מיין מאַן איז און סאַראַ וויכטיקן פּאָסטן ער פאַרנעמט אין דער פּאָליציי. אַז כ׳וועל אים זאָגן, אַז דו ביסט לענוצאַס פריינדין, וועט ער תמיד דיר ביישטיין אין דער נויט, ווייל מיין מאַן איז זייער אַ גוטע נשמה און בכלל האָסט ער נישט קיין מענטשן, און יידן אויך נישט. פרעג דיך נאָך אויף אים ביי דיינע יידן, וועלן זיי דיר דאָס באַשטעטיקן.

געדאַכט האָט זיך מיר, אַז כ׳לייען עפּעס אַ מעשה אין אַ בוך... גלייך דורות־לאַנג האָב איך שוין נישט געהערט דערציילן, אַז קריסטינס זאָלן אַזוי רעדן וועגן יידן. כ׳האָב זיי ביידן האַרציק געדאַנקט, נאָר זיי האָבן מיך נישט געלאָזט אַוועקגיין, ביז כ׳האָב זיי נישט צוגעזאָגט, אַז אויב כ׳וועל זיך בייטיקן אין עפּעס, וועל איך זיך ווענדן צו זיי.

דערציילט האָב איך קיינעם נישט דערפון, ווייל כ׳האָב געטראַכט, אַז קודם כל דאַרף איך פרעגן ביי באַקאַנטע, צי מען מעג בכלל זיך חברן מיט אַ פרוי פון אַ פּאָליציי־אָנפירער.

געוואָרנט זיין, הייסט אויסמיידן אַ סך פּעלערן וואָס מען קען באַגיין, דווקא ווען מען גלייבט בלינדערהייט, אָדער צו פיל, אין וואַרעמע צוזאָגעכצן, וואָס ווייזן זיך אַרויס, אַז זיי זענען נאָך קעלטער פון אייז. דאָך האָב איך דאָס נישט פאַרגעסן און כ׳האָב שוין אָנגעהויבן וועבן כלערליי פּלענער, ווי אַזוי צוהעלפן מיינע ברידער אַ דאַנק מיין פריינדשאַפט מיט דער פרוי פון אַ פּאָליציי־אָנפירער.

ווייזט אויס, אַז אַ שטראַל פון האָפענונג האָט דאָך זיך צעשפּילט אויף מיין געזיכט, ווייל ביים אַריינקומען אין פאַבריק, האָט מען מיך תיכף געפרעגט סאַראַ גוטע בשורה כ׳ברענג, וואָס כ׳בין אַזוי גוט געשטימט. גראָד דייטשן, וואָס זענען געקומען אַריינשטעלן שויבן, האָבן גאָר פריילעך אונטערגעפייפט, ווי וועלנדיק זאָגן, אַז דער רוס כאַפּט קלעפּ און לאָזט איבער גאַנצע מענגעס פון געהרגעטע און געוועוער.

די צייט האָט זיך געצויגן און דאָס לעבן האָט געפאָדערט זיינס. אייני־

קע האָבן אַפילו חתונה געהאַט. אַנדערע האָבן געבוירן קינדער און יעדער איינער האָט געטראָגן זיין פּעקל צרות. ווען דער האַרבסט האָט זיך דערנענטערט, האָט יעדער איינער געזען אַ באַזונדערע ברכה פון גאָט אין די שטראַלן פון דער זון, וואָס האָבן דערוואַרעמט די פאַרחושכטע נשמות, ווייל קיין ענדע צו די פינצטערע רדיפות האָט מען נאָך דערווייל נישט געזען.

געזעסן זענען מיר ביי דער משפחה קאָפּאַלאָוויטש און געוועזן אויג־און־אויער צו אַלעמען וואָס די קריסטלעכע אַרבעטער רעדן מיט די דייטשן. געקומען זענען די דייטשן שיכורע פון פרייד, ווייל אויפן פראָנט האָבן זיי געזיגט. געפונען האָבן זיי איבער־געלאָזטע פאַרמעגנס, לייכט און שווער געווער אין אַזאַ גרויסער מאָס, אַז זיי האָבן זיך געוויצלט און געטענהט, אַז זיי דאַרפן דאָס גאָרנישט האָבן... נאָר אַ באַזונדערע הנאה האָבן זיי געהאַט, דווקא ווען זיי דערהרגענען מיט געפונענעם רוסישן געווער. כמעט אַלע מעכאַנישע וואַרשטאַטן אין דער געגנט פון יאַס, וואָס האָבן אַ מאָל געהערט צו יידן, האָבן איצט געאַרבעט פאַר דער דייטשישער אַרמיי. די געוועזענע באַלעבאַטים וועלכע זענען דורך אַ נס געבליבן לעבן, האָבן געאַרבעט אַלס געוויינלעכע אַרבעטער, נאָר געוועזן אויך פאַראַנטוואָרטלעך אַז די אַרבעט אין וואַרשטאַט זאָל מיט גאָרנישט געשטערט ווערן.

ייפ״אַ האָט נישט אויפגעהערט מודיע צו זיין וועגן שחיטות אויף יידן אין אוקראַינע. פון דער צווייטער זייט, האָבן זיי פאַרשפּרייט גאָר ערנסטע קלאַנגען, אַז די פאַרשיקטע קיין ווידעלע, וועלן אין גיכן באַפרייט ווערן. כאָטש איך האָב אומגעדולדיק געוואַרט כ׳זאָל שוין זען דעם טאַטן מיטן ברודער, האָט מיר קיין רו נישט געגעבן דער געדאַנק: וואָס וועט זיין ווען זיי וועלן שוין יאָ צוריקקומען. וווּ וועלן זיי וווינען און מיט וואָס וועט מען זיך ווינטער צודעקן? ווער ווייסט אין וואָס פאַר אַ מצב זיי וועלן צוריקקומען. זיי וועלן זיך בייטיקן אין זייער אַ סך הוצאות, און מיר דאָ זענען אַזוי פאַראָרעמט געוואָרן. אַזוי טראַכטנדיק האָב איך גייסטיק זיך אָנגעהויבן צוגרייטן, ווייל זיצן וויטער ביי דער משפחה קאָפּאַלאָוויטש, וואָס האָט אונדז אַזוי געטריי אויפגענומען — מיך, דער מאַמען, די שוועסטער, דערלאַנגענדיק אונדז מאָראַלישע הילף, וואָס אין יענע שווערע צייטן איז עס געוועזן אַ זעלטענע זאַך, באַזונדערס ווען מיין משפחה איז געוועזן פון די „עוואַקויִרטע״, וועמען מ׳האָט מורא געהאַט אין שטוב אַריינצולאָזן.

צווישן די צוריקגעקומענע פון קאָלאָראַש איז אויך געווען מיין ברודער שלמה, מיט איינעם פון זיינע שוואָגערס, נתן ווייסמאַן. זיין יינגערן שוואָגער, ישראל, אין בליִענדיקן עלטער פון 22 יאָר, האָבן די דייטשן אומגעבראַכט אין די וואַגאָנען. די מאַמע זיינע איז געבליבן אַן אַלמנה ווען סראַליקל איז אַלט געווען 5 חדשים און אַצינד האָט זי געלעבט מיט דער האָפענונג, אַז נאָר ווען איינס פון אירע קינדער וועט זיך אומקערן, וועט מען זיך דערוויסן אין וועלכן לאַגער איר מוזיניקל געפינט זיך. געווען איז זי פאַר אים אי אַ טאַטע, אי אַ מאַמע און אויפגעכאָוועט אים מיט פיל מאַטערניש, ווייל ער איז ענלעך געווען צו איר מאַן, און אויס ליבע צו אים, צו איר מוזיניקל האָט זי שוין מער נישט חתונה געהאַט,כאָטש זי איז געבליבן אַן אַלמנה יונגערהייט. געווען וואַך גאַנצע נעכט און געניט שניידעריי, זי זאָל קענען מפרנס זיין אירע קליינע יתומימלעך. פון צייט צו צייט איז די מאַמע צוגעגאַנגען זיי צודעקן אין די קאַלטע ווינטער־נעכט, געבעטן זי זאָל נאָר דערלעבן צו זען איר סראַליקן און דאַן וועט זי רויִק דערוואַרטן דעם טאָג, ווען גאָט וועט רחמנות האָבן אויך אויף איר און זי פירן צו איר טויטן מאַן. אָבער צום ערשטן: זען סראַליקן אַ חתונה געהאַטן.

ווען די יידישע מאַמע האָט געזען צוריקקומען איר אידעם מיטן זון, האָט איר ס׳האַרץ געזאָגט, אַז סראַליקן וועט זי שוין מער נישט זען. נישט פרעגנדיק קיין וואָרט האָט זי אַלץ פאַרשטאַנען און געוווּסט. נישט געוויינט האָט זי, נישט געקלאָגט. אין גאַנצן איז זי געווען אַריינגעטאָן אין איר צוויי־יאָריק אייניקל, וויגנדיק עס און זאָגנדיק:

פריי דיך, טייערינקע, דיין טאַטע איז דיר אַהיימגעקומען.

חדשים לאַנג, נאָך דעם ווי זי האָט פאַרענדיקט די אַרבעט אין שטוב, האָט זי זיך געזעצט אויף דער ערד, אַפילו אין בונקער, און גערעדט צו זיך אַליין:

— דער מאַמען דיינער איז גוט, קינדעלע מיינס, זייער גוט... זי איז אַזוי ווייך די ערד... קיין סך צייט וועט נישט אַריבער, זונעלע מיינס, און די מאַמע דיינע וועט ווידער זיין נעבן דיר. גלייב דיין מאַמען, קינד, ווייל זייער זייער שטאַרק בענקט זי נאָך דיר און האָט דיך נישט פאַרגעסן...

ווען איר קליין אייניקל האָט זי אָנגעהויבן שלעפן ביי די פאָלעס, האָט

זי זיך אויפגעהויבן, אַרויסגענומען אַ בילד, זיין לעצט בילד, און געהאַלטן אין איין רעדן צום קינד:

— ווען דו וועסט גרעסער ווערן, זאָלסט דו אים נישט פאַרגעסן. ר׳האָט דיך אַזוי ליב געהאַט... ווען די רוצחים האָבן אים אַרויסגעשלעפּט פון שטוב, האָט ער נאָך דיר אַ קוש געגעבן... נאָר דיר...

דאָס קלײנינקע קינד האָט אָנגעהויבן פּליעסקען מיט די הענטלעך, זינגענדיק:

— נענע...* נענע... ווען, באַבעשי, קומט ער שוין אַהיים...

האָט די אומגליקלעכע מאַמע אײנגעגראָבן איר פּנים אין דעם אײי־ניקלס הענטלעך און טרערן האָבן געשטראָמט... געשטראָמט... ביז דאָס קינד האָט אויך אָנגעהויבן װײנען. דאַן האָט זי צוגעדריקט דאָס אײניקל צום האַרץ, אַזוי ווי איר סראַליקל פלעגט טאָן, אָנגעהויבן דרייען זיך, נאָכ־מאַכנדיק סראַליקלס קול, ווען ער פלעגט זיך שפּילן מיטן קינד:

— ראָני, ראָני, ראָני!...

אָבער אויך זיך שפּילן מיטן קינד האָט זי קיין סך צייט נישט געקענט. די כּוחות האָבן זי פאַרלאָזט. ווי אַ ווערבע האָט זי אָנגעהויבן אײנצוטרו־קענען, באַוויינענדיק איר טייער קינד. דער טויט האָט זי נישט באַגערט. זי אַליין פלעגט זאָגן:

— דעם טויט געפעלן, ווייזט אויס, נאָר יונגע בלומען, ווי מיין סראַ־ליקל, בכדי מאַמעס זאָלן האָבן וועמען צו באַוויינען. מיט אַן אַלטער חורבה ווי איך, איז דער טויט זיכער, כ׳וועל אים נישט אַנטלויפן.

צופעליק האָט זי זיך אויך דערוווּסט וועגן טויט פון אַלע אירע ברי־דער, שוואָגערס און קרובים. ווי אַלע מאַמעס איז זי געשטאַנען אין דער ריי נאָכן אָרעמען שטיקל ברויט, קלאָגנדיק און וויינענדיק, ביים קומען אַהיים, אַז מ׳האָט זי געפרעגט פאַרוואָס דאָס ברויט איז נאַס, האָט זי געענטפערט:

— איז וואָס־זשע אַז ס׳איז נאַס, וועגט עס שווערער...

אָן צו וויסן, האָבן די קינדער געגעסן שטיקלעך ברויט, אײנגע־ווייקטע אין ביטערע טרערן פון ביטער־געפּרוּווטע מאַמעס.

---

* פעטער.

פאָסט האָט מען כמעט ווי נישט באַקומען, נאָר אין לעצטן בריוו האָט דער טאַטע מיטן ברודער מודיע געווען, אַז בקרוב וועלן זיי אַהיים קומען און דערפאַר טאָקע זאָל מען זיי מודיע זיין דעם גענויעם אַדרעס, ווייל אויפן נסיעה־צעטל דאַרף מען דאָס גענוי פאַרצייכענען. אַליין האָבן מיר נישט געוווּסט וואָס זיי צו ענטפערן, ווייל, ווי אַלע צוריקגעקומענע זענען זיי דערקלערט געוואָרן אַלס פאַרדעכטיקטע, און דערפאַר טאָקע האָבן זיי געקענט, קעגן זייער אייגענעם ווילן, אַריינשלעפּן אין גרויסע צרות אויך די מענטשן וועמענס אַדרעס איך וואָלט אָנגעוויזן. מיט וועמען אַן עצה צו האַלטן זיך איז נישט געווען, אַפילו מיט מיין עלטערן ברודער שלמה, וועלכער איז נאָר־וואָס אַהיים געקומען פונעם לאַגער אין קאַלאַראַש, און אַליין נישט געוווּסט אין וואָס פאַר אַ וועלט ער געפינט זיך, ווייל די טעג אין די טויט־וואַגאָנען האָבן איבערגעלאָזט זייערע שווערע שפּורן אויף זיין דענקען און טראַכטן.

די טעג זענען ווי געפלויגן און דערנענטערט האָט זיך די דאַטע פון זייער אַהיים קומען. איך בין נאָך מיט גאָרנישט געווען צוגעגרייט. בליץ־שנעל איז געגאַנגען דער קריג לטובת די דייטשן. פון דעם וואָס זיי האָבן דערציילט אין פאַבריק האָבן די האָר זיך געשטעלט קאַפּויר. כ׳האָב אַפילו נישט געוואָלט איבערגעבן אַנדערע, וואָס מיינע אויערן האָב זיך אָנגע־הערט. נאָר ייפ״אַ האָט אַלץ איבערגעגעבן מיט דער גרעסטער פּינקט־לעכקייט. די קריסטן האָבן זיך אַרומגעדרייט מיט פאַררייסענע נעזער. דער נצחון פון די דייטשן איז געווען אויך זייער נצחון. אַלץ, וואָס די דייטשן האָבן נישט באַוויזן צו גנבענען און איבערשיקן קיין דייטשלאַנד, האָבן די רומענער געראַבעוועט און עס אַהיימגעפירט צו זיך. די יידן זענען געווען אַ מין בריק אויף וועלכער מ׳האָט געטאַנצט. און געצויגן האָט מען די יידן, ווי זיי וואָלטן געווען פון גומי. צום ערשט האָט מען זיי אויסגענאָגט ביזן לעצטן טראָפּן כוח, דערנאָך זיי באַפרייט און ווידער עקספּלאָאַטירט, אָדער ביי שווערע אַרבעטן, אָדער אַלס פאַכלייט, ווי: דאָק־טוירים, אינזשינירן, מעכאַניקער, וואָס זענען פאַרשיקט געוואָרן אין ער־טער, וווּ די אַרמיי האָט זיך גענייטיקט אין זייער הילף.

פאַר מענער איז געווען בעסער זיי זאָלן זיך וואָס ווייניקער ווייזן אין גאַס בעיקר די וועלכע האָבן געאַרבעט אין דער רעקווירירטער פאַב־ריק. דערפאַר האָב איך באַדאַרפט זיין אומעטום, די גייערין און די לוי־

פערין. קיין טאָג נישט געווען כ׳זאָל זיך נישט טרעפן מיט די גורל־גע־פרוווטע. מיט אַ מאָל האָב איך זיך אַרומגעזען, אַז כ׳דאַרף גאָר דאַנקען גאָט דערפאַר, וואָס לויט דעם מצב פון אַ סך אַנדערע לעבט זיך מיר מיט מיין משפחה, נישט צום ערגסטן. אמת, קיין אייגענע דירה האָבן מיר נישט גע־האַט, נאָר ווער פון די יידן איז דען יאָ געזעסן אין זיין אייגענער וווי־נונג? דער טאַטע מיטן ברודער וועלן אַהיים קומען און נישט האָבן ביי וואָס צו פאַרדינען אויף אַ שטיקל ברויט. קיין איינער פון די יידן איז נישט געווען אין אַ בעסערער לאַגע. אלא וואָס? די צרה פון די אַהיימקומענדיקע וועט זיין, וואָס צום אונטערשיד פון אַלע אַנדערע, וועלן זיי זיין „פאַרדעכ־טיקטע" און איינגעשטעלט יעדע רגע מ׳זאָל זיי אויף ס׳ניי אַרעסטירן, צי בשעת אַ רעוויזיע איבער די גאַסן, וועט מען אויסגעפינען, אַז זיי האָבן נישט קיין סטאַבילע אַדרעסן און זיי וועלן ווידער זיין אין סכנה פאַרשיקט צו ווערן.

גייענדיק טאָג־טעגלעך אין די ענינים פון דער פאַבריק, האָב איך אויך נאָכגעפרעגט זיך ווו מ׳קען דינגען אַ דירה, נישט נעמענדיק אין אַכט אַז אַפילו דירה־געלט פאַר עטלעכע חדשים פאָרויס, האָב איך נישט צו באַ־צאָלן. מאַכט זיך, אַז אין איינעם אַ טאָג באַגעגנט מיך איינער פון אונדזערע געוועזענע יידישע שכנים, טשונטו, און דערציילט מיר, אַז אַ דאַנק איינעם שוויי, דער אָנפירער אין פאָליציי פון צווייטן באַצירק, זענען כמעט אַלע יידן פון די קוואַרטאַלן סאָקאָלאַ און ניקאָלינאַ, ניצול געוואָרן. שוויי האָט מיט צוויי טעג פאַרן פאָגראָם פון 29סטן יוני 1941, אַרעסטירט אַלע יידן וועלכע ער האָט געפונען אין דער היים, פאַרמאַכט זיי אין גרויסן קעלער פון דער פאָליציי אין צווייטן באַצירק, ווו ער איז דער אָנפירער, געשטעלט פאָליציסטן צו היטן דעם אַריינגאַנג צום קעלער, ביז ס׳איז געקומען דער באַפעל פון דער קוועסטור אָפּצושטעלן די שחיטה.

רעדנדיק מיט יידן פון זיין באַצירק, האָט שוויי תמיד געזאָגט צו זיי, אַז כל זמן ער וועט זיין דער אָנפירער, וועט זיי קיין שלעכטס נישט געשען, סיידן מ׳וועט גיין איבער זיין קאָפּ. ער, שוויי, האָט געהאַט זיין „אני־מאמין": אויב אַ מענטש קען אויסמיידן בלוט־פאַרגיסונג און טוט עס נישט, איז ער אַ טאָפּלטער רוצח.

כ׳האָב געהאַלטן אין איין טראַכטן, צי זאָל איך מגלה זיין טשונטון, אַז שווייס פרוי איז מיינע אַ גוטע באַקאַנטע. דאָך האָב איך אים נישט גע־

זאָגט דערפון און האַרט פאַרן אַוועקגיין האָב איך אים געפרעגט, אויב ער ווייסט נישט ווו מ׳קען טרעפן אַ דירה פאַר אונדז.

— יאָ, טייערע, טאַקע נעבן מיר געפינט זיך אַ דירה אין וועלכער מיין שכן פּאַסקאַל, אַ יידישער באַלעגאָלע, האַלט זיינע פערד, ווייל שוויי האָט אים געגעבן אַ צעטל לויט וועלכן די פערד זיינע זענען רעקווירירט לטובת דער פּאָליציי, און אַזוי אַרום קען דער ייד אויך פאַרדינען אויף אַ שטיקל ברויט. א י ך האַלט דאָרט אַ שטייג מיט עופות. נאָר אויב דיר וועט די דירה געפעלן, בין איך גרייט צו טאָן אַלץ, זי זאָל באַפרייט ווערן פון די „איצטיקע״ קאָמעניקעס. גלייב מיר, אַז מ׳וועט דאָרט ריין מאַכן, וועט עס קענען זיין אַ דירה צו דערליידן.

ווי אַ וואַרעמער שטראָם האָבן זיך צעכוואַליעט אין מיר די רעיונות פונעם וואַנדערנדיקן יידן, וועלכער לעבט מיטן געדאַנק צו זען זיך אין אַ דירה. אמת, דער וואַנדער־ייד טראַכט וועגן זיין אייביקער דירה, אין צוגע־זאָגטן לאַנד, נאָר מיך האָט דערוואַרעמט דער געדאַנק צו האָבן דערוויל אַ צייטווייליקע דירה, אַ דאַך איבערן קאָפּ. די איצטיקע איינוווינער פון דער דירה, די עופות, האָבן מיר נישט געשטערט, ווייל אין דער אמתן, מיט וואָס זענען מיר, יידן, מער חשוב ווי פערד און עופות? מ׳אַרבעט מיט אונדז שווער ווי מיט פערד, און קוילען קוילעט מען אונדז ווי עופות. פאַר וואָס זשע טאַקע קומט זיי אויך נישט קיין שטיקל דירה?

אַזוי האָב איך געטראַכט אין דער ערשטער רגע. נאָר הערנדיק אַז מ׳קען די „שכנים״ אַרויסשטעלן פון דער דירה, האָב איך תיכף מסכים געווען צו גיין מיט טשונטון און אַ קוק טאָן. דער באַלעבאָס פון דער דירה איז געווען אַ געוויסער שטיין. ס׳הייסט, אַ מאָל איז ער געווען באַלעבאָס. היינט איז די דירה נאַציאָנאַליזירט געוואָרן און ווינען מעגן אין איר פערד.

שטיין האָט אָנגעפירט אַ מאָל דעם גרעסטן רעסטאָראַן אויף איינער פון די יאַסער הויפּט־גאַסן: קוזאַ־וואָדע־גאַס. ווען דער פראָנט האָט זיך דערוויטערט, האָט שטיין געברענגט פון דער היים ליילעכער, צוגעדעקט מיט זיי די טישלעך און אָנגעהויבן שלעפּן פּרנסה פון כלערליי מאַכלים. אָנגעגעמער ריח ציט צו דייטשן מיט רומענער, בעיקר באַאַמטע, געוועזענע פענסיאָנערן, וועלכע זענען מלחמה־צייט מאָביליזירט געוואָרן צו אַרבעטן אויף אָפיציעלע פּאָסטנס און אַלס אַזעלכע, דאַרף מען זען, אַז זיי קומען עסן אין אַ רעסטאָראַן אויף איינער פון די יאַסער הויפּט־גאַסן. שטיין אַליין

וועט קענען כאַפּן אַ שמועס מיט איינעם פון די „פענסיאָנערן" פונעם נאַציאָ־נאַליזירונגס־אַמט, אַז מיר זענען זיינע קרובים און מיר מעגן, דערווייל זיצן אין דעם איצטיקן שטאַל.

כ'האָב אָנגעקוקט די דירה און — אמת: זי האָט געהאַט פיר ווענט מיט אַ דאַך... קיין שויב נישט, קיין טיר און קיין פענצטער נישט. פאַר מיר איז דער עיקר געווען, אַז מיין משפחה זאָל האָבן ווו דעם קאָפּ אַנידערצולייגן. געבליבן איז, אַז טשונטו זאָל אַ שמועס־טאָן מיט שטיינען, אַז מאָרגן זאָל איך קענען קומען נאָך ענטפער.

כ'בין צוריקגעקומען אין פאַבריק און דערציילט וועגן מיין „מציאה": די שטאַל־דירה, מיין באַס האָט בשום אופן נישט געוואָלט מסכים זיין, טענהדיק אַז דערווייל קענען מיר נאָך זיצן ביי אים. לעת עתה איז נאָך גאָרנישט קלאָר. אמת, די דייטשן באַרימען זיך טאַקע, אַז זיי גייען פאָרויס, נאָר פריִער מיט אַ האַלבער שעה איז געווען ביי אים איינער פון די ייפּ"אָ־מענטשן, נישט אַבי־וואָר, נאָר אַ גאָר־גאָר... און בפירוש איבערצייגט מיט אותות ומופתים, אַז די געשיכטע חזרט זיך איבער... דער רוס שטייט נישט מיט פאַרלייגטע הענט, אין אַ שיינעם פרימאָרגן קען זיך דעם רוס פאַר־גלוסטן אַ שטופּ טאָן דעם דייטש „ביז קיין ווין". ייפּ"אָ האָט געגעבן באַ־ריכטן און אַפילו „ציפערן", אַז דער רוס האָט אין געוויסע ערטער גאָר גוט אַריינגעכאַפּט דעם דייטש אין דער לאַפּקע אַריין, און נאָר מיט אַ סך קרבנות האָט דער דייטש געקענט זיך באַפרייען. דאָס הייסט, אַז דער רוס האָט אָנגעהויבן אַריינצוּוואַרפן אין פייער אַריין אַלע זיינע רעזערוון. די דייטשן דערציילן דאָס נישט, נאָר אַמעריקע ווייסט עס, און אַז אַמעריקע ווייסט, ווייסן יידן אויך... אַמעריקע האָט פיינט דעם דייטש, און ווער ס'קען דעם דייטש נישט ליידן, איז לצידנו, דאָס הייסט: אַ שותף צו אונדזערע צרות און צו אונדזערע ליידן...

אַ „מלחמה", אַזוי האָט געזאָגט דער ‚גאָר־גאָר גרויסער' פון דער ייפּ"אָ, „ווייסט מען ווען און ווו זי צינדט זיך אָן, אָבער ווו זי וועט זיך פאַר־לעשן, דאָס ווייסט שוין קיינער נישט..."

צווייטנס, האָט מיין באַס געטענהט, אָט איז שוין ווינטער און — דאָס וויל דער רוס! אַריינשלעפּן דעם דייטש אין די אוקראַיִנישע פרעסט און אויף וויפל ר'איז דייטש, וועט ער שוין דאָרט פאַרשנייט ווערן. דער פראָסט

און די קעלט זענען די בעסטע אַרמייען און אַז זיי באַפאַלן אַ שונא, העלפן נישט קיין באָמבעס און אויך נישט קיין עראָפּלאַנען.

נאָך האָט מיר משה קאַפּאַלאָוויטש געזאָגט און דאָס מאָל גאַנץ שטיל:

— ייִפֿ״אָ ווייסט אויף זיכער, אַז די פּאַרטיזאַנער האָבן געשאַפֿן אַ דריטן פראָנט און פון זייערע הענט וועט שוין דער דייטש נישט אַרויס אַ לעבעדיקער. און ווידער אַ מאָל מיר דערציילט וועגן רוסישע סטעפּעס און פאַרשנייטע דייטשן.

גאַנץ רויִק האָב איך אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז מיר דאַרפן האָבן אַ דאַך איבערן קאָפּ און אויב כ׳וועל אויף די דאָזיקע געלעגנהייט אַדורכ־לאָזן, ווער ווייסט ווו מיין טאַטע מיט די ברידער וועלן זיך דאַרפן וואַלגערן. זיי דאַרפן אונדז טרעפן אין אַ דירה!

נייע גזירות האָבן אָנגעהויבן זיך שיטן אויף יידן, פיל ערגערע ווי ביז איצט. די לעבן־געבליבענע האָבן אָנגעהויבן זוכן וועגן ווי אַזוי צו פאַרדינען כאָטש אויף אַ שטיקל מאַמעליגע, ווייל וועגן ברויט האָט שוין קיינער נישט געחלומט. די ברויט־ראַציע וואָס מ׳האָט צוגעטיילט יעדע צוויי טעג, האָט מען אַפילו אין מויל אַריין נישט געקענט נעמען און קריסטן האָבן געמאַכט גוטע געשעפטן. פאַר אַ שיסעלע פּאָפּושוי־מעל האָט מען איצט באַצאָלט מער ווי פאַר אַ פולן זאַק פּאָפּשויעס פאַר דער מלחמה. אומעטום האָט מען זיך געצייטיקט אין אַרבעטס־הענט און יידן זענען גע־גאַנגען. אַ סך האָבן געאַרבעט אונטער דער אויפזיכט פון זעלנער און נאָך דער אַרבעט, אַנשטאָט צו באַקומען דעם לוין, האָט מען זיי מערדערלעך גע־שלאָגן און אַ סך זענען בכלל שוין נישט אַ היים געקומען, ווייל מ׳האָט זיי געכאַפּט אין די גאַסן און פאַרשיקט צו רייניקן די, דורך דייטשן, פאַרנו־מענע געביטן, אָדער מ׳האָט זיי געשיקט ברוקירן שאָסייען פאַר טראַנס־פּאָרטן פון שווערע האַרמאַטן צום פראָנט. די קהילה האָט געמוזט שאַפן נייע דאָסאַרן פאַר צענדליקער און הונדערטער יידן, וועלכע זענען פאַר־שוווּנדן געוואָרן און שוין מער נישט אומגעקערט זיך אין זייערע היימען, צו זייערע משפחות.

די לעצטע פאַראָרדענונג האָט געמאָלדן, אַז אַלע פאַבריק־אַרבעטער מוזן איינגעשריבן ווערן אין פּאָליציי־באַצירק, אָנגעבנדיק דעם ריכטיקן

אַדרעס, דעם אַרבעט־פּלאַץ, און דער לייטער דאַרף חתמנען און זיין פּאַר־אַנטוואָרטלעך, אַז זיי געפינען זיך תמיד ביי דער אַרבעט. די אַלע דעטיילן דאַרפן איבערגעגעבן ווערן אויף אָפיציעלע ליסטעס, וואָס דאַרפן יעדע וואָך בייגעלייגט ווערן אין דער פּאָליציי, וואָס וועט קאָנטראָלירן יעדן פּרט.

נאָך האָט זיך געזאָגט אין יענער פאַראָרדענונג, אַז יעדער ייד, וועלכער וועט געפינען ווערן אָן דעם געלן שטערן, וועט אויפן אָרט געמשפּט ווערן דערפאַר, וואָס ער פאַרפירט די מאַכט־אָרגאַנען, זיי זאָלן נישט וויסן ווער ער איז און דערמיט צילט ער, אַפּנים, דורכצופירן סאַבאָטאַזש־אַקטן.

אַזוי ווי מיר איז אויסגעקומען דאָס אַלץ דורכצופירן, האָב איך אויס־געפילט די רשימה פון די אַרבעטער און אַ גרויל האָט מיך אָנגעכאַפּט ביים געדאַנק, אַז כ׳וועל דאַרפן זיך ווייזן פאַר דער חיה וואָס הייסט ספּרינ־צעאַנאַ. די זוכונגען איבער די גאַסן זענען פאַרשטאַרקט געוואָרן. גאַלע צייכנס האָבן מיר געטראָגן. אַליאַרמען האָבן נישט געפעלט און אַ סך מאָל האָב איך באַדאַרפט אַריינגיין אין פרעמדע בונקערס, זייענדיק דאָרט גאַנצע שעהען און טראַכטנדיק וועגן דער מאַמען מיט די קינדער, וואָס פאַר אַ שוואַרצע געדאַנקען זיי טראַכטן איצט וועגן מיר, ווייל כ׳בין נישט נעבן זיי אַצינד, ווען די באָמבעס פאַלן אויף יעדן שריט און טריט. ביים אַוועקגיין פון דער היים איז קיינער נישט זיכער געווען צי ער וועט נאָך צוריק קומען.

כ׳האָב זיך באַקענט מיט אַלע בונקערס און געכאַפּט שמועסן מיט פאַרשידענע יידן, אָן צו וויסן סאַראַ גרויסע נוצן כ׳ברענג זיי דערמיט, וואָס כ׳גיב איבער גרוסן פון איין ייד צום צווייטן. אַזוי אַרום האָט מען זיך דערוווּסט, אַז פלוני דער קרוב זייערער לעבט. אָדער ר׳איז אַהיים געקומען פונעם לאַגער. אַ סך האָבן מיך געבעטן איבערצוגעבן גרוסן פאַר זייערע באַקאַנטע פון אַנדערע בונקערס, און אַזוי אַרום בין איך געוואָרן אַ מין פאַרבינדונגס־מענטש צווישן יידן פון פאַרשידענע בונקערס.

אַזוי ווי מאָנטיק איז געווען דער באַשטימטער טאָג בייצולייגן די ראַפּאָרטן אין דער פּאָליציי, איז מיר זייער שווער געווען אויפן געמיט, ווייל כ׳האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז דער קאָמיסאַר ספּרינצעאַנאַ ווייסט בעסער פון מיר יעדן פּרט וואָס פּאַסירט אין דער פאַבריק. אַחוץ דעם וואָס ער האָט צענדליקער יידן געשיקט צום טויט, האָט ער נישט צו רו געלאָזט אויך די לעבעדיקע. תמיד אויסגעטראַכט נייע בלבולים אויף יידן,

ווי נאָר ר׳האָט דערבליקט איינעם פון זיי אָדער סתם דערמאָנט זיך אין זיי.

ווי נאָר ר׳האָט מיך דערזען, האָט ער מיך תיכף מכבד געווען מיט עטלעכע פיינע עפּיטעטן:

— זשידאָווקע, קאָמוניסטקע!...

ביז כ׳האָב געזען זיך אַוועקגעגאַנגען פון דאָרט, האָב איך אין מיטן העלן טאָג געזען שטערן פאַר די אויגן, אָבער נישט קיין גאָלדענע שטערן, נאָר גרינע... כ׳האָב געדאַנקט גאָט וואָס כ׳גיי שוין אַוועק, און מיט אַ מאָל: ער רופט מיך צוריק, מיר זאָגן, אַז אין דער לעצטער רגע האָט ער באַמערקט, אַז די ראַפּאָרטן זענען נישט אין אָרדענונג. אויב ס׳צווייטע מאָל וועלן זיי נישט זיין געשריבן אויף אַ שרייבמאַשין, וועט ער מיך לאָזן אַרעסטירן, פאַרמאַכן מיך אין גרויסן קעלער, אַז כ׳זאָל וויסן אויף אַ צווייט מאָל, ווי אַזוי מ׳פירט אויס אַ באַפעל.

דעמאָלט ערשט בין איך אַוועק צו לענוצאַן, בעטן, אַז זי זאָל רעדן מיט איר מאַן און אים בעטן, אַז אויב כ׳וועל קומען אין באַצירק ווו ער איז דער שעף, זאָל ער זאָרגן, אַז כ׳זאָל מער נישט דאַרפן אָנקומען צו ספּרינצעאַנאַן, ווייל ווער ווייסט וואָס אים קען נאָך קומען אין קאָפּ אַריין. אין פאַבריק בייטן זיך כמעט יעדע וואָך די אַרבעטער און אין רשימה איז נישט ענלעך צו דער פריִערדיקער. דערפאַר טאַקע טשעפּעט זיך ספּרינצעאנא און פּרוווט אויסטראַכטן כלערליי בלבולים.

דעם גאַנצן וועג האָב איך געהאַלטן אין איין בעטן גאָט, אַז לענוצאַ זאָל מיר באמת זיין אַ פריינדין, ווי זי האָט מיר צוגעזאָגט. נאָר אַזוי וועט זי מיך אפשר פאַרשטיין און מיר העלפן, ווייל אַלע קריסטן מיט וועלכע מיר זענען געווען אין פאַרבינדונג און זיך פאַרלאָזט אויף זייער יושר, האָבן זיך אויסגעדרייט מיט דער פּלייצע, ווען ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן א טובה טאָן אונדז.

ווי נאָר כ׳בין אַריינגעקומען צו איר, איז לענוצאַ געווען זייער פאַרזיכטיק, אַז ס׳זאָל נישט אַריינקומען איינער פון איר מאַנס מיטאַרבעטער, אָדער אַ קריסטלעכע שכנה. זי האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ דערנעבנדיק צימערל, וואָס איז געווען רעזערווירט פאַר פרעמדע געסט, ביים דורכפאָרן די שטאָט יאַס. זי האָט מיך אויפגענומען זייער פריינדלעך און געוואָלט וויסן מיין גאַנצע לאַגע. כ׳האָב זי געבעטן אויסצומיידן דעם געשפּרעך, ווייל זי קען זיך נאָך אַרויסכאַפּן מיט אַ וואָרט און אין אַזעלכע צייטן קען

זיך אָנהייבן אַ גאַנצע מעשה, און פון אַ קליין פינקעלע קען אויסברעכן אַ גרויסע שריפה.

זי האָט אויך געבעטן מיך, אַז קיינער טאָר נישט וויסן, אַז מיר קענען זיך, ווייל שפּיאָנען הערן זיך אונטער און פון אַ פליג ווערט אַ גאַנצער העלפאַנט. כ׳האָב איר געזאָגט מיין בקשה און געבעטן זי, אַז די רשימה פון דער פאַבריק זאָל פון היינט אָן אויפגענומען ווערן אָן שוועריקייטן.

פאַר מיין אַוועקגיין עפנט זיך אויף די טיר און עס קומט אַריין איר מאַן, קאַסטעל שוויי, קוקנדיק אויף אונדז ביידע און ווי פרעגנדיק מיט די אויגן: וואָס זוך איך דאָ? בעיקר, אַז איך בין אין גאַנצן בלאַס געוואָרן, פילנדיק, אַז ר׳האָט מיך דערקענט, ווייל נישט איין מאָל האָט ער געהערט ווי ספּרינצעאַנאַ רעוועט אויף מיר אין פּאָליציי בקולי־קולות:

— פאַרשטייסט, זשידאַנקע, וואָס איך רעד צו דיר, צי דער קאָפּ איז דיר ביי דיינע באָלשעוויקעס? כ׳וועל ראַפּאָרטירן דעם שעף סאַראַ נישט־ריכטיקע רשימות דו דערלאַנגסט מיר, מיט נעמען פון מענטשן וועלכע לעבן שוין נישט...

לענוצאַ האָט אים לאַנג נישט געלאָזט טראַכטן און תיכף געזאָגט, אַז כ׳בין אירס אַ בעסטע חברטע פון אַ מאָל און מיין איינציקע שולד איז וואָס כ׳בין אַ יידישע... בעט זי אים ר׳זאָל וועגן מיינעט וועגן טאָן אַלץ וואָס ער וועט נאָר קענען, בכדי מיר צו העלפן.

ער האָט מיר דערלאַנגט די האַנט, פאַרזיכערנדיק, אַז אַזוי לאַנג ווי איך וועל געהערן צו זיין באַצירק, וועט ער מיך באַשיצן.

כ׳געדענק נישט צי כ׳האָב זיי גֹעדאַנקט. פון גרויס געריר־טקייט האָבן איך בלויז געזאָגט „אַ גוטן טאָג״ און געלאָזט זיך צו דער טיר. ביים אַוועקגיין האָב איך געזען ווי ביידע באַגלייטן מיך מיט אויסגעשטרעקטע הענט און צוויי וואַרעם־גוטווייליקע שטימען האָבן מיר געזאָגט:

— צום ווידערזען! זיי מוטיק!

כ׳בין אַוועק מיט אַ פאַרלייכטערונג אין האַרץ, גלייך אַן אינערלעכע שטים האָט געהאַלטן אין איין רעדן צו מיר:

— זיי רויִק און — גלייב!

צוריקקומענדיק אין פאַבריק זענען אַלע מיך באַפאַלן, פרעגנדיק וואָס אַזוינס איז געשען, ווייל כ׳בין זייער געענדערט אויפן פּנים. עפּעס בין איך גאָרנישט די, וואָס איך בין געווען ביים אַוועקגיין.

— אפשר האָסטו אַ גוטע בשורה? עפּעס אַזוינס וואָס קען דערוואַרע־מען אַ ייִדיש האַרץ? אפשר האָט ייִפ״אַ געמעלדעט, אַז דייטשלאַנד קאַפּי־טולירט?

בכדי צו באַרויִקן זייער נייגעריקייט האָב איך דערציילט, אַז גייענ־דיק אין גאַס, האָב איך באַגעגנט מיינע קריסטלעכע באַקאַנטע פון אַ מאָל.

פרוי קאָפּאָלאָוויטש האָט מיך תיכף אַוועקגענומען אין אַ זייט, פרעגנ־דיק, שטילערהייט, אויב די קריסטלעכע באַקאַנטע מיינע וואָלט מסכים געווען אַז זי זאָל פאַר אונדז איינקויפן אין מאַרק, פאַר 10 אַ זייגער אין דער פרי...

כ׳בין אַריינגעגאַנגען אין ביוראָ, וווּ אַרבעט האָט נישט געפעלט, טראַכטנדיק, אַז דאָס איז אפשר דער איינציקער גוטער טאָג, מיט אַ ביסל ליכט און האָפענונג, זינט מיר פּלאָגן זיך אַזוי שווער.

כ׳האָב אומגעדולדיק געוואַרט ס׳זאָל שוין קומען דער מאָנטיק, ווען איך דאַרף איבערגעבן די רשימה. שטילערהייט האָב איך דערציילט דעם באָס קאָפּאָלאָוויטשן, וועגן דער פאַרבינדונג מיטן שעף פון דער פּאָליציי. ער איז געוואָרן מלא אימה:

— זאָלסט נישט פאַרפּלאָנטערן די ענינים. פאַרביי די צייטן פון אַ מאָל, ווען אַ קריסט האָט געפּילט אַ קירבהשאַפט צו ייִדן, בפרט אַ שעף פון דער פּאָליציי, וואָס אַלע זענען מיר ביי אים אין די הענט. פאַרגעס אויך נישט, אַז דייניקע וועלן האַלטן ביים אַהיים קומען, זענען פאַרדעכטיקטע און — צו פיל טאָר מען נישט גלייבן.

אין זיך האָב איך געטראַכט: מיין אינסטינקט האָט מיך קיין מאָל נישט פאַרפירט. דאָס מאָל, גלייב איך, אַז כ׳בין אויפן גוטן וועג און — מיט גאָט פאָרויס!

דעם צווייטן טאָג, מאָנטיק, ווען כ׳האָב באַדאַרפט גיין ביילייגן די רשימה אין דער פּאָליציי האָב איך זיך אַריינגעכאַפּט צו לענוצאַן, פרעגן זי, אויב איר מאַן געפינט זיך היינט אין דער פּאָליציי. זי האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט זיין הבטחה נישט פאַרגעסן און מיט עטלעכע מינוט צוריק איז ער אַוועק אין דער פּאָליציי.

כ׳האָב געלאָזט זיך גיין אַהין, בעטנדיק גאָט, אַז שוויי זאָל נישט אַוועקגערופן ווערן אויף עפּעס אַ דרינגנדיקער זיצונג, ווייל אין אַלע קאָמי־סאַריאַטן זענען יעדע שעה אַרויס נייע פאַראָרדענונגען און די זיצונגען

האָבן זיך געצויגן ביי טאָג און ביי נאַכט. קלאַנגען האָבן זיך פאַרשפּרייט, אַז בשעת די לעצטע באָמבאַרדירונגען האָבן רוסישע עראָפּלאַנען פּאַראַ־שוטירט שפּיאָנען און די גאַנצע פּאָליציי איז אויף דער וואַך. ייפּ״אַ האָט אַפילו דערציילט, אַז אַ סך יידן, באַקאַנטע אַלס „קאָמוניסטן״, וועלכע זענען נישט אומגעקומען יענעם זונטיק, וועלן זיכער אַרעסטירט ווערן אין משך פון די קומענדיקע טעג, בכדי זיי זאָלן אויסזאָגן ווו די רוסישע שפּיאָנען געפינען זיך, כאָטש די פּאָליציי ווייסט גאַנץ גוט, אַז די רוסישע שפּיאָנען האָבן געגנוג̃ שכל און וועלן נישט אויסבאַהאַלטן זיך דווקא ביי די אומגליק־לעכע יידן. מען האָט אויך דערציילט, אַז צווישן די פּאַראַשוטירטע געפינען זיך אַ סך רוסישע הויכע אָפיצירן, וועלכע זענען געפאַנגען געוואָרן אד״גל.

מ׳האָט גערעדט און גערעדט, נאָר אונדז, יידן, האָבן די אַלע רייד נישט דערוואַרעמט. טראַכט מען שוין יאָ וועגן יידן, איז עס נאָר מיט דער כוונה, ווי אַזוי אונדז צו פּייניקן. מ׳זאָגט, אַז דער רויטער קרייז וועט עפּעס טאָן. דערווייל האָט מען נאָך גאָרנישט געזען און אויך נישט געהערט, אַז ער זאָל עפּעס געוועזן פּאַר אונדז אויפטאָן. יידן שטאַרבן, יידן פּייניקט מען, יידישע טעכטער שענדעט מען. מ׳נעמט צו ס׳לעצטע ביסל האָב־און־גוטס, וואָס יידן פאַרמאָגן נאָך. מ׳פאַרברענט די לעצטע שילן און פון דער גאָרער גרויסער וועלט האָט, דערווייל, קיין איין שטראַל ליכט זיך נישט באַוויזן.

טראַכטנדיק אַזוי, מער לויפנדיק ווי גייענדיק, בין איך אָנגעקומען אין דער פּאָליציי און דורך דער גלעזערנער וואַנט דערזען, אַז שוויי זיצט מיט ספּרינטשעאַנאַן און מיט אַנדערע קאָמיסאַרן, קאָנטראָלירנדיק די רשימות פון די מילן, וואָס געפינען זיך אין די ראַיאָנען, וואָס געהערן צום צווייטן באַצירק.

ווי נאָר ס׳איז געקומען מיין ריי און איך בין אַריינגעגאַנגען, האָט ספּרינטשעאַנו, ווי תמיד, אויפגענומען מיך מיט גאָר אַ קוויטשענדיקן קבלת־פּנים:

— כ׳האָב דאָך דיר געזאָגט, זשידאַנקע, אַז די רשימות זאָלן זיין גע־שריבן אויף אַ שרייבמאַשין. נאָך אַ מאָל האָסט דו זיי געשריבן מיט דיין זשידאָווסקי האַנט? וואָס מיינסטו דיר, אַז מיר וועלן טאַקע דערלאָזן זאָלסט דיר טאָן קאָפּ אין וואַנט?

דאָ האָט שוויי געווענדט זיך צו מיר:

— פאַרוואָס טאַקע, פרײלין, אַז איר האָט טאַקע יאָ אַ שרייבמאַשין,

פאַר וואָס זשע ברענגט איר נישט די רשימה געשריבן שיין, אויף דער מאַשין, מיר זאָלן לייכטער קענען אַדורכלייענען יעדנס נאָמען?

כ'האָב זיך דערמאָנט אין יענעם קול, וואָס האָט מיר געזאָגט: „זיי מוטיק!" און אים געענטפערט:

— די דייטשן האָבן רעקווירירט בײדע שרייבמאַשינען און דערפאַר מוזן מיר שרייבן די ליסטעס מיט דער האַנט.

גלייך דער הימל האָט זיך געעפנט איבער מיר, און צו דער איבעראַשונג פון ספּרינטשעאַנאָן, האָט מיר דער שעף שוויי געענטפערט:

— אויב אַזוי איז דאָס אין אָרדענונג. אויב אונדזערע אַליאַנטן, די דייטשן, נייטיקן זיך אין אונדזערע שרייב־מאַשינען, וועלן מיר זיך באַגנוגענען מיט ליסטעס געשריבענע מיט דער האַנט.

פון דעמאָלט אָן, ווען די נויטווענדיקייט האָט מיך געטריבן אין דער פּאָליצײ האָב איך שוין פון פאָרויס געוווּסט די שעה ווען שוויי געפינט זיך דאָרט. ער אַליין האָט שוין אויך געוווּסט די שעה ווען איך דאַרף אַהין קומען און נישט איין מאָל געוואָרט אויף מיר, בכדי כ'זאָל נישט דאַרפן אָנקוקן דעם חיהשן פּרצוף פון ספּרינטשעאַנאָן. די רשימות זענען אויפגענומען געוואָרן אָן שוועריקייטן. אין דער מאָס וואָס איך אַליין האָב באַקומען מערער מוט, זענען טאַקע געהאָלפן געוואָרן מערערע יידן, וועלכע האָבן זיך געניטיקט אין אַן „אָפיציעלער" באַשטעטיקונג, אַז זיי זענען רעקווירירט ביי אַרבעט לטובת הכלל, בכדי מען זאָל זיי נישט פאַרשלעפּן ווי פּשוטע בהמות, צו די שווערסטע אַרבעטן.

מיט דער הסכמה פונעם שעף שוויי, האָבן מיר דאָס דורכגעפירט.

יעדער האָט באַקומען אַ צעטל, אַז ער איז רעקווירירט אויף 7—8 טעג צו אַרבעטן אין דער פאַבריק און יעדן מאָנטיק האָב איך די „באַשטעטיקונגען" בייגעלייגט צוזאַמען מיט די רשימות. כאָטש כ'האָב געהאַלטן בסוד מיין פריינדשאַפט מיט לענוצאַן, איז מען דאָך געוואָר געוואָרן און נישט איין ייד איז געקומען אין דער פאַבריק, כלומרשט צו רעדן מיטן הער קאָפּאָלאָוויטש און פון אים האָב איך זיך דערוווּסט אין וואָס עס האַנדלט זיך און אַוועק צו לענוצאַן, ראַטעווענדיק אַזוי אָרום זייער אַ סך יידן. נישט געווען קיין טאָג, כ'זאָל נישט געווען דאַרפן לויפן וועגן עמעצן. און געגאַנגען בין איך קיין מאָל נישט מיט ליידיקע הענט, נאָר מיט עטלעכע מאָדעלן פון פאַרשידענע שפּיגעלעך, אָדער פאַבריק־גלאָזן. געהייסן האָט עס, אַז

דעם שעפּס פּרוי דאַרף אויסקלויבן פאַר זיך אַ מאָדעל, ווייל זי וויל פאַר־מאַכן די טעראַסע מיט גלעזערנע ווענט. אַזוי אַרום האָב איך געהאַט צוגע־גרייט אַ גוטן אויסרייד, אין פאַל ווען כ׳האָב עמעצן דאָרט געטראָפן.

מיר האָבן געדונגען די דירה אויף ניקאָלינאַ־גאַס, נעבן דער משפּחה טשונטו און די ביז־ איצטיקע קאָמעניקעס, די עופות, זענען אַוועק אויפן וועג צו הונגעריקע מאַגנס, און די פערד פונעם הער פּאָסקאָל זענען אַרי־בערגעפירט געוואָרן אין אַן אַנדער פאַרלאָזטער דירה. פון דער פאַבריק האָט מען דערלויבט, אַז צוויי אַרבעטער זאָלן קומען אַריינשטעלן שויבן און אין אָרדענונג ברענגען די טירן מיט די בייטשידלעך, וואָס זענען אַרויסגע־ריסן געוואָרן פון זייערע ערטער, ביים שטענדיקן אַריין־ און אַרויסגייין פון די פריִערדיקע איינוווינער: די פערד. וועגן קאַלכן די ווענט האָט מען אַפילו נישט געטראַכט. די מאַטעריעלע לאַגע האָט דאָס פּשוט נישט דער־לויבט. ווי ס׳האָט זיך געלאָזט, האָט מען אָפּגעווישט די ווענט פון דער פאַ־וויטיניע און ווי נאָר מיר האָבן פאַרטריבן די שפּינען פון דער שטוב, האָבן מיר תיכף באַקומען אַ פּאָסט־קאַרטל פונעם טאַטן, אַז ער האַלט ביים אַהיים קומען. קיין גענויע דאַטע האָט ער נישט אָנגעגעבן. מיר האָבן אים זייער געוואָלט מקבל־פּנים זיין ביים אַראָפּגיין פונעם צוג, אָבער נישט וויסנדיק ווען, האָבן מיר שטענדיק, ביי טאָג און ביי נאַכט, געקוקט צום טויער. נישט וויסנדיק צי ביז צו זיין קומען וועט די שטוב זיין „גרייט", און כדי ער זאָל נישט דאַרפן זוכן די גאַס מיטן נומער, האָבן מיר אים גע־שריבן דעם אַדרעס פון דער פאַבריק ווו ס׳האָבן זיך נאָך געפונען די מאַמע מיט די קינדער.

די גאַנצע צייט האָט אונדז געפּייניקט איין געדאַנק: וואָס עפּעס שרייבט דער טאַטע אי ך קום! פאַרוואָס שרייבט ער נישט: מ י ר קומען? וואָס איז געשען מיט אונדזער ברודער שמעון, וועלכער איז פאַרשיקט געוואָרן אין איינעם מיטן טאַטן?

געשען איז דאָס אין אַ דאָנערשטיק, צווישן טאָג און נאַכט. דער הימל, גלייך ר׳איז געהאָנגען פאַרוועבט אין וואָלקן־רויך. קנאַלערייען האָבן זיך געהערט פון וויטן, און קיינער האָט נישט געקענט זיך פאָרשטעלן וואָס דאָ קומט פאָר. סירענעס האָבן נישט אַליאַרמירט און די ערד האָט געציטערט.

אַפילו די דייטשן האָבן געהאַלטן אין איין אַרומקוקן זיך און נישט געקענט פאַרשטיין וואָס דאָ קומט פאָר.

מיט אַ מאָל האָט אָנגעיאָגט אַן אויטאָ און מודיע געווען דעם שטאַפּעל־פירער, וועלכער האָט נאָך געוווינט ביי אונדז, אַז איבער די באַן־רעלסן זענען דורכגעפירט געוואָרן סאַבאָטאַזש־אַקטן און דער באַן־פאַרקער איז אָפּ־געשטעלט געוואָרן. עטלעכע מענטשן זענען אַרעסטירט געוואָרן, אָבער מ׳קען נאָך נישט וויסן צי זיי זענען רומענער, אָדער בעסאַראַבער.

אַזוי ווי ס׳האָט שוין געהאַלטן ביים נאַכט ווערן, האָב איך תפילה געּ־טאָן, אַז דאָס מאָל זאָל מען זיך צו יידן נישט טשעפּען, ווייל ס׳האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז דער טאַטע געפינט זיך אויפן וועג אַהיים. כפּי די פאַרשיקטע זענען דערקלערט געוואָרן אַלס פאַרדעכטיקטע, האָבן די געדאַנקן מיר קיין מנוחה נישט געגעבן. דאַרפנדיק פאַרצייכענען די נומערן פון די אויּ־טאָס, וואָס געפינען זיך אין הויף פון דער פאַבריק, איז מיר דער קאָפּ מיטן גאַנצן לייב־און־לעבן געווען נעבן דעם אָפענעם טויער.

מיט אַ מאָל זע איך אַריינקומען אַן איינגעבויגענעם מענטשן, בלאַס, פאַרעלטערט, מיט אַ פּעקל אויף די פּלייצעס. געמיינט האָב איך, אַז דער עלנטער מענטש האָט פאַרבלאָנדזשעט און זוכט אַ וועגווייזער. קומענדיק נענטער צו מיר, האָב איך אים געפרעגט מיט וואָס כ׳קען אים העלפן, נאָר איינקוקנדיק זיך אין זיינע אויגן, האָב איך אים דערקענט. ס׳איז געווען דער טאַטע!

כ׳האָב אים געקושט די הענט, ס׳פּנים, די אויגן, נישט גלייבנדיק אין דעם, וואָס כ׳האָב געזען מיט די אייגענע אויגן.

פונעם שיינעם ברייטביינערדיקן מאַן, שלאַנק ווי אַ בוים, האָט זיך אומגעקערט אַ צעבראָכענער, פאַר דער צייט פאַרעלטערטער מענטש. ער, מיין טאַטע, דער בראַווער סאָלדאַט, וואָס האָט העלדיש געקעמפט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, אויף די מסוכנסטע פראָנטן פון מאַראַשעשט און אויטוז, און אויסגעצייכנט געוואָרן מיטן העלדישן מעדאַל „אויטוז״, פאַר גבורה־אַקטן אין דער מלחמה פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פון גרויס־רומעניע. — — —

— וואָס איז איצט געוואָרן פון יענעם העלדישן מאַן, וועלכער האָט פאַר קיינעם זיך נישט געשראָקן?

דער מענטש, וואָס האָט אַ גאַנץ לעבן געלעבט ערלעך און קיינעם

נישט אָנגערירט, ווערט איצט באַשולדיקט, אַז ער ברענגט שאָדן דעם לאַנד ווו ר'איז געבוירן געוואָרן און פאַר וועלכן ר'האָט געבּרענגט אַ קרבן: אַ ברודער זיינעם, און אַליין געגעבן כוח און בלוט פאַר דער אַנטשטייונג פון גרויס־רומעניע.

די ליידן וואָס ער האָט איבערגעטראָגן, און עס טראָגן נאָך איבער די אַלע דאָרט־געבליבענע יידן, קען קיין מענטשלעכער שכל נישט תופס זיין. יונג און אַלט האָבן געהאָרעוועט ביים האַקן שטיינער, קרוב 16 שעה אַ טאָג, אַחוץ דעם, צוויי שעה דער וועג צו דער אַרבעט; אַנדערע צוויי שעה דער וועג צוריק. געגעסן האָט מען געזאָטענע אוגערקעס. האָט איינער נישט באַוויזן אויסצופּילן זיין טעגלעכע נאָרמע, איז געווען ווי צו זיין לעבן. דעם טאַטנס ווייטאָג איז געווען גרעסער דערמיט, וואָס ר'האָט געווּסט, אַז אונדזער ברודער שמעון איז פאַרבליבן אין ווידעלע. דער טאַטע האָט שוין גאַנץ גוט געוווּסט וואָס אַזוינס ווידעלע איז...

ווען ר'האָט דאָס ערשטע מאָל געזען זיך אין שפּיגל, איז ער דער־ציטערט געוואָרן: ר'האָט זיך זעלבסט נישט דערקענט. תמיד געקוקט אַרום זיך און בשום אופן נישט געקענט פועלן ביי זיך, אַז ער געפינט זיך צווישן זיינע אייגענע קינדער... דאָס איינציקע חפץ וואָס ר'האָט אַרויסגע־נומען פון זיין פּעקל, איז געווען דער טלית, זיין טייערער חבר, פון וועלכן ר'האָט זיך נישט צעשיידט אַפילו אויף אַ רגע. ס'איבעריקע אין פּעקל זענען געווען שמאַטעס און פּאַפּירן, אין וועלכע ער האָט איינגעוויקלט דעם טלית, אַז אַ „בייז אויג" פון אַ גוי זאָל אים נישט דערזען. חדשים לאַנג איז ער געשלאָפן אויף דער הוילער ערד, די טעלעכע שעה וואָס מ'האָט שוין יאָ געמעגט שלאָפן. ווי נאָר די רשעים האָבן געזען אַז זיי זענען איינגע־שלאָפן, האָבן זיי זיי אויפגעוועקט און אָנגעהויבן טרייבן, סתם אַזוי, ווי חיות, ביז ס'איז טאָג געוואָרן און זיי זענען אַוועק צו די שטיין־האַקערייען.

אויף שבת זענען מיר פאַרבליבן ביי דער משפחה קאָפּאָלאָוויטש און ערשט זונטיק זענען מיר אַוועק אין דער נייער דירה. פון דער פאַבריק האָט מען אונדז געגעבן עטלעכע לידיקע קאַסטנס פון גלאָזוואַרג, וואָס זענען גוט קאָמופלירט געווען מיט גרויסע שטיינער און אויף די שטיינער — זעק אָנגעפּילט מיט שטרוי. איך האָב גענומען אַלץ, וואָס כ'האָב נאָך געהאַט ביי מיין פעטער אין הויז, פון די יאָרן ווען כ'האָב דאָרט געוווינט, און מיר האָבן צוזאַמענגעשטעלט אונדזער נייע באַלעבאַטישקייט.

ווען מיר האָבן זיך צום ערשטן מאָל אַנידערגעזעצט אויף די שטרויענע זעק איז אונדז באַפאַלן אַזאַ פרייד, אַז מיר האָבן גאָר פאַרגעסן אין יענעם אָוונט אַז עסן דאַרף מען אויך... געהאַלטן אין איין באַקוקן אַלע ווינקעלעך פון דער נייער דירה, ביז מיר האָבן זיך אַרומגעקוקט און דערזען, אַז אַפילו קיין גלאָז אויף צו טרינקען אַ ביסל וואַסער האָבן מיר אויך נישט. זענען מיר צוריקגעגאַנגען אין דער פאַבריק, און אַז קיינער זאָל אונדז נישט באַמערקן, האָבן מיר צונויפגעקליבן ליידיקע פושקעס פון קאָנסערוון, וואָס די דייטשן האָבן אַוועקגעוואָרפן אין אַ ווינקל פונעם הויף. איצט זענען די פושקעס געווען גאָר אַ נוצלעכע כלי אין וועלכער מיר האָבן געטרונקען טיי און וואַסער. און אַ מאָל האָבן זיי אויך געדינט אַלס טעלער. די איינציקע גרויסע שאלה איז געווען: אַז מיר האָבן שוין יאָ טעלער, ווו נעמט מען עפּעס אַריינצולייגן אין די טעלער? פון מיין איינציקן חודש־געהאַלט האָבן מיר קוים געהאַט צו באַצאָלן דירה־געלט און צו קויפן ליכט, ווייל די עלעקטרי איז צעשטערט געוואָרן נאָך אין די צייטן ווען דאָ זענען געווען עופות און פערד. יענע קאָמעניקעס האָבן זיך נישט גענייטיקט אין זאַכן, וואָס פעלן אונדז היינט אויס און דערפאַר טאָקע ליידן מיר.

דער פראָנט האָט זיך דערווייטערט און ס׳לעבן אין יאַס איז אַריין אין זיין נאָרמאַלן גאַנג. די שולן האָבן זיך געעפנט, נאָר יידישע קינדער האָבן זייער געליטן, ס׳זענען נישט געווען קיין לערערס, ווייל זיי זענען אומגעקומען אין דער שרעקלעכער שחיטה. די לאָקאַלן פון די געוועזענע יידישע שולן זענען רעקווירירט געוואָרן פאַר דער אַרמיי און פאַר כלערליי באַאַמטע, דורשטיקע נאָך באַקשיש, גלייך גאָט אַליין האָט זיי געגעבן די פולע פרייהייט צו דערשטיקן מיט כל־מיני געלט־שטראָפן און שטייערן, די אומגליקלעכע טשערעדע יידעלעך, וואָס האָבן זיך געוואָרפן אין אַלע זייטן, אפשר וועט זיי גאָט צו שיקן אַ שטיקל אַרבעט, ווייל אין דער היים גייט מען אויס פאַר הונגער און דאָ רוקט זיך אָן דער ווינטער און קיין האָלץ איז נישטאָ.

ביים עפענען די שולן האָבן די קינדער נישט געוווסט, אַז די לערערס זייערע זענען שוין נעבעך נישטאָ. ווען זיי זענען געקומען אויף די אימפּראָוויזירטע קורסן און נישט געפונען זייערע לערערס, זענען זיי אַהיימגעקומען מיט אַ געוויין:

— נישט גענוג, וואָס זיי האָבן דערהרגעט אונדזערע טאַטעס, האָבן זי׳ אויך אויסגעקוילעט אונדזערע לערערס.

טרויעריקע און נאָך מער פּאַריתומטע זענען די קינדערלעך צוריק אַהיים געגאַנגען, נאָר אויפֿן וועג האָבן זיי באַגעגנט גאָסט גוטער שליח, ר׳ הערשעלע סאָבאַר,* איינער פֿון די פּאָפּולערסטע פֿיגורן אויף דער רוי־טער בריק, וועגן וועלכן מ׳האָט זיך אָנדערציילט אָן אַ שיעור.

געהערט האָט ר׳ הערשעלע צום אַלטן דור און קיין מאָל נישט פֿאַר־געסן וואָס זיין טאַטע מיט זיין זיידן האָבן אים געלערנט, אַז די וועלט שטייט אויף תורה און תורה האָט אַ ווערט נאָר דאַן, ווען זי ווערט אויך עבודה און מעשׂים טובֿים. אַלס פֿרומער ייד, פֿלעגט ער ס׳רוב זיך געפֿונען אין קלויז אָדער אין שיל. האָט עמעצער נישט פֿאַרשטאַנען אַ פּסוק, איז מען געקומען צו ר׳ הערשעלען, וועלכער פֿלעגט אויך פּותר־חלום זיין און אַ סך פֿון די יאָסער יידן זענען אים ממש נאָכגעלאָפֿן ער זאָל זיי געבן אַ ברכה. ער פֿלעגט אויפֿשטיין גאַנץ פֿרי, זיך טובֿלען אין טייך באַכלוי, און אַ לאַנגע צייט זיך איינגעקוקט אין זון־אויפֿגאַנג. געזאָגט האָט מען, אַז ער איז אויך אַ מקובל. אַלס ייד איז ער אויסגעשטאַנען נישט ווייניק צרות פֿון די רוצחישע טשורקענער,**, טאַראַבוצאַ, קוזאַ, קאָנדריאַנוס לעגיאָנערן, ביז אין די בלוטיקע יוני־טעג. דווקא אין אָט דיי שוואַרצע שחיטה־טעג, האָט דער אַלטער זיך אַרומגעדרייט צווישן די יידישע אומגליקלעכע משפּחות, ברענגענדיק זיי טרייסט און האָפֿענונג. נישט איין מאָל האָט ער אויסגערייניקט דעם קוימען ביי אַן אָרעמער משפּחה, ווי אויך אין אָרדענונג געבראַכט די סאָבע,*** ס׳ביסל וואַרעמקייט זאָל בלייבן אין דער אָרעמער שטוב. נישט איין מאָל האָט ער אַוועקגעגעבן אַלץ, וואָס ער האָט פֿאַרדינט, בכדי אַלמנות און יתומים זאָלן האָבן וואָס צו עסן און אַ סך מאָל אַריין אין די שטיבער פֿון באַלעבאַטים, וועלכע האָבן נאָך פֿאַרמאָגט געלט, גע־קלאַפּט מיטן פֿויסט אין טיש און געדראָט צוצונעמען ביי זיי דעם חלק עולם־הבא, אויב זיי וועלן אים נישט געבן די נייטיקע סומע געלט, כדי צו העלפֿן קראַנקע און הונגעריקע. קיינער האָט נישט געוואָגט אָפּצוזאָגן, וויסנ־

---

* אויוון־מאַכער.

** איינוווינער פֿון אַנטיסעמיטישן קוואַרטאַל : טשורק.

*** אויוון.

דיק, אַז ער אַליין עסט נישט און טרינקט נישט, ווייל אַלץ וואָס ער האָט, שענקט ער אַוועק.

געהייליקט איז געווען דער מענטש און עס האָבן נישט געהאָלפן די געוויינען פון זיינע אייגענע קינדער, ווי אויך די בקשות פון שכנים און באַקאַנטע, ער זאָל זיך אין גאַס נישט אַרומדרייען, ווייל ס׳איז סכנות נפשות. ר׳האָט קיינעם נישט געהאָרכט און טראָץ דער סכנה איז ער גע־גאַנגען פון גאַס צו גאַס, פון בונקער צו בונקער, העלפנדיק און טרייסטנדיק.

דווקא אין יענעם שווערן ווינטער, איז קראַנק געוואָרן איינער פון די יאַסער יידישע גבירים. דערוויסנדיק זיך אַז ער איז קראַנק, איז ר׳ הער־שעלע געגאַנגען צו אים מקיים זיין די מצווה פון ביקור חולים און אין זין געהאַט דעם פסוק: צדקה תציל ממות!...

ביים עפענען די טיר, האָט אים אַ זעץ געטאָן אין פנים אַריין אַ שטראָם וואַרעמקייט פון דעם גוט־איינגעהייצטן אויוון. דער גביר איז געלעגן אין בעט אויף אַ ריין געלעגער. וואַרעם איז אים געווען, נאָר קראַנק איז ער געווען. ווי זאָגט מען, קראַנקייט מאַכט נישט קיין אונטערשיד צווישן אָרעם און רייך, און אַז מ׳איז קראַנק, האָט מען טאַקע אַזאַ פנים.

ווי דער גביר האָט אים דערזען, האָט ער אָנגעהויבן בעטן זיך ביי ר׳ הערשעלען, ר׳זאָל אים ווינטשן אַ רפואה שלימה, ווייל ער האָט שוין קיין כוח נישט איבערצוטראָגן די ווייטאָגן.

האָט אים ר׳ הערשעלע גאַנץ רויִק געענטפערט:

— יאָ, יאָ, ר׳ שמואל, איר האָט נעבעך קיין כוח נישט, נאָר אַנדערע האָבן נעבעך קיין טאַטן נישט, קיין מאַן נישט... און ועל כולם — קיין שטיקל ברויט נישט און קיין ביסל האָלץ נישט... דאַרף איך אייך דען דער־ציילן?... איר ווייסט דאָך אַליין, אַ ייד זענט איר דאָך, און אַ ייד ווייסט, אַז רייכקייט איז אַ מתנה פון ליבן באַשעפער... ווייסט נישט דער מענטש ווי אַזוי אומצוגיין מיטן אייבערשטנס מתנה, איז איינס פון די ביידע: אָדער גאָט נעמט עס אַוועק פון אים, אָדער דער גביר אַליין לאָזט עס איבער...

דער גביר האָט געזען, אַז עס האַלט גאָר שמאַל מיט ר׳ הערשעלעס ברכה. אַ ציטער איז אים באַפאַלן און מיט קנאַקנדיקע ציין האָט ער געוויינט און געבעטן אַ רפואה.

— וויפל, ר׳ הערשעלע, פאַרלאַנגט איר פאַר דער ברכה?...

— שייך צו זאָגן וויפל... — האָט אים ר׳ הערשעלע געענטפערט, —

וואס הייסט וויפל ? חשבונען קענט איר בעסער פון מיר. יידן דארפן האבן אויף האלץ, אויף רפואות, אויף צו קויפן א ווארעם מלבוש, אויף צו האבן מיט וואס די נשמה צו דערהאלטן.

— נאך דעם ווי דער גביר האט אים אפגעציילט וויפל ר׳ הערשעלע האט פארלאנגט, האט ער באקומען די ברכה און ער, דער גביר, איז טאקע געזונט געווארן, האט ר׳ הערשעלע געשיקט צו אים, אזוי צו זאגן:

— ר׳ שמואל, ווען איר זענט קראנק געווארן, בין איך געקומען צו אייך. אצינד, אז גאט ברוך הוא האט אייך געהאלפן און איר קענט ארומגיין אויף די אייגענע פיס, זאלט איר אייך אליין מטריח זיין, אהין ווו מ׳דארף, און אליין געבן צדקה.

אין בלוטיקן טאג פון 29סטן יוני 1941, האט ר׳ הערשעלע, גאנץ אומגעשטערט, געדרייט זיך איבער די גאסן. באמבעס זענען געפאלן, אבער ר׳ הערשעלען אינטערעסירט עס נישט. ער גייט פון בונקער צו בונקער און טרייסט... טרייסט... ער גייט ווייטער, ווייל א ייד דארף וויסן וואס ס׳טוט זיך ביי א צווייטן ייד, אדער בעסער געזאגט: אין דער נשמה פון א צווייטן ייד... מיט א מאל זעט ער זיך נעבן טייך באכלוי און נעבן באכלוי זעט ער א סך, א סך, זייער א סך יידן. רבנים, שוחטים, ארבעטער, בעלי מלאכות, יידן... זיינע יידישע ברידער, גאטס קינדער. גייט ר׳ הערשעלע צו און זעט ווי מ׳ווארפט יידן אין באכלוי... אין וואסער אריין. יונגע און אלטע ווערן ארייגעווארפן. דערמאנט ער זיך, אז ער האט ביי זיך א בינטעלע עסנווארג פאר א קימפעטארין וואס געפינט זיך נישט ווייט פון דאנען, אין איינעם פון די בונקערס. ווארפט ער אריין דאס עסן אין בונקער און פייל־פון־בויגן איז ער שוין ווידער נעבן די יידן וואס מאטערן זיך אין וואסער, מיט אויס־געשטרעקטע הענט, צו גאט, צו מענטשן... האבן די רוצחים אים דערזען, האבן זיי אים אויך ארייגעשליידערט אין וואסער אריין.

ווי אויף פליגל פון א מלאך האבן די כוואליעס אים געטראגן ביז צו א וואסער־ווירבל, וואס האט מיט אים געמאכט אן הקפה און ר׳ הערשעלע האט מיט א מאל זיך דערזען אויפן ברעג און גאנץ רויק געגומען גיין, א נאסער און דורכגעווייקטער, אבער א לעבעדיקער. אפילו קריסטן, וואס האבן זיך צוגעקוקט צו דעם וויסטן ספעקטאקל, ווי אזוי יידן ווערן דער־טרינקען, פאכענדיק מיט די הענט ווי מיט פליגל, בעטנדיק רחמים און הילף, אפילו זיי האבן זיך געצלמט, זעענדיק ווי ר׳ הערשעלע שטרעקט

אויס די הענט צום הימל, זאָגט אַ תפילה, און גייט ווייטער, צו טרייסטן ייִדן...

ייִדן וועלכע האָבן געמיינט אַז ער איז דערטרונקען געוואָרן האָבן נישט געגלייבט זייערע אייגענע אויגן און ערשט דעמאָלט אָנגעהויבן נאָך מער צו פאַרהייליקן אים. ר׳ הערשעלע האָט נישט גענומען אין אַכט די אַלע שבחים און אין זין געהאַט די איינציקע עבודה פון טרייסטן און העלפן, וואָס פאַר אים איז דאָס געווען די גרעסטע מצווה פון דער שעה. יעדן איי־נעם האָט ער געבעטן מ׳זאָל אים ווינטשן אַז ער זאָל נאָך זוכה זיין צו פאָרן קיין ארץ־ישראל, ר׳זאָל זיינע לעצטע יאָרן פאַרברענגען בקדושה אין ארץ הקודש.

אַ פרייִלעכקייט האָט אויפגעשיינט אין יעדנס נשמה, הערנדיק ווי אַזוי ר׳ הערשעלע איז מבטיח, אַז די ישועה וועט קומען... יונגע מענטשן האָבן אָנגעשטעקט זיך מיט דער האָפענונג פונעם הייליקן אַלטיטשקן ר׳ הער־שעלע.

— געדענקט, קינדערלעך, וואָס איך זאָג אייך, און אַזוי וועט אם ירצה השם זיין! די חיה וועט איינגעמען אַ מיתה משונה און ייִדן, וואָס וועלן בלייבן לעבן, זאָלן טאָן ווי אונדזערע אָבות־אבותינו האָבן געטאָן: מיטן שטעקן אין האַנט לאָזן זיך צום לאַנד פון די אָבות. דערפאַר טאַקע בעט איך אייך, הייליקע ייִדן, איר זאָלט מיר ווינטשן אַז כ׳זאָל זוכה זיין זיך געפינען צווישן יענע גליקלעכע, אויפן וועג קיין ארץ־ישראל.

אַזוי האָט ער געענדיקט זיינע ווערטער אין איין בונקער און תיכף נעלם געוואָרן, צווישן באָמבעס און שיסערייען, צווישן פייער און רויך, געלאָזט זיך גיין אין אַנדערע בונקערס, אַז ייִדן זאָלן אים ווינטשן, אַז ער זאָל זוכה זיין...

הערנדיק זיינע ווערטער, זענען ייִדן ווי לעבעדיק געוואָרן, אויפגעמונטערט געוואָרן, מיט מער בטחון און אויך געשעמט זיך. ר׳ הערשעלע, אַ ייִד אַ זקן איז פול מיט האָפענונג, און זיי, אַ סך ייִנגערע פון אים, זענען פאַריאושט.

— ס׳איז נישט ס׳ערשטע מאָל, קינדערלעך, וואָס גאָט שטעלט זיינע הייליקע ייִדן אין אַ נסיון... גאָט האָט אונדז תמיד געהאָלפן און דער שונא וועט בקרוב אויסגעריסן ווערן...

ווי אַ ליכט־שטראַל האָט די האָפענונג ווידער אויפגעשיינט, אָבער

גאָר גיך פאַרלאָשן געוואָרן, ווען באַמבעס האָבן אָנגעהויבן פאַלן און אַ טרייסל געטאָן די ערד, ווי בכוונה, אַז פון עטלעכע בונקערס זאָלן ווערן חורבות און הויפנס אַש, פון וועלכע ס׳האָבן זיך געשנורעוועט ריטשקעלעך בלוט פון יידן, וואָס האָבן נאָר־וואָס געהאַפּט צו דערלעבן די מפּלה פון די חיהשע נאַציס.

די פאַראָרדענונגען פונעם שטאַפּעל־פירער, וועלכער האָט געוווינט אין דער ווילע פון דער משפחה קאָפּאָלאָוויטש, זענען אויסגעפירט געוואָרן מיט אַ געהאָרכזאַמקייט, וואָס מען קען טרעפן נאָר ביי די דייטשן. תמיד האָבן זיי געהאַלטן אין איין לויבן אים, אַז זייער שטאַפּעל־פירער איז „ריין־זייד״. פון צווישן טויזנטער סטודענטן האָט מען אים אויסגעקליבן און כאָטש ער איז דער ייִנגסטער צווישן אַלע, האָט מען א י ם געמאַכט פאַר גענעראַל. ער האָט זייער אַ גרויסע מיסיע און ער וואַרט פון רגע צו רגע אויף אַ פאַראָרדענונג, אַז ער זאָל אַוועק קיין אוקראַיִנע און פון דאָרטן — ווייטער. זיי גלייבן אין אים ווי אין אַ גאָט, ווייל ער איז אַן אויסערגעוויינ־לעכער מענטש אין כאַראַקטער, קולטור, פיינקייט און גוטסקייט.

מיר אַלע זענען געשטאַנען און באַוווּנדערט מיט וויפל ליבע און כבוד זיי רעדן וועגן דעם יונגן אָנפירער זייערן.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן באַווייזן זיך אין הויף פון דער פאַבריק צוויי לאַסטאויטאָס און לויט אַ באַפעל פונעם יונגן גענעראַל האָט מען אָנגע־לאָדנט אַלץ וואָס עס האָט זיך געפונען אין דער עלעגאַנטער דירה פון דער משפחה קאָפּאָלאָוויטש. אין איין אויטאָ האָט מען אינסטאַלירט אַ צימער, ווי דאָס איז געווען אין דער ווילע, מיט אַלע פיטשעווקעס. מיט געדולד און געלאַסנקייט וואָס נאָר ביי דייטשן טרעפט מען עס, האָבן זיי דערנאָך איינ־געפּאַקט אַלץ וואָס דאָרט האָט זיך געפונען — וועש, טעפּיכער, בעטגעוואַנט, זילבערנע געשיר און אַלץ — אונטער דער אויפזיכט פונעם „גענעראַל״, וועלכער האָט געזען אין דעם עפּעס נאַטירלעכס, און אַליין משגיח געווען ביים באַראַבעווען די דירה פון מענטשן, וואָס האָבן אים באַדינט מיטן גרעסטן כבוד. אַלץ איז דורכגעפירט געוואָרן לויט אַ באַשטימטן פון פריִער אויסגעאַרבעטן פּלאַן. גלייך ס׳האָט זיך דאָ געהאַנדלט אין איינגעמען אַ חשובע פעסטונג פונעם שונאס האַנט, ווען זיי זענען באַפאַלן אויף זיין

טעריטאָריע. מיר האָבן אַפילו מורא געהאַט צו קוקן ווי אַזוי מען ווערט באַראַבעוועט אין מיטן העלן טאָג, דורך דעם באַפעל פון אַ מענטש מיטן אויסזען פון אַ מלאך. אויב ער איז פעיִק אַזוינס אָפּצוטאָן, קען ער נאָך באַפעלן, אַז מען זאָל אונדז אַלע אויך ליקווידירן.

נאָך דעם ווי די צימערן זענען אויסגעליידיקט געוואָרן, האָבן זיי מיט אַ שפּעטערײ און מיט אַ שמייכל פון פיראַטן און וואַלד־גנבים אָנגעשטעלט די מאָטאָרן, אַרויספאָרנדיק פון הויף צו אַ נייער רעזידענץ, וואָס איז אויפֿגעשטעלט געוואָרן מיט לײַדן פון אונדזערע אומגליקלעכע ברידער. אָבער — פאָרנדיק האָבן זיי אַרויסגעוואָרפן אין הויף אַרײַן די שליסלען, וועלכע האָבן ביז נעכטן געהיטן דאָס פאַרמעגן פון לייטישע מענטשן, וואָס האָבן מיט שווערער מי צונויפגעשטעלט די שיינע דירה, ווו נישט איין געפלאָגטער ייד האָט געפונען רו און הילף.

ס׳איינציקע גוטע וואָס די דייטשן האָבן אונדז איבערגעלאָזט, איז געווען ס׳צעטל ביים אַרײַנגאַנג: ב ע ז ע צ ט!

ווען די אויטאָס זענען שוין, לויט אונדזער חשבון, געווען ווייט פון יאַס, זענען מיר מיט גרויס פאָרזיכטיקייט אַרײַנגעגאַנגען אין די צימערן, קאָנטראָלירנדיק יעדעס ווינקעלע, צי זיי האָבן נישט בכוונה איבערגעלאָזט אויפרייס־מאַטעריאַל. געטראָפן האָבן מיר גאָרנישט. נאָר לויט ווי דאָס געזעץ האָט געפאָדערט, אַז יעדע באַפרייטע דירה מוז תיכף געמאָלדן ווערן אין דער פּאָליציי, האָבן איך געדאַרפט גיין און מעלדן וועגן דעם. דערציילנדיק שוויַיען, אַז אין איילעניש האָבן זיי פאַרגעסן אַראָפּצונעמען דאָס צעטל, האָט ער שטילערהייט מיר געעצהט, אַז דאָס צעטל זאָל בלייבן הענגען און ער, אַלס קאָמיסאַר־שעף פון דעם באַצירק, וועט שוין זאָרגן, אַז די דירה זאָל זיין פאַרצייכנט אַלס פ אַ ר נ ו מ ע נ ע. ווען כ׳האָב אים דערציילט אַז אויך די פאָרהאַנגען האָבן זיי אַראָפּגענומען, האָט ער געהייסן מאַכן נייע פאָרהאַנגען, אַז פון דרויסן זאָל עס מאַכן דעם רושם אַז די דירה איז „בעזעצט“.

צו דער נידערטרעכטיקייט פון די דייטשן האָט קיין סוף נישט געקומען. סיידן גאָט אַליין וועט אַראָפּקומען אויף דער ערד און באַשיצן זיינע יידן, וועלכע וועלן, ווי דורך נסים, בלייבן לעבן, און גאָט אַליין וועט זיי צונויפנעמען און אָוועקפירן פון די פאַרשאָלטענע ערטער וועלכע זענען פול מיט שנאה קעגן אונדז, גלייך מיר וואָלטן דאָס געווען די רוצחים, און זיי,

די דייטשן, די רומענער און סתם גויים, בלויז צדיקים. אין קיין שום פּלאַץ אויף דער וועלט וועט אונדז די זון נישט אָנוואַרעמען, ווי אויף דער ערד צו וועלכער אונדזערע אָבות האָבן געוואַנדערט דורך מדבריותן, הונגע־ריקע און דורשטיקע, ביז זיי האָבן זיך געזען אין צוגעזאָגטן לאַנד. נאָר דאָרט וועלן מיר, זייערע יורשים, געפינען די מנוחה וואָס אונדז פעלט.

ייפ״א האָט געמאָלדן, אַז די פאַרשיקטע ייִדן וואָס וועלן אין גיכן אַהיים קומען, אָדער זיי וועלן האָבן באַוועגונגס־פרײַבאַט, נישט טאָרנדיק אַרויס־גיין פון די שטיבער, אָדער זיי וועלן קענען אַרומדרייען זיך פרײַ, אַלס מאָביליזירטע צו דער „אַרבעט לטובת הכלל״.

אַזוי איז עס טאַקע געשען.

נאָך אַ קורצער צייט איז אַהיים געקומען אונדזער ברודער אברהם, וועלכער איז פאַרשיקט געוואָרן קיין גאַיעשט און געווען איז ער אין אַ מצב, וואָס נאָר זיינע יונגע יאָרן און זיין פיזישער כוח האָט עס געקענט ביישטיין.

זעענדיק אַז דער ווינטער דערנענטערט זיך און אין שטוב איז גאָר־נישט פאַראַן, האָט ער אָנגעהויבן אַרומצוגיין פון הויף צו הויף, פרעגנדיק צי מ׳האָט נישט צו פאַרריכטן אַלטע פעלצן, ווייל ער איז אַ פאַכמאַן און קען גוט די מלאכה.

ס׳שווערסטע פאַר אים איז געווען דאָס טאָג־טעגלעכע גיין אין דער פּאָליציי, ווו ר׳האָט באַדאַרפט חתמענען, אַז ער געפינט זיך אין דער דירה וואָס איז פאַרצייכנט אין דער פּאָליציי. ביז מיר האָבן אים געזען צוריק אין דער היים זענען מיר שיעור נישט אַראָפּ פון זין. אַלץ האָב איך דערציילט לענוצאַן און זי האָט אויסגעפועלט ביי איר מאַן, אַז די חתימה פונעם ברודער מיטן טאַטן, זאָלן איבערגעגעבן ווערן נאָר ווען ער וועט זיך געפי־נען אין דער פּאָליציי און אין זיין אָנוועזנהייט.

די דייטשן האָבן זיך געהאַלטן ביים זייעריקן. אַלץ וואָס זיי האָבן גע־פונען גוטס און פאַסיקס פאַר זיי, האָבן זיי עס צוגעראַבעוועט, דערנאָך ערשט זענען געקומען די רומענער, גענומען זייער חלק אין דער ראַבירונג, ביז ייִדן זענען געבליבן ביי גאָלע גאָרנישט.

מיר האָבן נישט געהאַט קיין געלט צו קויפן ברויט און האָלץ, און גע־ליטן האָבן מיר, ווייסט איין גאָט. פון צייט צו צייט האָט לענוצאַ אונדז

געגעבן אַ לעבל ברויט, אָבער ס׳האָט נישט געקלעקט, ווייל מיר זענען געווען אויסגעהונגערט און ס׳האָט ניט געסטייעט פאַר אַלעמען. דער טאַטע איז געוואָרן וואָס אַ מאָל אַלץ שוואַכער. די קינדער האָבן נישט געקענט האַלטן זיך אויף די פיס, און אַזוי זענען פאַרביי די טעג. ביי נאַכט, אויב די סירענעס האָבן נישט געזעווועט, האָט מען קיין אויג נישט געקענט פאַרמאַכן, ווייל דער ליידיקער מאָגן האָט געפאָדערט ס׳זייניקע.

מיט אַ מאָל האָט גאָט אויף אונדז רחמנות געקריגן.

שווייי האָט געהאַט דאָס רעכט, אַלס פּאָליציי־שעף, צו באַקומען יעדן טאָג 5 ברויט, וואָס ער האָט באַקומען אין דער בעקעריי פון יאָזעף, נעבן אונדז. ווען די שכנים האָבן אַ געוויסן טאָג דערזען אַז שווייי גייט צו אונדז מיט צוויי פּאָליציאַנטן וועלכע זענען געבליבן שטיין אין דרויסן, ביי דער טיר, האָבן זיי זיך שטאַרק דערשראָקן. נישט אַנדערש, האָבן די שכנים געקלערט, נאָר מ׳איז געקומען אַרעסטירן דעם טאַטן מיטן ברודער. די ווירקלעכקייט איז אָבער געווען אַ גאַנץ אַנדערע: לענוצאַ האָט אים געשיקט ער זאָל אונדז זאָגן, אַז אָנהייבנדיק פון צווייטן טאָג, זאָלן מיר, אין זיין נאָמען, נעמען די פינף ברויט ביים בעקער. דריי זאָלן מיר פאַרהאַלטן פאַר זיך און לענוצאַן זאָלן מיר ברענגען נאָר צוויי ברויט. די גאַנצע צייט וויפל די מלחמה האָט געדויערט האָבן מיר טאָג־טעגלעך באַקומען דריי ברויט פון דער משפחה שווייי.

אין יענע עטלעכע מינוט, וואָס שווייי איז געשטאַנען ביי אונדז אין צימער, איז אים די קעלט גוט אַריין אין די ביינער און דערפון האָט ער געדרונגען אַז קיין האָלץ איז אין שטוב אויך נישטאָ. ער האָט גאָרנישט געזאָגט, נאָר געבעטן האָט ער אונדז, אַז אויב מיר האָבן עפּעס אַ באַקאַנטן באַלעגאָלע, געווונטשן אַ ייד, זאָל איינער פון אונדז אים ברענגען צו שוּ־ווייען אַהיים.

מיינענדיק, אַז דאָס דאַרף ער פאַר זיך אַליין אַ באַלעגאָלע, זענען מיר תיכף אַריינגעגאַנגען צו איציקל בירזשאַר, אונדזער שכן אינעם זעלבן הויף, און אים דאָס איבערגעגעבן. קיין איין ייד האָט נישט מורא געהאַט פאַר שווייען און דעריבער טאַקע איז איציקל תיכף צו אים צוגעפאָרן. נאָך אַ האַלבער שעה איז ער צוריקגעקומען מיט אַ פולן וואָגן האָלץ און אָפּגעלייגט עס פאַר אונדזער שטוב זאָגנדיק, אַז שווייי אַליין, מיט זיין

פאָטער, וועלכער איז צופעליק געווען ביי אים, האָבן ביידע פאַרקאַטשעט די אַרבל און אָנגעלאָדן ס׳האָלץ אויפן וואָגן.

מיר האָבן אַריינגענומען אין שטוב דעם טייערן אוצר און מיט יעדן שטיקעלע האָלץ וואָס איז אַריין אין סאָבע אַריין, איז אונדז געוואָרן לייַדי־קער דאָס האַרץ.

די שכנים האָבן זיך נענטער מיט אונדז באַקענט און צוגעשיקט קליענטן אויף צו פאַרריכטן זייערע פעלצן. אַפילו קריסטן האָבן אָנגעהויבן קומען צו אונדז, ווייל אין די שחיטה־טעג זענען אומגעקומען ס׳רוב יידישע בעלי־מלאכות, וועלכע זענען געווען גרויסע פאַכלייט אין דער דאָזיקער בראַנזשע. די וויסטע קעלט האָט וואָרשיינלעך רחמנות געהאַט אויף אונדז און גאַנץ פרי האָבן מיר אָנגעהויבן צו טרינקען אַ ביסל וואַרעמס. דער ווילן צום לעבן האָט אויך זיך דערוואַרעמט אין אונדז און ווידער האָבן מיר גע־האָפט, אפשר, אפשר וועלן מיר כוח האָבן איבערצוטראָגן דעם תוהו ובוהו און זען זיך צווישן די גליקלעכע.

פון אונדזער ברודער שמעון האָבן מיר באַקומען אַ ידיעה, אַז ער וועט זיך אומקערן פון ווידעלע דעם 24סטן יאַנואַר 1942. אונדזער עלטערער ברודער! ווי שווער אים איז געווען ביזן אָפּפאָרן פונעם טאַטן. ער האָט באַדאַרפט אויספילן אויך די נאָרמע פונעם טאַטן, כדי ס׳זאָל הייסן, אַז אויך דער טאַטע איז אין אָרדענונג מיט דער נאָרמע. אַנדערש האָט מען אים מערדערלעך געשלאָגן. און אויף צו באַקומען עסן האָבן מענטשן געאַרבעט איינער פאַרן אַנדערן, און דאָס ווייניקע וואָס מ׳האָט צוגעשיקט פון דער היים האָט געהאָלפן, זיי זאָלן קענען האַלטן זיך אויף די פיס. אָבער נאָך עטלעכע חדשים האָבן זיי שוין אויסגעזען ווי שאָטנס. יונג זענען זיי אַוועק פון אונדז, נאָר צוריקגעקומען זענען זיי אַלטע צעבראָכענע יידן, און פאַר רחמנות האָט מען זיי אַפילו אין פנים נישט געקענט קוקן. זייערע מאָגנס האָבן בכלל נישט פאַרדייעט קיין עסנוואַרג. גייסטיק, פיזיש און מאָראַליש זענען זיי געווען דערשלאָגן. קיינער פון זיי איז שוין קיין גאַנצער מענטש נישט צוריקגעקומען. אויף יעדנס פנים האָט מען באַמערקט זיין פסיכישן צושטאַנד.

צוליב דעם שווערן ווינטער וועלכער האָט שוין גאָר קיין רחמנות נישט געהאַט, האָבן מיר נאָך אַ מאָל דערזען זיך אין דער זעלבער שווערער מאַטעריעלער לאַגע, ווייל נישט האָבנדיק קיין מאַטעריעלע באַזע, האָבן

מיר געלעבט בלויז פון דעם צופעליקן טאָג־פּאָרדינסט. די נאַכט פון 23/24 יאַנואַר איז פאַר אונדז געווען אַ ווייסע נאַכט. קעלט, הונגער, זאָרג און אַליאַרמען.

— וועט דער ברודער אַהיים קומען מאָרגן ?

היינטיקע צייטן איז מען מיט קיין שום זאַך נישט זיכער. ווען די שדים אים לאָזן אַוועקפאָרן ? וואָס אַרט די שדים, אַז אַ משפחה גייט־אויס פון בענקשאַפט ?

פאַר טאָג האָבן אַלע זיך אויפגעכאַפּט, הערנדיק יעדער איינער, ווי ביים צווייטן קלינגען די ציין פאַר קעלט. אַלע מאָל האָבן מיר זיך געביטן און אַן אַנדערע איז אַרויסגעגאַנגען צום טויער, איינקוקנדיק זיך אין דער ווייט אַריין, אפשר וועט מען אים זען אַהיים קומען. ווו ער וועט אָפּשטייגן האָבן מיר נישט געוווּסט. אפשר אין דער גרויסער גאַרע ? ביין, די סטאַנ־ציע איז רעזערווירט נאָר פאַר דער אַרמיי. אפשר אין דער ניקאָלינער גאַרע, נישט ווייט פון אונדזער דירה ? דאָ, אין דער ניקאָלינע, האָבן יידן נישט געטאָרט זיך דערנענטערן צו דער גאַרע, ווייל דאָרט האָט מען גע־לאָדן דאָס שווערע געווער. ביי ווענדן צו באַקומען אַן אינפאָרמאַציע, האָבן מיר נישט געוווּסט. אין דער קוועסטור האָט מען יאָ געוווּסט, און אויך אין דער קהילה. אָבער די קהילה האָט געקענט געבן אַ קלאָרע תשובה נאָר נאָך דעם וואָס דער מענטש איז שוין אַהיים געקומען.

אַפילו בשעת דער אַרבעט בין איך געווען אומגעדולדיק. דער הימל איז געווען פאַרוואָלקנט און ס׳האָט אויסגעזען ווי ער וויינט צוזאַמען מיט די געפּלאָגטע יידישע נשמות. ס׳איז געווען אַ מין אַהין־אַהער ביי אונדז. זענען מיר געשטאַנען ביים טויער, האָט זיך אויסגעוויזן אַז אין שטוב איז וואַרעמער. אָבער ווי נאָר מיר זענען אַריינגעגאַנגען אין שטוב, זענען מיר ווידער אַרויס אין הויף קלאַפּנדיק איין פוס אין צווייטן, אַז מ׳זאָל זיך אַ ביסל אָנוואַרעמען. מיט אַ מאָל האָט דער הימל אָנגעהויבן ווערן ליכטיקער און אַלץ האָט אויסגעוויזן צו זיין אַזוי שיין. עס האָבן אָנגעהויבן שיטן גרויסע שניי־פליטערקעס, נאָר דער ברודער איז נאָך נישט געקומען. טרויעריקע און דערשלאָגענע זענען מיר געזעסן אין שטוב. פינצטערע געדאַנקען האָבן צעמאָלט די נערוון און איינער מיטן צווייטן האָט נישט גערעדט. אַלע מאָל האָבן מיר געפרעגט ביי די שכנים

וויפל דער זייגער איז, נאָך אַ מאָל אַרויס אין דרויסן, ווידער איינגעקוקט זיך, און — —

ערשט אַרום 10 אַ זייגער האָבן מיר באַמערקט אַ מענטשן, איינגע־וויקלט אין שמאַטעס, גייט לאַנגזאַם, גלייך ער שמייכלט צו אונדז פון דער ווייטנס. אויפן ווייסן אויסגעשפּרייטן שניי, ווי אַ טעפּיך פון העלפאַנט־ביין־קאָליר, האָבן די שמאַטעס רעפלעקסירט זיך פיל קלאָרער ווי זיי זענען געווען אין דער ווירקלעכקייט. אַזוי ענלעך געווען צום „וואַנדער־ייד"!

אָבער זיין בלאַס געזיכט ווי אויך זיין שמייכל האָט אונדז צוריקגע־ברענגט צו דער ווירקלעכקייט.

אַוועק איז ער יונג, כמעט אַ קינד, נאָר צוריקגעקומען איז ער אַ פאַר־עלטערטער, אַ נשמה, וואָס האָט געליטן פאַר זיך, פאַרן טאַטן און פאַר אַנדערע. ווי גאָט אַליין האָט געוואָלט זיין אַ שותף צו אונדזער שמחה, האָט ער באַפוילן דער זון זי זאָל זיך צעשיינען און די פענצטער זענען אויפגע־פרוירן געוואָרן מיט ריטשקעלעך, ווי קרישטאָלענע טרערן. אַלע, מיטן ברודער אין דער מיט, זענען מיר געשטאַנען נעבן פענצטער, ביי דער וואַרעמער שיין פון די שטראַלן. די באַקן זענען ראָזעווע געוואָרן פון אַ ביסל וואַרעמקייט און מיר האָבן גאָר פאַרגעסן אַז די וואַרעמקייט איז פאַרביי־גייענדיק און גאָר אַ סימן אַז ביי נאַכט וועט דער פראָסט זיין גרעסער און ברענענדיקער. אונדז איז גאָרנישט אָנגעגאַנגען. מיר האָבן פאַרלוירן דעם באַגריף פון צייט.

יעדעס מאָל איז עמעצער אַנדערש אַריינגעקומען. קרובים, באַקאַנטע. צום סוף האָבן מיר זיך דערוווּסט אַז דער באַפעל אין זיין נסיעה־צעטל זאָגט בפירוש: תיכף נאָכן אָנקומען זאָל ער זיך מעלדן אין דער קוועסטור און פאַרצייכנט ווערן.

נאָך דער ערשטער פרייד פונעם ווידערזען זיך. ס'האָט געהאַלטן שוין ביים זון־אונטערגאַנג. דער פראָסט ווערט אַלץ שטאַרקער. די שויבן זענען שוין ווידער צעבלימלטע. דאָ האָב איך אָנגענומען אַ דרייסטן באַשלוס: כ'זאָל אַליין גיין אין דער קוועסטור מיטן אויסרייד אַז ער איז קראַנק גע־וואָרן און דערפאַר קען ער אַליין נישט קומען. אויפן וועג האָב איך זיך איבערגערעכנט און אָנשטאָט צו גיין אין דער קוועסטור האָב איך זיך גע־לאָזט גיין צו דער פאָליציי פונעם צווייטן באַצירק.

לאָזט זיך אויס אַז שוויי איז דאָרט נישטאָ. אַ צעבראָכענע בין איך

אַהיים געגאַנגען. אין מיטן דער נאַכט קען נאָך אָנקומען די פּאָליציי מאַכן אַן אונטערזוכונג און אויב מ׳וועט אים געפינען מיטן נסיעה־צעטל נישט וויזירט קען מען אונדז אַלע אַרעסטירן. טראַכטנדיק וואָס צו טאָן איז דער־ווייל טונקל געוואָרן. דער שניי האָט געשיט אָן אויפהער און דער ווינט האָט אים צעטראָגן איבער אַלע עקן, שטאַרקער און ברויזנדיקער, אַזוי אַז אַנשטאָט איך זאָל גיין גלייך, האָב איך זיך געזען גיין אויף צוויי וועגן מיט איין מאָל. מיד און פאַרפרוירן בין איך אַהיים געקומען מאַכנדיק אַ פרייד־לעכע מינע און זאָגנדיק אַז מ׳האָט מיר געהייסן קומען דעם אַנדערן טאָג.

אַ גאַנצע נאַכט האָב איך נישט געקענט שלאָפן. פאַר טאָג האָב איך געכאַפּט אַ דרימל און געחלומט האָט זיך מיר, אַז די פּאָליציי קלאַפּט אין טיר און וויל אונדז אַלע אַרעסטירן. כ׳האָב זיך אויפגעכאַפּט אין טייכן שוויס. קיין זייגער איז אין שטוב נישט געווען, נאָר פאַרשטאַנען האָב איך, אַז ס׳איז שוין צייט אויפצושטיין און לויפן צו לענוצאַן. זען וואָס איז דאָ צו טאָן. כ׳האָב זיך אַרומגעקוקט: אַלע שלאָפן שטילע און צופרידענע. אַ שמייכל האָט זיך צעגאָסן איבער מיין געזיכט, ווי דער שמייכל אַליין וואָלט געבעטן זיך ביי גאָט, אַז ער זאָל רחמנות האָבן און נישט ברענגען אויף זיי קיין נייעם אומגליק. כ׳האָב זיך אָנגעטאָן און ביים אַרויסגיין אין דרויסן האָב איך דערזען, אַז ס׳איז נאָך גאַנץ פרי, נאָר צוליב דעם שניי דוכט זיך אַז ס׳איז שוין טאָג.

קומענדיק צו לענוצאַס דירה האָב איך באַמערקט אַז זיי שלאָפן נאָך. כ׳האָב אָנגעקלאַפּט אין טיר און ביידע האָבן זיי מיר געעפנט, פרעגנדיק מיך וואָס ס׳איז געשען.

— האָט איר געהאַט אַן אונטערזוכונג? אַן מיין פאַראָרדענונג?

ווען כ׳האָב זיי אַלץ דערציילט, האָבן זיי מיך באַרויִקט און שוויי האָט געזאָגט:

— קום מיטן ברודער אין דער פּאָליציי 9 אַ זייגער אין דער פרי.

דער וועג צוריק אַהיים, כאָטש כ׳בין געלאָפן, האָט ער דאָך אויסגעוויזן זייער זייער לאַנג. עפנדיק די טיר האָט אויסגעוויזן, אַז אין שטוב איז אַזוי וואַרעם, און כ׳האָב זיך געוווּנדערט פאַרוואָס אַלע ליגן אין די בעטן און ציטערן...

פּונקט 9 אַ זייגער בין איך געקומען מיט מיין ברודער און דער שעף, שוויי, האָט אים געפרעגט וויפל זענען צוריקגעקומען צוזאַמען מיט אים

און ווו זיי וווינען. אין זיין באַצירק זענען עס געווען בלויז דריי ייִדן. תיכף האָט ער טעלעפאָנירט אין דער קוועסטור און געמעלדעט, אין אונ־דזער אָנוועזנהייט, ווי וועלנדיק אונדז גורם הנאה זיין:

— דאָ רעדט דער שעף פון צווייטן באַצירק. אַ ייִד, צוריקגעקומען פון ווידעלע, געפינט זיך איצט ביי מיר. ר׳איז נאָך נעכטן געקומען צו מיר, מעלדן זיך. אַצינד איז ער ווידער געקומען. כ׳מיין, אַז דערפאַר וואָס ער געפינט זיך אין מיין באַצירק, זאָל ער שוין בלייבן אונטער מיין אויפזיכט.

דער ענטפער איז געווען:

— גוט, גוט!

ווידער האָט שוויי געפרעגט:

— דער ייִד זאָגט, אַז אין מיין באַצירק געפינען זיך נאָך עטלעכע צוריקגעקומענע. כ׳וועל אויך זיי האַלטן אונטער מיין אויפזיכט.

ווענדנדיק זיך צו אונדז האָט ער געזאָגט:

— זאָגט אָן אויך די אַנדערע, זיי זאָלן זיך מעלדן אין דער פּאָליציי, ווען איך געפין זיך דאָ.

אַזוי בין איך מיט מיין ברודער אַהיים געגאַנגען, ווו אַלע האָבן גע־וואַרט, דערציטערטע און נייגעריקע.

די שכנים האָבן נישט אויפגעהערט צו דערציילן וועגן ייִדישע צרות. פּלוני איז געגאַנגען אין מאַרק אַריין עפּעס קויפן, עטלעכע מינוט פאַר 10 אַ זייגער אין דער פרי און איז נעלם געוואָרן. אַ צווייטער האָט גע־קויפט ביי אַ קריסט אין דער היים און נישט אין מאַרק, און טאַקע תיכף האָט מען אים חושד געווען, אַז ער איז פאַרדעכטיקט. יעדער סערזשאַנט האָט געטאָן וואָס ר׳האָט געוואָלט, גענאָגט ביי די אומגליקלעכע ייִדן אַלץ וואָס ס׳האָט זיך געלאָזט און נאָך אַלעמען איז ער ערשט געגאַנגען אין דער פּאָליציי, אויסטראַכטנדיק כלערליי נישט־געשטויגענע מעשיות אויף דעם „געכאַפּטן״ ייִדן, וועלכער האָט גאָרנישט געוווסט, אַז עס דערוואַרט אים אַ משפּט.

דאָס אַלץ איז געשען צוליב אַ שטיקל ברויט וואָס אין דער היים האָבן דערויף אַרויסגעקוקט קינדער, פרויען און זקנים. גלייך דער פסוק „ואהבת לרעך כמוך״ איז פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן ערגעץ ווו אין אַנדערע קאָנטי־

גענטן און האָט אַפילו נישט בדעה צוריק צו קומען. נישט איין מאָל האָב איך זיך געווענדט צו לענוצאַן און זי האָט מודיע געווען איר מאַן, אַז פלוני־דער ייד וועלכער איז אַרעסטירט געוואָרן און געפינט זיך אין קעלער פון דער פּאָליציי, איז אַן אומשולדיקע נשמה און זיין איינציקער חטא איז, ווייל ער איז אַ ייד.

נישט געווען דער טאָג, אַז די קהילה־באַאַמטע זאָלן נישט געווען לויפן צו אַלע „הייליקע" פון דער פּאָליציי, מ׳זאָל באַפרייען אַרעסטירטע יידן, פּאַר סתם אויסגעטראַכטע מעשיות פון די סערזשאַנטן, וועלכע האָבן נישט געקענט זאַט ווערן פון אויסטראַכטענישן און בלבולים, אַבי צו פּייניקן יידן. מ׳האָט שוין געוווּסט, אַז אַן אַרעסטירטער ייד, אויב ער וועט שנעלער באַ־פרייט ווערן, וועט זיין באַשולדיקונגס־אַקט זיין פיל לייכטער בשעתן משפט. און די שדים פון דער פּאָליציי וועלן יעדן טאָג נישט צושרייבן אַ נייעם חטא, וואָס דער געפייניקטער ייד זאָל מכלומרשט געווען מודה זיין, אונטער קלעפּ און שלעק.

יעדער טאָג האָט אָפּגעדונערט מיט נייע גזירות, און אויך די זאָווערוכעס האָבן צוגעפּייפּט. ס׳וואָסער — פאַרפרוירן. עסן און האָלץ האָבן געפעלט אין די יידישע קוואַרטאַלן. ייפּ"אַ האָט געמעלדעט וועגן נייע דייטשע נצחונות אין די רוסישע סטעפּעס, און זייערע נצחונות האָבן זיך אַראָפּגע־לאָזט אויף יידישע הערצער ווי שווערע וואָלקנס פון יאוש. מ׳האָט פאָרויס־געזען, אַז דער ווינטער וועט זיין אַ שווערער און נאָך מער באַשווערן ס׳לעבן פון יידן אין די שטיבער ווי אויך אין די אַרבעטס־לאַגערן, וואָס האָבן זיך געמערט פון טאָג צו טאָג. כאָשש פון „אויבן" איז געווען אַ באַפעל, אַז מ׳זאָל אָפּשטעלן די רדיפות אויף יידן.

ווי אין ליד פון ביאַליקן, אַזוי האָט דער הונגער געזונגען זמירות אויך אין אונדזערע ליידיקע מאָגנס. זייענדיק נייר־געקומענע אין דעם קוואַרטאַל, זענען פאַרביי אַ סך וואָכן ביז דער טאַטע מיט די ברידער האָבן אָנגעהויבן פאַרדינען. קריסטן וועלכע האָבן געוווּסט, אַז מיין טאַטע און די ברידער זענען פאַכלייט אין אויפנייען פעלצן און דערוויסנדיק זיך אַז זיי לעבן, זענען זיי געקומען פון ביוואָלאַרער געגנטן, אַז דער טאַטע זאָל פאַר זיי אַרבעטן. אַפילו דער פריץ אַלעקסיוק האָט געשיקט רופן דעם טאַטן, ר׳זאָל אויפנייען פעלצן פאַר זיין גאַנצער בויאַרישער משפחה, ווי אין די גוטע אַמאָליקן יאָרן.

— יאָ, — האָט דער פּריץ אַלעקסיוק זיך צעשמייכלט, דערזעענדיק דעם טאַטן. — מומחים ווי דו זענען נישט פאַראַן. אַ מזל וואָס ס׳זענען כאָטש איבערגעבליבן עטלעכע גוטע פאַכלייט.

— און אַ רעקאָרד פון דער איראָניע: ס׳האָבן זיך באַוויזן ביי אונדז אין שטוב דייטשן, אַז דער טאַטע זאָל זיי אויפבויען פעלצן, ווייל די רוסישע זאַווערוכעס זענען צו שטאַרקע, אַז דער דייטש זאָל זיי גובר זיין. מיט זייער גאַנצער דייטשישער גבורה און העלדישקייט, קענען זיי דערוויל דעם רוסישן פראָסט נישט איינבעמען.

גערעדט האָבן זיי זייער העפלעך, ווי זיי וואָלטן זיך געפרייט וואָס גאָט האָט זיי צוגעשיקט עמעצן וואָס זאָל זיך מרחם זיין און זיי אַ ביסל דערוואַרעמען. וואָלטן מיר נישט געוווסט וואָס אַזוינס די דייטשע חיה איז, וואָלטן מיר לויט זייערע זיסינקע ווערטער געקענט מיינען, אַז ס׳זענען נישט פאַראַן נאָך אַזעלכע פיין־דערצויגענע מענטשן ווי די דייטשן.

לאַנגזאַם האָט זיך פאַרבעסערט אונדזער מאַטעריעלע לאַגע און די פליטים האָבן אָנגעהויבן זיך אויסצוגלייכן. ייפ״אַ האָט געמעלדעט, אַז דער פראָנט דערווייטערט זיך און ס׳איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז מ׳וועט בקרוב מוותר זיין אַפילו אויפן קאָמופלאַזש און אין מאַרק וועט אַפילו די יידישע באַפעלקערונג אויך קענען קויפן פראָדוקטן. די אויסגעהונגערטע יידישע שעפעלעך האָבן אָנגעהויבן צו האָפן: אפשר וועט מען נאָך זוכה זיי צו שטילן דעם הונגער פון די קליינע קינדערלעך.

די יידישע יוגנטלעכע, וואָס זענען על־פּי־נס געבליבן לעבן, האָבן אויפסניי אָנגעהויבן צו וועקן די הערצער צו אַ ציוניסטישער אָפּענסיווע. אין בונקערס, ווו יידן האָבן זיך געקענט באַגעגענען וואָס מער, ווי אויך אין די שטיבער, האָבן די שליחי ציון געפּרוווט אויפקלערן יעדן איינעם, אַז וואָס עס זאָל אין דער צוקונפט נישט געשען, מוז די חלוצישע יוגנט זיין גרייט צו אַנטלויפן פונעם רומענישן גהינום, קיין ארץ־ישראל.

זייער אַ סך האָבן זיך איינגעשריבן צום אָפּפאָרן, נישט פרעגנדיק זיך אַפילו ווי אַזוי זיי וועלן קענען אַרויס פון רומעניע און אויף וועלכע וועגן זיי וועלן קענען אָנקומען קיין ארץ־ישראל. אַלע זענען זיי געווען גרייט עולה צו זיין, און עלטערן וואָס זענען נאָכן פאָגראָם פאַרבליבן מיט איין־און־איינציק קינד, האָבן מיט טרערן אין די אויגן דערמוטיקט זייערע קינדער:

— פּאַרט, טייערינקע... אַבי איר זאָלט זיך ראַטעווען פון דער קללה וואָס האָט קיין סוף ניט... גליך גאָט אַליין וויל אַז ס'זאָל אַזוי זיין.

אָט איז אַ בלאָנד מיידעלע, מיין שוועסטערס אַ חברטע, קוטאַ הייסט זי. איז זי געקומען אונדז מודיע זיין, בסוד סודות, אַז זי האָט זיך פאַרשריבן צו פאָרן קיין ארץ־ישראל. געבליבן איז זי קליינערהייט אַ יתומה. איר איינציקער ברודער האָט זי אָפּגעהיט ווי ס'אויג אין קאָפּ. אַלץ געטאָן אַז ר'זאָל כאָטש זען אַ שמייכל אויפן פּנים פונעם שוועסטערל, וואָס איז אויפגעוואַקסן געוואָרן אָן דער געטרייער השגחה פון דער צאַרטער מאַמען. זי, קוטאַ אַליין, וואָלט אויך ניט געגלייבט, ווען מ'זאָל איר אַ מאָל געוועזן זאָגן, אַז זי וועט זיך צעשיידן פון איר טייערן ברודער, וועלכער האָט ניט אָפּגעטראָטן פון איר אַפילו אין די בונקערס און תמיד זי געהאַלטן ביי דער האַנט.

מאַכט זיך, אַז דווקא אין בונקער באַקענט זיך דער ברודער מיט דער מאַכטער פון לעאָן קאַסאָווער, אַ ייד וואָס איז דורכגעגאַנגען אַלע וועגן פונעם נאַצי־שגעון, פון דער יאַסער קוועסטור ביז די טויט־וואַגאָנען קיין קאַלאַראַש און צוריקגעקומען אַהיים. מיטן אייגענעם מויל האָט ער באַדאַרפט דערציילן די טעכטער זיינע, ווי אַזוי זייערע מענער זענען אומגעקומען. ווען ס'איז געקומען די רגע און באַדאַרפט מודה זיין פאַר זיין פרוי, אַז אויך דער זון איז אומגעקומען אויף קידוש־השם, האָט ער שוין קיין כוח ניט געהאַט אַרויסצורעדן די ווערטער אַז דער זון איז געשטאָרבן, נאָר זיך געזעצט אין בונקער „שבעה". די אומגליקלעכע מאַמע, ווען מ'האָט די גאַנצע צייט דערציילט אַז איר קינד לעבט, האָט אויסגעבראָכן אין אַ געוויין, שרייענדיק, אַז איר קינד לעבט און אַז ער וועט אייביק לעבן, אין איינעם מיט אַלע הייליקע יידן וועלכע זענען אומגעקומען ווי ער.

די סצענע האָט דערגענטערט קוטאַס ברודער צו דער משפּחה קאַסאָווער און ער איז אַ חתן געוואָרן פאַר קאַסאָווערס טאָכטער. קוטאַ איז אַלט געווען 15 יאָר. ס'האָט נאָך ניט פאַרהיילט זיך די ווונד וואָס האָט צעבלוטיקט איר הערצעלע ביים שטאַרבן פון די עלטערן. נאָר דעם ברודער האָט זי ליב געהאַט. זעענדיק אַז פון זיין פּרנסה וועלן זיך ניט קענען מקיים זיין אַלע דריי, און אויס טרייהייט צו איר ליבן ברודער, האָט זי ניט געוואָלט שטיין אין וועג צו זיין גליק און באַשלאָסן איינצושרייבן זיך צו עמיגרירן קיין ארץ־ישראל.

אָט איז לולו, אַן אייניקל פונעם באַרימטן גאון, דער באָטאָשאַנער רב, ר׳ חיים לאַנדע און פונעם יאַסער כלל־טוער און תלמיד־חכם, ר׳ חיים סטרו־לאָוויטש. געווען טעטיק אין דער ציוניסטישער יוגנט און באַ־שלאָסן אָפּצופאָרן. אָן צו וויסן אין וועלכע סכנות ער שטעלט איין ס׳אייגענע לעבן, איז ער תמיד געווען אַקטיוו אין דער יידישער גאַס, וואָס דאָס מאָל האָט זי געהייסן בונקער און דערמוטיקט יונג און אַלט מיט זיין שטענדיקן שמייכל, נישט אויפהערנדיק צו זאָגן:

— וועט איר זען... אַז מיר וועלן זוכה זיין צו קומען קיין ארץ־ישראל, מיר אַלע פון דאַנען, יאַסער יידן, וועלן פון אַלע ווינקעלעך פון לאַנד צו־נויפקומען זיך און מאַכן אַן אזכרה אונדזערע קדושים וואָס זענען געגאַנגען אויף קידוש־השם. זייער אָנדענק זאָל תמיד שיינען אין אונדזערע מחשבות און ס׳ליכט פון זייער אָנדענק זאָל אונדז תמיד באַגלייטן, ווייל פאַרגעסנ־דיק אין זיי, פאַרגעסן מיר אין זיך אַליין... צוליב זייער הייליקן אָנדענק דאַרפן מיר גובר זיין אַלע שוועריקייטן און לאָזן זיך קיין ארץ־ישראל.

אַ יידישע מאַמע וועלכע איז געזעסן אין ווינקל פון בונקער און געגלעט איר איין־און־איינציק קינד, וואָס איז איר פאַרבליבן פון פינף זין, האָט זיך אויפגעשטעלט און געפרעגט לולון דעם „חכם“ (אַזוי פלעגט מען אים רופן):

— וואָס זאָל איך טאָן? מיין קינד איז אַלט נישט מער ווי 10 יאָר... וואָס זאָל איך טאָן, אַז ער, כאָטש ער אַליין, זאָל אויך קענען אַוועק פון דאַנען... כ׳וואָלט זייער געוואָלט, אַז ער זאָל זיין ווייט פון דאַנען, בכדי כ׳זאָל די גאַנצע צייט קענען זיין ביים קבר פון מיין מאַן און מיינע זין, אין פאָדולוי... זאָל ער כאָטש זיין גליקלעך. ווייט זאָל ער זיין, נאָר כ׳זאָל וויסן, אַז ער איז יעדע רגע נישט איינגעשטעלט מיטן לעבן. און אויב עס וועט מיר באַשערט זיין אים אַ מאָל נאָך צו זען, זאָל עס זיין אויף דער ערד פון די אָבות.

אָט איז שמואליקל, דער מוזיניק פונעם ביוואַלאַרער שוחט, ר׳ מרדכי שעכטער. אַלס קינד פלעגט מען אים תמיד זען גיין מיטן טאַטן אין שיל אַריין, לערנען תורה. קינדער פלעגן אים מקנא זיין פאַר זיינע רייכע ידיעות. תמיד געווען דער ערשטער אין קלאַס. געהאַט האָט שמואליקל אַן עלטערער ברודער, פנחס, האָבן זיי בידע באַשלאָסן איינצושרייבן זיך.

היות מ׳האָט נישט געגעבן מער ווי איין פלאַץ, האָט פּנחס מותּר געווען לטובת שמואליקלען. זעענדיק שמואליקלס גליק און שמחה, האָט יעדער איינער געפילט, אַז דאָס פרייען זיך אַלע יידישע נשמות, וועלכע האָפן צו דערלעבן דעם טאָג און, ווי שמואליקל, אויך באַקומען די גוטע בשורה, אַז זיי זענען שוין איינגעשריבן...

ווי ס׳האָבן איבערגעגעבן די יוגנט־שליחים, ווילן אַלע יידן פאָרן אַהיים. נאָך די ביטערע יאָרן פון בלוט און חורבן, זעען שוין אַלע עלטערן, אַז פאַר זייערע קינדער איז קיין אַנדער וועג נישטאָ, ווי נאָר קיין ארץ־ישראל.

אויסגעוויזן האָט זיך אַז אַלץ איז אין אָרדענונג. געהערט האָבן זיך די זעלבע ווערטער — די שיף וואַרט שוין מ׳זאָל אָפּפאָרן... נאָר ווען און ווו די איינגעשריבענע דאַרפן זיך טרעפן, דאָס האָט קיינער נישט געוווּסט. אַלץ איז געטאָן געוואָרן בסוד סודות. אַלס צייכן פון פאָרזיכטיקייט און נאַ־ציאָנאַלע רייפקייט, האָט ייפּ״אַ געשוויגן און נישט פאַרשפּרייט קיין שום ידיעה. אויב מ׳האָט זיי געפרעגט אויב זיי וויסן עפּעס, איז דער ענטפער געווען:

— יידן זענען מיר און דאַרפן פּילן ווען צו שווייגן. ס׳האַנדלט זיך דאָ וועגן יידישע קינדער, אונדזערע קינדער, וועלכע לאָזן זיך אַליין אויף אומבאַקאַנטע וועגן, בכדי מאַכן אַ וועג אויך פאַר אונדז. זאָלן זיי גע־זונטערהייט פאָרן און דערציילן אַלץ וואָס דאָ איז געשען, ווייל וויפל מ׳זאָל נישט שרייבן און דערציילן, קען דיווירקלעכקייט איבערגעגעבן ווערן נאָר דורך די, וועלכע האָבן דאָס געזען און איבערגעלעבט.

אַ סך משפחות האָבן אַפילו קיין אַנונג נישט געהאַט, אַז זייערע קינדער זענען צווישן די איינגעשריבענע. די לעצטע טעג פאַרן אָפּפאָרן, זענען מיט גרויס מסירות נפש געמאַכט געוואָרן די פאַרבינדונגען צווישן יאַס און בוקאַרעשט, ווי אויך צווישן אַנדערע שטעט און שטעטלעך ווו יידן זענען נאָך געזעסן. די יוגנטלעכע וועלכע האָבן אַ שבועה געגעבן אויסצופילן זייער חוב פאַרן פאָלק און לאַנד, זענען געווען אין שטענדיקע נסיעות, צוגרייטנדיק יעדן איינגעשריבענעם, ווי אַזוי אַוועק צו פאָרן און וואָס ער דאַרף מיטנעמען מיט זיך.

אַרום נאָוועמבער 1941, איז מען מיט פאַלשע דאָקומענטן פאַרשוווּנדן געוואָרן פון די היימען. אַ סך האָבן זיך געזעגנט מיט באַקאַנטע, נישט

זאָגנדיק וווהין זיי פאָרן. געהייסן האָט עס, אַז ביי נאַכט זענען זיי אַוועק־געגומען געוואָרן צו דער „אַרבעט לטובת הכלל". היות ייפ"אַ איז געווען זייער דענערווירט, האָט מען קיין שום פּירושים נישט געגעבן און אַלץ איז אויסגעטייטשט געוואָרן ווי געווינלעך, ווען יידן ווערן גענומען צו דער אַרבעט אין די לאַגערן. די צאָל פון די אָפּפאָרנדיקע איז געווען אַ קליינע, נאָר אין יעדנס האַרץ האָט געגליט די האָפענונג: זאָל זיין אַ קליינע צאָל, אַבי ס'זאָל זיך שוין אָנהייבן...

די צאָל נפשות וואָס האָט באַדאַרפט אַרויפגיין אויף דער שיף „שטרומאַ" איז געווען: 765. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט אויף אונטער־ערדישע וועגן, געמאַכט איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונגען צו פאַרווירקלעכן דעם חלום אַז יידן זאָלן זיך ראַטעווען. די האָפענונג איז געווען אַזוי גרויס, אַז מ'האָט שוין גערעדט גאַנץ אָפן: ווי נאָר דער ערשטער פּרווו וועט געלינגען, זאָל מען תיכף אָנהייבן צוגרייטן נייע שיפן פאַר נייע עמיגראַנטן.

ווי נאָר די רשימה פון 765 נעמען איז אויסגעפילט געוואָרן, האָט מען אָנגעהויבן איבערצופירן זיי צו דער שיף און דער קאַפּיטאַן מיט די מאַט־ראָזן האָבן זיך שוין קוים דערוואַרט צו זען זיך אויסער די רומענישע טע־ריטאָריעלע וואַסערן, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער דער אויפזיכט פון די דייטשן. אַ גרויסן היסטאָרישן מאָמענט האָבן איבערגעלעבט די אַלע וואָס האָבן אויף זיך גענומען דורכצופירן די גרויסע נאַציאָנאַלע שליחות. דאָס אָפּפאָרן פון יידן אין יענע שווערע טעג, האָט אָנגעצונדן אַ האָפענונג, אַז אַ נייע ליכטיקע צוקונפט עפנט זיך און די שיף „שטרומאַ" ווייזט דעם וועג צו דער ליכטיקייט.

— אפשר וועט ד אָ ס זיין אַ גוטער אָנהייב... — האָבן יידן געווײנט — דערווייל — 765! שפּעטער — אַלץ מער. — און בכדי נישט צו דערמאָנען דעם נאָמען פון דער שיף „שטרומאַ", האָבן יידן אָנגערופן די צאָל 765! געהייסן האָט עס: אַזוי פיל וועלן זיך ראַטעווען... וועלן אָנקומען אין צו־געזאָגטן לאַנד!...

נישט געווען קיין איין שטוב ווו יידן האָבן זיך נישט געפרייט מיט דער בשורה, אַז זיי זענען שוין אין אַ גוטער שעה אָפּגעפאָרן. מאָנטיק און דאָנערשטיק האָט מען געפאַסט און געזאָגט תהילים. די קינדער פון דער שיף „שטרומאַ" זענען געווען אַלעמענס קינדער. אַלע מאַמעס האָבן גע־

דענקט, געטראַכט און געבעטן פאַר אַלע, אין בונקערס, אין שטיבער, ביי דער אַרבעט, אין די לאַגערן. איך געדאַנק האָט אַלעמען באַהערשט:

— גאָט זאָל העלפן זיי זאָלן געזונטערהייט אָנקומען!...

נאָר ווי אַלע יידישע האָפענונגען אין יענע ביטערע צייטן, האָט אויך די דאָזיקע האָפענונג זיך ביטער אויסגעלאָזט. דעם 23סטן פעברואַר 1942, האָט דער לאָנדאָנער ראַדיאָ געמאָלדן, אַז די שיף מיט יידישע עמיגראַנטן איז דערטרונקען געוואָרן...

די רומענער האָבן זיך דערוווּסט וועגן דעם „פאַרברעכן" וואָס יידן זענען באַגאַנגען און בקולי קולות חוזק געמאַכט:

— בראַוואָ, זשידעס!... געכאַפּט איך, אַז איר גייט אַרום מיט פאַר־באָרגענע כוונות! גוט האָט מען אייך אָפּגעטאָן. זאָל דאָס זיין פאַר אייך אַן אָנלערנונג אויף ווייטער.

יידן האָבן געבויגן די קעפּ פאַר די נייע קדושים. נאָך קיין יאָר נישט פאַרביי זינט מ'האָט אַזוי טייער באַצאָלט מיט יידיש בלוט אין יאַס, נאָך קיין יאָר נישט פאַרביי זינט יידן זענען אין די וואַגאָנען אויסגעגאַנגען, נישט האָבנדיק קיין טראָפּן וואַסער, און דאָ זענען 765 אויסגעגאַנגען פון... צו פיל וואַסער. דער טרויער פון די געטראָפענע משפחות איז געווען אַלע־מענס טרויער. יידן האָבן געזען זיך ווי פאַרמשפטע צום טויט, אָן שום סימנים מ'זאָל קענען איבערלעבן דאָס גהינום וואָס האָט זיך געעפנט נאָר פאַר אונדז. ווי דערשלאָגענע פון אַ דונער זענען אַרומגעגאַנגען די אַלע, וועלכע האָבן אַריינגעלייגט אַזוי פיל מי און האָפענונג אין דער דאָזיקער אַקציע. האָט מען איינעם פאַרשריבן צום אָפּפאָרן, איז דאָס געהאַלטן געוואָרן בסוד. אַצינד, נאָך דעם גרויסן אומגליק, איז אַלץ געווען באַקאַנט. הונדער־טער מאַמעס האָבן זיך געריסן די האָר פון קאָפּ, פרעגנדיק:

— פאַרוואָס?...

יידן, וועלכע האָבן מוותר געווען אויפן גליק צו געפינען זיך אין איינעם מיט זייערע משפחות, קינדער אָפּגעריסענע פון די עלטערן, מאַמעס־אַלמנות פון פּאָגראָם, מיט איינציקע לעבנגעבליבענע קינדער, האָבן געלאָזן איינ־רעדן זיך און אָוועקגעשיקט זייערע קינדער, זייער איינציקע טרייסט אין לעבן, מיט דער האָפענונג אַז זיי שיקן זיי צו אַ גליקלעך און רויִק לעבן מיט אַ געזיכערטער צוקונפט אין ארץ־ישראל.

765 נשמות האָבן זיך געלאָזט איבערן ים, זאָלן אויסשרייען איבער דער ברייטער, אָזוי ביטערער וועלט, אונדזער גרויסן ווייטיק, זאָלן פֿאָדערן צו עפֿענען פֿאַר אונדז די טויערן פֿון אונדזער לאַנד, אויב מיר זענען אומעטום איבעריק. און די „שופֿרות״ אונדזערע האָט דער ים דערשטיקט און זיי פֿאַרשלונגען. ווען די אומגליקלעכע לעבנס האָבן געשיקט ס.אָ.ס.־רופֿן, געשריגן מ׳זאָל זיי שיקן רעטונג, ווי געוויינלעך אין אַזעלכע פֿאַלן, האָט מען נישט געענטפֿערט. צו די מיליאָנען דערשאָסענע, געקוילעטע, געהאַנגענע, דערשטיקטע און לעבעדיק־פֿאַרברענטע יידן, זענען דאָס מאָל צוגעקומען 765 דערטרונקענע.

ווי אַ לייב וואָס איז אַרויס פֿון שטייג, איז פּנחסל שעכטער אַרומגעלאָפֿן צווישן אַלע באַקאַנטע, בעטנדיק אין נאָמען פֿון גאָט, אַז מ׳זאָל זיין מאַמען נישט דערציילן וועגן דעם אומגליק. פֿאַר איר, די אומגליקלעכע מאַמע, זענען די 765 געוועזן איין כשרע, ריינע נשמה מיטן נאָמען שמואליקל. פּנחסל, וועמען יעדער איינער האָט געקענט אַלס שטאָלצן יידישן בחור, וואָס האָט נישט אָפּגעזאָגט זיך פֿון יעדע שווערע שליחות, איז דאָס מאָל געזעסן און ביטער געוויינט. באַווינט די 765, באַווינט דעם ברודער און באַווינט דעם ווייטאָג פֿון זיין מאַמען, און פּונקט ווי אַלע יידישע מאַמעס פֿון די 765, האָט זי געוואַרט אויף אַ ביטערער, טרויעריקער עלטער, פֿול מיט בענקשאַפֿט נאָך די טייערע אומגעקומענע. ווי אַ לייב איז ער אַריין אין בונקער וווּ ס׳זענען געזעסן זיינע חברים, מיט וועלכע ר׳האָט געאַרבעט אין דער אונטערערדישער באַוועגונג, געבעטן זיך מ׳זאָל אים דערמעגלעכן צו פֿאָרן קיין בוקאַרעשט. קיינער האָט נישט געוואָגט אים דאָס אָפּצוזאָגן, ווי אויך נישט צו פֿרעגן, פֿאַרוואָס ער וויל דווקא קיין בוקאַרעשט. איינס האָט ער געטענהט:

— צווישן אַזוי פֿיל וויכטיקע שליחותן פֿאָרן כלל, מוז ער דורכפֿירן זייער אַ וויכטיקע שליחות, וואָס וועט זיין פֿאַר זיין מאַמען אַ באַלזאַם.

און אַזוי איז עס טאַקע געשען!

נאָך זיין צוריקקומען פֿון בוקאַרעשט, האָט זיין מאַמע אָנגעהויבן צו באַקומען בריוו, געשריבענע פֿון איר שמואליקל, וועלכער איז איר מבֿטיח, אַז ער האָפֿט בקרובֿ צו זען זיך מיט איר אין הייליקן לאַנד. אַ חבֿר האָט זיך פֿאַרפּליכטעט פֿאַר פּנחסן, אַז יעדן חודש וועט ער שיקן אַ בריוו דער מאַמען זיינער. און אַזוי האָט אַ יידישע מאַמע דערוואַרעמט זיך מיט פּאַפּי־

רענע האָפענונגען, אַז אַמאָל־אַמאָל וועט זי ווידער קענען זיין אין איינעם מיט איר מוזיניקל.

דער פאַל „שטרומאַ" האָט צייטווייליק פּאַראַליזירט יעדע אַקציע צו שיקן יידן קיין ארץ־ישראל איבערן ים. האָט מען אָנגעהויבן זיך באַנוצן מיט אַנדערע וועגן: צו שיקן יוגנט דורך פאַרשידענע איבערגאַנגס־פּונקטן, דורך בולגאַריע, טערקיי, אַבי צו קומען קיין ארץ־ישראל. די יוגנט האָט אַלץ אָנגענומען באהבה מיט באַגייסטערונג און טראָגן אַלע שוועריקייטן, אַוועקגעלאָזט זיך אין קליינע גרופּן. די נעמען פון די אומבאַקאַנטע גרעניץ־פּונקטן האָבן זיך אָנגעהויבן איינבירגערן אין יידישע הייזער, אין יונגע התלהבותן. די יוגנט האָט זיך אַוועקגעלאָזט אַהין מיט אַ שנעלקייט פון אָדלערס, וועלכע האָבן נישט קיין מורא פאַר גרענעצן און פאַר גרענעץ־וואַכן. נאָך עטלעכע חדשים האָט מען אָנגעהויבן באַקומען ידיעות, דורך פריִער אָפּגעשטעלטע וועגן, דורך סימנים, אָדער דורכן רויטן קרייץ, אַז זיי האָבן זיך באַגעגנט מיט די קרובים, אָדער מיט ברידער און שוועסטער. ווער ס׳האָט קיינעם נישט געהאַט אין ארץ־ישראל, האָט גאַנץ פּשוט גע־מאָלדן, אַז ער פילט זיך גוט. מען קען זיך פאָרשטעלן ווי גליקלעך עס זענען געווען די פאַרבליבענע, ווען זיי האָבן נאָך זייער אָפּפאָרן, באַקומען אַזעלכע טייערע בשורות.

די דייטשן האָבן פאַרגעזעצט זייער בליץ־קריג. ייפ״אַ האָט איינגע־לייגט וועלטן און געוועט זיך, אַז נישט אויף תמיד קען אַזוי גיין. אמת, די דייטשן געפינען זיך טאַקע איבער גאָר ברייטע איינגענומענע שטחים, אָבער אין אַ שיינעם טאָג וועט „פּאָניע" אָנהייבן זיי צו „ציפּן" פון אַלע זייטן. יידן וועלכע זענען געווען לינק געשטימט האָבן אַנדערש געקלערט, און דערפאַר טאַקע פאַרשפּרייט גאָר אַנדערע ידיעות: די פּאַרטיזאַנער שלאָפן נישט און אין אַ סך ערטער געפינען זיך די דייטשן קעגן אַ ניי־גע־שאַפענעם פראָנט... שווערע געווער־דעפּאָזיטן זענען מיט אַ מאָל געפלויגן אין דער לופטן, מיטשלעפנדיק מיט זיך כמעט אַלע מיליטערישע מחנות, וועלכע האָבן זיך געפונען אַרום. די דייטשן האָבן באַדאַרפט זיין גרייט צו כלערליי סורפּריזן.

מיט דער דערוויטערונג פונעם פראָנט האָט ס׳לעבן אָנגעהויבן צו

באַקומען אַ כמעט נאָרמאַלן אויסזען און מענטשן האָבן אָנגעהויבן אין זין האָבן נאָר דעם מאָגן, אַ זאַך, וואָס איז געוואָרן דער עיקר אין לעבן, זינט די מלחמה איז אויסגעבראָכן.

ברויט איז נאָך אַלץ געווען ראַציאָנירט, כאָטש די רומעניש־דייטשע אַרמייען האָבן איינגענומען דעם אוקראַיִנישן תבואה־שפּייכלער.

די לעצטע צייט האָט מען גאַנץ פריי, ווי אויך אויף שוואַרצן, געקענט קויפן אַלץ. נעמענדיק אין אַכט, אַז מומחים צו נייען פּעלצן זענען געווען זייער געזוכט, האָט דער טאַטע מיטן ברודער זייער גוט פאַרדינט. אַזוי אַרום האָבן מיר אויך געקענט דערלאַנגען הילף צו אייניקע פון אונדזערע קרובים, געוועזענע סוחרים אין קליינע שטעטלעך, וועלכע האָבן דערווייל קיין פּרנסה נישט געהאַט. רעדנדיק איין מאָל מיט לענוצאַן, שוויס פּרוי, האָב איך איר געזאָגט, אַז אַזוי ווי די מאַטעריעלע לאַגע האָט זיך פאַרבע־סערט, האָבן מיר פון וואַנען צו לעבן און אויב זי דאַרף די דריי ברויט פאַר אַנדערע מיטגלידער פון איר משפחה, זענען מיר גרייט איר אַהיים צו ברענגען יעדן טאָג אַלע פינף ברויט.

— ניין און ניין! — האָט זי מיר געענטפערט. — די מלחמה האָט זיך נאָך נישט געענדיקט. גיב אַוועק די דריי ברויט וועמען דו פאַרשטייסט, ווייל הונגעריקע פעלן נישט אויס. מיר זאָלסטו, ווי תמיד, שיקן נאָר צוויי ברויט.

ערשט שפּעטער האָבן מיר געזען ווי לענוצאַ איז גערעכט געווען.

אין פאַבריק איז געווען זייער אַ סך אַרבעט. דאָ איז געווען דאָס איינ־ציקע אָרט וואָס האָט געקענט צופרידן שטעלן די דייטשן. וואָס ווייטער זיי זענען געגאַנגען פאָרויס אין פראָנט, אַלץ מער גלאָז האָבן זיי באַדאַרפט פאַר די מאַשינען, נאָר אין זייער רעדן איז שוין נישט געווען דער זאָרגלאָז־צופרידענער טאָן פון אַ מאָל.

— מלחמה איז נישט קיין שפּילעכל, נאָר גאָר אַן ערנסטע זאַך — האָבן זיי געטענהט מיט ערנסטע מינעס אויף די פּנימער. זיכער זענען זיי שוין איזאָלירט. צענדליקער פאַלן האָבן איבערצייגט, אַז אַפילו די דאָרפישע שיקסעס מיט וועלכע זיי האָבן געפּרוּווט פאַרברענגען, זענען אַנטי־רעגירונס פון פאַרטיזאַנער־גרופּעס. איינע פון זיי, וואָס איז געכאַפּט געוואָרן אין דער רגע ווען זי האָט געוואָלט אַרויסשלעפּן געהיימע דאָקומענטן, בשעת דער אָפיציר איז געשלאָפן, ווען זי האָט זיך דערזען אין סכנה, האָט זי

אַרויסגענומען אַ רעוואָלווער און דערשאָסן דעם שלאָפֿנדיקן אָפֿיציר, וואָס איז געווען באַקאַנט אַלס איינער פון די פאַרזיכטיקסטע מיליטער־לייט און אַלע האָבן אים מקנא געווען צוליב זיין שיינער רוסישער געליבטע. אויפן אָפּקלאַנג פונעם שאָס זענען אָנגעלאָפן אַ סך אָפֿיצירן, נאָר די שיינע רוסישע דאָרפֿס־שיקסע האָט שוין געהאַט איינגעשלונגען סם און געלעגן אַ טויטע.

אַפילו מיט אַ פּשוטער רוסישער פּויערטע איז מען שוין אויך נישט געווען זיכער. באַפֿעלן יאָגן באַפֿעלן: היטן זיך פֿאַר אַלץ און פֿאַר אַלעמען, ווייל דער רוס, ווייסט שוין צו פֿיל פון דעם וואָס עס טוט זיך ביים דייטש...

די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך פֿאַרשטאַרקט און די ציווילע באַפֿעלקערונג האָט זיי פֿיל מיטגעהאָלפֿן. איבער די גאַסן האָט מען יעדן אין דער פֿרי געפֿונען צעטלען, אין וועלכע מ׳האָט איבערגעגעבן די נייעסן פון פראָנט און אויפגעפאָדערט די ציווילע באַפֿעלקערונג, וואָס טרוימט און קעמפט פאַר גערעכטיקייט, זי זאָל מיט מסירות נפש דורכפֿירן סאַבאָטאַזש־אַקטן, ווייל פון אַ טראָפּן מיט אַ טראָפּן — ווערט אַ טייך... ייפ״אַ האָט אַפילו גע־מאָלדן, אַז די אַליאַנטן באָמבאַרדירן און צינדן אָן יעדן מעטער ערד פון די נאַפֿט־שטחים אין רומעניע, ווי אויך יענע בנינים ווו ס׳געפינען זיך די דייטשע שטאָבן. ווידער האָט זיך צעוואָקסן די האָפֿענונג, אפשר וועלן די איבערגעבליבענע רעשטלעך יידן קענען צונויפנעמען זיך אין אייגענעם לאַנד און אין זין האָבן זיך אַליין, טראַכטן וועגן אייגענעם מאָרגן.

אויך אין די צייטונגען האָט מען געקענט באַמערקן, צווישן די שורות, אַז די דייטשן, אין זייער ווילן נישט צו פֿאַרלירן די איינגענומענע שטחים, מוזן דאָך זיך צוריקציִען, ביז זיי וועלן באַקומען נייע רעזערוון, וואָס האָבן פֿאַרשפּעטיקט צו קומען. די מלחמה האָט זיך געצויגן און אונטערערדישע פּאָסטנס האָבן געמאָלדן וועגן דעם גאַנג זייערן און געענדיקט מיט אַ מין גלויבן, אַז סוף־כל־סוף וועט דער דייטש מוזן קאַפּיטולירן. וועגן יידן האָט מען קיין וואָרט נישט דערמאָנט, זיי מחיה צו זיין מיט אַ גוטער בשורה, אַז ס׳וועט קומען אַ צייט און זייער משפּט וועט אויך אַרויס. אַ מאָל האָט מען עפּעס געלאָזט הערן, אַז די יידן פון מערב פֿירן אונטערהאַנדלונגען, נאָר צו עפּעס ממשותדיקס איז עס נישט דערגאַנגען.

יעדע ענגליש־אַמעריקאַנער באָמבאַרדירונג האָט איבערגעלאָזט שפּורן און בכדי צו פֿאַרבאָרגן פֿאַר די קריסטן די באָמבאַרדירונג פון די נאַפֿט־ברונעמס, האָט מען אַרויסגעגעבן אַ באַפֿעל, אַז אַלע יידן ביז אין עלטער

פון 50 יאָר, זענען מחויב אויף אַ מער אינטענסיוון אופן דורכצופירן די "אַרבעט לטובת הכלל".

— יאָ, יאָ, — האָבן יידן געטראַכט, — צום מיליטער נעמט מען אונדז נישט, אויסראָטן אונדז אַלע האָט מען אויך נישט געקענט. ווילן די רומענער, אַז מיר זאָלן פאַר זיי ביטער האָרעווען, פון פרי ביז שפּעט אין אָוונט.

האָט מען ווידער אָנגעהויבן איינצורופן יידן צו דער "אַרבעט לטובת הכלל" און נאָר איין גאָט האָט געוווּסט וווּהין מען פאַרשיקט זיי. די רדיפות האָבן זיך פאַרשטאַרקט און אויב איין טאָג איז פאַרביי אָן אַ נייער גזירה, האָבן מיר געמיינט, אַז דאָס איז אַ חלום. ס׳זענען צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן נייע דעטאַשאַמענטן און יידישע שטיבער זענען אויסגעליידיקט געוואָרן מיט יעדער נייער פאַרשיקונג.

אין אַלע לאַגערן איז די אַרבעט געווען שווער, צוליב דעם וואָס די אָנפירער זענען געווען אַנטיסעמיטן. דער דורשט נאָך יידיש בלוט האָט זיך דערקענט אויף זייער פּנים. אויסקויף־געלט האָט נאָך מער פאַרהאַרטעוועט זייערע אַזוי אויך האַרטע נשמות. ווי נאָר זיי האָבן באַקומען דאָס געלט, איז די באַציִונג זייערע צו יידן געוואָרן אַזאַ, אַז קיין שום מענטשלעכער דמיון קען דאָס בכלל נישט תופס זיין.

זייער ווייניק לאַגערן זענען געווען ווו אַ ייד האָט נאָך געקענט אַ שמייכל טאָן. נאָך ווייניקער זענען געווען די מער מענטשלעכע אָפיצירן. עפּעס האָבן זיי געטענהט, אַז די עלטער פון ביז 50 יאָר פאַר יידן אין אַר־בעסט־לאַגער איז נישט ווי געוווּנטשן.

פאַר יידן איז אָבער די עלטער פון ביז 50 יאָר געווען מער אומגליק ווי גליק, ווייל די אַרבעט איז געווען סתם אַ גזירה, כדי זיי זאָלן זיך נישט געפינען אין די היימען. אָדער אין קבר, אָדער אין לאַגער. צו פיל יידן געפינען זיך אין דער היים, בשעת די רומענער קעמפן אויפן פראָנט.

לויטן חשבון זענען מיינע ברידער, פריינד און ס׳רוב פון אונדזערע קרובים געווען צווישן די גורל־געטראָפענע, אַוועקגעשיקט צו ווערן אין די לאַגערן. לויטן באַפעל זענען די בעלי־מלאכות דערווייל נאָך נישט איינגערופן געוואָרן. זיי זענען רעפּאַרטיזירט געווען אין פאַרשידענע וואַר־שטאַטן פון דער יאַסער געגנט. לאָזט זיך אויס, אַז אין אַ שיינעם פרימאָרגן

זענען אויך מיינע ברידער פאַרשיקט געוואָרן אין לאַגער טאָדירעני, צו האָקן שטיינער.

אַ קורצע צייט נאָך זייער פאַרשיקונג, האָט אין יאַס זיך געשאַפן איי־נער פון די גרעסטע וואַרשטאַטן פאַר פעלצן, פאַר די סאָלדאַטן, וועלכע האָבן זיך געפונען אויפן פראָנט. דער רוסישער פראָסט איז גאָר טיף אַריינ־געקראָכן אין זייערע ביינער און לויט דער בקשה פון די גענעראַלן אַליין, פאַר וועלכע דער פראָסט האָט גאָר ווייניק דרך־ארץ געהאַט, זענען געשאַפן געוואָרן אַ גרעסערע צאָל וואַרשטאַטן פון דעם מין און יידן האָבן געאַר־בעט, אָן וועלכן ס׳איז לוין, בכדי צו דערוואַרעמען די רוצחים פון אונדזער פאָלק.

די ברידער לאַגעס זענען געווען די אונטערנעמער פון דער אַקציע און יאַס איז געווען דער צענטער פון אַלע וואַרשטאַטן, וואָס האָבן זיך גע־שאַפן אין דער געגנט. פול מיט האָפענונג בין איך געגאַנגען צו זיי, בעטנ־דיק אַז זיי זאָלן זיך משתדל זיין, מ׳זאָל מיינע ברידער צוריקברענגען פון די שטיין־האַקערייען, ווו זיי זענען פאַרשיקט געוואָרן, כדי אַלס פאַכלייט זאָלן זיי אַרבעטן אין איינעם פון זייערע וואַרשטאַטן. צו מיין גרויס פאַר־וווּנדערונג האָבן די „בכבודיקע" יידן לאַגעס אָפּגעוואָרפן מיין בקשה. זיי האָבן כאילו מורא געהאַט, אַז מיינע ברידער זענען נישט קיין מומחים אין פאַך, און קיינער ווייסט נישט פון וואַנען דער האָז יאַוועט זיך... דערפאַר אָבער האָבן זיי צוגעגעבן אַז מיין טאַטע איז יאָ אַ מומחה, נאָר צוליב דער עלטער איז ער געבליבן אין דער היים, אַ צעבראָכענער פון דעם וואָס ר׳האָט איבערגעטראָגן און צוגעזען אין ווידעלע. ער, דער טאַטע, הייסט עס, מעג יאָ קומען אַרבעטן ביי זיי, און עס וואָלט טאַקע געווען געוווּנטשן, ער זאָל זיך פרייוויליק מעלדן...

אַזוי האָבן געטענהט צו מיר די יידן לאַגעס און נישט געשעמט זיך אַפילו מיר דאָס פאָרצולייגן. דער שכל הישר איז פון זיי פולשטענדיק צו־גענומען געוואָרן. אין זיין עלטער, זייענדיק אין דער היים פאַרזאָרגט מיט עסן און רו צו דער צייט, האָט דער טאַטע נאָך געקענט אַרבעטן אַ ביסל און עפּעס פאַר זיך פאַרדינען, נאָך דעם ווי די ברידער זענען אַוועקגענומען געוואָרן. וועגן דעם אָבער האָבן די ברידער לאַגעס נישט געטראַכט, ווייל יעדער איינער האָט אין זין געהאַט זיינע אייגענע אינטערעסן און דער עיקר פאַר זיי איז געווען דאָס, וואָס מיין טאַטע איז אַ מומחה אין פאַך.

עס האָבן נישט געהאָלפן מיינע טענות און בקשות, אַז זייענדיק אין דער היים וועלן זיי קענען אַרבעטן ביי די פּעלצן, ווייל זיי קענען זיך גוט אויס אין דעם פאַך. אַ צעבראָכענע בין איך אַוועק פון דאָרט, נישט ווּיסנדיק וואָס צו טאָן און וווּהין צו גיין. ס׳ביסל אָפּגעשפּאָרטע געלט וואָס מיר האָבן געהאַט, האָבן מיר מיטגעגעבן די ברידער ביים אַוועקפאָרן און וואָס צו עסן איז נישט געווען. קומענדיק אין פאַבריק האָב איך דאָס דערציילט מיין באַס, משה קאַפּאַלאָוויטש.

כ׳בין געזעסן אין ביורא און, ווי תמיד, געאַרבעט פאַר די דייטשן, וועלכע האָבן געהאַלטן אין איין דרייען זיך אין הויף, געשריגן און געבאַ־לעבאַטעוועט, ווי אין די אייגענע גיטער. דייטשן וועלכע זענען געקומען צו פוס פונעם פראָנט האָבן אויסגעזען זייער דערשלאָגן, ווייל אַ סך צייט וויסן זיי שוין נישט וואָס אַזוינס מנוחה הייסט. פון וואָרט צו וואָרט האָט מען געקענט פאַרשטיין אַז זיי גיבן אָנצוהערן, אַז מ׳גייט טאַקע פאָרויס, נאָר מיט גרויסע, צו גרויסע קרבנות. אַ טייל פון דער געפאַנגענער באַפעלקע־רונג קען גערעכנט ווערן ווי באַוואָפנט, ווייל נאָך דעם וואָס מ׳דערלעבט שוין צו זען אַ שטיקל איינגענומענעם שטח, ווערן צענדליקער דייטשן דערשאָסן און מען ווייסט נישט פון וואַנען די קוילן קומען אָן... רוסלאַנד איז אַזוי גרויס, אַז זיי, די דייטשן, פאַרשטייען אַליין נישט וועגן וואָס מ׳דאַרף אַזוי פיל טעריטאָריע, ווייל, ווי באַוווּסט, דאַרפן די דייטשן מלחמה האַלטן דערפאַר, וואָס זייער טעריטאָריע איז צו קליין. וואָס, למשל, וואָלט געפעלט די דייטשן, אַ ציוויליזירט פאָלק, ווען זיי וואָלטן געהאַט אַזאַ גרויס און ברייט לאַנד. אין זייער לעבן וואָלטן זיי קיין ביקס נישט אויסגעשטרעקט.

נאָר... אַזוי פירט זיך עס שוין פון תמיד אָן. תמיד זוכט ס׳דייטשע פאָלק אַ שטיקל נייעם באָדן, ס׳זאָל קענען זיך צעשפּרייטן, אָבער נאָך יעדע מלחמה, אָנשטאָט צו פאַרברייטערן זיך, מוז עס אומקערן זיך צו זיינעם. וויפל יתומים וועלן עס זיין נאָך דער מלחמה!... וויפל אַלמנות... וויפל בית־עלמינס מיט אומגעקומענע, וועלכע וועלן אויף אייביק שוין נישט אומקערן זיך צו זייערע היימען. אַלס סאָלדאַטן זענען זיי מקנא די רוסישע זעלנער, וועלכע קומען צו קבורה אויף זייער ערד, אין זייער לאַנד, פאַר וועלכן זיי האָבן געקעמפט און געפאַלן.

נאָך דעם ווי זיי האָבן זיך אַ ביסל אָראָפּגערעדט פון האַרצן, ווייל באַ־געגנט האָבן זיי זיך אין הויף פון פאַבריק מיט סאָלדאַטן פון פאַרשידענע

ערטער און פּראָנטן, וועלכע זענען ווייט געווען איינער פון צווייטן — האָט מען לאַנגזאַם אָנגעהויבן צו פאַרגעסן אין פּראָנט און אין דעם נאָר־וואָס געדעדטן, און געפּרווט כאַפּן אַ ביסל פאַרגעניגן פונעם לעבן. האָבן זיי אָנגעהויבן גיין פון שענק צו שענק, פון קלייט צו קלייט, און מיט גאַנצע הויפנס רומעניִשע באַנקנאָטן, געקויפט אַלץ וואָס זיי האָבן נאָר געטראָפן און אָװעקגעשיקט אַהיים, קיין דייטשלאַנד, צו דערפרייען די משפחות מיטן גוטס וואָס רומעניע פאַרמאָגט.

איין מאָל איז אַרײַנגעקומען אַן אָפיציר, און לויטן אוניפאָרם האָט מען געזען, אַז ער איז נישט קיין דײַטש, נאָר אַ רומענער. דערפאַר טאַקע האָט ער אונדז גאָר ווייניק אינטערעסירט. מיר האָבן זיך שוין צוגעוווינט צום געדאַנק, אַז באַלעבאַטים זענען די דייטשן. ווער־זשע וועט זיך אומקוקן אויף אַ רומענער ווען אַפילו ער איז אַן אָפיציר?

האָב איך אים געהייסן ר׳זאָל גיין רעדן מיטן באָס, מיט משה קאָפּאָלאָ־וויטש.

דער רומענישער אָפיציר האָט געמעלדעט, אַז דער קאָלאָנעל זשעאַנאַלו בעט מ׳זאָל אויך אים מאַכן אַ מעסער פון ריין גלאָז, בכדי ר׳זאָל האָבן מיט וואָס צו עפענען זיין קאָרעספּאָנדענץ. ס׳מעסער זאָל זיין ענלעך צו דעם וואָס מ׳האָט געשיקט דעם דייטשן גענעראָל פונעם אָרטיקן קאָמאַנדאַמענט. ביי אים טאַקע האָט ער געזען דאָס מעסער און ס׳איז זייער געפעלן געוואָרן. מ׳האָט פאַרזיכערט דעם אָפיציר, אַז דער קאָלאָנעל וועט אין גיכן באַקומען אַן ענלעך מעסער.

געבעטן האָב איך דעם באַלעבאָס קאָפּאָלאָוויטש, אַז איך זאָל ס׳מעסער איבערגעבן דעם קאָלאָנעל, וועלכער איז היינט דער אַלמעכטיקער איבער יידיש האָב־און־גוטס. ער האָט צו באַפעלן איבער די יידן אין די לאַגערן און איך קען נישט זיצן דאָ מיט פאַרלייגטע הענט, בשעת מיינע ברידער פּלאָגן זיך ביים האַקן שטיינער. אויב כ׳וועל נישט פּרווון אַפילו דאָס אוממעגלעכע, וועלן זיי דאָרט זיין, ווער ווייסט ביז ווען. דער חוב און דער אינסטינקט הייסן מיר פּרווון רעדן מיטן קאָלאָנעל.

דעם צווייטן טאָג, גאַנץ פרי, מיטן איינגעפּאַקטן מעסער, בין איך שוין געשטאַנען פאַר דעם רעקרוטירונגס־הויז, אויף אַנאַסטאַסיע־פּאַנו־גאַס, וווּ ס׳איז אַ מאָל געווען דער לאָקאַל פון דער יידיש־פּראָפעסיאָנעלער שול פאַר

מיידלעך, „סטיאַוּאַ" (דער שטערן), אַן אינסטיטוציע, וואָס האָט צענדליקער יאָרן ליכטיק געמאַכט די געדאַנקען פון אונדזער דור. געקוקט האָב איך גלייך צום טויער, וואַרטנדיק, אַז קאָלאָנעל זשעאַנאָלו זאָל זיך באַווייזן. כ׳האָב נישט געוווּסט די גענויע שעה ווען ער קומט אָן, נאָר באַשלאָסן האָב איך נישט צו רירן זיך פונעם אָרט, ביז כ׳וועל אים נישט זען. וואָס ווייטער צו טאָן, האָב איך אַליין אויך נישט געוווּסט. כ׳בין געווען אַריינגעטאָן אין איין־און־איינציקן געדאַנק: צו זען דעם קאָלאָנעל!

בשעת דעם וואַרטן האָב איך געזען: יידן גייען אַרייַן, און קומען אַרויס מיט אַ צעטל, אַז זיי זענען רעפּאַרטיזירט, גאָט ווייסט ווּהין. יעדן ייד האָט אין דרויסן דערוואַרט זיין משפּחה, נישט ווייט פונעם אַרויסגאַנג־טויער. זיי האָבן געהאַלטן אין איין באַטראַכטן דעם ציפער פונעם צעטל און גאָר־נישט פאַרשטאַנען. איין זאַך איז זיי יאָ געווען קלאָר: לויטן ציפער דאַרף ער ביז אין 24 שעה צושטעלן זיך מיט זעקל־און־פּעקל און מיט קאַלט עסן. מיט אַ סך אַנדערע וועט ער איבערגעגעבן ווערן אַ פּשוטן קאַפּראַל, וועלכער וועט מיט אַ מאָל מיינען, אַז ער איז דער גלאַוונער גענעראַל און מעג טאָן מיטן ביסל יידן וואָס געפינט זיך אונטער זיין אויפזיכט, אַלץ וואָס ער וויל. זיי אַלע וועלן אַריינגיין אין לאַסט־וואַגאָן, מ׳וועט אַוועקפאָרן, נאָר ווּהין — דאָס ווייסט שוין קיינער נישט. נאָך אַ לאַנגער צייט וועט אָנקומען אַ קוויטעלע, געשיקט מיט אַ גוטהאַרציקן פויער, אָדער מיט אַן איבערגע־קויפטן סאָלדאַט.

ס׳איז נישט צום באַשרייבן די פּנימער פון די אָפּפאָרנדיקע. טרערן זענען פאַרגאָסן געוואָרן גאַנצע טייכן. מאַמעס, קינדער, פרויען, שוועסטער, אַלע פאַרעלטערטע פאַר דער צייט. יעדע איינע האָט געהאַלטן דעם „פאַר־משפּטן" ביים אָרעם, נישט קענענדיק זיך באַרויִקן; יעדע איינע האָט גע־וואָלט עפּעס זאָגן, נאָר די געדאַנקען פונעם אָפּפאָרנדיקן זענען געפלויגן:

— גאָט ווייסט אין וועלכן קבר כ׳וועל אַריינגעוואָרפן ווערן...

מיט אַ מאָל איז געוואָרן שטיל. יעדער איינער איז דערציטערט גע־וואָרן. דער קאָלאָנעל איז אָנגעקומען אין דער באַגלייטונג פון צוויי סאָל־דאַטן. כ׳האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז אַ קעניג קומט אָן. אַזוי פיל כבוד האָט מען אים אָפּגעגעבן. ווי נאָר ר׳איז אַראָפּ פון וואָגן, האָבן אַלע זיך אַ רוק־געגעבן אין אַ זייט און ער איז געגאַנגען צום טויער וואָס האָט זיך פאַר אים געעפנט.

אין יענער רגע האָב איך באַשלאָסן און שנעל ווי אַ בליץ, בין איך אים נאָכגעלאָפן, שרייַענדיק:

— הער קאָלאָנעל!... הער קאָלאָנעל!...

סאָנטינעלן האָבן מיך פאַרהאַלטן, שטויסנדיק מיך אויף צוריק, נאָר איך האָב עס אַזוי געמאַכט, אַז דאָס מעסער זאָל אַראָפּפאַלן אויפן אַספאַלט. עטלעכע טריט ווייט פונעם קאָלאָנעל. ס'צעבראָכענע גלאָז האָט זיך געלאָזט הערן... דער קאָלאָנעל דרייט אויס דעם קאָפּ און פרעגט, וואָס עס איז געשען. אויסנוצנדיק דעם מאָמענט האָב איך אים געזאָגט, אַז כ'האָב געברענגט ס'מעסער פון דער פאַבריק, נאָר מ'האָט מיך נישט צוגעלאָזט אים דאָס איבערצוגעבן. מאָרגן וועל איך אים ברענגען אַן אַנדערס, נאָר מ'זאָל מיר דערלויבן, כ'זאָל אים דאָס איבערגעבן.

אָן צו באַקומען אַן ענטפער בין איך אַוועק, טראַכטנדיק, אַז מאָרגן מוז איך אים דאָס שוין ברענגען און — זאָל זיין ווי גאָט וועט וועלן.

דעם צווייטן טאָג בין איך ווידער געקומען צום רעקרוטירונגס־אַמט. ווידער געזען ווי דערשראָקענע יידן גייען אַרום אין גרויסן הויף, אַריינגערופענע לויטן אלף־בית, דרייען זיך אַרום דאָרט ווי דערשראָקענע מייזלעך אין קאַפּקאַנע, און וואַרטן מ'זאָל זיי רעפּאַרטיזירן, גאָט ווייסט וווּ. דורכן צווייטן טויער קומען אַרויס אַנדערע יידן מיט אַ בלעטל, אויף וועלכן ס'זעט זיך אַ פּריש אָפּגעקלאַפּטער ציפער. נישט ווייט פון מיר זע איך אַ דעלעגאַציע פון דער יידישער קהילה, קוקנדיק אַ מאָל אַהער, אַ מאָל אַהין, ווי וואַרטנדיק אויף אַ געוויסער פּערזאָן. נאָך אַ קורצער צייט האָט זיך באַוויזן אַן אָפיציר, וועלכער האָט איבערגענומען פון זייערע הענט געשריבענע פּאַפּירן, דערלאַנגענדיק יעדן איינעם די האַנט, זייער אַ זעלטענע זאַך אין יענע שוואַרצע טעג.

ווען דער קאָלאָנעל איז אָנגעקומען און פאַרגעזעצט זיין טריומפאַלן אַריינגאַנג אין הויף דורך דעם ברייט־צעעפנטן טויער, בין איך צוגעגאַנגען צום דעם סאָנטינעל, טראַכטנדיק: אָדער ר'וועט ביי מיר נעמען דעם געשאַנק, אַז ער זאָל עס איבערגעבן, אָדער כ'וועל האָבן מזל און ער וועט מיך לאָזן אַריינגיין. צו מיין גרויס פאַרוווּנדערונג, האָט ער דאָס מאָל געהייסן מיר אַריינגיין, ווייזנדיק מיר, ווי אַזוי אָנצוקומען אין ביוראָ פונעם קאָלאָנעל.

ער איז געווען זייער צופרידן. ס'מעסער איז געווען פון בעלגישן קרישטאָל און זייער קינסטלעריש אויסגעאַרבעט. ער האָט מיר געוואָלט

באַצאָלן, אָבער ווען ר׳האָט אויפגעהויבן די אויגן פון מעסער, האָט ער באַמערקט אַז איך וויין. אויף זיין פראַגע, האָב איך געענטפערט, אַז כ׳האָב צוויי ברידער, מומחים אין פוטערוואַרג, נאָר זיי זענען אין לאַגער פון טאַ־דירעני.

נישט לאָזנדיק מיך פאַרענדיקן, האָט ער געזאָגט:

— בעלי־מלאכות פון דעם מין דאַרפן מיר דאָך האָבן דאָ... זאָגסט, אַז זיי זענען פאַכלייט, טאָ גיי זשע תיכף צום פלוטאָניער פאַנאַרו און זאָג, אַז איך האָב געהייסן ר׳זאָל זיי תיכף ברענגען אַהער.

כ׳האָב אים געדאַנקט און טרערן זענען גערונען אָן אויפהער. אין גע־דאַנק האָב איך שוין געדאַנקט גאָט, ווייל איך האָב דאָך דערגרייכט דעם ציל. ווייטער — וועלן מיר זען. ווי נאָר כ׳בין אַריינגעקומען צום פלוטאָניער פאַנאַרו, האָב איך געטראָפן צוויי פון יענע „פיינע״ יידן, וועלכע האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט איינאָרדענען די וואַרשטאַטן אין יאַסער געגנט. הערנדיק וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, האָבן זיי אים געגעבן אַ סימן, אַז ער זאָל אָפּזאָגן מיין בקשה. אויף דער האַרבער פראַגע פונעם פלוטאָניער, אַז ער האָט כלומרשט נישט פאַרשטאַנען וואָס כ׳וויל אים זאָגן, האָב איך נאָך אַ מאָל איבערגעחזרט די רייד פונעם קאַלאָנעל, און הערנדיק וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, האָט ער מיר געענטפערט, אַז ער וועט שוין זען.

כ׳האָב געטראַכט: צוגעקומען צום ברעג — און זיך דערטרונקען!

פאַרן אַרויסגיין האָב איך אים געזאָגט, אַז איך גיי צוריק צום קאָלאָ־נעל, אים איבערגעבן אַז ס׳איז אוממעגלעך צוריקצוברענגען מיינע ברידער.

כ׳האָב געעפנט די טיר אַוועקצוגיין, בייסנדיק די ליפּן פאַר פאַרדראָס, וואָס כ׳האָב גאָרנישט אויפגעטאָן, ווייל צום קאָלאָנעל וואָלט איך סיי ווי נישט צוריקגעגאַנגען. האַלטנדיק שוין ביים פאַרמאַכן די טיר, הער איך ווי דער פלוטאָניער רופט מיך צוריק, זאָגנדיק:

— לאָז איבער דייך אַדרעס און מיר וועלן שוין צו וויסן טאָן...

נאָך אַ מאָל געדאַנקט אים, נאָך אַ מאָל טרערן... און די טרערן האָבן גע־לאָזט זיך אַזוי ווי זיי האָבן געוואָלט, אַז זיי זאָלן אָנגעזען ווערן פון יידן מיט שטיינערנע הערצער און פון אַ גוי, אין וועמענס האַרץ די טרערן האָבן דערוועקט אַ רחמנות־געפיל אויף מיר. אָן צו וויסן פאַרוואָס, האָט ער אַליין מיר דאָס געזאָגט, מיט אַ צייט שפּעטער.

אַהיימקומענדיק, טרעף איך אַ בריוו פון די ברידער און צווישן די

שורות, אַ מין בקשה, אַז ס׳וואָלט נישט געשאַדט ווען מ׳וואָלט עפּעס גע־קענט טאָן וועגן זיי, אַז זיי זאָלן אַהיים געשיקט ווערן אַלס פּאַבלייט. ווייזט אויס, אַז ייפ״אַ האָט געהאַט אירע אַגענטן אויך אין די לאַגערן און דאָרט האָט מען געוווּסט אַלץ וואָס עס טוט זיך דאָ און וואָס מ׳קען טאָן...

דער פּלוטאָניער האָט טאַקע פאַרצייכנט דעם אַדרעס, נאָר עפּעס האָט זיך נישט געלאָזט גלייבן, אַז עפּעס ערנסטס וועט דערפון אַרויסקומען. כ׳האָב שוין נישט געגלייבט, אַז ס׳זאָל דערפון אַרויסקומען אַ שטיקל ישועה. נישט קענענדיק טאָן מער פאַר מיינע ברידער, האָב איך געלאָזט די טרערן זאָלן פליסן. האָט די מאַמע מיט די שוועסטער געזען מיך וויינען האָבן זיי מיר צוגעהאָלפן און אַפילו נישט געפרעגט מיך, וואָס ס׳האָט זיך אויסגע־לאָזט פון אַלע מיינע אינטערוועניצן ביים קאָלאָנעל. לויט מיין פּנים האָט אויסגעזען, האָבן זיי שוין אַליין פאַרשטאַנען, אַז דערווייל האָט זיך נאָר גאָרנישט גערירט.

אין איינעם אַ טאָג עפנט זיך די טיר און עס באַווייזט זיך פּלוטאָניער פּאַנאַרו. אַלע זענען מיר פאַרשטיינערט געוואָרן, כאַפּנדיק אַ קוק אַרום און אַרום און דערזעענדיק ס׳אָרעמקייט, האָט ער מיר געזאָגט, אַז ר׳האָט שוין דורכגעפירט אַלע נייטיקע פאָרמאַליטעטן און מיינע ברידער וועלן אַהיים קומען, ווי נאָר דער וואָרשטאַט וועט אָנהייבן אַרבעטן. דאָס דאַרף דויערן אַ צוויי־דריי חדשים בערך. אויב כ׳וועל רעדן מיטן קאָלאָנעל, זאָל איך אים זאָגן, אַז ביי פּאַנאַרון איז אַלץ גרייט, ווי דער קאָלאָנעל האָט געהייסן, און אויב ער, דער קאָלאָנעל, וויל, קענען די ברידער אַהיים קומען תיכף.

געטראַכט האָב איך: אַ גרויסער „חכם״ דער פּאַנאַרו. אויב ער מיינט, אַז איך קען צוקומען צום קאָלאָנעל, ווען איך וויל. געמיינט האָט ער, אַז כ׳קען ביי אים אַלץ אויספּועלן און דערפאַר האָט ער אָנגעהויבן רעדן מיטן טאַטן אין זייער אַ פריינדלעכן טאָן, טרייסטנדיק אים, אַז אין גיכן וועלן אים די קינדער אַהיים קומען. ביים אַוועקגיין האָט ער יעדן איינעם דער־לאַנגט די האַנט פאַרזיכערנדיק, אַז ער איז תמיד גרייט אונדז צו העלפן, נישט פאַרגעסנדיק צוצוגעבן, אַז אויב דער קאָלאָנעל זאָרגט זיך פאַר אונדז, וועט ער זיכער טאָן אַלץ.

ער איז אַוועקגעגאַנגען און מיר האָבן געטראַכט וואָס ווייטער צו טאָן. איין זאַך איז אונדז געבליבן: צו האָבן געדולד. דאָ זאָלן מיר זיין געדולדיק,

און דאָרט זאָלן די ברידער האָבן כוח, ביז גאָט וועט העלפֿן און זיי וועלן אַהיים קומען. וואָס צו שיקן זיי האָבן מיר נישט געהאַט. דערפֿאַר האָבן מיר געגלייבט, אַז אונדזער גרויסע האָפֿענונג וועט זיי אויך דאָרט דערוואַרעמען, און זיי וועלן פֿאַרגעסן אין זייער שווערן מצב.

דער טאַטע האָט אַ ביסל געאַרבעט, נאָר פֿון דער קוועסטור האָט מען אים קיין מנוחה נישט געגעבן. די צוריקגעקומענע פֿון די לאַגערן, האָבן אַליין באַדאַרפֿט זיין אין דער קוועסטור, ווען מען רופֿט אויס זייערע נעמען און ביז מ׳האָט דערלעבט אים צו זען צוריק אין דער היים איז אונדז דאָס חיות אַרויס. די לעצטע צייט האָט אים באַגלייט איינער פֿון אונדז, וואָס האָט געוואַרט ביים טויער פֿון דער קוועסטור ביז ער וועט אַרויסגיין פֿון דאָרט. כאָטש יעדן טאָג האָט ער אַליין באַוויזן זיך אין דער קוועסטור, איז מען ביי נאַכט געקומען קאָנטראָלירן אויב ר׳איז נישט אַוועק צום שונא, צו די אַמעריקאַנער אָדער צו די ענגלענדער, און קיין מאָל נישט פֿאַרגעסן צו פֿרעגן ווו די ברידער זענען, ווייל זיי, די ברידער מיינע, האָבן אויך קאַזיערן אין דער פּאָליציי און לויטן געזעץ דאַרפֿן זיי טאָג־טעגלעך זיך באַווייזן אין דער פּאָליציי, צו חתמענען זייער אָנוועזנהייט.

דערפֿאַר טאַקע האָט שוויי אונדז אויפֿמערקזאַם געמאַכט, אַז אויב מ׳וועט פֿרעגן אויף די ברידער, זאָלן מיר ענטפֿערן, אַז מ׳האָט זיי אַוועקגענומען פֿון דער היים און דערווייל וויסן מיר אַליין נישט וווהין מ׳האָט זיי פֿאַרשיקט, נאָר מיר וואַרטן אויף אַ ידיעה צו דערוויסן זיך אין וועלכן לאַגער זיי זענען.

און אַזוי נאַכט ביי נאַכט, געהודיעט אין די טירן און אויפֿגעוועקט מיטן באַוווסטן אויסרוף:

— אין נאָמען פֿון געזעץ — עפֿנט!

מיט אָנגעצונדענע לאַמטערנעס האָבן זיי ווי דורכגענומען אַלע פּנימער, גענישטערט אין אַלע ווינקעלעך. די לעצטע צייט האָבן זיי שוין נישט באַגנוגנט זיך בלויז מיט קאָנטראָלירן, נאָר דורכגענישטערט אַפֿילו דאָס שטרויענע בעטגעוואַנט. אַנדערע האָבן צעוואָרפֿן דאָס שטרוי איבער דער שטוב און געזוכט אין די לידיקע קאַסטנס אויף וועלכע מיר זענען געשלאָפֿן.

אַנדערע האָבן פּשוט אויסגעריסן די ברעטער פֿון דיל און געגראָבן אין דער ערד אויסצוגעפֿינען צי מיר האָבן דאָרט נישט באַהאַלטן מאַניפֿעסטן,

אָדער פונקן־טעלעגראַף... אַ סך האָבן זיך מטריח געווען ביז אויפן בוידעם און אונדז איז אַרויס דאָס חיות ביז מיר האָבן זיי געזען צוריק אונטן, ווייל מיר האָבן פשוט מורא געהאַט אַז דער „פעסטער" בוידעם זאָל זיך נישט איינברעכן אונטערן ווילדן טופען פון זייערע פערדישע טריט. נאָך דעם ווי זיי האָבן, ווי בראַווע סאָלדאַטן, אונדז אַריינגעזאָגט אַ טיפּיש רומעניש זידל־וואָרט, האָבן זיי הינטער זיך פאַרהאַקט די טיר, אַוועקגייענדיק צו אַנדערע יידן, אויך זיי צו פּייניקן מיט די אויבנדערמאָנטע מעטאָדן.

מ׳האָט שוין גאַנץ קלאָר אַרויסגעזען דעם יידישן גורל: אַזוי אָדער אַנדערש וועלן זיי אונדז אַלעמען דערשטיקן, ווייל פון קיינעם און פון ערגעץ קומט נישט קיין שטראַל פון ליכט, קיין ביסל האָפענונג.

די רדיפות זענען געוואָרן אַלץ ערגער און ווי נאָר ס׳איז טאָג גע־וואָרן האָט יעדער איינער אַרויסגעקוקט, צו זען וואָס דער היינטיקער טאָג וועט ברענגען. צו טראַכטן וועגן מאָרגן האָט שוין קיינער קיין מוט נישט געהאַט. אַפילו ייפ״אַ האָט שוין אויך זיך אַרויסגעוויזן פּעסימיסטישער ווי תמיד.

— אַז די דייטשן וועלן זייערס באַקומען, פון דעם איז גאַרנישטאָ וואָס צו רעדן, אַזוי האָט ייפ״אַ געטענהט, אָבער ביז וואָס־ווען, בלאָזט פאַר יידן זייער אַ מסוכנדיק ווינטל. עפּעס גרייטן זיי צו פאַר די יידן און מ׳וואַרט קוים אויף די פאַראָרדענונגען, צו דערוויסן זיך וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען.

דער פראָנט האָט טאַקע זיך דערווייטערט, נאָר די דייטשישע געזעצ־געבונג איז אָפּגעהיטן געוואָרן מיט דער גרעסטער פּינקטלעכקייט. ביזן אַריבערגיין דעם פּרוט איז די דייטשע לאָזונג געווען: „ביז מיר וועלן נישט זען ווי יידיש בלוט גיסט זיך, וועלן מיר דעם פּרוט נישט אַריבער". אַצינד, ווען זיי זענען שוין אַריין טיף אין רוסישן לאַנד, איז זיי געווען עפּעס אומהיימלעך, ווען זיי האָבן נאָך געטראָפן איבערגעבליבענע יידן, וועלכע האָבן נישט באַוויזן צו אַנטלויפן אין איינעם מיטן רוסישן מיליטער. דער־פאַר טאַקע האָבן זיי ווייטער אָנגעפירט מיט די רדיפות און פּייניקונגען, גלייך ווי דער גאַנצער נצחון איז אָפּהענגיק דערפון.

די לאָקאַלע צייטונגען האָבן אָנגעהויבן צו העצן קעגן אַלע יידן פון די באַלקאַן־לענדער, וועלכע זענען די הויפּט־שולדיקע אין אַלע צרות וואָס די רומעניש־דייטשע אַרמייען האָבן אויסצושטיין אויפן פראָנט. לויט די

ידיעות אין די דאָזיקע צייטונגען, באַשטייט די גאַנצע טיראָלאָנישע אַרמיי פון די פּאַרטיזאַנער — אויסשליסלעך פון יידן.

ליידער האָבן די ייפ״אַ־ידיעות זיך אַרויסגעוויזן פאַר אמתע. אַ נייע ביטערע גזירה האָט פאַרוואָלקנט ס׳יידישע לעבן און עס האָבן זיך באַוויזן פּלאַקאַטן אויף די ווענט פון די הייזער, וואָס האָבן מיט גרויסע קידוש־לבנה־אותיות געמאָלדן:

— זשידאַנעס צום בוג!...

אַלע יידן דאַרפן פאַרלאָזן דעם רומעניש באַדן און פאַרטריבן ווערן צום בוג, ווייל דאָרט איז אונדזער פּלאַץ. דאָרט וואַרט אויף אונדז דער אמתער משפט, וואָס די דייטשן האָבן מיטן יידישן פאָלק.

געוועזן יידן, וועלכע האָבן נישט געוואָגט אַפילו אין מיטן העלן טאָג צו ווייזן זיך אין גאַס, באַזונדערס יענע וועלכע זענען דערווייל נאָך געזעסן אין גאַסן מיט קריסטלעכע שכנים, וואָס זענען נאָר־וואָס צוריק געקומען פון זייערע עוואַקויִרונגס־פּלעצער, ווזהין דער מלחמה־אויסברוך האָט זיי פאַרטריבן. באַהאַלטענערהייט האָט מען נאָך געקענט זיך אַרויסכאַפּן פון שטוב, נישט וויסנדיק צי מ׳וועט נאָך זוכה זיין צוריקצוקומען אַ לעבעדיקער. אויף יעדן טריט און שריט — איין קול: „זשידאַנעס צום בוג!״

ביי נאַכט זענען די מענער פון אַריבער 50 יאָר געשטאַנען אויף גוט־קאַמופלירטע פּלעצער און געהיט, אַז די פרויען זאָלן נישט געשענדעט ווערן, טאַקע מצד די אייגענע צוריקגעקומענע קריסטלעכע שכנים. קיינער האָט שוין נישט געהאַט די מינדסטע האָפענונג אין אַ קומעדיקער ישועה, אַז מ׳זאָל נאָך אַ מאָל געראַטעוועט ווערן אַפילו אין פאַל ווען די רוסן וועלן זיגן און דער דייטש וועט מוזן זיך צוריקציִען. דערפאַר טאַקע האָבן זיי געהאַט אַן איינציקן ציל אין לעבן: אָפּהיטן דעם כבוד פון פרויען און קינדער און — זאָל שוין געשען וואָס ס׳וועט געשען! קיין ביקסן האָבן זיי טאַקע נישט געהאַט, נאָר אייזערנע שטאַנגען האָבן זיך נאָך אויסגעפונען, און דאָס איז געווען, אַזוי צו זאָגן, דער איינציקער „שומר ישראל״, ווייל אויב מ׳וועט זיי באַפאַלן וועט, אין גליקלעכן פאַל, די אייזערנע שטאַנג אויך טרעפן אין רוצחישע געהירן און — וויניקער מיט אַ קאָפּ צווישן אַזוי פיל מיליאָנען מערדערס.

אין אַזאַ אַנגעלאָדענער אַטמאָספער האָט אונדז געפּייניקט אַן אַנדער געדאַנק: דער ווינטער דערנענטערט זיך און דעם סוף פון דער מלחמה איז

נישט צו זען. וואָלטן די ברידער אַהיים געקומען, וואָלטן זיי צוזאַמען מיטן טאַטן געאַרבעט און די לאַגע וואָלט זיך פאַרבעסערט. ביי טאָג וואָלטן זיי געווען קאָנצענטרירט אין די מיליטערישע וואַרשטאַטן און אָוונט־צייט וואָלטן זיי צוגעאַרבעט אין דער היים. די געדאַנקען זענען געפלויגן און די האָפענונגען האָבן דערוואַרעמט. אפשר... ביז מ׳האָט געהערט קלאַפּן אין טיר. געמיינט האָט מען, אַז דאָס איז אַ קליִענט, וואָס קומט פרעגן דעם טאַטן, אויב ער וועט אים קענען איבערניצעווען אַן אַלט מלבוש, וואָס אין גוטע צייטן וואָלט עס שוין פון לאַנג געלעגן אין מיסטקאַסטן, נאָר היינט דאַרף מען זאָגן „דאַנקען גאָט״, אַז מ׳האָט נאָך דאָס שטיקל אַלטע מלבוש...

לאָזט זיך גאָר אויס, אַז דאָס זענען צוויי געהיים־אַגענטן פון דער פּאָליציי, וואָס זענען געקומען אַרעסטירן דעם טאַטן, ווייל לויט דער פאַר־אָרדענונג איז ער מסוכן פאַר דער זיכערקייט פון דער מדינה...

ווען דער קאָמיסאַר האָט פאַרענדיקט דאָס לייענען דעם אַרעסט־באַ־פעל, איז דער טאַטע געשטאַנען און זיך אַרומגעקוקט צו יעדן איינעם פון אונדז, און ווי נאָך אַ שווערער אַרבעט, איז ער אַנידערגעפאַלן אויף איינעם פון אונדזערע אימפּראָוויזירטע בענקלעך און אָנגעהויבן צו גלעטן מיט ציטערדיקע הענט אונדזער קליין שוועסטערל וואָס האָט זיך גראַד געפונען נעבן אים. צום געוויין פונעם קינד וואָס האָט שוין גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, אַז דעם טאַטן דערוואַרט שוין ווידער אַ נייע נע־ונדקייט, האָט דער קאָמי־סאַר איר געזאָגט:

— זאָרג נישט, מיידעלע, דער טאַטע וועט זיך אומקערן... ער גייט נאָר אַ ביסעלע מיט אונדז...

אַ נעפּל האָט זיך פאַרשפּרייט פאַר אונדזערע אויגן און מיר האָבן שוין נישט באַמערקט וואָס ווייטער איז פאָרגעקומען.

ס׳איז שוין געווען גוט פינצטער און מיר זענען נאָך אַלץ געשטאַנען, פּונקט ווי ביים אָוועקגיין פון די טייוולאָנים, וועלכע האָבן אַוועקגעריסן פון אונדז דעם טאַטן... ער האָט אַזוי שוואַך זיך אומגעקערט פון ווידעלע, אַז ר׳האָט ממש קיין כוח נישט געהאַט צו האַלטן זיך אויף די פיס. אונדזער גוטער טאַטע איז תמיד געווען אַ רויִקער מענטש, אַ מוטיקער. זינט די רדיפות האָבן זיך אָנגעהויבן האָט ער מורא באַקומען פאַר אַלץ וואָס האָט זיך גערופן: גוי!...

מיר האָבן געהאַלטן אין איין שאָקלען זיך, ווי מיר וואָלטן מיט איין מאָל

געוואָרן עלאַסטיש און גאָרנישט געזען וואָס אַרום אונדז טוט זיך. אַלץ איז געקומען אַזוי אומדערוואַרט, אַז ס׳איז ביי אונדז אָפּגענומען געוואָרן יעט־וועדע אַנדערע באַוועגונג.

שוין געווען די זעכסטע צייט אָנצוצינדן דאָס קליינינקע ליכטל, נאָר די פינצטערניש איז געווען אַזוי נאָענט צו אונדזערע דערשלאָגענע געמיטער, אַז מיר האָבן זיך שוין נישט געניייטיקט אין ליכט. אַלץ האָט אויסגעזען ווי אין אַ חלום. מיר האָבן קיין חשבון זיך נישט אָפּגעגעבן, אויב מיר האָבן אָפּילו באַמערקט ווען דער טאַטע מיט די שדים האָבן פאַרלאָזט די שטוב און אויך נישט געדענקט אויב ער האָט צייט געהאַט צו געזעגענען זיך מיט אונדז, ווייל די שדים האָבן אים ממש געשלעפּט ביי די הענט. געדענקט האָבן מיר בלויז די ווערטער:

— מאָרגן זאָלט איר קומען אין דער קוועסטור, וועט מען אייך זאָגן וואָס איר זאָלט אים ברענגען, ווייל ער פאָרט אַוועק...

וווהין, — האָט מען נישט געזאָגט.

שכנים וועלכע האָבן אַלץ געזען וואָס ס׳איז פאָרגעקומען, זענען גע־שטאַנען פאַר דער טיר און קיין האַרץ נישט געהאַט אַריינצוקומען. געוואָלט האָבן זיי אונדז זאָגן אַ טרייסטוואָרט, אַ דערמונטערונג נאָכן טאַטנס אַוועק־גיין, נאָר קוקנדיק דורך דער שויב און זעענדיק ווי מיר שטייען ווי פאַר־גליווערטע, האָבן זיי קיין מוט נישט געהאַט אָפּילו אַ וואָרט אַרויסצורעדן. און אין דער אמתן, וואָס האָבן זיי אונדז שוין געקענט זאָגן, ווען די לאָזונג איז געווען גאַנץ קלאָר:

— אַלע זשידאַנעס — צום בוג... — איינער פריִער, דער אַנדערער — שפּעטער...

ייפ״אַ האָט נישט אויפגעהערט אָנצודערציילן זיך וועגן די אומגערעכ־טיקייטן וואָס מ׳איז באַגאַנגען קעגן טויזנטער יידן אויפן וועג קיין טראַנס־ניסטריע, וואָס איז געוואָרן אַ גהינום אויף דער ערד פאַר יידן.

לויט ייפ״אָס רייד האָבן אין דמיון זיך שוין אויסגעמאָלן אומענדלעכע פעלדער, איבער וועלכע ס׳ליגן צעוואָרפן טויטע קערפּערס פון יידישע פאַרטריבענע, און אָפילו אַ פייגעלע האָט זיך נישט צוגערירט עמעצן צו העלפן... געהערט האָט מען נאָר: זשידאַנעס — צום בוג!... געפרעגט האָט מען זיך: צו וואָס דאַרף מען נאָך פירן צום בוג, אַז מען קען אונדז פיל לייכטער אויסשיסן אויפן אָרט...

דער ענטפער איז געווען: דאָס וואָלט געווען אַ צו לייכטער טויט. קודם כל דאַרף מען די זשידאָנעס גוט אויסמוטשען, פּייניקן זיי, אַז דאָס לעבן זאָל זיי אַזוי נמאס ווערן, אַז זיי אַליין זאָלן בעטן מ׳זאָל זיי אויסהרגענען.

דער באַפעל צו אַרעסטירן די אַלע וועלכע זענען געפונען געוואָרן אַלס „געפערלעכע״ פאַר דער זיכערקייט פון לאַנד, איז געווען אַזוי דרייסט, אַז בכדי אויסצומיידן דאָס אויסבאַהאַלטן זיך פון איינעם פון די יידן, וואָס זענען צוריקגעקומען פון ווידעלע ווי אויך פון אַנדערע לאַגערן, האָט מען צו־נויפגערופן אַלע פּאָליציי־אָנפירער און נאָר נאָך דעם ווי מ׳האָט זיך איבער־צייגט, אַז די אַרעסטירטע יידן שטימען מיט דער צאָל אין די צונויפגעג־שטעלטע ליסטעס, האָט מען דערלויבט די פּאָליציי־שעפן צוריקצוגיין צו זייערע פּאָסטנס.

לענוצאַס מאַן האָט תיכף באַמערקט, אַז מיין טאַטע איז אין סכנה, ווייל זיצנדיק אין דער קוועסטור, האָט ער תיכף באַמערקט, אַז די אַלע טעאַריעס וואָס אַ באַאַמטער לערנט פאַר זיי, האָט מען זייער גוט געקאָנט מעלדן שריפטלעך...

ווען מ׳האָט געמאָלדן די פּאָליציי־שעפן אַז די זיצונג אין געשלאָסן, זענען שוין אַלע פּאָליציי־קעלערס געווען איבערפולט פון אַרעסטירטע יידן, וועלכע זענען אין גרויס איילעניש, ממש אַרויסגעשלעפּט געוואָרן פון די שטיבער. געפילט האָט מען שוין פון לאַנג, אַז עפּעס פּלאַנעוועט מען קעגן יידן. די אָרטיקע קהילה האָט גאָרנישט געקענט פּאָרויסזען און אויך נישט געקענט פאַרמיידן דאָס אומגליק, וואָס האָט געטראָפן דער יידישער באַ־פעלקערונג. מיט גרויס מסירות־נפש, איינשטעלנדיק ס׳אייגענע לעבן און מיט גרויסע געלטער, איז געלונגען איבערצופירן אַ ידיעה קיין בוקאַ־רעשט, בעטנדיק הילף.

ווי נאָר לענוצאַס מאַן איז אַהיים געקומען, האָט ער תיכף געפרעגט אויב פון אונדז איז קיינער נישט געווען. לויט זיינע פראַגן האָט זי תיכף פאַרשטאַנען אַז ס׳איז גאָרנישט גוט. ער האָט איר נישט געענטפערט אויף אירע פראַגן און בלויז געזאָגט, אַז ער איילט זיך אין דער פּאָליציי, זען וואָס איז געשען מיט די יידן פון זיין סעקטאָר. ווי נאָר ר׳איז אַנגעקומען, האָט ער תיכף געשיקט רופן דעם טאַטן, אַז ער זאָל חתמענען, ווי יעדן טאָג. ווען מ׳האָט אים מודיע געווען, אַז מ׳האָט דעם טאַטן צוגענומען, האָט ער תיכף זיך אינפאָרמירט ווו דער טאַטע געפינט זיך און ווען דער קאָנוואָי לאָזט

זיך אין וועג אַריין. ר׳איז אַליין געקומען צו אונדז מודיע זיין וועגן דעם, געבנדיק אונדז 5.000 ליי, מיר זאָלן קויפן דעם טאַטן אַ פּאָר באָקאָנטשעס * און אויך אַנדערע זאַכן, ווייל „ער פאָרט אַוועק זייער ווייט, דאָרט, ווו דער ווינטער איז פיל אכזריותדיקער ווי ביי אונדז״.

גלייך ווי ער וואָלט געווען דער שולדיקער אין דעם גאַנצן ענין, האָט ער געבעטן ביי אונדז אַנטשולדיקונג, וואָס ער וועט מיטן טאַטן נישט קענען רעדן אַפילו איין וואָרט, ווייל ער אַליין איז אויך סוספּעקטירט. סיי ווי האָט ער געגנוגן שונאים, און אַפילו זיין אייגענער געהילף, ספּרינטשעאַנאַ אַליין, באַרעדט אים אומעטום, אַז ער האַלט מיט די יידן און דערפאַר וואָס ער איז נאָך אַ יונגער מענטש איז ער מער פּאַסיקער פאַרן פּראָנט, איידער צו זיין אָנפירער פון דער פּאָליציי אין שטאָט, וואָס געפינט זיך שוין גאָר ווייט פון פּראָנט. נישט איין מאָל האָט מען אים גערופן, אז ער זאָל געבן דערקלערונגען וועגן זיין אויפפירן זיך בנוגע די יידן.

מיט געבויגענע קעפּ האָבן מיר נאָך אַ מאָל זיך געלאָזט צו דער קוועסטור און אויף אונדזערע אומאויפהערלעכע בקשות, האָבן די סאָלדאַטן געהאָט איין ענטפער:

מ׳זאָל זיך דערווייטערן ביז 50 מעטער פונעם פּלויט, ווייל צו רעדן מיט די אַרעסטירטע פאַר זייער אָפּפאָרן וועט מען אפשר קענען אַריינגיין, אָבער נישט מער ווי איין פּערזאָן פון יעדער משפּחה. ביז ס׳איז אָנגעקומען מיין ריי צום אַריינגיין האָב איך אַליין זיך דערמוטיקט, בכדי דער טאַטע זאָל אויף מיין פּנים נישט דערקענען דעם מינדסטן סימן פון יאוש. זאָלן מיר אים כאָטש אַזוי פיל פאַרגעניגן פאַרשאַפן און זאָל ער אויף אונדזערע פּנימער זען די האָפענונג אויף אַ בעסערן מאָרגן.

ווען ס׳איז שוין אָנגעקומען די גליקלעכע מינוט צום אַריינגיין, האָב איך געוואָלט פרעגן דעם טאַטן אויב ער פאַרלאַנגט עפּעס, גלייך ס׳וואָלט געווען אָפּהענגיק פון מיר צו דערפילן זיין באַגער, דאָס הייסט: אים אַרויסנעמען פון דער קוועסטור און אים אַהיימפירן צו זיין פרוי און קינדער. אָבער, ווי נאָר כ׳בין אַריין און אַ קוק געגעבן אויף אים, בין איך אין גאַנצן דערציטערט געוואָרן. ער איז שוין געווען אַזוי נישט צום דערקע־

* מיליטערישע שטיוול.

נען, אַז כ׳האָב תיכף פאַרלוירן דעם גאַנצן מוט מײַנעם און נישט אימשטאַנד געווען אַפילו איין דערמוטיקונגס־וואָרט אַרויסצורעדן.

כ׳ווייס אַליין נישט וויפל צייט ס׳איז פאַרבײַ, ביז די ווירקלעכקייט האָט מיך אַרויסגעריסן פון מײַן האַלב־פאַרחלשטקייט און מיט גרויס ווייטאָג אין דער נשמה, האָב איך געפרעגט גאָט אַליין:

— מיט וואָס האָט מײַן אומבאַהאָלפענער טאַטע זיך פאַרזינדיקט?

באַלד נאָך מײַן אַרײַנגיין האָט מען געמעלדעט, אַז מער וועט שוין קיינער נישט קענען אַרײַנגיין. האָט יעדער איינער פון די אַרעסטיר־טע געוואָלט מיר עפּעס אָנזאָגן וועגן זײַנע נאָענטע. די זשאַנדאַרן האָבן מיך געהאַלטן אין איין טרײַבן כ׳זאָל ש ו י ן אַרויסגיין, לאַכנדיק דערבײַ סאַרקאַסטיש און זאָגנדיק מיר, אַז אויב כ׳פּיל זיך דאָ אַזוי גוט קען איך אויך אויף ווייטער דאָ בלײַבן...

די זשאַנדאַרן האָבן מיך געשטופּט צום אַרויסגאַנג און אונטער מײַנע פּלייצעס האָבן זיך דערטראָגן דערשטיקטע קולות, בעטנדיק מיך נישט צו פאַרגעסן איבערצוגעבן דער משפּחה זײַנער, אַז... נאָר דאָס ווײַ־טערדיקע איז שוין פאַרשוויגן געוואָרן אונטערן טויער וואָס האָט זיך הינ־טער מיר פאַרהאַקט...

אויף וויפל מײַן זכרון האָט אויפגעכאַפּט אַדרעסן און נעמען, בין איך נאָך אין דעם זעלביקן אָוונט אַוועק צו די משפּחות, איבערגעבנדיק זיי וואָס מ׳האָט מיך געבעטן.

עס איז שוין געווען שטאַרק פינצטער, ווען כ׳האָב פאַרענדיקט מײַנע וועגן. דאָך איז מיר געלונגען אַרײַנצוכאַפּן זיך אויך אין דער קהילה, אי־בערגעבנדיק אַלץ וואָס כ׳האָב געהערט און געזען.

געענטפערט האָט מען מיר, אַז מיט גרויס מסירות נפש איז געלונגען אויסצופּועלן, אַז דעם אַנדערן טאָג זאָלן די אַרעסטירטע איבערגעפירט ווערן אין לאָקאַל פון דער תלמוד־תורה, אין שילהויף. מעגלעך, אַז אַהינצו וועלן מיר קענען ברענגען און איבערגעבן זיי אַלע נייטיקע זאַכן. ס׳איז אָבער אויך נישט אויסגעשלאָסן, אַז איבער נאַכט זאָלן פאַרקומען נײַע אַרעסטן אין גאָר אַ ברייטן מאַסשטאַב.

אויף מײַנע פאַרצווייפלטע פראַגן, אויב פון בוקאַרעשט איז נאָך קיין תשובה נישטאָ, האָבן זיי אַוועקגעמאַכט מיט די אַקסלען, ווי איינער זאָגט:

ניין און נאָך אַ מאָל ניין!... צוגעבנדיק, אַז אַליין ווייסן זיי אויך נישט צי מ׳וועט בכלל נאָך דערלעבן צו באַקומען אַ תשובה, ווייל אין לעצטן באַפֿעל זאָגט זיך בפירוש, אַז דאָס וועט זיין דער גורל פֿון אַלע יידן. דאָס איז די לאַגע פֿון יעדן איינעם און מ׳קען גאָרנישט טאָן.

כ׳האָב זיך קוים אַהיימגעשלעפּט, פֿאַרגעסנדיק גאָר, אַז פֿון גאַנץ פֿרי, זינט כ׳בין אַוועק פֿון דער היים, האָט מען וועגן מיר קיין שום ידיעה נישט און די מאַמע מיט די קינדער מאַכן זיך שוין יענע שוואַרצע מחשבֿות וועגן מיין נישט אַהיים קומען.

כאָטש כ׳בין פֿאַרבייגעגאַנגען לענוצאַס שטוב, בין איך אַפֿילו נישט אַריינגעגאַנגען צו איר, טראַכטנדיק, אַז סוף־כל־סוף איז זי נישט שולדיק אין דעם וואָס מיין פֿאַלק איז פֿאַרמשפּט געוואָרן צום אונטערגאַנג.

דעם אַנדערן טאָג, גאַנץ פֿרי, ווי נאָר כ׳האָב געעפֿנט די טיר, האָב איך זיך אַרומגעקוקט צו זען צי דער הויף שטייט נאָך אויפֿן פּלאַץ. פֿון דער רגע וואָס אונדזערע טעג, אונדזער לעבן און אונדזער טויט איז ביי זיי אין די הענט, האָט מען זיך שוין געקענט ריכטן אויף אַלעם בייז. נישט קענענדיק שלאָפֿן די גאַנצע נאַכט, האָב איך זיך דערמאָנט, אַז מיין טאַטע האָט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה באַקומען די אויסצייכענונג „אויטוז", פֿאַר זיינע בראַוועס אַקטן בשעת אַ בלוטיקן קאַמף מיט דייטשן, אַ קאַמף, וואָס איז געווען דעצידירנדיק און האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף דעם קומענדיקן נצחון פֿון די רומענער, דווקא דורכן איינגעמען דעם באַרג אויטוז...

האָב איך זיך געטראַכט: צי וואָלט נישט כדאַי געווען ברענגען דעם טאַטן די אַזוי בכבֿודיקע מעדאַלן, אפֿשר וועלן זיי אים ביישטיין אין דער איצטיקער צרה.

טראַגנדיק דעם „טייערן" אוצר, בין איך צוגעקומען צום טויער און געטראָפֿן אַ דייטשן אָפֿיציר, וועלכער איז געווען דער גלאַוונער אָנפֿירער און נעבן אים אַ רומענישן אָפֿיציר, אַ דאָלמעטשער, וועלכער האָט געמאַכט אַ באַוועגונג, נאָר דאַן ווען דער דייטשער „דיריגענט" זיינער האָט אַ קוק געגעבן אויך אויף אים. נישט אַרויסרעדנדיק קיין וואָרט, האָב איך דערלאַנגט דעם רומענישן אָפֿיציר די מעדאַלן, וועלכע זענען געווען זייער גוט אָפּגע־היט אין אַ פּליושן ביימעלע. האָט ער זיי גענומען און מיט אַן אומבאַ־שרייבלעכער שנאה זיי אַ שליידער געטאָן אויף דער ערד און אָנגעהויבן טרעטן זיי מיט די פֿיס. אויף דער פֿראַגע פֿון זיין דייטשישן באַלעבאָס,

וואָס ער טרעט דאָרט מיט די פיס, האָט דער רומענישער אָפיציר, מיט אַ קנעכטישער הכנעה אַלץ דערקלערט אים און ביידע האָבן זיי אויסגעשאָסן אין אַ בייז געלעכטער.

דער רומענישער אָפיציר האָט גאַנץ גוט געזען זיין שקלאַפישן מצב, אַז דער דייטש באַלעבאָטעוועט דאָ און ער דאַרף נאָר זיין אַן איבערזעצער פון די רייד פונעם דייטשישן אָפיציר. האָט ער געפונען זייער אַ גוטע געלעגנהייט אַרויסצוווייזן זיין זעלבסטווירדע און אויך „עפּעס" אויפטאָן. נישט בעטנדיק קיין דערלויבעניש ביים דייטש, האָט ער זיך אָנגעכאַפּט אין די מעדאַלן. אויף דער בקשה פונעם דייטש, אַז מ׳זאָל אים ווייזן ווער עס איז דער „העלד" וואָס האָט אַזוי בראַוו געקעמפט אין שלאַכטפעלד קעגן „זיינע" דייטשן, האָט דער רומענישער אָפיציר שוין נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. געגעבן האָב איך אים בלויז די מעדאַלן, אָבער ווער מיין טאַטע איז האָט ער נישט געוווּסט. אין זיין גרויס פאַרלוירנקייט האָט ער זיך אָנגע־הויבן אַרומקוקן אויף די אַרעסטירטע, נאָר אַלע האָבן זיי שוין געהאַט דאָס זעלבע „פּנים".

זעענדיק וואָס פאַר אַ „חתונה" איך האָב אָנגעאַרבעט מיטן ברענגען די מעדאַלן האָב איך געטראַכט: ווער ווייסט ס׳אַראַ צרות כ׳וועל ברענגען אויפן טאַטן, אויב כ׳וועל אויסזאָגן זיין נאָמען. דערפאַר טאַקע האָב איך שנעל זיך דערווייטערט פונעם טויער. פון דער וויטנס האָב איך געזען ווי ביידע אָפיצירן שפּאַצירן אַרום צווישן די אַרעסטירטע און דער רומע־נישער אָפיציר, נישט געדענקענדיק מיין טאַטנס נאָמען, ווי אויך צוליב דער שנאה וואָס איז אים באַפאַלן, האָט שוין נישט געוווּסט נעבן וועלכן ייד ר׳זאָל זיך אָפּשטעלן.

דער דייטש, וועלכער איז געווען אין זייער אַ גוטער שטימונג און געוואָלט אַ ביסל הנאה האָבן, האָט פאַרלוירן אַ זעלטענע געלעגנהייט. דרייענדיק זיך אַהין און אַהער, און זעענדיק אַז זיין רומענישער חבר „פון אידעען און געפילן" שטעלט זיך נישט אָפּ נעבן קיינעם פון די אַרעסטירטע, האָט ער, מעשה פריץ אָנגעקלאַפּט אויף די פּלייצעס פונעם רומענישן אָפיציר און, מעשה חוזק, אים געזאָגט:

— דו ביסט בלייך, מיין קינד!...

זעענדיק, אַז דער פאַל האָט זיך אויסגעלאָזט ווי אַנדערע „גליקלעכע" פאַלן, האָב איך זיך געפילט באַפרייט פון אַ גרויסן קאָשמאַר, און ווידער

דערנענטערט זיך צום טויער, נאָר דאָס מאָל מיט אַן אָראָפּגעלאָזטן קאָפּ און אַנדערש „פאַרשלייערט”, מ׳זאָל מיך נישט דערקענען. געשטאַנען בין איך פאַרן טויער פון דער תלמוד־תורה און געוואַרט ביז ס׳וועט אָנקומען מיין ריי, כ׳זאָל קענען אַריינגיין צום טאַטן.

זייער לאַגע האָט זיך נישט פאַרבעסערט אויף אַ האָר, נאָר דער איצ־טיקער אונטערשיד פון דער קוועסטור ביז אַהער איז געווען, וואָס דאָ האָט מען לייכטער געקענט צוקומען צו זיי, אונטערן אויסרייד אַז מ׳ברענגט זיי אַלע מאָל נייע באַגאַזשן, און דווקא אין ד ע ם, אין וואָס מער באַגאַזשן, זע־נען די שדים געווען פאַראינטערעסירט, ווייל זייערע פינצטערע מחשבות האָבן נישט אויפגעהערט צו טראַכטן, ווי אַזוי מ׳זאָל ביי די אומגליקלעכע צונעמען וואָס מער.

דעם טאַטנס „באַגאַזש” איז באַשטאַנען פון צוויי פּאָרלעך וועש און צוויי האַנטעכער. אַ קישעלע אים מיטצוגעבן האָבן מיר אַליין שוין אויך נישט געהאַט און דאָס קאָרדיקעלע* האָט אים באַדאַרפט דינען אויך ווי אַ קאָלדרע, ר׳זאָל האָבן מיט וואָס זיך צוצודעקן. אָנשטאָט אַ רענצל — אַ פּשוטן זאַק. מער האָבן מיר נישט פאַרמאָגט, ווייל מיטן געלט וואָס לענוצאָס מאַן, שוויי, האָט אונדז געגעבן, איז אונדז קוים געלונגען צו קויפן אויף שוואַרצן, אַ פּאָר באַקאַנטשעס מיט אַ פּאָר גראָבערע זאָקן. ס׳עסן וואָס מיר האָבן אים מ׳שטיינס געזאָגט, מיטגעגעבן, איז באַשטאַנען פון צוויי ברויט, וואָס מיר האָבן אָפּגעשפּאָרט דורך דעם וואָס מיר האָבן גאַנצע צוויי טעג גאָרנישט געגעסן.

בכדי מיר זאָלן אַלע מאָל קענען צוקומען צו אים, האָבן מיר באַדאַרפט אים עפּעס ברענגען. אַזוי ווי יעדע זאַך איז שטרענג קאָנטראָלירט געוואָרן דורך די סאָלדאַטן ביים טויער, האָבן מיר זיך פאַרשטענדיקט מיט די מער פאַרמעגלעכע משפּחות, וועלכע האָבן געקענט מיטגעבן עפּעס מער, נאָר זיי האָבן דאָס נישט געקענט אַריינטראָגן די אַרעסטירטע, צוליב אַ „בייז אויג” פון די וועכטער. האָבן זיי דאָס איינגעטיילט צווישן עטלעכע מענטשן און אַזוי אַרום האָבן מיר געהאַט די מעגלעכקייט צוקומען וואָס מערער צום טאַטן, טראָגנדיק „באַגאַזש” פאַר אַנדערע.

און — ווי אַ געמאַכטע זאַך: ווי נאָר מיר זענען צוגעקומען פּנים אל

---

* פּעלצל.

פּנים צום טאַטן, האָבן מיר ביידע קיין איין וואָרט נישט געקענט אַרויס־רעדן, ווי דאָס לשון וואָלט ביי אונדז אָפּגענומען געוואָרן. אין האַלדז זענען דיר געבליבן שטיין ווערטער פון מוט און טרייסט, וואָס דו האָסט אַזוי געוואָלט, אַז דער טאַטע זאָל הערן ווי איך זאָג זיי אים...

איניקע פון די אַרעסטירטע האָבן געהאַט די מעגלעכקייט אָדער בע־סער געזאָגט: מזל, מיטצונעמען מיט זיך וואָס גרעסערע באַגאַזשן. נאָר גאָר ביטער איז געווען די לאַגע פון די אָרעמע, ווייל טראָץ אַלע אָנשטרענ־גונגען האָבן די דאָזיקע משפחות גאָרנישט געקענט ברענגען. די איינציקע כוונה איז דאָך געווען מיטצונעמען וואָס מער זאַכן, בכדי זיי זאָלן האָבן וואָס צו פאַרקויפן און באַקומען דערפאַר אַ טרוקן שטיקל ברויט. צו זייער אַלעמענס אומגליק האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ווי נאָר זיי זענען אַריין אין די וואַגאָנען און איבערגעגעבן די באַגאַזשן, ווי די פאַראָרדענונג האָט גע־פאָדערט, האָט מען ביי זיי תיכף צוגענומען דעם גרעסטן טייל. די אומ־גליקלעכע האָבן נעבעך געהאַלטן אין איין גלייבן, אַז דער באַגאַזש וועט נאָכקומען... אַזוי ווי מ׳האָט זיי צוגעזאָגט, נאָר — ווי אַלע הבטחות פון עשון, איז אויך דאָס געווען אַ גראָבער ליגן. דעם באַגאַזש האָבן זיי שוין פאַר זייערע אויגן קיין מאָל נישט געזען.

צו אונדזער גרויסן באַדויערן האָבן מיר באַדאַרפט צוזען, ווי פון שעה צו שעה ווערט דער קאָנוואָי גרעסער. פון אַלע זייטן האָט מען געברענגט צו פירן פרויען, מענער און קליינע קינדער, אַז דו האָסט מיט אַ מאָל זיך געפרעגט:

— ביז ווען?

די עלטער האָט שוין דאָ גאָרנישט געזאָגט. יונג און אַלט, אפילו פּיצ־לעך קינדער זענען צונויפגעטריבן געוואָרן, ווי אויפן מאַרק, און אויסגעפּעלט האָט נאָר די פויק, אַז ס׳זאָל אַלץ זיין געגעבן ווי אויפן מאַרק. קיין פויק איז טאַקע נישט געווען, נאָר יללות און געוויינען האָבן שוין גאַנץ קלאָר מודיע געווען אין וואָס פאַר אַ מצב מ׳געפינט זיך.

אונדזערע בליקן האָבן אַרומגעבלאָנדזשעט אויף רעכטס און אויף לינקס. ערשטנס, האָבן מיר זיך באַדאַרפט היטן פאַר אַגענטן, וועלכע האָבן זיך געדרייט צווישן אונדז. צווייטנס, האָט שוין ס׳אויג קיין קראַפט נישט געהאַט איינצוקוקן זיך אין פון ווייטאָג צעאַקערטע פּנימער פון אונדזערע טייערע,

וועלכע זענען אַוועקגעריסן געוואָרן פון היימען, פון די נשמות פון זייערע ליבע פרויען און קינדער.

דער קוואַרטאַל איז געווען באַזעצט פון לויטער יידן, נאָר דאָס מאָל האָבן קריסטן געהאַלטן אין איין פאַרבייגיין, הירזשענדיק פון פרייד און שרייענדיק אויפן קול, אָן דעם מינדסטן געפיל פון בושה און רחמנות:

— זשידאַנעס — צום בוג!... זשידאַנעס וועלכע זענען „נאָך נישט״ אויסגעהרגעט געוואָרן, זאָלן וואָס גיכער פאַרשיקט ווערן און „דאָרטן״ וועלן זיי די דייטשן שוין „איין זין״ האָבן... קודם זאָלן די זשידאַנעס גוט אויסגעריסן ווערן ביי כלערליי עבודת־פרך, ווי אין פסוק שטייט, דערנאָך זאָל מען זיי ליקווידירן... און מיר, דאָ, וועלן פון היינט און ווייטער לעבן פריי, ווי אמתע קינדער פון אונדזער פאָטערלאַנד...

יעדער איינער האָט געוווסט: וועט עס געלינגען מבטל צו מאַכן די גזירה פונעם אַוועקשיקן דעם דאָזיקן ערשטן קאָנוואָי, וועט עס זיין אַ גוטער סימן אויך פאַר אַנדערע, קומענדיקע קאָנוואָיען וואָס לויט אַלע וואָר־שיינלעכקייטן, האָט מען שוין געהאַלטן אין צוגרייטן זייערע ליסטעס... די יאַסער קהילה איז געווען אין שטענדיקער פאַרבינדונג מיט בוקאַ־רעשט, מיט דער אָנפירערשאַפט פונעם רומענישן יידנטום אין יענע שווערע צייטן. איינשטעלנדיק דאָס אייגענע לעבן, איז אַלע מאָל אַרויסגע־פאָרן אַ מיטגליד פון דער יאַסער קהילה, פאָדערנדיק אַז מ׳זאָל אויסנוצן ס׳מעגלעכע ווי אויך דאָס אוממעגלעכע, אַבי צו געפינען אַ וועג ווי אַזוי צו באַשיצן די יידישע באַפעלקערונג פון דער מאָלדאַווע.

געזאָגט האָט מען, אַז די יידישע אָנפירערשאַפט אין בוקאַרעשט האָט געהאַט פאַרבינדונגען אויך מיט אויסלאַנד, נאָר למעשה האָט עס גאָרנישט געהאָלפן. דער גורל פון דעם ערשטן קאָנוואָי איז געחתמעט געוואָרן צו פאַרשיקונג. אַלע השתדלותן האָבן נישט געהאָלפן. האָסט געהאַט דאָס געפיל, אַז די גאַנצע מענטשהייט איבער דער גאָרער וועלט, הערט גאַנץ קלאָר דאָס געוויין פונעם יידן, אָבער עס פעלט איר מוט אַרויסצורעדן אַ וואָרט לטובת אונדז.

געלונגען איז דער יאַסער קהילה, אַז די פאַרשיקונג פון טויזנטער אומשולדיקע נפשות, זאָל אָפּגעשטופּט ווערן מיט אַ טאָג... מיט נאָך אַ טאָג... מ׳האָט געהאַט אָנגעוואָרפן גאַנצע בערג מיט געלטער, וועלכע זע־נען אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די, וועלכע האָבן זיך מתעסק געווען

מיט דער פאַרשאָלטענער דעפּאָרטירונג. אָבער... אַפילו מיט געלט האָט מען שוין אויך נישט געקענט אויסקויפן קיין יידן. עס איז געווען, ווי עס זאָגט זיך אין איינער פון יום־כיפּורדיקע תפילות:

...נישט געוואָלט האָבן זיי נעמען פאַרמעגנס און אויסקויף־געלט,

געוואָלט האָבן זיי נעמען נאָר טייערע נפשות...

די טייוולאָנים האָבן צוגענומען ס׳געלט, צירונג פון טויזנטער משפחות, וועלכע האָבן אַלץ אַוועקגעגעבן, אַבי מ׳זאָל קענען ראַטעווען דעם ערשטן קאָנוואָי, וואָס אין די אויגן פונעם שונא איז עס געווען דער אָנהייב־נצחון פון דער טאָטאַלער ליקווידירונג פון די יידן אין רומעניע.

זעענדיק אַז די לאַגע איז זייער ביטער, האָבן די משפחות פון די אומ־גליקלעכע נישט געוואָלט זיך רירן פונעם אָרט, נישט וויסנדיק די שעה און טאָג, ווען מ׳וועט זיי אַוועקשיקן. ייפ״אַ האָט אַפילו אין די פינצטערע שעהען פאַרשפּרייט קלאַנגען, לויט וועלכע דאָס קול פונעם רוס האָט אויפ־געוועקט דאָס געוויסן פון אַלע דעמאָקראַטישע כוחות אין דער וועלט, אָבער אונדז, יידן, האָט עס וויניק וואָס דערוואַרעמט. מיר האָבן שוין גאַנץ קלאָר געזען, אַז אונדזער איינציקער גוטער פריינד אויף דער ערד, וועלכער קען פאַרמינערן אונדזערע ליידן, איז נאָר דער ט ו י ט. ווייזט אויס, אַז אין יענע ביטערע טעג, איז דאָס געווען אויך דער ווילן פון גאָט, אַז דער טויט זאָל זיין ווייט אָפּגעשיידט דווקא פון די וועלכע האָבן אַזוי געבעטן זיך אַז ער זאָל שוין קומען... די געשיכטע זאָגט און די מענטשהייט ווייסט, אַז אונדזער פאָלק האָט במשך פון טויזנטער יאָרן איבערגעלעבט, און לעבט איבער אויך היינט, אַ גרויסע קאַטאַסטראָפע. אָבער די צוקונפט וועט דאָך איבערצייגן, אַז קיין זאַך אויף דער וועלט בלייבט נישט באַ־שטראָפט, ווי עס דאַרף זיין.

דער אינערלעכער געשריי פון יידישע הערצער צו גאָט אַלייך, איז שוין געווען אַזוי גוואַלדיק, אַז ס׳רוב מענטשן זענען אַרומגעגאַנגען און גערעדט צו זיך אַליין, קוקנדיק אַרויף צום הימל. די טשערעדע יידן, פאַרלאָזט פון אַלץ וואָס טראָגט דעם נאָמען מ ע נ ט ש ה י י ט, האָט, נעבעך, געוואַרט אויף אַ נס, אַ הילף, וואָס האָט זיך, לײדער, נישט באַוויזן. נישט געווען קיין איין יידישע משפּחה, וואָס איז נישט איבערגעשטאַנען קיין צרות אויף צרות, און וואָלט מען זיי געוויגן אויף אַ וואָגשאָל, וואָלט איין צינגל נישט איבערגעוויגן ס׳צווייטע.

בערל פעלדמאַן, דער מאַן פון אסתר זינגער, האָט געשטאַמט פונעם קליינעם בעסאַראַבער שטעטל פאַלעשט. אַ געטרייער מאַן און אַן איבער־געגעבענער פאָטער. געפירט האָט ער גרויסע געשעפטן אין פאַלעשט און אין דער גאַנצער געגנט פון בעלץ. בשעת דעם צוריקגעבן די רוסן בעסאַ־ראַביע, אין יאָר 1940, האָט ער געהאַלטן אין איין עצהנען זיך, וואָס צו טאָן? אָדער ער קומט קיין ביוואָלאַר מיט לידיקע הענט, אָדער די פרוי מיטן קינד קומען אַריבער קיין בעסאַראַביע. אים איז שווער געווען אָפּצוטיילן זיך פון זיינע עלטערן און פון זיין פאַרמעגן, אויף וועלכן ר׳האָט אַזוי שווער געהאָרעוועט לאַנגע יאָרן, און איר איז שווער געווען צו פאַרלאָזן איר גרויסע משפּחה, צו וועלכער זי איז געווען אַזוי צוגעבונדן. סוף־כל־סוף האָט מען באַשלאָסן, אַז זי זאָל אַריבערפאָרן קיין בעסאַראַביע. געבליבן איז, אַז זי בלייבט, כדי צו ליקווידירן אַלץ וואָס זיי פאַרמאָגן דאָ, און עטלעכע טעג פאַרן שליסן די גרענעץ וועט בערל קומען, נעמען זי מיטן קינד קיין בעסאַראַביע.

די טעג זענען געפלויגן און אסתר מיט איר זעקסיאָריק מיידעלע האָט אַלץ געוואַרט, אַז איר מאַן זאָל קומען. פון איין זייט האָט זי געבעטן, אַז די טעג זאָלן זיך ציִען ביז אין דער אייביקייט אַריין, בכדי זי זאָל נישט דאַרפן איבערלאָזן אירע טייערע עלטערן און משפּחה; פון דער אַנדערער זייט האָט זי שוין געוואָלט זען זיך נעבן איר געטרייען מאַן, ווייל דאָס לעבן איז פאַר איר שוין געווען אַ שווערער קאָשמאַר. אין נעכט פון נישט שלאָפן, האָט יעדער ריר פון אַ בלעטל זי דערציטערט: אפשר קלאַפּט עס בערל... און, אפשר, האָט זי געטראַכט, וואָלט מען באַדאַרפט צואיילן זיך און שוין זיין וואָס גיכער נעבן אים.

פון וואַנען זאָל עס די אומגליקלעכע אסתר געווען וויסן, אַז ווען ער איז געווען אין וועג צו איר, האָט אַ שונא אים אָפּגעטאָן יענץ שטיקל אַר־בעט און —

בערל איז שוין נישט געווען צווישן די לעבעדיקע.

ווען עס האָט זיך דערנענטערט דער לעצטער טאָג פון שליסן די גרענעץ, און דאָס זעקסיאָריקע קינד האָט געהאַלטן אין איין וויינען, אַז עס וויל צום טאַטן, האָט אסתר גענומען דאָס קינד אויף די הענט און מיט אַ קליין טאָרבעלע זיך געלאָזט אין וועג, צום פרוט. דעם וועג האָט זי גע־קענט מיט פאַרמאַכטע אויגן, און ביזן שטעטל, ווו איר מאַן, בערל,

מיט דער משפּחה געפינען זיך, איז אַ שפּאַן וועג. פאַר איר איז דער עיקר געווען, אַז אין מאָמענט פון שליסן די גרענעץ, זאָל זי זיך געפינען אויפן בעסאַראַבישן באָדן, פון יענער זייט פּרוט. צו איר אומגליק האָט איר נאָכשפּיאָנירט אַ קריסט, דווקא אַ באַקאַנטער פון דער משפּחה, און מ׳האָט געקענט שווערן, אַז ער איז אַ געטרייער פריינד. ער האָט איר פאַרשטעלט דעם וועג און אַ רגע נאָכן שליסן די גרענעץ, האָט ער זי אַרעסטירט אונטער דער באַשולדיקונג, אַז זי האָט זיך געפונען ביים ברעג פון פּרוט נאָכן שליסן די גרענעץ. אויפן אָרט האָט ער אָנגעשריבן אַ באַשולדיקונגס־אַקט, און בכדי ר׳זאָל שפּעטן פון איר, האָט ער אַרויסגענומען אַ צייגעניש, לויט וועלכער עס ווייזט זיך אַרויס, אַז ער איז אַ געהיים־אַגענט פון דער פּאָליציי און די גאַנצע משפּחה אירע האָט עס גאָרנישט געוווּסט, וועמען זיי לאָזן אַריין אין שטוב.

אַנשטאָט צו זען איר מאַן, האָט אסתר מיטן קינד דערזען זיך אין דעם קעלער פון דער יאַסער פּאָליציי. מיט שווערער מי און מיט גרויסע געלטער איז דער משפּחה געלונגען זי צו באַפרייען. דער באַשולדיקונגס־אַקט איז אָבער געבליבן אין דער פּאָליציי און עס האָבן אָנגעהויבן זיך אַ ריי זוכונ־גען און אויספאָרשונגען, ווייל זי איז פאַרצייכנט געוואָרן אַלס „פאַרדעכ־טיקטע", דערפאַר וואָס זי האָט געוואָלט „גנבענען" די גרענעץ.

ווי דורך אַ נס איז דאָס קליינע קינד אירס נישט פאַרצייכנט געוואָרן אין יענעם באַשולדיקונגס־פּאַפּיר און ווען מ׳האָט זי אַלע מאָל גערופן אין דער פּאָליציי, איז דאָס קינד געבליבן אין דער היים. וועגן איר מאַן האָט איר די משפּחה דערציילט כלערליי מעשיות, אויסער דעם ריינעם אמת, אַז ער איז שוין נישטאָ צווישן די לעבעדיקע. דערפאַר האָט זי, די אומגליק־לעכע, געחלומט אַז ס׳וועט קומען אַ טאָג, ווען זי וועט זיין צוזאַמען מיט איר מאַן און דאָס קינד וועט ווידער קענען אַרומנעמען איר טייערן טאַטן. דער חלום איז, ליידער, געבליבן נישט מער ווי אַ חלום...

אַזוי ווי אסתר, זענען געווען אַ סך אַזעלכע, וועלכע זענען פאַרציי־כנט געוואָרן אַלס קאָמוניסטן. אַ סך פון זיי האָבן אין זייער לעבן נישט געחלומט צו פאָרן קיין בעסאַראַביע, נאָר דער פאַקט אַז זיי שטאַמען פון דאָרט, איז שוין געווען גענוג אַז זיי זאָלן פאַרצייכנט ווערן צווישן די פאַרדעכטיקטע.

אַפילו יענע פרויען וואָס זייערע מענער זענען גיבוירן געוואָרן אויף

דער ערד פון מאָלדאַווע, זענען אַריין אין די שוואַרצע ליסטעס און ס׳האָט שוין גאָרנישט געהאָלפן.

אָט די אַלע זענען אַצינד אַרויסגענומען געוואָרן פון זייערע היימען, כדי אַוועקגעשיקט צו ווערן אין דעם זעלבן קאָנוואָי מיט מיין טאַטן. די טראַגעדיע איז נישט געווען צו באַשרייבן.

פון איין שטוב האָט מען אַוועקגענומען די מאַמען; פון אַן אַנדער שטוב האָט מען אַרויסגענומען דעם פאָטער; דאָ — אַ טאָכטער; דאָרט — אַן איידעם. ווו דו האָסט זיך אומגעקוקט — געוויין, יללה... ביים בעסטן ווילן עפּעס צו טאָן, בכדי זיי צו פאַרלייכטערן, האָסטו גאָרנישט געקענט העלפן.

דער גרויסער הויף פון דער תלמוד־תורה האָט יעדעס מאָל באַקומען נייע „קאַנדידאַטן”. עס איז שוין פשוט קיין פּלאַץ נישט געווען פאַר אַזוי פיל אַרעסטירטע, און דאָ ברענגט מען יעדע רגע נאָך און נאָך...

האָבן די טייוולאָנים אָנגעהויבן צו וואָרטשען, אַז עס וואָלט כדאַי געווען מ׳זאָל שוין אָנהייבן צו רירן פון אָרט, בכדי מ׳זאָל באַפרייען דעם פּלאַץ אויף פאַר אַנדערע...

דורך די שפּאַלטן פון פּלויט האָט מען געקענט זען, ווי קינדערלעך טוליען זיך צו די מאַמעס... אָט שטייט אַ יונגע פרוי און דריקט צו איר לייב אַ וויינענדיק קינד. די פרוי האַלט איר קאָפּ אויפן אַקסל פון איר מאַן, פון וועמען מ׳וועט זי באַלד אַוועקרייסן, און זי, די פרוי, וויינט אויך... דייטשן און רומענער דרייען זיך צווישן די אומגליקלעכע און האַלטן אין איין מרוקען:

— זייט גרייט, ווייל אָט־אָט פאָרט מען...

אסתר זינגער איז געווען אין אַ זייער שווערער פאַרלעגנהייט. וואָס זאָל זי טאָן מיט איר קינד? אויפן באַשולדיקונגס־אַקט איז דער נאָמען פונעם קינד נישט געווען פאַרצייכנט און דאָס איז געווען ס׳גליק פונעם קינד. פון דער צווייטער זייט אָבער האָט גערעדט אין איר דאָס געפיל פון אַ מאַמען: ווי אַזוי צעטיילט מען זיך פונעם איינאונאיינציקן קינד?

מיטנעמען ס׳קינד מיט זיך? ווער ווייסט אויף וועלכע יסורים און מאַטערנישן דאָס קינד וועט זיין אויסגעשטעלט?

זי האָט אַליין נישט געוווסט וואָס צו טאָן. די יידישע מאַמע אין איר, האָט געזען זיך צעשניטן אויף שטיקער, טראַכטנדיק וועגן דעם מאָמענט ווען מ׳וועט זי אַוועקפירן. אייניקע מאָל האָט זי שוין כמעט באַשלאָסן ביי

זיך, אַז זי לאָזט איבער ס׳קינד ביי די עלטערן, וועלכע בלייבן דאָ דערוויילֿ, און אויב עס וועט זיי באַשערט זיין נאָכצוקומען, וועלן זיי סיי ווי מיטברענ־גען אויך דאָס קינד.

אַזוי האָט זי געטראַכט און — תיכף געקומען צום באַשלוס: זי האָט נישט אַזאַ שטאַרקן כוח, אַז זי זאָל זיך קענען שיידן פונעם קינד...

בלויז איין געטרייע חברטע אירע האָט פאַרמאָגט דעם כוח זי איבער־צוצייגן, אַז זי זאָל דאָס קינד נישט מיטנעמען מיט זיך, אויף אַ זיכערן טויט. אמת, דאָס קינד וועט טאַקע פילן, אַז אויך די מאַמע פעלט איר, דערפאַר טאַקע וועט זי נאָר אין די געטרייע אָרעמס פונעם זיידן מיט דער באָבען, כוח האָבן דאָס איבערצולעבן.

אַזוי האָט אין איר אַריינגערעדט די געטרייע חברטע, שטייענדיק נעבן איר אין הויף פון דער תלמוד־תורה, ביז אסתר האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, וואָס דאָס האָט געדאַרפט הייסן: זי איז מסכים צו שיידן זיך פון איר איינציק קינד וואָס איז צו זעקס יאָר געבליבן אַ יתומהלע נאָכן טאַטן און אַצינד איז דעם קליינעם נפשל באַשערט צעשיידן זיך אויך פון דער דערוויילֿ־נאָך־לעבעדיקער מאַמען.

אין דער נאַכט פונעם 5טן אויפן 6טן סעפּטעמבער 1942, איז אין הויף פון דער יאַסער תלמוד־תורה, אין שיל־הויף, אַ הויף, ווו דורות יידישע קינדער האָבן צום ערשטן מאָל געלערנט דעם אלף־בית, אין הויף, ווו יידישע קינדער, און צווישן זיי אויך אַ סך, זייער אַ סך פון די איצט אַרעסטירטע יידן האָבן געלערנט חומש מיט רש״י, אין דעם זעלבן הויף פון די אַמאָליקע גליקלעכע קינדער־יאָרן, דאָס מאָל אַרומגערינגלט מיט שטע־כיקן דראָט און מיט רומעניש־דייטשע רוצחים, האָבן יידן געשטעלט זיך זאָגן ס ל י ח ו ת.

ליכט האָבן נישט געברענט, ווי אַ מאָל אין די שילן. קיין ספרים אין די הענט האָבן זיי נישט געהאַלטן, נאָר איין ייד האָט זיך אָנגעהאַלטן אין צווייטנס האַנט, גליך יעדער ייד וואָלט געוועזן אַ הייליקע לעבעדיקע סליחה.

איין ייד האָט אַריינגעקוקט אין צווייטן יידן און פון איין עק הויף ביזן אַנדערן עק, האָט זיך דערהערט אַ וויינענדיקער געמורמל, וואָס האָט

אויפגעוועקט אַפילו די שדים, וועלכע האָבן געמיינט, אַז דאָס וויינט מען שוין צום אָפּפּאָרן...

יידן, הייליקע יידן, האָבן געוואָלט ווייזן דעם הימל, די שטערן, דער לבנה, אַלע פיר עקן פון דער פינצטערער גרויער וועלט, אַז זיי גייען צום טויט, ווי יידן!

וויניקע, זייער וויניקע האָבן געקענט פון אויסנווייניק די תפילות. בלויז איינער האָט געזאָגט און אַלע האָבן אונטערגעכאַפּט, נאָכגעזאָגט:

הנשמה לך והגוף שלך, חוסה...

די נשמה איז דיינע און דער גוף איז דיינער. גאָט, האָב רחמנות!

יידן האָבן נישט געוווּסט דעם פּירוש המילות, אָבער געפילט האָבן זיי, איבערגעלעבט האָבן זיי. דערפילט די הייליקייט פון דער רגע ווען זיי אַליין דערפילן, אַז זיי זענען הייליקע קינדער פון אַ הייליק פאָלק און דערפאַר טאַקע געוואָלט ווייזן גאָט אַליין, אַז ער האָט אין זיי קיין טעות נישט געהאַט. געוואָלט האָבן זיי, ווי ווייזן דער הייליקייט אַליין, דעם הייליקן באַשעפער, אַז זיי בעטן פון אים סליחה און פאַרגעבונג, נישט פאַר זיך, נאָר פאַר די וועלכע שטייען אונטער דעם זעלבן הימל, אָבער נאָך נישט הינטער שטע־כעדיקע דראָטן, אַז גאָט זאָל אויף זיי רחמנות האָבן, דער גאָט וואָס איז מיט זייערע עלטערן געגאַנגען אין ים און דערטרונקען דעם שונא.

די סליחות זענען פאַר זיי דאָס מאָל נישט געווען קיין תפילה, נאָר עפּעס אַ פאַרלייכטערונג.

מיט אַ מאָל זענען זיי אַלע אַנטשוויגן געוואָרן. אויסגעוויזן האָט זיך, אַז איבער זייערע געבויגענע קעפּ האָט דער הימל זיך געעפנט און מיט אַ מאָל איז ליכטיק געוואָרן... ליכטיק... זייער ליכטיק...

געווען אָבער זענען דאָס רעפלעקטאָרן, וועלכע האָבן נאָכגעזוכט פרעמדע עראָפּלאַנען וואָס האָבן געהאַלטן אין איין באַווייזן זיך אונטער די רומענישע הימלען, ווי פּרווונדיק ברענגען אַ ביסל גערעכטיקייט אויף דער ערד, אָבער נישט פאַר יידן, נאָר פאַר רומענער און דייטשן, בכדי זיי זאָלן נישט קענען אַריבערפירן צום פראָנט נייע רעזערוון און מענטשן־פלייש פאַר די קאַנאָנען

די אַלע וואָס האָבן זיך נישט געפונען אַרום דער תלמוד־תורה זענען געשטאַנען אין די בונקערס, אין קעלערס, אין שטיבער און געבעטן גאָט, אונדזער אַלעמענס פאָטער, ער זאָל רחמנות האָבן און נישט דערלאָזן אַז יידן

זאָלן דערוויטערט ווערן איינער פון צווייטן, ווייל וואָס אַ טאָג בלייבן איבער אַלץ ווייניקער יידן.

נייע סליחות האָבן יאָסער יידן געזאָגט אין יענער נאַכט. אין קיין שום סליחה פון דער וועלט זענען זיי נישט פאַרשריבן. די רגע האָט זיי באַשאַפן. טרערן, יללות און גוויינען זענען געווען די זעלבע, וואָס הערן זיך אין משך פון צוויי טויזנט יאָר אין יידישע שילן, אין יידישע הערצער. אָבער יענע סליחות האָבן קיין סוף נישט געהאַט, ווי ס'האָט קיין סוף נישט געהאַט אויך יענע נאַכט. לאַנג האָט זיך געצויגן יענע נאַכט... לאַנג ווי ס'יידישע גלות, און ס'שאַריען פון טאָג — גלייך מ'האָט עס געהאַלטן געבונדן אין קייטן... יעדער איינער האָט געוווּסט אַז דער מאָר־גנדיקער טאָג, אויב ער וועט שוין יאָ זיך באַווייזן, וועט ער ברענגען מיט זיך די דעפּאָרטירונג פון די אַלע וועלכע זענען אַרומגערינגלט מיט שטע־כיקן דראָט.

געוואָלט האָט זיך פרעגן די גאַנצע מענטשהייט זייער אַ האַרבע שאלה:

— ווער זענען עס דאָ די רוצחים און ווער זענען עס די מיט דראָט אַרומגעצוימטע? ווער זענען עס די וועלכע דרייען זיך אַרום פריי און פאַרוואָס עפּעס האָט מען דווקא ד י אויסגעשטעלט צווישן אָנגעשפּיזטע ביקסן?

דעם גאַנצן טאָג פונעם 6טן סעפּטעמבער 1942, איז מען געקומען געזעגענען זיך. יעדער איינער האָט געוואָרט אַז עפּעס זאָל געשען... מוז געשען... אָבער אויסער פאַרדראָס און האַרצווייטיק האָט מען מער גאָרנישט געפילט און געזען. אַפילו ייפ"אַ איז אויך ווי פאַרשטומט געוואָרן און ביים ברעג פון יאוש האָט זי נישט געוואָגט צו שפּילן זיך מיט די אָנגעדרייטע נערוון פון די יאָסער יידן.

אַרום צוויי אַ זייגער נאָך מיטאָג האָט מען באַמערקט אַ פאַרשטאַרקונג פון דער וואַך, וואָס איז שטרענגער געוואָרן אַרום די אַרעסטירטע, ווייל מ'האָט צונויפגעברענגט סאָלדאַטן מיט אָנגעשפּיזטע ביקסן.

נאָך וואָס עפּעס אַזוי פיל סאָלדאַטן? — האָט יעדער זיך געפרעגט. — אפשר האָבן זיי בדעה אונדז אַלע אויסצושיסן איידער מיר וועלן אַוועקגיין פון דאַנען?

מיט אַ מאָל איז אַ טויט־שטילקייט באַפאַלן יעדן איינעם. אין הויף האָט

מען אָנגעהויבן אויסרופן די נעמען פון די אַלע, וואָס זענען פאַרצייכנט צום דעפּאָרטירן. מיט אַ קול ווי פונעם שטן, האָט מען אַלע אָנווענדיקע מודיע געווען:

— אין צוויי שעה אַרום וועט מען אַוועקגיין...

אין אַלע ווינקעלעך פון הויף, ווו עס זענען געווען פאַרזאַמלט די משפחות פון די אַרעסטירטע איז אויסגעבראָכן אַ געוויין און געדוכט האָט זיך, אַז הימל און ערד האָבן זיך ביידע מיט אַ מאָל געעפנט אונדז איינצו־שלינגען.

געעפנט האָט זיך בלויז דאָס טויער פון דער תלמוד־תורה און אויס־געשטעלטע צווישן צוויי רייען סאָנטינעלן, האָבן די אַרעסטירטע זיך גע־לאָזט צום טויער, ווו זיי זענען באַגעגנט געוואָרן מיט חיהשע אויסרופן פון קריסטן:

— זשידאָנעס — צום בוג!...

פון ביידע זייטן טויער זענען געשטאַנען דייטשע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן גענוי קאָנטראָלירט די ליסטעס, ווי אויך די צאָל פון די אַרויס־גייענדיקע.

עס האָט אָנגעהויבן ווערן טונקל. דער קאָנוואָי האָט זיך געלאָזט צו דער גאַרע פון סאָקאָלע, איינער פון די יידישע קוואַרטאַלן אין עק שטאָט. און געגאַנגען איז מען מיט פּעקלעך אויף די פּלייצעס, צווישן געדיכטע אָונט־שאָטנס ווי פאַנטאָמען וואָס רירן זיך...

די איבערגעבליבענע אין דרויסן, נאָך זייער אַרויסגיין פון הויף, די משפּחה־מיטגלידער פון די פאַרשיקטע, זענען צוריקגעשטויסן געוואָרן מיט ביקסן־קאָלבעס און מיט הירזשערייען פון סאָלדאַטן וואָס האָבן געלאַכט און געשריגן:

— אין עטלעכע טעג אַרום וועט מען אייך אויך אַזוי פירן...

דאָס טויער פון דער תלמוד־תורה האָט זיך פאַרמאַכט. מיר האָבן פאַרפלייצט די טראָטואַרן מיט אונדזערע טרערן, נאָכגייענדיק, מיט אויס־געשטרעקטע הענט צו זיי, ווי מיר וואָלטן זיי געוואָלט אַרויסנעמען פון צווישן די שפּיזן... אין דער פינצטערניש פון די געסלעך זענען זיי מיט אַ מאָל פאַרשלונגען געוואָרן, גלייך זיי וואָלטן גאָרנישט געווען פריִער מיט עטלעכע מינוט אויף די דאָזיקע ערטער.

## טעג פון צאָרן

די קאַמופלירטע פענצטער ווי אויך די פאַרטרויערטע לבנה האָט אונדז פאַרפירט... אין דער פינצטערניש האָבן מיר נישט באַמערקט ווי מיר פאַרנעמען זיך אין גאָר אַן אַנדער ריכטונג. צעבראָכענע פון צער, מיט פאַרוויינטע אויגן, וואַרעמע פערלדיקע טרערן, די איינציקע וואַרעמקייט וואָס מיר האָבן דערפילט אין יענע קאַלטע רגעס פון לעבן, ביז מיר האָבן געטראָפן דעם וועג אַהיים, ווו עס האָבן אונדז מקבל פּנים געווען: קילקייט פון האַרבסטיקן אָוונט, הונגער, נויט, בענקשאַפט און שוואַרצע זכרונות פון די לעצטע שעהען.

## קאַפּיטל צען

# ברענענדיקע לעבנס

אויפגעטרייסלט פון ביטערן קאָשמאַר האָבן אונדז די ידיעות, וואָס ייפ״אַ האָט פאַרשפּרייט:

אויפן וועג צום בוג האָט מען כמעט אויף יעדער באַן־סטאַנציע צוגע־טשעפּעט נייע וואַגאָנען מיט אומגליקלעכע פרויען, קינדער און אַלטע לייט. פרויען, וואָס זייערע מענער זענען אויסגעשאָסן געוואָרן ביים צוריקציִען זיך פון דער רומענישער אַרמיי פון בעסאַראַביע אין 1940, זענען איצט פאַרשיקט געוואָרן מיט זייערע קינדער צום טויט. אָן רחמנות זענען זיי אַריינגעשטופּט געוואָרן אין די שוין פולע וואַגאָנען, גלייך ווי די שדים האָבן איינגעשפּאַרט צוגן, פאַר די קומענדיקע טראַנספּאָרטן.

אויף יעדער באַן־סטאַנציע, ביזן צוטשעפּען די וואַגאָנען, האָט מען געהערט איינס און דאָס זעלבע לידל:

— זשידאַנעס — צום בוג!...

קריסטן האָבן זיך אַרויפגעדראַפּעט צו די אויסגעקלאַפּטע פענצטער פון די וואַגאָנען, זאָגנדיק:

— אומזיסט פירט איר מיט זיך באַגאַזשן! סיי ווי וועלן אייך די דייטשן אויסשיסן! בעסער זאָלט איר אונדז אָוועקגעבן דעם באַגאַזש, ווייל אויף „אונדזער״ ערד האָבן מיר אייך אויסגעהאָדעוועט און אונדז געהערט אַלץ, וואָס איר האָט מיט זיך...

דער פאַנטאָמע־צוג האָט זיך געשלעפּט איבער בריקן און פעלדער, געפירט פון מאַשיניסט, וועלכער איז גאַנץ רויִק געזעסן אין זיין קאַבינע און געררייכערט די ליולקע, צופייפנדיק אַ לידל, גלייך אין די וואַגאָנען וואָס ער פירט וואָלטן געפאָרן געווינלעכע פּאַסאַזשירן, ווי אין די אַמאָליקע גוטע צייטן.

געוווּסט האָט ער גאַנץ גוט, דער מאַשיניסט, וווּ עס זענען די וועלכע ווינען הינטער זיינע פּלייצעס. ער האָט גאַנץ גוט געוווּסט, אַז ביים אויס־

לײדיקן די װאַגאָנען, װעט ער באַקומען אַ גאָר בכבודיקן טײל פון אַלעמענס פאַרמעגן. ר׳האָט אַפּילו נישט אױפגעציטערט װען ער האָט געהערט אומ־אױפהערלעכע געשרײען פון הונדערטער מענטשן נאָך אַ טראָפּן װאַסער.

װי נאָר ר׳איז אָנגעקומען אױף אַ באַן־סטאַנציע, האָט ער זיך געמעלדעט, מעשה־געגעראַל, אין ביוראָ און מודיע געװען, אַז ער פירט זשידאַנעס צום בוג. מאַכנדיק מיט אַן אײגל צו זײנע קאָלעגן, האָט ער זײ מגלה געװען, אַז די דעפּאָרטירונג פון די זשידאַנעס האָט סוף־כל־סוף זיך אָנגעהױבן... עס װעלן נאָכקומען טראַנספּאָרטן פון מאָלדאַװע, מונטעניע, טראַנסילװאַניע* ... און אױב זײ װילן, קען ער זײ ברענגען מומחים אין דעם פאַך, װאָס זאָלן מיטהעלפן בײם אױסאַרבעטן דעם פאַרניכטונג־פּראָגראַם.

װי אױף צו להכעיס, אַז די פאַרשיקטע זאָלן אױך הערן, האָט ער גערעדט און געמאַכט משונהדיקע העװיות, װאַרפנדיק בליקן צו די חרובע מענטשן פון די װאַגאָנען, אַז זײ זאָלן זען און הערן װאָס עס דערװאַרט זײ. די קרבנות זענען געזעסן פאַרחלשטע, הונגעריקע און דורשטיקע, נישט װיסנדיק אַפּילו װאָס פאַר אַ טאָג ס׳איז. פאַרלױרן האָבן זײ אױך דעם באַגריף פון צײט און נישט געװוּסט אױף װעלכער װעלט זײ געפינען זיך, װײל אַלץ האָט אױסגעזען װי אַ קאָשמאַר. געהערט האָבן זײ רעדן רומעניש, רוסיש, דײטש. ד׳ער צוג האָט זיך געשלעפּט און יידן האָבן אױפגעכאַפּט כלערליי שמועות, װאָס זענען אַרױסגערעדט געװאָרן מיט אַ מין בײזן מרוטש אױף די ליפּן פון די גױים, װעלכע זענען גאָר צופרידן געװען פון דעם פאַרבײפאָרנדיקן ספּעקטאַקל. זײ האָבן זיך אָנגעזען מיט אַזױ פיל פּײן אױף יידישע פּנימער און דאָך האָבן זײערע אױגן זיך נישט אָנגעזעטיקט פון קוקן אױף יידיש בלוט, אױפן יידישן חורבן, אױף יידישן װײ. דער צוג האָט זיך געשלעפּט, װי ר׳װאָלט בדעה געװען אָנצוקומען צום סוף פון דער ערד, װײל די נסיעה האָט קײן סוף נישט גענומען.

מיט אַ מאָל איז דער מאַשיניסט אַראָפּ מיט אַ טריומפירנדיק פּנים, געדריקט די הענט פון אַנדערע באַן־אַרבעטער, װעלכע האָבן נישט געקענט קײן רומעניש, נאָר דערזעענדיק דאָס נסיעה־צעטל האָבן זײ זיך צעשמײכלט און געצײלט אױף די פינגער... געהײסן האָט עס, אַז נאָך 5—6 סטאַנציעס און ער װעט אָנקומען צום ציל: װ א פּ נ י א ר ק א!

* נעמען פון רומענישע פּראָװינצן.

געציילטע סטאַנציעס פאַרן טויטן־לאַגער וואַפּניאַרקאַ, אין מיטן פעלד, האָט זיך דער צוג אָפּגעשטעלט, ברענגענדיק קרוב 1.400 יידן. דייטשע אָפיצירן זענען תיכף אַריין אין די וואַגאָנען, פאָדערנדיק די ליסטעס פון די אַנוועזנדיקע.

אַזוי ווי די דייטשן זענען אַ דיסציפּלינירט פאָלק, האָט מען באַפוילן אויסצורופן די נעמען פון די „פּאַסאַזשירן".

די אַלע ביי וועמענס נעמען ס'איז אויך געווען פאַרצייכנט דאָס וואָרט: בעסאַראַביע, האָט מען געהייסן אַראָפּגיין, מיטן גאַנצן באַגאַזש וואָס זיי האָבן מיט זיך, ווייל זיי ווערן אַוועקגעפירט אין אַ „פרייען" געטאָ. אין אַלגעמיין זענען זיי געווען קרוב 600 נפשות, אָבער מיט זייער אַראָפּגיין האָט זיך דערפילט אַ נייע שיידונג צווישן יידישע קינדער, וועלכע האָבן במשך דער שווערער נסיעה זיך באַפריינדעט און געשוווירן צו בלייבן פריינד ס'גאַנצע לעבן און טיילן צווישן זיך ס'ביסל וואָס זיי וועלן האָבן. ווייל געווען זענען אין צוג אויך מענטשן, וואָס האָבן אויף זיך קיין וואַרעם מלבוש נישט געהאַט.

די אַנדערע 800 מענטשן, וועלכע האָבן פאַרויסגעפילט, אַז עס דער־וואַרטן זיי נישט קיין גוטע טעג, האָבן דערפילט אַ פאַרלייכטערונג דורך דעם, וואָס כאָטש 600 יידישע ברידער און שוועסטער וועלן קענען אַרומ־דרייען זיך פריי... אין געטאָ, ווי זיי האָבן דאָס געהערט פון די דייטשן...

די איבערגעבליבענע אין די האַלב־ליידיקע וואַגאָנען, האָבן מיט אַ מאָל דערפילט, אַז עס פעלט זיי די וואַרעמקייט וואָס האָט געזעצט פון די לייבער פון די אַרויסגענומענע יידן, ווייל איינער איז ממש געווען צוגעקלעפּט צום צווייטן, צוליב דער ענגשאַפט. אַזוי ווי די צייט איז געווען אַ קילע, האָט מען אָנגעהויבן זיך דערוואַרעמען מיט כלערליי מחשבותן, ווי „ציוויליזירטע" מענטשן, וועלכע טענהן, אַז דאָס האָבן די דייטשן אַראָפּגענומען די יידן, בכוונה, זיי זאָלן האָבן וואָס איבערצוגעבן דעם רוס, ביים טוישן די דייטשע געפאַנגענע, און דעמאָלט, איז אַ ייד אויך אַ... מענטש. אין דער רגע וואָס ער רעכנט זיי פאַר „בעסאַראַבער", איז דער בעסטער סימן אַז אין דייטשס אויגן זענען זיי „רוסישע" בירגער, און אַלס אַזעלכע דאַרף מען זיי אויסנוצן ביים טוישן די געפאַנגענע... אַ געזונטער שכל וואָלט שוין בעסער פאַר־שטאַנען דעם מצב!

אַפּנים אַז דער הימל האָט אויך שוין געזען אין וואָס פאַר אַ לאַגע יידן

געפינען זיך, אַז זיי דענקן שוין אַזוי... און אויס מיטלייד האָט דער הימל זיך צעוויינט מיט אַ שלאַקס רעגן און טאַקע נישט קיין סך צייט נאָך דעם, האָבן ווייסינקע שנייעלעך אָנגעהויבן אַריינצופליִען דורך די צעבראָכענע פענצטער, בריִענדיק די פּנימער מיט שפּיזלעך קעלט. און דער ווינט האָט זיך צעפּייפט, ווי צו ווייזן דעם מעכאַניקער, אַז ער איז נאָך נישט דער גלאָוונער באַלעבאָס איבער 800 יידן און אַז ער, דער ווינט, האָט אויך אַ שטיקל רעכט איבער יידן. דערפאַר טאַקע האָט ער זיך געשפּילט, דער ווינט, ווי וועלנדיק נעמען די יידן אויף זיינע פליגל און זיי פאַרטראָגן ווייט, ווייט... ווו די מענטשהייט אין וועמענס האַרץ דער שטן האָט זיך איינגענעסטעט, האָט דאָרט קיין שליטה נישט.

אַזוי איז דער צוג ווייטער געפאָרן, ווי אַלץ וואָלט געווען גאַנץ נאַטיר־לעך... פון דער ווייטנס האָט מיט אַ מאָל זיך באַוויזן דער ריזיקער לאַגער פון וואַפּניאַרקאַ. די אומגליקלעכע פון וואַגאָן האָבן זיך געפרעגט:

— וועט שוין טאַקע דאָ זיין פאַר אונדז — עק־וועלט?

— וועלן טאַקע דאָ פוילן אונדזערע ביינער? מען זעט דאָך נישט קיין סימן פון לעבן... צו וואָס האָט מען אונדז באַדאַרפט פאַרפירן אַזוי ווייט, מ׳זאָל אונדז דערשטיקן דווקא דאָ? און ווען מ׳זאָל אונדז אַלע געווען אויסשיסן דאָרטן, וואָלטן מיר דען נישט געווען אָנגעקומען צום טויט? מ׳וויל אונדז ענדיקן דורך פּיין און מאַטערנישן, בכדי זיי זאָלן קענען זיך ריינוואַשן פאַר דער וועלט, אַז זיי האָבן אונדז נישט אויסגעשאָסן... פון וואַנען וועלן זיך נעמען אַזוי פיל שופטים, צו משפּטן די דייטשן מיט די אַלע וועלכע האָבן נישט געפונען פאַר נייטיק אָפּצוהאַלטן זיי פון זייערע רוצחישע מעשים?

פאַרצווייפלטע, נאָך אַזאַ לאַנגער נסיעה און גראַנגל מיטן טויט, זענען די יידן אָנגעקומען קיין וואַפּניאַרקאַ, דעם 12טן סעפּטעמבער 1942, ווו זיי זענען איבערגענומען געוואָרן פון דייטשע און רומענישע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן זיך געשושקעט וועגן אַ יידישן קאָנוואָי, וואָס איז „איינס־צוויי״ דער־ליידיקט געוואָרן, גלייך מ׳האָט געהאַט צו טאָן מיט פליגן... מיט דער גאַנצער דערשלאָגנקייט האָבן אויערן דאָך אויפגעכאַפּט קלאַנגען וועגן עפּעס גרוי־זאַמס, וואָס האָט זיך אָפּגעטאָן, דווקא מיט י ע נ ע וועלכע זענען גערעכנט געוואָרן אַלס „פּריווילעגירטע״ דורך דעם וואָס זיי וועלן קענען זיך אַרום־דרייען פ ר י י אין געטאָ...

ווי מ׳וואָלט דערציילט וועגן עפּעס געוויינלעכס, האָבן צוויי רומענישע סאָלדאַטן, וועלכע זענען געווען דאָלמעטשערס, איבערגעגעבן די דייטשן וואָס ס׳האָט פּאַסירט, נישט ווייט פון דאַנען, ביי דער אײַזנבאַן־ליניע.

אַזוי האָט מען זיך דערוווּסט וועגן גורל פון די 600 נפשות, וועלכע זענען אַראָפּגענומען געוואָרן פון צוג און אַוועקגעפירט געוואָרן אין אַ „פרייען״ געטאָ... די פאַרבליבענע אין וואַגאָן האָבן געמיינט אַז דאָס פירט מען זיי צו אַ פריי לעבן, ווי פרייע מענטשן...

איצט זענען זיי שוין אַלע באַפרייטע... פון לעבן!

אויף איינעמס בקשה, האָבן די סאָלדאַטן דערציילט ווי אַזוי די דייטשן האָבן באַפוילן די 600 נפשות, זיי זאָלן זיך אויסטאָן, און נאַקעטערהייט, פרויען, קינדער, מענער, יונג און אַלט, אָנגעוואָרפענע איינער איבערן צווייטן, זיי באַגאָסן מיט נאַפט און זיי פייער געגעבן, ווי דאָס וואָלטן גאָר געווען שפענדלעך, אָנגעוואָרפן פאַרפוילט האָלץ, וואָס טויג שוין צו גאָרנישט.

פרוי לופּו, אַ שנור פונעם יאָסער בעקער, איציק לופּו פונעם שיל־הויף, אסתר זינגער און אַנדערע הונדערטער מאַמעס מיט קינדער; מע־נער, אַלטע לייט און יידישע קליינע נפשותלעך, האָבן געברענט ווי לעבע־דיקע פאַקלען. זייערע יללות האָבן נישט גערירט קיין איינעם פון די חיות אין געשטאַלט פון דייטשע אָפיצירן. גאַנץ רויִקע האָבן זיי זיך צוגעקוקט, ווי די ברענענדיקע פרווון זיך אַרויסרייסן פון דעם פון פריִער צוגעגרייטן ברענענדיקן קרייז, נאָר זיי ווערן צוריקגעשטויסן אין פייער אַריין.

געזען האָבן די שדים ווי די ברענענדיקע שפּרינגען איינער איבערן צווייטן, און פון גרויס ווייטאָג, נישט געוווּסט ווו זיך אַהין צו טאָן. ביז זיי האָבן אויסגעהויכט זייערע כשרע נשמות! געוואָרפן האָבן זיי זיך צו דער ערד, און ווי נאָר מ׳האָט געזען אַז איינער רירט זיך נאָך, האָט מען אים באַגאָסן מיט נאַפט, אָדער מיט בענזין, וואָרפנדיק אויף אים אָנגעצונדענע שוועבעלעך און אויפסניי האָט אָנגעהויבן דער מאַקאַבער־שפּיל.

ווען פון יידישע נפשות איז געבליבן נאָר אַש, האָבן די דייטשן, מיט קאַלטבלוטיקייט באַפוילן, מ׳זאָל דאָס אַש צעשיטן איבער די פעלדער, ווייל דאָס וועט העלפן דער ערד, זי זאָל געבן גערעטענע תבואות... צופרידענע, ווי זיי וואָלטן אויסגעפילט אַ הייליקן חוב פאַר פאָלק און גלויבן, האָבן זיי

אָנגעלאָדן די באַגאַזשן מיט די קליידער פון די פאַרברענטע און גאַנץ רויִק אַוועקגעפאָרן, ווי ס׳וואָלט גאָרנישט געשען.

אַזוי האָבן זיך דערוווּסט די נאַר־וואָס אָנגעקומענע קיין וואַפּניאַרקאַ וועגן דעם טראַגישן סוף פון יידישע קינדער, וועלכע זענען אין איינעם מיט זיי אַרויסגעגאַנגען פונעם תלמוד־תורה־הויף, אין יאַסער שיל־הויף. אַ גרויסער טרויער האָט אַראָפּגענידערט אין יעדנס נשמה, נישט ווייסנדיק אַז זיי אַליין דערוואַרט אויך אַזאַ ביטערער סוף. ווי לויט אַ באַפעל האָבן זיך אַלע געזעצט שבעה און מענער האָבן אויסגעבראָכן אין אַ וויינענדיקן קדיש.

דורכן טרערן־שלייער פון זייערע אויגן, האָבן זיי געהאַט אַ געפיל אַז זיי זעען ווי אויף די קלאַנגען פון זייער קדיש דערהייבן זיך די פאַרברענטע נשמות, וועלכע זענען נישט ווייט פון דאַנען, אומגעקומען אויף קידוש השם.

ידיעות וועגן גורל פון די 600 נפשות זענען אָנגעקומען אויך קיין יאַס. דאָס ביטערע געשעעניש איז געבליבן איינגעקריצט אין יעדנס זכרון. מ׳האָט קיין רו נישט געפונען. אין יעדן איינעמס מחשבה האָבן זיך אַרומ־געדרייט לעבעדיקע פּאַקלען, ווי יעדער איינער וואָלט געפילט אויפן אייגע־נעם לייב די בריִענדיקע פלאַמען.

דער גורל פון אסתר זינגער איז געבליבן פאַראייביקט אין זכרון פון איר איינציק קינד, דאָס איינציקע לעבעדיקע נפש וואָס איז געבליבן פון דער גאַנצער משפחה פון איר פאָטער אין פאַלעשט.

אין שטוב און אין גאַס, אין בונקער און אין שלאָף, האָט דאָס קליינע יתומהלע באַוויינט איר טאַטע־מאַמע. געטוליעט האָט זי זיך צו איר באָבעס האַרץ, וואַרפנדיק זיך און שרייען, אַ מאָל — טאַטע! אַ מאָל — מאַמע!...

די אומגליקלעכע באָבע האָט נישט געוווּסט אויף וועמען צו וויינען מער: אויף איר געטרייען איידעם? אויף איר געליבטער טאָכטער, וואָס זי וועט זיי שוין קיין מאָל נישט זען... די זין אירע זענען פאַרשיקט געוואָרן אין לאַגערן. אירע טעכטער זענען יעדע רגע איינגעשטעלט געשענדעט צו ווערן...

יידן האָבן געזען זיך איבעריק אין די אייגענע אויגן און געוווּסט האָבן זיי, אַז זייער פאַרניכטונג איז אָפּהענגיק דערפון ווי אַזוי די משוגענע מוחות פון דייטשן שטעלן זיך פאָר זייער נצחון.

## קאַפּיטל עלף

# גרוסן פון וואַפּניאַרקאַ

...און די צייט איז נישט געשטאַנען.

ווידער זענען געבענטשט געוואָרן די דריי ברויט וואָס מיר האָבן באַקומען דורך לענוצאַן, ווייל עפּעס אַנדערש האָבן מיר נישט געהאַט וואָס צו עסן. גאַנץ פּרי, ווי נאָר כ׳האָב זיך געלאָזט צו דער אַרבעט, האָב איך באַגעגנט אָנגעווייטיקטע יונגע פּרויען און מיידלעך, פאַרצרהטע און מיט אַן אויסזען, ווי פון קבר אַרויס. קיין שמייכל האָט זיך אויף קיינעמס פּנים נישט באַוויזן. אַלץ וואָס ס׳איז געווען ייד איז דערציטערט געוואָרן ביים בלויזן געדאַנק: וואָס קען נאָך קומען? איך אַליין האָב שוין אויך נישט געוווּסט צו וואָס און צו וועמען צו טראַכטן. פונעם טאַטן — קיין ידיעה. די ברידער — אין אַרבעטס־לאַגערן. דער ווינטער רייסט אויף די טיר און קיין ביסל האָלץ איז אין שטוב נישטאָ.

אונדזער גרעסטע זאָרג איז געווען די מורא פאַר אַן אונטערזוכונג מצד דער פּאָליציי, וואָס קען נאָך טרעפן אין שטוב די איבערגעבליבענע שטיקלעך פוטערוואַרג, אַ זאַך וואָס איז געווען שטרענג פאַרבאָטן אין יענע טעג. פון דער צווייטער זייט האָבן מיר געהאַט אויסצושטייך צרות פון די פויערים, וועלכע האָבן באַשטעלט ביים טאַטן פאַרשידענע אַרבעטן, איבערגעבנדיק אים סחורות. אַצינד זענען זיי געקומען מיט אַ טענה: אָדער מ׳גיט זיי אָפּ די גאַנצע סחורה, אָדער ס׳פאַרטיקע מלבוש. פאַרענטפערונגען האָבן נישט געהאָלפן, אַלע זענען זיי געוועזן אָנגעטראָגן און בייז. איינער האָט אַפילו געדראָט מיט די פויסטן, רעווענדיק:

— וואָס טויגן מיר אייערע טענות... בעסער וואָלט איר מיר אין סאַמע אָנהייב צו וויסן געגעבן, אַז אייער טאַטע איז אַ מסוכנע בריאה...

מיר האָבן איבערגעטראָגן באַליידיקונגען און חרפּות. ס׳האַרץ האָט געבלוטיקט, זעענדיק ווי אַלץ וואָס איז נישט ייד, איז קעגן אונדז. די איינציקע פראַגע איז געווען:

— ביז ווען וועלן מיר זיך אַזוי אָ פּייניקן, אַן האָפענונג געהאָלפן צו ווערן...

מער ווי פאַר אַלע האָבן מיר זיך געשראָקן פאַרן פּריץ אַלעקסיוק, וועלכער האָט איבערגעגעבן דעם טאַטן סחורות וואָס זענען ווערט געווען אַ גרויס פאַרמעגן און טאָמער וועט מען זיי רעקווירירן, וועלן מיר שוין קיין מאָל נישט קענען אַרויס פון די חובות.

האָבן מיר געפּרוווט, ווי זאָגט מען, „אויסשעפּן דעם ים מיטן לעפל״ און געשיקט צו אים זיין הויף־ייד, יואל ראַשוי, וועלכער האָט זיך איינגעשטעלט דאָס לעבן פאַרן אָרעמען שטיקל ברויט, און אַפילו אין יענע שווערע צייטן האָט ער זיך געטראָפן מיטן פּריץ און אים איבערגעגעבן ווי ס׳האַלט מיט זיינע פעלן. דערהערנדיק אַז דער טאַטע איז פאַרשיקט געוואָרן צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע יידן, און זייענדיק אַ מענטש מיט געוויסן, האָט ער נישט געקענט באַהערשן זיין רעוואָלט, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אויפן שרייבטיש און געמורמלט:

— נעבעך... יידן! וואָס פאַר אַ טעג מיר האָבן דערלעבט! אַ פייער זעט מען ווען ס׳ברעכט אויס, אָבער ווען דאָס וועט זיך ענדיקן, קען קיינער נישט פאָרויסזען.

דורך שוויַיגן האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז נאָר אַ דאַנק דעם וואָס מיינע ברידער זענען געווען אין אַרבעטס־לאַגער פון טאָדירען, האָט ער געקענט פאַרדרייען און פאַרציִען דעם ענין ביזן טאַטנס אָפּפאָרן מיטן קאָנוואָי, אין וועלכן זיי, די ברידער מיינע, האָבן אויך באַדאַרפט זיין. ער האָט כלומרשט זיי געזוכט אין פאַרשידענע לאַגערן, כאָטש ר׳האָט גאַנץ גוט געוווּסט וווּ זיי געפינען זיך און נאָר אַ דאַנק אים זענען זיי ניצול געוואָרן פון אַ זיכערער פאַרשיקונג קיין וואַפּניאַרקאַ, צום בוג. ווי שווייַ אַליין האָט געזאָגט, איז דאָס אַ לאַגער פון טויט און פּיין, וואָס שטייגט איבער יעדן דמיון. די גאַנצע צייט האָט אונדז שוויַי געטרייסט, פאַרזיכערנדיק אונדז, אַז כל זמן ער געפינט זיך אין שפּיץ פון דער פּאָליציי און ס׳וועט די שונאים זיינע נישט געלונגען אויך אים משלח צו זיין פון דאַנען, וועט ער קעמפן מיט לייב און לעבן פאַר די יידן פון זיין באַצירק.

דער ערשטער טראַנספּאָרט פון יידן קיין טראַנסניסטריע, צום בוג, האָט איבערגעלאָזט שווערע שפּורן. מ׳האָט תיכף זיך דערוווּסט וועגן דעם אומקום פון די 600 נפשות, ווי אויך וועגן דער ביטערער לאַגע פון די אַנ־

דערע 800 לעבן־געבליבענע יידן. מיט די לעצטע רעזערוון איז זיי גע־לונגען אונטערצוקויפן אַ רומענישן סאָלדאַט, וועלכער איז אַהיים געפאָרן אויף אורלויב, אַז ער זאָל מיטנעמען עטלעכע בריוועלעך. יעדעס בריוועלע, געשריבן מיט ציטערדיקע הענט, האָט ממש אויפגעטרייסלט. עס האָט אָנ־געהויבן זיך אַ גיי־קום אין דער קהילה, וועלכע האָט ליידער גאָרנישט גע־קענט אויפטאָן, צוליב די שטרענגע געזעצן, ווי אויך אויס מורא אַרויס־צורעדן אין אַ רומענישער אינסטיטוציע דאָס וואָרט ב ו ג. בכדי צו באַרויִקן די צעוויטיקטע געמיטער, איז שוין געווען אַ צוגעגרייטער ענטפער:

— אין בוקאַרעשט זאָרגט מען שוין...

נאָר ווען מען האָט געקענט באַרויִקן אַזאַ „תירוץ פאַר די בענטש־ליכט", דווקא אין טעג ווען מ'האָט גאַנץ גוט געוווסט אַז עס וועלן צוגעגרייט נייע טראַנספּאָרטן מיט יידן קיין טראַנסניסטריע. ייפּ"אַ האָט מיט אַ גענויער פּינקטלעכקייט געמאָלדן אַלץ וואָס מ'גרייט צו, און נאָך געציילטע טעג האָבן אָפיציעלע פאַראָרדענונגען באַשטעטיקט אַלץ וואָס ייפּ"אַ האָט מודיע געווען.

כאָטש דער פראָנט האָט געהאַלטן אין איין דערוויטערן זיך, איז שוין אָבער קיינער פון אונדז נישט זיכער געווען מיטן מאָרגנדיקן טאָג. ייפּ"אַ האָט געמאָלדן אַז די דייטשן האָבן בדעה אַרויסצונעמען פון רומעניע, אָדער, בעסער געזאָגט: פון אַלע באַלקאַן־לענדער, די יידן וועלכע געפינען זיך נאָך דאָרט און זיי פירן בויען שאָסייען, אויפשטעלן בריקן און רייניקן די מינירטע באָדנס, ווייל אין זייער צוריקציִען זיך צעשטערן די רוסן אַלץ וואָס קען ברענגען נוצן דעם שונא. נישט וויסנדיק וואָס ס'קען נאָך קומען, האָבן יידן, פון קליין ביז גרויס, אָנגעהויבן גרייטן זיך צו פאַרשיקונגען. מ'האָט שוין גאַנץ גוט פאַרויסגעזען אַז אויך דער ווינטער וועט נישט זיין בעסער פון אַלע יידישע שונאים און דערפאַר טאַקע האָט יעדע איינער געשטרעבט צו באַזאָרגן זיך מיט אַ פּאָר שטיוול, אַ וואַרעם מלבוש. אין פאַל פון פּלוצימדיקער פאַרשיקונג זאָלן זיי נישט זיין, ווי תמיד, נאַקעט און באָרוועס.

דווקא אין יענע האָפענונגסלאָזע טעג, האָט מען זיך זייער גענייטיקט אין די ייפּ"אַ־ידיעות, וועלכע זענען געוואָרן אַ מין באַלזאַם פאַרן דערשלאָ־גענעם האַרץ. ייפּ"אַ האָט געהאַלטן אין איין מעלדן:

— זאָל מען דעם מוט נישט פאַרלירן!... ווער עס וועט כוח האָבן דאָס

איבערצולעבן, וועט נאָך זוכה זיין צו זען אַז אַלץ וואָס די דייטשן גרייטן צו, וועט זיך אויסלאָזן לטובת די יידן, און נישט דער דייטש וועט זיין דער וואָס וועט לאַכן צום סוף... עס וועט זיי באַצאָלט ווערן פאַר אַלע זייערע אוממענטשלעכקייטן און יידן אַליין וועלן פאַרשרייבן לדור־דורות, אַז ער האָט באַקומען זיין ערלעך אָפּקומעניש.

דער דמיון האָט אויפגעוואַכט און יידן האָבן זיך שוין געזען איבער די בערלינער גאַסן, שיסנדיק דייטשן אין זייערע היימען, פאַר די אויגן פון זייערע אייגענע טאַטע־מאַמע, פרויען, קינדער, וועלכע האָבן גאָרנישט גע־טאָן אָפּצוהאַלטן זייערע קינדער, מענער און טאַטעס, פון אַלע נידערטרעכ־טיקייטן וואָס זיי זענען באַגאַנגען קעגן אונדז. אַזוי האָבן יידן געטראַכט, געחלומט, געבענקט...

אָבער אין בערלין האָבן פרויען, מאַמעס און קינדער באַגלייט מיט יובלדיקע אויסרופן יעדן זעלנער וועלכער איז אַוועק צו דער שחיטה, ברענגען אומקום און פאַרזייען מאָרד און פּיין.

יידן, צעטומלטע פון דעם וואָס זיי האָבן געזען מיט די אייגענע אויגן, ווי אויך פון דעם וואָס קען נאָך קומען, האָבן זיך צוגעהערט, געשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי איינער זאָגט:

— מסכים!... אַזוי וואָלט טאַקע באַדאַרפט זיין! די קומענדיקע דורות דאַרפן זיך טאַקע אָפּלערנען אַ מוסר־השכל אַז נישט יידן זענען די שולדיקע אין דעם אַלעם וואָס עס טוט זיך אָפּ אויף דער ברייטער שיינער וועלט... און דווקא זיי, די אומשולדיקע יידן, דווקא זיי, זענען דער שעיר לעזאזל...

אין דער צייט וואָס יידן פון יאַס און פון דער גאַנצער מאָלדאַווע האָבן געגרייט רוקזעק, זיי זאָלן זיין גרייט צו לאָזן זיך אין וועג צום בוג, דער גורל־וועג פון יעדן איינעם, האָבן יידן אין טויטן־לאַגער וואַפּניאַרקאַ גע־קעמפט מיט די לעצטע כוחות, אַז זיי זאָלן קענען אויסהאַלטן דעם שרעק־לעכן פראָסט וואָס האָט זיך באַוויזן אין זיין פולער בייזקייט דעם 7טן נאָ־וועמבער 1942 און געמאַכט דעם איינדרוק, אַז ער האָט אַפילו נישט בדעה איינצושטילן זיך. אָן האַלץ, אָן שפּייז, זענען די אומשולדיקע געלעגן אויף געלעגערס פון צונויפגעקלאַפּטע ברעטער, מיט בליקן איינגעגראָבענע אין די געציילטע — נאָך איבערגעבליבענע — שויבן, אין דער אומגעהייער

גרויסער געביידע, וואָס האָט אַמאָל אפשר געדינט פאַר מענטשלעכע צוועקן. דער ווינט האָט געבושעוועט און פון גרויס פּיבער זענען די ליפּן פאַר־טריקנט געוואָרן. זיפּצערייען און געשרייען האָבן נישט אויפגעהערט און אייניקע פון זיי, געטריבענע פון עפּעס אַן אויבער־כּוח, האָבן, ווי עס איז, אויפגעשטעלט זיך, און נעמענדיק אין האַנט אַ כּלי וואָס האָט נאָר־וואָס געדינט פאַר פּערזענלעכע באַדערפענישן, האָט מען געלאָזט זיך גיין איבערן אומענדלעך אויסגעשפּרייטן שניי, נישט וויסנדיק אַליין, וואָס זיי ווילן.

מיט אַ מאָל האָבן זיי זיך דערמאָנט: וואַסער ווילן זיי, וואַסער!... און געדאַכט האָט זיך זיי אַז ווי נאָר זיי וועלן טועם זיין אַ ביסל וואַסער, וועלן זיך באַנייען אין זיי די כּוחות...

און זיי זענען ווייטער געגאַנגען. נישט טרעפנדיק אין וועג קיין סימן פון אַ לעבעדיקן מענטש, האָבן זיי נישט געהאַט ביי וועמען צו פרעגן ווו איז ערגעץ פאַראַן אַ קערנעצע,* פון וואַנען זיי זאָלן שעפּן כאַטש איין טראָפּן וואַסער און — שטאַרבן!...

אין הויכן פּיבער האָבן זיי אַפילו דעם פראָסט נישט געפילט, ביז ערגעץ ווו, פון דער ווייטנס, איז זיי אַקעגנגעקומען אַ פּאַטרול און געפרעגט וואָס זיי ווילן.

— וואַסער ווילן מיר... וואַסער... — האָבן אַלע אָנגעהויבן צו שרייען. די סאָלדאַטן האָבן באַפוילן זיי אויסצושטרעקן די כּלים.

שטייענדיק איינגעבויגענע און זעענדיק ווי סאָלדאַטן גיסן וואַסער אין די כּלים, האָבן זיי מיט אַ מאָל דערפילט ווי ביקסן־קאָלבעס לאָזן זיך אַראָפּ איבער קעפּ, איבער הענט, איבער די געבויגענע רוקנס, ביז דאָס וואַסער האָט זיך אויסגעגאָסן און מיט ווילדע געלעכטערס האָבן די סאָל־דאַטן אָנגעהויבן צו טרייבן זיי צוריק, אין לאַגער, בשעת ביקסן־קאָלבעס האָבן געהאַלטן אין איין קלאַפּן איבער רוקנס און קעפּ, ביז זיי זענען צוריק אַריין אין טויער פון לאַגער.

צעטומלטע פון דעם איבערגעלעבטן אין די לעצטע רגעס, ווי אויך פון דעם נישט פאַרווירקלעכטן חלום צו טרינקען אַ ביסל וואַסער, האָבן זיי אויסגעשפּרייט זיך איינער נעבן אַנדערן, וואַרטנדיק אויפן אייגענעם סוף, וואָס האָט פאַרשפּעטיקט צו קומען.

---

* ברונעם.

די עטלעכע דייטשע סאַלדאַטן וועלכע האָבן באַוואַכט דעם לאַגער, אַז די אומגליקלעכע יידן זאָלן חלילה נישט אַרויס דורך דער טיר וואָס זיי האָבן בכוונה געלאָזט אָפן, אַז די זאַווערוכע זאָל גוט אַריינרייסן זיך אין די ביינער, האָבן געהאַלטן אין איין קלאַפּן מיט די פיס אין דערנעבנדיקן, גוט אויסגעהייצטן צימערל, וועמענס פענצטערל האָט באַוואַכט דעם אַרייַנ־גאַנג אין לעבעדיקן קבר, אין וועלכן מ'האָט אַריינגעוואָרפן יידישע קינדער.

זעענדיק אַז יידן איז געלונגען אַרויסצורייסן זיך פון די באַראַקן, אַ דאַנק דער לאַ־יוצלחדיקייט פון זייערע רומענישע אַליאירטע, די רומעני־שע סאַלדאַטן, וועלכע האָבן באַדאַרפט שטיין אין דרויסן און היטן די יידן, האָבן זיי תיכף אויסגעקלאַפּט די עטלעכע איבערגעבליבענע שויבן, נעבן וועלכע יידן האָבן זיך צונויפגעקליבן, בכדי די זאַווערוכע זאָלן זיי נישט פייטשן גלייך אין די פנימער. אַזוי אַרום וועלן זיין מערערע אָפענע פונקטן, צו קאָנטראָלירן וואָס עס טוט זיך אין די באַראַקן און נישט דאַרפן שטיין תמיד מיט אָנגעצילטע אויגן צו דער טיר וואָס איז געווען רחבותדיק צע־עפנט אַריינצונעמען אין זיך יידישע „שפּיאָנען".

אין סאַמע ברען פון רוסישן פראָסט, מיט אויגן שטראַלנדיקע פון ביטערקייט און שנאה, האָבן עטלעכע דייטשישע אָפיצירן אַריינגעריסן זיך אין באַראַק און באַפוילן אַז די יידן זאָלן קומען און נעמען עסן.

ווי הונגעריקע וועלף האָט מען געוואָרפן זיך צו די דערלאַנגטע אַרבעס, ווי דאָס וואָלט געווען ס'באַטעמסטע מאכל וואָס זיי האָבן געגעסן אין זייער לעבן. און געגעסן האָבן זיי, נישט איבערלאָזנדיק קיין שפּור אינעם אויס־געלעקטן טעלערל, בשעת דער פראָסט האָט געברענט און אויסגעטרוקנט יעדנס פנים, ביז איינער האָט שוין דעם אייגענעם שכן נישט דערקענט.

דעם 28סטן נאָוועמבער 1942, פאַר טאָג, ליגנדיק מיט אָנגעצילטע אויגן צו די פענצטער, וואָס די שדים האָבן בכוונה געעפנט, האָט מיט אַ מאָל אַרויסגעריסן זיך אַ פריידיקער געשריי פון יידישע מיילער. אַ פאַר־בלאָנדזשעטער שטראַל פון דער זון האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין די רעשט־לעך שטיקלעך גלאָז וואָס זענען איבערגעבליבן אין די פענצטער און די פנימער האָבן ווי אויפגעשיינט, ביים דערשיינען פון אָט דער ליכטיקער בשורה. אַ שטראַלעכל זון!... אַ ליכטיקער גרוס!

ביזן אָוונט פון דעם 25סטן דעצעמבער 1942, האָבן די וואַפּניאַרקער פאַרמשפּטע געגעסן אַרבעס. געוווּסט האָבן זיי שוין גאַנץ גוט אַז זיי זענען פאַרמשפּט צום טויט. דאָך האָבן זיי געבעטן צו דערלעבן און זען מיט די אייגענע אויגן ווי ס׳גערעכטיקייט הערשט ווידער אויף דער ערד.

די נאַכט פון 25סטן אויפן 26סטן דעצעמבער 1942, זענען אַלע יונגע מענטשן, ביז אין עלטער פון 30 יאָר, געבליבן צוגעקאָוועט צו די ברעטער פון זייערע הילצערנע געלעגערס און געפילט האָבן זיי שוין גאָרנישט, אַפילו נישט דעם ברענענדיקן פראָסט.

זיי זענען אַלע פ אַ ר אַ ל י ז י ר ט געוואָרן!

געלעגן זענען די אומגליקלעכע, אויסגעצויגענע, ווי צוגענאָגלטע מיט טשוועקעס. נישט געקענט מאַכן קיין באַוועגונג און נאָר דורכן פאַרקרימטן מויל האָבן זיך געהערט דעשטיקטע געשרייען. די עלטערע יידן האָבן זיך געדרייט אַרום זיי און נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. ס׳האָט זיך קיינער נישט פאַרגעשטעלט אַז שולדיק אין דעם גאַנצן אומגליק זענען די טייערע אַזוי „באַטעמטע״ אַרבעס, און דערפאַר טאַקע האָט מען זיי ווייטער געגעסן, ביז דער סוד איז נתגלה געוואָרן*!

געוועזן זענען דאָס ווילדע אַרבעס, צוגעגרייט נאָך פון די רוסן, פאַר די פערד פון דער אַרמיי און יידן זענען אַזוי אַרום פאַרסמט און פאַראַליזירט געוואָרן.

זעענדיק וואָס דאָ איז געשען, האָט מען צונויפגענומען וואָס מ׳האָט נאָר געהאַט ביי זיך און אָפּגעקויפט אַ רומענישן סאַלדאַט, וועלכער האָט איבערגעפירט אַ בריוו קיין בוקאַרעשט, צו אַליאַרמירן די יידישע אָנפירער־שאַפט וועגן דער לאַגע אין וואַפּניאַרקאַ.

ווי אַ בליץ האָט די ידיעה צעשפּרייט זיך און ייפ״אַ האָט שוין גע־זאָרגט אַז ס׳זאָל קיין יידישע שטוב נישט בלייבן, וווּ מ׳זאָל זיך נישט דער־וויסן וועגן דעם אומגליק. דער ווייטיק איז געווען נאָך גרעסער דערמיט, וואָס מ׳האָט קיין שום הילף נישט געקענט דערלאַנגען. ייפ״אַ האָט זיך דערוווּסט פון שעה צו שעה נייע פרטים: די יידישע אָנפירערשאַפט פון

---

* די זאַך איז באַשטעטיקט געוואָרן פון די דאָרטיקע דאָקטוירים בראש מיט ד״ר קעסלער.

בוקאַרעשט האָט זיך געווענדט צום רויטן קרייץ; מ׳האָט זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט אויסלאַנד און געפאָדערט דרינגענדיקע הילף.

די אַלע ידיעות האָבן קיינעם נישט באַרויִקט. געוווּסט האָט מען אַז די אומגליקלעכע זענען ווייט פון דער היים, דווקא אַצינד ווען זיי בייטיקן זיך אַזוי שטאַרק אין אַ מאַמען, אַ פרוי, אַ שוועסטער, אַ קינד, וואָס זאָלן זיי גלעטן און אָפּווישן דעם מיט טויט־שווייס באַגאָסענעם שטערן.

אין אַ שטענדיקן געראַנגל און דערוואַרטונג אויף נייע ידיעות וועגן אונדזערע טייערע, וועלכע זענען אַזוי ביטער דערשלאָגן געוואָרן, האָט ייפ״א געמאָלדן, אַז עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז דורכן רויטן קרייץ וועט מען אפשר קענען אויספועלן, איבערצושיקן פעקלעך, דערפאַר וואָס אַלע דע־פאָרטירטע יידן זענען „פּאָליטישע אַרעסטירטע״.

תיכף האָט זיך אָנגעהויבן אַ לויפעניש אין דער קהילה, פרעגן אויב מ׳קען שוין שיקן אַ פעקל. ווידער אַ מאָל דער סתם־ענטפער: מ׳וואַרט אויף נייע פאַראָרדענונגען. טעג זענען געוואָרן וואָכן, וואָכן זענען געוואָרן חדשים און אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט מען מודיע געווען די אַלע וואָס זייערע נאָענטע זענען געווען אין וואַפּניאַרקאַ, אַז אַ דעלעגאַציע פון רויטן קרייץ, צווישן וועלכע ס׳זענען געווען אויך יידישע דאָקטוירים, זענען גע־ווען אין לאַגער און פעסטגעשטעלט דאָס מערדערישע שטיקל אַרבעט פון די דייטשן, וועלכע האַלטן זיך ביי זייערן, אַז די איינציקע שפּייז פאַר די יידן אין וואַפּניאַרקאַ, זאָל אויך ווייטער זיין, נאָר די ווילדע אַרבעס.

דאָך האָט מען אָנגעהויבן שיקן פעקלעך. יעדער איינער האָט געטאָן איבער די כוחות און עפּעס געשיקט. זאָלן די אומגליקלעכע זען אַז די משפחות האָבן נישט פאַרגעסן אין זיי. בריוו האָט מען נישט געטאָרט שיקן. דאָך האָט מען דורכגעשמוגלט אויך בריוו. נישט געווען קיין פעקל וווּ מ׳זאָל נישט געווען ביילייגן אַ שטיקל פּאַפּיר מיטן איינציקן וואָרט: מוט! מ׳האָט געמעגט אויך שיקן ביינוול צו נייען. נאָר דער ביינוול איז געווען אָנגעדרייט אויף „בריוועלעך״. אַלץ האָט מען אָפּגעטאָן אין דער ביינוול־פאַבריק „לעבל און קיסילאָוויטש״. ס׳האָט קיינעם נישט געקענט איינפאַלן אַז דאָס וויקלט מען ביינוול אויף „בריוועלעך״. אַזוי קונציק האָט מען דאָס אָפּגעאַרבעט. אַפילו די אייגנטימער פון דער פאַבריק האָבן דער־פון קיין אַנונג נישט געהאַט. אָפּגעטאָן איז דאָס געוואָרן דורך עטלעכע גע־ציילטע אַרבעטער. אַפילו אין ברויט, אין זייף, אין וווּרשט, האָט מען אי־

בערגעשיקט בריוועלעך, וועלכע זענען געווען די איינציקע טרייסט פאַר די פאַרמשפּטע אין וואָפּניאַרקאַ. אָנשטאָט צו שיקן אַ בריוועלע דער מאַמען, האָט די יידישע מאַמע געשיקט בריוועלעך אירע געפּלאָגטע, קראַנקע, פּאַראַליזירטע קינדער, זאָלן זיי זען כאָטש אַ בריוועלע פון דער מאַמען, אויב די מאַמע איז אַזוי ווייט, און דאָך, אַזוי נאָענט...

דורכן רויטן קרייץ האָט מען אויסגעפּועלט אַז דער גרויסער פאַרשאָל־טענער בנין זאָל אַביסל אויסגעהייצט ווערן. נאָר ס'איז שוין יענע הייצונג.

אָן דער מינדסטער האָפענונג צו באַקומען אַ רפואה, זענען די אומגליק־לעכע געלעגן און אומזיסט געפּרוווט צו רירן מיט אַ פוס, אָדער מיט אַ האַנט.

ס'איינציקע וואָס האָט זיך יאָ גערירט אין זיי, איז געווען דער אייביק־יידישער אויסגעשריי פון פאַרביטערטן האַרץ:

— פאַרוואָס?

## קאַפּיטל צוועלף

# טעג פון צאָרן

תּיכף נאָכן אָפּפאָר פונעם ערשטן קאָנוואָי, זענען אויסגעפאַלן די ימים נוראים.

יעדע יידישע שטוב איז געוואָרן אַ שיל, ווייל ווער האָט נישט געוויינט און ווער האָט נישט געבעטן? איז דען געווען אַ ייד אָן טרויער און אָן פּיין אויף גאָטס ערד? גיין אין שיל אַריין האָט מען נישט געטאָרט, ווייל עטלעכע יידן צוזאַמען זענען געווען פאַרדעכטיקט...

ראש־השנה בין איך געשטאַנען מיט מיינע שוועסטערלעך נעבן דער מאַמע, און אַלע האָבן מיר געבעטן צו גאָט פאַר זיינע צעזייטע און צעשפּריי־טע יידישע קינדער. מיר האָבן שוין גאַנץ גוט געוווּסט, אַז הונדערטער פון זיי ליגן אויסבאַהאַלטן אין וועלדער און אין גריבער, שפּייזן זיך מיט גראָז, האָבן מורא זיך צו באַווייזן אויף דער ליכטיקער שייך, און מיר — מיט וואָס קענען מיר זיי העלפן? אַפילו דאָ, אין דער שטאָט יאַס, זענען פאַראַן אַ סך משפּחות וועלכע זיצן אין די שטיבער, אויסגייענדיק פון הונגער און פון קעלט, ווייל צו אַלע צרות איז צוגעקומען נאָך איינע: רעגנס האָבן זיך צעגאָסן און יידן האָבן זיך ווי פאַרוועט מיטן רעגן: וואָס גיסט זיך מער? דער רעגן פון הימל, צי די טרערן פון גאָטס יידישע קינדער?

יידן האָבן געוויינט:

— אויף דיך ערד, גאָט, גייט אַ רעגן צו באַפרוכפּערן די ערד פון גוייִם און דיינע יידישע קינדער האָבן אַפילו קיין לײדיק שטיקל ערד נישט, ווו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן. יתומים שרייען פאַר הונגער און אַלמנות שטרעקן אויס צו דיר זייערע אָרעמס. אַלמעכטיקער גאָט! הערצער פון מאַמעס גייען אויס אין בענקשאַפט נאָך זייערע קינדער וואָס זענען פאַרשיקט גע־וואָרן, גאָט ווייסט ווו אַהין. און אַ שווערער טרויער לאָזט זיך אַראָפּ איבער יידישע קעפּ.

אַזוי זענען מיר געשטאַנען און געוויינט, געפיבערט און געבעטן,

נישט פילנדיק, אַז מ׳האָט שוין פון לאַנג באַדאַרפט עפּעס נעמען אין מויל אַריין. נאָר וואָס זאָל מען עסן? ביי יעדן איינעם דער זעלבער לייִדיקער טיש... דערפאַר האָבן מיר מקבל געווען די גזירה, וואָס דער באַשעפער האָט אויף אונדז אָנגעשיקט, און געהאָפט, געגלייבט, אַז אַ מאָל, אַ מאָל, וועט ער דאָך זיך מרחם זיין אויף אונדז. די זון וועט אַ שיין טאָן אויך פאַר יידן און דורות לאַנג וועט אין דער געשיכטע נישט פאַרגעסן ווערן, אַז ד׳אָס זענען מיר עס געווען, מיר, צעבראָכענע, מיר, דערשלאָגענע נשמות, וועלכע האָבן יענעם ראש־השנה און יום־כיפּור געבעטן פאַר אַלע יידן, בעת אין אייראָפּע האָט זיך צעגאָסן אַ מבול פון פייער און בלוט, און ווי יום־כיפּור־ליכט, אַזוי האָבן יידן געברענט און אויסגעלאָשן זיך ווי אַ תּפילה, אַז ס׳זאָל שוין קומען דער אמתער יום־הדין, ווען ס׳וועט זיך הערן דער שופר פון דער אייביקייט און אַלע רשעים וועלן דאַרפן אָפּגעבן דין־וחשבון פאַר זייערע מעשים. פון בית־עולמס און פון גריבער, פון וועלדער און פון פעלדער, פון טייכן און פון ימען, וועלן יידישע מתים, ישראלס קינדער, זיך שטעלן און נישט בעטן, נאָר שרייען און פאָדערן גערעכטיקייט: רעכט צו לעבן און רעכט צו אַן אייגן לאַנד.

אַזוי זענען פאַרביי די אויסגעווייִנטע, הייליקע טעג פון ראש־השנה און יום־כיפּור 1942.

ערב סוכות האָט אַ סאָלדאַט געבראַכט פון מיינע ברידער אַ בריוו, אין וועלכן זיי בעטן מ׳זאָל זיי צו וויסן טאָן צי דער טאַטע איז אין דער היים. דערוווּסט האָבן זיי זיך, אַז אַלע יידן וועלכע זענען פאַרשיקט געוואָרן קיין ווידעלע, ביים אויסברוך פון דער מלחמה, ווערן איצט אַרויסגעשיקט צום בוג.

מיר האָבן קיין כּוח נישט געהאַט זיי דאָס צו באַשטעטיקן שריפטלעך. האָבן מיר געבעטן דעם סאָלדאַט, אַז ער זאָל זיי דאָס איבערגעבן מינדלעך. ווי זאָגט מען: אַ שלעכטע בשורה זאָל מען מודיע זיין דורך אַ גוי, און ביי גויים זעט זיך שוין היינט נישט אָן נאָך אַ שלעכטע בשורה צו דערציילן...

צווישן אַנדערן האָט אונדז דער סאָלדאַט דערציילט, אַז ר׳האָט גע־בראַכט צום יאַסער רעקרוטירונג־אַמט אַ רשימה פון אַלע יידישע בעל־מלאכות וואָס געפינען זיך אין לאַגער, בכדי זיי זאָלן ווערן אַהיים געשיקט.

דאָרטן אין רעקרוטירונגס־אַמט, האָט ער געזאָגט, פירט מען שוין יענעם מסחר מיט יידן! ווער ס'האָט געלט, דער קומט אַהיים. הייסן הייסט עס, אַז ער איז אַ בעל־מלאכה, נאָר אַפילו ווי אַזוי צו האַלטן אַ נאָדל אין האַנט, ווייסט ער אויך נישט. דער עיקר איז — ג ע ל ט! אויף וויפל ער ווייסט, געפינען זיך אויך די נעמען פון מיינע ברידער אין דער דאָזיקער רשימה, אויף אַהיים צו קומען, ווייל זיי זענען גוטע בעל־מלאכות.

— יעדער איינער פון זיי אַרבעט פאַר צוויי! — האָט דער סאָלדאַט אונדז דערציילט מיט אַ שמייכל, נאָר מיר, די קליינינקע מענטשעלעך, ווייסן גאָרנישט וואָס עס טוען אָפּ די גאָר גרויסע פּונעם רעקרוטירונגס־אַמט...

— יאָ, — האָט ער צוגעגעבן מיט טרויער, — ס'איז אַ שאָד, וואָס אַזעלכע מענטשעלעך ווי מיינע ברידער און אַנדערע יידן זאָלן בלייבן דאָרט. נאָכן ענדיקן די אַרבעט אויפן שאַנטיער, אַרבעטן זיי ביז שפּעט אין אָוונט, פאַר די אָפיצירן. אויך פאַר מיר האָבן זיי געאַרבעט און דערפאַר האָב איך איך געבראַכט דעם בריוו.

נישט האָבנדיק וואָס צו שיקן די ברידער מיינע, האָט דער זעלנער זיך אַרומגעקוקט ווי פרעגנדיק זיך אַליין: „ווי אַזוי קען גאָר אַזוינס געשען?". ער, דער גוי, דער רומענער, האָט נישט געקענט משיג זיין, ווי אַזוי יידן שיקן שוין נישט קיין פּעקל אַפילו אין לאַגער אַריין... ווייל אַלץ וואָס ס'איז געווען אינעם פּעקל האָבן די גויים צוגענומען פאַר זיך. ער האָט בשום אופן נישט געקענט משיג זיין, אַז יידן האָבן נישט... אַז יידן הונגערן... געוווסט האָט מען, אַז אַ ייד, צי ר'האָט יאָ צי ר'האָט נישט, — געבן דאַרף ער...

די יידישע מאַסע האָט זיך געבויגן אונטער דעם שווערן יאָך. יעדער מיט זיין פּעקל צרות, און פון אַלע זייטן — נייע שטרויכלונגען: מ'האָט זיך אַליין געפרעגט, צי מ'לעבט אָדער ס'איז גאָר אַ לאַנגער קאָשמאַר. פון יעדנס מויל האָט מען געהערט די זעלבע ווערטער:

— אין וועלכן לאַגער געפינען זיך דייניקע? ווייסטו עפּעס וועגן זיי?

קיין ענטפער האָט מען נישט געהערט. יעדער האָט אָנגעקוועטשט מיטן אַקסל, און האָט מען שוין יאָ געענטפערט, האָט זיך פון אַ דערשטיקט־פאַרוויינט קול אַרויסגעהערט אַ נאָמען, וואָס האָט אָנגעוואָרפן אויף דיר ציטערניש און אימת־מוות. יאָ, יאָ! ייפ"אַ האָט שוין גאַנץ גענוי געוווּסט

וואָס עס טוט זיך אָפּ אין יעדן לאַגער און אַ טויט־שרעק איז באַפאַלן יעדן איינעם ביים דערהערן דעם נאָמען: ג י ד י ג י ט ש!... (בעסאַראַביע).

די יידן וועלכע זענען דעפּאָרטירט געוואָרן דורך דעם טרויעריק־באַרימטן קאָטאַי, זענען געווען די אומגליקלעכסטע. ווען זיי האָבן שוין געהאַלטן ביים אָפּפאָרן, איז קאָטאַי אַליין, דער מלאך־המות אין געשטאַלט פון אַ מענטש, בייגעווען ביים אַוועקשיקן, אַליין אויסגערופן דעם נאָמען פון יעדן איינעם, אַז ס׳זאָל חלילה קיין איין ייד נישט געלונגען אַרויסצורייסן זיך פון אונטער זיינע הענט און אַוועקגעשיקט ווערן אין אַן אַנדערן לאַגער. „זיינע" יידן האָט ער אָפּגעשיקט קיין גידיגיטש, אין דער „טייערער" בעסאַראַביע, וואָס איז באַפרייט געוואָרן דורך די „טרייע" דייטשישע אַליאַנטן.

אין איינעם אַ טאָג האָט ער אַהינצו אַוועקגעשיקט העכער 600 יידן. האַלטנדיק שוין ביים אָפּפאָרן, האָט ער זיך אָנגערופן, אָן דעם מינדסטן געפיל פון בושה:

— אַצינד וועלן מיר זען וויפל פון די 600 זשידאָנעס וועלן אויסהאַלטן מער ווי דריי חדשים. כ׳האָב זיי אויסגעקליבן איינס אין איינס, גוט באַטראַכט יעדן זשידאָן און כ׳בין זייער נייגעריק צו זען ווי אַזוי זיי וועלן אויסזען אין 10 טעג אַרום... איבער דער מאָרדע וועט מען אייך דערלאַנגען!... קאָטאַי ווייסט וואָס ער רעדט!... מ׳האַלט זיי אין איין שעכטן און שיסן, און זיי, איבער נאַכט ווערן זיי מערער און מערער. ס׳אַראַ מיאוסע אומה! מ׳וואָלט שוין פון לאַנג באַדאַרפט ענדיקן מיט זיי!...

בכדי ר׳זאָל זיין זיכער, אַז זיין נבואה וועט חלילה נישט זיין קיין פאַלשע, האָט ער מיטגעשיקט, אַלס אָנפירער פון דעטאַשאַמענט, אַ קריסט מיטן נאָמען ראַדו ספּ י ן, אַ באַשעפעניש, וואָס איז מער חיה ווי מענטש. ער איז געווען אַזוי אַכזריותדיק, אַז ווי נאָר ר׳האָט געגעבן אַ קוק אויף אַ מענטש האָט יענער געהאַט דאָס געפיל אַז מ׳שעכט אים.

ווען די 600 אומגליקלעכע יידן זענען שוין געווען אויסגעשטעלט אין רייען, צווישן סאָנטינעלן מיט אָנגעשפּיזטע ביקסן און זיי האָבן געהערט, אַז זיי ווערן געשיקט קיין גידיגיטש, האָבן זיי געפילט ווי ס׳האַרץ רייסט זיך אָפּ. ווי אַ כל־יכול איז קאָטאַי געשטאַנען און געקוקט ווי די יידן ציטערן פאַר שרעק, וויזט אויס, אַז דער ספּעקטאַקל איז אים געפעלן, ווייל ר׳האָט געשמייכלט און ס׳פּנים האָט אים געשטראַלט.

זענען די 600 יידן אַוועקגעשלעפּט געוואָרן קיין גידיגיטש, ווו זיי

האָבן געהאַרעוועט פון גאַנצפרי ביז שפּעט אין אָוונט, ווען זיי האָבן קוים געזען ווי אָנצוטרעפן מיט דער האַק, צוליב דעם גרויסן האַרבסטיקן פינצ־טערניש. אָן ברויט, אָן וואַסער האָבן זיי געהאָרעוועט, און די אויפזעער זייערע, האָבן זיך אַרומגעדרייט און אַריינגעהאַקט ווו נאָר מ׳האָט געטראָפן. ווי איז געווען יענעם ייִדן, וואָס האָט שוין קיין כוח נישט געהאַט צו שטיין אויף די פיס.

פאַרשטייט זיך, אַז נאָך עטלעכע טעג, אָדער ווי קאַטאַי האָט געזאָגט: „אין 10 טעג אַרום", האָבן זיי שוין קיין מענטשלעכן אויסזען נישט געהאַט. אַפילו צווישן זיך, האָבן ייִדן שוין נישט דערקענט איינער דעם צווייטן. די יאַסער קהילה האָט גאַרנישט געקענט העלפן. איינס האָט מען געוווּסט: ס׳איז ווי און ווינד צו דעם וואָס פאַלט אַריין אַהין. מענטשן האָבן געבעטן אויף זיך דעם טויט. ווען זיי זענען שוין צוריקגעקומען אין די נישט־באַהייצטע באַראַקן, אָפּרוען זיך די עטלעכע שעה פון דער נאַכט, האָט די רוצחים זיך אויסגעוויזן, אַז זיי רוען שוין צו פיל און בכדי אַ ביסל פריילעך צו מאַכן, איז מען געקומען מאַכן קאָנטראָל אין מיטן דער נאַכט און זיך לוסטיק געמאַכט אויפן חשבון פון די אויסגעמאַטערטע ייִדן, וועלכע האָבן קיין כוח נישט געהאַט אַפילו אויף די פיס צו שטיין. איז איינער געווען פאַרשלאָפן און נישט געהערט ווען מ׳האָט אויסגערופן זיין נאָמען, איז אויף אים אויסגעגאָסן געוואָרן גאַנס צאָרן. ווי ווילדע חיות זענען די רוצחים געגאַנגען איבער די קערפּערס פון ייִדן, ווי זיי וואָלטן גאָר געווען זעק מיט קאַרטאָפל, איבער וועלכע מ׳גייט און מ׳ציילט זיי.

אין אַ פראָסטיקן טאָג פון יאַנואַר 1943, האָבן די ייִדן אין גידיגיטש געהערט ווי די סאָלדאַטן שושקען זיך און לויטן שמייכל אויף זייערע מערדערישע פנימער, האָט מען פאַרשטאַנען, אַז דאָס פרייען זיי זיך ביים איבערגעבן אַ בשורה, אַז מ׳דערוואַרט „נייע סחורה", דאָס מאָל פון בוקאַרעשט. נאָך עטלעכע טעג איז טאַקע אָנגעקומען אַ נייער טראַנספּאָרט פון בוקאַרעשטער יונגע לייט, אַלע — איידעלע פנימלעך, צאַרטע און אַריסטאָקראַטישע מענטשן. מ׳האָט געזען בחוש, אַז דאָס האָט מען בכוונה אויסגעקליבן די שענסטע און די בעסטע פון אונדזער יוגנט, מ׳זאָל זיי אומברענגען.

געקומען זענען זיי מיט רוקזעק, פיין צוגעגרייט צו דער אַרבעט און

געווען זיכער, אַז נאָך דריי חדשים, ביים פאַרענדיקן די „אַרבעט לטובת הכלל", וועט מען זיי אַהיים שיקן.

ווען זיי האָבן אָבער געזען ווי אַזוי עס זענען אויס די גידיגיטשער יידן, האָבן זיי תיכף פאַרשטאַנען, אַז „אַרבעט לטובת הכלל" איז איינס און אומ־ברענגען יידן איז גאָר עפּעס אַנדערש. ווייזט אויס, אַז אַ גרויסע סומע געלט, וואָס די ניי־אָנגעקומענע האָבן געהאַט ביי זיך, האָט „משפיע" געווען אויף אַ רומענישן סאָלדאַט און אַ בריוו איז אָנגעקומען קיין בוקאַרעשט, צו דער יידישער אָנפירערשאַפט און מודיע געווען וואָס עס טוט זיך אָפּ אין גידיגיטש.

נישט קוקנדיק דערויף, וואָס ער שטעלט איך ס'אייגענע לעבן, איז אַ ספּעציעלער שליח אַרויסגעפאָרן אַהין. מענטשן, משוגעגע פון פּיין און ליידן, האָבן אַפילו נישט געענטפערט אויף די פראַגן פונעם שליח. אַרומ־געגאַנגען זענען זיי באָרוועסע, אין גרויסן רוסישן פראָסט, איינגעוויקלטע אין שמאַטעס אָנשטאָט העמדער. בשעת דער אַפּרו־צייט האָבן זיי באַקו־מען אַ מין עסן פון געקאָכט וואַסער אין וועלכן ס'זענען אַרומגעשווומען שטיקלעך גראָז. דער וואָס האָט נישט געהאַט קיין לעפל, האָט מיט דער האַנט געשעפּט און געזופּט דאָס וואַסער. די אומגליקלעכע האָבן זיך אַפילו נישט אומגעקוקט אויפן שליח, מיינענדיק, אַז דאָס איז אַ ניי אָנ־שיקעניש וואָס איז געקומען זיי שיטן זאַלץ אויף די ווונדן.

די לאַגע האָט זיך אָבער מיט גאָרנישט פאַרבעסערט, טראָץ די פאַנטאַסטישע געלטער וואָס מ'האָט געגעבן. ס'געלט האָט מען טאַקע גענו־מען, אָבער די אָנפירער פון דעם לאַגער זענען געווען פון די ערגסטע: קאַטאַי, ראַדו ספּין און אַפילו דער דייטשער גענעראַל שוואַלב האָט געהאַט אַ באַזונדער פאַרגעניגן ביים באַזוכן דעם לאַגער אין גידיגיטש, ס'איינציקע אָרט וווּ מ'האָט פּינקטלעך אויסגעפירט אַלע פאַראָרדענונגען וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן קעגן יידן.

זייער אַ סך קרבנות האָבן יידן איבערגעלאָזט אין דעם לאַגער. ווי פליגן זענען זיי געפאַלן, אָבער תיכף זענען געבראַכט געוואָרן אַנדערע. מ'האָט געהאַט דעם איינדרוק, אַז דאָ ווערן צעמאָלן מענטשלעכע לעבנס צוזאַמען מיט די שטיינער, וואָס זענען אַרויסגעריסן געוואָרן פון דער ערד און צעמאָלט געוואָרן דורך אַ מאַשין אויף קליינע שטיינדלעך, מיט וועלכע

יידן האָבן געפּלאָסטערט די שאָסייען און געקלאַפּט זיי מיט פאַרוואונדעטע און פאַרבלוטיקטע הענט.

דער פלויט פון שטעכלדראָט איז תמיד קאָנטראָלירט געוואָרן און צום סוף האָט מען צוגעפּעסטיקט אויך עלעקטריזירטן דראָט. סאָלדאַטן האָבן בייזוויליק אויסגעטראַכט פאַרשידענע בלבולים אויף יידן, אַז זיי ווילן אַנטלויפן. דערפאַר האָט מען זיי דערשאָסן אָדער פאַרמוטשעט ביז טויט.

דווקא אין יענער פינצטערער צייט, האָט ייפ״אַ פאַרשפּרייט ידיעות פון גאָר אַן אַנדערן מין, אַז אין דער אַמעריקאַניש־ענגלישער אַרמיי, געפינען זיך אויך יידן, נאָר מ׳ווייסט נישט וואָס פאַר אַ פּאָסטנס זיי פאַרנעמען דאָרט. צי זיי קעמפן אונטער דעם באַפעל פון אַמעריקאַנער, אָדער יידן אַליין קאָמאַנדעווען. אין דערשלאָגענעם מוח פון יעדן איינעם האָט מען זיך אָנגעהויבן פאַרשטעלן, ווי אַזוי ס׳זעט אויס אַ יידישער סאָלדאַט מיט אַ ביקס אין האַנט און קען דערשיסן דעם שונא, ווי נאָר ער דערזעט אים.

ווידער האָבן מאַמעס געהאַט צו וויינען און צו קלאָגן:

— סאַראַ שיינע יידישע סאָלדאַטן ס׳וואָלטן געווען אונדזערע קינדער, וועלכע זענען אומגעקומען אויף קידוש השם „יענעם זונטיק״, אָדער זענען אויפגעהאָנגען געוואָרן אין בוקאַרעשטער שעכטהויז, ווען מ׳האָט אויף זייערע לייבער אָנגעשריבן „בשר כשר״ איידער מ׳האָט זיי געקוילעט, אָדער די, וועלכע זענען דערטרונקן געוואָרן אין דער שיף „שטרומאַ״, און אַנדערע הונדערטער און טויזנטער יידישע נפשות, וועלכע זענען געפאַלן, נישט ווויסנדיק אַפילו ווו זייער געביין איז אַהין געקומען...

אַזוי האָט מען געוויינט, געחלומט... נאָר אין דער ווירקלעכקייט האָט מען יעדן טאָג באַקומען נייע מעלדונגען וועגן צושטעלן זיך אין רעקרוטירונגס־אַמט, אַוועקגעשיקט צו ווערן אויף „אַרבעט לטובת הכלל״. געקומען איז מען אויך ביי נאַכט זוכן יידן, וועלכע זענען שוין פון לאַנג אומגעקומען אין די טויטן־וואַגאָנען. רוצחים האָבן געבישטערט אין יידישע שטיבער, ווי וועלנדיק אַרויסשלעפּן די טויטע פון זייער פאַרגליווערטקייט און אויף ס׳ניי זיי פּייניקן.

אין אײנעם אָן אָונט האָט מען פֿון שטוב נישט געקענט אַרויסגײן.

אין דרויסן — אַ מבול. ס'וואַסער איז אַרײַן אין די אָרעמע שטיבער. מיט אַ מאָל — אַ געוואַלד! תּיכף זענען מיר אַרויסגעלאָפֿן זען, וואָס עס האָט פּאַסירט.

די ייִדן פֿונעם צלם־געסל (קראָטשיאַ־גאַס) זענען אַרומגעלאָפֿן אונטער אַ שלאַקס־רעגן, געקלאַפּט אין טירן פֿון הײַזער וואָס זענען נאָך נישט פֿאַרפֿלייצט געוואָרן און געבעטן מ'זאָל זיי אַרײַנלאָזן. קלײנע קינדער, נאַ־קעטע און נאַסע, האָבן געציטערט פֿון קעלט און געבעטן אַ שטיקל ברויט און אַ מלבוש. אַלטע ייִדן האָבן זיך געשלעפּט אין רישקעס וואַסער און געקוקט, דאָ צום הימל, דאָ צו אַ טיר, בעטנדיק מ'זאָל זיי אַרײַנלאָזן. אַ פֿרוי איז געלאָפֿן שלעפּנדיק נאָך זיך אַ קאָלדרע, וואָס דער רעגן האָט זי געמאַכט אַלץ שווערער, און די פֿרוי, ווי זי וואָלט אַראָפּ פֿון זינען, האָט געמיינט, אַז דאָס וויל מען איר אַרויסרײַסן די קאָלדרע פֿון דער האַנט.

— דאָס איז די אײנציקע זאַך, וואָס כ'האָב נאָך געקענט ראַטעווען אַז מײַנע קינדערלעך זאָלן האָבן מיט וואָס זיך צוצודעקן. העלפֿט מיר, ייִדן, אַרויסשלעפּן די קאָלדרע...

אַ צווייטע פֿרוי האָט זיך געשלעפּט מיט צוויי קלײנע קינדערלעך אין אירע אָרעמס, נישט ווייסנדיק אַז אײן קינד ליגט מיטן קעפּל אַראָפּ. אַנ־דערע זענען אַרומגעלאָפֿן ווי משוגעע און געשריגן, נישט ווייסנדיק צי אַלע פֿון שטוב האָבן זיך אַרויסגעראַטעוועט פֿון דער פֿאַרפֿלייצונג.

דער רעגן איז געוואָרן וואָס אַ מאָל אַלץ שטורעמדיקער. עס האָבן זיך געהערט האַרצרײַסנדיקע געשרייען., וועלכע האָבן פּשוט געלעכערט דעם הימל.

ייִדן האָבן תּיכף אַרויסגעוויזן, אַז זיי האָבן ייִדישע הערצער. האָט גע־פֿונען זיך אַ שטוב, ווו דאָס וואַסער איז נישט אַרײַן, האָבן די אומגליקלעכע געטראָפֿן אַ היים, אַ בעט, אַ וואַרעם מלבוש. דאָס איז געווען אין די שטי־בער, אין דרויסן אָבער האָט געלויערט דער שונא — דער שלאַקסרעגן — און ווער ווייסט ווי אַזוי דאָס וועט זיך ענדיקן, ווײַל די גאַס איז געווען משופּעדיק און מ'האָט גאָרנישט געקענט טאָן, כּדי צו פֿאַרהאַלטן דעם שטראָם. בליצן האָבן דורכגעשניטן די פֿינצטערניש, זיך געשפּיגלט אין וואַסער; אויסגעדוכט האָט זיך, אַז אויך דער הימל איז פֿאַרשלעפּט געוואָרן. ווי דאָס וואַסער אַלײן וואָלט געזאָגט צו די ייִדן:

— אומזיסט קוקט איר ארויף צום הימל... נישטא מער קיין הימל! דער רעגן האט אויך דעם הימל דערטרונקן...

ווען אלע האבן זיך שוין געפונען אונטער א דאך, זענען מיר ארייגעגאנגען אין שטוב מיט אראפגעלאזטע אויגן און זיך געשעמט, ווייל מיר האבן קיינעם נישט געקענט ארייננעמען צו זיך אין שטוב, וואס האט זיך בלויז גערופן „שטוב", אין דער אמתן איז דאס געווען א שטאל ווו בהמות זענען פריער דארט געווען. צוליב די רעגנס און שטורעמס, האט זיך אויסגעוויזן, אז דער דאך הענגט אויף א האר... מיר האבן מורא געהאט אפילו די אויגן אויפצוהייבן און א קוק טאן...

אין דרויסן איז געווען ווי אויף יידישע הערצער. נאר דווקא אין אזא וויסטן וועטער, האבן מיר געגארט נאך נייעס פון ייפ״א...

ארייגקומענדיק אין שטוב האבן מיר באמערקט אז די נאסע וועש ליגט זינט עטלעכע טעג אין וואסער און קען נאך פארפוילט ווערן. האבן מיר אויסגעצויגן שטריק פון איין עק שטאל ביזן אנדערן עק און אויפגעהאנגען די וועש.

מיר האבן זיך געלייגט שלאפן. נישט קענענדיק אבער איינשלאפן, האט איינער געוואלט כאפן א שמועס מיטן צווייטן, נאר גיי רעד, אז די וועש פארשטעלט, נישט נאר דאס פנים, נאר אויך דאס קול... האבן מיר אויפגעהויבן די עקן פון דער הענגנדיקער וועש און געפרואווט רעדן. נאר אויך דאס מיטל האט נישט געהאלפן. דער הונגער האט געפלאגט, די קעלט האט געפייניקט און פון דער הענגנדיקער וועש האט געקאפעט פונקט ווי דער רעגן אין דרויסן. מער פון אלץ האבן אונדז נישט געלאזט איינשלאפן די בילדער וואס מיר האבן נאר־וואס געזען אין פארפלייצטן צלם־געסל, וואס איז געווען באוווינט פון יידן.

פלוצים איז אויסגעבראכן א שטארקער שטורעם־ווינט, וואס האט שיער נישט אראפגעריסן דעם דאך פון אונדזער שטוב. דער ווינט האט געריסן די טיר און די הענגנדיקע וועש האט אנגעהויבן זיך באוועגן. א שרעק איז מיך באפאלן און כ׳האב נישט געוווסט ווי אזוי זיך צו באהערשן, אז מיינע שוועסטערלעך זאלן עס נישט באמערקן.

כ׳האב געפרואווט איינהאלטן דעם אטעם, מיינענדיק, אז אזוי וועט די שרעק אוועק. אין מיינע האלוצינאציעס האב איך געמיינט, אז דאס הענגען

קאַדאַוורן אין ווייסע תכריכים, און זיי ווילן מיך אָנרירן... כ'האָב זיך גע־נומען רוקן פאָרויס, ביז כ'בין אָנגעקומען צו דער וואַנט...

מיט אַ מאָל האָב איך אויפגעוואַכט. ווילדע טופּעריַיען האָבן געהודעט אין דער טיר. געמיינט האָב איך, אַז דאָס איז דער ווינט, נאָר געווען זענען עס דייטשע סאָלדאַטן, וואָס האָבן געזוכט פּרויען... מיר זענען ווי פאַר־שטומט געוואָרן און פאַר שרעק איינגעהאַלטן דעם אָטעם. מיר זענען געלעגן און נישט גערירט זיך, ווי פּאַראַליזירטע.

אין יענער רגע האָט יעדע איינע פון אונדז זיך פאָרווינטשן דעם טויט, אײדער געשענדעט צו ווערן און דערנאָך ערשט קריגן אַ קויל אין קאָפּ, ווי עס טוען די רוצחים. ס'לעבן האָט שוין במילא קיין שום ווערט נישט געהאַט. וואָלט דען נישט בעסער געווען פאַר אונדז ווען אונדזערע קער־פּערס וואָלטן איצט שוין געלעגן קאַלטע, פאַרשטייפטע. ווער קען אונדז איצטער העלפן ?...

זינט די רוצחים האָבן אויפגעריסן די טיר איז פאַרביי אַ גאַנצע איי־ביקייט, און דווקא דעמאָלט האָט אין אונדזער אונטערבאַוווּסטזיין זיך דערוועקט אַ האָפענונג, אפשר וועט מען אונדז קומען צו הילף... נאָר ווער ? אין די שטיבער פון אונדזערע שכנים שפּילט זיך איצט אָפּ די זעלבע שפּיל...

אָנצינדנדיק אַ לאַמטערן און זעענדיק פאַר זיך העגגענדיקע וועש, זענען די רוצחים אַוועק דורך דער אָפן־געבליבענער טיר און מיר האָבן גאַנץ קלאָר געהערט זייער קללה :

— צום טויפל...

די דייטשן זענען אַוועק, איבערלאָזנדיק די טיר אַן אָפענע. יעדער איינער פון אונדז האָט אָנגענומען אַן עק פון דער העגגנדיקער וועש און אָפּגעווישט דערמיט דעם קאַלטן שווייס פון פנים. אַ גאַנצע נאַכט זענען מיר געלעגן און מיט קיין אבר נישט גערירט. דער שטורעם מיטן רעגן האָבן זיך געשפּילט מיט דער אָפענער טיר, ווייל מיר האָבן מורא געהאַט אַראָפּצוגייך, זי צו פאַרמאַכן.

אין דער פינצטערער נאַכט, וואָס בליצן האָבן באַלויכטן, האָבן מיר געבענטשט אונדזערע העגגנדיקע באַשיצער, די וועש, וואָס האָט אונדז פאַרבאָרגן פאַר די ווילדע חיות. אַז דער ווינט האָט שוין יאָ צוגעברענגט

אַ שפּיץ פון דער הענגנדיקער וועש צו מיין פּנים, האָב איך דאָס מיט ליבע אָנגענומען ווי אַ געטרייע, באַשיצערישע האַנט...

נעבן דער בלענדנדיקער ווייסקייט פון דער וועש, האָט די נאַכט אויס־געזען פיל פינצטערער, און ביים שיין פון בליצן, האָט די ווייסקייט באַקו־מען ראַזעווע שמייכלענדיקע פאַרבן. אָבער נאָר אויף אַ רגע, ווייל באַלד ווי דער בליץ האָט זיך פאַרלאָשן, איז די שוואַרצקייט געוואָרן נאָך טיפער, געדיכטער און די נאַכט, ווי זי וואָלט געוועזן די שרעק אַליין.

מיט אַ מאָל האָב איך דערפילט אַן אָפּשיין פון אַ ווייט ליכט. דאָס מאָל איז עס שוין נישט געוועזן קיין בליץ, נאָר די ערשטע סימנים פון מאָרגן־דעמערונג. ווי אַ לונאַטיקער האָב איך זיך אויפגעזעצט, געקוקט צו דער מאַמען, צו די שוועסטער, וועלכע זענען נעבעך, געלעגן פאַרפרוירענע און נישט געוואָגט צו מאַכן די מינדסטע באַוועגונג.

מורא האָבנדיק פאַרן אייגענעם שאָטן האָבן מיר איינגעהאַלטן דעם אָטעם, אָנגעטאָן זיך און טרעטנדיק שטיל און פּאַמעלעך צווישן די וועש, האָבן מיר זיך אַנידערגעזעצט אויף דער מאַמעס בעט, איינגענורעט איינע אין דער צווייטער, איינע דערוואַרעמענדיק זיך מיטן ביסל וואַרעמקייט פון דער צווייטער, זענען מיר אַזוי געזעסן ביז ס׳איז טאָג געוואָרן.

ווען מיר האָבן דערהערט, אַז מענטשן דרייען זיך שוין אין גאַס, זענען מיר אַרויסגעגאַנגען בעטן, מ׳זאָל אונדז העלפן די טיר ברענגען אין אָרדע־נונג. מיר האָבן געזען ווי די שכנים, בלאַסע און פאַראומערטע, דרייען זיך אַרום הין־און־צוריק אין די שטיבער.

דער זעלבער וועטער און די זעלבע שטימונג ביי אַלעמען!

קוקנדיק צו די שכנטעס, האָבן מיר תיכף פאַרשטאַנען, אַז זיי האָבן געהאַט אַ וויסטע נאַכט. קיינער האָט נישט געוואַגט צו פרעגן דעם אַנדערן וואָס מיט אים איז געשען, ווייל יעדנס פּנים האָט עדות געזאָגט... צע־שפּליטערטע משפּחות האָבן סיי ווי איבערגעטראָגן צרות אָן אַ שיעור, נאָר פאַר אַזעלכע מאַטערנישן האָט מען שוין, פּשוט, קיין כוח נישט געהאַט.

מאַכנדיק דעם סך־הכל פון די לעצטע איבערגעלעבטע 24 שעה, האָב איך געהאַט ס׳געפיל, אַז פון נעכטן ביז היינט זענען פאַרביי אַ סך, זייער אַ סך יאָרן. כ׳האָב מיט שרעק געפרעגט זיך: וואָס וועט זיין אויב ס׳וועט אונדז פאַרכאַפּן נאָך אַזאַ פאַרשאָלטענע נאַכט? וועלן מיר כוח האָבן דאָס איבערצוטראָגן?

דווקא אין אָט די ביטערע און שווערע רגעס איז געקומען אויפן גע־דאַנק אויך אַ צווייטע פראַגע:

— פון וואַנען האָבן אונדזערע זיידעס און באָבעס, יידן פון אַלע דורות, געשעפּט כוח איבערצוטראָגן אַזעלכע נסיונות? איז דאָס אפשר אַ צייכן, אַז אויך אַ סך פון אונדז וועלן איבערבלייבן, צעזייט און צעשפּרייט איבער דער גאָרער וועלט, מער ווי אין אַלע אַנדערע צייטן? מיט וועלכן שופר וועט מען בלאָזן, זיי צונויפצונעמען און פאָדערן אויך פאַר זיי אַ שטיקל ערד אונטער דער זון, ווייל נאָר די זון איבער אונדזער אייגענעם לאַנד וועט קענען דערוואַרעמען אונדזערע קאַלטע פאַרפרוירענע הערצער און געפילן.

ייפ״א האָט געמאָלדן, אַז שווערע שלאַכטן פירן זיך אויפן רוסישן פראָנט און די פאַרבינדעטע האָבן בדעה אָנצוהייבן די אָפענסיווע אין איי־ראָפּע. ס׳איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז די נאַפּט־גריבער זאָלן באָמבאַרדירט ווערן און אַזוי אַרום וועלן די דייטשן בלייבן אָן פּעטראָל, אין וועלכן זיי נייטיקן זיך אַצינד מער ווי תמיד. קיינער קען נישט אַרויסזען סאַראַ ענדע־רונגען ס׳וועלן פאָרקומען, נאָר לויט אַלע חשבונות, איז דער איצטיקער ווינטער זייער דעצידירנדיק פאַר די רוצחים פון דער מענטשהייט.

אַזוי האָט ייפ״אַ מודיע געווען. דערווייל איז דער טאָג זייער אַ טרויע־ריקער. רעגן, הונגער, אַליאַרמען, בונקערס, דונערן און בליצן, ווי דער הימל אַליין איז שוין אויך אין כעס, צוזעענדיק וואָס ס׳טוט זיך אָפּ אויף דער ערד און דערפאַר וויינט אויך ער, דער הימל אַליין... וויינט אָן אויפהער.

ווי נאָר מיר האָבן דערזען, אַז עס ווערט טונקל און די נאַכט דערנענ־טערט זיך, איז אונדז פינצטער געוואָרן אויף דער נשמה. מ׳האָט געוואָלט אַנטלויפן פון דער היים, אַבי נישט צו בלייבן אַליין.

מיט אַ מאָל האָבן זיך דערהערט געוואַלדן פון דערנעבנדיקן הויף. אונדזער שכנה, אסתר, אַן אַלמנה פון פּאָגראָם, אַ מאַמע פון פינף קליינע קינדער, איז געפאַלן אין חלשות. די אומגליקלעכע מאַמע האָט אַליין נישט געוווּסט וועמען צו געבן פריער דאָס שטיקל מאַמאַליגע און היינט האָט זי שוין דאָס אויך נישט געהאַט. נישט קענענדיק צוזען ווי אירע קינדער הונגערן, האָט זי געחלשט. כ׳האָב אַריינגעטראָגן אַ האַלב ברויט. מיר

האָבן געוואָלט מאַכן טיי, צו דערמונטערן זי, נאָר ווי נעמט מען עס? מיר אַליין האָבן קיין טיי נישט געהאַט.

נישט וועלנדיק האָט מען זיך דערמאָנט אין אַמאָליקע צייטן, ווען מיר זענען אויך געווען מיט לייטן גלייך, יעדער אין זיין שטוב. היינט גייען מיר פון שטוב צו שטוב, ווי הונגעריקע הינט. וואָס זאָג איך הינט? זיי איז פיל בעסער. זיי טשעפּעט מען נישט... זיי קענען פראַנק און פריי אַרומדרייען זיך און קיינער וועט זיי נישט זאָגן: ז ש י ד אַ ן!

כ׳האָב מיך צוגעקוקט צו די פינף קינדערלעך, יתומים פון „יענעם זונטיק", וועלכע האָבן זיך אַרומגעדרייט אַרום זייער אָן־כוחות־געבליבע־נער מאַמע, וואָס איז געלעגן אויף אַ הילצערן בעטל, מיט אַ ביסל שטרוי צוקאָפּנס... די אומגליקלעכע האָט שוין נישט געהאַט וואָס צו פאַרקויפן, בכדי צו פאַרזאָרגן אירע עופעלעך מיט עסן.

כ׳האָב אַפילו קיין איינציק טרייסטוואָרט נישט געהאַט פאַר איר, ווייל וואָס קענען איר שוין העלפן ווערטער? ווען אירע קינדערלעך דרייען זיך אַרום הונגעריקע. איר לעבן איז געווען פוסט און אַ טרייסטוואָרט פאַר איר אין דער רגע וואָלט געווען ווי דער אָנדענק פון אַ קאָשמאַרן חלום אין אונדזערע וויסטע און פינצטערע ווינטער־נעכט.

די טיר האָט זיך נישט פאַרמאַכט, ווייל אַלע מאָל איז אַריינגעקומען אַן אַנדערע שכנטע און די קינדערלעך האָבן זיך געוואָרפן אויף איר, ממש אַרויסרייסנדיק ס׳ביסל עסן פון די הענט. די מאַמע האָט געקוקט און גע־ווינט, געבעטן זיך ביי יעדן יינעם:

— טאָמער שטאַרב איך, זאָלט איר אין זין האָבן מיינע קינדער, מיינע אומשולדיקע שעפּעלעך...

עטלעכע שכנטעס האָבן זיך אַנידערגעזעצט נעבן איר, גלעטנדיק און טרייסטנדיק, זי זאָל זיך אָנטאָן אַ כוח בכדי איבערצולעבן די ביטערע צייט. איבערלעבן און זען נחת פון אירע קינדער. זי גופא דאַרף זיך אויך שטאַרקן.

כ׳בין צוריקגעגאַנגען אַהיים, ווייל ס׳איז געוואָרן נאַכט. אָפּגעקייעט אַ שטיקל שוואַרץ ברויט פון דעם וואָס די גוטע לענוצאַ האָט אונדז געגעבן. ס׳האָט זיך זייער געוואָלט אויך עפּעס טרינקען, נאָר ס׳וואַסער איז געווען פאַרפרוירן. אַפילו קיין שטיקל האָלץ אויף אָנצוואַרעמען אַ ביסל וואַסער, איז נישט געווען.

דעם טיש האָבן מיר צוגערוקט צו דער טיר, און ווידער זיך אַוועקגע־לייגט אין בעט, צווישן דער הענגנדיקער וועש.

מיט אַ מאָל האָט זיך אונדז אויסגעוויזן, אַז ס'הערן זיך טריט וואָס דערנענטערן זיך צו דער טיר און פּרוּוון די קליאַמקע. אַ פּיינלעכע שרעק איז אונדז אַלעמען באַפאַלן און מיר האָבן איינגעגראָבן די פּנימער אין די קישנס, ווייל מיר האָבן שוין גאַנץ גוט געוווּסט ווער עס זענען די וואָס קלאַפּן ביי נאַכט אין די טירן פון יידישע שטיבער. מיט אַ מאָל האָבן מיר דערהערט באַקאַנטע קולות... שעפּטשערייען:

— מיר זענען עס, מיר... מאַמע!...

די מאַמע איז אויפגעשפּרונגען און די ערשטע ווערטער וואָס זי האָט אַרויסגערעדט זענען געווען:

— קינדער,ביידע זענט איר געקומען?...

— יאָ, מאַמע!... — האָבן געענטפערט צוויי שטימען פון יענער זייט טיר.

די מאַמע האָט שוין קיין כוח נישט געהאַט צו רירן זיך. האָב איך געעפנט די טיר און אַרומגענומען מיינע צוויי ברידער. געזען האָב איך זיי נישט, נאָר אויף די באַקן האָב איך דערפילט זייערע הייסע טרערן.

נישט אויסרעדנדיק קיין וואָרט האָבן מיר זיך צוגעזעצט אויפן בעט, נעבן דער מאַמען, וואָס האָט געהאַלטן אין איין וויינען און קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט. אין דער פינצטער האָבן מיר געפילט ווי איר קערפּער ציט־טערט פון גרויס איבעררשונג. מיר אַלע זענען איינגעשלאָפן אויפן ראַנד פון דער מאַמעס בעט, מיט אַראָפּגעהאַנגענע פיס, ביז דער פרימאָרגן האָט אונדז אויפגעוועקט און די ערשטע זאַך איז געווען זיך איבערצוצייגן, אַז דאָס איז נישט קיין חלום.

די ברידער זענען געשלאָפן, נאָר אַ פאַרעלטערטקייט האָט פאַרטונקלט זייערע פּנימער און זיי האָבן אויסגעזען ווי זקנים. כ'האָב נישט געוואָלט גלייבן די אייגענע אויגן מיינע, אַז זיי זענען עס באמת דאָ, נעבן אונדז.

נאָכן אויפשטיין האָבן די ברידער דערציילט וואָס זיי זענען אויסגע־שטאַנען און וואָס ס'דערוואַרט נאָך זיי דאָ... דער לאַגער פון טאַדירען האָט געשמט אַלס איינער פון די „מענטשלעכסטע". מ'האָט נישט געשלאָגן, נאָר געאַרבעט האָט מען שווער און ס'עסן איז געווען זייער געמיין. מ'האָט גע־אַרבעט מיט בלוטנדיקע אָפענע ווונדן, ווייל די אַרבעטס־כלים זענען נישט

געווען פּאַסיק צו אַזאַ שווערער אַרבעט און מעדיצינישע הילף איז אויך נישט געגעבן געוואָרן.

דאָך האָבן זיי פאַרמאָגט עפּעס וואָס קיינער אין דער וועלט וואָלט דאָס זיי נישט געקענט געבן און אויך נישט צונעמען: אַ יידיש געפיל, אַז זיי ליידן נאָר דערפאַר וואָס זיי זענען יידן.

ערשט דאָרט, אין די שטיינהאַקערייען, האָבן זיי דערקענט דעם אונ־טערשייד צווישן ייד און גוי, געטרוימט וועגן העלערע טעג, ווען זיי וועלן אויפהייבן די אויגן צו אַנדערע הימלען, ווייל דאָ, אויף דער פאַרשאָלטע־נער ערד פון די גויים, זענען אַפילו די הימלען פרעמד און פאַרוואָלקנט פאַר יידן. זייער איינציקער ווונטש און טרייסט איז געווען: יידישע הימלען איבער יידישער ערד.

ס׳קאַלטע וואַסער מיט וועלכן מיר האָבן אָפּגעוואַשן די פאַרשלאָפענע פּנימער האָט אויפגעמונטערט. ערשט דאַן האָבן מיר באַמערקט, אַז אויך דער רעגן איז פאַרביי, מיטשלעפנדיק דעכער פון יידישע שטיבער ווו ס׳וואַסער איז אַריין און פאַרניכטעט אַלץ וואָס האָט זיך דאָרט געפונען, אין דער אָרעמער יידישע שטוב.

די קרבנות פון דער פאַרפלייצונג האָבן געשאַפן אַ ניי אַנגעווייטיקט פּראָבלעם פאַר דער קהילה, וועלכע האָט סיי ווי שוין נישט געהאַט מיט וואָס צו העלפן. אין דער קהילה איז פאַר זיי קיין פּלאַץ נישט געווען און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ ניי גלות, פון גאַס צו גאַס, ווו ס׳האָבן זיך נאָך געפונען אַלטע שטיבער, נאָר צוליב די רעגנס און באָמבאַרדירונגען זענען די פונדאַמענטן שוואַך געוואָרן און עס איז געווען אַ סכנה צו זיצן אין זיי.

מ׳האָט געקענט זען איבער יאַסער גאַסן, אין די קאַלטע רעגנדיקע טעג, יידן מיט פּעקלעך אויף די פּלייצעס, גייען פון שטוב צו שטוב און בעטן נישט קיין שטיקל ברויט, נאָר אַן אָרט ווו דעם קאָפּ אַנידערצולייגן. האָט איינער שוין יאָ געהאַט אַ שטיקל דאַך איבערן קאָפּ, האָט ער מיט טרערן באַגלייט די יידישע ברידער זיינע און דורך דער שויב זיי נאָכגע־קוקט ווי זיי לאָזן זיך איבער אַנדערע הייזער.

10 אַ זייגער אין דער פרי זענען די ברידער מיינע געגאַנגען אין רעקרוטירונגס־אַמט, און דער אונדז שוין באַקאַנטער פלוטאָניער פאַנאַרו האָט זיי איינגעאָרדנט אין אַ מיליטערישן וואַרשטאַט ווו עס זענען צוגע־

גרייט געוואָרן וואַרעמע מלבושים פאַר די סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיך געפֿונען אויפֿן פראָנט.

פון יענעם טאָג אָן איז פאַנאַרו געוואָרן צו אונדז עפּעס נענטער, האַרציקער... מיר האָבן מורא געהאַט אים עפּעס צו זאָגן, ער זאָל עס נישט שלעכט אויסטייטשן, ווייל גוי בלייבט גוי... פון דער אַנדערער זייט אָבער, האָט ער געבעטן מיר זאָלן קומען צו אים אין שטוב.

אין איינעם אַ פרימאָרגן האָב איך זיך איינגעשטעלט און אַריינגעגאַנגען. זיין פרוי האָט מיר תיכף דערלאַנגט אַ שיסעלע מיט פּאַפּשוי־מעל, און געזייערטע אוגערקעס, האָב איך נישט געוווּסט ווי אַזוי אָפּצודאַנקען דערפאַר און געבליבן שטיין אַ שטומע און פאַרגליווערטע.

— נעם, נעם, שעם זיך נישט. איך ווייס, אַז איר זענט אַ גרויסע משפּחה און איר האָט נישט פון וואַנען צו נעמען...

אויפגעוועקט פון מיין פאַרגליווערטקייט האָט מיך אַ רומעניש לידל, וואָס איז געזונגען געוואָרן אין ראַדיאָ, און די צוויי קליינע שיקסעלעך האָבן נאָכגעזונגען:

אין דרויסן איז ווינטער, ס׳איז קאַלט און ס׳איז שווער,
דער ווינט — אומעטום טוט אַ שריי ער;
מיטיקאַ איז קליין און אַ יתום איז ער —
אין סאָבע * נישטאָ איז קיין פייער.

כ׳האָב נישט געפילט ווען זי האָט מיר אַריינגעשטופּט אין האַנט ס׳ביסל מעל מיטן געזייערטס. כ׳בין אין גאַנצן פאַרכאַפּט געוואָרן פונעם ליד. אַפילו ווען כ׳בין שוין געווען אין גאַס, זענען מיר נאָכגעגאַנגען די קלאַנגען:

אין דרויסן איז ווינטער, ס׳איז קאַלט און ס׳איז שווער —
משהלעך, שלמהלעך, טויזנטער יידישע יתומימלעך און —
אין סאָבע נישטאָ איז קיין פייער.

דער וועג אַהיים איז נישט געווען קיין קורצער. כ׳בין געגאַנגען און געוויינט. מענטשן האָבן מיך באַגעגנט און דער ריח פונעם געזייערטס האָט צוגעצויגן, גערייצט... האָב איך יעדן איינעם געגעבן אַ שטיקל אוגערקע. ווען כ׳האָב שוין נישט געהאַט וואָס צו געבן, האָבן די פאַרבייגייער געטרונקען דעם זויערן ראָסל, אַבי צו פילן עפּעס אַ טעם.

---

* אויוון.

כ׳האָב אָנגעהויבן צו אײַלן זיך, ווײַל מיטן מעל האָב איך שוין נישט געקענט טאָן וואָס כ׳האָב געטאָן מיט די געזייערטע אוגערקעלעך. אַהײם בין איך געקומען מיט העלפט פונעם מעל. יעדן געגעבן בלויז אַ זשמענקעלע, צו האָבן מיט וואָס צו באַפּאַרבן ס׳ביסל געזאָטענע וואַסער.

ס׳איז געווען מיטאָג־צײַט, ווען כ׳בין אַהײם געקומען. דערזעענדיק ס׳ביסל מעל, האָט די מאַמע אויפגעזאָטן וואַסער מיט עטלעכע שפּענדלעך וואָס די ברידער האָבן צונויפגעקליבן און נאָך דעם ווי זי האָט אַרײַנגעשיט דאָס מעל אין געקאָכטן וואַסער, האָט יעדער באַקומען אַ ביסל „זשאָנדרע״. געווען איז דאָס, אַזוי צו זאָגן, אַ מין יום־טובדיקע סעודה לכבוד די ברי־דער, וועלכע זענען צוריקגעקומען פון וואַרשטאַט, ווו זיי האָבן געאַרבעט.

די ברידער זענען געווען די צושנײַדערס און צוגעגרייט אַרבעט פאַר אַנדערע, וועלכע האָבן זיי אויפגעגנייט. יעדן טאָג האָבן זיי באַדאַרפט התמע־נען אַז זיי זענען געקומען צו דער אַרבעט און איין מאָל אין צוויי וואָכן, האָבן זיי געחתמעט אַז זיי האָבן באַקומען דעם „געהאַלט״, וואָס איז געווען נישט מער ווי טויטע ציפערן אויפן פּאַפּיר, ווײַל די אָנפירער פון וואַר־שטאַט האָבן גענומען די געלטער און געהייסן האָט עס, אַז זיי באַנוצן זיך מיט זיי אויף די הוצאות פון וואַרשטאַט...

אַזוי האָט דאָרט געאַרבעט אַ גאַנצע אַרמיי פון אַרבעטער, קוואַליפי־צירטע ווי אויך אַזעלכע וועלכע האָבן קיין נאָדל אין האַנט נישט געקענט האַלטן און צוגעגרייט וואַרעמע פעלצן פאַר די רוצחים פון אונדזער פאָלק. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געפאָדערט מ׳זאָל זיי נייען לויט געוויסע מאָדעלן, נאָר ס׳רוב האָבן זיך באַנוגנט מיטן מלבוש ווי ס׳איז געווען, אַבי נישט צו לײַדן פון קעלט.

אָונט נאָך אָונט, בײַ קאָמופלירטע פענצטער און ביים אָרעמען און קאַרגן שײַן פון קליינע ליכטעלעך, האָבן די ברידער אָנגעהויבן פאַרענ־דיקן די אַרבעט פאַר די פּויערים, וועלכע זענען אונדז דערגאַנגען די יאָרן זינט דער טאַטע איז פאַרשיקט געוואָרן און איבערגעלאָזט זײַערע אַרבעטן נישט פאַרענדיקטע. בכדי זיי זאָלן נישט דאַרפן באַצאָלן פאַר דער אַרבעט, האָבן די פּויערים אויסגעטראַכט כלערליי נישט־געשטויגענע מעשיות, און מיר זענען געווען גליקלעך ווען מ׳איז פון זיי פּטור געוואָרן, אומקערנדיק זיי די אַרבעטן, נישט מאָענדיק בײַ זיי קיין געלט. איינער האָט געטענהט, אַז מ׳האָט אים פאַרביטן די סחורה, אַ צווייטן איז די

אַרבעט נישט געפּעלן און כאַטש זיי זענען אַוועקגעגאַנגען מיט די וואַרעמע מלבושים אין דער האַנט, האָבן זיי אונדז נאָך גוט אָנגעשאָלטן און גע־שריגן בקולי קולות, אַז דאָס וואָס מען פאַרשיקט אונדז צום בוג איז נאָך צו ווייניק...

זיי זענען אַוועקגעגאַנגען, נישט פאַרגעסנדיק אויסצולאָזן זייער כּעס אויף צו דער טיר, וואָס איז געווען שטאַרקער פון אײַזן, אויב זי איז נישט צעשמעטערט געוואָרן.

פאַרענדיקט מיט די פּויערים, האָבן די ברידער זיך גענומען צו דער אַרבעט פונעם פּריץ אַלעקסיוק. דער דאָזיקער פּשוטער גוטבאַזיצער, אָבער מיט אַ מענטשלעך האַרץ, האָט צוגעהאָלפן אַ סך פון זײַנע באַקאַנטע יידן, און צווישן זיי אויך אונדז. ווי נאָר מײַנע ברידער האָבן געענדיקט די אַרבעט און אים דערפון מודיע געווען, האָט ער געשיקט זײַן קאָמופּלירטן שליח, דעם ייד יואל ראַשוי, ער זאָל אונדז באַצאָלן פיל מער ווי ס׳איז געקומען פאַר דער אַרבעט און אויך צוגעשיקט שפּײַז אויף עטלעכע וואָכן.

אונדזער מאַטעריעלע לאַגע האָט זיך אַ ביסל פאַרבעסערט און מיר האָבן אויך געקענט עפּעס שיקן דעם טאַטן, פון וועמען ס׳זענען געקומען טרויעריקע ידיעות. זײַן אײַנציקע טרייסט איז געווען וואָס זײַנע צוויי טייערע זין זענען נישט אין דעם זעלבן לאַגער ווו ער געפינט זיך. ער האָט געבעטן אַז די ברידער זאָלן אייגנהענטיק זיך חתמענען... בלויז זייער חתימה אים שיקן, בכדי ר׳זאָל זײַן זיכער אַז זיי זענען ווירקלעך אין דער היים. ר׳האָט זיך אַזוי פיל אָנגעהערט וועגן דעם לעבן אין די לאַגערן, אַז ער צווייפלט שוין נישט אין דער בייזער כוונה פון די רוצחים, וועלכע האָבן זיך אַרײַנ־גענומען אין קאָפּ, צו פאַרניכטן אַלע יידן.

די סאָלדאַטן וועלכע האָבן זיי געהיטן, האָבן אַליין געזאָגט, אַז ס׳איז זיי שוין נמאס די גאַנצע שפּיל. אין אַנדערע לאַגערן — פלעגן טענהן די סאָלדאַטן — האָט מען פּשוט צונויפגענומען די יידן און זיי אויסגעשאָסן. זיי האָבן נאָך צוגעגעבן, אַז אויף וויפל זיי ווייסן וועט מען ביז פּסח אַוועק־שיקן אַלע יידן פון רומעניע אויף צוואַנגס־אַרבעט, ביז זיי וועלן אויס־שטאַרבן. די פרויען וועט מען שיקן אין די מיליטערישע מחנות, די קינדער וועלן תיכף פאַרניכטעט ווערן, און די אַלטע לייט וועט מען לאָזן גיין איבער וועגן ביז דער שניי וועט זיי צודעקן און פרילינגס־צייט וועלן די פאַרפלייצונגען זיי פאַרשלעפּן פון איבער די וועגן.

דאָס אַלץ האָט ער אונדז צו וויסן געגעבן דורך רמזים, וואָס מיר האָבן זיי גוט אויסגעטייטשט, ווייל אַפילו אין יאַס האָבן די גויים נישט אַנדערש גערעדט און געטראַכט.

כאָטש אין דער קוועסטור האָט מען גאַנץ גוט געוווּסט, אַז דער טאַטע געפינט זיך אין טראַנסניסטריע, האָבן זיי פון דעסטוועגן נישט פאַרגעסן אונדז צו באַזוכן אין די נעכט, און מיט קלאַפּנדיקע פויסטן אין טיש געדראָט און געשריגן, מען זאָל זיי זאָגן ווו דער טאַטע איז. מיר האָבן זיך געטרייסט וואָס די „באַזוכן" ווערן געמאַכט ביי טאָג, ווען די ברידער געפינען זיך ביי דער אַרבעט און אַזוי אַרום ניצול געוואָרן פון אַ סך אומאָנגענעמלעכקייטן, ווייל מיר האָבן געהאַט דעם איינדרוק, אַז די קוועסטור־שליחים ווייסן נישט וואָס ס'טוט זיך מיט זיי. זיי ווייסן אַפילו נישט וועגן דעם, אַז די ברידער געפינען זיך שוין אין דער היים... דער־פאַר טאַקע איז דער איינציקער „מסוכנער" — דער טאַטע...

קאָלט איז טאַקע געווען, אָבער די דערפרייענדיקע בשורות פון ייפ"אַ האָבן דערוואַרעמט, כאָטש קיין שטיקל האָלץ איז אין שטוב נישט געווען.

הייסט עס, אַז די חיות הייבן שוין אָן באַקומען זייער אמת אַפּקומעניש. מ'האָט בשום אופן נישט געוואָלט גלייבן, כאָטש אויך אין די רומענישע צייטונגען האָט מען צווישן די שורות געקענט לייענען עפּעס ענלעכס צו דעם, וואָס ייפ"אַ האָט נאָך נעכטן פאַרויסגעזאָגט.

דאָס וואָרט „פּ אַ ר ט י ז אַ ן" איז אַרויסגערעדט געוואָרן מיט אַ מין יראת הכבוד, מיט אַ הייליקן ציטער. בעיקר, ווען מ'האָט דערציילט ווי זיי „כאַפּן אַריין" אַ דייטשן פּאַטרול... ס'ערשטע נעמט מען ביי אים צו דאָס געווער און ווייל יעדע קויל איז טייער, פירט מען זיי אַוועק אין וואַלד און מ'דערהרגעט זיי ווי פשוטע הינט...

שיינע מעשיות... אָבער אין אונדזער דעמאָלטיקער ווירקלעכקייט, ווען מיליאָנען יידן זענען אומגעקומען און דער אופן ווי מ'האָט זיי אומגעבראַכט, זענען די גבורה־אַקטן פון דערמאָרדן עטלעכע דייטשע פּאַטרולן, געווען קינדער־שפּיל... ווער ס'וועט דערלעבן צו זען ס'גאַנצע דייטשע פאָלק דערנידעריקט, אויף די קני, דער וועט זיין דער אמתער גליקלעכער. דערווייל האָבן די דייטשן וואָס צו עסן. יידן נייען פאַר זיי וואַרעמע מלבו־

שים. דער פּראָנט איז ווייט פון זייער דייטשלאַנד. די דייטשע פּרויען פאַרברענגען גאַנץ געמיטלעך אין זייערע היימען, ווייסנדיק, אָדער מ׳מאַכט זיך נישט ווייסנדיק, אַז זייערע מענער שטייען פּנים אל פּנים מיטן טויט... אַרום געגרייטע טישן, מיטן שענסטן און בעסטן, וואָס זייערע מענער האָבן זיי צוגעשיקט, פאַרברענגען די דייטשע פרויען גאַנץ גוט און אַזוי אַרום ווערן זיי שותפטעס צום מאָרד פון מיליאָנען, וועלכע לאָזן אַלע מאָל אויך איבער נאָך זיך אַלמנות און יתומים.

ס׳האָט זיך זייער געוואָלט, אַז דער ווינט זאָל טאָן אַ דריי אויס פאַר זייערע אויגן די טייכן פונעם פאַרגאָסענעם בלוט. זאָלן אויך די דייטשע מאַמעס דערפילן דעם טעם פון יידישע פרויען. זאָלן זיי דאָס פילן אויף זייער אייגענער הויט — די דייטשע מיידלעך, די נאַר־וואָס געבוירענע קינדער...

אַזוי האָט מען געטראַכט, אין דער ווירקלעכקייט אָבער, איז יעדער געווען אַפּאַטיש צום לעבן וואָס האָט אונדז געשליידערט פון היינט אויף מאָרגן. קיינער האָט וועגן דער צוקונפט נשט געטראַכט, ווייל יעדער האָט געוווסט, אַז ס׳איז נישט כדאי. מ׳האָט זיך איינגעוווינט צום געדאַנק, אַז יעדע רגע קען מען שטאַרבן און מ׳האָט שוין אַפילו קיין ציטער נישט געטאָן ווען מ׳האָט זיך דערוווסט, אַז פלוני איז טויט, אָדער מ׳האָט אים פאַרשיקט, אָדער ר׳איז נעלם געוואָרן.

איין מאָל ביינאַכט האָבן מיר געהערט קלאַפּן אין טיר און ווידער דאָס אַלט־נייע לידל:

— אין נאָמען פון געזעץ — עפנט!...

מ׳האָט איבערגעקערט אַלץ וואָס איז געווען אין שטוב, זוכנדיק אויב מיר שטייען נישט אין פאַרבינדונג מיט די פאַרטיזאַנער פון... רוסלאַנד. מ׳האָט געהאַקט די ווענט, אויסצוגעפינען דעם אַפּאַראַט דורך וועלכן מיר גיבן איבער ידיעות קיין מאָסקווע...

סאַראַ נאַרישן און בהמישן אויסזען ס׳האָבן דעמאָלט געהאַט אין אונ־דזערע אויגן די שליחים פון געזעץ... נאָר וואָס האָט מען געקענט טאָן? זיי האָבן באַלעבאַטעוועט איבער אונדז און מיר האָבן געמוזט שווייגן.

מחמת גרויס שנאה צו אונדז האָבן זיי אַליין זיך קיין רעכענונג נישט אָפּגעגעבן פון דעם וואָס זיי רעדן. מיר זענען געוואָר געוואָרן טאַקע פון זייער אייגן מויל, אַז די פאַרטיזאַנער האָבן זיך גענומען גאָר ערנסט צו

דער עבודה: זיי רייסן אויף צוגן, רעקווירירן שפּייז און פלייש־דעפּאָזיטן פון דער אַרמיי און טאַקע דערפאַר וויל די יאַסער קוועסטור וויסן, פון וואַנען ווייסן עס די פּאַרטיזאַנער אין טראַנסניסטריע, ווען עס גייען אָפּ פון יאַס די שפּייז־צוגן... הייסט עס, אַז יאַסער יידן וועלכע זענען פאַר־שיקט געוואָרן צום בוג, שטייען אין פאַרבינדונג מיט זייערע משפחות אין יאַס, וועלכע גיבן זיי איבער געגויע ידיעות...

ביז פאַרטאָג האָבן די לאַמטערנעס געפּאָרשט אונדזערע פּנימער:

— זאָגט, זשידאַנעס, ווי אַזוי געלינגט אייך איבערצוגעבן די פּאַרטי־זאַנער אַלץ וואָס דאָ טוט זיך... מיר וועלן אייך שוין אָנלערנען, שפּיאָנען וואָס איר זענט!...

זיי האָבן געהאַלטן אין איין נישטערן ביז זיי האָבן אויסגעפונען, אַז מ׳אַרבעט פוטערוואַרג. אַ זאַך וואָס איז לויטן געזעץ שטרענג פאַרבאָטן. האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע פּרשה פאַרשונגען און פאַרצייכענונגען, צו וועמען ס׳געהער די פאַרבאָטענע סחורה? פאַרוואָס געפינען זיך די ברי־דער אין דער היים און נישט אין די לאַגערן? ווען די ברידער האָבן גע־וויזן דעם געשריבענעם באַפעל, לויט וועלכן זיי זענען מאָביליזירט ביי דער אַרבעט אין די מיליטערישע וואַרשטאַטן, זענען די פּאָליציי־שליחים ממש אַרויס פון די כלים. ס׳טייטש? די אַרמיי טוט אָפּ זאַכן און אין דער פּאָליציי ווייסט מען נישט דערפון. דאָ האָבן זיי ערשט אָנגעהויבן צו רעוועון:

— מיר וועלן אייך ווייזן, זשידאַנעס!... איר זיצט אין דער היים, ביי אָנגעהייצטע סאָבעס און אונדזערע ברידער ווערן געפרוירן פאַר קעלט און קעמפן פאַר אייך. אָנשטאָט צו זיין געטריישע מענטשן און אַרבעטן נאָר פאַר דער אַרמיי, גנבעט איר פון דאָרט סחורות און פירט שוואַרצע געשעפטן.

אומזיסט האָבן מיר זיי געגעבן צו פאַרשטיין, אַז די סחורה געהערט צו רומענער פאַר וועמען זיי אַרבעטן. די סחורה איז קאָנפיסקירט געוואָרן. קריסטן האָבן זיך נישט געלאָזט און אַרויסגענומען זייער סחורה פון דער קוועסטור, נאָר יידן וואָס האָבן געבראַכט אַן אַלט פוטער איבערצונייען דערפון אַ מלבוש פאַר קליינע קינדער, האָבן אַפילו נישט געוואַגט צו גיין אין דער קוועסטור, ווייל זיי האָבן געוווסט וואָס ס׳דערוואַרט זיי דאָרט.

פון דעמאָלט אָן האָט די טיר זיך נישט פאַרמאַכט. יעדעס מאָל זענען געקומען נייע פּאָליציסטן און ביז מ׳האָט נישט געאַרבעט פאַר זיי און פאַר זייער גאַנצער משפחה, האָבן זיי נישט צו רו געלאָזט. איינער האָט שוין

געשיקט דעם צווייטן און אויב מ׳האָט זיי דערמאָנט צו באַצאָלן, האָבן זיי זיך נישט געשעמט צו ענטפערן:

— זייט צופרידן וואָס איר קומט אָפּ נאָר מיט דעם וואָס איר אַרבעט פאַר אונדז...

אין יידישן געסל האָט די נויט זיך געמערט. שפּיז איז נישט געווען. הילף האָט מען נישט געטראָפן און דערפאַר האָבן זיך געמערט קראַנקייטן. נישט געווען קיין שטוב אָן אַ קראַנקן. די קריגס־פאַרוווּנדעטע האָבן זיך אויך געמערט און די דריי געוועזענע יידישע שפּיטאָלן פון יאַס, ס׳יידישע שפּיטאָל, ס׳שפּיטאָל אויפן נאָמען פון ד״ר געלערטער און ס׳שפּיטאָל „קאַריטאַס" זענען רעקווירירט געוואָרן דורך דער אַרמיי.

די יידישע קהילה האָט נישט געהאַט קיין מיטלען צו שטילן דעם הונגער, ווי אויך צו העלפן מ׳זאָל קענען אויסשטיין די שווערע קעלט. מעדיקאַמענטן איז אוממעגלעך געווען צו באַקומען. די באָמבאַרדירונגען האָבן זיך געמערט און אַפילו אין די שפּיטאָלן האָט מען שוין פאַרצייכנט די פאַרווונדעטע וועלכע זענען געבראַכט געוואָרן פונעם פראָנט, אַז זיי זאָלן זיין די ערשטע אויפגענומען צו ווערן אין שפּיטאָל, און נישט די פאַר־ווונדעטע פון די באָמבאַרדירונגען הינטערן פראָנט.

דער טויט האָט אָבער אָנגעטראָפן דווקא אין אַזעלכע פלעצער ווו מ׳האָט זיך גאָרנישט געריכט אויף אים.

סירענעס האָבן פאַרטויבט די אויערן. פון איין זייט — ענגליש־אַמעריקאַנישע עראָפּלאַנען און פון דער אַנדערער זייט — רוסישע וועלכע האָבן אויך געוואָרפן מאַניפעסטן פאַר דער ציווילער באַפעלקערונג, וווּ ס׳האָט זיך געזאָגט, אַז זיי וועלן באָמבאַרדירן אומעטום, אויפן פראָנט און הינטערן פראָנט, ביז די חיה וועט אין גאַנצן פאַרניכטעט ווערן.

די דייטשע עראָפּלאַנען זענען תמיד אַקעגנגעפלויגן די רוסישע „פייגעלעך", נאָר אין דער לעצטער צייט האָט זיך די דייטשע „לופטוואַפע" באַוויזן נאָר נאָך דעם ווי די רוסן האָבן אָפּגעטאָן דאָס אמתע שטיקל אַרבעט: געוואָרפן ברען־באָמבעס ביי טאָג און ביי נאַכט, וואָס האָבן זיך גאַנץ קלאָר אָנגעזען ביים פאַלן, ווי אויך ביים אויפרייס. פון איין עק שטאָט ביזן אַנדערן עק האָט מען געזען פייער און פלאַמען. געוואַלדן פון די פאַרווונדעטע האָבן זיך געהערט איבער דער גאַנצער שטאָט. איז דאָס געווען אַ רומענער האָט זיך תיכף געפונען פאַר אים אַ בעטל אין איינעם פון די שפּיטאָלן. איז דאָס

געווען אַ ייד, האָט מען אַפּילו נישט געוואָגט מודיע צו זיין דעם רויטן קרייץ, אַז ער זאָל שיקן אַן אַמבולאַנס איבערצופירן דעם פאַרווונדעטן אין שפּי־טאָל. ווער האָט אים דען געוואָלט אויפנעמען?

איינע פון די דאָזיקע שלאַכטן איז פאָרגעקומען ממש איבער אונדזערע קעפּ. די דייטשע עראָפּלאַנען האָבן געוואָלט באַווייזן בראַוווּר־אַקטן, נאָר מען ווייסט נישט ווי אַזוי די אַמעריקאַנער מיט די רוסישע זענען מיט אַ מאָל אויסגעוואַקסן אַרום זיי. קיין באָמבעס האָט מען נישט געקאָרגט. פון אונטן האָבן די מיליטערישע כלים אַרויפגעשאָסן און זיי האָבן אַזוי „מצליח" געווען, אַז זיי האָבן געצילט אין די אייגענע דייטשע עראָפּלאַנען, וועלכע האָבן אָנגעהויבן ברענען אין דער לופטן, נאָר ס׳מזל איז געווען וואָס זיי זענען אַראָפּגעפאַלן ווייט פון אונדז, איבער די רומענישע קוואַרטאַלן פון נעבן דעם טשעטאַצויע־באַרג.

נאָך אַזעלכע אויפרייסן און באָמבאַרדירונגען האָט די רומעניש־קריסט־לעכע באַפעלקערונג זיך אויפגעכאַפּט ווי פון אַ טיפן שלאָף. הייסט עס, אַז נישט נאָר די זשידאַנעס, נאָר אַפילו די געוועזענע פאַרבינדעטע, די אַמע־ריקאַנער און די ענגלענדער וואַרפן מאַניפעסטן און זענען מודיע, אַז די דייטשן זענען רוצחים, פאָדערן פון דער באַפעלקערונג צו העלפן מ׳זאָל פאַרניכטן דעם ערגסטן שונא פון דער מענטשהייט.

די מאַניפעסטן זענען אויך פון קריסטן געלייענט געוואָרן אויף אַ הויך קול, דערציילנדיק זייערע שכנים וואָס דאָרט שטייט געשריבן. אַ סך האָבן אָנגעהויבן זיך פאַרטראַכטן וועגן דעם וואָס עס וועט זיין מאָרגן. עפּעס זענען זיי שוין נישט אַרומגעגאַנגען מיט פאַרריסענע נעזער, ווי ביז אַהער. זיי האָבן שוין אויך אָנגעהויבן צו ציטערן פאַר דער אייגענער פעל. אמת, דער פראָנט איז טאַקע ווייט, נאָר די עראָפּלאַנען קלאַפּן דווקא אין דער ציווילער באַפעלקערונג, וועלכע געפינט זיך גאָר ווייט פון פראָנט.

אין די בונקערס האָט מען נישט געקענט אַראָפּגיין, ווייל זיי זענען געווען באַדעקט מיט שניי און מ׳האָט אַפּילו נישט דערקענט דעם אַריינ־גאַנג צו זיי. יעדער איז געשטאַנען דאָרט ווו עס האָט אים פאַרכאַפּט, גע־ציטערט און געזען פאַר זיך דעם טויט.

צו דער אַרבעט זענען שוין נישט געגאַנגען אַפילו די, וועלכע האָבן נאָך געהאַט אַ מעגלעכקייט עפּעס צו פאַרדינען, מורא האָבנדיק, אַז די באָמבע זאָל זיי נישט טרעפן אויפן וועג צו דער אַרבעט און די משפחה

וועט אַפילו נישט וויסן ווו זייער געביין איז אַהין געקומען. אַפילו די רומע־נער האָבן גאַנץ אָפט אָנגעהויבן צו רעדן קעגן דער מלחמה און פריי צוגע־הערט זיך צו די מעלדונגען פון מאָסקווע און לאָנדאָן, דערציילט עס אַפילו יידן, צו וועלכע זיי האָבן אָנגעהויבן אַרויסווייזן אַ מער מענטשלעכע באַ־ציונג.

די לאַגע אויפן פראָנט האָט זיך פאַרערגערט. די דייטשן האָבן כסדר געשיקט רעזערוון אויפן פראָנט, נאָר אַפילו די לופט האָט זיך ווי געענדערט און יידן האָבן געשאַפן אַ נייע מעלדונג־אַגענטור ייווו"א (יידן ווילן אַזוי), און אָנגעהויבן צו טרייבן, נישט נאָר ידיעות, נאָר פּשוט געטריבן די מלחמה ווי אַזוי די ייוו"אַ־אַגענטן האָבן געוואָלט אַז ס'זאָל זיין.

ווידער אַ מאָל האָבן די דייטשן אָנגעהויבן צו „באַזוכן" יאַס. צוריק־ציענדיק זיך פונעם פראָנט, האָבן זיי זיך געניייטיקט אין קוואַרטיר און ווו נאָר ס'איז געווען אַ שטוב, וואָס מ'האָט נאָך געקענט זיצן אין איר האָבן זיי די יידן אַרויסגעטריבן און נישט געלאָזט זיי מיטנעמען אַפילו אַ קישעלע, אָדער אַ דעק, זיי זאָלן האָבן מיט וואָס צוצודעקן די קליינע קינדערלעך.

אין מיטן דער נאַכט זענען זיי אָנגעקומען, די דייטשן, מיט ווילדער רציחה אַרויסגעטריבן די יידן און טאַקע תיכף אַריינגעלייגט זיך אין די בעטן. יידן, וואָס האָבן נאָך געהאַט מאַטעריעלע מעגלעכקייטן, ווי אויך פאַרבינדונגען מיט קריסטן, זענען געזעסן אין וווינונגען ביי קריסטלעכע באַלעבאַטים, אָדער זיי האָבן באַצייטנס אויף אַ פיקטיוון אופן, איבערגע־שריבן זייערע שטיבער אויף קריסטלעכע נעמען. נאָר אויך דאָס האָט נישט געהאָלפן. אין מיטן דער נאַכט זענען זיי אַרויסגעטריבן געוואָרן. בכבודיקע, נאָך פאַרמעגלעכע יידן, האָבן אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט באַדאַרפט אָנקלאַפן אין דער טיר פון אַן אָרעמען קרוב אין צלם־געסל, ר'זאָל זיי אַריינלאָזן ביז ס'וועט טאָג ווערן. יאָ, דעם אָרעמען קרוב פונעם צלם־געסל איז אין יענער רגע געווען מקנא צו זיין. ר'האָט נאָך געהאַט אַ דאַך איבערן קאָפּ, און זיי, די נאָר־וואָס אַרויסגעטריבענע, אָן גאָרנישט זענען זיי געבליבן.

אין איינעם אַ טאָג, געווען איז עס אין אַפּריל 1943, האָט אַ קריסט אָנגעקלאַפּט אין טיר, בעטנדיק ביי די ברידער מיינע, זיי זאָלן אויפנייען

אַ באַנדאַלע * פאַר זיין קליין קינד. פון די שטענדיקע לויפּענישן אין בונקער איז דאָס קינד אָפּגעשוואַכט געוואָרן און ער וויל מ׳זאָל אים אויפנייען אַ וואַרעם מלבוש פאַרן קינד, ס׳זאָל נישט ערגער קראַנק ווערן און נישט ליידן פון דער קעלט. ער איז גרייט געווען אונדז צו באַפרידיקן מיט וואָס מיר ווילן, אַבי מיר זאָלן אים וואָס שנעלער צוגרייטן די באַנדאַלע.

אין יעדער רגע איז אונדז איינגעפאַלן אים פאַרצולייגן, אַז ער זאָל, אויף אונדזער חשבון, פאָרן און איבערגעבן דעם טאַטן אַ פּעקל. מיר האָבן געוווּסט, אַז די רומענער איז דערלויבט צו פאָרן קיין טראַנסניסטריע. מיר האָבן זיך שוין כמעט ווי צונויפגעשמועסט מיט אים און געבליבן איז, אַז אין עטלעכע טעג אַרום וועט ער זיין גרייט צו דערפילן אונדזער בקשה. ער האָט איבערגעלאָזט זיין אַדרעס און איז אַוועקגעגאַנגען.

דעם 24סטן אַפּריל 1943, ווען דאָס באַנדיקל איז שוין געווען פאַרטיק, בין איך מיט מיין ברודער געגאַנגען זוכן דעם רומענער, וועלכער וועט אויף אונדזער חשבון דורכרימפּלען זיך קיין טראַנסניסטריע און אָפּ־קויפנדיק איינעם פון די רומענישע סאָלדאַטן, וועט ער ברענגען אַ לעבע־דיקן גרוס פון טאַטן ווי אויך פון אַנדערע יידן, וועמענס משפחות האָבן געוואָלט אויסנוצן די געלעגנהייט צו באַקומען ידיעות וועגן זייערע נאָענטע.

אַוועקגעגאַנגען פון דער היים זענען מיר פול מיט האָפענונג. מיט טרערן אין די אויגן האָבן די מאַמע מיט די שוועסטער אונדז געווינטשן הצלחה. ווי נאָר מיר זענען צוגעקומען צו דער בריק איבערן באַכלוי, האָבן אָנגעהויבן פאַלן באָמבעס. רוסישע עראָפּלאַנען, אין אַ זייער גרויסער צאָל, האָבן מיט אַ מאָל זיך באַוויזן איבער יאַס, און געפינענדיק זיך אין אַ גרוי־סער הייך, האָבן זיי די דייטשן נישט באַמערקט און זיכער געווען, אַז דאָס פּאַטרולירן זייערע אייגענע עראָפּלאַנען. ווען זיי האָבן זיך געכאַפּט איז שוין געווען צו שפּעט. גאַנצע גאַסן זענען חרוב געוואָרן און הייזער האָבן גע־ברענט.

אין גרויסן טומל האָב איך מיט אַ מאָל דערזען זיך אָן דעם ברודער נעבן מיר. כ׳האָב נישט געוווּסט וואָס צו טאָן, וווּהין צו אַנטלויפן. פון אויבן זענען געפאַלן באָמבעס. די קעגן־לופט־אַרטילעריע האָט געענטפערט און ווי אַלע אַנדערע בין איך אויך געלעגן אויף דער ערד, נישט ווייט פון דער

* וואַרעם מלבוש.

בריק, זעענדיק ווי יעדע רגע פאַלט אַ שיינענדיקער באַלעם, צעשפּריצט זיך ווי אַ פייערדיקער פאָנטאַן און אַרום מיר שלענגלען זיך מענטשן אין טויט־אַנגסטן.

מיט אַ מאָל איז די גאַנצע וועלט דערטרונקען געוואָרן אין אַ געדיכטן רויך. געהערט האָבן זיך זיפצן, געשרייען. מענטשן האָבן גערעדט, נאָר כ׳האָב נישט פאַרשטאַנען וואָס זיי ווילן פון מיר. סירענעס האָבן געמאָלדן אַז דער אַליאַרם איז פאַריבער, נאָר פונעם רויך האָבן זיך געהערט קולות:

— נישט רירן זיך! דער ציווילער באַפעלקערונג איז שטרענג פאַרבאָטן צו גיין ווייטער.

די רוסן האָבן געוואָלט אויפרייסן די בריק איבערן טייך, נאָר געטראָפן האָבן זיי פונקט דערנעבן. דערפאַר האָט עס די ציווילע באַפעלקערונג טייער באַצאָלט, בפרט די יידישע באַפעלקערונג פונעם צלם־געסל, ניקאָלינאַ און סאָקאָלאַ, וועלכע האָבן זיך געפונען נישט ווייט פון דער בריק און באַזעצט געווען נאָר פון יידן.

די קליינע צאָל קריסטן, וואָס האָט געוווינט אין דער געגנט, האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין די אָפיציעלע בונקערס, ווו אַ ייד האָט נישט געוואַגט אַריינצוגיין, אויס מורא מ׳זאָל אים לעבעדיקערהייט נישט צערייסן אויף שטיקער, אָדער אויסטראַכטן אַ בלבול, אַז בכוונה איז ער אַריינגעקומען אין בונקער כדי איבערצוגעבן סימנים דעם שונא...

ווי פון חלשות האָב איך מיך אויפגעהויבן, קוקנדיק אַרום און נישט געוווּסט וואָס און וועמען איך זוך. די געוואַלדן פון די פאַרווונדעטע, בעיקר פון די משפחות פון וועלכע אַ טייל זענען געטראָפן געוואָרן, האָבן פאַרטויבט דאָס געהער.

אין ליילעכער, אויף ברעטער, אין אַמבולאַנסן, זענען די פאַרווונדעטע אַריבערגעפירט געוואָרן אין שפּיטאָל. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס זענען געווען נאָר קריסטן. ווי געזאָגט, האָט קיין ייד זיך נישט געטאָרט באַווייזן דאָרט. האָט מען געענדיקט מיט די קריסטן און מ׳האָט געזען אויך פאַרווונדעטע יידן, זענען די סאַניטאַרן גאַנץ קאַלט פאַרבייגעגאַנגען, איבערלאָזנדיק אויף די קאַלטע שטיינער פון גאַס, אָדער אויף די טראָטואַרן, יידן מיט אָפּגעריסענע פיס און הענט, נישט אומקוקנדיק זיך אויף די געשרייען פון די פאַרווונדעטע.

יידן זענען געלעגן איבער די גאַסן , געזען ווי דאָס בלוט רינט פון

זייערע קערפּערס ביז יציאת נשמה און אויסגעגאַנגען ווי קדושים. מיט פאַרגלייזטע אָפענע אויגן, האָבן זיי געקוקט, די יידישע מתים, גלייך ווי טויטערהייט האָבן זיי אויך נישט פאַרגעסן די רוצחים, וועלכע האָבן זיך געפּוּנעט נעבן זיי. אַ סך פון זיי — דאָקטוירים און קראַנקן־שוועסטערס, און קיין הילף נישט דערלאַנגט.

נאָר דערמיט האָט די יידישע טראַגעדיע זיך נישט געענדיקט. יידן האָבן נישט געוואָלט, אַז זייערע טייערע טויטע זאָלן אַריינגעוואָרפן ווערן אין אַ גרוב צוזאַמען מיט אַלע קריסטן, וועלכע האָבן זיי ביז אין דער לעצ־טער רגע געפּייניקט. האָט זיך אָנגעהויבן אַ לויפעניש און פּראָצעדורן בכדי זיי זאָלן כאָטש קומען צו קבר ישראל.

קומענדיק צו זיך האָב איך מיך דערמאָנט, אַז אַרויסגעגאַנגען פון דער שטוב בין איך מיט מיין ברודער און אַצינד זע איך אים נישט. כ'האָב געפרעגט די פאַרבייגייער, נאָר ווער האָט אין זין געהאַט מיין ברודער! מ'האָט מיר אַפילו נישט געענטפערט.

נישט האָבנדיק קיין כוח צו גיין ווייטער, האָב איך זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ חורבה, וואָס איז ביז פריער געווען אַ שטוב, נישט צו וויסן, אַז ס'איז אַ סכנה זיך צו געפינען אין דער נאָענט פון איינגעפאַלענע שטיבער. מיט אַ מאָל האָב איך געהערט אַ קול זאָגט צו מיר, אַז כ'זאָל אַוועקגיין אין אַ זייט, ווייל מ'דאַרף באַלד אָנהייבן אַרויסנעמען די טויטע וואָס געפינען זיך אונטערן הויפן שטיינער אויף וועלכע איך זיץ. לויט די ידיעות פון שכנים, איז אונטער דער שטוב געווען אַ קעלער, ווו מענטשן האָבן זיך באַהאַלטן בשעת די אַליאַרמען.

עס האָבן זיך באַוויזן יידן, אַלטע און גאָר יונגע קינדער, מיט גראָב־אייזנס און מיט העק, איילנדיק זיך אָנצוהייבן די אַרבעט, אפשר וועט מען נאָך קענען ראַטעווען עמעצן פון די צענדליקער יידן, וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין קעלער. די אָרדענונגס־היטער, פּאָליציסטן, זענען אויך געווען דערביי, נאָר אָנשטאָט צו היטן די אָרדענונג, האָבן זיי נאָך אָנגע־שריגן אויף די יידן וועלכע זענען געקומען ראַטעווען:

— זעט איר שוין, זשידאַנעס, וואָס אייערע גוטע חברים, די „טשאַלאָ־וועקעס" האָבן אייך אָפּגעטאָן? אַ מצווה אויף אייך!

כ'האָב זיך צוגעקוקט צו דער שווערער אַרבעט פון די אַלטע יידן, ביז ס'איז זיי געלונגען צו עפענען אַ וועג צום קעלער. פון אונטער די הויפנס

שטיינער האָבן אָנגעהויבן אַרויסצוקריכן צעדולטע מענטשן, ווי זיי וואָלטן אַרויס פון אַן אַנדער וועלט און דערפילנדיק די פרייע לופט זענען זיי תיכּף געפאַלן אין חלשות. ערשט ביים אַרויסקומען האָבן די געראַטעוועטע דער־זען ווי פיל פון זייערע זענען אומגעקומען און האָבן חרטה געהאַט אויף דעם וואָס זיי זענען געבליבן לעבן. אַ סך פון זיי האָט באַנג געטאָן וואָס זיי זענען נישט אומגעקומען צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע טויטע און וואָלטן שוין נישט באַדאַרפט איבערטראָגן קיין ווייטאָג און נייעם טרויער.

איינקוקנדיק זיך אין די מענטשן וואָס זענען אַרויסגעקראָכן פון קעלער, האָב איך מיט אַ מאָל געהאַט דעם איינדרוק, אַז איך זע אַ זעונג: עפּעס אַ געשטאַלט רירט זיך פאַר מיינע אויגן און לויט זיינע באַוועגונגען איז ער זייער ענלעך צו מיין ברודער...

אַזוי האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אויך מיין ברודער איז געווען אין דעם קעלער. ווי נאָר מ'האָט אָנגעהויבן צו באָמבאַרדירן און מענטשן האָבן אָנגעהויבן לויפן, איז ער פאַרשלעפּט געוואָרן מיטן שטראָם לויפנדיקע און צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע איז ער אַריין אין קעלער, וואָס האָט זיך געפונען נישט ווייט פון דער בריק. דער אויפרייס פון אַ באָמבע האָט פאַר־שיט דעם אַריינגאַנג און קיין שפּליטערס פון דער באָמבע זענען נישט אַריינגעפאַלן אין קעלער, אַזוי אַרום זענען פיל יידן אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון אַ זיכערן טויט, כאָטש אַ סך זענען דערשטיקט געוואָרן, נישט האָבנדיק קיין לופט צו אָטעמען.

ווי פון חלום אַרויס האָב איך אויסגעשטרעקט די הענט צו אים און אַנידערגעפאַלן אויף דער ערד. ער האָט מיך אויפגעהויבן, מיך געמינטערט, נישט מיט וואַסער, נאָר מיט ווערטער.

— אייל זיך צו, ווייל באַלד וועט זיין אַ נייער אַליאַרם...

ס'וואָרט „אַליאַרם" האָט מיך אַרויסגעריסן פון חלשות־צושטאַנד און גע־פירט פון ברודערס האַנט זענען מיר געגאַנגען צוריק אַהיים. פון דער ווייטנס האָבן מיר שוין געזען ווי די שטוב פון קריסט צו וועמען מיר זענען געגאַנגען איז שוין אויך אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער ערד.

די שויבן אין די הונדערטער פענצטער אין היסטאָריש־אַדמיניס־טראַטיוון פּאַלאַץ פון יאַס, זענען אַלע אויסגעהאַקט געוואָרן און אַ סך פון ד'י באַאַמטע זענען בלינד געוואָרן אָדער שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן פון די גלאָז־שפּליטערן. מענטשן האָבן געטרעטן איינער איבערן אַנדערן. דער רעש

און געפילדער איז געווען שרעקלעך. האָסט געהאַט דעם איינדרוק, אַז דו געפינסט זיך ערגעץ אויף אַ יאַריד און ס׳פעלט נאָר די פויק מיטן בער... מ׳האָט געקענט זען ווי מיסט־וועגעלעך פאָרן אַרום איבער די גאַסן און נעמען צונויף הענט, פיס און צעריסענע קערפּערס. פון צייט צו צייט האָט זיך געהערט אַ קלאַקסאָן פון אַן אָנקומענדיקן אַמבולאַנס. איינער זאָגט:

— מאַכט פּלאַץ, דאָ פירט מען אַ מיוחס!... יאָ, יאָ!... ווער ס׳האָט נאָר געהאַט די זכיה געפירט צו ווערן פון אַ מיליטערישן אַמבולאַנס, איז באמת געווען אַ גרויסער מיוחס.

די אויגן האָבן נישט געקענט צוקוקן... און דאָך האָבן זיי זיך ברייט צעעפנט, דערזעענדיק אַ האַנט אָנגעטאָן אין אַ הענטשקע... אַ האַנט פון אַן אַדעליקער פרוי... אַ מאַמע? אַ געליבטע פרוי? וועמען וועט זי פון היינט אָן פעלן? ווער וועט בענקען נאָך אירע גלעטן?

טרערן האָבן מיר פאַרשטעלט די ראיה. ווען כ׳האָב אָפּגעווישט די טרערן איז שוין קיין זכר פון דער האַנט נישט געווען. פאַרשלעפּט געוואָרן אין איינעם מיט אַנדערע פאַרבלוטיקע און צעריסענע הענט, אויף אַ פּשוט מיסטוועגעלע...

מ׳האָט געזען דערשלאָגענע אַלטע יידן, קוים וואָס זיי גייען און פירן אַ פאַרווונדעטן.

— וווּהין?

צום טרערן־קוואַל! צו דער קהילה! דאָס איינצקע אָרט, ווו פאַרוווּנ־דעטע האָבן באַקומען די ערשטע הילף און די טויטע, די מעגלעכקייט באַ־האַלטן צו ווערן אויפן יידישן בית־עלמין.

אַ טייל פון די פאַרווונדעטע זענען אַהיים געשיקט געוואָרן, מיט אַ קליינער מאַטעריעלער הילף, זיי זאָלן האָבן אויף איינצוקויפן די נייטיקע מעדיקאַמענטן. שווער־פאַרווונדעטע זענען געשיקט געוואָרן אין ספּעציעלע צימערן, וואָס זענען אָפּגעדונגען געוואָרן דורך דער קהילה אין שווערע פאַלן. פאַר גרויסע געלטער האָט מען געקענט באַקומען אַ פּלאַץ אין די געוועזענע יידישע שפּיטאָלן, וואָס זענען פאַרנומען געווען דורך דער אַרמיי, אָבער זייער ווייניק יידן האָבן מסכים געווען צו גיין אַהין. ס׳רוב האָבן מורא געהאַט פאַר די קריסטלעכע דאָקטוירים. געווען פאַלן ווען אין גסיסה־צושטאַנד האָבן יידן געשריגן מ׳זאָל זיי נישט פירן אין שפּיטאָל, ווייל זיי ווילן נישט צום צווייטן מאָל איבערגעגעבן ווערן אין די הענט פון די

רוצחים. בעסער זענען זיי מותר אויף דער מעגלעכקייט אָפּערירט צו ווערן, איידער אָנצוקומען צו די קריסטלעכע דאָקטוירים.

די צעריסענע קערפּערס זענען אַוועקגעפירט געוואָרן צו איין און דעם זעלבן מאַסן־קבֿר, גויים צוזאַמען מיט ייִדן. אבֿרים און שטיקער פֿלייש פֿון מענטשן וואָס מ׳האָט זיי נישט געקענט אידענטיפֿיצירן זענען צונויפֿגענומען געוואָרן אין זעק און אַוועקגעטראָגן געוואָרן. די משפּחות האָבן זיי באַוויינט, נישט וויסנדיק אַפֿילו ווו זייער קבֿר איז. טרערן זענען פֿאַרגאָסן געוואָרן, אָבער די טויטע זענען צוריק נישט געקומען. אין דער יאַסער קהילה האָט מען געעפֿנט אַ נייעם פּונקט און צוגעשריבן נייע נעמען צו דער לאַנגער רשימה פֿון די אומגעקומענע אויף קידוש השם.

ווי לויט אַ באַשטעלונג האָט דער הימל זיך פֿאַרוואָלקנט און אַ דין רעגנדל האָט אָנגעהויבן אָפּוואַשן דאָס בלוט פֿון די גאַסן.

אַ פּחד איז אָנגעפֿאַלן אויף אונדז און מיר האָבן שוין געוואָלט זיך זען וואָס גיכער אין דער היים. איז אַ גוי פֿאַרבייגעגאַנגען די גאַס, האָט ער תּיכף אָנגעהויבן צו שעלטן:

— די זשידאַנעס פּרייען זיך אויף אונדזער אומגליק, דרייען זיך איבער די גאַסן, קוקן צו ווי זייערע גוטע ברידער, די באָלשעוויקעס, מאַכן אונדז חרובֿ. דאָס האָבן זיי זיך פֿאַרשטענדיקט מיט די רוסישע זשידאַנעס און האָבן אָנגעוויזן ווו צו וואַרפֿן די באָמבעס.

פֿון קללות אויף ייִדן זענען זיי אַריבער צו שווערע באַליידיקונגען קעגן די דייטשן. עפּעס טענהן זיי דאָך, די דייטשן, אַז זיי זענען אונדזערע פֿאַרבינדעטע... פֿאַרוואָס זשע האָבן זיי נישט געענדיקט מיט די זשידאַנעס אין אונדזער לאַנד, ווי זיי האָבן דאָס געטאָן אין בוקאָווינע און אין בעסאַראַביע?

מיר האָבן אָנגעהויבן לויפֿן, אויס מורא, אַז די גויים זאָלן אונדז נישט באַפֿאַלן. ערשט ביים אַהיים קומען האָבן מיר געזען סאַראַ גרויס אומגליק ס׳איז געווען פֿאַר ייִדן די לעצטע באָמבאַרדירונג. מענטשן זענען אַרומגעלאָפֿן זוכנדיק די מיטגלידער פֿון דער משפּחה. מ׳איז געווען צעבראָכן פֿון אַלץ וואָס מ׳האָט געזען.

אַהיים זענען מיר געקומען שפּעט אין אָוונט. אַריינקומענדיק אין שטוב האָב איך זיך אַ כאַפּ געטאָן, אַז דעם גאַנצן וועג איז מיר גאָר אויפֿן זינען נישט געקומען אַ טראַכט צו טאָן וואָס ס׳הערט זיך מיט דער מאַמען און מיט די שוועסטער. ס׳ערשטע וואָרט וואָס כ׳האָב אַרויסגערעדט איז געווען:

וואָסער! דעם גאַנצן וועג זענען מיר נישט געווען דורשטיק. מיר זענען געווען אַ טייל פון יענע קערפּערס, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט איבער די גאַסן, אויסגעליידיקטע פון לעבן.

אַריינקומענדיק אין שטוב, האָבן מיר קיין כוח נישט געהאַט אַפילו אַ וואָרט אַרויסצורעדן. די גאַנצע צייט האָבן מיר צענדליקער מאָל גע־קוקט אויף יעדן איינעם און ס'איז שווער געווען צו גלייבן, אַז זיי לעבן און נאָך שווערער איז געווען צו גלייבן, אַז איך מיט מיין ברודער זיצן ביי דער מאַמען אין שטוב און... לעבן! בלויז עטלעכע שעה זענען פאַרביי זינט מיר זענען אַוועק פון דער שטוב און סאַראַ קאַלאַסאַלע ענדערונג אונדזער געסל און אונדזער הויף האָט באַקומען...

משהלע, ס'טייערע איניקל פון מעכל בויאַנדזשו, איז שווער פאַרווונ־דעט געוואָרן, און אַ פוס איז אים געבליבן הענגען נאָר אויף איין אָדער. משהלע, וואָס האָט נישט אויפגעהערט צו שפּרינגען און צו טאַנצן אַפילו אין קעלער און דערפרייט אונדז אַלע מיט זיין ליכטיק פּנימל, דעם משהלען האָט מען אַצינד אַריינגעלייגט אין אַ מולטער אים צו פירן צו דער קהילה, ער זאָל באַקומען די ערשטע הילף. נאָר ביים אַרויסנעמען אים פון דעם מולטער, האָט זיך דער פוס פולשטענדיק אָפּגעטיילט פון קערפּער. אין הויכן פּיבער האָט ער געהאַלטן אין איין רופן דעם טאַטן זיינעם, וואָס איז אומ־געקומען ווען די רומענישע אַרמיי האָט זיך צוריקגעצויגן פון בעסאַראַביע. גיטל, די יונגע אַלמנה, האָט געקוקט אויף איר איין־און־איינציק קינד וואָס איז היינט געוואָרן אַ בעל־מום אויפן גאַנצן לעבן. מ'האָט זיך דערמאָנט ווען אין דער מאַמעס אָרעמס פלעגט משהלע דערציילן, אַז זיין טאַטע וועט קו־מען צו רייטן אויף אַ ווייס פערד, ווייל ביי זיין זיידן אין בעסאַראַבע, האָבן זיך געפונען אַ סך ווייסע פערד. הונדערט מאָל דערציילט, אַז ביים זיידן אין בעסאַראַביע האָט מען אים געפירט שפּאַצירן אין אַ וואָגן געשפּאַנט מיט צוויי ווייסע פערד.

און אַז מ'רעדט שוין פון פערד, זאָל דערמאָנט ווערן אויך ס'פערד פונעם אַלטן איציק, וועלכער האָט געצויגן פּרנסה פון דעם וואָס די קליאַטשע זיינע האָט אים די גאַנצע צייט נישט פאַרלאָזט. ר'איז געווען איינער אין שטאָט, וועמענס קליאַטשע האָט שוין צו גאָרנישט געטויגט און אַפילו די גויים האָבן ביי אים נישט צוגענומען די פגירה. פלעגט ער פירן משאות און פאַרדינען אויף ברויט.

אַצינד איז איציק געזעסן נעבן זיין דערהרגעט פערד און ביטער גע־וויינט, ווי דאָס וואָלט געווען אַן אייגן קינד. נישט איין מאָל, בשעת אונ־טערזוכונגען, פלעגט ער זיך באַהאַלטן אין שטאַל און ס׳פערד האָט אים פאַרשטעלט, אַז די רוצחים זאָלן אים נישט זען. נישט איין מאָל האָט ס׳פערד אים געזען וויינען און איציק איז געווען זיכער, אַז „זיין" פערד הערט אַלץ וואָס ער׳, איציק, רעדט צו אים.

נעבן איציקן איז געזעסן זיין אַלטע פרוי און אויך באַוויינט זייער איינציקן פרנסה־געבער, ס׳פערד:

— וואָס הייסט, — האָט זי געיאָמערט, — אונדזער פערד, אונדזער טייער פערד זאָל סתם אַזוי אַוועקגעוואָרפן ווערן, ווי עפּעס אַ מיאוסע נבלה פאַר הונגעריקע הינט? האָט עס זיך ביי אונדז דען נישט פאַרדינט, אַז מ׳זאָל אים גראָבן אַ גרוב? ווי עס קומט אַזאַ טייער פערד!...

אַזוי האָבן גערעדט צווישן זיך די צוויי אַלטע לייט און פון רחמנות האָט זיך דאָס מויל נישט געקענט עפענען און זאָגן, אַז בעסער וואָלטן אַוועקגעהרגעט געוואָרן צען אַזעלכע פערד, אַבי משהלע זאָל געווען בלייבן מיט בײדע פיס.

די צוויי אַלטע לייט האָבן געגלייבט, אַז דאָס פערד איז די איינציקע ברכה, וואָס גאָט האָט זיי געגעבן, זיך צו טרייסטן אין זייערע איינזאַמע עלטע־רע יאָרן; די איינציקע באַשעפענישן אויף דער ערד פון וועלכע יידן זענען קיין צרות נישט אויסגעשטאַנען, זענען פאָרט געווען הינט, קעץ און פערד... פאַרוואָס זשע טאַקע קומט זיי נישט אַזאַ אויפמערקזאַמקייט!...

איין נאַכט איז געווען ווינטער און שוואַרצער פון דער פריִערדיקער. ווי נאָר ס׳איז טונקל געוואָרן האָט יעדער איינער שוין געוווּסט אַז ער דאַרף נישט גיין שלאָפן צו זיך אין בעט, נאָר אין קעלער אָדער אין בונ־קער, פאַרנעמענדיק זיין פּלאַץ, אַ שטייגער ס׳וואָלט שוין גאָר אַנדערש נישט געקענט זיין. מ׳האָט געהערט אַליאַרמען, קעגן־לופט־אַרטילעריע, רע־פלעקטאָרן האָבן ממש געלעכערט די הימלען, נאָר קיין פרעמדע עראָפּלאַנען האָט מען נישט געהערט און נישט געזען. מיר זענען מיד געוואָרן זיצנדיק, אויסער געציילטע מענטשן וועלכע האָבן געהאַלטן וואַך ביים אַריינגאַנג אין קעלער.

באַלד אין דערפרי, ווען מיר זענען אַרויס פון די קעלערס, האָט ייפ״אַ

מודיע געווען, אַז די דייטשן גייט עס שלעכט. אויב ס׳וועט אויך ווייטער אַזוי גיין, וועלן זיי אַפילו קיין צייט נישט האָבן צו אַנטלויפן.

דאָס איז נאָך געווען ווייניק: די דייטשע ציוויל־באַפעלקערונג וועט דאַרפן באַצאָלן פאַר אַלע שאָדנס און יסורים וואָס זיי האָבן גורם געווען. ייוו״אָ, דאַקעגן, האָט קיין פּרטים נישט איבערגעגעבן. איר מיסיע איז געווען פון גאָר אַן אַנדער מין: צו שטאַרקן די דערשלאָגענע הערצער, אַז זיי זאָלן גלייבן און האָפן אַז די ביטערע צייט וועט פאַרביי און יידן וועלן נאָך געהאָלפן ווערן. דער עיקר: נישט פאַרלירן דעם מוט!

ביז וואָס־ווען, ביז די דייטשן וועלן בלייבן אָן קעפּ, זענען דערווייל געבליבן די קברים אויף די ידישע בית־עלמינס, אָן מצבות, וואָס זענען אַראָפּגעריסן געוואָרן פון די דייטשן, און יידן האָבן באַדאַרפט פלאַסטערן מיט זיי די שאָסייען בכדי דייטשע אַרמיי זאָל האָבן גוטע וועגן ביים צוריק־ציען זיך.

אויף איינציקע בית־עלמינס, האָט מען דערציילט, זענען זיי אַריין מיט טראַקטאָרן און ביים אַרויסשלעפּן די מצבות, האָבן זיי נישט איין מאָל אַרויסגעשלעפּט אויך ביינער פון טויטע, וואָס זענען אין איינעם מיט די שטיינער צעמאָלט געוואָרן און אויסגעלייגט געוואָרן איבער די שאָסייען.

עפּעס האָבן זיך געלאָזט הערן קלאַנגען, אַז אַפילו צווישן די רומענער און די דייטשן האָט זיך שוין פאַרענדיקט די אַמאָליקע אידיליע. אַפילו אין שפּיטאָלן, וואָס געפינען זיך אויפן רומענישן באָדן, האָט פּאַסירט אַז דייטשע פאַרוווּנדעטע האָבן געמאַכט סקאַנדאַלן הלמאי מ׳לייגט זיי נעבן פּשוטע רומענישע זעלנער. הייסט עס, אַז דאָס „ריינע״ דייטשע בלוט האָט שוין נישט פאַרטראָגן אַפילו דעם אויסזען פון אַ רומענער, וועלכער איז זיי געווען ביז איצט און אויך איצט, נישט קיין גלייכער שותף, נאָר ממש אַ קנעכט, געשלאָגן זיך פאַר זיי, פאַרגאָסן בלוט, און איצט...

דער ערשטער צו באַקומען אַ פּלאַץ אין שפּיטאָל איז געווען אַ דייטשער סאָלדאַט. די רומענער, אַפילו אָפיצירן, זענען אויפגענומען געוואָרן נאָר דאַן, ווען עס איז פאַרבליבן אַ פרייער פּלאַץ. רומענער האָבן זיך געשוווירן, אַז זיי האָבן געזען מיט איגענע אויגן, ווען ביים ברענגען פאַרוווּנדעטע, זענען די דייטשע דאָקטוירים קודם־כל צוגעלאָפן צו זייערע „אַרישע״ פאַר־וווּנדעטע, און ערשט דערנאָך, צו די רומענישע שווער־פאַרוווּנדעטע.

פּונקט ווי די מילבן, וואָס לאָזן זיך אַרויס אין די טויזנטער, און נאָך דעם

וואָס אַ מענטשלעכער פּוס, אָדער אַ ראָד פון אַ וואָגן האָט זיי צעטרעטן אויף טויט, פאַרגעסן זיי אין טויט און אין זייערע טויטע ברידער, — אַזוי אויך די מענטשן. ווי נאָר ס׳זענען פאַרביי עטלעכע טעג אָן לופט־אַנגריפן, האָט מען געמיינט, אַז עס האָט זיך שוין געענדיקט און יעדער האָט געהאַט איין ווּנטש: ס׳זאָל שוין וואָס גיכער טאָג ווערן און דער ערשטער אַרייני גייער אין קעלער זאָל מודיע זיין, אַז צווישן די שורות פון דער רומענישער צייטונג, קען מען שוין אויך לייענען, אַז די דייטשן לעקן נישט קיין האָניק און זיי לויפן צוריק אין גרויסער פּאַניק.

די יידן האָט באַהערשט גאָר אַן אַנדער ווילן: צו זען זיך ערגעץ ווייט, ווייט פון דער וועלט, אין מדבריות און אין הימלען, אין אַ טיפן שלאָף פון וועלכן ס׳זאָל זיי אויפוועקן מיט אַ לייכטן פלאַטער, די שמעטערלינגען פון שלום, וועלכע וועלן פליִען פון מענטש צו מענטש און אים ברענגען די בשורה, אַז ס׳האָט שוין גענומען אַ סוף. יעדער איינער קען שוין דענקען וואָס ער וויל און אויך מיר יידן, זאָלן שוין קענען אַהיימגייען, ווייל ווי זאָגט מען: בלויז מיט אַ פּעניצל ברויט אין האַנט, אַבי צו זיין אין אייגענעם לאַנד!

פון טאַטן האָבן מיר באַקומען נישט קיין פריילעכע ידיעות. דער רוסי־ שער פראָסט האָט אויסגעטריקנט דעם מאַרך פון די ביינער. אָן עסן, אָן וואַרעמקייט און תמיד קראַנק. ר׳האָט געבעטן מ׳זאָל איינלייגן וועלטן און אים פאַרלייכטערן.

ער האָט אויך געבעטן מ׳זאָל אים שיקן רפואות צו קרעפטיקן זיך און דער עיקר: ג ע ל ט! די סאָלדאַטן האָבן זיך געמאַכט אַ מאָדע, אַז פאַר יעדע קלייניקייט דאַרף מען זיי באַצאָלן. נאָר ס׳ערגסטע איז דאָס, וואָס ביי מענטשן ווערט מיט אַ מאָל אָפּגענומען ס׳לשון און זיי פאַלן אַוועק פּאַראַליזירט. אַ סך זענען געשטאָרבן און די קראַנקע האַלטן שוין נישט ווייט דערפון.

מיטן טאַטנס בריוו בין איך אַוועק אין דער קהילה. דאָרט האָט מען מיר צוגעזאָגט, אַז די אַלע משפחות וואָס זענען נישט אימשטאַנד אַליין צו שיקן ,קיין פּעקלעך, וועט די קהילה זיך באַמיען, אַז מ׳זאָל זיי שיקן הילף דורכן רויטן קרייץ, פון בוקאַרעשט.

מ׳האָט שוין פון לאַנג געוווּסט, אַז בלויז מיטן גוטן ווילן קען מען

קיין נסים נישט באַוויזן, זענען מיר אַהיים געגאַנגען, איך מיט אַלע יידישע קינדער, וועמענס עלטערן, ברידער און מענער געפינען זיך אין וואַפּניאַרקע און אָנגעהויבן טראַכטן וואָס צו טאָן בכדי מ׳זאָל אַליין קענען שיקן זיי אַ פּעקל.

געווען איז עס קרוב צו פּסח און ווו ס׳איז נאָר איבערגעבליבן אַ בוים האָט ער אין אַ שיינעם פרימאָרגן אָנגעטאָן אַ קרוין פון פרילינגדיקן בלי. ס׳איז געווען אַ מחיה אים אָנצוזקן. אַפילו די קלייניקע קינדער האָבן זיך אויפגעכאַפּט פרילינגדיקע, פאָדערנדיק זייער רעכט, זייער נאַטירלעכע רעכט, צו שפּילן זיך אין דרויסן.

אין יעדן הויף האָט מען געקענט זען פרויען וואַשן, רייניקן, לופטערן ס׳ביסל איבערגעבליבענע אָרעמקייט. מיט דער גאַנצער מי זייערער, זענען זיי געווען מיט אָנגעשפּיצטן געהער, אפשר קומט אַ שליח מיט אַ ידיעה פון טראַנסניסטריע אָדער, חלילה, אַ פּאָליציי־מאַן צו אַרעסטירן... אָדער אַ געשיקטער איינצומאָנען די שטייערן פאַר דער רעגירונג, ווייל אַ מענטש איז מען און צאָלן דאַרף מען... ווי די אומגליקלעכע יידן וואָלטן געווען אין זייער אַמאָליקן מצב.

די רשעים האָבן געוווסט, אַז יידן האָבן נישט אַפילו אויף אַ שטיקל ברויט, נאָר דער פחד אַרעסטירט צו ווערן פאַר נישט צאָלן שטייערן האָט דערפירט צו דעם, אַז מ׳האָט נישט דערעסן, אַבי דאָס געלט פאַר די שטייערן זאָל זיין גרייט.

— יידן זענט איר און צאָלן דאַרפט איר!... טאָמער נישט וואַרט אויף איך דער בוג. דאָרט זענט איר באַפרייט פון צאָלן שטייערן, אָבער דאָ, אין פאָטערלאַנד זענט איר מחויב... ביז אין עטלעכע טעג דאַרף ס׳געלט זיין אין דער קאַסע.

יידן האָבן שוין נישט געוואַרט אַז דער אַגענט זאָל זיך מטריח זיין צום צווייטן מאָל. מיט אַ פחד אין דער נשמה איז מען געלאָפן צום שטייער־אַמט צו באַצאָלן און געדאַנקט גאָט וואָס מ׳איז צוריקגעקומען לעבעדיקערהייט.

דער יום־טוב פּסח האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר.

גרייטנדיק זיך צום באַפרייאונגס־יום־טוב וועלכער איז תמיד געפייערט

געוואָרן מיט אַזוי פיל קדושה און שמחה, האָבן יידן געהאַפּט און געגלייבט, אַז ביזן ערשטן סדר מוז עפּעס געשען.

יידן האָבן אָנגעהויבן גלייבן אַז זיי וועלן דעם פּסח נאָך עסן מצות, בכדי יוגנט זאָל זען, אַז אַפילו אין אַזעלכע ביטערע צייטן בלייבן יידן געטריי דעם געדאַנק און דעם געזעץ פון נישט עסן חמץ.

מ׳האָט אָנגעהויבן צו פּלאַנעווען ווי אַזוי מ׳זאָל אין די קעלערס דער־ציילן די הגדה פון יציאת מצרים און פּראַווען דעם סדר כדת וכדין; ס׳זאָל גאָרנישט פעלן, כאָטש מ׳האָט גאַנץ גוט געוווּסט, אַז דער עיקר וועט יאָ פעלן: די טייערע נשמות וואָס זענען שוין נישטאָ, אָדער זיי וואַרטן אויפן טויט אין די אַרבעטס־לאַגערן.

אָפּגעשמועסט האָט מען זיך, אַז דעם סדר זאָל מען אָנהייבן צו פּראַ־ווען נאָך פאַר נאַכט, איידער ס׳ווערט טונקל, מ׳זאָל קענען זען צו לייענען די הגדה, ווייל קיין ליכט האָט מען נישט געטאָרט אָנצינדן.

יפ״אַ האָט אַפילו מודיע געווען, אַז פּסח וועט מען מעגן עסן שפּייזן וואָס די רבנים וועלן מתיר זיין.

און אַזוי איז טאַקע געווען: פּאַפּשוי־מעל און פּאַסאָליעס האָט מען מתיר געווען. נאָר ווייניקע, זייער ווייניקע, איז געלונגען זיך צו פאַר־זאָרגן מיט אַזאַ טייערן ביסן. די אָרעמע, וועלכע האָבן נישט געהאַט פון וואַנען צו קויפן אַפילו אַ ביסל פּאַפּשוי־מעל, האָבן פּשוט געוואַרט אין געהאָפט, אַז ס׳וועט געשען אַ נס.

און אַ נס איז טאַקע געשען: די פרילינגדיקע זון האָט געטאָן אַ שיין און צוזאַמען מיט די קליינע קינדערלעך זענען אויך אַלטע מענטשן געזעסן אין הויף און אָנגעוואַרעמט זייערע פאַרפרוירענע קאַלטע ביינער, ווי יעדער וואָלט צום ערשטן מאָל דערפילט וואָס אַזוינס וואַרעמקייט איז. יידן אין די זיבעציקער יאָרן האָבן, ווי קליינע קינדער, געגאַפט און זיך געפרייט:

— ס׳איז וואַרעם! ס׳איז וואַרעם! אַ נס איז געשען! ווי די זון וואָלט אויפגעשיינט צום ערשטן מאָל!

מייך משפחה האָט געדאַנקט גאָט וואָס די ברידער זענען אין דער היים, אַרבעטן אַ ביסל צו אין די אָוונטן און פאַרדינען נאָך ווייניקער פון אַ ביסל. געאַרבעט האָבן זיי פאַר אָפיצירן און פּאָליציי־לייט, ביי וועלכע מ׳האָט קיין געלט נישט „געטאָרט" נעמען. די קריסטן האָבן זיך איבערצייגט, אַז זיי

זענען מומחים און דערפֿאַר איז אונדז געלונגען, פֿון צייט צו צייט, איבער־צושיקן אַ פּעקל צום טאַטן.

די צייט איז געגאַנגען און אַוועקגעגאַנגען איז אויך דער פּסח. רוסישע עראָפּלאַנען האָבן געפּראַוועט איבער אונדזערע קעפּ און געלייענט גאַר אַן אַנדערע הגדה. נאָר אין לעצטן טאָג פּסח איז אונדז באַשערט געווען צו פֿילן אַ ביסל יום־טובדיקן טעם: ס׳איז אָנגעקומען אַ בריוו פֿונעם טאַטן וווּ ר׳איז מודיע, אַז ער האָט באַקומען אַ פּעקל וואָס מיר האָבן אים אַרויס־געשיקט אויף פּסח און אַז ביי זיי אין וואַפּניאַרקע איז געשען אַ נס, אַ גרויסער נס: די קעלט איז מיט אַ מאָל שוואַכער געוואָרן און ס׳רוב צייט געפֿינט ער זיך אין דרויסן און וואַרעמט זיך אין דער פֿרילינגדיקער זון. ווייזט אויס, שרייבט ער, אַז גאָט וועט שוין אָנהייבן צו העלפֿן אויך זיינע קינדער, ווייל אויך יידן קענען שוין הנאה האָבן פֿון גאָטס וואַרעמער זון, נאָך דעם וואָס דער ווינטער האָט זיי אַזוי ביטער געפּלאָגט.

דער שליח, וועלער האָט געבראַכט דעם בריוו, האָט אונדז אָנגעזאָגט נאָך אַ גוטע בשורה: ס׳איז מעגלעך אַז די אַלע אין וועמענס ביולעטינען עס איז פֿאַרצייכנט אַז זיי זענען „פּאָליטישע פֿאַרשיקטע״, און צווישן זיי אויך דער טאַטע, וועלן בקרוב אַהיים געשיקט ווערן.

## קאַפּיטל דרייצן

# מ׳לעבט און מען מוטשעט זיך

געשען איז דאָס שבת־צו־נאַכטס, דעם 14טן מאַי 1943.

די ברידער האָבן אונדז מודיע געווען, אַז די פאַרבלייבן אַרבעטן אַ גאַנצע נאַכט אין וואַרשטאַט, ווייל עס זענען אָנגעקומען גרויסע באַשטעלונגען אויף פּעלצן, כאָטש דער ווינטער איז שוין פאַרביי. היות מיינע ברידער האָבן באַדאַרפט „דעקן" אַנדערע יידן, וואָס זענען קיין פאַכלייט נישט געווען, האָבן זיי באַדאַרפט אַרבעטן אויך ביי נאַכט או דערפאַר וועלן זיי אַהיימקומען זייער שפּעט. מיר זאָלן נישט זאָרגן, ווייל זיי האָבן צעטלען פון רעקרוטירונגס־אַמט, אַז זיי מעגן גייך אין גאַס, אַפילו ביי נאַכט.

ייפ״אַ האָט שוין געהאַט וואָס צו לאַכן: אויב זומער וועט מען אויך אַרבעטן פּעלצן, הייסט עס, אַז די דייטשן זענען שוין אין גאַנצן משוגע געוואָרן. וואָס מיינען זיי, אַז זיי וועלן נאָך דערלעבן צו זיין איבעראַיאָר ווינטער אין רוסלאַנד? זיי וועלן דאַנקן גאָט אויב ס׳וועט זיי געלינגען אַרויסצורייסן זיך פון די ערטער ווו די רוסן האָבן זיי פאַרכאַפּט ווי מיט אַ צוואַנג. די פּעלצן וועלן שוין אָנטאָן אַנדערע, נישט די רוצחים. געווען חכמים, וועלכע האָבן אַפילו געוואָלט עצהנען די דייטשן, אַז זיי זאָלן שכל האָבן און זיך אָפּטראָגן באַצייטנס, כל זמן זיי קענען נאָך...

— יאָ, יאָ!... — האָט ייפ״אַ געטענהט, — ס׳איז אַ מעשה מיט אַן אונטערשלאַק! פּאָניען דאַרף מען פאַרשטיין. אָדער ער גייט פאַרויס, אָדער ער גייט צוריק. און צוליב וואָס מיינט איר איז דער גאַנצער קאָמערוס? * גאַנץ פּשוט! די רוסן ווילן פאַרנאַרן דעם דייטש, ער זאָל וואַרפן אין פייער אַריין אַלע זיינע רעזערוון, ביז פון דער מיאוסער אומה וועלן בלייבן נאָר פרויען און קליינע קינדער... אפשר וועט דעמאָלט דער דייטשער מערדער אָנהייבן פאַרשטיין וואָס ער האָט אָנגעאַרבעט אויף דער וועלט. נאָר

---

* „קום אַרויס!" — אַ קינדער־שפּיל.

ביז ער וועט אָנהייבן צו פאַרשטיין, גיט אים, דערווייל, דער רוסישער צו פילן...

ביי קאָמופלירטע פענצטער האָט מען אין די וואַרשטאַטן געאַרבעט גאַנצע נעכט, און די נעכט זענען פאַרביי רויִקע, אָן אַליאַרמען. געענדיקט דאָס צושניידן האָט מען אָוועקגעלייגט די אַרבעט און אַרויסגעקוקט אין דרויסן, ווו ס׳איז שוין טאָג געוואָרן. דערפאַר טאַקע האָבן זיי זיך נישט צוגעלייגט אָפּצורוען, ווייל די אַרבעט הייבט זיך אָן 7 אַ זייגער אין דער פרי. די קריסטלעכע משגיחים האָבן נישט געוואָלט וויסן, אַז יידן האָבן געאַרבעט אויך ביי נאַכט און דערפאַר טאַקע אָנגעהויבן די אַרבעט פּינקטלעך 7 אַ זייגער.

מיר אין שטוב זענען אויפגעשטאַנען 6 אַ זייגער, צוגרייטן עסן פאַר די ברידער, וועלכע האָבן זיך צוגעכאַפּט אַהיים, זען וואָס מיר טוען, זוי אויך נעמען ס׳ביסל קאַלטע מאַמאַליגע וואָס איז פאַרבליבן פון נעכטן אָוונט.

אין איינעם אַ פרימאָרגן עפנט זיך די טיר און דער ברודער קומט אַריין מיט אַ רומענישער צייטונג, ווו עס שרייבט זיך, אַז די אַלע וואָס זענען פאַרשיקט געוואָרן בשעתן אויסברוך פון דער מלחמה און זיי געפינען זיך אין דער היים, נישט וויכטיק אויב זיי זענען מאָביליזירט ביי אַרבעטן, אַפילו פאַר דער אַרמיי, זאָל זיך תיכף מעלדן אין דער קוועסטור.

אַרויסגייענדיק אין גאַס האָט מען שוין געזען איבער די ווענט פּלאַקאַטן ווו עס איז געמעלדעט, אַז דער וואָס וועט זיך נישט צושטעלן אין דער פּאָליציי וואַרט אויף אים טויט־שטראָף. אויב מ׳וועט פּרוון אויסבאַהאַלטן זיך, וועלן אַנדערע מיטגלידער פון דער משפחה גענומען ווערן, אָנשטאָט אים.

און דער ברודער האָט צוגעגעבן:

— ייפ״אַ האָט נאָך נעכטן געמאָלדן, אַז עס פירן זיך ביטערע קאַמפן און בכדי אויסצובאַהאַלטן דעם אמת פאַר דער רומענישער באַפעלקערונג, וועלכע באַצאָלט זייער טייער איר שותפות מיט די דייטשן, האָט מען באַשלאָסן נאָך אַ מאָל אָנצוהייבן מיט די יידן, בכדי צו פאַרמאַסקירן די לאַגע. עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז וואָס ערגער ס׳וועט גיין די דייטשן אויפן פראָנט, אַלץ ערגער וועט זיין פאַר יידן.

די ברידער זענען אַוועקגעגאַנגען, דאָס מאָל נישט אין די מיליטערישע

וואַרשטאַטן, נאָר צום הויף פון דער קוועסטור, און האָבן גאָרנישט באַמערקט אַז הינטער זייערע פּלייצעס בײַן איך זיי נאָכגעגאַנגען. אַזוי דערשלאָגן זענען זיי געווען.

פון רגע צו רגע זענען אָנגעקומען נײַע יידן און אַרײַנגעגאַנגען דורך די ברייט־צעעפנטע טויערן פון דעם פאַרשאָלטענעם הויף. גאַנץ פרי זענען זיי אַרײַן און ביז שפּעט אין זונט האָט מען נישט געקענט וויסן, וואָס מיט זיי וועט געשען.

ייפ״אַ האָט יעדע רגע לאָנסירט נײַע ידיעות, נאָר ווער האָט זיך דען צוגעהערט צו זיי? יעדער איז געלאָפן פון דער קוועסטור אין דער קהילה און צוריק. איך האָב געהאַט אויך אַ דריט לויפעניש: צו לענוצאַן!

מ׳האָט אָנגעווענדט אַלץ בכדי דער טראַנספּאָרט זאָל נישט אַוועקגע־שיקט ווערן קיין טראַנסניסטריע. ייפ״אַ האָט געזאָגט, אַז אַפילו אין דער קוועסטור זענען געווען הויכע באַאַמטע וועלכע האָבן זיך קעגנגעשטעלט, נישט אויס ליבע צו יידן, ווי אויס מורא פאַר דער אייגענער הויט, ווייל זיי האָבן שוין גאַנץ קלאָר געזען, אַז דער יום־הדין דערנענטערט זיך און פאַר די רומענער קען מען שוין די ווירקלעכע לאַגע נישט אויסבאַהאַלטן. מיט דעם אַלעמען זענען אויך געווען אַ סך טיוולאָנים, וועלכע האָב זיך קעגנגעשטעלט, אַז דער פּלאַן זאָל פולשטענדיק באַזייטיקט ווערן.

ס׳איינציקע וואָס מען האָט אויסגעפּועלט איז געווען, אָפּצולייגן דאָס אָרויסשיקן אויפן אַנדערן טאָג. נישט ווילנדיק, האָבן די שדים דאָך באַ־דאַרפט נעמען אין אַכט די ענדערונגען אויפן פראָנט, נאָר זייער חיהשער אינסטינקט האָט זיי דאָך נישט דערלאָזט צו פאַרציכטן אויף אַזאַ הנאה, ווי יידן ווערן אַרויסגעריסן פון זייערע היימען, פון מאַמעס, פון פרויען און פון קינדער. מיטן אָפּלייגן דאָס אָפּפאָרן אויפן אַנדערן טאָג, האָבן די רוצחים געהאַט לענגער צייט צוצוקוקן זיך צו יידישע ליידן.

פון לענוצאַס מאַן האָב איך זיך דערוווּסט, אַז זיי פאָרן אָפּ מאָרגן, און אַז ער, שוויי, האָט געטאָן אַלץ, בכדי אונדז צו העלפן. שטילערהייט האָט ער מיר אײַנגערוימט אַ סוד, אַז צווישן די רומענער גופא, פון „פּאָדעשווע ביזן דאַשעק״, אַרבעטער, אינטעלעקטועלע, פּריצים, הויכע באַאַמטע, טוען אַלץ, אַבי מ׳זאָל ראַטעווען די יידן, ווייל מ׳זעט אַז דער חורבן קומט שוין אויף אויף זיי. די פראַגע איז נאָר אויב מ׳וועט קענען איבערקומען דעם דייטש, וועלכער איז איצטער מער אויפגערייצט ווי תמיד און באַלעבאַטע־

וועט אין רומעניע ווי ביי זיך אין דער היים. אפילו אין די הויכע רומע־נישע געזעלשאַפטלעכע קרייזן האָט מען מורא פאַר די דייטשן, וועלכע טענהן, אַז צווישן די רומענער געפינען זיך שפּיאָנען און ס'איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז אויך אַ סך פון די רומענער זאָלן אַרעסטירט און אַוועק־געשיקט ווערן.

דעם אַנדערן טאָג האָט מען געמאַכט אַן אַפּקלייב און מיין יינגערער ברודער, אברהם, צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע יידן, זענען אַהיים געשיקט געוואָרן. די אַנדערע אַרעסטירטע, צווישן זיי אויך מיין עלטערער ברודער, שמעון, זענען פאַרהאַלטן געוואָרן, אַוועקגעשיקט צו ווערן. די רשעים האָבן דורכגעפירט דעם אָפּקלייב ביי נאַכט, נאָר אהיים געשיקט האָט מען זיי פאַר טאָג. ווי נאָר כ'האָב געעפנט די טיר, לאָזן זיך צו דער קוועסטור, האָב איך דערזען מיין יינגערן ברודער נעבן דער טיר, מיטן קאָפּ אָנגעשפּאַרט אין דער וואַנט און וויינט. אים האָט מען טאַקע באַפרייט, נאָר דעם אַנדערן ברודער פאַרשיקט מען. די מאַמע מיט די שוועסטערלעך זענען תיכף אַרויס און מיט שווערער מי האָבן מיר אים אַריינגעשלעפּט אין שטוב, געבנדיק אים צו פאַרשטיין, אַז ער איז מיט גאָרנישט שולדיק אין דעם וואָס דער עלטערער ברודער איז פאַרהאַלטן געוואָרן. די מאַמע האָט געזאָגט, אַז נאָר טרעטנדיק איבער איר קערפּער, וועט ער צוריקגיין אין דער קוועסטור און פאָדערן, אַז אַנשטאָט דעם עלטערן ברודער, זאָל מען אים אַוועקשיקן. אָדער אַ ל ע זאָלן מיר גיין און צוזאַמען אַוועקגעשיקט ווערן.

צווישן די אַרעסטירטע איז אויך געווען ד"ר נ. גאָלדענבערג מיט זיין פרוי, די איינציקע, וועלכע האָבן דעם מוט נישט פאַרלוירן און זייערע יונגע פּנימער האָבן געשמייכלט צו יעדן, אָנצינדנדיק אַ שטראַל פון האָפענונג, אַז אַלץ וועט זיך ענדיקן צום גוטן. די אַלע שיינע ווערטער, האָבן, לײדער, אין יענע שווערע רגעס, מער געשטערט, ווי באַרויִקט.

די יידישע קהילה איז ווידער אַ מאָל געווען אין גרויסן קלעם. נישט גענוג, וואָס די צאָל יידן אין דער קוועסטור איז געווען גרויס, האָט מען אין שטאָט פאַרגעזעצט די אַרעסטן. קיינער איז שוין נישט זיכער געווען וואָס מיט אים וועט געשען שפּעטער מיט אַ רגע. אַ סך זענען אַריבערגעגאַנגען וווינען ביי אַנדערע, אַבי זיי זאָלן אין דער היים נישט זיין. באַקשישן זענען געפלויגן, ווייל אויף יעדן טריט האָבן פּאָליציי־לייט קאָנטראָלירט די פאַר־בייגייענדיקע.

פון דער קוועסטור האָט מען קיין גוטס נישט דערוואַרט. די רשעים האָבן מיט קאַלטבלוטיקייט מודיע געווען וואָס צו ברענגען די קאַנדידאַטן אויף אַוועקגעשיקט צו ווערן. יעדער איינער האָט געטאָן איבער די כוחות, אַבי צו ברענגען דאָס וואָס מ׳האָט דערלויבט. איבער נאַכט זענען די אַרעסטירטע שוין נישט געווען צום דערקענען.

נישט קענענדיק צוזען מער דעם צער פון מיין ברודער, האָב איך אַ טראַכט געטאָן, אויב ס׳וואָלט טאַקע נישט כדאי געווען, מיר זאָלן מיט אים צוזאַמען, אַלע אַוועקגעשיקט ווערן. מיט די געדאַנקען בין איך אַוועק צו לענוצאַן. ווי נאָר זי האָט דאָס דערהערט. איז זי אַריין אין גוואַלדיקן כעס:

— דו ביסט משוגע געוואָרן? וואָס הייסט אַליין זיך בעטן אַוועקגעשיקט צו ווערן? וויסטו וואָס דאָס מיינט? ס׳גיהנום אויף דער ערד! ס׳איז גאַר־נישט צום דערציילן, וואָס ס׳טוט זיך אָפּ ביים בוג!... וואָס מיינסטו, אַז ווייניק רומענער ווייסן נישט וואָס אַזוינס בוג איז און זיי פאַרדאַמען נישט די רוצחישע שטיק?... די לאַגע דערלויבט נישט מ׳זאָל דאָס עפנטלעך אַרויסזאָגן אַרויסווייזן מיר, רומענער, פונקט ווי איר, יידן, מוזן וואַרטן ביז דאָס משוגעת וועט זיך ענדיקן. אָפּילו צווישן אונדז רומענער, געפינען זיך אַ סך, פאַר וועלכע מיר אַליין דאַרפן זיך היטן. איינס אָבער זאָל מען וויסן: אינעם נישט־אָפּפאָרן פון דעם איצטיקן טראַנספאָרט איז אָפּהענגיק אונ־דזער אייגענער פּרעסטיזש, אין אַ סך פון אונדזערע רומענער. מיין מאַן פירט אַ וויכוח מיט אַ גרויסער גרופּע פון אונדזערע אינטעלעקטואַלן וועלכע זענען קעגן דער פאַרשיקונג. יעדער טאָג וואָס גייט פאַרביי און די יידן געפינען זיך דערווייל אין דער קוועסטור, איז עס נאָר אַ דאַנק די עטלעכע רומענער, ווי אויך דער אומגעהייערער מי מצד דער ידישער אָנפירער־שאַפט.

פון באַלד אין דער פרי ביז שפּעט אין אָוונט איז מען געשטאַנען ביים טויער פון דער קוועסטור און אַרויסגעקוקט אויף אַ נס. אַזוי זענען פאַרביי 8 טעג. אין שטאָט האָט מען גוזר תענית געווען און די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג האָט געפאַסט. קיין שלאָף האָט זיך נישט געקלעבט צו די אויגן. מ׳האָט אַרויסגעקוקט אַז ס׳זאָל שוין ווערן טאָג און מ׳זאָל זיך שוין זען אין דער קהילה, אפשר איז איבער נאַכט אָנגעקומען אַ ידיעה צו באַ־פרייען זיי.

זעענדיק, אַז דערווייל הערט זיך נאָך גאָרנישט, בין איך אַוועק צו דער קוועסטור. דערוויסנדיק זיך, אַז זיי געפינען זיך נאָך דאָ, איז די נשמה צוריקגעקומען. די אַרעסטירטע האָבן אַרויסגעקוקט דורך די גראַטעס, ווי זיי וואָלטן געווען די ערגסטע מערדער, און דערזעענדיק עמעצן פון זייער משפחה, האָבן זיי לויטן אויסזען פאַרשטאַנען, אַז די ישועה איז נאָך נישט געקומען.

דעם צענטן טאָג נאָך דער אַרעסטירונג האָט מען מיט אַ מאָל באַמערקט אַז די וואָך ווערט פאַרשטאַרקט — אַ סימן אַז ס'איז שוין קיין האָפענונג נישטאָ. אָבער 6 אַ זייגער אין אָוונט, ווען זיי האָבן באַדאַרפט אַרויספאָרן, האָט מען מודיע געווען, אַז דאָס ווערט אָפּגעלייגט אויף 9 אַ זייגער. אַלע האָבן מיר פריי אָגעעטעמט, נאָר... תיכף אַראָפּגעלאָזט די קעפּ, כאַפּנדיק זיך, אַז דאָס איז טײוולאָניש שטיקל אַרבעט. 9 אַ זייגער טאָר זיך שוין קיין שום ייד נישט געפינען אין גאַס.

מיר האָבן אויסגעבראָכן אין אַ גרויס געוויין. דער ווייטאָג האָט גע־דריקט, און איינגעבויגן אין דרייען איז יעדער אַוועק צו זיין שטיקל היים, צו דער — דערווייל נאָך פרייער — משפּחה, מודיע זיין דעם גזר־דין פונעם שטנס שליח אויף דער ערד.

מ'ווייסט נישט ווי אַזוי דאָס איז געשען, נאָר אויפן וועג האָבן מיר באַ־געגנט אַלע יידישע משפּחות, פון קליין ביז גרויס, וועלכע האָבן זיך דערוווּסט, אַז מ'דערלויבט צו געזעגענען זיך מיט די אַרעסטירטע אין דער קוועסטור. מיר זענען צוריקגעגאַנגען, יעדער מיטן לעצטן ביסל אָרעמ־קייט אין דער האַנט, אַפילו מיט גאָר־גאָר קליינינקייטן, מיינענדיק, אַז דערמיט וועט מען אַ ביסל אויפמונטערן די פינצטערע פּנימער פון די אַרעסטירטע, ווייזנדיק זיי זאַכן, וועלכע האָבן אַמאָל־אַמאָל גורם געווען הנאה, און — מ'האָט זיך אָנגעהויבן געזעגענען!

שווער געווען צו גלייבן, אַז מ'לעבט, אַז דאָס איז טאַקע אַ ווירקלעכ־קייט. מ'איז זיכער געווען אַז מען חלומט.

ווי נאָר כ'בין אַריינגעקומען אין קעלער פון דער קוועסטור, האָב איך דערזען דעם ברודער שטיין אין אַ ווינקל און וויינען. דערזעענדיק אונדז האָט ער זיך געמאַכט אַז ער שמייכלט. מיר זענען געשטאַנען ווי פאַרשטיי־נערטע, שווייגנדיקע און אָן לעבן. מיר האָבן גערעדט און גערעדט, נאָר ווען מיר האָבן זיך געזעגנט, און שוין געהאַלטן ביים אַוועקגיין, האָבן מיר

ווידער זיך אומגעקערט, נאָך אַ מאָל זען אים. געוואָלט האָט מען, אַז די רגע זאָל זיך ציען אַן אייביקייט. די סצענעס פון געזעגענען זיך, זענען נישט צום באַשרייבן. יונגע פרויען מיט קינדער אין די אָרעמס, זענען געקומען געזעגענען זיך מיטן טייערן מאַן און פאָטער. אַלטע מאַמעס, אָדער פּאָר דער צייט פאַרעלטערט געוואָרענע, האָבן זיך געשלעפּט אַרומצונעמען דעם טייערן זון. יונגע כּלהס, מיט פאַרברענטע נשמות, האָבן געשווירן טריי־הייט, אַז זיי וועלן וואַרטן און וואַרטן, מיט לייב און לעבן, ביזן טויט אַריין און נאָכן טויט, אויפן צוריק קומען פון זייער באַשערטן, וועלכער ווערט אַצינד אַוועקגענומען פון זיי, און ווער ווייסט צי זיי וועלן זיך אַ מאָל נאָך זען.

די איינציקע וועלכע האָבן זיך געהאַלטן מוטיק, זענען געווען ד״ר נאַדוסי גאָלדענבערג מיט זיין פרוי. צוגעקומען אויך צו אונדז און אונדז דערמוטיקט:

— איר זאָלט קיין יסורים נישט האָבן!... מיר וועלן תּמיד זיין נעבן אייער זון און אייער ברודער. מיר קענען רוסיש און אַ שפּראַך איז אַ מאָל אַ מיטל זיך צו פאַרבינדן מיט אַ אוקראַאינער גוי... אַ שפּראַך דערנעענטערט אַ מאָל. זייט מוטיק!... עפּעס זענען מיר דאָך יידן! אויב מיר וועלן איך איבערלאָזן דאָ רויִקע, וועלן מיר דאָרט אויך קענען זיין רויִק. שטאַרקט איך יידישע קינדער, ווייל יידן זענען מיר! אַצינד — מער ווי תּמיד!... פאַר־געסט נישט וואָס מען דערציילט וועגן אונדזערע אָבות אבותינו...

ס׳איז געווען אַ זייגער האַלב ניין. כ׳האָב געפילט ווי די כּוחות הייבן אָן מיך פאַרלאָזן. כ׳בין אַרויסגעגאַנגען און געהאַלטן אין איין קוקן. אפשר... קומט אָן אַ שליח פון דער קהילה. עפּעס טוט מען דאָך... פאַרוואָס זעט מע קיינעם נישט... פאַרוואָס?...

דאָרט, אינעווייניק, אין קעלער, געזעגנט מען זיך... סצענעס וואָס קענען רירן אַ שטיין, אָבער נישט די שטיינערנע הערצער פון די רומענישע פּאָליציי־לייט.

כ׳האָב נישט געוווסט וועמען צו דערמוטיקן: דעם ברודער, וועלכער פאָרט אַוועק אין עטלעכע מינוט אַרום און קען שוין נישט איינהאַלטן די טרערן, אָדער די מאַמען, וועלכע האָט זיך געוואָרפן אויף דער ערד און זיך געשלאָגן מיט די הענט אין קאָפּ, אָדער די שוועסטערלעך, וועלכע האָבן איינגעגראָבן די הענט אין די פּנימער און ביטער געוויינט.

מיט אַ מאָל האָט מען באַפוילן אָפּצורייניקן די קוועסטור פון מענטשן,

ווייל מ׳הייבט אָן אויסצורופן די נעמען פון די אַפּאַראַנדיקע. מיט גומענע שטעקנס האָבן דייטשן און רומענער אַוועקגעשליידערט מאַמעס, טאַטעס, פרויען און קינדער פון די אָרעמס פון זייערע נאָענטע. ווי הינט האָט מען אונדז געטריבן צום טויער. האָט איינער פון אונדז געוואַגט אויסצודרייען דעם קאָפּ אויף צוריק, נאָך אַ מאָל אַ בליק טאָן, האָט ער געכאַפּט מיט אַ שטעקן איבערן קאָפּ. הינטער אונדז האָבן זיך געהערט איין און די זעלבע דערשטיקטע קולות:

— מאַמע, טאַטע, שוועסטער, ברודער, קינד, טייערע פרוי...

יידן האָבן זיך געזעגנט און גענומען אַלס עדות דאָס געוויין, ס׳איינציקע, וואָס האָט נאָך פאַרבונדן אונדז מיט זיי.

אין דרויסן האָבן שוין געוואַרט אויטאָס אַרומגערינגלטע מיט סאָלדאַטן, וועלכע האָבן געהאַט אַ באַפעל צו שיסן יעדן איינעם וואָס וועט וואַגן צו אַנטלויפן. די באַגאַזשן זענען אַרייַנגעוואָרפן געוואָרן אין ספּעציעלע לאַסט־אויטאָס און מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז אַלץ וואָס מיר האָבן געבראַכט פאַר די אַפּאַראַנדיקע, ווערט פון זיי אַוועקגערויבט און די רוצחים צעטיילן זיך דערמיט.

אַרום 9 אַ זייגער האָט מען אָנגעהויבן פונאַנדערצוטרייבן די משפחות וועלכע זענען געקומען זיך געזעגענען.

— ווער ס׳פאַרלאָזט נישט דעם פּלאַץ, וועט אַרעסטירט ווערן!...

מיט אַ ווייטאָג אין האַרץ האָבן מיר זיך גענומען שלעפּן און אַ גרויסע טייל האָבן מיר זיך אויסבאַהאַלטן, ווו ס׳האָט זיך געלאָזט. זאָלן מיר כאָטש נאָך איין מאָל אַ קוק טאָן אויף זיי...

אין הויף פון דער קוועסטור האָט מען זיי אָנגעהויבן אויסשטעלן צו צוויי אין אַ ריי און אַזוי זענען זיי געפירט געוואָרן צו די פּאָליצייאישע אויטאָס, וואָס זענען געשטאַנען אין דרויסן. אָן אויפהער האָבן זיך געהערט באַפעלן:

— ס׳זאָל קיין איינער פון אייך נישט אַנטלויפן...

מיט אַראָפּגעבויגענע קעפּ זענען זיי געגאַנגען, קוקנדיק פון צווישן די סאָלדאַטן, אפשר וועלן זיי דערבליקן עמעצן פון זייעריקע. שטילע זענען זיי געגאַנגען, שטיל און פאַמעלעך, אין דער שטילער פרילינג־נאַכט. ווי אַ צוגאָב צום ספּעקטאַקל, איז די לבנה אַרויס פון צווישן די וואָלקנס און גע־

שפּרייט אַ ציטערדיקע בלאַסקייט איבער די פּנימער פון יידן, וואָס זענען אַריינגעטריבן געוואָרן אין די אויטאָס.

דייטשע אָפיצירן האָבן געגעבן די לעצטע באַפעלן, לויט וועלכע די רומענישע סאָלדאַטן זענען פאַראַנטוואָרטלעך „מיט זייערע קעפּ" פאַר יעדן ייד, וואָס וועט פעלן ביים אַריינגיין אין די וואַגאָנען, וואָס זענען געשטאַנען גרייט אַריינצונעמען דעם גרעסטן טראַנספּאָרט יידן וואָס איז ווען־עס־איז פאַרשיקט געוואָרן פון יאַס.

עטלעכע פון די דייטשע באַגלייטער האָבן זיך געפונען אין ביוראָ, צו באַקומען די חתימה אויפן נסיעה־צעטל און ווי נאָר זיי זענען אַרויס־געקומען, שטעלט זיך אָפּ אַ טעקסי און פון איר גייט אַרויס דער פּרעזידענט פון דער יאַסער קהילה, מיט אַ געשריבענעם באַפעל פון בוקאַרעשט, צום אָנפירער פון דער יאַסער קוועסטור, אַז „ביז צו אַ נייעם באַפעל, ווערט דערווייל אָפּגעלייגט דאָס אַוועקפירן דעם טראַנספּאָרט יידן..."

די דייטשע אָפיצירן האָבן שיעור נישט געפּלאַצט און אין זייער היב־טיש האָרץ חרטה געהאַט פאַרוואָס זיי האָבן נישט אַרויסגעפירט די יידן 6 אַ זייגער אין אָוונט. זיי האָבן געהאַלטן אין איין שעלטן דעם „געטרייען" שותף זייערן, דעם פאַרשאָלטענעם „ציגיינער", וועלכער האָט צו נישט געמאַכט זייערע פינצטערע פּלענער.

די רומענישע סאָלדאַטן האָבן אויך נישט געשוויגן און פאַרשאָלטן דעם באַפעל מיטן באַפעלגעבער צוזאַמען, ווייל זיי וועלן דאַרפן צוריקגעבן אַלץ וואָס עס געפינט זיך אין די לאַסט־אויטאָס.

גאַנץ רויק זענען די אַרעסטירטע אַראָפּגעגאַנגען, צוריק אין קעל־לער פון דער קוועסטור. די סאָלדאַטן האָבן באַקומען אַ באַפעל, אַז די באַגאַ־זשן זאָלן צוריק געגעבן ווערן, נאָר דערווייל זענען „נעלם" געוואָרן עטלעכע לעדערנע פּרויען־טאַשן. נישט ווי ביים אַרויספירן ווען יעדער אייגער איז געשלאָגן און פאַרשאָלטן געוואָרן, האָט איצט יעדער באַקומען אַ צעטל, אַז ער איז פריי און קאָן אַהיים גיין, ביז צו אַ נייער פאַראָרדענונג...

מיר, וועלכע זענען די גאַנצע צייט געלעגן אויסבאַהאַלטן, זענען אַרויס, נענטער צוגעקומען צום טויער פון דער קוועסטור און געוואַרט אַז מ׳זאָל שוין אַרויסקומען. אונדזער איינציקע דאגה איז געווען, אַז ס׳איז שוין נאָך 9 אַ זייגער, די שעה, ביז ווען יידן מעגן זיך געפינען אויסער די שטיבער.

ערשט אַרום האַלב עלף בין איך אָנגעקומען מיטן ברודער אַהיים, ווייל

פון דער קוועסטור ביז אויף דער ניקאָלינאַ איז געווען אַ ווייטער מהלך. אין די טראַמווייען האָט מען אונדז נישט אַריינגעלאָזט אונטערן אויסרייד אַז יידן טאָרן אין דער שעה זיך שוין נישט געפינען אין גאַס.

אַ פּאָליציסט פונעם באַצירק צו וועלכן מיר געהערן, וועלכער פלעגט מיך זען יעדן טאָג ברענגען די צוויי ברויט צו לענוצאַן, האָט מיך דערקענט און אַ דאַנק אים זענען מיר אַריינגעגאַנגען אין לעצטן טראַמוויי. דער וואַט־מאַן מיט זיינע רוצחישע בליקן האָט זיך בפירוש קעגנגעשטעלט, אונטערן אויסרייד, אַז ס'איז פאַרבאָטן און מיר קענען נאָך האָבן אויפרייס־מאַטע־ריאַל ביי זיך אין די פעקלעך. דער פּאָליציי־מאַן האָט זיך מיט אים גוט אויסגעטענהט און אַ דאַנק דער אינטערווענץ פון אַנדערע קריסטן, האָט דער וואַטמאַן געלייגט די האַנט אויפן רודער, נאָר די גאַנצע צייט געטאַדלט דעם פּאָליציי־מאַן, אַז ער, דער היטער פון געזעץ, דערפילט נישט זיין חוב, ווי עס באַדאַרף צו זיין.

בכדי זיך נוקם זיין אין אונדז, האָט ער אונדז אַראָפּגעשטעלט אַ סטאַ־ציע פאַר אונדזער גאַס, מיר זאָלן זיך שלעפּן צו פוס און אויב אַ פּאַטרול וועט אונדז באַגעגענען, וועט ער אונדז אַוודאי „אָפּטאָן" יענץ שטיקל אַרבעט. עשוס רציחה האָט מיט אַ מאָל זיך אָנגעצונדן אין די עטלעכע קריסטן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין טראַמוויי, נאָך דעם ווי דער פּאָליציי־מאַן איז אַראָפּגעגאַנגען. מיט קללות און קלעפּ האָט מען אונדז פּשוט אַרויס־געוואָרפן און מיר זענען געבליבן שטיין, נישט ווויסנדיק, ווו מיר געפינען זיך, אַרומקוקנדיק זיך אין אַלע זייטן, בכדי צו וויסן וווהין צו אַנטלויפן, איידער ס'וועט אונדז דערזען אַ שונא, דווקא אַצינד, ווען מיר זענען שוין אַזוי נאָענט צו דער שטוב.

צוקומענדיק צום הויף, האָבן מיר דערזען, אַז די טיר איז אָפן און דערהערט דאָס געוויין פון דער מאַמען מיט די קינדער. מיר האָבן געוואָלט אַ געשריי טאָן, זיי זאָלן שוין אויך וויסן, אַז דער נס איז געשען און זאָלן אויפהערן צו וויינען, נאָר מיר האָבן דאָס נישט געטאָן, בכדי נישט צו אַליאַרמירן די שכנים, וועלכע זענען שוין געווען אין קעלער.

ווי נאָר מיר זענען אַרויפגעגאַנגען אויפן גאַניק און דערהערנדיק אונ־דזערע טריט, איז די מאַמע מיט די קינדער ווי אויפגעשפּרונגען. געמיינט האָבן זיי, אַז דאָס קומט מען ווידער פון דער פּאָליציי צו מאַכן אונטערזוכונ־גען, אָדער צו אַרעסטירן דעם יונגערן ברודער, וועלכער, נישט קענענדיק

צוזען וואָס אין שטוב טוט זיך, איז ער געשטאַנען אין הויף, נישט וויסנ־דיק וואָס מיט אים טוט זיך. ער האָט געקוקט צו דער לבנה, צו די שטערן, און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי איינער וואָס טרינקט זיך. ווען מיר האָבן שטילערהייט געזאָגט, אַז דאָס זענען מיר, האָט די מאַמע אָנגעהויבן חלשן, ווייל איר האָט זיך געדוכט, אַז זי זעט אַ וויזיע אין וועלכער מיין ברודער באַווייזט זיך צו איר. זי איז אַנידערגעפאַלן אויף דר׳ערד און מיט שווע־רער מי האָבן מיר זי דערמינטערט.

אויף אונדזערע געשרייען זענען זיך צונויפגעלאָפן אַלע שכנים און דערהערנדיק, אַז מ׳האָט די אַרעסטירטע באַפרייט, זענען זיי אויסגעבראָכן אין אַ געוויין און לאַנג האָט געדויערט ביז זיי האָבן זיך איינגעשטילט. עס איז שוין געווען גאָר שפּעט. מידע, אין די מלבושים, זענען מיר אַנידער־געפאַלן אויף די בעטן און איינגעשלאָפן.

צו מאָרגנס, ווען מיר האָבן זיך אויפגעכאַפּט, האָבן מיר זיך געווישט די אויגן, בכדי גוט צו זען אויב דאָס איז נישט קיין חלום. אויב דער ברו־דער איז ווירקלעך אין דער היים. לכבוד דער שמחה האָט אונדז אַ שכנטע געברענגט געקאָכט וואַסער, וואָס האָט באַדאַרפט הייסן „טיי", נאָר זינט מיר לעבן, האָבן מיר אַזאַ גוטן טעם אין טיי נישט געפילט; און דאָס ברויט וואָס מיר האָבן יענעם פרימאָרגן באַקומען אַ דאַנק דער גוטער לענוצאַן, האָט געהאַט טעם גן־עדן.

ייפ״אַ האָט תיכף אָנגעהויבן אויסטייטשן:

די רומענישע רעגירונג גרייט זיך צום יום־הדין. בכדי זי זאָל האָבן אַ שטיקל זכות, וועט זי קענען טענהן, אַז דאָס האָט ז י, קעגן דעם ווילן פון די דייטשן, אָפּגעשטעלט דאָס אַוועקשיקן די יידן צום בוג...

איניקע האָבן גאָר געטענהט, אַז צווישן דעם גענעראַל יאָן אַנטאָנעסקו און דעם רעגירונגס־שעף, מיכאַיל אַנטאָנעסקו, פירט זיך אַ שווערע דע־באַטע. דער ערשטער טענהט, מ׳זאָל די יידן פאַרניכטן. דער צווייטער ווייזט אָן, אַז געגנוג אַלמנות און יתומים זענען פאַראַן אויך ביי די רומע־נער און ס׳האָט שוין קיין זין נישט אויסצוהרגענען מענטשן, נאָר צוליב ראַסן־שנאה.

אַנדערע האָבן ווידער גטענהט, אַז דאָ מישן זיך שוין אַריין גאָר־גאָר רייכע יידן פון די פרייע לענדער, און צוליב געלט ווערט אַ ייד אין רומעניע אויך אַ מענטש...

דעות און מיינונגען זענען געפלויגן און מער פון אַלץ — לויב־געזאַנ־געז פאַר רוסישע פרויען און קליינע קינדער, וועלכע שטעלן איין ס'לעבן און קעמפן קעגן דעם דייטש.

— אָדער לעבן אין פרייען לאַנד, אָדער טויט!... — אַזוי לערנען דאָרט מאַמעס זייערע קינדער און מיט דעם כוח וואַרפן זיי זיך מיטן גאַנצן התלהבות פון זייער יונגע יאָרן אין געראַנגל מיט די בעסטיעס.

ייפ"אַ האָט געמעלדעט, אַז די פרייע וועלט האָט אָנגעצונדן אַ ליכט צום אָנדענק פון די יידישע קדושים אין רומעניע. לויט זיי איז דאָס אַזוי געשען:

בלישטשענדיקע „פיגעלעך" האָבן זיך באַוויזן איבער די נאַפט־גרי־בער פון פלויעשט, דער הויפּט־מקור פונעם רומענישן פּעטראָל און מיט גרויס פּינקטלעכקייט אַראָפּגעוואָרפן עטלעכע „שוועבעלעך" און — גאַנץ פלויעשט ברענט! ווי אַ ליכט ברענט עס. און דער פלאַם דערהייבט זיך עד לב השמים, צום אָנדענק פון אונדזערע הייליקע אומגעקומענע קדושים...

און נאָך האָבן זיי געמעלדעט, אַז לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן, וועט מען די יידן שוין לאָזן צו רו, ווייל די ח י ה קריכט שוין אויף אַלע פיר...

דאָך האָט אין האַרץ געקלאַפּט אַ שטענדיקער ספק:

— וואָס וועט זיין מאָרגן? וואָס וועלן די רוצחים טאָן איבערמאָרגן?

צו דער „אַרבעט לטובת הכלל" מוז מען גיין און די קינדערלעך שרייען, אַז זיי זענען הונגעריק. יאָ, האָט מען געטראַכט, יעדער דאַרף עפּעס טאָן. נאָר ווי אַזוי קען מען פאַרדינען כאָטש אויף אַ שטיקל טרוקענעם ברויט?

די ברידער זענען צוריקגעגאַנגען צו דער אַרבעט אין די מיליטערישע וואַרשטאַטן, נאָר דאָ האָט מען זיי גוויזן אַ באַפעל פון דער קוועסטור, אַז ס'איז שטרענג פאַרבאָטן „פאַרדעכטיקע" זאָלן זיך געפינען אין מיליטערישע אַנשטאַלטן. מ'האָט זיי פאַרגעלייענט דעם באַפעל אין וועלכן ס'האָט זיך נאָך געזאָגט, אַז „נישט האָבנדיק דעם פולן צוטרוי צו די דאָזיקע שונאים, וועלכע שטייען אין שטענדיקער פאַרבינדונג מיט די באָלשעוויסטישע פאַר־טיזאַנען, זענען זיי דערקלערט געוואָרן אַלס דער שונא נומער 1, וועלכער פירט אָן מיט דער פינפטער קאָלאָנע הינטערן פראָנט און דערפאַר טאָקע טאָרן זיי זיך נישט באַווייזן אין אַנשטאַלטן וואָס געהערן צו דער מלוכה. יעדער אָנפירער פון אַ וואַרשטאַט איז פערזענלעך פאַראַנטוואָרטלעך פאַר

דער מאַכט, „אויב אַ פוס פון אַ ייד וועט אַריבערטרעטן די שוועל פון אַזאַ וואַרשטאַט"...

צערודערטע זענען די ברידער אַהיים געקומען, נישט וויסנדיק וואָס ווייטער צו טאָן, זיי זאָלן קענען פאַרדינען אויף אַ שטיקל ברויט. קלאָר, אַז מ'וועט זיי נישט לאָזן אַרומגיין פריי. אויב זיי זענען דערקלערט געוואָרן אַלס שונא נומער 1 פונעם פאָלק, וועט מען זיי זיכער קאָנצענטרירן און ווידער אַ מאָל פאַרשיקן.

טראַכטנדיק ווי אַזוי צו העלפן די ברידער, איז מיר איינגעפאַלן זיך צו ווענדן צום פּלוטאָניער פּאַנאַרו, וועלכער איז באַשטימט געוואָרן פון דעם רעקרוטירונגס־אַמט, ווי דער אָפיציעלער לייטער פון די מיליטערישע וואַרשטאַטן, אפשר וואָלט ער מיר געקענט העלפן. כ'האָב אים געוואָלט דערציילן, אַז ביים אויסברוך פון דער מלחמה, איז אין אונדזער שטוב פון ביוואָלאַר פאַרבליבן זייער אַ סך פוטערוואַרג, ווי אויך מאַשינען ביי וועלכע מיינע ברידער האָבן געאַרבעט.

היות די סחורות זענען רעקווירירט געוואָרן דורך דער אַרמיי, בעט איך אים, אַז ער זאָל מיר געבן דערויף אַ שריפטלעכע באַשטעטיקונג, אפשר וועלן מיר קענען באַקומען אַ סימבאָלישע סומע, וואָס די אַרמיי באַצאָלט פאַר אַזעלכע סחורות און אין אונדזער שווערער מאַטעריעלער לאַגע, וואָלט עס אונדז זייער צו נוץ געקומען.

נישט טראַכטנדיק, האָט ער גענומען אַ בויגן פּאַפּיר און אָנגעשריבן צום זשאַנדאַרמעריע־שעף פון שטעטל ביוואלאר, אַז לויט אַ באַפעל פון יאַסער רעקרוטירונגס־אַמט, זאָל תיכף צונויפגעזאַמלט ווערן אַלץ וואָס איז נוצלעך פאַר דער אַרמיי און דאָס איבערשיקן אין ביוראָ נומער 2, ווו ער, פּאַנאַרו, איז דאָרט דער כל־יכול. אויב ס'וועט עפּעס פעלן, אָדער עמעצער פון דער באַפעלקערונג האָט עס גענומען פאַר זיך, וועט מען שטרענג באַשטראָפט ווערן. אַוועקגייענדיק האָב איך געטראַכט, צי דאָס איז ווידער נישט קיין חלום. יעדער קען פּאַנאַרון, פאַר יעדן איז ער, ווי מען זאָגט, אַן אַנשיקעניש, נאָר פאַר אונדז איז ער אַ דערקוויקעניש...

אין שטוב האָט מען זיך גוט אָנגעלאַכט אויף מיין חשבון. אָבער אין אַ וואָך אַרום באַווייזט זיך ביי אונדז אַ זשאַנדאַר מיט אַ באַפעל פון פּאַנאַרון, כ'זאָל תיכף זיך מעלדן צו אים.

גייענדיק אויפן וועג האָב איך אַלץ געטראַכט ווי אַזוי אָנצוהייבן אַ שמועס מיט אים, בכדי ס׳זאָל אַרויסקומען אַ שטיקל טובה פאַר די ברידער.

אָנקומענדיק צום רעקרוטירונגס־אַמט, זע איך ביים טויער אַ ביוואָלאַ־רער גוי מיט אַ וואָגן, געשפּאַנט אין צוויי אָקסן און אין וואָגן — דעם טאַטנס מאַשינען, וואָס כ׳האָב זיי תיכף דערקענט, ווי אויך אַנדערע זאַכן פון דער היים.

אַריינקומענדיק צו פּאַנאַרון, האָט ער מיר תיכף דערלאַנגט אַ רשימה, צו התמענען, אַז כ׳האָב באַקומען אַלע אונדזערע זאַכן פון ביוואָלאַר, זאָגנ־דיק צו מיר, אַז ער באַדויערט זייער וואָס ס׳איז געבליבן אַזוי ווייניק, ווייל די אַרמיי האָט ס׳בעסטע צוגענומען פאַר זיך. ער האָט מיר אויך געגעבן אַ צייַ־געניש, אַז די מאַשינען מיט די מכשירים, ווי אויך דאָס פוטערוואַרג זענען געפונען געוואָרן אַלס נישט־נוצלעכע פאַר דער אַרמיי און דערפאַר זענען זיי אָפּגעשיקט געוואָרן צו זייער פריערדיקן אייגנטימער.

מער האָט ער מיר גאָרנישט געזאָגט, נאָר איך האָב געטראַכט אין זאַך: דער דאָזיקער פּאַנאַרו, וואָס יידן ציטערן פאַר אים, פונקט ווי פאַר יעדן גוי, איז צו אונדזער משפחה אַזוי גוטוויליק. דאַנקען אים, האָב איך נישט געהאַט קיין כוח, נאָר מיינע טרערן האָבן אים שוין אַלץ דערקלערט.

כ׳האָב אים אַריינגעוואָרפן עטלעכע ווערטער וועגן מיינע ברידער. ער האָט מיר געענטפערט, אַז זיי זאָלן קומען צו אים. דערנאָך האָט ער באַ־פוילן דעם ביוואָלאַרער גוי, ר׳זאָל פאָרן מיט די זאַכן און זיי אָפּלייגן ביי אונדז אין דער היים.

ער האָט אָבער דערקענט אין מיר, אַז כ׳האָב מורא אַליין צו גיין, ווייל אַ פּאַטרול קען מיך נאָך באַגעגענען און אָנהייבן צו פאָרשן פון וואַנען די סחורות זענען, האָט ער מיטגעשיקט אַ זשאַנדאַר, וועלכער איז געגאַנגען נעבן פויער, ביז מיר זענען אַהיים געקומען.

דעם גאַנצן וועג האָט איך געהאַלטן אין איין ציטערן, טאָמער קומט אונדז אַקעגן אַ פּאַטרול און דער זשאַנדאַר וועט אָנווייזן אויף מיר? און אויב מיר וועלן שוין יאָ אַהיים קומען בשלום, וואָס וועלן מיר זאָגן בעת אַן אונטערזוכונג, אויב מ׳וועט געפינען ביי אונדז די אַלע זאַכן? ס׳האָט שוין נישט איין מאָל פּאַסירט, אַז אַ דאַנק קריסטלעכע באַקאַנטע האָבן יידן באַקומען צעטלען צו גיין אין גאַס, און ווי נאָר זיי האָבן אַריבערגעטראָטן די שוועל פון זייער טיר, זענען זיי באַגעגנט געוואָרן פון אַ פּאַטרול וואָס

האָט זיי אַרעסטירט און ביזן היינטיקן טאָג ווייסט מען נישט ווו זייער גע־ביין איז אַהין געקומען. אפשר האָט פּאַנאַרו אויך געהאַט אַזעלכע בייזע כוונות, מיט זיין גוטער באַציאונג צו מיר?

אין האַרצן האָב איך מתפּלל געווען, אַז דער וועג זאָל זיך שוין ענדיקן, ווייל אַ סך פון מיינע באַקאַנטע, זעענדיק, אַז דער זשאַנדאַר רעדט אַלע מאָל מיט מיר, האָבן געמיינט, אַז מ׳האָט מיך אַרעסטירט און איינער האָט גע־רעדט צום צווייטן מיט אַ הויך קול, בכדי איך זאָל דערהערן:

— זאָל מען מעלדן אין דער פאַבריק, אָדער אין דער קהילה, אַז איך בין אַרעסטירט געוואָרן?

נישט נאָר איך, נאָר אויך די אַלע וואָס האָבן מיך באַגעגנט, האָבן מורא באַקומען.

ווען מיר זענען שוין אָנגעקומען אַהיים, האָב איך געטראָפן די מאַמען מיט די ברידער שטיין ווי פאַרגליווערטע מומיעס און נישט געגלייבט די אייגענע אויגן. ווי גולמס זענען זיי געשטאַנען און געקוקט, צוזאַמען מיט די שכנטעס פונעם הויף, ווי דער פויער נעמט אַרויס די זאַכן פונעם וואָגן און לייגט זיי אָפּ אין הויף. דער זשאַנדאַר האָט באַקומען אַ באַשטעטיקונג, אַז אַלץ איז איבערגעגעבן געוואָרן און דער פויער, נאַאיוו און דאָרפיש, האָט זייער שיין געזאָגט „אַ גוטן טאָג!" און אַוועק מיטן זשאַנדאַר. מיר האָבן זיי נאָכגעקוקט ביז זיי זענען פאַרשוווּנדן געוואָרן אין אַן אַנדער געסל.

לאַנגזאַם האָבן מיר אָנגעהויבן אַריינטראָגן די זאַכן אין שטוב אַריין. דיניימאַשין האָט באַקומען דעם אויבנאָן. די שכנים זענען אַריינגעקומען אין שטוב, זיך געפרייט לכבוד דעם געשעעניש, ווי אויך צוליב דעם, וואָס זיי האָבן געזען, אַז פון היינט אָן וועט מען שוין קענען ביי אונדז באָרגן אַ טעפּל, אַ קישן פאַר אַ קראַנקן, אַ דעק זיך צוצודעקן אין די קאַלטע ווינטער־נעכט.

אַ דאַנק פּאַנאַרון זענען די ברידער נישט פאַרשיקט געוואָרן אויף אַרבעט אין אַנדערע שטעט, נאָר יעדן טאָג געשיקט געוואָרן אויף אַן אַנדער אָרט. זיי האָבן באַקומען אַרבעטס־צעטלען, נאָר געהייסן האָט עס, אַז מ׳האָט פאַרגעסן צו פאַרצייכענען אַז זיי זענען „יידן".

איין מאָל בין איך ווידער גערופן געוואָרן צו קומען צו פּאַנאַרון, נאָר דאָס מאָל צו אים אַהיים.

ווי נאָר כ׳בין אַריינגעקומען, האָט ער תיכף אַרויסגעשיקט זיינע צוויי מיידעלעך און מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט גערעדט צו מיר:

— שווערע צייטן קלאַפּן אין טיר... די ענינים הייבן אָן זיך צו פאַר־פּלאָנטערן אויך פאַר די רומענער. היינט האָט מען צו טאָן נאָר מיט יידן, אָבער קיינער ווייסט נישט אויב מאָרגן וועלן די דייטשן נישט באַציען זיך אַזוי, און אפשר נאָך ערגער, אויך צו די רומענער, ווייל עפּעס שמעקן זיי אָן, די דייטשע הינט, אַז דער גוט־מאָרגן וואָס די רומענער זאָגן זיי, איז שוין נישט ווי אַ מאָל. ער, פּאַנאַרו, כאָטש אַ מיליטער־מאַן, האָט בקבלה אַ וואָרט פון זיין טאַטן, וועלכער האָט געזאָגט:

— טוסטו אַ מאָל אַ טובה, זאָלסטו זי אַרויפטראָגן אויפן בוידעם און זי גוט אָפּהיטן! דו ווייסט נישט ווען און ווי אַזוי דו וועסט אַ מאָל דאַרפן דערמאָנען די טובה!... דערפאַר בעט ער מיך נישט פאַרגעסן אין אים, אויב עס וועלן אויף אים קומען שווערע צייטן, ווייל מען שמועסט גאַנץ אָפן, אַז יידן שטעלן צונויף רשימות פון רומענער, וואָס האָבן זיך שלעכט אויפגע־פירט לגבי יידן... ער, וויפל ר׳האָט געקענט, האָט ער געהאָלפן... האָט ער נישט געקענט העלפן, האָט ער כאָטש קיין רעה נישט געטאָן... ער רעדט מיט מיר גלייכע רייד, ווייל דער שעף פונעם צוויטן באַצירק, דער קאָמי־סאַר שוווי, האָט אים דערציילט, אַז מיר זענען בכבודיקע מענטשן מיט אַן איינפלוס אין דער קהילה. דערפאַר זאָגט ער מיר, אַז „די טובה האָט ער באַהאַלטן אויפן בוידעם..."

צום סוף האָט ער מיך באַשווירן, אַז נאָר איך, ער און גאָט אין הימל ווייסן וואָס ער האָט מיר געזאָגט.

באַשיצט פון שווייצן, ווי אויך פון פּאַנאַרון, האָבן מיר אָנגעהויבן האָפן, און אויך געגלייבט, אַז מיר זענען שוין ווי געהאָלפן. די ברידער האָבן אָנגעהויבן אַרבעטן אויך אין דער היים. די מאַשינען זענען זיי צו נוץ געקומען און פאַרשנעלערט די אַרבעט. אונדזער איינציקע זאָרג איז געווען צו זען דעם טאַטן אין דער היים און ווייסן, אַז ער איז נישט איינגעשטעלט יעדע ר׳גע, פּונקט ווי אַלע יידן, אין דעם גהינום פון וואַפּניאַרקע.

ייפ״אַ האָט פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז דער רויטער קרייץ וועט ווידער שיקן אַ דעלעגאַציע קיין וואַפּניאַרקע. קיינער האָט אָבער נישט געקענט

דערגייַן אויף וויפל דאָס איז אמת, ווייל אין די בריוו וואָס זענען אָנגעקומען פון דאָרט איז געווען אַ פאַריאושטער געשריי: מ׳זאָל זיי ראַטעווען, ווייל זיי גייען אויס פון די כוחות, און ס׳איינציקע וואָס האַלט זיי נאָך אויף די פיס, איז די האָפענונג געראַטעוועט צו ווערן.

אַפילו קריסטן וואָס האָבן דאָרט געאַרבעט און ס׳האָט זיי גאָרנישט געפעלט, האָבן איבערגעגעבן זאַכן פון וועלכע די האָר האָבן זיך געשטעלט קאַפּויער.

אין גאַנץ בעסאַראַביע איז קיין איין ייד נישט פאַרבליבן. די וואָס זענען אַוועק מיט דער רוסישער אַרמיי, געפינען זיך אין סיביר. אויב די דייטשן נעמען געפאַנגענע רוסן, לאָזט מען זיי לעבן, מ׳זאָל האָבן צו בייטן מיט דייטשע געפאַנגענע, נאָר אויב דאָס זענען יידן, שיסט מען זיי תיכף ומיד.

האָט אַ ייד געפּרוּווט זיך אויסבאַהאַלטן ביי אַ קריסט, איז ער איבער־געגעבן געוואָרן דער רומענישער אַרמיי, ביי איר אַריינקומען קיין בעסאַ־ראַביע. מ׳האָט זיי געטריבן צום בוג, ווי בהמות. אויף דער פראַגע פון איייניקע יידן פאַרוואָס מען שיסט זיי נישט, האָבן די רומענער קאַלטבלוטיק געענטפערט:

— נישט פאַראַן קיין גרעסערער תענוג ווי צו הערן יידן שרייען און וויינען; צו זען ווי איר מוטשעט זיך, ווי איר שרייט אומזיסט צו אייער גאָט. דאָס געפעלט אונדז... אַוועקצופּגרן וועט איר קיין מאָל נישט פאַרשפּעטיקן. דערווייל דאַרפט איר ליידן, יידן זענט איר און פייניקן דאַרף מען אייך!

און אין רומעניע גופא?

מעגלעך, אַז אייניקע קריסטן האָבן שוין איינגעזען ווי אַזוי זיי זענען פאַרפירט געוואָרן פון די דייטשן און געוואָלט עפּעס טון, נאָר די דייטשן זענען שוין גאָר פאַרקראָכן אין די ענינים און פאַקטיש זענען זיי געווען די באַלעבאַטים אין לאַנד. אפילו אין 1943, ווען אַלע האָבן שוין דערזען, אַז ס׳דערנענטערט זיך דער בראָך, האָט מען עפּנטלעך גאָרנישט געטאָן, בכדי אַרויסצוּווייזן אַז מען האָט חרטה אויף די מעשים לגבי יידן.

די רומענער האָבן גאַנץ גוט געוווּסט, אַז דער גאַנצער מסחר ווערט געפירט נאָר דורך יידן. האָבן זיי געבן יעדן יידישן בוכהאַלטער אַוועק־געזעצט אַ קריסט, וועלכער האָט זיך אויסגעלערנט די מלאכה. זיי זענען געווען זיכער, אַז ביזן סוף פון דער מלחמה וועט קיין איין ייד נישט בלייבן

אויפן רומעניש ן באַדן און דערפאַר דאַרפן די רומענער זיין אויך גוטע בוכהאַלטערן.

מיינענדיק, אַז זיי האָבן זיך שוין אויסגעלערנט די גאַנצע תורה, האָבן זיי די יידן אַרויסגעוואָרפן און די רומענישע „קעפּ" האָבן געחשבונט. נאָר ס'איז שוין אַרויס יענער חשבון...

יידישע אייגנטימער פון גרויסע אונטערנעמונגען, פאַבריקאַנטן, קליינ־הענדלער, סוחרים, בעלי־מלאכות מיט קליינע וואַרשטאַטן, וועמענס אונ־טערנעמונגען זענען רעקווירירט געוואָרן, האָבן געהאָפט, אַז מ'וועט זיי צוריק אָפּגעבן די געשעפטן. געלעבט מיט האָפענונג. ביז אין אַ געוויסן טאָג, ווען זיי האָבן באַקומען אַ מעלדונג, אַז די אונטערנעמונג איז „רומע־ניזירט" געוואָרן און זי געהער צו דער מדינה.

יעדן טאָג זענען צעשיקט געוואָרן נייע רשימות מיט נעמען פון רומע־נער, וועלכע ווערן דערקלערט, מטעם דער מאַכט, אַלס מיטשותפים צו די אייגנטימער. דאָס זענען געווען געוועזענע לעגיאָנערן פונעם קאַפּיטאַנס „גוואַרדיע" און אַצינד האָבן זיי געפונען די צייט זיך אָפּצורעכענען מיט די יידן.

אַ קריסטלעכע דינסט וועלכע האָט יאָרן לאַנג געדינט ביי יידן און מ'האָט געגלייבט אין איר געטריישאַפט, איז פאַרגעלייגט געוואָרן, טאַקע מצד די יידן, זי זאָל ווערן די מיטשותפטע. באַאיינפלוסט פון די קוליגאַנעס, האָט זי נאָך עטלעכע טעג שוין נישט אַריינגעלאָזט אין געשעפט אַריין דעם יידישן אייגנטימער און אויף זיין פּלאַץ נאָמינירט אַ קוליגאַן אַלס שותף.

אין די פאַבריקן האָבן די באַלעבאַטים „פאַרגעלייגט" צו ווערן אַ מיט־שותף דעם עלטסטן פון צווישן די קריסטלעכע אַרבעטער...

פאַרשטייט זיך, אַז קודם־כל האָט מען גוט „אָפּגעשמירט" די מאַכט־אָרגאַנען, וועלכע האָבן באַדאַרפט מסכים זיין דערויף. עס זענען קוים פאַרביי עטלעכע טעג און דער נייער קריסטלעכער מיטשותף האָט אָנגעהויבן זאָגן דעות די אייגענע באַלעבאַטים. טאָמער האָבן זיי געפּרוווט פאַרטיידיקן זיך, איז דער „געטרייער" שותף תיכף אַוועק אין דער קוועסטור, מיט עדות, וועלכע האָבן געהערט ווי דער יידישע „שותף" האָט געשאָלטן די מאַכט.

דאָס אַמאָליקע ווערטל: „דער טאָג איז מיר ליב נאָר ביי נאַכט בין איך טריב"האָט פאַרלוירן זיין אמתן זין, ווייל פאַר יידן איז אויך דער טאָג

געווען טריב. און דווקא אין דער טריבקייט, אין דער אָנגעלאָדענער אַט־מאָספער, וואָס האָט יעדן טאָג געבראַכט נייע טרויעריקע בשורות, האָבן יידן געפּראַוועט חתונות, קינדער זענען געבוירן געוואָרן. פון שטאַרבן איז גאָרנישט דאָ וואָס צו רעדן. דער עיקר: ס'האָט ראַלירט אַ באַנד פון לעבן און טויט, ווי יעדער איינער האָט זיך אַליין דערקענט און נאָר געפרעגט זיך, ווי לאַנג וועט דער באַנד זיך ציען אַזוי נישט זיכער, לויפנדיק מיט זייער אָפּטע איבעררייסן.

דער מענטש איז געוואָרן אַ מין אויטאָמאַט, וואָס אַ מאָל זאָגט ער „מזל־טוב" און אַמאָל גייט ער מנחם אָבל זיין. אַ מין קעסל, וואָס האָט געהאַלטן אין איין זידן און קאָכן. דער טאָג האָט געברענגט ליכט, די נאַכט — פינצטערניש. פייגעלעך האָבן געזונגען. טשיאָרעס* האָבן געקראַקעט און די שדים האָבן געטאָן וואָס זיי האָבן געוואָלט, גלייך אַזוי פירט זיך עס זינט די וועלט האָט אַ קיום.

ייפ"אַ און ייוו"אַ האָבן נישט גערוט טאָג און נאַכט. דאָס מאָל זענען די ידיעות געווען גענויערע, ווייל קריסטן האָבן זיך צוגעהערט צו קלאַנדעס־טינע פּאָסטנס און בקול רם גערעדט צווישן זיך. האָבן דאָס יידן אויפגע־כאַפּט און צעשפּרייט.

די קריסטן האָבן אַפילו געהאַט זייער כוונה אין דעם וואָס יידן הערן וואָס זיי רעדן, דאָס הייסט, אַז די רומענער גיבן איבער די יידן אַלץ, וואָס זיי ווייסן און ווען מ'וועט דאַרפן, וועלן זיי קענען טענהן, אַז דאָס זענען זיי, די רומענער, געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט די גערודפטע יידן. אַ סימן: זיי האָבן אויסגעזאָגט ס ו ד ו ת...

אַפילו אין די צייטונגען האָט מען שוין געקענט לייענען, אַז די רומע־ניש־דייטשע טרופּן ציען זיך צוריק. נאָר ייפ"אַ האָט תיכף צוגעגעבן:

...ציען זיך צוריק אין גרויס איילעניש, איבערלאָזנדיק אַ סך טויטע און פאַרווונדעטע, וועלכע האָבן זיך נישט געקענט ראַטעווען און דערפאַר טאַקע זענען זיי אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט צו די רוסן.

מ'האָט נישט באַדאַרפט זיין איבעריק קלוג כדי צו וויסן ווי ייפ"אַ

* קראָען.

הייבט אָן זיין „צוגאָב״ צו דער אָפיציעלער ידיעה. די ייפ״אַ־רעפּאָרטערן האָבן שווער געהאָרעוועט און אין די אויגן פון די קעלער־זיצער זענען זיי געוואָרן די אמתע העלדן.

— אַזעלכע גבורים!... אַזעלכע חכמים!... — האָט מען געטענהט. — געפינען זיך דאָ מיט אונדז אין די קעלערן און הערן זיך אונטער צו אַלעם וואָס עס טוט זיך אָפּ ווייטער מיט צענדליקער קילאָמעטער... יידן האָבן נאָך היינט געוווּסט וואָס מאָרגן וועט געשען... — בכלל איז ייפ״אַ געווען באַקאַנט אַפילו אין דייטשן שפּיאָנאַזש־אַמט. צווישן יידן פלעגט אַרומ־גיין אַ וויץ:

די דייטשן האָבן געהאַלטן אין איין פרעגן זיך: פון וואַנען ווייסן עס די יידן וועגן אַלעם אַזוי גענוי?

האָט מען באַשלאָסן, אַז מ׳זאָל אין די פּאָסט־קעסטלעך אַריינוואַרפן הונדערטער „געלע״ לידיקע קאָנווערטן, דאָס הייסט „אָפיציעלע״, ווייל די געלע קאָליר איז געווען די פאַרב פון דער מאַכט.

נאָך עטלעכע טעג האָט מען אויסגעקליבן עטלעכע דייטשן, וועלכע זענען געווען ענלעך צו יידן, אָנגעטאָן זיי ציווילע מלבושים און באַפוילן צו דרייען זיך צווישן דער ידישער באַפעלקערונג און הערן וואָס זיי רעדן. זעענדיק, אַז יידן שטייען אין דער ריי נאָך ברויט, האָבן די דייטשע אַגענטן אויך זיך אָוועקגעשטעלט.

מיט אַ מאָל לויפט אָן משה אַ פאַרסאַפּעטער און זאָגט, דאָס הייסט, מער געשריגן ווי גערעדט:

— קינדער, פונעם דייטשן קאָמאַנדאַמענט האָט מען צעשיקט טויזנטער אָפיציעלע בריוו. וואָס זאָל דאָס באַדייטן, יאַנקל?

— פון וואַנען זאָל איך וויסן? — ענטפערט יאַנקל, — כ׳וויס נישט פון גאָרנישט.

— און וואָס זאָגסטו, איציק?

— כ׳וויס פון גאָרנישט נישט... — ענטפערט איציק.

שמייכלענדיק, האָט משה געענטפערט, זיך־אַליין:

— הייסט עס, אַז איך וויס נישט און יאַנקל ווייסט נישט, און איציק ווייסט אויך נישט. איז עס דער בעסטער סימן, אַז ס׳איז גאָרנישט.

די דייטשן זענען תיכף צוריקגעלאָפן אין קאָמאַנדאַמענט און גע־מעלדעט:

## טעג פון צאָרן

— די יידן ווייסן, אַז אין די קאָנוועדרטן געפינט זיך גאָרנישט...

אָבער נישט תמיד זענען די יידן געווען פריילעכע. אַזוי, למשל, האָבן זיי איין מאָל מודיע געווען, אַז די אַליִאַנטן האָבן געוואָרנט, אַז פון היינט אָן וועט רומעניע באָמבאַרדירט ווערן, מעטער נאָך מעטער. דערפאַר ווערט יעדער געבעטן זיך אויסבאַהאַלטן ווו נאָר ס'לאָזט זיך: אין גריבער, קעלערס, ווייל זיי, די אַליִאַנטן ווילן פאַרטיידיקן די מענטשהייט און נישט אומברענגען זי...

יידן האָבן ווידער אויפגעהויבן די אויגן צום הימל, ווידער געבעטן די אַלטע תפילה פון די אָבות, ווען זיי זענען געווען אין אַן ענלעכן מצב און ווידער אַ מאָל געהאָפט און געגלייבט, אַז גאָט וועט זיי מציל זיין, ווי ער האָט מציל געווען אונדזערע טאַטעס.

ווי ייפ״אַ האָט געמאָלדן, האָבן אַפילו די דייטשן זיך געוווּנדערט:

— פון וואַנעט נעמט זיך צו די יידן אַזוי פיל כוח אויסצושטיין? פון אייזן זענען זיי דאָך נישט... און דאָך לעבן זיי נאָך...

אַלטע יידן זענען בפירוש ברוגז געוואָרן אויף ייפ״אַ:

— היתכן? פון וואַנען ווייסן עס די דייטשן, אַז יידן האָבן כוח? הייסט עס, אַז ייפאַ־אַגענטן זענען אויך אין דינסט פון די דייטשן און דערציילן דאָרט אַלץ וואָס ביי יידן טוט זיך אָפּ...

מ'האָט באַהאַרפט אַ סך רעדן, אַז מ'זאָל די תמעוואַטע יידן געבן צו פאַרשטיין, אַז דייטשן דאַרפן נישט האָבן קיין יידישע אַגענטן, בכדי צו ווייסן וואָס ביי יידן טוט זיך... ס'האָט אָבער נישט געהאָלפן. ייפ״אַ איז גאָר אַראָפּ־געפאַלן אין זייערע אויגן. און אויב צווישן די תמעוואַטע איז נאָך געווען אַ פרומער ייד, האָט ער שוין גאָרנישט געקענט אָנקוקן אַ ייפ״אַ־מענטש.

דאָס ביסל אַלטע יידן, וואָס איז נאָך איבערגעבליבן, האָט געהאַלטן אין איין זאָגן תהילים, געבעטן דעם גאָט פון גערעכטיקייט, ער זאָל נישט פאַר־געסן אין זיינע שעפעלעך, געבעטן האָבן די אַלטע יידן, אַז גאָט זאָל שוין רחמנות האָבן אויף זיינע קינדער, אַז זיי זאָלן נאָך זוכה זיין צו זען די ליכ־טיקע שיין, ווייל זייער אַ סך צייט איז שוין פאַרביי זינט יידן האָבן די ליכטיקע שיין שוין נישט געזען.

אמת, יידישע קינדער ווערן געבוירן, נאָר אין די פינצטערנישן פון קעלער, קריכן אויף ערדן פון טונקעלע גריבער, פון בונקערס, ווייל זיי האָבן נישט ווו צו רירן זיך.

ס׳האָבן געשעפּטשעט די אַלטע, שטילערהייט, מיט אַ קלאָגעדיק קול, ווי געטראָגענע אויף נישט־אָנזעבאַרע פליגל, פאַרברעכנדיק די הענט און אויפהייבנדיק די פאַרטרערט־פאַרגלייזטע אויגן צום הימל, מיט אַ זיפץ, וואָס אַליין וואָלט ער אויך געווען אַ תּפילה.

בעת די אַלטע האָבן געקלערט וועגן הימל־זאַכן, האָט די יוגנט, די נאָך איבערגעבליבענע יונגע קינדער, אין זין געהאַט גאָר אַנדערע תּפילות. געזונגען האָבן זיי בענקשאַפט־לידער וועגן אַן אויסגעטרוימט לאַנד. קיין ווערטער האָבן זיך נישט געהערט, קיין ניגון אויך נישט. נאָר זייער שטיל־קייט. דער בליק פון ברענענדיקע אויגן האָט געזונגען, געברענט פון בענק־שאַפט און פון האָפענונג.

— אויב שטאַרבן, זאָל מען דאָרט... אין דער היים... אין אייגענעם לאַנד!...

אַלטע האָבן דערציילט נסים פון אַ מאָל, נסים וואָס זענען שוין געשען. די יוגנט האָט געוואַרט אויף נסים וואָס דאַרפן ערשט געשען. די אַלטע לייט האָבן גערופן צו תּפילה. די יונגע — צו מעשׂים.

די פאַרבינדעטע האָבן געהאַלטן וואָרט. זייער אָפּט האָבן זיי געשיקט זייערע שטאָלענע „פייגל״, און טאָג און נאַכט, שעה נאָך שעה, האָבן זיי געזייעט טויט און בראַנד. די ערד האָט געציטערט און די דערשראָקענע מענטשן האָבן שוין אַליין נישט געוווּסט צי זיי לויפן אויף דער ערד, אָדער אויף ברענענדיקע שפּליטערס.

די באָמבאַרדירונגען האָבן אויפגעהערט, נאָר עס האָט אָנגעהויבן צו דונערן, גלייך ווי הימל און ערד קערן זיך איבער. ייפ״אַ האָט תּיכף זיך דערוווּסט: די רוסן האָבן אַרויסגענומען אַזעלכע „מאַשינדלעך״, וואָס „זינט די וועלט שטייט, האָט מען נאָך אַזוינס נישט באַשאַפן...״

די רומענער זענען זיך ווידער צעלאָפן אין די דערנעבנדיקע דערפער, נאָר אויך דאָרט האָט מען זיי נישט געלאָזט רויִק שלאָפן. ווי האָבן געזאָגט די אַמעריקאַנער: מעטער נאָך מעטער וועלן מיר קלאָפּן און פאַרניכטן!...

יאָ, די רומענערלעך זענען זיך צעלאָפן אין די בערג, אין די ווייטע געגנטן פון דער מונטעניע און פון דער אָלטעניע, אויס מורא פאַר דעם וואָס ס׳קומט אויף זיי. געוווּסט האָבן זיי גאַנץ גוט, אַז דער רוס האָט זיינע

מענטשן אויך צווישן די רומענער און אַז אין אַ שיינעם טאָג וועט מען זיי אַלע אויסגעפינען.

מ׳קען נישט זאָגן, אַז ס׳האָט אונדז נישט געפרייט דאָס וואָס אויך די רומענער פילן דעם טעם פון טויט. אָבער דער טויט איז בלינד און טרעפט דעם אומשולדיקן, פונקט ווי דעם שולדיקן. די שטאָלענע פייגל האָבן פון אויבן געזען נאָר שונאים... עטלעכע מענטשן צוזאַמען זענען געווען אין זייערע אויגן גאַנצע באַטאַליאָנען פונעם שונא און דערפאַר דאַרף מען „קלאַפּן".

אויף דער אַנאַסטאַסיע־פּאַנו־גאַס איז געווען אַ בעקעריי „דער גרינער זאַנג". געהערט האָט זי יאָרן־לאַנג צו אַ ייד, נאָר זינט דער נאַציאָנאַליזירונג האָט מען אויך די דאָזיקע בעקעריי „רומעניזירט".

דריי מאָל אין דער וואָך האָט מען געטיילט ברויט. „ברויט" זאָג איך... עפּעס אַ מין שוואַרץ געמיש פון כלעריי ערזאַצן...

ביז 10 אַ זייגער אין דער פרי האָט די קריסטלעכע באַפעלקערונג באַ־קומען זייער ראַציע. אויב עס איז נאָך איבערגעבליבן, האָט מען געטיילט אויך פאַר יידן, אין די שעהן פון 10—12. קרוב 300 נפשות זענען יענעם מאָרגן געשטאַנען אין דער ריי נאָך ברויט. אַלטע, פרויען, קינדער. יעדער האָט געקוקט צום קליינעם פענצטערל און געוווסט: נאָך 10 מינוט און מען וועט וויסן צי יידן באַקומען אויך די פּאָרציע ברויט.

מיט אַ מאָל האָבן פון דער ווייט זיך דערהערט אויפרייסן. אַלע האָבן זיך אומגעקוקט און גאָרנישט געזען, נאָר גאָר־גאָר הויך האָט מען געזען ווי קליינע פייגעלעך רירן זיך, קרייזן אַרום די שטאָט. ווערן פאַרשווונדן און די קינדער וואָס זענען געשטאַנען אין דער ריי נאָך ברויט האָבן גאָר אַנגעקוואָלן.

קיין אַליאַרם האָט מען נישט געגעבן, נאָר די ערד האָט געציטערט. פון דער ווייטנס האָט מען געזען שוואַרצע וואָלקנס רויך און מיט אַ מאָל האָט זיך צערעגנט איבער אַלעמענס קעפּ אַ פייער. בלויז עטלעכע מינוט זענען פאַרביי און ס׳זענען געוואָרן הויפנס אַש און צעריסענע שטיקער פלייש איבער גאַסן און אויף די ווענט.

פון אַלע 300 נפשות זענען ניצול געוואָרן בלויז צוויי: ס׳מיידעלע טובהלע לייבאַ און אַ קליין קעצעלע וואָס אַ קינד האָט געטראָגן אויף די הענט. ס׳קעצעלע איז תיכף אַנטלאָפן און זיך געראַטעוועט. ס׳איז דאָך

נישט קיין ייד, נאָר אַ קעצל... טובהלע איז עטלעכע מינוט געלעגן אונטער אַ הויפן טויטע. דערפילנדיק, אַז זי לעבט, האָט זי אָנגעהויבן אַרויסצוקריכן פון אונטער די צעריסענע קערפּערס און גענומען גיין איבער די גאַסן, מיט פאַרקלעפּטע אויגן, ווייל ס'בלוט פון די טויטע האָט זיך צוגעקלעפּט צו זיי און זי האָט בשום אופן נישט געקענט וויסן וואָס מיט איר טוט זיך און וווּ זי געפינט זיך. איבער דער ליידיקער גאַס איז זי געגאַנגען, ווי אַ גייענדי־קער בלוטיקער פלעק, פון קאָפּ ביז פיס.

די פייערלעשער, דערזעענדיק פאַר זיך אַזאַ „אַנטפּלעקונג" האָבן גע־שפּריצט אויף איר וואַסער, און דעמאָלט האָט זי געעפנט אירע אויגן. קו־מענדיק אַהיים האָט מען נישט געוווּסט וואָס אַזוינס מיט איר איז געשען. מ'האָט זי אַרומגעוואַשן, נאָר צוזאַמען מיטן בלוט זענען איר אַראָפּ אַלע האָר פון קאָפּ.

פּאָליציי־לייט האָבן זיך באַוויזן ביים אַריינגאַנג אין די קעלערן און אויפגעפּאָדערט די יידן, זיי זאָלן גיין צונויפזאַמלען זייערע מתים.

— אייעריקע זענען זיי און איר דאַרפט אָפּרוימען די גאַס פון זיי!...

ווו נאָר מ'האָט געפונען אַ זאַק, אַן אַלט צעריסן מלבוש, האָט מען אין דעם צונויפגענומען די צעריסענע קערפּערס און צעוואָרפענע אברים.

צענדליקער שטיבער זענען צעשמעטערט געוואָרן, נאָר ווער האָט כוח געהאַט אָפּצורוימען די הויפנס ציגל און שטויב, בכדי צוצוקומען צו די באַגראָבענע און אפשר נאָך לעבעדיקע מענטשן, וואָס האָבן זיך געפונען דאָרט.

אין דעם דאָזיקן ביטערן טאָג זענען אומגעקומען טויזנטער יידן. בייע מאַסן־גריבער זענען געגראָבן געוואָרן אויפן פּעקוראר.* די ערד האָט צו־געדעקט נאָר די שטיקער קערפּער, אָבער נישט דעם אָנדענק פון די קדו־שים. אַלע — כשרע נשמות, אומשולדיקע, טייערע, געטרייע ידישע ברי־דער. צוזאַמען האָבן זיי געלעבט, צוזאַמען געליטן, געטיילט זיך מיטן ביסל אָרעמקייט און צוזאַמען צעריסן געוואָרן אויף שטיקער, לעבעדיקערהייט.

אָט איז משה בעדער, דער אייגנטימער פון זישע הערמאַנס באָד. אַ קליניקייט — משה בעדער! וויפל חסידים האָבן אים נישט מקנא געווען... ווען דער שטעפּאַנעשטער רבי איז געווען אין יאַס און אַלע פרייטיק איז

* קוואַרטאַל ווו ס'האָט זיך געפונען דער בית הקברות.

ער געגאַנגען אין מקווה, האָט מען שוין געוווּסט, אַז מען גיט אים איבער אין געטרייע הענט. משה בעדער אַליין האָט אים געפירט אין מקווה אַריין און אים צוריק אַרויסגעפירט, געטראָגן אים ווי אַ טייבעלע...

וואָס ער האָט פאַרמאָגט, האָט ער צעטיילט פאַר אָרעמע. אַ פּשוטער ייד געווען, נאָר אַ גרויסע נשמה. געלעבט נאָר פאַר יענעם, אָפּגעקויפט ברויט ביי די קריסטן און צעטיילט פאַר אָרעמע יידן. דערפאַר טאַקע האָט ער זוכה געווען צו אַ פיל בכבודיקערן טויט: זיין קערפּער איז נישט צעריסן געוואָרן אויף שטיקער, נאָר איבערגעריסן געוואָרן אין צווייען. ערשט אין מאַסן־קבר האָט מען ווידער צונויפגענומען די צוויי העלבע טיילן פון זיין קערפּער. געווען דער איינציקער קדוש וואָס איז געקומען צו קבורה, אַ גאַנצער... קערפּערלעך גאַנץ, אָבער גאַנץ אויך אין דער נשמה. פול מיט מעשים טובים פון אַ פּשוטן ייד. מעשים, וואָס גרויסע גבירים האָבן נישט געטאָן, נישט אין די גוטע צייטן און נישט אין די טעג פון צאָרן פאַר די יאָסער יידן.

אַלע זענען אַרומגעגאַנגען ווי פאַרלוירענע. די איינציקע וואָס האָבן זיך נישט פאַרלוירן איז געווען ייפ״אַ און געוואָרנט, אַז ביים ערשטן אַליאַרם זאָל מען תיכף אַריין אין די קעלערס.

זי האָט אויך מודיע געווען, שטילערהייט, אַז יעדער איינער זאָל נישט פאַרגעסן מיטצונעמען מיט זיך אַ שטעקן, אַ שטיק אייזן און דער עיקר: זיין גרייט, ווייל די כוליגאַנעס שלאָפן נישט. ס׳אַ סברה, אַז די אַליאַרמען זענען פאַלשע, מ׳וויל די יידן פאַרנאַרן אין די קעלערס און אַזוי אַרום אַלע אומ־ברענגען...

— יידן זאָלן זיין גרייט!... איין מאָל שטאַרבט מען!...

לינק־געשטימטע יידן, וואָס האָבן געהאַט אויסבאַהאַלטן געווער, האָבן עס צעטיילט. צווישן די יידן האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז די באַן־אַרבעטער, וואָס זענען פון תמיד אָן געווען לינק געשטימט, האָבן געהאָלפן די יידן באַקומען געווער.

יידן האָבן פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז גוט צו זיך צוזאַמען, וואָס מער יידן. אָנשטאָט די ענגע שמאָלע קעלערס, האָט מען אָנגעהויבן גראָבן לאַנגע און ברייטע בונקערס. לאַנג זענען זיי געווען, די נייע בונקערס, אָבער נישט צו

ברייטע. געווען פלאַץ פאַר צוויי רייען בענק און דערפאַר האָט מען געקענט זיצן.

איינער פון די בונקערס איז געגראָבן געוואָרן ביי אונדז אין הויף. איינער פון די גרעסטע בונקערס, פאַר איינוווינער פון עטלעכע הייף. ר'איז שוין געווען גרייט, נאָר אינעווייניק האָט מען געדאַרפט אין אָרדענונג ברענגען דאָס נייטיקסטע.

געווען איז דאָס סוף אַפּריל 1943. די רעגנס האָבן נאָך אָנגעהאַלטן. אין דער נאַכט פונעם ערשטן מאַי זענען אַלע יידן אַרויסגענומען געוואָרן פון די קעלערס און אָפּגעפירט געוואָרן אין דער פּאָליציי. געהייסן האָט עס, אַז זיי זענען אַרעסטירט געוואָרן, בכדי זיי זאָלן נישט פייערן דעם „רויטן" ערשטן מאַי.

פאַר אַ גרויסע סומע געלט איז געלונגען דער קהילה זיי צו באַפרייען.

אַהיימקומענדיק האָבן זיי דערציילט, אַז זיי זענען גאָרנישט געווען אַרעסטירט, נאָר זיי האָבן שווער געאַרבעט ביים אָנלאָדן שווער געווער, אויף דער באַן־סטאַנציע סאָקאָלאַ, אונטער דער אויפזיכט פון דייטשן.

זעענדיק אַז יידן טויגן נאָך צו עפּעס, האָט דער רעקרוטירונגס־אַמט געמעלדעט, אַז אַלע יידן זאָלן זיך צושטעלן, מ'זאָל זיי שיקן צו „אַרבעט לטובת הכלל". אייניקע זענען געבליבן אין שטאָט, נאָר אַ סך זענען פאַרשיקט געוואָרן צו דער אַרבעט אין אַנדערע שטעט.

דער פרילינג איז געווען אַ קורצער, און אפשר, צוליב אונדזערע גרויסע ליידן און שטענדיקער מורא, האָבן מיר אַפילו קיין צייט נישט גע־האַט צו באַמערקן, אַז ס'איז פרילינג אויף דער וועלט.

דער זומער איז אין יענעם יאָר געווען זייער אַ קורצער און מיט אַ מאָל האָבן גאָר־פריע רעגנס אָנגעהויבן פּלייצן. ס'האָט געדונערט און געבליצט, אַז מ'האָט שוין נישט געקענט אונטערשיידן צי דאָס זענען אויפ־רייסן פון באָמבעס, אָדער אמתדיקע דונערן.

אין איינעם אַ פרימאָרגן האָבן זיך באַוויזן פּאָליציי־לייט און אַרויס־גענומען פון די קעלערס און פון די שטיבער אַלע מענער, מ'זאָל אויסשעפּן ס'וואַסער פון די „אָפיציעלע" בונקערס, ווו קריסטן האָבן זיך באַהאַלטן בשעת די אַליאַרמען.

ווי אויף צו פאַרגרעסערן אונדזער ווייטאָג, האָבן אין יענעם טאָג די

אַליאַרמען נישט אויפגעהערט און מיר קענען אין אונדזער „בונקער" נישט אַריינגיין, ווייל ער איז אין גאַנצן פאַרפּליצט.

מיר האָבן זיך אויסגעלייגט אין הויף, אויף דער נאַסער ערד און געזען ווי באָמבעס פאַלן אַרום אונדז. די מענער זענען נישטאָ און איבער אונדזערע קעפּ שוועבט דער טויט.

מיר האָבן געהאַלטן אין איין קוקן צום הימל, צום טויער, אפשר וועט פאַרט זיך באַווייזן עמעצער פון די מענער.

זעענדיק, אַז עס ווערט נאַכט און דער רעגן האָט נישט בדעה אויפצוהערן, האָבן מיר, פרויען, גענומען קעסעלעך אין די הענט און אָנגעהויבן די עבודה פון שעפּן ס׳וואַסער. דערלאַנגט פולע עמערס פון האַנט צו האַנט, געשטאַנען ביז אין די קני אין וואַסער, ביז אונדז איז געלונגען דעם בונקער אַ ביסל אויסצושעפּן. ס׳איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט ווען די מענער זענען צוריק געקומען, נאָר זיי זענען געווען שטאַרק מיד פון אַ גאַנצן טאָג שווערער אַרבעט, אָן צו נעמען אַ שטיקל ברויט אין מויל אַריין.

ווי עס איז, האָבן מיר זיך אויסגעשטעלט אין בונקער. קיין בענק זענען נאָך נישט געווען און ווען מ׳האָט דערלעבט צו זען, אַז עס שאַריעט שוין אויף טאָג, זענען אַרויסגעגאַנגען פונעם בונקער לעבעדיקע מתים.

דעם אַנדערן טאָג האָבן די אַליאַרמען זיך געצויגן אָן איבעררייס. די מענער זענען געבליבן אין דער היים, צונויפגעשלעפּט ברעטער, קאַסטנס, בענקלעך און אַרום 150 מענטשן האָבן געקענט באַקוועם זיצן אין בונקער. נאָר פּלאַץ אויף אַרומצודרייען זיך איז שוין נישט געווען. יעדער איינער האָט געוווסט זיין באַשטימט אָרט און ביי די אַריינגענג זענען געשטאַנען מענער מיט לאָפּעטעס און מיט גראָבאייזנס, גרייטע ווען די אַריינגענג וועלן פאַרשיט ווערן.

אויסער דעם איז געווען אַ ווינקל אין בונקער ווו ס׳זענען געלעגן פאַרגראָבן פאַרטיידיקונגס־כלים, אין פאַל פון אַן אָנפאַל... אָבער נאָר יחידים האָבן דערפון געוווסט.

וויזט אויס, אַז אין דער פּאָליציי האָט מען זיך דערוווסט, אַז נעכטן זענען מיר דעם גאַנצן טאָג געלעגן אין הויף, בשעת די אַליאַרמען און נישט אַריינגעגאַנגען אין בונקער, וואָס איז געווען פול מיט וואַסער. זענען זיי אַרומגעגאַנגען פון שטוב צו שטוב און מודיע געווען, אַז דער וואָס וועט

געפינען ווערן בשעת אַן אַליאַרם אויסערן בונקער, וועט תיכף דערשאָסן ווערן, אָן אַ שום משפט.

די גאַסן זענען פאַרפּלייצט געוואָרן מיט פּאַטרולן און מ׳האָט נישט געקענט דערגיין דעם טאָלק דערפון.

ערשט שפּעטער האָט ייפ״אַ צו וויסן געגעבן, אַז צווישן די רעלסן האָט מען געפונען מאַניפעסטן, געדרוקטע אויף זייער אַ פיין פּאַפּיר, וואָס זינט די מלחמה איז אויסגעבראָכן, איז שוין אַזאַ פּאַפּיר נישט געווען צו קריגן.

יידן האָבן זיך געפרייט וואָס די מאַניפעסטן האָט מען געפונען אין קריסטלעכע קוואַרטאַלן, און נישט ביי יידן. לויט ייפ״אַ האָט איבערגעגעבן, פייניקט מען און מען שלאָגט די באַן־אַרבעטער, נאָר זיי זאָגן נישט אויס פון וואַנען זיי האָבן באַקומען די מאַניפעסטן.

ייפ״אַ האָט געזאָגט, אַז דאָס פּאַפּיר האָבן זיי באַקומען פון די פּאַר־טיזאַנער, וואָס די רוסן האָבן אַראָפּגעלאָזט אין די פינצטערע נעכט, און זיי, די פּאַרטיזאַנער, דרייען זיך אַרום פראַנק און פריי, איבערגעטוענע ווי רומענישע פויערים, אָדער פּאַטרולירן אין מונדירן פון די רומעניש־דייטשע סאָלדאַטן און — גיי כאַפּ זיי!

פון אונדזער בונקער זענען ס׳רוב פרויען אַרויסגעגאַנגען באַרוועסע. ס׳וואַסער איז נישט פולשטענדיק אויסגעשעפּט געוואָרן און די שיך זענען געבליבן שטעקן אין דער גרויסער בלאָטע. האָט איינע שוין יאָ מצליח גע־ווען אַרויסצושלעפּן די פיס מיט די שיך אין איינעם, האָט זי די שיך באַ־דאַרפט שווענקען אין זיבן וואַסערן, ביז די בלאָטע איז אַראָפּ. דערנאָך זוכן ערגעץ אַ ביסל פייער, די שיך זאָלן זיך אויסטריקענען און צום סוף, נאָך דעם ווי די שיך האָבן זיך שוין אויסגעטריקנט, זענען זיי ערשט פשוט נישט אַרויף אויף די פיס.

ווען דער אַליאַרם־צושטאַנד האָט אויפגעהערט, זענען פרויען אַרויס פון בונקער. אין הויף, אויף ברעטער, זענען שוין געווען אויסגעשטעלט די לעמפּ אויף וועלכע מ׳האָט אויף דער גיך אויפגעקאָכט וואַסער, ארומצו־וואַשן די פיס, כדי קענען אַרויפשלעפּן אויף זיך די שיך.

אַזוי האָבן יידן געלעבט אין דער דאָזיקער תקופה און אַליין נישט גע־ווּסט פון וואַנען די הילף וועט קומען און צי זי וועט בכלל קומען. אַ שטיקל זייף איז געווען אַ זעלטנהייט. ווער האָט בכלל געחלומט וועגן דעם? ייפ״אַ האָט טאַקע געמאָלדן, אַז די לעצטע טעג זענען אָנגעקומען גרויסע טראַנס־

פּאָרטן מיט זייף, נאָר יידן זאָלן זיך נישט דערוועגן צו קויפן פון דער זייף, ווייל זי איז פאַבריצירט פונעם פעטס פון יידישע קערפּערס...

קיינער האָט עס בשום אופן נישט געקענט משיג זיין.

— וואָס הייסט? זייף פון מענטשן־פעטס? ווייזט אויס, אַז דאָס איז גאָר אַ גוייש אויסטראַכטעניש! אָבער יידן? יידן זאָלן גאָר נאָכזאָגן אַזאַ נאַרישקייט?!

ליידער איז דאָס אמת געווען. יידן זענען געגאַנגען, נישט קויפן, חלילה, נאָר מיט די אייגענע אויגן איבערלייענען דעם אויפשריפט: יודען־פעטס!

גאַנצע טעג האָט אונדז נאָכגעיאָגט דאָס בילד: אַ קאַסטן פון האָלץ, אַ גרויסער, ברייטער, פּירעקיקער קאַסטן און אין אים — נשמות פון טויזנטער יידישע ברידער און שוועסטער, וועלכע האָבן געברענט ווי לעבעדיקע פאַקלען און פון זיי האָבן די דייטשן פאַבריצירט זייף... צו ריייניקן זיך מיט קלאָרע, הייליקע, יידישע טרערן, מיט כשרע געדאַנקען פון תלמידי־חכמים, וויפל גאונישע מוחות ליגן אין דער זייף? וויפל קלאָרע פּנימלעך פון שיינע יידישע קינדערלעך?

יידן האָבן אָנגעהויבן שאָקלען זיך. נישט געדאַוונט, נישט געבעטן, נאָר סתם זיך געשאָקלט, ווייל אַ פּחד איז יעדן איינעם באַפאַלן. קיינער האָט אויף די פיס נישט געקענט שטיין, און אַנידערזעצן זיך אויך נישט געוואָלט, ווייל ווי זיצט מען עס פאַרן זכרון פון אַזעלכע קדושים?!

די צייט האָט אָבער געבראַכט נייע צרות, נייע גרוילן. יידן האָבן זיך געמוזט אַרומקוקן, ווייל עשו איז אויך נישט געשלאָפן. יעדע נאַכט האָט געבראַכט אַ נייעם פּחד: די כוליגאַנגעס זאָלן נישט באַפאַלן דעם בונקער... יידן האָבן מיטגענומען מיט זיך וואָס ס'האָט זיך געלאָזט, ווייל אין די שטי־בער האָבן די כוליגאַנעס בודק געווען. אַפילו אַ קישן איז ביי זיי געווען אַן ענין. האָבן יידן מיטגענומען מיט זיך אין בונקער אַריין קליידער, קישנס, דעקן, כלים... דער בונקער איז געוואָרן אַ מין מאַרק פון אַלטוואַרג. איז איין נאַכט נישט געווען קיין אַליאַרם האָט מען פון בונקער נישט געטאָרט אַרויס־גיין. האָט מען אויסגענוצט די געלעגנהייט וואָס די ערד ציטערט נישט און געכאַפּט אַ דרימל זיצנדיק.

מער פון אַלע זענען איינגעשלאָפן די... פיס! גאַנץ פרי האָט מען זיך אויפגעכאַפּט, נאָר די פיס זענען ווייטער געשלאָפן, ווי זיי וואָלטן פּאַראַלי־

זירט געוואָרן. האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּרשה רייבענישן, ביז מ׳האָט אויפ־געוועקט דעם פאַרשלאָפענעם פוס און דער אַרויסגאַנג פונעם בונקער איז געווען אַ מין טאַנצנדיקער. אָבער מ׳האָט אין דעם אויך געמוזט פאַרגעסן. די געציילטע שעהען ווען די „פייגל" האָבן צו רו געלאָזט, האָט מען געמוזט עפּעס טאָן און אַרבעטן. פון גיין זוכן פּרנסה איז נישט געווען וואָס צו שמועסן. ווער האָט דען געוואָגט זיך צו דערווייטערן פון שטוב? קינדער זענען געווען אָפּגעריסן פון די עלטערן, שוועסטער, פון ברידער, און דער מהלך פון איינעם צום אַנדערן איז נישט געווען מער ווי אַ צענדליק מע־טער. מ׳האָט מורא געהאַט אַרויסצוגיין פונעם הויף. מ׳איז געזעסן נעבן אַריינגאַנג אין בונקער, ווי יעדער בונקער וואָלט געווען אַ קאָנטינענט פאַר זיך.

אויף שוואַרץ האָט מען געמעגט קויפן און אַלץ געטראָפן. זענען טאַקע פויערים פון די אַרומיקע דערפער אַרומגעגאַנגען איבער די הייף, אַרום די בונקערס און שיין פאַרדינט. זיי האָבן געוווּסט, אַז ביי יידן מעג מען אַפילו שינדן די הויט און קיינער וועט זיי גאָרנישט זאָגן. נאָר פויערים זענען אויך גוים. מורא האָבנדיק אַז זיי זאָלן נישט געכאַפּט ווערן פון די פּאַטרולן מיט אַזוי פיל געלט, זענען זיי געגאַנגען אין דער פּאָליציי און דערציילט, אַז יידן האָבן זיי פאַרגעלייגט הויכע פרייזן און זיי געצוווּנגען צו פאַרקויפן אויף שוואַרץ.

פונקט ווען מ׳איז געזעסן אין שטוב מיט פאַרשלאָסענע טירן און גע־געסן, האָבן סאָלדאַטן אויפגעריסן די טיר, אַריינגעקוקט אין די טעלערס און אָנגעהויבן שלאָגן:

— פון וואַנען קומט צו אייך אַזוי פיל עסן? איר נעמט צו ס׳ברויט פון אונדזערע סאָלדאַטן וועלכע פאַרגיסן זייער בלוט פאַר אַזעלכע פּאַראַזיטן ווי איר...

קלעפּ און פּעטש זענען געפלויגן פון אַלע זייטן. און אין דער צייט וואָס איניקע פון זיי האָבן געשלאָגן, האָבן אַנדערע פּשוט אויפגעהויבן די פאַקרישקעס און אַריינגעקוקט אין די טעפּ. נאָר נאָך דעם ווי זיי האָבן באַקומען דעם פּעטן באַקשיש זענען זיי אַוועק, צוקלאַפּנדיק הינטער זיך די טיר, וואָס איז געווען שטאַרקער פון אייזן, אויב זי האָט זיך נישט צעבראָכן אויף פּיץ־פּיצלעך.

די קהילה איז געווען אין גרויס פאַרלעגנהייט. באַקשישן וואָס מ׳האָט

געגעבן אויף רעכטס און אויף לינקס, האָבן אויסגעלײַדיקט די קאַסע, וואָס איז סײַ ווי נישט געווען איבעריק פול. יידן זענען פשוט אויסגעגאַנגען פון הונגער. דער קול־קורא צו יידן, אַז יעדער איינער זאָל העלפן מיט וואָס ער קען, האָט נישט געהאָלפן. נישט ווילנדיק האָט די קהילה געמוזט אָננעמען שטרענגע מיטלען, וואָרענענדיק די פאַרמעגלעכע, אַז אויב זיי וועלן נישט העלפן, וועלן אויך זייערע קינדער אַוועקגעשיקט ווערן אין די אַרבעטס־לאַגערן און קיין שוחד וועט נישט העלפן, אַפילו ביי די מאַכט־אָרגאַנען.

אַ סך האָבן מורא באַקומען און געגעבן געלט. אַנדערע האָבן מורא געהאַט פאַרן מאָרגנדיקן טאָג, זיי זאָלן נישט אויסגיין פאַר הונגער און באַ־האַלטן דאָס געלט אונטער ביימער, אין די ווענט און אונטער די שוועלן.

איז אָבער געקומען אַ באָמבאַרדירונג און מיט איין מאָל פאַרשיט די ביימער מיט די שטיבער, מיט די מענטשן, מיטן געלט. הונגעריקע האָבן זיך געמערט פון טאָג צו טאָג. מענטשן האָבן אָנגעהויבן אַרומגיין ווי צע־דולטע, רעדנדיק צו זיך אַליין: ווער זענען זיי געווען און אויף וואָס זיי זענען היינט איבערגעקומען...

סאָלדאַטן אונטער דער אָנפירונג פון גענעראַל וולאַסאָוו, וועלכער האָט פאַרראַטן די רויטע אַרמיי און זיך איבערגעגעבן די דייטשן, האָבן געאַר־בעט אַלס געפאַנגענע, אונטער דער אויפזיכט פון דייטשע אָפיצירן.

דער פאַקט וואָס זיי האָבן זיך איבערגעגעבן, האָט פאַרלייכטערט זייער לאַגע און ווייט פון פראָנט האָבן זיי געאַרבעט אַלס מעכאַניקער אין גאַראַזשן און ביים פאַרריכטן מאַשינען, אָבער אונטער זייער אַ שטרענגער וואַך. אַ סך פון זיי האָבן גערעדט אַ שפּראַך וואָס איז ענלעך געווען צו רומעניש און אַ סך האָבן מיט דער צייט זיך אויסגעלערנט דייטש.

קומענדיק איין מאָל אין דער פאַבריק, האָב איך באַמערקט אַז אין הויף, צווישן די דייטשע סאָלדאַטן, דרייען זיך אַרום אויך אַזעלכע, וואָס זענען גאָרנישט ענלעך צו די דייטשן.

זיי זענען געווען אָנגעטאָן אין דייטשע אוניפאָרמען, אָבער זייער דייטשע שפּראַך האָט גאָרנישט געקלונגען דייטשיש. אויפפאַלנדיק איז אויך געווען דאָס, וואָס די דייטשן האָבן זיי קיין מאָל נישט מיטגענומען אין שטאָט. זיי

זענען געבליבן אין הויף פון דער פאַבריק און ביים צוריקקומען פון די דייטשן, האָבן זיי זיך אַריינגעזעצט אין די אויטאָס און אַוועקגעפאָרן מיט זיי.

עס האָט זיך עפּעס אַזוי געמאַכט, אַז אַ לאַנגע צייט זענען געקומען די דייטשן מיט די זעלבע סאָלדאַטן, און ווי זאָגט מען: אַז מען קוקט זיך אין די אויגן, איז שוין לייכטער צו רעדן.

אין איינעם אַ טאָג האָבן די סאָלדאַטן אונטערגעכאַפּט אונדזערס אַ געשפּרעך אין רומעניש, ווי אויך עטלעכע ווערטער אין יידיש. מ'האָט תיכף דערקענט לויטן אויסדרוק פון זייערע פּנימער, אַז עפּעס האָבן זיי אונדז צו זאָגן און דערפאַר טאַקע האָבן זיי אָנגעהויבן אָפּטער אַריינקומען אין ביוראָ, ווי אויך אין פאַבריק, בפרט ווען די דייטשן זענען אַוועק אין שטאָט, ווו זיי האָבן זיך פאַרזאַמט גאַנצע שעהען ביים קויפן מציאות, אַוועקצושיקן קיין דייטשלאַנד, אָדער ביי פּעטע מאָלצייטן, פון וועלכע זיי זענען צוריקגעקומען מער שיכור ווי ניכטער.

דער פּרוּוו פון די „דייטשן" זיך צו דערנענטערן, האָט מיך באַאומ־רויקט, ווייל צו פיל האָבן זיי זיך צוגעקוקט צו אונדז און צו דער אַרבעט אין דער פאַבריק, ווי אויך דערפאַר, וואָס איך בין געווען די וואָס איז געגאַנגען אין דער פּאָליציי ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין ענינים פון דער פאַבריק. און דערפאַר האָב איך מורא געהאַט, אַז זיי זאָלן נישט דורכפירן קיין סאַבאָ־טאַזש־אַקטן און צום סוף וועט עס אויסגיין צו אונדזערע קעפּ.

כ'האָב אָנגעהויבן זיין מער אויפמערקזאַם און באַמערקט האָב איך, אַז ווי נאָר די דייטשן פאַרלאָזן דעם הויף פון דער פאַבריק, פאַרזאַמלען זיי זיך אין אַ ווינקל, שושקען זיך, און איין מאָל האָב איך אויפגעכאַפּט אַ שמועס זייערן אין רוסיש... כ'בין געבליבן ווי פאַרגליווערט און בכדי מיך צו באַרואיקן, האָב איך מיר געגומען איינרעדן, אַז כ'האָב אַוודאי אַ טעות געהאַט און מיר האָט זיך בלויז אויסגעוויזן אַז זיי רעדן רוסיש. און גאַנץ מעגלעך, האָב איך ווידער געטראַכט, אַז דאָס איז טאַקע אמת, זיי רעדן רו־סיש, נאָר גיי ווייס פון וואַנען זיי זענען. אפשר זענען זיי מיט געוואַלד אַרויסגענומען געוואָרן פון זייערע היימען, דערווייטערט געוואָרן פון זייערע משפחות און נאָר דערפאַר וואָס זיי האָבן אַ פאַך אין האַנט, זענען זיי גע־בראַכט געוואָרן אויף אַרבעט פאַר די דייטשן.

איז אָבער קיין סך צייט נישט פאַרביי און שטייענדיק איין מאָל אין הויף, זע איך ווי צוויי פון זיי גייען מיט צוויי ליידיקע עמערס אין די הענט,

און קומענדיק נענטער צו מיר, האָבן זיי פאַרלאַנגזאַמט דעם טראָט, ווי זיי וואָלטן מיט די בליקן געבעטן ביי מיר דערלויבעניש, אַז זיי זאָלן אָנפילן די עמערס מיט וואַסער. צוקומענדיק נענטער, האָבן זיי מיך שטילערהייט געפרעגט אויב מיר זענען יידן.

דערזעענדיק ווי כ׳בין מיט אַ מאָל בלאַס געוואָרן, האָבן זיי מיר גע־זאָגט, חצי דייטש, האַלב רומעניש, אַז כ׳זאָל נישט מורא האָבן, און האַלטנ־דיקדיק די עמערס אין די הענט, מיט די אויגן צום טויער, האָבן זיי ווייטער געזאָגט, אַז זיי זענען נישט קיין דייטשן, נאָר געפאַנגען געוואָרן אין אָנהייב פון דער מלחמה. זיי האָבן געהערט צו דער אַרמיי פון גענעראַל וולאַסאָוו, וועלכער האָט איבערגעגעבן אוקראַינע אין די הענט פון די דייטשן. אָבער זיי — זיי זענען גאַרנישט שולדיק. געבליבן זענען זיי געטרייע קינ־דער פון דער „מאַמע רוסלאַנד״ און האָבן אַפילו קיין אַנונג נישט געהאַט פון דעם וואָס וולאַסאָוו גייט טאָן. מיט אַ מאָל האָבן זיי זיך דערזען געפאַנגען, מ׳האָט צוגענומען ביי זיי דאָס געווער און דערוויטערט זיי פונעם פראָנט.

זינט דעמאָלט אַרבעטן זיי ביי די דייטשן אַלס מעכאַניקער, שאָפערן און אַנדערע מלאכות, אָבער נישט שטענדיק זענען זיי צו שטרענג באַוואַכט, ווייל ס׳איז זיי געלונגען איינצורעדן דעם דייטש, אַז זיי זענען אים „גע־טריי״... איך זאָך ווילן זיי מיר זאָגן, אַז זיי זענען אין דירעקטער פאַרבינ־דונג מיט די פּאַרטיזאַנער...

דערווייל האָט דער טעלעפאָן אין ביוראָ אָנגעהויבן קלינגען און כ׳האָב געדאַנקט גאָט וואָס כ׳האָב די געלעגנהייט נעלם צו ווערן. שטייענדיק אין ביוראָ און אַרויסקוקנדיק דורכן פענצטער, זע איך ווי מיינע צוויי וולאַסאָוו־צעס רירן זיך נישט פון אָרט, זיי שטייען מיט ליידיקע עמערס אין די הענט, ווי זיי וואָלטן געוואַרט כ׳זאָל אַרויסקומען און זיי זאָלן מיר זאָגן וואָס זיי פאַרלאַנגען פון מיר.

דערווייל זענען נעבן זיי פאַרבייגעגאַנגען אַנדערע צוויי „דייטשע״ סאָלדאַטן, גערעדט מיט זיי גאָר גוט־ברודעריש און כ׳האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז אויך די צוויי זענען נישט קיין עכטע דייטשן.

כ׳האָב געטראַכט ווי אַזוי ווערט מען פון זיי פּטור און אַרויסגעגאַנגען דורך דער הינטערשטער טיר, בכדי זיי זאָלן מיך נישט באַמערקן. לאָזט זיך אויס, אַז ווי נאָר כ׳בין אָפּגעגאַנגען אַ פּאָר טריט, וואַקסן אויס מיינע צוויי

וואָלאָסאָוצעס און זאָגן מיר שוין גאַנץ אָפן, אַז אויך די צווייִ „דייטשן", וועלכע האָבן נאָר־וואָס גערעדט מיט זיי, זענען אויך פון זייעריקע...

כ׳בין צוריק געגאַנגען אין ביוראָ, געמאַכט מיך, אַז איך רעד דורכן טעלעפאָן, נאָר די פאַרשוינען מײַנע שטייען בײַ דער הינטערשטער טיר, מיט די לײדיקע עמערס אין די הענט, ווי זיי וואָלטן געוואַרט אַז כ׳זאָל זיי עפּעס זאָגן.

צו מײַן מזל איז אַרײַנגעקומען אַ קריסטלעכער אַרבעטער און כ׳האָב אים געזאָגט, אַז ער זאָל זען וואָס די „דייטשן" ווילן. זעענדיק אין זייערע הענט די לײדיקע עמערס, האָט ער פאַרשטאַנען אַז זיי זוכן וואַסער... האָט דער אַרבעטער גענומען בײַ זיי די עמערס, אַרײַנגעגאַנגען אין קיך פון דער פאַבריק און זיי צוריקגעבראַכט פולע מיט וואַסער.

די דייטשן האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ, ווי איינער רעדט, זיי דאַנקען מיר זייער און זענען אַוועקגעגאַנגען, ווי ס׳וואָלט גאָרנישט געווען.

כ׳האָב געפילט ווי אין מיר צעוואַקסט זיך אַן אומרו און, דערוויַיל נישט פאַרויסגעזען, ווי אַזוי כ׳וועל אים קענען אײַנשטילן. כ׳האָב מיך געשלאָגן מיטן געדאַנק צי איך זאָל דאָס דערציילן דעם „באָס" מײַנעם, קאַפּאָלאָ־וויטש, וועלכער האָט אַזוי שיין זיך אויפגעפירט מיט מײַן משפּחה, און — באַשלאָסן גאָרנישט דערציילן. זאָלן זיי נישט וויסן, אַז אין דער פאַבריק דרייען זיך אַרום פאַרטיזאַנער.

און ווי אַ געמאַכטע זאַך: די דאָזיקע גרופּע „דייטשן" האָט זיך פון אָרט נישט גערירט און גאַנצע טעג אָפּגעזעסן אין הויף פון דער פאַבריק, ווי זיי האָבן גאָרנישט בדעה אַוועקצוגיין פון דאַנען. ווי נאָר זיי האָבן מיך דער־זען, אָדער זיי האָבן מיר געמאַכט אַ „זיס" אייגל, אָדער זענען אויסגעוואַקסן בײַ דער הינטערשטער טיר פון ביוראָ, מיט לײדיקע עמערס. האָב איך בפירוש געזען, אַז זיי ווילן מיר עפּעס „מגלה" זײַן, נאָר — די ריכטיקע געלעגנהייט איז דערוויַיל נאָך נישט געקומען.

אויפפאַלנדיק איז אויך געווען, וואָס תמיד ווען זיי באַווייַזן זיך, מיט לײדיקע עמערס, באַווייַזט זיך אויך יענער קריסטלעכער אַרבעטער, וועל־כער נעמט בײַ זיי די עמערס, און עפּעס דויערט עס צו פיל ביז ער קומט צוריק.

איין מאָל האָבן זיי מיר „אַרײַנגעשעפּטשעט", אַז פאַר זיי איז זייער וויכטיק צו געפינען זיך אין ערטער ווו עס זענען פאַראַן אַ סך דייטשן.

פּאַרטיזאַנער געפינען זיך אומעטום, נאָר אין יידן גליבן זיי בלינדערהייט, אָנהייבנדיק מיט יענע יידן וועלכע זענען פאַרשיקט געוואָרן, ביז צו אַזעלכע ווי מיר, וועלכע זענען נאָך, אין אַ געוויסער מאָס, פריי און קענען זיך דרייען צווישן דער רומענישער ציוויל־באַפעלקערונג. אַ זאַך, וואָס איז זייער וויכטיק... זיי צווייפלען גאָרנישט אין מענטשלעכן געפיל פון די יידן.

ס'איז אוממעגלעך געווען זיך אָפּצוטשעפּען פון זיי. בין איך געשטאַנען אין הויף, זענען זיי אויסגעוואַקסן מיט עמערס וואַסער צו וואַשן די מאַשי־נען, בין איך געזעסן אין ביוראָ, איז מען געקומען מאַכנדיק מיט די הענט, ווי מ'בעט כ'זאָל זיי געבן אַ בלייפעדער און אַ שטיקל פּאַפּיר.

איין מאָל זענען זיי טאַקע אויסגעוואַקסן ביי דער באַלעבאָסטע אין צימער, ווען כ'בין דאָרט אַריינגעגאַנגען, איז איינער געשטאַנען און גע־האַלטן אין איין האַנט אַ נאָדל און געמאַכט מיט דער אַנדערער האַנט, אַז ער וויל אַ פאָדעם...

איין מאָל וואַקסן זיי אויס אויף דער שוועל פון דער הינטערשטער טיר, פאַרשטייט זיך, מיט ליידיקע עמערס אין די הענט, נאָר דאָס מאָל איז שוין דער קריסטעלעכער אַרבעטער נישט אַריינגעקומען... זיי האָבן מיר בקיצור געזאָגט:

— זייט זיכער, אַז מיר וועלן וועגן אייך קיין וואָרט נישט זאָגן, אפילו מ'וועט אונדז קוילענען. ס'איז נישט שלעכט וואָס אַלס ידישקע אַרבעט איר פאַר די דייטשן... דאָס וואָס איר האָט אונדז די גאַנצע צייט טאָלערירט און נישט אויסגעגעבן, איז שוין פאַר אונדז גאַנץ גענוג...

זעענדיק, אַז איך קוק זיי גלייך אין די אויגן, האָבן זיי מיר גאַנץ אָפן געזאָגט:

— ביסט אַ יידיש קינד!... מיט וואָס ווילסטו אונדז, פון היינט אָן, העלפן?... דיין פאָלק ווערט אויך געפייניקט און פאַרברענט... בלייב אויף ווייטער, ווי דו ביסט געווען ביז אַצינד...

געענדיקט די ווערטער, האָט זיך פּלוצלינג געיאַוועט דער קריסטלעכער אַרבעטער, גענומען די עמערס און ביז ער איז צוריקגעקומען, האָב איך זיי געזאָגט:

— דאָס גרויסע טויער פון דער פאַבריק איז במשך דער נאַכט בלויז פאַרמאַכט, אָבער נישט פאַרשלאָסן... דורכן הינטערשטן טירל פון הויף גייט מען אַריין אין עטלעכע הייף... יעדער הויף פירט אין אַן אַנדער געסל... אַז

יידן וועלן דערזען אַ דייטשן מונדיר, וועלן זיי זיך אָפּשליסן אין די שטיבער, נאָר די רומענער וועלן אַראָפּנעמען ס׳היטל פאַר איך... פאַרגעסט נישט, אַז מיר זענען יידן און כמעט אַלע אַרבעטער פון פאַבריק זענען געוועזענע לעגיאָנערן...

געענדיקט די ווערטער, האָב איך דערפילט ווי ס׳לשון נעמט מיר אָפּ און עס פעלט מיר לופט צום אָטעמען. דער „דייטש" האָט עס פאַרשטאַנען און מיר געגעבן אַ וווּיליונגערישן קלאַפּ אין דער פּלייצע, ווי איינער זאָגט: ס׳וועט זיין גוט !...

אַוועק זענען זיי גאָר צופרידן, נאָר איך בין געבליבן אומרואיק. טיף אין האַרצן בין איך געווען זייער צופרידן וואָס מיט מיין שווייגן און פאַר־שווייגן האָבן איך אַ ביסל געהאָלפן, נאָר אויפן געוויסן איז מיר געווען זייער שווער.

— וואָס וועט זיין, אַז די דאָזיקע פאַרטיזאַנער וועלן פּרוּוון אויפרייסן די פאַבריק דערפאַר, וואָס זי אַרבעט פאַר די דייטשן ?...

די דייטשן זענען אַוועקגעפאָרן און איך האָב פריי אָפּגעאָטעמט. לאָזט זיך אויס, אַז נאָך עטלעכע טעג זענען זיי ווידער דאָ, נאָר מיט אַנדערע אָפיצירן, וואָס זענען תיכף אַוועק אין שטאָט, פאַרברענגען, און מיינע דייטשלעך מיטן פאַרצויגענעם דאַשעק איבערן רעכטן אייגל, פייפן אונטער די מעלאָדיע פונעם ליד „הייל היטלער" און ביז וואָס־ווען, זענען זיי שוין אַריבער געשפּרונגען דעם פּלויט און —

די אַרבעטער פון דער פאַבריק, שטייענדיק ביי די פענצטער, האָבן זיך צוגעקוקט ווי די „דייטשע" שדים שפּרינגען איבערן פּלויט „וואַרשיינ־לעך זוכן זיי פרויען..."

ווידער זענען זיי נעלם געוואָרן און עטלעכע טעג האָט מען זיי נישט געזען. שטייענדיק אין אַן אין דער פרי אין הויף, האָבן זיך מיט אַ מאָל אַ לאָז אַריין געטאָן עטלעכע לאַסט־אויטאָס און צוגייענדיק נענטער צו פרעגן וויפל שויבן זיי דאַרפן, כאַפּ איך, נישט ווילנדיק, אַ קוק אינעווייניק און דערזע מיינע דייטשלעך בויבערן צווישן די פעק פון שפּייז און מעדי־קאַמענטן, נעמען אַרויס אַ ברעזענט און וויקלען איין לייכט געווער...

כ׳בין צוריק אַריין אין ביוראָ, נאָר דורך אַ שפּאַרונע פון דער הינטער־טיר האָב איך באַמערקט ווי מיינע דייטשן גייען אַריין אין גערטנדל, צו אַ

בערגל, נעבן פלויט, לייגן אַריין דאָרט דאָס לייכטע געווער, און גייען צוריק, טראָגנדיק אין די הענט פּעקלעך, וועלכע, ווי כ׳בין דערנאָך געוואָר געוואָרן, זענען זיי געווען באַגראָבן אין יענעם בערגל.

כ׳בין צוריק אַרויסגעגאַנגען אין הויף, נאָכקוקנדיק וואָס זיי טוען.

די דייטשע אָפיצירן, וועלכע זענען אַוועק אין שטאָט, זענען פּערזענלעך געווען פאַראַנטוואָרטלעך, אַז די מעדיקאַמענטן מיט די פּעקלעך שפּייז זאָלן אָנקומען צום פראָנט אין דער באַשטימטער צייט. האָבן זיי זיך דערווייל צוגעכאַפּט אין שטאָט, און אין דער צייט וואָס זיי זענען נישט געווען, האָבן מיינע דייטשן אַריינגערוקט צווישן די פּעקלעך שפּייז, אויפרייס־מאַטעריאַל מיט אַ זייגער, וואָס האָט באַדאַרפט „אויסקלינגען" אין אַזאַ שעה, וואָס לויטן חשבון האָבן די אויטאָס מיט די אָפיצירן שוין באַדאַרפט זיין גאָר ווייט פון דער שטאָט.

געענדיקט ס׳שטיקל אַרבעט זענען זיי גאַנץ רואיק צוריקגעגאַנגען צו זייער לאַסט־אויטאָ, וווּ מ׳האָט געפירט פעלד־בעטלעך פון גומי און ביר. די איינציקע זאַך, וואָס כ׳האָב געקענט באַמערקן אויף זייערע פּנימער, זענען געווען די צו שטאַרק בלישטשענדיקע אויגן.

דאָס מאָל איז קיין סך צייט נישט פאַרביי און די אָפיצירן זענען תיכף צוריק געקומען פון שטאָט, אַריינגעזעצט זיך אין די מינירטע מאַשינען, אַוועק צום פרוט, קיין בעסאַראַביע און פון דאָרט איבערפירן די נייטיקע מעדיקאַמענטן און שפּייז צום פראָנט. דערזעענדיק אַז די דייטשן שלאָפן, האָט אַן אָפיציר זיי אויפגעוועקט מיט אַ גוט־ברידערישן קלאַפּ אין פּלייצע. תיכף זענען זיי אַרויף אין לאַסט־אויטאָ, אַלע מאַשינען האָבן גערירט פון אָרט, נאָר נעבן טויער האָבן געפּלאַצט די צווייַ פאָדערשטע רעדער אין לאַסט־אויטאָ אין וועלכן די „דייטשן" זענען געזעסן.

תיכף זענען זיי אַראָפּ פון אויטאָ און ווי שדים גענומען פאַרריכטן די רעדער. די אַנדערע אויטאָס זענען אַוועקגעפאָרן און פאַרבליבן איז בלויז איין אָפיציר און זיך צוגעקוקט ווי פלייסיק די „דייטשן" אַרבעטן ביים אַריינשטעלן נייע רעדער.

זייענדיק שוין גרייט צום פאָרן, לויפט מיט אַ מאָל אָן אַ שליח און באַפעלט אַז מ׳זאָל דערווייל בלייבן אויפן פּלאַץ, ווייל די פריערדיקע דריי אויטאָס, זענען אויפגעריסן געוואָרן, „ווייזט אויס, אַז פּאַרטיזאַנער האָבן אונטערגעלייגט מינעס אויפן וועג ווו די פריערדיקע דריי אויטאָס זענען

געפּאַרן און אַלע זענען זיי אויפגעריסן געוואָרן צוזאַמען מיט די אָפּיצירן און מיט די סאַניטאַרן וועלכע האָבן זיי באַגלייט..."

דער אָפּיציר האָט זיך ווידער "צוגעכאַפּט" אין שטאָט אַריין און דורך דער הינטערשטער טיר איז ווידער אַריינגעקומען אַ "דייטשל" מיט לידיקע עמערס, און ביז דער אַרבעטער איז ווידער געקומען אָנפילן די עמערס, האָט ער צייט געהאַט אַרויסצורעדן:

— געהערט? געזען? פּאַרטיק!... ס'איז געמאַכט!...

אַזוי איז די פאַבריק געוואָרן, אָן עמעצער זאָל וויסן, אַ גוטער אַדרעס פאַר די פּאַרטיזאַנער און קיינער האָט זיי נישט געשטערט, ווייל דער דייטשער מונדיר האָט זיי שוין גוט באַשיצט...

די צייט האָט געווירקט לטובת דעם ביסל איבערגעבליבענע יידן.

אַליאַרמען האָט מען שוין נישט געהערט, אָדער זייער זעלטן. די רע־זערוון צום פראָנט זענען איבערגעפירט געוואָרן דורך אַנדערע וועגן, וואָר־שיינלעך בעסערע. מ'האָט אָנגעהויבן ווי "אויפצוכאַפּן" זיך, ווייל ס'זענען געווען אַזעלכע נעכט ווען מ'האָט זיך געקענט אויסשלאָפן, נישט געשטערט פון לופט־געסט. נישט איין מאָל, ביים אויפשטיין אין דער פרי, האָט איינער געפרעגט דעם צווייטן, צי איז ער טאַקע שוין אויפגעשטאַנען פון שלאָף, אָדער ס'איז אַ חלום...

די קריסטן זענען אויך ווי פאַרשטומט געוואָרן און אָנגעהויבן אין זין צו האָבן די אייגענע צרות.

פון דער מלחמה האָבן זיך אָנגעהויבן אומצוקערן נאָר בעלי מומים. די אַנדערע, אָדער זיי האָבן געקעמפט אויפן פראָנט, אָדער זיי זענען דער־קלערט געוואָרן אַלס "פאַרשוווּנדענע". מ'האָט שוין גוט פאַרשטאַנען וואָס דאָס הייסט: אָדער זיי זענען געפאַנגען געוואָרן, אָדער זייער געביין איז אַהינגעקומען און קיין מענטש איז נישט איבערגעבליבן וואָס זאָל עדות־זאָגן, וואָס אַזוינס מיט זיי האָט פּאַסירט.

צווישן די רומענער זענען געווען זייער אַ סך, וואָס האָבן זיך גע־מאַכט אַ פּרנסה פון "פּאַרן" קיין טראַנסניסטריע אויפן חשבון פון יידן. האָט מען טאַקע אויסגענוצט אַזעלכע געלעגנהייטן און איבערגעשיקט בריוו און פּעקלעך פאַר די לאַגער־יידן. זייער אַ סך פּעקלעך זענען נישט

אָנגעקומען. מיר האָבן עס גאַנץ גוט געוווּסט, נאָר מיר האָבן געהאַלטן, אַז כל זמן מ׳קען שיקן, זאָל מען שיקן און וויפל ס׳וועט אָנקומען, זאָלן די דאָרטיקע כאָטש עפּעס האָבן זיך צו דערהאַלטן די נשמה. פונעם טאַטן האָבן מיר באַקומען אַ קבלה אויף אַ פּעקל. אָבער ער האָט קיין שום רמז נישט געגעבן בנוגע די ידיעות וואָס ייפ״אַ האָט פאַרשפּרייט, אַז אָט־אָט, און זיי ווערן אַלע אַהיימגעשיקט, אַלס „פּאָליטישע אַרעסטירטע״.

איין מאָל עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין אַ סאָלדאַט וואָס פלעגט זייער אָפט מאַכן די רוטע יאַס—וואַפּניאַרקע און צוריק.

געהייסן האָט עס, אַז ר׳איז כלומרשט געקומען אויף אורלויב פון דריי טעג, נאָר אין דער אמתן איז ער געשיקט געוואָרן פון די דאָרטיקע יידן, צווישן זיי אויך דער טאַטע מיינער, ער זאָל איבערגעבן גרוסן... ווען מיר האָבן זיך איבערצייגט, אַז מען מעג אים אויך עפּעס פרעגן, האָט ער אויפגעבונדן די צונג און איבערגעגעבן וועגן דעם גרויסן אומגליק, וואָס עס האָט געטראָפן אונדזערע ברידער אין דעם פאַרשאָלטענעם לאַגער. צווישן אַנדערע האָט ער אויך געזאָגט, אַז מ׳פּלאַנעוועט איבערצופירן די יידן פון דאָרט אין פרייע געטאָס.

די איבערגעבליבענע מענטשן פונעם לאַגער זענען נישט מער ווי פאַנטאָמען. די „באַוווּסטע״ אַרבעס מיט וועלכע די דייטשן האָבן זיי געשפּייזט האָט געהאַט אַ ביטערע ווירקונג אויף יעדן פון זיי. די יונגע, ביז 30 יאָר, זענען פולשטענדיק פּאַראַליזירט געוואָרן, און די אַנדערע, איבער 30 יאָר, גייען אַרום מיט פאַרדאַרבענע מאָגנס. דער טאַטע און די אַנדערע עלטערע מענטשן בעטן, מ׳זאָל זיי שיקן באַרויִקונגס־מיטלען, ווייל זיי קענען שוין נישט איבערטראָגן די ווייטאָגן. קיין מעדיצינישע הילף איז נישט פאַראַן, און ווען די ווייטאָגן כאַפּן זיי אָן, וואַרפן זיי זיך אויף דער ערד און שלענגלען זיך, אַז דו ווונדערסט זיך ווען איינער פון זיי שטייט נאָך אויף אַ לעבעדיקער.

מיט אַ מאָל האָט דער סאָלדאַט אָפּגעהאַקט זיינע רייד און מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז עפּעס האָט ער צו זאָגן, נאָר באַהאַלט פון אונדז. נאָך אַ סך בקשות האָט ער מסכים געווען און געבעטן אַנטשולדיקונג, וואָס ער, אַלס מענטש, דאַרף דאָס דערציילן:

איין מאָל איז פאַרבייגעפאָרן אַ גרופּע דייטשן און זיך אַריינגעכאַפּט אין לאַגער, כדי הנאה צו האָבן פון יידישע מאַטערנישן. בכדי נאָך מער

חוזק צו מאַכן, האָבן זיי זיך פאַרגעשטעלט, אַז זיי זענען דאָקטוירים. און אַז יידן האָבן זיך באַקלאָגט פאַר זיי, האָבן זיי גראָב און ציניש זיי אויס־געלאַכט און געגעבן אַזעלכע עצות, אַז די שומרים האָבן אויסגעשאָסן אין אַ געלעכטער און מיטלאַכנדיק זענען די דייטשן אַוועקגעגאַנגען פונעם לאַגער.

ער האָט אונדז אויך דערציילט, אַז צוזאַמען מיטן טאַטן געפינט זיך איינער פון די געוועזענע גוטבאַזיצער פון פּאָקשאַן, דער ייד באַראָן, וואָס האָט שלום־צייט צוגעשטעלט עסנוואַרג פאַר דער רומענישער אַרמיי און איצט שפּילט ער אַ טאָפּלטע ראָל... נישט איין מאָל נעמט ער דעם טאַטן און אַנדערע עלטערע יידן, אונטערן אויסרייד, אַז ער דאַרף זיי האָבן זיי זאָלן אַרבעטן מיט אים צוזאַמען פאַר „געוויסע" צוועקן.

— דהיינו ?

אין משך פון טאָג ברענגט ער אין אָרדענונג אַלץ וואָס איז אַריינגע־פאַלן אין די הענט פון די דייטשן, נאָכן אַנטלויפן פון די רוסן. ביי נאַכט אָבער „פּראַוועט" ער שוין יענע שטיק... די דייטשן קוועלן גאָר אָן פון אים, ווייל ער איז זייער אַ פּעיִקער מענטש און זיי באַנוצן זיך מיט אים לטובת זייערע אינטערעסן.

ביי נאַכט קען מען זען יונגע פויערטעס, וואָס קומען זיך צונויף, צינדן אָן גרויסע פייערן און טאַנצן אַרום זיי. דאָס איז אַ סימן פאַר די פּאַרטיזאַנער, אַז די דייטשע פּאַטרולן זענען קאָנצענטרירט אַרום די טענץ, שיכורן און זויפן. די פּאַרטיזאַנער קענען גאַנץ רויִק גיין אַהין ווו ס'איז שוין צוגעגרייט פאַר זיי זעק מיט מעל, קאַרטאָפל, קעז און אַנדערע שפּייזן, וואָס זענען אין משך פון טאָג „פאַרגעסן" געוואָרן, און זיי ווערן תיכף אַוועקגעשיקט אין די וועלדער. ס'וויכטיקסטע איז, וואָס די פּאַרטיזאַנער געפינען דאָרט אויך דייטשע מונדירן...

דער טאַטע, ווי אויך די אַנדערע יידן, אין דעם טאָג וואָס זיי ווערן „פאַר־שלעפּט" צו דער אַרבעט אין פעלד, האָבן פאַרלאַטעט די אַרבל פון אינע־ווייניק, נאָר אונטער די לאַטעס האָבן זיי פאַרנייט אַ ביסל זאַלץ, אָדער צוקער, און צוריקקומענדיק אין לאַגער, פלעגן זיי האָבן וואָס צו לעקן... איבערגעבנדיק עס פון האַנט צו האַנט.

אַזוי האָבן זיי אויך אַריינגעברענגט אין לאַגער רעשטלעך מאַמעליגע

און אַנדערע פּראָדוקטן, און לויט אַ געוויסן פּלאַן איז דאָס צעטיילט געוואָרן צווישן אַלע גלייך.

די דייטשן האָבן געהאַט גרויס „צוטרוי" צום יידישע גוטבאַזיצער, באַראָן, ווייל אויסער אים האָט קיינער נישט געקענט מאַכן אַזעלכע באַ־טעמטע קעזן, ברינדזעס,* ווי אויך באַפעלן צו שערן די שאָף צו דער צייט און אַלע אַנדערע זאַכן וואָס ערד־אַרבעט פאָדערט. די קעזן זענען אין צענדליקער טאָנען אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין דייטשלאַנד.

פאַרשטייט זיך, אַז קיין סך האָבן מיר נישט באַדאַרפט קלערן, אַז דער סאָלדאַט איז אויך אַ פּאַרטיזאַנער. געבוירן איז ער אין בעסאַראַביע און די אַפּטע רייזעס קיין יאַס און צוריק האָבן אַ געוויסן צוועק...

דער סאָלדאַט איז אַוועק און די צייט איז אויך נישט געשטאַנען. די טעג גייען און יעדער איינער וואָס קען זיך שוין גוט אויסשלאָפן ביי נאַכט פרוווט ביי טאָג אַרבעטן אַ ביסל, כדי צו פאַרדינען אויף היינט, ווייל וועגן מאָרגן האָט קיינער נישט געטראַכט. דער עיקר איז געווען אָפּצוכאַפּן דעם טאָג און נישט אויסגיין פון הונגער.

אַז מ׳האָט זיך אויסגעשלאָפן ביי נאַכט, האָט מען טאַקע מער כוח גע־האַט ביי טאָג. אַפילו די ייפ״אַ־ידיעות זענען געווען מער אויסגעניכטערטע. למשל:

— ביים אויסברוך פון דער מלחמה האָבן מיר געזען וואָס דער דייטש קען אויפטאָן... איצטער דאַרפן מיר לעבן און זען ווי אַזוי זיי וועלן זיך אַן עצה געבן ביים אַנטלויפן... ביים צוריקציִען זיך...

און טאַקע תיכף, אַליין, געענטפערט זיך:

— וואָס הייסט ווי אַזוי זיי וועלן אַנטלויפן?... אין דער לופטן וועלן זיי לויפן, ווייל די פיס מיטן לייב און לעבן וועלן זיי איבערלאָזן אויפן שלאַכטפעלד, נאָר די נשמות זייערע וועלן אַנטלויפן...

— וווּהין?

— וואָס הייסט וווּהין? אין גן־עדן וועט מען זיי דאָך נישט אַריינלאָזן, און אין גהינום געפינט זיך נישט אַזוי פיל פּלאַץ פאַר אַלע. וועלן זיי טאַקע בלייבן הענגען אין דער לופט... יאָ, יאָ... ממש אין דער לופט... האָבן זיי געוויזן מיט די פינגער צום הימל.

---

* געזאַלצענער קעז.

די ייפּ"אַ־גבורים האָבן געפּרוּווט אויסגעפינען ווי אַזוי וועלן אויסזען די דייטשן טויטערהייט. אָבער דער סאָלדאַט, וועמען מיר האָבן אַ נאָמען געגעבן „יאַס־וואָפּניאַרקע און צוריק", האָט געניי איבערגעגעבן ווי אַזוי די דייטשן זעען שוין אויס, לעבעדיקערהייט.

שווער געווען צו גלייבן, אַז אַלץ וואָס ער דערציילט איז טאַקע אמת. דורך די פּאַרטיזאַנער האָט מען צו וויסן געגעבן דער ציווילער באַפעל־קערונג פון אוקראַיִנע, זיי זאָלן זיך גרייט, ווייל ס'איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז די דייטשע אַרמיי זאָל זיך צוריקציִען אַ סך פריִער איידער מ'האָט געמיינט.

ווי אַ שגעון וואָלט באַפאַלן די דייטשע סאָלדאַטן ביים צוריקציִען זיך. זיי האָבן טאַקע געמיינט, אַז אויב זיי וועלן אַריין טיף אין רוסלאַנד, וועלן זיי שוין דאָרט בלייבן. דערפאַר האָבן זיי זיך אַצינד געשלאָגן אויף טויט און לעבן, אָבי נישט צוריקצוגיין. פאַר די רוסן איז דאָס געווען אַן אויס־געצייכנטע געלעגנהייט, מ'זאָל זיי „האַקן און בראָקן" פון אַלע זייטן.

הייסט עס, אַז פאַר יידן קומען גאָר גיך אָן בעסערע צייטן?

לאָזט זיך גאָר אויס, אַז אין איינעם אַ פרימאָרגן איז מען מודיע, אַז יידן זענען מאָביליזירט צו רייניקן די גאַסן.

נאָר וועלכע גאַסן? וואָס גאַסן? איבער נאַכט זענען גאַנצע קוואַרטאַלן אָפּ־געווישט געוואָרן און ביים זון־אויפגאַנג האָט יאַס אויסגעזען ווי ברייטע לאַנגע מאַרקן, וועלכע וואַרטן אַז דאָס פּויערטום זאָל אָנקומען און דער יאַריד זאָל זיך שוין אָנהייבן. אָדער האָסט געהאַט דעם איינדרוק, אַז אָט־אָט וועט אָנקומען עפּעס אַ צירק מיט ווילדע חיות און ווי זאָגט מען, „אַ קנעפּל — אַ קוק!..."

אַ נייע פּרשה גלות האָט זיך אָנגעהויבן פאַר די איינוווינער פון די יידישע קוואַרטאַלן אין יאַס. מ'איז פּשוט אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון די שטיבער און איידער וואָס און איידער ווען, זענען די אַמאָליקע היימען געוואָרן הויפנס ציגל, און יידן — קומט און רייניקט אָפּ די גאַס!

לויט באַפעלן וואָס זענען צעקלעפּט געוואָרן איבער די ווענט, איז מען שוין נישט זיכער געווען אויב אין יאַס וועט נאָך איבערבלייבן איין גאַנצע גאַס.

האָט איין משפּחה שוין געמאַכט פּלאַץ פאַר אַנדערע צוויי משפּחות,

איז איבער נאַכט אָנגעקומען אַ באַפעל, מ׳זאָל תיכף ומיד פאַרלאָזן די שטוב.

— וווהין זאָל מען גיין? די זון האָט אויפגעשיינט און אַפילו נאָך איר אונטערגאַנג, זענען יידן געגאַנגען און געגאַנגען און קיין דאַך איבערן קאָפּ נישט געהאַט.

דער סוד איז גאָר גיך אַנטפּלעקט געוואָרן און טאַקע דורך אונדזער „יאַס־וואַפּניאַרקע״־סאַלדאַט: מען פאַרברייטערט די שאָסייען, בכדי די דייטשע אַרמיי זאָל האָבן ברייטערע וועגן ביים צוריקציִען זיך, וויל פונעם פראָנט גייען זיי נישט, די דייטשן, נאָר לויפן...

הייסט עס, האָט ייפ״אַ געטענהט, אַז מיר זענען טאַקע אין דרויסן... קיין דאַך איבערן קאָפּ האָבן מיר טאַקע נישט, דערפאַר אָבער זעען מיר מיט די אייגענע אויגן, ווי מ׳גרייט שוין צו דעם דרך פאַר זיי... דער מאַ־מועס * זאָל זיי נעמען...

ביים גאַנצן כבוד וואָס מ׳האָט געהאַט צו ייפ״אַ, האָבן זייערע ידיעות שוין אַ ביסל געשלאָגן צום האַרץ... צו גוטע ידיעות.

— בוקאַרעשט ברענט!... פלויעשט מיט די נאַפט־גריבער — ברענט!... די באַן־ליניעס פליִען אין דער לופטן און צווישן די פלאַמען געפינען זיך עטלעכע זשמענקעלעך פאַרבליבענע יידן און זעען פאַר די אויגן דעם טויט. ווו דו זאָלסט נישט גיין דוכט זיך דיר, אַז פון יעדן ווינקל לאָקערט דער טויט. יידישע מאַמעס ברעכן אויס כסדר אין היסטערישע געוויינען:

— וווהין זאָלן מיר לויפן מיט די קליינע קינדער. זאָלן כאָטש די קינדער לעבן... די קינדער!...

און די פּאָליציי־לייט, פון גאַנץ פרי ביז שפּעט אין אָוונט, הערן נישט אויף צו שרייען:

— שמוציקע זשידאַנעס!... רייסט אויס דאָס ווילדגראָז פון פאַר די שטיבער, איר זעט דאָך, אַז מען פאַרברייטערט די שאָסייען, וויל מאַרשאַל אַנטאָנעסקו דאַרף פאַרביי פאָרן...

מ׳האָט שוין גאַנץ גוט געוווּסט, אַז נישט לכבוד דעם מאַרשאַל פאַר־ברייטערט מען די וועגן, נאָר וועגן די דייטשן, זיי זאָלן האָבן גענוג פּלאַץ אויף צו אַנטלויפן.

---

* מלאך המוות.

פון די שטיבער האָט מען די יידן אַרויסגעוואָרפן, נאָר שטייערן דאַרפן זיי צאָלן. די שטייער־באַאַמטע פלעגן נישט אַרויסגיין פון די שטיבער ביז זיי האָבן נישט באַקומען דעם פעטן באַקשיש. געלט־שטראָפן זענען געוואָקסן און נייע אַרעסטן זענען פאָרגעקומען, גלייך ווי ס'האָט זיך געשאַפן אַ נייע געזעלשאַפט אויף צו פייניקן די יידן און געהייסן האָט זי „פאָליציי־און שטייער־אַגענטן"...

זייער ווייניק יידן וואָס האָבן נאָך פאַרמאָגט אַ ביסל געלט און וויסנדיק, אַז דאָס מאָל וועט דער רוס זיך נישט באַגנוגענען בלויז מיט בעסאַראַביע אַליין, נאָר וועט „קריכן" ווייטער, קיין יאַס און איבער דער גאַנצער מאָלדאַווע, האָבן אָפּגעקויפט דאָ און דאָרט אַ נאַריש דייטשל, אָדער אַ רומענער, וועלכער האָט זיי אַריבערגעשמוגלט קיין בוקאַרעשט, מיינענדיק, אַז דאָרט וועלן זיי זיין זיכערער מיטן לעבן און מיטן ביסל פאַרמעגן.

יידן האָבן גאָר טייער באַצאָלט פאַרן אַרויספאָרן פון מאָלדאַווע, נאָר קריסטן האָבן דאָס געטאָן אויס מורא, אַז אונטערן רוס וועט מען זיי דערמאָנען די אַמאָליקע חטאים. בעיקר האָבן דאָס געטאָן די אָנגעזעענע אַנטיסעמיטן, וואָס האָבן געוווּסט, אַז אויב עס וועלן בלייבן יידן אין מאָלדאַווע אַפילו ווייניק יידן, וועט דאָס זיין פאַר די אַנטיסעמיטן גאָר ביטער.

שטילערהייט, אָן געפילדער, האָבן זיך אָרגאַניזירט גאַנצע צוגן פון רומענער. געטאָן האָט מען דאָס ביי נאַכט, נאָר געקענט האָט מען זען ווי גאַנצע משפחות לאָדענען אָן פולע וואָגנס מיט אַלץ, וואָס זיי האָבן געקענט מיטנעמען, און לאָזן זיך אין וועג אַריין. נישט איין מאָל האָט מען געזען די אָנגעלאָדענע וואָגנס אַרויספאָרן אויך ביי טאָג און אַ סך יידן האָבן דערקענט אין וואָגן — זאַכן, וואָס זענען אַוועקגערויבט געוואָרן פון זייערע שטיבער. מורא האָבנדיק פאַרן מאָרגנדיקן טאָג זענען קריסטן אַרומגעגאַנגען ווי אין עולם התוהו און אַליין נישט געוווּסט וואָס צו טאָן, כדי ס'זאָל פאַר זיי זיין גוט.

ווען אַלץ איז שוין געווען גרייט צום אָפּפאָרן, האָבן אַ סך קריסטן געטראַכט און איבערגעקלערט וועלכע יידן אַריינצולאָזן אין זייערע דירות, בכדי דייטשן, ביים צוריקצי, אָדער די רוסן ביים אַריינקומען, זאָלן נישט טרעפן די דירות ליידיק און זיך באַזעצן אין זיי. מיט אַ מאָל איז דער נעכטיקער זשידאַן געוואָרן גאָר אַ „טייערער ידיד":

— קוק, טייערער, ווייסט דאָך די לאַגע. איך מיט דער משפחה פאָרן

צו אונדזערע קרובים אין דער מונטעניע. איידער אַ דייטש זאָל אונדז טמא מאַכן די שטוב, איז בעסער אַז דו זאָלסט דיך אַריינציִען אין איר. סיי ווי וואַלגערסטו זיך אַרום און האָסט נישט ווו דעם קאָפּ אַנידערצולייגן. זאָלסט קיין דאגה נישט האָבן. ווען מיר וועלן צוריקקומען, וועלן מיר געדענקען די טובה וואָס דו טוסט אונדז. עפּעס זענען מיר דאָך מענטשן און קענען זיך שוין יאָרן־לאַנג. וואָס קענען מיר טאָן? אַזעלכע צייטן געוועזן און נישט מיר האָבן זיי גענבראַכט. גאָט האָט אויסגעגאָסן זיין צאָרן אויף דער מענטשהייט און אַציגד זענען מיר, די רומענער, אין דער ריי...

דער ייד האָט נישט געגלייבט זיינע אייגענע אויערן.

— האָבן טאַקע די גוים אָנגעהויבן פילן אויף דער אייגענער הויט דאָס וואָס יידן האָבן יאָרן־לאַנג געליטן? האָבן זיי טאַקע אָנגעהויבן צו עפענען די אויגן וואָס זענען געווען פאַרמאַכט פאַר יידישע געוויינען, פאַר יידישע טרערן?

דער ייד האָט אָבער געדענקט וואָס מ׳האָט אים קליינערהייט געלערנט: — משפטן געזעכט קען נאָר איינער און דער איינער איז — אַלעמענס גאָט!

דערווייל שלאָפט דער ייד אין בונקער, אָדער אין קעלער. גאָט ווייסט וויפל מ׳וועט נאָך לעבן. און אויב שטאַרבן, זאָל מען כאָטש שטאַרבן ווי מענטשן, אונטער אַ דאַך, צווישן פיר ווענט. מאָרגן, איבערמאָרגן, קענען אָנקומען נייע באָמבאַרדירונגען, נאָר ביז דעמאָלט זאָל מען זיך כאָטש אַ ביסל אויסרוען.

דער קריסט איז אַרויסגעגאַנגען פון דער שטוב בלויז מיט אַ קליין רענצעלע, אין וועלכן ס׳האָבן זיך געפונען טייערע שטיינער, צירונג און אַנדערע ווערטזאַכן, וואָס זענען אָנגעקערויבט געוואָרן ביי יידן. געוווּסט האָבן זיי, אַז געלט און גאָלד האָט אומעטום אַ ווערט און די דאָזיקע רומענער האָט קיינער נישט געטריבן פון דאַנען, דערפאַר טאַקע האָבן זיי גענוג צייט געהאַט צו באַטראַכטן וואָס זיי טוען.

קיין שלעכטן חשבון האָבן די רומענער נישט געמאַכט. וועלן זיגן די דייטשן, וועט דער ייד סיי ווי אומגעבראַכט ווערן און די שטוב וועט ווידער זיין זייערע. זיגן די רוסן, וועט דער גוי האָבן אַ גוטן אויסרייד:

— ר׳האָט אַריינגעלאָזט צו זיך אין שטוב אַ יידן מיט דער גאַנצער

משפחה. דאָס הייסט, אַז ר׳האָט געזאָרגט פאַר זיי, און דערפאַר מעג מען אים אַריינרעכענען צווישן די „פריינד אין אַ צרה״.

דער סאָלדאַט וואָס פלעגט קומען פון וואַפּניאַרקע, איז מיט אַ מאָל נעלם געוואָרן. די לאַגע פון די פאַרשיקטע יידן האָט זיך פאַרערגערט, קיין שום רומענער האָט שוין קיין חשק נישט געהאַט זיך דורכפאָרן קיין טראַנסניסטריע, ווייל ר׳איז נישט געווען זיכער צי ער וועט זיך נישט דאָרט באַגעגענען מיט די רוסן...

די רומענער זענען שוין געווען פאַרנומען מיט אייגענע צרות. תמיד זיך צוגעהערט צו דעם, וואָס לאָנדאָן מעלדעט און אַזוי אַרום באַקומען גענויע ידיעות וועגן דעם ריכטיקן מצב אויפן שלאַכטפעלד. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ גיין און קומען פון דעם צו יענעם, אפשר האָט עמעצער פאָרט באַקומען עפּעס אַ שטיקל ידיעה פון דאָרט. אַלע אָנשטרענגונגען זענען, ליידער, געווען אומזיסטע. קיין סימנים פון פאַרבעסערונג האָט מען נישט געזען.

איציק מענדל סטאָליער איז אויך פאַרשיקט געוואָרן קיין וואַפּניאַרקע און פון די בריוו וואָס ער האָט געשריבן די לעצטע צייט האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז ער איז אַ גאָענטער פריינד פונעם טאַטן.

איציק מענדל איז פאַרשיקט געוואָרן דערפאַר, וואָס ער איז געווען אַן אָנגעזעענער קאָמוניסט, אַ זאַך, וואָס ער אַליין האָט נישט פאַרלייקנט. אין דער היים זענען פאַרבליבן: אַ פרוי מיט צוויי קליינע קינדערלעך, וואָס האָבן זיך אָנגעזעטיקט מיטן ריח פונעם עסן וואָס זיי האָבן דערשמעקט פונעם נאָענטן קריסטלעכן געסל. ביי זיי אין דער היים, וואָס איז אַ מאָל געווען אַ גוט איינגעפונדעוועטע שטוב, איז גאָרנישט געווען.

דערוויסנדיק זיך, אַז זייער טאַטע מיט אונדזער טאַטן האַלטן זיך אַזוי פריינדלעך, זענען מיר געוואָרן איין משפחה און ס׳רוב צייט זענען די קינדער געווען ביי אונדז אין שטוב, ווייל די מוטער זייערע, פון בעסאַראַביע, האָט געהאַט אַן אויסזען פון אַ קריסטלעכער פויערטע, און יידן וועלכע האָבן זי נישט געקענט, האָבן זי אויסגעמיטן, אויס מורא, אַז די „גויעטע״ זאָל זיי קיין בייז נישט אָנטאָן. אַפילו לויט איר אַרט רעדן, איז שווער געווען צו דערקענען אַז זי איז אַ יידישקע.

נישט איין מאָל האָט זי זיך אויסגעקלאַפּט אין דאָרף, איינגעקויפט ביי די פּויערים פאַר האַלב געלט, און דערווייל זיך צוגעהערט צו יעדן וואָרט וואָס זיי האָבן גערעדט וועגן די לעצטע געשעענישן. ווייל, ווי באַקאַנט, זענען די ידיעות צו די פּויערים דערגאַנגען גאָר אַנדערש ווי דיווירקלעכקייט איז געווען. נישט איין מאָל האָבן די פּויערים מיט אומגעדולד אַרויסגעקוקט אויף איר און, פאַרקויפנדיק איר ביליקער ווי אין שטאָט, האָבן זיי דערמיט זי געוואָלט „אָפּקויפן", אַז זי זאָל זיי דערציילן וואָס עס הערט זיך אין יאַס, ווייל זיי, אין דאָרף, זענען אָפּגעריסן פון דער גרויסער וועלט און וויסן גאָרנישט.

און געפרעגט האָבן זיי אויף די רומענישע באַיאַרן, וואָס האָבן זיי בדעה צו טאָן און, דער עיקר, ווען וועט עס שוין זיי פאַרמאַרדעווען צוזאַמען מיט די דייטשע הינט, וואָס האָבן מטמא געווען זייערע מיידלעך, איבערלאָזנדיק זיי מיט געשוואָלענע בייכער, אַז ס'איז פּשוט אַ חרפּה זיך צוצוקוקן. אַפילו די לערערינס, וועלכע זענען אַ מאָל געווען דער „כבוד" פון די דערפער, האָבן געבוירן ממזרים... אמת, די לערערינס האָבן זיך נישט געלייגט מיט אַבי־וועמען... נאָר מיט די גאָר־גאָר גרויסע... אָבער וואָס קומט אַרויס דערפון, אַז דער וואָרצל איז אַ פאַרפוילטער. און ווי עפּעס אַן אָפּגעטוענע זאַך: אַלע ממזרים זענען ענלעך צו זייערע היגטישע מאַטעס: בלאָנדע האָר, בלויע אויגן און קענסט זיי דערקענען פון דער־ווייטנס...

— און ווי אַזוי איז אין דער שטאָט יאַס? אויך דאָרט זעט מען מיידלעך אין די הויכע חדשים? וואָס וועלן זאָגן אונדזערע קינדער ביים אַהיימקומען? און זיי וועלן דאָך זיין גערעכט!

איציק מענדלס ווייב, די „גויעטע", האָט מעשה פּויערטע געריבן די נאָז מיט דער פאַטשיילע און אָנגעהויבן צו יאָלען * אין איינעם מיט די פּויערים, וועלכע, זעענדיק ווי זי באַטייליקט זיך אין זייער צער, האָבן זיי איר צוגעגעבן פּראָדוקטן, נישט נעמענדיק ביי איר קיין געלט.

זי פלעגט זיך תמיד ווינצלען: דערווייל אַרבעט זי פאַר „אַלע" פאַרבינדעטע: אַמעריקאַנער, ענגלענדער און רוסן. אַז מען וועט זי רופן צום גרינעם טיש, וועט זי דעמאָלט זען מיט וועמען צו בלייבן... ביז דע־

* יללהן

מאָלט איז זי אויסגעוואַקסן מיט איר גוייִשן אויסזען, ווו נאָר ס׳האָט זיך געלאָזט. אין דאָרף און אין שטאָט, בשעת אַן אַליאַרם, פלעגט זי בפירוש אַריינגיין אין אַן אָפיציעלן בונקער און אַהיימגעקומען מיט געבויע ידיעות פון דער „ערשטער" קוועלע.

צווישן די פאַרשיקטע קיין וואַפּניאַרקע זענען אויך געווען פרויען און יונגע מיידלעך. צווישן זיי: גאָלדע און פייגעלע דאַוויד, גוטע חברטעס פון מיין קליין שוועסטערל ראָזאַ. זי פלעגט גיין וואַשן וועש און פון דעם וואָס זי האָט פאַרדינט, האָט זי זיי געשיקט שפּייז און מעדיקאַמענטן קיין וואַפּניאַרקע.

דער ווינטער האָט זיך דערנענטערט. מיינע ברידער האָבן באַקומען אַ שם פון גוטע בעלי־מלאכות און די טיר אין אונדזער שטוב האָט זיך נישט פאַרמאַכט. דייטשע און רומענישע מיליטער־לייט פלעגן קומען און באַשטעלן אַרבעט, ברענגענדיק מיט זיך די טייערסטע און פיינסטע סחו־רות. די ברידער פלעגן בעטן מ׳זאָל זיי איבערלאָזן צעטלען, אַז די סחורה געהער צו מיליטער־לייט און מען טאָר זי נישט צונעמען ביי זיי. אַפילו נאָכדעם וואָס זיי האָבן אַרויסגעגעבן די באַשטעלטע אַרבעטן, האָבן שוין די ברידער געזאָרגט, אַז די „צעטלען" זאָלן בלייבן ביי זיי און אַזוי אַרום האָבן זיי זיך געקענט אַרויסהעלפן מיט דער סחורה וואָס האָט זיך געפונען אין שטוב, אָדער מיט די רעשטלעך וואָס זענען פאַרבליבן.

נישט איין מאָל האָט זיך געמאַכט, אַז דייטשע און רומענישע אָפיצירן פלעגן זיך צוזאַמענטרעפן ביי אונדז אין שטוב. וואַרטנדיק ביז מ׳וועט דאָס מלבוש פאַרענדיקן, אָדער פאַרריכטן, האָבן זיי, די רומענער מיט די דיי־טשן, געכאַפּט אַ שמועס וועגן דער לאַגע. נישט קענענדיק פאַרשטיין איינער דעם אַנדערן, האָבן מיינע ברידער באַדאַרפט זיין אויך דאָלמעטשערס.

די דייטשן זענען זיכער אין זייער נצחון. אמת, אין אַ סך פלעצער ציִען זיי זיך צוריק, נאָר אַזוי איז די „סטראַטעגיע" פונעם „פירער", וואָס ווייסט וואָס ער טוט. דער פירער האָט זיי געפירט פון נצחון צו נצחון און ער וועט זיי אויך ווייטער פירן...

דער רומענער האָט שוין מער גערעדט צום ברודער, ווי צום דייטשן אָפיציר:

— ס׳איז ביטער... מיר זענען אַריין אין אַ בלאָטע און מ׳טאָפּטשעט... דאָס שותּפות האָט נישט געטויגט פון דער ערשטער רגע אָן. אָבער וואָס קען מען טאָן, אַז אונדזערע „גדולים״ האָבן זיך באַנאַרישט... וועלן מיר לעבן, וועלן מיר זען...

די ברידער מײַנע האָבן באַדאַרפט אויסשטעלן דעם ענטפער פאַרן דייטש און אים אַרײַנגעזאָגט נישט־געשטויגנס און נישט־געפלויגנס, לויט וועלכן ס׳איז אַרויסגעקומען אַז אַזוי איז עס, ווי דער דייטש זאָגט...

נעמענדיק ערנסט מײַנע ברידערס ווערטער, האָט דער דייטש נישט איין מאָל גוטברודעריש אַ קלאַפּ געטאָן דעם רומענער אויפן אַקסל און גאָר פרײַנדלעך זיך געדריקט די הענט בײַם אַוועקגיין, כאָטש יעדער פון זיי האָט זיך געווונטשן אין האַרץ, אַז ר׳זאָל זיך וואָס גיכער זען אין דער היים, צווישן זײַניקע, ווײַל פון מלחמה זענען זיי שוין זאַט...

אויב די רומענער אַליין האָבן שוין אַזוי גערעדט, פאַרשטייט זיך, אַז ייפ״אַ האָט שוין גאַנץ אָפן גערעדט וועגן אַ שנעלן צוריקצי פון די דייטשן און אַז דער וועג צוריק וועט זיכער זײַן דורך יאַס. די לעצטע וואָכן האָט מען געקענט באַמערקן אַ גרויסע באַוועגונג פון דייטשע אָפיצירן אין שטאָט, און ווי מ׳האָט איבערגעגעבן, זענען ס׳רוב פון זייערע שטאַבן שוין געווען אין יאַס.

— הייסט עס, האָט ייפ״אַ גע׳טענהט, אַז יידן וועלן זיך שוין נישט טאָרן באַווײַזן אין גאַס. בלײַבן אין אײַן שטאָט מיט זיי וועט מען אויך נישט קענען, און דערפאַר, האָט ייפ״אַ געראָטן, איז גוט מ׳זאָל זיך צוגרייטן רוקזעק, בינטלעך... יעדער זאָל האָבן צוגעגרייט בלויז דאָס נייטיקסטע.

אַזעלכע בשורות האָבן ווידער דערשלאָגן דאָס געמיט. און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ וואַרטעניש: אין דער פרי האָט מען געוואַרט צו זען וואָס ס׳וועט געשען ביזן אָוונט, און בײַ נאַכט פלעגט מען זיך קוים דערוואַרטן אויפן פרימאָרגן, צו הערן וואָס טוט מען מיט יידן.

אין איינעם אַזאַ פרימאָרגן באַווײַזט זיך דער יאַס־וואַפּניאַרקע־סאָלדאַט און צווישן אַנדערן איז ער מודיע, אַז אַלע פּאָליטישע אַרעסטירטע פונעם לאַגער וואַפּניאַרקע זענען אַריבערגעפירט געוואָרן אין פרייען געטאָ „קריוואָי־זעראָ״, וווּ עס געפינען זיך זייער אַ סך יידן, נאָר קיין מענטשלעכן אויסזען האָבן זיי שוין נישט. אַלע זעען אויס ווי שאָטנס פון געוועזענע מענטשן.

אויף אונדזער פראַגע: וואָס וועלן זיי טאָן אין דעם געטאָ? — האָט ער געענטפערט מיט אַ טרויעריקער מינע:

— דאָס וואָס עס טוען די אַלע וואָס געפינען זיך נאָך דאָרט און נאָר על־פּי־נס האַלטן זיי זיך נאָך אויף די פיס. פאַכמענער ווען זיך ווי עס איז „דורכשטופן״, ווייל צווישן דער אוקראַיִנישער באַפעלקערונג איז אַ מאַנגל אין בעלי־מלאכות. דערווייל, האָט ער געזאָגט, איז עס פאַר זיי אַ גרויסע דערגרייכונג, וואָס זיי דרייען זיך אַרום פריי, ווייל די לאַגע האָט אַצינד אָנגענומען גאָר אַנדערע פאָרמען. די דייטש־רומענישע אַרמיי ציט זיך צוריק אין גרויס אומאָרדענונג. ס׳רוב פון זיי איז זייער דערשלאָגן, און נאָך איידער זיי פרוּוון זיך אָפּרוען, פאַרשטעלט זיי שוין דער רוס דעם וועג און, פאַרשטייט זיך, אַז קיין האָניק לעקן זיי נישט...

## קאַפּיטל פערצן

# צווישן לעבן און טויט

איבער די יאָסער גאַסן האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן גאַר יונגע סאָלדאַטן — בעלי מומים. ווער אָן אַ פוס, ווער אָן אַ האַנט, בלינדע, יונגע־לייט וואָס זענען אויף אייביק פאַראומגליקלעכט געוואָרן און דאָך האָבן זיי געפאָדערט זייער ביסל רעכט צום לעבן, צו לופט און זון.

געווען זענען דאָס יונגע קינדער וואָס זענען חדשים לאַנג אָפּגעלעגן אין די שפּיטאָלן אין שרעקלעכע יסורים, און דערפאַר האָבן זיי באַקומען אַ בלעכל אויפן מונדיר, אַז זיי געהערן צו די „גרויסע בעלי־מומים" אין דער מלחמה פאַרן פאָטערלאַנד.

די גאַנצע צייט וואָס זיי זענען געלעגן אין שפּיטאָל, האָבן זיי געלעבט אין זייער אייגענער וועלט, אַן אינוואַלידן־וועלט. אַלץ האָט זיך אויסגע־וויזן, אַז אַזוי דאַרף עס זיין. זוי נאָר זיי האָבן באַקומען די שטאָלצן, וואָס ס'האָט געהייסן אַז זיי קענען שוין אַהיימפאָרן, האָבן זיי אַרויסגעקוקט אויף דער רגע, ווען זיי וועלן זיך ווידער זען אין דער היים.

געטראָפן האָבן זיי אָבער גאָר אַ ביטערע ווירקלעכקייט. זיי, וואָס האָבן געמיינט, אַז זיי זענען דאָס די „געטער" פונעם פאָטערלאַנד, האָבן זיך מיט אַ מאָל אויפגעכאַפּט ווי פון אַ ביטערן חלום. פון היינט אָן וועלן זיי זיין אַ וועלט פאַר זיך, גאָר אַן אַנדער וועלט און דערצו נאָך: אַ פאַרלוירענע מלחמה! אַלע דערוואַרטונגען זייערע צו זיין געשעצט און דערהויבן אין די אויגן פון פאָלק אַלס זיגער, זענען מיט אַ מאָל פאַרשווונדן געוואָרן. די איינציקע פראַגע וואָס אַלע האָבן זיך געפרעגט איז געווען: פאַרוואָס איז אויסגעפאַלן דווקא אויף זייער גורל צו ליידן אַזוי פיל, צו ווערן אינוואַלידן און דערצו נאָך אַרומצודרייען זיך באַליידיקטע און פאַרשעמטע צווישן זייערע נאָענטסטע.

כל זמן זיי זענען געלעגן אין שפּיטאָל, האָט מען פאַר זיי גאָר אַנדערש געמאָלן די ווירקלעכקייט, נאָר אַצינד דערזעען זיי: דערשלאָגענע טאַטעס,

פּרויען, וואָס האָבן זיי פּאַרלאָזט, נישט וועלנדיק פּאַרוויסטן ס׳לעבן מיט אַן אינוואַליד.

אין זייער גרויסן אומגליק האָבן זיי געזוכט עמעצן אויף וועמען אויסצוגיסן דעם צאָרן. און דער „עמעצער" האָט זיך אָפּגעפונען: דער זשידאָן!

האָבן זיי דערזען אַ ייד וואָס האָט זיך אַ פּאַרמאַטערטער און דערשלאָגענער, אומגעקערט פון דער אַרבעט, — אָבער געגאַנגען אויף די אייגענע פיס, — האָט זיך אָנגעצונדן אין זיי דער צאָרן און נישט איין מאָל זענען זייערע שטאָלצן צעבראָכן געוואָרן איבער די פּלייצעס אָדער קעפּ פון יידן.

— אַ שאָד, — האָבן זיי געשריגן, — אַ שאָד, וואָס מיר האָבן שוין קיין הענט נישט, מיר זאָלן אייך קענען אויסשיסן, פּגירהס וואָס איר זענט, פּאַררעטער וועלכע פירן מלחמה קעגן אונדז...

עס איז געוואָרן אַזאַ „ויצעקו", אַז די פּאָליציי האָט מיט שווערער מי זיי אַריינגעזעצט אין די טראַמווייען און זיי אָפּגעפירט אין די אינוואַלידן־היימען, ווו ס׳האָט זיך ערשט אָנגעהויבן ס׳אמתע קאַפּיטל קעגן יידן.

די יידישע קהילה האָט געבעטן ביי יידן מ׳זאָל זיך נישט דרייען אין די גאַסן. טויזנטער אינוואַלידן זענען שוין אַהיימגעקומען און אַנדערע טויזנטער זענען אין וועג.

אַ סך פון זיי האָבן שוין נישט געטראָפן די היימען אַזוי ווי מ׳האָט זיי איבערגעלאָזט. אָדער זיי זענען חרוב געוואָרן פון באָמבאַרדירונגען, אָדער מ׳האָט זיך עוואַקוירט, נישט איבערלאָזנדיק אַפילו דעם אַדרעס, וווהין מ׳פאָרט. יונגע פרויען, דערהערנדיק ווי אַזוי זייערע מענער זעען אויס, זענען אַוועק פון די היימען. אַ סך פון די אומגליקלעכע צוריקגעקומענע, האָבן געפונען אין די היימען קליינע „בלאָנדע" קינדער, וואָס לויטן חשבון זענען זיי נישט געווען די טאַטעס.

אין משפחות זענען פּאָרגעקומען קריגערייען צוליב דער „אומלייטי־שער" שנור און דעם זון דעם אינוואַליד. דווקא זיי, די צעבראָכענע, וואָס האָבן זיך געניטיקט אין אַ ביסל אינטימער וואַרעמקייט, האָבן אין דער היים געטראָפן אַ גהינום אויף וועלכן זיי האָבן זיך גאָר נישט גערעכנט. אַ סך פון זיי זענען געווען זיכער, אַז די מיידלעך וואָס האָבן, ביים אַוועק־גיין אין דער מלחמה, געשוווירן טרייהייט „ביז אין טויט אַריין", האָבן געהאַלטן וואָרט. נאָר איצט האָבן זיי זיך איבערצייגט, אַז זיי האָבן גאָר

גיך פאַרגעסן די געגעבענע שבועה און אויסגעדרייט די פלייצעס, נישט וועלנדיק אַפילו זיך אומקוקן אויפן אינוואַליד.

דאָס זענען געווען ברענענדיקע פּראָבלעמען: סענטימענטאַלע, נאַציאָ־נאַלע און מאַטעריעלע. די איינציקע זאַך וואָס האָט זיי געקענט אַ ביסל שטילן זייער גרויסן ווייטאָג, איז געווען די שנאה צו יידן.

דער שפּיאָנאַזש האָט געבליט. מ'איז נישט געווען זיכער מיט וועמען מען רעדט. בעיקר האָט זיך דער שפּיאָנאַזש פאַרשפּרייט צווישן סאָל־דאַטן, געבוירענע אין בעסאַראַביע און בוקאָווינע, וועלכע האָבן חתונה געהאַט מיט פרויען פון רומעניע און האָבן געקעמפט קעגן די רוסן. בכדי זיך אויסקויפן פון דעם גרויסן חטא, האָבן זיי אָנגעפירט אַ פאַר־צווייגטע שפּיאָנאַזש־טעטיקייט לטובת די רוסן. אויף טריט און שריט האָט מען געזען פּאַטרולן. נאָר אַפילו זיי, די פּאַטרולן גופא, זענען געווען מער צום באַדויערן, ווי צום מקנא זיין.

יעדע רגע — אויספאָרשונגען, אונטערזוכונגען, בפרט צווישן די יידן, וואָס די נויט האָט אַרויסגעטריבן זיי פון די שטיבער צו זוכן אַרבעט און צו פאַרדינען כאָטש אויף אַ שטיקל ברויט.

געשען איז דאָס אין אַ פּרייטיק־צונאַכטס.

רחל און משה פינקלשטיין מיט זייערע קינדער, זענען געזעסן אַרום טיש, ביי אָנגעצונדענע ליכט, וואָס האָבן באַלויכטן די האָפענונג, אַז גאָט וועט רחמנות האָבן אויף זייערע קינדער און אַ סוף מאַכן צו די צרות, מיט וועלכע יידן זענען אַזוי ביטער געפּרוווט געוואָרן.

ביים טיש זענען אויך געזעסן צוויי יידישע יינגלעך וואָס זענען גע־בראַכט געוואָרן דורך אַ רומענישן סאָלדאַט, אונטערן אויסרייד אַז זיי ברענגען גרוסן פון די משפחה־פאַרשיקטע אין טראַנסניסטריע. די יינגלעך זענען דאָרטיקע, נאָר כּפי זיי אַרבעטן ביים פאַרריכטן מאַשינען, אונטער דער אויפזיכט פון דייטשן, זענען זיי געשיקט געוואָרן צו ברענגען איי־ניקע מאַטעריאַלן וואָס מ'קען גאָר לייכט געפינען אין יאַס.

ביי דער געלעגנהייט האָבן זיי אויך געבראַכט דער משפחה פינקל־שטיין גרוסן פון זייערע פאַרשיקטע קרובים.

די יינגלעך האָבן ביי זיך געהאַט אָפיציעלע דאָקומענטן אין דייטש

און רומעניש, לויט וועלכע זיי וועלן געשיקט קיין יאַס איינצוקויפן די נייטיקע זאַכן און ווי נאָר זיי ענדיקן ס׳איינקויפן, דאַרפן זיי זיך תיכף אומקערן אין וואַרשטאַט ווו זיי אַרבעטן.

רחל פינקלשטיין איז געווען פון בעסאַראַביע און איר גאַנצע משפחה איז פאַרשיקט געוואָרן קיין טראַנסניסטריע, ווו זיי זענען ממש אויסגעגאַנגען פאַר אַ שטיקל ברויט. דורך דעם רומענישן סאָלדאַט פלעגט מען זיי, פון צייט צו צייט, איבערשיקן הילף. דער סאָלדאַט, אַ מענטש קרוב צו די פערציקער, פלעגט פאָרן פון יאַס קיין טראַנסניסטריע, ווייל אויסער רומעניש און דייטש האָט ער אויך גערעדט רוסיש, און דערפאַר איז ער געשיקט געוואָרן יעדעס מאָל אויף אַנדערע פלעצער. נישט איין מאָל האָט מען אים איבערגעגעבן פאַרשידענע שליחותן, וואָס ער האָט זייער קאָרעקט אויסגעפירט.

די פינקלשטיינס האָבן אָבער נישט געוווּסט, אַז דער סאָלדאַט פירט אָן מיט אַ נעץ פון שפּיאָנאַזש לטובת רוסלאַנד, און אַז די צוויי יידישע יינגלעך, וועמען ער האָט געבראַכט צו זיי אַלס „גוטע באַקאַנטע״ פון רחלס משפחה, פירן אָן מיטן קאָנטער־שפּיאָנאַזש און זיי ווערן נאָכגעקוקט טריט נאָך טריט.

רחל האָט זיי תמיד געשטעלט פראַגן בנוגע אירע קרובים פון טראַנסניסטריע און זיי האָבן זעגער געענטפערט אויף אַלע אירע פראַגן, גלייך זיי וואָלטן אין דער אמתן געווען שטיקלעך קרובים פון איר משפחה. אין עטלעכע טעג אַרום זענען די יינגלעך אַוועקגעגאַנגען, פאַרזיכערנדיק, אַז זיי וועלן זיך נאָך „אַריינכאַפּן״ עפּעס מיטצונעמען פאַר רחלס משפחה. אַ צופרידענע וואָס זי האָט מיט וועמען איבערצושיקן אַ לעבעדיקן גרוס, האָט זיי רחל באַגלייט אַ שטיקל וועגס בעטנדיק, אַז זיי זאָלן נישט פאַרגעסן אַריינצוקומען און נעמען די פּעקלעך פאַר איר משפחה.

דאָס איז געווען פרייטיק נאָכמיטאָג.

אין אָוונט, זיצנדיק ביים שיין פון די ליכט און וואַרטנדיק אויף די יינגלעך, דערהערט זיך מיט אַ מאָל אַ קלאַפּ אין טיר:

— אין נאָמען פון געזעץ — עפנט!

אַ דערשראָקענע האָט רחל געענטפערט, אַז זי האָט אַ באַפעל פונעם פּאָליציי־שעף, נישט צו עפענען ביי נאַכט די טיר.

אויסגעווייזן האָט זיך איר, אַז זי הערט ווי טריט דערווייטערן זיך,

אָבער נאָך עטלעכע מינוט האָט זי קלאָר געהערט ווי דייטשן פרעגן די רומענער אויב דאָ וווינען יידן. צום פּאָזיטיוון ענטפער פון פּאַטרול, האָבן די דייטשן באַפוילן אויפצורייסן די טיר. דעמאָלט האָט רחל אַליין אויפגעשלאָסן און דערזען ווי אין דרויסן וואַרט די שוואַרצע דובע פון דער פּאָליציי.

דער פּאַטרול האָט באַפוילן משהן מיט זיין גרויס יינגל, ישראל, זיי זאָלן תיכף נאָכגיין, זיי אַריינגעשליידערט אין דער דובע און אַוועק. ווען רחל איז אַ ביסל געקומען צו זיך, איז שוין געווען נאָך 9 אַ זייגער אין אָוונט, ווען יידן האָבן זיך שוין נישט געטאָרט באַווייזן אין גאַס. נאָר אַפילו ווען זי זאָל יאָ געווען מעגן אַרויסגיין, האָט זי נישט געוווּסט וווהין און צו וועמען צו גיין. איינס האָט זי געוווּסט: איר מאַן מיט איר קינד זענען זיכער פאַרנומען געוואָרן אַהינצו, ווו מ׳שלעפּט די לעצטע צייט אַן אויפהער, אומשולדיקע יידן.

דאָך האָט זי איינגעשטעלט. זאָל געשען וואָס ס׳וועט שוין געשען. איר איז שוין אַלץ איינס. פאַרשליסנדיק די קינדער אין שטוב, האָט זי איבערגעגעבן דעם שליסל אַ שכנטע, בעטנדיק זי זאָל אַכטונג געבן אויף די קינדער, אויב זי וועט זיך אַזוי גיך נישט אומקערן, און זיך געלאָזט אין דער טרויעריק־באַרימטער קוועסטור, וואָס האָט ווידער אָנגעהויבן איינשלינגען אומשולדיקע יידן.

נעבן דער קוועסטור האָט זי דערקענט אַ פּאָליציי־מאַן, וואָס פלעגט איינקויפן ביי איר אין קלייט. דערזעענדיק זי האָט ער געזאָגט, זי זאָל זיך תיכף אָפּטראָגן פון דאָרט, אַנדערש איז זי באַדראָט אַרעסטירט צו ווערן.

— האָסט קליינע קינדער און שפּילסט זיך מיט פייער. פאַר אייך, יידן, האָט זיך די לאַגע ווידער געענדערט צום שלעכטן.

— מ׳האָט אַרעסטירט מיין מאַן מיטן קינד — האָט זי געיאָמערט.

— מאָרגן אין דער פרי, 9 אַ זייגער, וועט קומען דער קאָלאָנעל עליאַן. נאָר ער קען דיר העלפן, ווייל ע ר פאַרשט די באַשולדיקטע אין שפּיאָנאַזש.

ווי אַן אָפּגעבריטע איז רחל אונטערגעשפּרונגען, הערנדיק דאָס וואָרט „שפּיאָנאַזש"...

מורא האָבנדיק מ׳זאָל אים נישט זען רעדנדיק מיט אַ יידישקע, ווע־מענס מאַן איז נאָר־וואָס אַרעסטירט געוואָרן פאַר שפּיאָנאַזש, האָט ער זי

פשוט אָװעקגעשטופּט פון זיך, צוגעבנדיק: „אַלע זענען אַרעסטירט פאַר שפּיאָנאַזש".

זי האָט שוין אַליין נישט געװוּסט װאָס צו טאָן. װוּהין זאָל זי גיין? ס'איז דאָך ביי נאַכט, נאָך 9 אַ זייגער. מיט אַ מאָל פאַרהאַלט זיך אַ דראָזשקע און אַ באַקאַנטע שטים זאָגט איר:

— קודם זעצט אײַך אַריין אין דער דראָזשקע און דערנאָך װעלן מיר שוין רעדן.

געװען איז דאָס דער גוטער און בכבודיקער ד"ר פּיוול באַראַטשין, דער גוטער שליח פאַר אַלע אָרעמע קראַנקע. אַלע קינדערלעך פון די ידישע געסלעך האָבן אים גוט געקענט. אַ באַװוּסטער דאָקטער, װאָס אין די מלחמה־יאָרן איז ער געװען אַ כירורג, באַטראַכט אויך אינערלעכע קראַנקייטן, און װען אַ פרוי האָט באַדאַרפט געבוירן אַ קינד, האָט מען נאָר אים גערופן. זייער אַ סך ידן האָט דער גוטער בעסאַראַבער ייד, ד"ר פּיוול באַראַטשין, געראַטעװעט. װי אַ גוטער ציוניסט, האָט ער זיינע קינדער אַװעקגעשיקט באַצייטנס אַהין, װוּ זיי דאַרפן לעבן און קעמפן: קיין ארץ ישראל, און מיט גאװה איבערגעטראָגן אַלע באַליידיקונגען און דערנידערונגען װאָס האָבן זיך אויסגעגאָסן אויף יידן. אַ דאַנק קריסטלעכע באַקאַנטע איז ער ניצול געװאָרן פון אַ זיכערן טויט „יענעם זונטיק" פון 29סטן יוני 1941.

אויך אין שװערע מלחמה־יאָרן האָבן זייער אַ סך קריסטן אים גערופן צו באַהאַנדלען זייערע קראַנקע קינדער. אַלץ װאָס ער האָט באַקומען במתנה, װייל האָנאָראַר האָט ער מורא געהאַט צו נעמען, האָט ער צעטיילט צװישן די אָרעמע יידן. דער גרויסער ייד מיט אַן אמת ידיש האַרץ, האָט גענומען אויף זיך אַ גאָר גרויסע אַחריות: איינטיילן צװישן ידישע קראַנקע די מעדיקאַמענטן װאָס זיינע קריסטלעכע באַקאַנטע, פלעגן אין געהיים ברענגען פון בוקאַרעשט. צענדליקער יידן זענען אַזוי אַרום געזונט געװאָרן. גייענדיק אין גאַס, האָט ער אַריינגעקוקט אין יעדן פענצטער. די פיס זיינע האָבן שוין אַליין געװוּסט װוּהין אים צו פירן, װוּ מ'דאַרף אים האָבן.

ער האָט געהאַט אַ דערלויבעניש צו פאָרן אומעטום און אין יעדער שעה, ביי טאָג און ביי נאַכט. אין יענעם װיסטן פרייטיק־צונאַכטס, װען צװישן צענדליקער אומשולדיקע יידן זענען אַרעסטירט געװאָרן, אויך משה

פינקלשטיין מיט זיין יינגל, האָט ד״ר באָראָטשין זיך אומגעקערט פון קריסטלעכע פאַציענטן, און דערזעענדיק ווי רחל פינקלשטיין גייט זיגזאַגיש, נישט וויסנדיק וווהין זי זאָל זיך לאָזן, האָט ער זי אַריינגענומען אין דער דראָזשקע און נאָך דעם ווי רחל, די טאָכטער פונעם כאָטינער תלמיד־חכם, ר׳ דוד פעלדמאַן, האָט אים דערציילט וואָס עס האָט פּאַסירט, האָט ער זי אָפּגעפירט אַהיים און איר אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז זי זאָל זיין זייער געוואָרנט ביים אַרויסרעדן דאָס וואָרט „שפּיאָנאַזש״, ווייל בלויז פאַרן אַרויסרעדן דאָס מסוכנדיקע וואָרט, ווערט מען אַרעסטירט. די לעצטע צייט ווערט געפירט זייער אַ פאַרצווייגטע שפּיאָנאַזש־טעטיקייט אַפילו צווישן די רומענער, נאָר דער שעיר לעזאזל איז דער ייד.

שבת אין דער פרי איז רחל געלאָפן אין דער קהילה, צו מעלדן וועגן דעם פאַל. דאָרט האָט זי שוין געטראָפן אַ פאַרטיקן דאָסאַר פון אַלע באַשולדיקונגען קעגן איר מאַן, ווי אויך קעגן אַנדערע אַרעסטירטע יידן. זי האָט זיך קוים דערוואַרט ס׳זאָל שוין קומען די שעה ווען קאַלאָנעל עליאַן דאַרף אָנקומען. שטייענדיק נישט ווייט פונעם יסורים־הויף, האָט זי געהערט די געוואַלדן פון די געפּייניקטע אַרעסטירטע, צווישן וועלכע עס גּעפינט זיך אויך איר מאַן מיטן קינד.

9 אַ זייגער איז אָנגעקומען דער קאַלאָנעל. זעענדיק אַז זי דערנענטערט זיך צו אים, האָט ער זיך צעשריגן:

— קיין שום אינטערווענצן און בקשות וועלן דאָ נישט העלפן. זיי זענען שפּיאָנען און דערפאַר וועלן זיי באַצאָלן מיטן אייגענעם קאָפּ...

זעענדיק אַז עס וועט גאָרנישט העלפן, האָט זי זיך געלאָזט אין וועג אַריין, און נישט וויסנדיק ווי אַזוי, געזען זיך אין שטוב פון אירע באַקאַנטע, די משפחה אונגאַר.

דאָ האָט זי געפונען אַ ביסל טרייסט. ביי אַ באַקאַנטער פון פרוי אונגאַר, האָט געוווינט דער קאַלאָנעל עליאַן. הגם ער איז זייער אַ שטרענגער, האָט זי אָבער שוין באַוויזן אים קלאָר צו מאַכן די לאַגע פון עטלעכע יידן, וואָס האָבן זיך געפונען אין זייער אַ שלעכטן מצב, און אויך דאָס מאָל וועט זי פּרוּוון זיך דערוויסן, אין וואָס אייגנטלעך, ווערט באַשולדיקט משה און זיין יינגל.

דורך דער קהילה איז מען געוואָר געוואָרן, אַז בעת בעסאַראַביע האָט זיך געפונען אונטער די רוסן, האָט זיך באַקומען פּאָסט אויפן אַדרעס פון

איינעם אַ געוויסן פינקלשטיין, און דאָס אַליין איז שוין פאַרדעכטיקט. דאָ איז אָבער געשען אַ גאָר אַנדערע זאַך. איינער מיטן נאָמען פינקלשטיין האָט געווינט אין דער זעלבער גאַס, נאָר ער איז אַוועק קיין בעסאַראַביע און איבערגעלאָזט דאָ אַ טייל פון זיין משפּחה. דער בריוועטרעגער, וועלכער איז פּונקט ווי אַלע פון זיין פאַך, געוועזן אַ געהיים־אַגענט און אָפענער אַנטיסע־מיט, האָט גוט געוווּסט, אַז יענער פינקלשטיין וווינט שוין נישט אין יאַס. היות אין דער זעלבער גאַס וווינט אַן אַנדער ייד מיטן נאָמען פינקלשטיין, האָט ער פאַרגאַנגענע וואָך אַרונטערגעלייגט הינטער דער טיר אַ פּאָסט־קאַרטל צו איינעם „פינקלשטיין״ און תיכּף איז שוין געוועזן די פּאָליציי, מיט „ריכטיקע״ באַווייזן. דער בריוועטרעגער אַליין האָט עדות געזאָגט, אַז ר׳האָט איבערגעגעבן ביי די פינקלשטיינס אין שטוב פּאָסט פון די „באָל־שעוויקעס״ און דערפאַר האָט מען דעם טאַטן מיטן זון תיכּף אַרעסטירט.

און דער באַפעל זאָגט: מ׳זאָל דעם טאַטן מיטן זון פּייניקן אַזוי לאַנג ביז זיי וועלן זיך מודה זיין אין אַלץ און אין אַלעמען...

דערוויסנדיק זיך די דאָזיקע ידיעות האָט פרוי אונגאַר געפּועלט ביי איר באַקאַנטער משפּחה, און מ׳האָט צו וויסן געגעבן דעם קאָלאָנעל, וועלכער האָט זיך באַצויגן מיט כּבֿוד צו דער יידישער משפּחה, וווּ ער איז איינגעשטאַנען. דערוויסנדיק זיך אַז עפּעס האָט שוין דער קאָלאָנעל „גע־הערט״, איז רחל תיכּף אַוועק אין דער קוועסטור און ווי נאָר דער קאָלאָנעל איז אָנגעקומען, האָט זי זיך געוואָרפן פאַרן אויטאָ און נאָר דורך אַ נס איז זי נישט איבערגעפאָרן געוואָרן.

דער קאָלאָנעל איז אַריין אין כּעס און זיך צעשריגן אויף איר, פאַרוואָס זי האָט געוואָלט אים ברענגען דערצו, אַז ער זאָל דערהרגענען אַ מענטשן. מיט אַ ביטער געוויין האָט רחל אים געבעטן, אַז ר׳זאָל נאָך אַ מאָל אויס־פאָרשן די לאַגע פון איר מאַן מיטן קינד, ווייל דאָ איז געשען אַ פאַטאַלער טעות.

גערירט פון דעם בילד און דערמאָנענדיק זיך אין דעם וואָס די יידישע משפּחה ביי וועלכער ער וווינט, האָט אים דערציילט, איז ער אַראָפּ־געגאַנגען אין קעלער פון דער קוועסטור און געזען ווי משה פינקלשטיין הענגט מיטן קאָפּ אַראָפּ און אַ קאָמיסאַר שלאָגט אים מיט אַן אייזערנער שטאַנג איבער די פּיאַטעס פון די פיס, פאָדערנדיק ער זאָל אַלץ דערציילן.

דער קאָלאָנעל האָט באַפוילן תיכּף אָפּצושטעלן דאָס פּייניקן און גע־

הייסן משהן זיך שטעלן אויף די פיס. נאָר ווי אַזוי קען מען שטיין מיט געשוואָלענע פיאַטעס? איז ער טאַקע תיכף אַנידערגעפאַלן און ערשט נאָך עטלעכע קעסלעך וואַסער אויפן פּנים האָט ער זיך אויפגעכאַפּט פונעם חלשות און בלוט האָט זיך געגאָסן פון זיין מויל.

נאָך אַ גענויער אויספאָרשונג האָט זיך דער קאָלאָנעל איבערצייגט, אַז משה פינקלשטיין האָט קיין שום פאַרבינדונג ניִשט מיט יענעם פינקל־שטיין פון בעסאַראַביע און געבליבן איז נאָר קלאָר צו מאַכן, וואָס איז מיט די צוויי „יינגלעך" וואָס פלעגן אַריינקומען צו אים אין שטוב. אויב ער וועט אויפווייזן, אַז ער האָט קיין אַנונג ניִשט ווער די יינגלעך זענען געווען, וועט ער תיכף באַפרייט ווערן. אַנדערש וועט ער מיט זיין יינגל שטרענג באַשטראָפט ווערן, לויטן געזעץ.

אַ נס איז געשען וואָס משה פינקלשטיין האָט זיך דערמאָנט דעם אַדרעס פונעם סאָלדאַט, וועלכער האָט „אויף זיין אַחריות" געבערענגט די יינגלעך צו אים.

אַ פאַטרול איז אַוועק אין דער וווינונג פונעם סאָלדאַט, וועלכער האָט תיכף זיך מודה געווען אין אַלץ און אויך אָנגעוויזן ווו די יינגלעך געפינען זיך. זיי אַלע זענען אַרעסטירט געוואָרן און משה מיטן יינגל זענען באַפרייט געוואָרן.

דאָס איז בלויז איין פאַל פון די צענדליקער און הונדערטער פאַלן פון בלבולים און עלילות קעגן יידן. עס איז געווען ווי אַ מיל וואָס דרייט זיך און צעמאָלט היינט דעם, מאָרגן יענעם. זייער איינציקע שולד איז געווען, וואָס זיי זענען יידן.

גראָד אין די פינצטערע טעג, האָבן יידן ניִשט ווייניק געהאַט אויך פון וואָס צו לאַכן, ווייל די איינציקע ביי וועלכע יידן האָבן געקענט פאַר־דינען אויף אַ שטיקל ברויט, זענען געווען דווקא די... דייטשן, וואָס האָבן זיך ווידער געיאָוועט אין יאַס און זיך באַנוצט מיט יידן אַלס דאָלמעטשער, בעלי־מלאכות אד״גל.

מיט גרויס אומגעדולד האָבן דייטשן געזוכט יידן, ווייל מיט די רומענער האָט עס שוין געהאַלטן גאָר שמאָל. עפּעס האָבן זיי זיך ניִשט געקענט פאַר־שטענדיקן און אַחוץ דעם האָבן זיי ממש געהאַסט איינער דעם צווייטן. עס האָט זיך בולט אַרויסגעוויזן זייער שנאה צו די דייטשן.

פיל רומענער זענען אין משך פון דער נאַכט נעלם געוואָרן. זיי האָבן

אָבער נישט פאַרגעסן פריִער איבערצוגעבן זייערע וווינונגען דווקא אין יידישע הענט. זיי, די רומענער, זענען אַוועק מיט וואָס ס'האָט זיך נאָר געלאָזט, אַבי זיך צו ראַטעווען.

פלעגן יידן אַרומגיין מיט די דייטשן, אויס מורא, פאַרשטענדלעך, און ווי נאָר ס'איז נאָך עפּעס פאַרבליבן, פלעגן די יידן דאָס אויסדינגען ביים קריסט לטובת די דייטשן.

פון אַ בריוו וואָס מיר האָבן באַקומען פון טאַטן, זענען מיר געוואָר געוואָרן, אַז ער געפינט זיך אין פרייען געטאָ קריוואַי־זעראָ.

לויט די רייד פונעם סאָלדאַט, וואָס האָט געבראַכט דעם בריוו, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זייער ווייניק יידן זענען פאַרבליבן נאָך די גרויזאַמע שחיטות אין אוקראַינע.

פון צייט צו צייט האָט מען געקענט דאָרט זען אַ קינד, אָדער צוויי, ציטערנדיק פאַר הונגער און קעלט. קליין און גרויס האָבן מקנא געווען די טויטע, אײדער אַזאַ לעבן. מען זעט דאָרט אַרומדרייען זיך יידן פון אַלע לענדער פון אייראָפּע, בעטלענדיק, אָדער קלויבנדיק פון דער ערד שטיקלעך ברויט, שאָלעכץ פון פרוכטן און די רומענער מיט די דייטשן שלעפּן זיי תמיד צו שווערע פיזישע אַרבעטן.

עטלעכע פון די באַפרייטע פון וואַפּניאַרקע, צווישן זיי אויך דער טאַטע, האָבן אַנגעטראָפן אויף אַ יידישער פרוי מיטן נאָמען פייגע.

געבוירן איז זי טאַקע אין אוקראַינע, נאָר דורך אַ נס איז זי געבליבן לעבן, אַ דאַנק, וואָס האָט זי גאָרנישט געפרייט. דער מאַן מיט די קינדער און אייניקלעך זענען אומגעקומען, און לויט אירע רייד זענען זיי די גליקלעכסטע, ווייל זיי ליגן אַלע צוזאַמען, בעת זי איז איינע אַליין און וואָס פאַר אַ פרייד קען זי נאָך דערוואַרטן אין לעבן.

זי האָט פאַר קיינעם נישט אויסבאַהאַלטן, אַז זי איז אַ יידישע. להיפוך, זי האָט עס בכוונה אַרויסגעהויבן, אפשר וועט זי אַזוי אַרום אויסגעלייזט ווערן פון איר פינצטער לעבן.

ביי נאַכט פלעגט זי נעלם ווערן אין דער ריכטונג פונעם וואַלד און ביי טאָג פלעגט זי זיך אַרומדרייען צווישן די לײדנדיקע, געהאָלפן און געטרייסט יעדן איינעם. ווי נאָר זי האָט דערשפּירט, אַז עס געפינען זיך

אויסבאַהאַלטענע יידישע קינדער אין קריסטלעכע שטיבער, האָט זי זיי געבערענגט צוקערקעס און שטילערהייט זיי געגעבן אָנצוהערן, אַז זיי זאָלן נישט פאַרגעסן ווער זייערע עלטערן זענען געווען, און אַז זיי אַליין זענען יידן.

האָט זי באַגעגנט אין גאַס אַ נײַ־אָנגעקומענעם ייד, אָט זי מיט אירע „משוגענע" העזות תיכף אָנגעוויזן ווו עס געפינען זיך נאָך יידן. מיט איר טרויעריקן שמייכל פלעגט זי תמיד צוזינגען: „פאַרגעסט נישט ס'פינטעלע ייד!..."

אַ גאַנצן טאָג איז זי אַרומגעלאָפן פון שטוב צו שטוב, און קיינער האָט נישט געקענט משיג זיין פון וואַנען נעמען זיך צו דער אומגליקלעכער פרוי אַזוי פיל כוחות, ווייל אין גאַנצן איז זי געווען הויט און ביין. ס'אייני־ציקע וואָס איז נאָך געווען מענטשלעך אין איר, זענען געווען אירע לייט־זעליקע האַרציקע בליקן.

די שטוב ווו זי האָט אַ מאָל געוווינט, איז געווען די איינציקע אין גאַנץ קריוואָי־זעראָ, וואָס איז געבליבן גאַנץ און נישט צעשטערט. געווען איז דאָס אַ ירושה פון זיידעס. נאָר זינט איר משפחה איז אומגעקומען, האָט זי נישט געקענט לײַדן די שטוב, ווו אַ סך גליקלעכע דערינערונגען האָבן צו איר גערעדט. אַפילו איר עלטער־באָבע איז דאָ געבוירן געוואָרן. און היינט איז דאָס געוואָרן פאַר איר דער קבר פון איר גאַנצער משפחה.

ווען די דייטשן זענען אַרייַן קיין אוקראַינע, אין יענער וויסטער און פינצטערער נאַכט, האָט זי זיך געבעטן ביים מאַן און קינדער זיי זאָלן זיך אויסבאַהאַלטן ביי באַקאַנטע אוקראַינער, ביז דאָס בייז וועט פאַרביי. וואָס זשע האָבן געטאָן די אוקראַינער?

זיי האָבן געפירט די דייטשן דווקא אין אַזעלכע שטיבער, ווו ס'זענען געווען אויסבאַהאַלטן יידן.

קודם כל האָבן די שדים דערשאָסן איר פערצניאָריק ייִנגל און זי, ווי פון זינען אַראָפּ, האָט זיך געוואָרפן אויפן נאָך וואַרעמען קערפּער פון איר מוזיניקל. דער מאַן מיט די קינדער זענען תיכף צוגעלאָפן צו איר און דאָ האָבן די דייטשן אויף זיי געעפנט אַ שיסעריי, ביז זיי זענען אַינדערגעפאַלן טויטע, איבער איר קערפּער.

פון גאַס האָבן זיך דערהערט געשרייען און דאָס האָט זי אויפגע־וועקט פון איר חלשות. מיט אַ מאָל האָט זי זיך דערמאָנט, אַז קעגנאיבער

ווײנט איר טאָכטער, װעלכע האָט פריִער מיט אַ צען טעג געבוירן ס׳פינפטע קינד.

ווי אַ לעמפּערטע האָט זי זיך אַרויסגעריסן פון אונטער די טויטע קערפּערס און אַוועק אין דער טאָכטערס װױנונג. אָנקומענדיק אַהין האָט זי דערזען, אַז די דײטשן האָבן שוין דאָ אויך אָפּגעטאָן זייער שטיקל אַר־בעט. די טאָכטער דערשאָסן אין בעט. ס׳נאָר־װאָס געבוירענע קינד — נעבן איר, מיט אַ צעשפּאָלטן קעפּל. די דײטשן האָבן געקאַרגט אַ קויל און דאָס געמאַכט מיט אַ ביקסן־קאָלבע. די אַנדערע פיר קינדער זענען געלעגן טויטע און זייער בלוט איז געװען צעשפּריצט איבער דער שטוב.

ווי נאָר ס׳איז טאָג געװאָרן און זי האָט דערזען בײַ דער ליכטיקער שײַן װאָס פון איר משפחה איז געװאָרן, האָט זי אָנגעהויבן צו װאָיען, ווי אַ פאַרװוּנדעטע חיה. אַרויסגײענדיק אין גאַס האָט זי געזען ווי די אוקראַיִ־נער, װעלכע האָבן אויסגעגעבן די אויסבאַהאַלטענע ייִדן, גייען אַרום איבער די שטיבער און לײדיקן אויס ס׳גאַנצע האָב־און־גוטס פון זיי, טרעטנדיק איבער די טויטע קערפּערס פון די ייִדישע קדושים װאָס זענען נאָך גע־לעגן װאַרעמע, אין די שטיבער.

בכדי אויסצומײַדן עפּידעמיעס, האָט די אַרמײ צונױפגענומען די מתים און זיי פאַרשאָטן אין מאַסן־גריבער. ס׳זענען אָבער פאַרבליבן זייער אַ סך פאַר װעמען ס׳איז שוין קיין פּלאַץ אין די מאַסן־גריבער נישט געװען, האָט מען זיי באַגאָסן מיט נאַפט און פאַרברענט.

ווען די מערדערס זענען אַוועק, איז פייגע צוגעגאַנגען צום הויפן פאַר־ברענטע ייִדן און געפּרוּווט אויסגעפינען אַ זשמענקעלע אַש װאָס איז אַ מאָל געװען בלוט און פלייש פון איינעם פון אירע קינדער אָדער אייניקלעך. זי האָט אָנגעהויבן רעװען ווי אַ משוגענע, ביז ס׳זענען פאַרבײַגעגאַנגען עטלע־כע יונגען און זי מיטגענומען אין װאַלד אַרײַן. געװען איז דאָס אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער, זייער מענטשלעכע באַציִונג צו איר האָט געווירקט, אַז פייגע זאָל זיך אָנהייבן באַרויִקן און זען אין די װאַלד־קינדער — אירע אייגענע.

אַזוי אַרום איז פייגע געװאָרן די פאַרמיטלערין צווישן די װאַלד־פּאַרטיזאַנער און די קרייזן פון דער געגנט. די װעלט האָט זי געקענט אַלס „פייגע די משוגענע" און דאָס משוגעת אירס האָט זי אויסגענוצט פאַר װיכטיקע צוועקן. אַרומגעדרייט זיך אין פרייען געטאָ, װוּ ייִדן האָבן זיך אויפגעהאַלטן, פאַרבײַגעגאַנגען די קריסטלעכע קװאַרטאַלן, װוּ די קליינע

קינדער זענען אַנטלאָפֿן פֿאַר דער „משוגענער“. זי האָט געקענט אויפֿכאַפּן און באַמערקן אַלע דעטיילן וואָס זענען נייטיק געווען פֿאַר די פּאַרטיזאַנער.

אויס רחמנות צו איר גרויס מוטערלעך געפֿיל און צו איר שטאַרקער בענקשאַפֿט נאָך די געקוילעטע קינדער, פֿלעגן די פּאַרטיזאַנער זי רופֿן מ אַ מ ע פֿייגע. מיט אָט דעם טייערן וואָרט האָבן זיי זי פֿאַרכישופֿט און פֿייגע איז גרייט געווען צו טאָן פֿאַר אירע וואַלד־מענטשן אַלץ, וואָס איז מעגלעך און נישט־מעגלעך. נישט איין מאָל האָבן זיך די פּאַרטיזאַנער אַליין געוווּנדערט, פֿון וואַנען נעמט זיך צו איר אַזוי פֿיל געוואַגטקייט ביים זאַמלען ידיעות, וואָס פֿיל פֿון די פּאַרטיזאַנער גופֿא זענען נישט איין שטאַנד געווען דאָס דורכצופֿירן. גענוג געווען אַז דער אָנפֿירער פֿון די פּאַרטיזאַנער זאָל איר אַ זאָג טאָן:

— מאַמעלע פֿייגע, דאָס און דאָס דאַרפֿסטו דורכפֿירן!... דו זאָלסט דאָס תיכף טאָן.

זי האָט דאַן ברייט צעעפֿנט די אויגן, ווי זי וואָלט זיך געבעטן מ׳זאָל איר נאָך אַ מאָל זאָגן „מאַמעלע“. ערשט דעמאָלט זענען די אויגן אירע פֿול געוואָרן מיט טרערן און נישט אַרויסרעדנדיק קיין וואָרט, האָט זי זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

מיט איר אויסזען פֿון אַ משוגענער האָט זי נישט איין מאָל געברענגט מאַניפֿעסטן, לייכט גװער, מעדיקאַמענטן און אַנדערע זאַכן. געגאַנגען איז זי טאַנצנדיק, ווייל איין פֿוס איז איר געווען פֿאַרוויקלט אין שמאַטעס און צווישן די שמאַטעס — פּראָשעקעס, פֿלעשעלעך, און דעסטגלייכן. די הענט, פֿונעם עלנבויגן ביז אַריבער דעם אַקסל, זענען געווען פֿאַרבונדן מיט שטיקער זעק און אונטער זיי — קוילן און פּאַנסאַמענטן. ווי און ווו זי האָט דערטאַפּט דאָס, האָט קיינער נישט געקענט דערגיין.

ווי אַ דריידל, ווי אַ שלענגל, האָט זי זיך אומעטום אַריינגעדרייט און אויס־געפֿאָרשט אַלץ וואָס אירע „קינדער“, די פּאַרטיזאַנער, האָבן איר געהייסן. צוריק קומענדיק אין וואַלד און זעענדיק אַז דערווייל זענען די ידיעות פֿון היינט גאַנץ גענוג, און אַז מע דאַרף דערווייל נישט אַוועקגיין, האָט זי זיך אַנידערגעזעצט אונטער אַ בוים און די טרערן זענען איר געפֿלאָסן פֿון די אויגן.

די פּאַרטיזאַנער האָבן נישט איין מאָל באַמערקט, אַז ביים אַוועקגיין האָט זי אין די אויגן אַן אומרויִקן גלאַנץ פֿון אַ חסרדעהניצע, אָבער ווען זי קומט

צוריק איז זי נישט מער ווי אַן אומגליקלעכע מאַמע, אין פאַרביטערטער בענקשאַפט נאָך אירע טויטע קינדער, און אין פולער זאָרג צו אירע „נייע" טרייע קינדער פון וואַלד.

אין קריוואַי־זערא האָט זי זיך אויסגעקליבן אַ פאַרלאָזטע כאַטע אין עק פון שטאָט און דאָרט געזעסן די גאַנצע צייט, ווען זי האָט זיך אין וואַלד נישט געפונען.

זי האָט יעדן איינעם דערציילט, אַז זי קען וואַרפן קאָרטן. מ׳ווייסט נישט פון וואַנען זי האָט אויסגעפונען קאָרטן, נאָר אַ פאַקט איז, אַז אַ סך פלעגן קומען צו איר, זי זאָל זיי „טרעפן" אין קאָרטן. אַזוי אַרום האָבן אָנגעטראָפן צו איר כאַטקע עטלעכע באַפרייטע פון וואַפניאַרקע, צווישן וועלכע ס׳איז אויך געווען מיין טאַטע.

ווי נאָר זיי זענען אַריינגעקומען און דערזעענדיק זייער הילוך, האָט זי פאַר זיי, די ערשטע זאַך, אויסגעבעט אַ „באַקוועם־שטרויען" געלעגער און פון אַן אַרבל האָבן אָנגעהויבן אַרויספאַלן שטיקלעך... צוקער. נאָך דעם וואָס זי האָט געזען אַז זיי האָבן עפּעס „גענומען" אין מויל אַריין, האָט זי זיי געוואָרפן קאָרטן.

פאַר אייניקע האָבן די קאָרטן געוויזן, אַז זיי וועלן בקרוב אַהיימפאָרן. פאַר מיין טאַטן און פאַר אַנדערע האָבן די קאָרטן געוויזן, אַז זיי וועלן נאָך פאַרבלייבן אַ לענגערע צייט אין קריוואַי־זערא. מען האָט זיך גוט אָנגעלאַכט פון אירע „נבואות", ווייל מ׳האָט בכלל שוין נישט געגלייבט, אַז מ׳וועט אַרויס לעבעדיק פון דאָרטן.

יעדן טאָג אַ נייע „נבואה" און — אַ נייע געלעכטער. ביז אין איינעם אַ מאָרגן האָט זיך באַקומען אַ באַפעל, אַז אַל־די פון וואַפניאַרקע, זאָלן זיך צושטעלן אין אַ געוויס אָרט, צוזאַמען מיט אַלע באַגאַזשן וואָס זיי האָבן. אַלע זענען זיי געווען זיכער, אַז דאָס וויל מען זיי פאַרשליסן אין אַ נייעם לאַגער און דערפאַר געבעטן אויף זיך דעם טויט, איידער נייע מאַטערנישן. ביים אַרויסגיין פון דער כאַטקע, האָבן זיי מיט אַ מאָל באַמערקט, אַז פייגע איז פאַרשוווּנדן געוואָרן.

דאָס איז זי אַוועק צו די פאַרטיזאַנער, מודיע זיין אַז מ׳נעמט אויפסניי צונויף די יידן, וועלכע זענען יאָרן געווען פאַרשפאַרט אין לאַגער און, אַז מאָרגן אין דער פרי דאַרפן אַלע יידן זיין פאַרזאַמלט אויף אַ געוויסן פּלאַץ.

און טאַקע זי אַליין, פייגע, איז אין משך פון דער נאַכט אַוועק מיט די

פּאַרטיזאַנער און אונטערגעצונדן דעפּאָזיטן פון שפּייז און אַמוניציע, אַלס שטראָף קעגן דעם פּרוּוו אויפסניי צו פאַרשיקן די ייִדן.

ווען זי איז אין דער פרי צוריקגעקומען, האָט זי געטראָפן די כאַטע אַ ליידיקע. זעענדיק אַז קיין איין ייִד איז שוין נישטאָ, האָט זי זיך אַנידער־געזעצט און געוויינט, און אַזוי וויינענדיק — איינגעשלאָפן.

אין דער צייט וואָס זי איז דאָ געשלאָפן, האָבן די פאַרזאַמלטע ייִדן גע־האָט דעם איינדרוק אַז זיי ח ל ו מ ע ן. מ׳האָט זיי פאַרגעלייענט אַ באַפעל, לויט וועלכן זיי וועלן דעם 12טן דעצעמבער 1943, צוריקגעשיקט ווערן אַהיים, נאָר ביז דעמאָלט דאַרפן זיי זיך געפינען אין גרויסן האַמבאַר פון נעבן דער באַן־ליניע.

אַלע זענען זיי אַריינגעגאַנגען אין דער נייער „דירה" און זיי צו היטן זענען פאַרבליבן בלויז צוויי סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיך גראַד גאָר ווייניק אינ־טערעסירט מיט זיי. געמיינט האָבן זיי, אַז דאָס היטן זיי תבואה און נישט קיין מענטשן. האָבן זיך נישט אומגעקוקט אויף זיי און ס׳איז נישט מעגלעך געווען עפּעס פון זיי געוואָר צו ווערן.

און די ייִדן האָבן זיך טאַקע ג ע פ ר י י ט. נאָר אָוונט־צו האָט אויסגע־בראָכן אַ בייזע זאַווערוכע און אַ שניי האָט אָנגעהויבן זיך אַראָפּצולאָזן איבערן האַמבאַר, וועלכער, ווען ר׳וואָלט געקענט רעדן, וואָלט ער זיכער דערציילט וועגן טויזנטער אַזעלכע באַשעפענישן, וואָס זענען צווישן זיינע פיר ווענט אויסגעגאַנגען פון קעלט, אָדער זיך פאַרשאָלטן דאָס לעבן, ווי עס טוען עס די עטלעכע ייִדן וואָס געפינען זיך אַצינד דאָ, ביז זיי וועלן אַהיים פאָרן...

רעפלעקטאָרן האָבן באַלויכטן דעם הימל און כּפי די אייזנבאַן איז נישט געווען ווייט פון דאָרטן, האָבן זיי געהערט באַפעלן אין רומעניש, דייטש, ווי אויך אויף רוסיש.

צוגן זענען אָנגעקומען, אַוועקגעפאָרן, און די אומגליקלעכע האָבן זיך געפרעגט, אויב דאָס אַלץ איז נישט געווען אַ שפּיצל, אָפּגעטאָן בכוונה, אַז מ׳זאָל חוזק מאַכן פון זיי. געהייסן האָט עס, אַז זיי פאָרן אַהיים, נאָר דערווייל גייען זיי אויס פון הונגער און קעלט.

האָט איינער זיך געטוליעט צום צווייטן און געפילט ווי עפּעס אַ וויס

אויסטערלישׂ געוועב הייבט אָן זיך פאַרשפּרייטן איבער זיי און אַרום זיי. די אויגן פאַרמאַכן זיך, און געהאַט האָבן זיי דעם איינדרוק, אַז זיי לעבן אין די וואָלקנס, זיי שוועבן... און אַליין האָבן זיי נישט געוווּסט וואָס מיט זיי טוט זיך.

ערשט פאַרטאָג האָבן זיי זיך דערזען... פאַרשנייעטע! דאָס האָט זיך דער שניי געוועבט איבער זיי און צוגעדעקט די קעפּ מיט די אויגן מיט די געדאַנקען. מיט שווערער מי האָבן זיי אָנגעהויבן צו רירן די פאַרפרוירענע הענט, אָפּווישנדיק דעם שניי פון איבערן פּנים. דערפילנדיק אַז זיי קענען נאָך רירן אַן אבר, האָט זיי זייער באַנג געטאָן, וואָס זיי לעבן נאָך, ווייל גע־וואָלט האָבן זיי שוין זיין טויט.

מיט אַ מאָל קומט צו לויפן אַ סאָלדאַט און מעלדעט, אַז אַל־די וועלכע געפינען זיך אין דער רשימה וואָס ער האַלט אין האַנט, וועלן תיכף אַהיימ־פאָרן. די אַנדערע, וועמענס נעמען געפינען זיך נישט אין דער רשימה, וועלן פאָרן ערשט שפּעטער מיט אַ מאָנאַט, און ביז דעמאָלט קענען זיי צוריקגיין קיין קריוואָי־זעראָ, פון וואַנען זיי זענען געקומען.

דער שטורמישער דרויסן האָט אַ ביסל אויפגעוועקט, און די איבער־געבליבענע צווישן זיי אויך דער טאַטע, האָבן זיך גענומען צוריקגיין צו דער כאַטע פון פייגען.

גייענדיק אין וועג האָבן זיי זיך דערמאָנט וואָס די קאָרטן האָבן אַ מאָל „פאַרויסגעזאָגט". אַז אַ טייל וועט תיכף אַוועקפאָרן און אַ טייל וועט דאָ פאַרבלייבן אויף אַ לענגערער צייט.

צוריקקומענדיק, האָבן זיי געטראָפן פייגען שלאָפנדיק, נאָר ביי זייער אַריינגייך האָט זי זיך אויפגעכאַפּט, אויסגעבעטט נייע שטרויענע געלעגערס פאַר זיי. פון די אַרבל האָבן זיך געשיט שטיקלעך צוקער, שטיקלעך ברויט, נאָר אַלע זענען אַנידערגעפאַלן אויפן שטרוי, טוליענדיק זיך איינער צום אַנדערן און איינגעשלאָפן.

זיי אַליין ווייסן נישט וויפל צייט זיי זענען געשלאָפן, נאָר ביים אויפ־שטיין האָבן זיי שוין פייגען נישט געטראָפן, ווייל זי איז אַוועק אין וואַלד אַריין, איבערגעבן די לעצטע נייעסן, וואָס ס'האָט פּאַסירט מיט אירע יידן.

יעדער איינער האָט געזוכט וואָס ר'האָט נאָך געהאַט עפּעס ווערטפולס ביי זיך און אַוועק איבער די הייזער פון די אוקראַינער, צו פאַרקויפן דאָס פאַר אַ טרוקן שטיקל ברויט, אַז מ'זאָל נישט אויסגיין פון הונגער.

האַלטנדיק איינער די האַנט פון אַנדערן, האָבן זיך יידן געשלעפּט צווישן שטורעמס און שנייען, ביז זיי האָבן זיך דערזען אין באַנהויף. קיינער האָט נישט געוווּסט, וואָס מיט זיי וועט געשען און וווּהין מען פאָרט. דעם גאַנצן טאָג האָבן זיי געוואַרט אין באַנהויף ביז די נאַכט איז צוגעפאַלן און אַ נייע זאַווערוכע האָט זיך צעשפּילט.

סוף כל סוף האָט זיך אויפסניי באַוויזן דער סאָלדאַט מיט דער רשימה און באַפוילן, אַז זיי זאָלן אים נאָכגיין. זענען זיי אַריינגעגאַנגען אין די וואַגאָנען און האָבן מיט אַ מאָל דערפילט, אַז זיי פאָרן.

צוויי וואָכן האָבן זיי אָפּגעריכט גלות. הונגעריקע, כמעט נאַקעטע, מיט שמאַטעס אַנשטאָט קליידער, מיט בלעכלעך אַנשטאָט געשיר, אַ מאָל אין צוגן, אַ מאָל צופוס, איבער פאַרשנייטע וועגן, פון קריוואָי־זעראָ ביז קיין יאַס. געשטילט האָבן זיי דעם דאָרשט מיט שטיקלעך אייז וואָס זיי האָבן געזויגן בשעתן גיין, אָדער בעתן פאָרן אין וואַגאָנען אין וועלכע מ׳האָט געפירט בהמות.

די איינציקע ענדערונג איז געווען, וואָס פון צייט צו צייט האָבן זיך געביטן די סאָנטינעלן וואָס האָבן זיי באַגלייט. יידן האָבן זיך איינגעגניאָרעט אין די ווינקלען פון די וואַגאָנען, אַז ס׳זאָל זיי נישט דערזען עפּעס אַ כולי־גאַן און זיך טשעפּען צו זיי, דווקא אַצינד, ווען זיי זענען אויפן וועג אַהיים.

קיינער האָט זיי אָבער נישט געטשעפּעט. ס׳האָט זיך שוין דערקענט דער כאַאָס און די סימנים פון דער מפּלה. די שדים זענען שוין געווען פאַרנומען מיט זיך אַליין און וויניק־וואָס האָבן זיי אינזינען געהאַט דאָס ביסל יידן, וואָס האָבן אויסגעזען מער טויט ווי לעבעדיק.

די, וואָס האָבן געקענט דעם וועג, האָבן אָנגערופן ביים ריכטיקן נאָמען די סטאַציעס, וועלכע פירן קיין יאַס און דערזעענדיק פון דערווייטנס די היימשטאָט, דאָס „שטעטעלע יאַס", זענען אַ סך פון זיי געפאַלן חלשות. נאָך אַ ביסל און זיי וועלן דערזען זייערע אייגענע: טאַטעס, מאַמעס, פרויען, קינדער, שוועסטער, ברידער...

אויפן נסיעה־צעטל איז געווען פאַרצייכנט, אַז זיי דאַרפן פאָרן צו דער קוועסטור, נאָר ווייטער מיט אַ שורה איז געווען פאַרצייכנט, אַז „זיי ווערן באַפרייט און אָפּגעשיקט אַהיים..."

ווען זיי זענען, סוף סוף, אָנגעקומען קיין יאַס, האָבן זיי זיך דערזען

אין דער גאַרע ניקאָלינאַ. קיינער האָט וועגן זייער קומען נישט געוווּסט און אַפּילו אין דער קהילה האָט מען דערפון קיין אָנונג נישט געהאַט.

מיט אַ מאָל האָט זיך פאַרשפּרייט די ידיעה, אַז זיי זענען אָנגעקומען און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ לויפעניש, מקבל פּנים זיין די וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט פון די נעגל פונעם טויט.

נאָר ווי די אויגן וואָס האָבן אַזוינס צוגעזען!

געווען איז דאָס מער אַ לוויה, איידער אַ לעבעדיקע קאַלאַנע. ס׳ערשטע זענען געגאַנגען די לייכט־פּאַראַליזירטע, אָנהאַלטנדיק זיך איינער אין אַנ־דערן און מער זיך געשאָקלט ווי געגאַנגען, ווייל געבליבן איז פון זיי נאָר הויט און ביין. די שווער־פּאַראַליזירטע זענען תיכּף אַהיימגעשיקט געוואָרן, אויף אימפּראָוויזירטע טראָג־בעטלעך. די מכלומרשט־געזונטע, זענען געווען מער אין עולם התוהו ווי אין יאָס. געגאַנגען פאַרחלומטע און נישט געוווּסט וואָס מיט זיי האָט פּאַסירט. אַרומגעקוקט זיך אין אַלע זייטן, נישט פאַר־שטייענדיק אַפּילו וואָס מ׳האָט צו זיי גערעדט.

די ביטערעווירקלעכקייט האָט איבערצייגט, אַז אַלץ וואָס מ׳האָט זיך אָנדערציילט און אָנגעהערט וועגן וואַפּניאַרקע, איז אַ גאָרנישט מיט אַ נישט קעגן דעם, וואָס דאָרט איז ווירקלעך געשען.

מ׳האָט אָנגעהויבן עולה רגל זיין צו די ניי געקומענע, בענטשן זיי צו זייער אַהיימקומען, אָדער בעסער געזאָגט: צו זייער תחיית המתים. אַ סך האָבן געוואָלט גערן וואָר ווערן נייעסן, נאָר זיי האָבן קיין כּוח נישט געהאַט אַ וואָרט אַרויסצורעדן. דערפאַר טאַקע האָבן זיי גאָר ווייניק נושא חן געווען אין די אויגן פון די ״יפּ״אַ־אַגענטן:

— וואָס הייסט ייִדן שוויגן און דערציילן נישט אַלץ וואָס זיי ווייסן...

כּפי אָבער ״יפּ״אַ האָט איר אייגענעם דמיון, האָט זי טאַקע אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן קלאַנגען וועגן אַלץ וואָס די „געקומענע האָבן מיט אַזוי פיל פּינקטלעכקייט איבערגעגעבן״.

און איבערגעגעבן האָבן זיי, אַז די אַנדערע ייִדן וועלן אויך בקרוב אַהיים קומען. געזונטע און פריילעכע, ווייל זיי זענען „פּאָליטישע אַרעס־טירטע״ און אַלע רומענער זענען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיי „מיט די איי־גענע קעפּ...״

הייסט עס, האָט ״יפּ״אַ געטענהט, אַז אַפּילו די דייטשן זוכן שוין אַ כּפּרה־הינדל און „מיט אייגענע אויערן״ האָבן זיי געהערט ווי די דייטשן טענהן,

אַז אין גאַנצן אומגליק פון די יידן זענען שולדיק נאָר די רומענער, און זיי, די דייטשן, זענען נישט מער ווי נאָר „דורכגעגאַנגען" דורך רומעניע, אָבער נישט מער... אַלץ וואָס האָט זיך אָפּגעטאָן אויף רומענישער ערד, דאָס איז שוין דעם רומענערס עסק...

און די ייפ"אָ־אַגענטן האָבן גערעדט מיט אַזאַ התלהבות, אַז יידן האָבן זיך מיט אַ מאָל דערזען, נישט אין יאַס, נעבן די אומגליקלעכע צוריקגעקומענע, נאָר אין מיטן דייטשלאַנד, ממש אין צענטער פון בערלין... אַמעריקאַנער, רוסן, ענגלענדער און אַלע אַנדערע אונטערגעדריקטע אומות טרינקען וודקע און מען ווינטשט זיך „לחיים"!

— און מיט וועמען זאָלן מיר, יידן, טרינקען „לחיים"!

— מיר וועלן שוין טרינקען מיט משיחן און וויסן ווייסט איר דאָך, אַז „לחיים" מיט משיחן טרינקט מען נישט אויף טמא־ערד, נאָר אויף דער הייליקער ערד פון ארץ־ישראל... אַזוי האָט געענטפערט ר' הערשעלע, דער הייליקער וואָס איז געגאַנגען פון שטוב צו שטוב, פון קראַנקן צו קראַנקן, געבראַכט רפואות און געווונטשן ישועות.

נישט איין מאָל האָבן מיר געפּרוּווט פרעגן די צוריקגעקומענע, וואָס איז מיטן טאַטן און מיט די אַנדערע יידן, וואָס זענען דאָרט פאַרבליבן. קיין ענטפער האָבן מיר קיין מאָל נישט באַקומען. זיי זענען געבליבן ווי פאַרקלערט און פון די אויגן האָבן זיך געגאָסן טרערן. מיר האָבן זיך איבערצייגט, אַז קיין גרויסע טובה טוט מען זיי נישט, ווען מען דערמאָנט זיי בכלל אין יענע ערטער און אין מענטשן וואָס זענען דאָרט פאַרבליבן.

האָבן מיר אָנגעהויבן צו האָפן און צו גלייבן, אַז די צייט איז דער בעסטער נביא.

די משפּחות פון די פאַרבליבענע אין פרייען געטאָ, קריוואָי־זעראָ, האָבן אָנגעהויבן לויפן אין דער קהילה און איך בין אַוועק אויך צו שוויַיגן. ער, אַלס קאָמיסאַר, וועט אפשר האָבן אַ גענויערע ידיעה. זיין ענטפער איז געווען, אַז ביז אין אַ מאָנאַט צייט, וועט דער טאַטע מיט אַלע אַנדערע יידן אַהיימקומען.

ער אַליין, שוויי, וואַרט שוין אויך אומגעדולדיק אויפן טאַטן, ווייל נאָר פונעם טאַטן וועט ער קענען געוואָר ווערן זאַכן, וואָס אַנדערע ווילן אים נישט דערציילן, ווייל זיי זעען אין אים דעם „קאָמיסאַר" און וויסן נישט די טובות וואָס ער האָט געטאָן פאַר יידן.

טעג האָבן זיך געצויגן, לאַנגע ווי די דורות. די קריסטלעכע באַפעל־קערונג איז געוואָרן פון טאָג צו טאָג אומרויִקער. דער ווינטער האָט זיך געשטעלט זייער אַ שווערער און נאָר אַ דאַנק אַ רומענער, וועלכער האָט שוין געזוכט זיך איינצוקויפן אַ זכות, האָט מען געקענט קריגן אַ ביסל האָלץ, אָדער אַנדערע זאַכן, ווי עסנוואַרג, קליידונג, שיכוואַרג, פאַר וועלכן מ׳האָט באַצאָלט מיטן טייערסטן און מיטן בעסטן וואָס מ׳האָט נאָך פאַרמאָגט.

צוויי וואָכן נאָכן צוריקקומען פונעם ערשטן טראַנספּאָרט קיין יאַס, האָט זיך באַקומען אַ בריוו פונעם טאַטן, אין וועלכן ער איז מודיע, אַז ער האָפט, אַז דעם 18טן יאַנואַר 1944, וועט ער זיין אין דער היים.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ צייט פון וואַך־זיין, ביי טאָג ווי ביי נאַכט. יעדער ריר פון טיר האָט אונדז אויפגעוועקט. אמת, דער טאַטע האָט טאַקע אָנגעגעבן אַ גענויע דאַטע, אָבער ווער ווייסט... אין היינטיקע שווערע צייטן... פאַרשנייטע וועגן... צוריקצי פון אַרמייען... און אפשר וועט ער פאָרט אָנקומען פאַר דעם באַשטימטן טאָג?... כאָטש מיט איין טאָג פריִער... און ווען ער שוין יאָ קומען, וווהין זאָל מען גיין אים מקבל פנים זיין? —

מיין ברודערס מיידעלע, אַ קינד פון אַ יאָר פיר, האָט נישט געדענקט דעם זיידן. געוווּסט האָט זי בלויז איין זאַך: דער זיידע איז אַוועק צו דער אַרבעט און ביים צוריקקומען וועט ער איר ברענגען אַ פערד. תמיד האָט זי זיך מער נאָכגעפרעגט אויפן פערד, ווי אויפן זיידן:

— ווען ברענגט איר שוין דער זיידע דאָס פערד?

דעם 18טן יאַנואַר, גאַנץ פרי, זענען מיר שוין אַלע געשטאַנען אויף דער וואַך. ליידער האָט מען קיינעם נישט געזען. דאָס עסן וואָס מיר האָבן צוגעגרייט פאַרן טאַטן, האָט זיך אויסגעטריקנט פון אַזוי פיל דערוואַרעמען און ס׳איז שוין 6 אַ זייגער אָוונט. אין דרויסן הערשט אַ פינצטערניש און נאָך אַ גרעסערס — אין די הערצער.

אַ שכן איז אַריינגעקומען, געטרייסט אונדז און מבטיח געווען, אַז דער טאַטע וועט זיכער אָנקומען. דער שכן האָט עס טאַקע געמיינט צום גוטן, נאָר מיר האָבן געזען די ביטערע ווירקלעכקייט. די נאַכט פאַלט צו און דער טאַטע איז נאָך נישטאָ.

— זייט רויִק, — טענהט דער שכן, — דער טאַטע וועט זיכער קומען. האָט געדולד!

אַזוי האָט גערעדט דער שכן און מיר האָבן נישט געוווּסט, אַז הינטער זײַנע פּלייצעס שטייט דער טאַטע און וויינט...

ווי די בינען זענען מיר אים אַלע באַפֿאַלן. שכנים און פֿרײַנד זענען זיך אָנגעלאָפֿן און געקומען ווינטשן אים אַ „ברוך הבא"!

צוזאַמען מיטן טאַטן איז געקומען אויך דאָס געטרוימטע פֿערד פֿאַרן פּיריאַריקן קינד. דאָס האָט שוין דער ברודער אין זינען געהאַט. מיר — האָבן געוויינט אַרום טאַטן, נאָר דאָס פּיריאַריקע קינד האָט זיך געשאָקלט אויפֿן פֿערד. מ'האָט געזען אַז עפּעס מאַטערט דעם געדאַנק פֿון דעם קינד, ביז זי האָט דאָס אַרויסגערעדט אויפֿן קול:

— מײַן פֿערד איז אַזוי שיין, נאָר דער זיידע איז גאָרנישט שיין...

געווען איז אַ פּראַקטיקער דרויסן, נאָר די טיר איז געווען אָפֿן. מענטשן האָבן נישט אויפֿגעהערט צו קומען און מיר האָבן די קעלט נישט געפֿילט. ביז צען אין אָוונט זענען מענטשן געקומען, און ערשט דעמאָלט, האָט דער טאַטע געפֿרעגט אויב ס'איז דאָ אַ ביסל טיי.

דאָס זענען געווען די ערשטע ווערטער וואָס דער טאַטע האָט אַרויס־גערעדט און צום ערשטן מאָל האָבן מיר דערהערט און דערקענט דעם טאַטנס שטים.

דאָ האָבן מיר זיך דערמאָנט, אַז דעם גאַנצן טאָג האָבן מיר גאָרנישט גענומען אין מויל אַרײַן און מיר האָבן געגרייט דעם טיש. צום ערשטן מאָל, נאָכן אויסברוך פֿון דער מלחמה זענען מיר ווידער געזעסן אַלע בײַ איין טיש, אויבן אָן — דער טאַטע. נעבן אים — די מאַמע און אַרום — די קינדער מיטן אייניקל מיטן... פֿערד. די שׂמחה איז געווען גרויס, נאָר עסן האָט קיינער נישט געקענט. די גאַנצע צײַט האָבן מיר געהאַלטן אין איין קוקן צום טאַטן און ערשט דעמאָלט האָבן מיר זיך איבערצייגט אַז אויבן־אָן זיצט טאַקע דער טאַטע. נאָר גערעכט איז געווען דאָס פּיריאַריקע קינד: פֿון אַזאַ שיינעם טאַטן, אַ הויכער, אַ בלאָנדער, אַ שלאַנקער, מיט לעבעדיקע בלויע אויגן, ווי דער ים, און ס' איז געווען אַ חיות צו קוקן אויף אים, און איצט? אַן אײַנגעבויגענער אַלטער ייִד, ווײַס געוואָרן פֿאַר דער צײַט, מיט אַ פֿאַרנעפּלטן, ווי אָפּגעווישטן בליק אין די אויגן, וועלכע האָבן אויך פֿאַר־לוירן די אַמאָליקע פֿאַרב. שטילערהייט, שווייגנדיק, האָט דער טאַטע גע־טרונקען די טיי, האַלטנדיק ס'גלאָז אין ביידע ציטערנדיקע הענט און גע־קוקט אין דער ליידיקייט פֿון דער שטוב.

## טעג פון צאָרן

— טאַטע, — האָבן מיר אָנגעהויבן צו רעדן, — טאַטע, עס! זע, מיר האָבן דיר צוגעגרייט אַפּילו אַ וואַרעמען מאַנטל...

דער טאַטע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און געשוויגן.

— טאַטע, אַט זענען הונדערט צוואַנציק טויזנט רומעניש לייַ וואָס מיר האָבן אַוועקגעלייגט וועגן דיר, זאָלסט שוין נישט דאַרפן האָרעווען אויף דער עלטער.

דער טאַטע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און געשוויגן.

אַלע זענען מיר בלאַס געוואָרן. דער טאַטע האָט קיין כוח נישט געהאַט אַפּילו אַ וואָרט אַרויסצורעדן.

מיט אַ מאָל האָט דער טאַטע אָנגעהויבן ווי צו ציילן ווערטער, נאָר פון איין וואָרט צום צווייטן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז יאָרן גייען פאַרביי. אַזוי האָט זיך געצויגן זיין שווייגן פון וואָרט צו וואָרט.

— קינדער, כ׳וויל זיך נישט צעטיילן פון די קליידער, אין וועלכע איך גיי אָנגעטאָן און כ׳קלער גאָרנישט אַז איך זאָל זיי אַ מאָל אַוועקוואַרפן. פון צייט צו צייט וויל איך זיי זען, אַ קוק טאָן אויף זיי, ווייל נאָר די קליידער קענען מיך נאָך אויפמונטערן אַ ביסל. אין די קליידער האָבן איך מיך געפילט מער ייִד ווי תמיד און נאָר די קליידער וועלן מיך פון היינט און ווייטער לערנען, ווער און וואָס איך בין... מיט דער צייט... אַ מאָל... רעדנדיק מיט אייך מערער, וועט איר מיך אפשר פאַרשטיין. איינס זאָלט איר וויסן און זיכער זיין: די קליידער זענען מיין איינציק פאַרמעגן... מיינע און אייערס און אַלע ייִדנס... מיר, ייִדן, האָבן פאַרמאָגט רייכקייט, און וואָס האָט זיך דערפון אויסגעלאָזט?... דערווייל האָב איך קיין כוח נישט צו רעדן, נאָר אַז גאָט וועט וועלן און מיר וועלן זוכה זיין, וויל איך מיט מיינע קינדער זיין צווישן די ערשטע...

ער איז פאַרשוויגן געוואָרן און טרערן האָבן זיך געגאָסן פון זיינע פאַרמאַכטע אויגן. ערשט דעמאָלט האָבן מיר באַמערקט, אַז דער טאַטע איז אָנגעטאָן, קרוע בלוע, שמאַטע אויף שמאַטע און יעדע איינע פון אַן אַנדער קאָליר... פאַר גרויס איבערראַשונג האָט קיינער פון אונדז נישט באַמערקט די קליידער אין וועלכע ער איז אָנגעטאָן. ווייל אַפּילו אין די שמאַטעס איז ער געווען אונדזער טאַטע און דאָס איז געווען דאָס וויכטיקסטע פאַר אונדז.

דער טיש איז געבליבן, ווי מ׳האָט אים געגרייט. קיינער האָט זיך צום עסן נישט צוגערירט און שטילינקערהייט האָבן מיר זיך אַלע געלייגט שלאָפן.

— ווען וועט מען אַ מאָל קענען איבערגעבן אַלץ וואָס איז טאַקע געשען אין טראַנסניסטריע? וועלן די מענטשן זיין אויף אַזוי פיל פאַרשטאַנדיק צו פאַרשטיין וואָס די חיות זענען פעיִק געווען אָפּצוטאָן אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט פון טעכניק און קולטור?

אַ גאַנצע נאַכט האָט זיך דער טאַטע געוואָרפן און קיין רו נישט געפו־נען. קיינער פון אונדז האָט קיין אויג נישט צוגעמאַכט.

— טאַטע, ווילסט עפּעס? טאַטע, וואָס טוט דיר וויי?

שטיל און פּאַמעלעך האָט דער טאַטע אָנגעהויבן צו ענטפערן:

— מיר טוט שוין גאָרנישט וויי און וואָס איך דאַרף, האָב איך שוין כ׳בין אינאיינעם מיט אייך...

ס׳קול האָט אים געציטערט פאַר איבערראַשונג און אַלע האָבן מיר געפילט ווי זיין גערירטקייט צעגיסט זיך אויך אין אונדזערע נשמות. מיר האָבן איינגעגראָבן די קעפּ אין די קישנס און געוויינט.

פאַרטאָג־צו איז ער אַנדרימלט געוואָרן.

ביי דעם ליכטיקן שיין פון טאָג האָט ס׳בלאַסקייט פון זיין פּנים געשיינט ווי די פאַרב פון אַ מענטשן אָן לעבן. אַלע מאָל איז אַן אַנדער קינד צוגע־גאַנגען, איבערגעבויגן זיך איבער זיין געזיכט און זיך צוגעהערט, אויב ער כאַפּט נאָך דעם אָטעם. ווען מיר האָבן געזען, אַז די קליידער זיינע, וועלכע ר׳האָט זיי נישט געוואָלט אויסטאָן אויך ביי זיך אין דער היים, רירן זיך לויטן ריטם פונעם קלאַפּנדיקן האַרץ, האָבן מיר לייכטער אָפּגעאָטעמט.

מיר האָבן זיך קוים דערוואַרט, אַז מיר זאָלן אים שוין זען אַ וואַכן, הערן פון אים אַן אַרויסגערעדט וואָרט. נאָר ווי אַזוי וועקט מען אים אויף, ווען ער איז אַזוי מיד און אַזוי שוואַך. אַלע מאָל זענען מיר צוגעגאַנגען אויף די שפּיצן פון די פינגער, אַוועקגעגאַנגען און געטראַכט זיך:

— אפשר איז ער קראַנק? און אין דער אמתן, ווי קען ער זיין געזונט? עפּעס קומט ער דאָך פון וואַפּניאַרקע...

מיט אַ מאָל האָט ער זיך אויפגעכאַפּט, געקוקט אַרום זיך, ווי פאַרבלאָנ־דזשעט און נישט געקענט גלייבן זיך אַליין, אַז ער געפינט זיך טאַקע צווישן זיינע אייגענע.

איבערצייגנדיק זיך אַז אַזוי איז עס טאַקע, האָט ער זיך אויפגעשטעלט אויף די שוואַכע פיס און מיר האָבן געזען ווי ער בינדט אויף אַ זעקל, נעמט אַרויס דעם טלית און דריקט אים צום האַרץ, מורמלענדיק!

— טייערער חבר מיינער, אין דיר האָב איך זיך פאַרוויקלט יעדן טאָג, קיין איין טאָג זיך נישט צעשיידט פון דיר און מיט דיר אינאיינעם וויל איך דאַנקען און לויבן גאָט וואָס איך בין אַהיים געקומען.

און ר׳האָט זיך געשטעלט דאַווענען, מיט פאַרגלייזטע אויגן צום הימל, דאַנקענדיק דעם הייליקן באַשעפער פאַרן נס וואָס ער האָט געטאָן מיט אים און מיט אונדז און מיט אַלע יידישע קינדער, וועלכע זענען אַהיים געקומען צו זייערע משפחות און צו זייערע היימען.

געענדיקט ס׳דאַווענען, האָט ער זיך מיט אַ מאָל דערמאָנט אַז ער דאַרף גיין מעלדן און חתמענען אין דער קוועסטור, אַז ער איז אין זיין דירה, אַז ער איז חלילה איבער נאַכט נישט אַוועק צו די רוסן, אָדער צו די אַמעריקאַנער און ענגלענדער.

אין דרויסן האָבן אים שוין נישט באַגעגנט די אייגענע קינדער נאָר אַ זאַווערוכע, ווינט און שניי.

ווידער האָט זיך אָנגעהויבן אַ מעשה פון גיין חתמענען יעדן טאָג, און מיר האָבן זייער מורא געהאַט דערפאַר, ווייל ס׳איז נישט געווען פון די לייכטע זאַכן אָנצוקוקן דעם פּרצוף פון אַ פּאָליציסט. אָבער מיר האָבן קיין ברירה נישט געהאַט. כ׳האָב זיך אַוועקגעלאָזט מיטן טאַטן צו דער קוועסטור. קוים וואָס ר׳האָט געשלעפּט די פיס. ווען כ׳האָב שוין דערלעבט אים זען אַרויסקומענדיק פון דאָרטן, האָב איך פריי אָפּגעאָטעמט, ווייל מ׳האָט אים געזאָגט אַז ס׳איז נישט נייטיק צו קומען ביז דער קוועסטור און ס׳איז גענוג צו חתמענען אין פּאָליציי־באַצירק צו וועלכן ער געהערט.

אַהיימקומענדיק האָט ער פאַרזוכט ס׳עסן פונעם נעכטיקן אָוונט און ווידער אַ מאָל אַראָפּגעלאָזט די הענט און פאַרוואָרפן די בליקן צו דער סטעליע. מיר האָבן געזען אַז ער איז זייער פאַרצווייפלט און אים געבעטן, אַז ר׳זאָל זיך צולייגן, זיך אָפּרוען. דער טאַטע האָט אונדז געענטפערט, קורץ און שטיל:

— איך קען נישט זיין נישט פאַרצווייפלט...

מער האָט ער קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט, נאָר דערזעענדיק ווי די ברידער זיצן און אַרבעטן, איז ער לאַנגזאַם צוגעגאַנגען צו זיי און נישט אַרויסרעדנדיק קיין וואָרט, האָט ער זיך אַנידערגעזעצט און געבעטן מ׳זאָל אים אויך געבן צו אַרבעטן.

דאָ האָב איך זיך דערמאָנט, אַז מיינע בעסטע פריינד, לענוצאַן און

שוווייען, האָב איך נאָך נישט מודיע געווען אַז דער טאַטע איז שוין דאָ. בײַן איך תּיכף אַוועקגעגאַנגען צו זיי. לענוצאַ האָט מיך געהאַלטן אין איין קושן און אין אָוונט איז צו אונדז געקומען שווויי אַליק, זייער וואַרעם אַרומגענומען דעם טאַטן און נאָך אַ האַלבער שעה, געבעטן דעם טאַטן אַז ר׳זאָל אים אַלץ דערציילן.

און דער טאַטע האָט אים שוין אַלץ דערציילט, זינט ער איז אַוועקגעפאָרן פון יאַס און ביז מ׳האָט צוריקגעשיקט דעם ערשטן טראַנספּאָרט. נאָך זייער אָפּפאָרן קיין יאַס, האָט זיך אין קריוואָי־זעראָ גאָרנישט געביטן. יידן זענען געשטאָרבן פון קעלט, הונגער און עפּידעמיעס. זיי האָבן זיך אַרומגעדרייט פריי און אומעטום. אַפילו אויסערן געטאָ אויך, און מ׳האָט געקענט זען ווי די אַרמיי ציט זיך צוריק אין אַ גרויסער אומאָרדענונג. מיט די אַרטיקע אוק־ראַינער זענען די פאַרבינדונגען אין דער לעצטער צייט, געווען נישט קיין שלעכטע. פאַר אַ שטיקל ברויט האָט מען גאַנץ גוט באַצאָלט און אַ סך מאָל, אַז די אוקראַינער האָבן דערזען אַ גאָלדענעם צאָן אין מויל, האָבן זיי דיר אים גֿעהייסן אַרויסנעמען און באַצאָלן.

דעם 16טן יאַנואַר איז ווידער געקומען אַ סאָלדאַט און זיי באַפוילן מען זאָל תּיכף נעמען דעם באַגאַזש און קומען צום וואָקזאַל. דאָ האָט מען באַקומען די נסיעה־צעטלען און תּיכף איז אָנגעקומען אַ שנעלצוג אין וועלכן מ׳האָט זיי אַריינגֿעזעצט און זיי זענען אַוועקגעפאָרן פון קריוואָ־זעראָ, דורך גאָלטע, קיין טיגינע (בעסאַראַביע) און פון דאָרט זענען זיי אָנגעקומען גלײַך צו דער סטאַציע ניקאָלינאָ, אין יאַס.

דער טאַטע און אַלע אַנדערע יידן האָבן בפירוש מורא געהאַט אַריינצו־גיין אין אַ שנעלצוג אין דעם הילוך, אין וועלכן זיי האָבן זיך געפונען, אָבער ווי נאָר זיי זענען אַריינגעקומען אין וואַגאָן, האָט זיך אַ גוט־אָנגעטוענער מענטש אויפגעשטעלט פאַר זיי און געזאָגט צו זיי אין רומעניש:

— קדושים וואָס איר זענט, זעצט אייך אַנידער!...

דעם גאַנצן וועג איז זיי גאָרנישט געשען און די באַציִונג פון דעם רומענישן הער צו זיי האָט זיי באַרויִקט און געשטאַרקט. בלויז אַ צוויי סטאַציעס פאַר זייער אָנקומען קיין יאַס, איז ער נעלם געוואָרן, נאָר ווער ער איז געווען און ווי אַזוי ער הייסט, ווייסט קיינער נישט.

שווויי האָט געבעטן דעם טאַטן, אַז ער זאָל אים דערציילן וועגן איינצלנע פאַלן, וואָס האָבן פּאַסירט, ווייל אים, אַלס מענטש, אינטערעסירט אַלץ.

דער טאַטע האָט אים איבערגעגעבן, אַז אוקראַיִנער וועלכע האָבן נישט מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן, הייבן אויף די קעפּ, און דאָס ווייסט ער פון דעם וואָס יידן האָבן אים דערציילט. קריסטן וועלכע האָבן אויסגעהאַלטן ביי זיך אַ יידיש קינד, היטן עס ווי די אויגן אין קאָפּ. די פּאַרטיזאַנער דרייען זיך פראַנק און פריי, אַנגעטוענע אין דייטשע מונדירן. זיי שטייען שוין אין דירעקטער פאַרבינדונג מיט דער רוסישער אַרמיי, פון וועלכער זיי באַקו־מען געווער און אויפרייס־מאַטעריאַלן.

אַ סך פון די איינוווינער עפענען זייערע טירן פאַר די פּאַרטיזאַנער, ווייל זיי זענען עס די פּאַקטישע טאָן־געבער אין דער געגנט.

ווען מ׳האָט דורכגעפירט די לעצטע פאַרמאַליטעטן צום אָפּפאָרן, האָבן די יידן געהאַט דעם איינדרוק, אַז דאָס טוט מען לויט דער אָנווייזונג פון עמעצן, וועלכער הייסט אַז מ׳זאָל די יידן וואָס גיכער אָוועקשיקן פון דאַנען.

אויפן וואָקזאַל פון קריוואָי־זעראָ האָט ער געטראָפן אַ סך רומענישע פּייערים, וועלכע זענען איבערגעפירט געוואָרן קיין טראַנסניסטריע, מיינענ־דיק אַז דאָס וועט שוין איביק געהערן צו רומעניע. איצט זעט מען זיי אויפן וועג צום דניעסטער, אין וואָגנס אָנגעלאָדענע מיט כל טוב, וואַרטנדיק אַז זיי זאָלן זיך שוין זען אויף דער רומענישער זייט פונעם דניעסטער, און פון דאָרט — צוריק אין די דערפער פון וועלכע מ׳האָט זיי אַרויסגענומען.

שוּוויי האָט זיך צוגעהערט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט צום טאַטנס רייד און אַליין צוגעגעבן, אַז לוידער, איז ער געוועזן אַ שטיק נביא, ווען ער האָט פאָרויסגעזאָגט, אַז די מלחמה וועט זיך שלעכט ענדיקן פאַר די רומע־נער. לויט ווי ר׳האָט געהערט וואָס רומענישע זעלנער דערציילן, פירן זיך די דייטשן אויף זייער ברוטאַל מיט רומענישע סאָלדאַטן. וויל אַ רומענישער סאָלדאַט זיך אַרויפכאַפּן אויף אַן אויטאָ פון דער דייטשער אַרמיי, שלאָגן אים די דייטשן מיט אָנגעשפּיזטע ביקסן איבער די הענט, ביז דער רומע־נער פאַלט אַראָפּ און די אויטאָס מיט די דייטשן פאָרן ווייטער.

שוּוויי איז אַוועקגעגאַנגען אַ דערשלאָגענער, אָבער מיר האָבן דאָך נישט געקענט בלייבן קאַלט צו די ליידן פון דעם הערלעכן רומענער, פון דעם קאָרעקטן דאָרפסמענטש, וועלכער האָט אַ סך יידן אַרויסגעהאָלפן און בפרט אונדז. געוווּסט האָט ער, אַז קיין שלעכט וואָרט וועט אויף אים אַ ייד נישט רעדן, דערפאַר האָט ער זיך געזעגנט און אַוועקגעגאַנגען אַ רויִקער, מיט אַ ריינעם געוויסן.

די צייט האָט זיך געצויגן. דער טאַטע האָט געאַרבעט אינאיינעם מיט די ברידער און יעדן טאָג געגאַנגען אין דער פּאָליציי, חתמענען אַז ער געפינט זיך אין יאַס...

ייפאַ האָט געבאַקן פרישע־נייע ידיעות, לויט וועלכע מ׳איז זיכער גע־ווען, אַז בעתן אויפשטיין, מאָרגן אין דער פרי, וועלן מיר זיך שוין געפינען גאָר אונטער אַן אַנדערן רעזשים. אָבער דאָס וואָס ס׳איז געשען אין די לעצטע 24 שעה, האָט נאָך אַ מאָל דערוועקט שרעקעדיקע געדאַנקען. פון הימל האָבן זיך געשיט, נישט נאָר שנייען, נאָר אויך באָמבעס... אַליאַרמען האָבן נישט אויפגעהערט און קיינער האָט נישט געוואָגט אריבערצוגיין די בריק איבערן באַכלוי, אויס מורא אַז ער זאָל נישט בלייבן אָפּגעריסן פון דער משפחה, אויב די בריק וועט אויפגעריסן ווערן.

דער שניי האָט צוגעדעקט פלויט און פענצטער. מ׳האָט קיין מענטשן נישט געזען איבער דער גאַס. געווען שטיבער, אין וועלכע ס׳האָט זיך קיין שטיקל האָלץ און קיין ביסל עסן נישט געפונען. סירענעס האָבן גערעוועט, אַליאַרמירנדיק די באַפעלקערונג אַראָפּצוגיין אין די בונקערס, נאָר ווער האָט געטראַכט פון בונקער? ווער האָט דען דערקענט דעם וועג צום בונקער וועלכער איז איבער נאַכט פאַרשיט געוואָרן און — גיי זוך אים!

זעענדיק, אַז דער שניי האָט בדעה אונדז צו באַגראָבן לעבעדיקערהייט, האָבן די שכנים אָנגעהויבן צו קלאַפּן אין די ווענט, איינער צום אַנדערן, געבנדיק אַזוי אַרום אַ סימן, אַז מען לעבט נאָך... קיין טיר האָט מען נישט געקענט עפענען, ווייל זי איז געווען פאַרשיט מיט שניי. מיט שווערער מי האָט מען געגראָבן אַ סטעזשקע ביז צום שכנס טיר, געוואָר צו ווערן, וואָס ביי אים הערט זיך.

שרייענדיק, דורך האַלב פאַרמאַכטע הענט, ווי דורך אַ ליקע, האָט איינער צום אַנדערן איבערגעגעבן:

— שטעלט מען זיך נישט אָפּרייניקן דעם שניי, וועלן מיר אויספּגרן ווי די מייז... טאָמער שיינט אויף די זון, וועט ס׳וואַסער פאַרפלייצן די שטיבער און אונדז אַלע דערטרינקען.

אַ בייז שרייענדיקער עכאָ האָט זיך געטראָגן אין דער הייך:

— פריי מאַכן אַ וועג, אויב מען וויל לעבן, זאָל מען דעם שניי פאַר־שאַרן... מ׳דאַרף העלפן די יידן פונעם צלם־געסל, ווייל זיי זיצן אין נידעריקע

שטיבלעך... אויך די יידן ביים ברעג פון באַכלוי... זיי זענען אין אַ גרויסער סכנה...

קולות האָבן געליאַרעמט, דער ווינט האָט צוגעפּייפט, דער שניי האָט געשיט און האָסט געהאַט דעם איינדרוק אַז גאָט אַליין קען שוין אויך נישט אָנקוקן זיין זינדיקע וועלט און אַלס עונש פאַר אירע חטאים, פאַרשיט ער זי מיט שניי.

יידן האָבן מיט שווערער מי אויפגעריסן די פאַרפרוירענע טירן און צווישן שנייען וואָס זייער הייך האָט דערגרייכט קרוב צוויי מעטער, האָבן זיי אויס־געהאַקט שמאָלע דורכגענג, ווייסע טונעלן, אַז איין משפחה זאָל זיך קענען פאַר־בינדן מיט דער צווייטער. דער פראָסט האָט פאַרהאַרטעוועט דעם שניי און צווישן די אויסגעהאַקטע טונעלן זענען יידן געגאַנגען ווי צווישן קרישטאָ־לענע מויערן. אַלץ האָט אויסגעזען ווי אויסגעליידיקט פון לעבן. די וועלט האָט אויסגעזען ווי אַ ווייסע וויסטע מדבר. איז מען טאַקע געזעסן אָפּגע־שלאָסן אין די שטיבער און קיין צימעס זיך נישט געמאַכט פון די אַליאַרמען. האָט מען שוין יאָ געזען, אַז פון אַ קוימען גייט אַרויס אַ שטיקל רויך, זענען די אָרעמע שכנים אַריינגעגאַנגען אין יענער „גליקלעכער שטוב" און שוין דאָרט אָפּגעזעסן ביז ס'האָט אויסגעברענט ס'לעצטע שטיקל האָלץ.

מיט אַ מאָל האָבן זיך דערהערט אָפּקלאַנגען פון בייזע טריט, וועלכע האָבן אָפּגעהילכט צווישן די טונעלן. אין די טירן האָבן זיך צעהודעט קלאַפּערייען און ס'באַוווסטע שרעקעוודיקע קול, האָט זיך אויפסניי דער־הערט:

— אין נאָמען פון געזעץ... אַלע יידן, יונג און אַלט, דאַרפן אַרויסגיין אָפּרייניקן דעם שניי פון די גאַסן, ווייל דער פאַרקער איז אָפּגעשטעלט. ווער ס'וועט נישט אויספירן דעם באַפעל, וועט באַצאָלן אַ געלט־שטראָף, און אויב ער וועט נישט קענען באַצאָלן, וועט ער פאַרשיקט ווערן...

אַ גאַנצן טאָג, אָן עסן, האָט מען גערייניקט די גאַסן און אָנגעלאָדן דעם שניי אין וועגענער, וועלכע זענען אויסגעליידיקט געוואָרן אין באַכלוי.

ערשט 4 אַ זייגער נאָך מיטאָג האָט מען זיי דערלויבט צוריקצוגיין צו די היימען און ווי נאָר זיי האָבן איבערגעטרעטן די שוועל, האָט אַ נייע זאַווערוכע זיך צעשפּילט און נייע שנייען האָבן אָנגעהויבן צו שיטן. יידן האָבן שוין געפילט וואָס ס'דערוואַרט זיי דעם צווייטן טאָג, בפרט, ווען ביים אויפשטיין האָבן זיי געזען ווי הויך דער שניי איז און אַז עס שנייט נאָך... ס'איז געווען

נישט טאָג און נישט נאַכט. אין אַזעלכע צייטן האָט קיין קריסט זיך נישט איינגעשטעלט צו ברענגען עפּעס צו פֿאַרקויפֿן. די פּויערים אין די דערפֿער, ווי זיי האָלטן זיך געפֿונען אויף גאָר אַנדערע פּלאַנעטן. ס׳ביסל שפּייז וואָס האָט זיך געפֿונען אין אייניקע שטיבער האָט זיך געענדיקט און ניט שפּייז האָט מען נישט געקריגן, אַפֿילו פֿאַר גרויסע געלטער.

אין מושב זקנים זענען די אַלטע געווען איינגעשטעלט צו שטאַרבן פֿאַר הונגער. די אָנפֿירונג האָט שוין נישט געוווּסט וווּהין און צו וועמען זיך צו ווענדן נאָך הילף. וואָס ס׳איז פֿאַרבײַ אַ טאָג, אַלץ ערגער איז געוואָרן פֿאַר יידן.

מיט וויפֿל דער פּראָנט האָט זיך דערנענטערט, זענען דערוויטערט געוואָרן די האָפֿענונגען אויף געהאָלפֿן צו ווערן. יעדן איז באַפֿאַלן אַ פּחד בלויז ביים געדאַנק, אַז יאַס וועט ווערן אַ שלאַכטפֿעלד.

ייפֿאַ האָט אין אַ שיינעם פּרימאָרגן פֿאַרשפּרייט ידיעות, לויט וועלכע אַלע מענער וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט פֿון פּאָגראָם, ווי אויך די צוריקגעקומענע פֿון די לאַגערן, וועלן גענומען ווערן אַלס „אָסטאַטיקער״.

פֿון וואַנען זיי האָבן דאָס גענומען, האָט מען נישט געוווּסט, נאָר נישט קוקנדיק אויף די פֿאַרשנייטע וועגן, האָט מען זיך געלאָזט צו דער קהילה. אויך דאָרט האָט מען קיין קלאָרע תשובה נישט געגעבן. נאָך אַ מאָל האָט זיך אָנגעהויבן אַ וויינען און אַ קלאָגן. יעדער האָט געוויינט אויס רחמנות צום גורל פֿונעם צווייטן, ווי אויך אויף זיין אייגענעם גורל.

אַ צווייטע ידיעה פֿון דער ייפֿ״אַ איז געווען, אַז ס׳וואָלט כדאַי געווען צו גראָבן אונטערערדישע באַהעלטענישן, פֿון איין שכנס שטוב צו אַ צווייטן שכן... קעלט און הונגער האָבן שוין נישט געווירקט. יעדער איינער האָט געזאָרגט פֿאַרן גורל פֿון די מענער, פֿאַר די לעבן־געבליבענע מענער.

און אַז די מענער וועלן שוין זיין פֿאַרזאָרגט, וואָס וועט מען טוען מיט די פֿרויען ? ווער וועט זיי פֿאַרטיידיקן ? ס׳איז דאָך פֿאַר קיינעם נישט געווען קיין סוד, אַז כוליגאַנעס דרייען זיך אַרום מיט בייזע מחשבות. די פּאָליציסטן ווייסן גענוי יעדעס ווינקעלע וווּ יידן געפֿינען זיך, בפֿרט די מענער, ווייל זיי קומען דאָך שלעפּן צו דער אַרבעט.

מיט אַ מאָל האָט מען אויפֿגעהערט צו רעדן וועגן אונטערערדישע באַהעלטענישן, ווייל די פֿונדאַמענטן פֿון די אַלטע הייזער זענען אַזוי שוואַך, אַז ווי נאָר מ׳וועט גראָבן אונטער זיי, וועלן זיי איינפֿאַלן...

אַליאַרמען האָבן זיך גצויגן און עראָפּלאַנען האָבן אָן אויפהער געפירט רעזערוון צום פראָנט. יידן האָבן געהאַט איין ווונטש: ס׳זאָל שוין געשען דער נס! זיי האָבן געזען, אַז נאָר דורך אַ נס קענען נאָך די יאַסער יידן ניצול ווערן.

ביי אונדז אין הויף האָט זיך געפונען אַ גרויסער תבואה־מאַגאַזין, וועלכער איז צופעליק נישט רעקווירירט געוואָרן פאַר דער אַרמיי. געווען איז דאָס אַ סאָלידער האַמבאַר,* געבויט אויף פעסטע יסודות: קרוב צו אַ מעטער טיף אין דער ערד. אין צייטן פון פאַרפלייצונגען האָט דאָס וואַסער געפונען אַ וועג אונטער אים, צוקומענדיק ביז צום באַלקן און אַזוי אַרום איז דער האַמבאַר געבליבן מיט שטענדיק טרוקענע ווענט. מיט דער הסכמה פונעם באַלעבאָס, דער ייד פאַסקאַל, האָט מען באַשלאָסן, אַז אין משך פון טאָג זאָלן די מענער זיין אויסבאַהאַלטן אין האַמבאַר און גלייכצייטיק זאָל מען אויך גראָבן אַן אונטערערדישן טונעל, וואָס זאָל פירן צום גאָרטן פונעם שכנותדיקן הויף, וווּ ס׳האָט געוווינט אַ רומענישער פריץ, וועלכער האָט זיך עוואַקואירט און די שטוב איז געבליבן ליידיק.

גלייכצייטיק זאָל מען גראָבן אויך אַ צווייטן אונטערערדישן טונעל, וואָס זאָל פירן ביז צו דער שטוב פון אַ ייד, וואָס וווינט אין סאַמע עק פון דער ניקאָלינאַ, דאָס הייסט: כמעט אויסער דער שטאָט, ווייל זיין הויף האָט אַן אַרויסגאַנג וואָס פירט צו די נאָענטע וועלדער.

יידן האָבן זיך גענומען גראָבן. און געגראָבן האָט מען אַזוי לאַנג ביז ייפ״אַ האָט פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די געשעענישן אַנטוויקלען זיך אין אַזאַ שנעלן טעמפּ, אַז דאָס גאַנצע גראָבן האָט שוין קיין שום ווערט נישט, בעסער זאָל מען זיך אָרגאַניזירן אין זעלבשוץ.

יידן האָבן אָבער ווייטער געגראָבן.

די קריסטן זענען אַנטלאָפן, ווי געטריבענע פונעם מלאך־המוות. די יאַסער גאַרע האָט נישט באַוויזן אַריינצונעמען אין זיך אַזוי פיל מענטשן, און אַזוי פיל צוגן פאַר דער ציווילער באַפעלקערונג זענען שוין אויך נישט געווען. האָט מען אָנגעהויבן אַוועקצופאָרן אין וועגעלעך.

אַפילו די אָפיציעלע מאַכט־אָרגאַנען האָבן אָנגעהויבן פאַרלאָזן די שטאָט. אַלע אַרכיוון, ווי אויך די ווערטפולע אַנטיק־זאַכן פון די אַלטע היס־

* תבואה־שפייכלער.

טאָרישע קלויסטערס אין יאַס, זענען אַוועקגעפירט געוואָרן און אין שטאָט זענען פאַרבליבן געציילטע באַאַמטע, וועלכע האָבן זיך נישט געוואָלט לאָזן אין וועג אַריין. בעסער בלייבן ביים אייגענעם באַלעבאַטישקייט.

אין אַ ביי נאַכט איז אויך נעלם געוואָרן דער רעקרוטירונגס־אַמט. יידן זענען געגאַנגען אָנקוקן די געביידע אין וועלכער ס'איז געחתמעט געוואָרן דער גזר־דין פון פאַרניכטונג פאַר טויזנטער פון זייערע ברידער. דער בנין וועלכער האָט אַ מאָל אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף יעדן איינעם פון אונדז, איז איצט געשטאַנען אַ פאַרלאָזטער, מיט צעפּראַלטע טירן און פענצטער, מיט אויסגעזעצטע שויבן און אַן אויסזען האָט ער געהאַט ווי איינער פון די טויזנטער בעלי מומים, וועלכע זענען אַוועק פון דאַנען געזונט און שטאַרק, נאָר צוריקגעקומען אינוואַלידן אויפן גאַנצן לעבן.

געלאָפן זענען די רומענער קיין מונטעניע, אין דער באַרגיקער געגנט, מיט דער זיכערקייט, אַז אַהין וועט דער רוס נישט אַריינדרינגען, און מיט אַ באַשלוס אין די הערצער, אַז די „זשידאַנעס" וואָס זענען שולדיק אין דעם גאַנצן אומגליק, וועלן טייער באַצאָלן. מונטעניע איז נישט אַזוי ווייט, אַזוי אַז זיי וועלן נאָך קענען צוריקקומען, ווייל אין די נייע ווינערטער האָט מען זיי געראָטן מיטצובערענגען אַלץ וואָס זיי האָבן אין די שטיבער, טאָמער נישט — וועט עס צוגענומען ווערן פון די „זשידאַנעס" אָדער פון די רוסן.

און אַזוי האָבן זיי טאַקע געטאָן: אָנגעפּילט פולע זעק מיט גראַבעוועט האָב־און־גוטס פון די יידן און אַוועק קיין מונטעניע.

דערפאַר אָבער האָבן באַקומען די אויבערמאַכט אין שטאָט די איבערגע־בליבענע פּאָליציסטן, געוועזענע נאַכט־היטערס אין די אונטערגעסלעך, און מיטן אָפּפאָרן פון דער פירערשאַפט, האָבן זיי זיך מיט אַ מאָל דערזען גאַנצע גענעראַלן. זיי האָבן באַפוילן, געהערשט און געמשפּט די יידן, תמיד מיטן רעוואָלווער אין דער האַנט. איז זיי עמעצער נישט געפעלן, האָבן זיי אים אויפן אָרט דערשאָסן.

יידן האָבן שוין גאָרנישט באַגערט, אויסער איין זאַך: צו הערן וואָס ייפ"אַ זאָגט:

— מוט, ברידערלעך! די רוסן געפינען זיך שוין אין ראַזנאָוואַנוס גיטער און אַהינצו, ווייסט איר דאָך, איז אַ שפּאַציר פון איבער אַ שעה פון דאַנען. דאָס הייסט: אַ שפּאַן וועגס פונעם צלם־געסל. ביי טאָג איז אַ רעש, הערט מען זיי נישט, די רוסן, אָבער ביי נאַכט, הערט איך נאָר גוט צו...

אַזוי קלאָר הערט זיך ס׳קלאַפּן פון זייערע האַרמאַטן, אַז מען קען מיינען אַז דאָס קלאַפּט דער זייגער אויף דער וואַנט.

און אַזוי איז עס טאַקע געווען.

דעם 28סטן מערץ 1944, האָבן מיר שוין קלאָר געהערט ווי די רוסן באַלעבאַטעווען, גלייך זיי וואָלטן געווען די אמתע הערשער איבער דער גאַנצער געגנט.

געווען איז דאָס קרוב צו פּורים און יידן האָבן אָנגעהויבן ווידער גלייבן אין נסים. די איינציקע זאַך וועלכע האָט אונדז געקענט שטאַרקן אין יענע ביטערע טעג, ווען יאַס איז פּאַקטיש געוואָרן אַ מלחמה־פעלד, און מיר, יידן האָבן זיך געפונען צווישן צוויי פייערן; רומענער און דייטשן, וועלכע אַנטלויפן און פאַרניכטן אַלץ אין זייער צוריקצי, און די רוסן וועלכע פּרווון פאַרניכטן אַלץ וואָס געפינט זיך נאָך אין וועג פונעם שונאס צוריקצי.

ביטאָג האָבן די אַליאַרמען פאַרטויבט און ביי נאַכט — די רוסישע האַרמאַטן. ווידער איז אויף יידן אָנגעפאַלן אַ שרעק און אַ סך יידישע משפחות, דער עיקר פון „פּני״, די אָנפירער פון דער שטאָט, האָבן אָנגעהויבן זיך אַריבערפעקלען קיין בוקאַרעשט, פשוט אויס מורא אומצוקומען אין דעם בייזן געראַנגל צווישן די צוויי קעגנער, אויף דער ערד פון יאַס.

אַ סך פון זיי זענען ליידער קיין בוקאַרעשט נישט אָנגעקומען. די רו־סישע באָמבעס האָבן זיי געטראָפן אויך אויסער יאַס, אויפן וועג קיין בו־קאַרעשט.

דאָך זענען אַ סך יידן פאַרבליבן אויפן אָרט. אייניקע — טויטע; אַנדערע — דערוואַרטנדיק דעם טויט. יאַס איז עפּנטלעך דערקלערט געוואָרן אַלס מלחמה־זאָנע. די עטלעכע גאַרנישטן וואָס האָבן אָנגעפירט מיט דער קוועסטור, האָבן אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, לויט וועלכן קיין שום ייד טאָר זיך נישט באַווייזן אין גאַס, אָן אַ ספּעציעלער דערלויבעניש. צוויי מענטשן האָבן נישט געטאָרט גיין צוזאַמען, אָדער רעדן איינער מיטן צווייטן. אויב מ׳וועט געפינען יידן דאַווענען אין די שילן, וועלן זיי אַרעסטירט ווערן און שטרענג באַשטראָפט ווערן.

אויף יעדן טריט און שריט — אונטערזוכונגען. די פּאָליציסטן האָבן געזעוועט, אַז זיי האָבן דיר געלעכטערט די אויערן.

— דאָ טאָר מען נישט שטיין... דאָרט איז פאַרבאָטן צו גיין... יידן זענען געווען דער ציל אויף פּאַר פייערדיקן שפּילצייג פון די צוויי קעמפנדיקע

כוחות. אַפילו די פֿאַרוווּנדעטע מיט די קראַנקן־שוועסטערס האָבן זיך עוואַ־קויִרט און אַז מ׳האָט געבראַכט נייע פֿאַרוווּנדעטע, איז אַרויס אַ באַפֿעל, אַז יידישע יונגע פֿרויען און מיידלעך זאָלן זיך צושטעלן און באַדינען די פֿאַר־וווּנדעטע.

האָט זיך אָנגעהויבן אַ געיעג אויף פֿרויען און מיידלעך. מ׳האָט שוין נישט געוווּסט ווו זיך אויסצובאַהאַלטן. נישט ווילנדיק איז יאַס מיט אַ מאָל געוואָרן די אמתע ״יודנשטאָט״, די שטאָט פֿון די זשידאַנעס. זעלטן האָט מען נאָך געזען אַ קריסט אין די יאַסער גאַסן, אויסער די עטלעכע אויסוווּרפֿן און ציגיינער, וועלכע האָבן זיך אַריינגעכאַפּט אין הייזער פֿון די עוואַקויִרטע פּריצים, מיט דער האָפֿענונג, אַז אויב דער רוס וועט קומען, זאָל מען זיי טרעפֿן אין די הייזער און זיי אָנערקענען אַלס די אמתע באַלעבאַטים.

פּורים איז פֿאַרביי, נאָר דער דערלייזער, די רוסישע אַרמיי, האָט זיך נאָך נישט באַוויזן. באַוויזן האָבן זיך שוואַרצע טעג און ווייסע נעכט. מער פֿון אַלע זענען געווען איינגעשטעלט, מיר, די יידן פֿון די קוואַרטאַלן ניקאָ־לינאַ־סאָקאָלאַ און פּונעם צלם־געסל.

די גאַנצע ניקאָלינאַ איז געווען די איינציקע דורך וועלכער די דייטשן, ווי אויך די רומענער, האָבן נאָך געקענט אַנטלויפֿן ווי מענטשן, דאָס הייסט: אין צוגן. דערפֿאַר האָבן די רוסן געהאַלטן אין איין וואַרפֿן באָמבעס אויף דער בריק איבערן באַכלוי, די איינציקע בריק וואָס האָט פֿאַרבינדן די ניקאָ־לינער גאַנצע מיט די אַרמייִשע טראַנספּאָרטן פֿון אַ טייל פֿון מאָלדאַווע. וועט זיי געלינגען אויפֿצורייסן די בריק, וועט געשאַפֿן ווערן אַן אָפּהאַלט אין צוריקציִ פֿון דער דייטשער אַרמיי און אַזוי אַרום וועלן די אַלייִרטע קענען זיך נוקם זיין אין שונא.

ווי אויף להכעיס איז די בריק געבליבן אומבאַרירט. די טויזנטער אַראָפּגעוואָרפֿענע באָמבעס זענען געפֿאַלן פּונקט דערנעבן, אין וואַסער אַריין, אָדער איבער די שטיבער פֿון דערנעבנדיקע געסלעך, ס׳רוב באַזעצטע פֿון יידן.

מ׳האָט שוין נישט באַדאַרפֿט וואַרטן אויף דער שטילקייט פֿון דער נאַכט, צו דערהערן ס׳קול פֿון די רוסישע האַרמאַטן. זיי האָבן זיך שוין גאַנץ קלאָר דערהערט אויך ביי טאָג. האָסט געהאַט דעם איינדרוק, אַז דאָס איז אַ ריזיקע פֿאַבריק, ווו הונדערטער מאָטאָרן אַרבעטן אָן אַן אויפֿהער.

יעדן אין דער פֿרי האָט יאַס באַקומען אַן אַנדער אויסזען. טראַנספּאָרטן

וואָס זענען נעכטן געשיקט געוואָרן צום פראָנט, זענען איבער נאַכט צוריק־געלאָפן און אין דער פרי איז אין יאַס נישט געווען קיין הויף, קיין געסל אָדער אַ גאָרטן, ווו זיי זענען נישט געשלאָפן ווי געהרגעטע, מידע פון שנעלן צוריקלויפן און וואַרטנדיק אַז זיי זאָלן זיך שוין לאָזן צו דער ניקאָלינער גאָרע, צום אַנטלויפן... נאָר־וואָס האָסטו געזען פולע גאַסן מיט דייטשן און נאָך אַ האַלבער שעה פוסט, וויסט, גלייך יאָרן לאַנג איז דאָ קיין מענטש נישט פאַרבייגעגאַנגען.

די לעצטע טעג האָט מען קיין סאָלדאַט נישט געזען איבער דער גאַס. די שלאַכטן האָבן זיך געפירט נאָר ביי נאַכט. ווי נאָר ס'איז טאָג געוואָרן האָבן די גאַסן אין דער שטילקייט אויסגעזען ווי אַ בית־הקברות. יידן האָבן זיך אַוועקגעלאָזט זוכן עסן פאַר הונגעריקע קינדערלעך און טאָקע נישט איין מאָל האָט געטראָפן אַז ביי נאַכט האָבן די דייטשן, אין גרויס איילעניש, אַוועק־געוואָרפן די פעקלעך מיט שפּייז און יידן האָבן זיי צונויפגענומען און אַהיים געבראַכט.

אַ שרעקלעך בילד אי דאָס געווען: יידן האָבן זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן, צי קיינער פון די טיוולאָנים באַוויזט זיך נישט, שנעל איינגעבויגן זיך און צונויפגענומען וויפל ס'האָט זיך געלאָזט. בעיקר האָט מען געקליבן שטיקלעך צוקער און קערנדלעך פון קאַווע. די לעצטע צייט האָבן די דייטשן געהאַלטן אין איין קייען זשערנעס קאַווע. ייפ״אַ האָט שוין געהאַט מאַטעריאַל אויף צו וויצלען זיך:

— זיי עסן קאַווע ווייל זיי דאַרפן זיין וואַך... ס'איז זיי שוואַרץ אין די אויגן און זיי ווייסן אַליין נישט וווהין צו אַנטלויפן.

יידן האָבן דערווייל נישט אויפגעהערט צו גראָבן אונטערערדישע טונעלן און באַהעלטענישן. אפשר וועט גאָט זיך מרחם זיין און זיי וועלן בלייבן לעבן. מ'האָט געגראָבן און געגראָבן ווי ביי עבודת פּרך אין מצרים, נאָר ווען דער פסח איז געקומען, האָבן יידן געפרעגט גאָר אַנדערע קשיות... דאָס זעלבע פאָלק, אין דעם זעלבן פינצטערן גלות, ווי אין מצרים, דער זעלבער יידישער גאָט, נאָר די קשיות — אַנדערע... יידן האָבן שוין קיין כוח נישט געהאַט, נישט צו גראָבן, נישט צו טראַכטן און נישט צו לעבן. האָט מען געפרעגט די אַלט־נייע קשיה:

— ביז ווען? ביז ווען? ביז ווען?

יידן פון יענער זייט באַכלוי האָבן פשוט מורא געהאַט אַריבערצוגיין די

בריק, טאָמער ווערט זי אויפגעריסן און זיי וועלן שוין פֿאַרבלייבן אויף דער זייט, נישט קענענדיק צוריקגיין צו זייערע היימען און משפּחות. אַזוי אַז יידן פֿון דער זייט זענען געווען פֿולשטענדיק אָפּגעריסן און נישט געוווּסט וואָס עס הערט זיך מיט זייערע משפּחות, טאַטעס, קינדער, ברידער און שוועסטער, וועלכע האָבן געוווינט אויף יענער זייט בריק.

דער פֿרילינג האָט מיטגעבראַכט מיט זיך פֿאַרפֿלייצונגען און געבליבן זענען מיר אָן אַ מעגלעכקייט אַראָפּצוגיין אין בונקער. ייפֿ״אַ האָט סיי ווי מודיע געווען, אַז ס׳איז אַ סכּנה זיך צו געפֿינען אין די בונקערס, וואָס זענען נישט גענוג פֿעסט קעגן די רוסישע אָבוזן און ס׳איז שוין בעסער אַראָפּצוגיין אין די קעלערס.

ס׳איז נישט פֿאַרבײַ קיין סך צייט און די ׳גדולים״ פֿון דער קוועסטור האָבן אָנגעהויבן באַזוכן די קעלערס. אין אַ געוויסן פֿרימאָרגן האָבן מיר זיך אויפֿגעכאַפּט און דערזען ביים אַרײַנגאַנג אין הויף אַן אָפֿיציעלע מעלדונג לויט וועלכער דער קעלער וואָס געפֿינט זיך אונטער אונדזער שטוב איז דערקלערט געוואָרן אַלס „עפֿנטלעך באַהעלטעניש פֿאַרן פֿאָלק״ און פֿאַר־בײַגייער קענען אַרײַנגיין, ווי נאָר זיי וועלן דערהערן אַן אַליאַרם. דאָס הייסט: צום ערשטן וועלן אַרײַנגיין נאָר קריסטן... מ׳איז געקומען פֿון דער קוועסטור אָנקוקן דעם קעלער און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּרשה פֿון בײַע באַפֿעלן: וויפֿל מענטשן קענען אַרײַנגיין און פֿאַר וויפֿל מענטשן איז פֿאַראַן גענוג לופֿט צום אָטעמען, אויב דער באַלקן איז גענוג פֿעסט און וועט זיך נישט צעפֿאַלן איבער די מענטשן בעת אַ באָמבאַרדירונג...

מיט צער און מי האָט מען, ווי עס איז, אײַנגעאָרדנט דעם קעלער און דער באַפֿעל האָט געוואָרנט און געוואָרנט:

— נישט געפֿינען זיך אין גאַס בעת אַליאַרמען!

ייפֿ״א האָט שוין געהאַט אירע צוגעגרייטע פּירושים:

— דאָ רעדט זיך נישט וועגן יידן און אַפֿילו נישט וועגן רומענער... יאָס איז אָנגעדאָפּטשעט מיט שפּיאָנען פֿון אַלע אומות און גיי טרעף אויס צי זיי זענען עס ווירקלעך... ווײַל אָנגעטאָן גייען זיי תּמיד אין דײַטשע מיליטערישע קליידער... רומענישע פּאַטרולן זענען גרויסע גבורים ווען זיי זעען אַ יידן, אָבער פֿאַרן דײַטש האָבן זיי דאָס נײַן־יעריקע קדחת... צווייטנס:

מיר געפינען זיך אין אַ געגנט וואָס איז דער הויפּט־צענטער פון די באַן־אַרבעטער און ווי מעג אַ סאָלדאַט פאַרהאַלטן אַ קריסט, וועלכער וויזט שוואַרץ אויף ווייס, אַז ער אַרבעט ביי די באַן־רעלסן, פאַרן „פאָטערלאַנד" ?... דערפאַר טאַקע איז פאַרבאָטן אַרויסצוגיין איבער די גאַסן, אַז מ׳זאָל נישט זען וואָס דאָרט טוט זיך...

די לעצטע טעג האָבן מיר געהערט ביז אין קעלער אַריין מסוכנע זיפצערייען און געוויינען. דאָס זענען געווען די שווער־פאַרווונדעטע, וועלכע זענען שוין נישט געפירט געוואָרן אין פראַכט־צוגן, נאָר יעדע משפחה האָט געדאַנקט גאָט, אַז זי האָט געטראָפן אַ פשוטן וואָגן איבערצופירן דעם פאַר־ווונדעטן צו דער נאָענטער באַן־סטאַנציע ניקאָלינאָ, און פון דאָרט אים שיקן ווייטער, קיין בוקאַרעשט, אין אַ לאַסט־וואַגאָן, אין אַ בהמה־וואַגאָן, אַבי אים אַרויסצונעמען פונעם פייער־קרייז אין יאַס.

יידישע מיידלעך וואָס האָבן געהאָלפן אין די שפּיטאָלן האָבן דערציילט אַז מ׳האָט די פאַרווונדעטע אַריינגעוואָרפן אין לאַסט־אויטאָס, ווי זעק מיט מעל, איינעם איבערן אַנדערן, און דאָס זענען געווען די געשרייען וואָס האָבן זיך דערטראָגן ביז צו אונדז אין קעלער אַריין.

יידן וואָס זענען גענומען געוואָרן צו צוואַנגס־אַרבעט אין די נאָענטע באַן־סטאַנציעס האָבן דערציילט, אַז דעם גאַנצן טאָג האַלטן זיי אין איין וואַשן דאָס בלוט פון די שווער־פאַרווונדעטע, וועלכע ווערן אָנגעבראַכט.

יידן וואָס זענען אין דער פריי געגאַנגען אַרבעטן אין ערטער וווּ מען האָט זיי געשיקט, האָבן דערציילט, אַז ביים טויער פון די דייטשע מיליטער־שטאַבן האָבן זיי געפונען, ווי תמיד, אַ דייטש, וועלכער האָט „באַוואַכט" דעם אַריינגאַנג. נאָר ווען זיי זענען אַריינגעקומען אין הויף, אָדער אין די גרויסע ברייטע בנינים, האָבן זיי שוין קיין לעבעדיק נפש נישט געטראָפן. איבער נאַכט זענען אַלע גרויסע „העלדן" פון דער אַרמיי אַנטלאָפן, און דער נאַרישעוואַטער דייטש איז נאָך אַלץ געשטאַנען און געהיט, ס׳זאָל הייסן, אַז עס פירט זיך נאָך אַלץ ווי עס דאַרף צו זיין, און אַפילו אונטער דעם האָגל פון באָמבעס פאַרלאָזן נישט די דייטשן די ערטער, וווהין מען האָט זיי געשיקט....

אין דעם דאָזיקן בלוטיקן גראַנגל צווישן לעבן און טויט, האָבן זיך אויך אָפּגעשפּילט קאָמישע סצענעס.

ווי שוין דערמאָנט, האָבן די „אָנפירער" פון דער קוועסטור, געוועזענע

גאַסן־היטערס, באַפוילן, אַז די יידישע בעלי־מלאכות זאָלן עפענען די וואַר־שטאַטן, סוחרים — די קליטן און... אויך די קינאָס... ווייל די דייטשן פאָדערן דאָס!

אין יאַס האָט מען אין גאַס קיין דייטש נישט געזען, און דאָ הייסט מען יידן אַרויסגיין, איינקויפן, גיין אין קינאָ, בכדי נישט צו „סאַבאָטירן די אָנ־שטרענגונגען פון דער מאַכט, צו נאָרמאַליזירן דעם געוויינלעכן לעבנס־גאַנג...״

די טראַמוויען זענען געפאָרן ליידיקע. יידן האָבן מורא געהאַט צו פאָרן אין זיי, מ׳זאָל זיי נישט אַרויסשליידערן אויף דער גאַס. צווייטנס, האָבן זיי נישט פאַרגעסן די מערדערלעכע באַציִונג פון די טראַמוויי־אַרבעטער קעגן די יידן אין „יענעם זונטיק״.

זענען יידן געגאַנגען צופוס קילאָמעטערס, אין שניי און אין קעלט, נאָר מיטן טראַמוויי נישט געפאָרן. איז אַ מאָל געפאָרן אַ קריסט, האָט אים דער וואַטמאַן געפרעגט:

— ביז וואַנען ווילסטו כ׳זאָל דיר געבן אַ בילעט? ביז צום פּראָנט?...

אין איינעם אַ טאָג האָט מען געזען פּלאַקאַטן אויף די ווענט, אַז אַלע יידישע פריזירערס דאַרפן זיך געפינען אין זייערע קליטן, אָנהייבנדיק פון 7 אַ זייגער אין דער פרי.

די דייטשן וועלכע זענען צוריקגעקומען פון די שווערע קאַמפן אין פאַר־לויף פון דער נאַכט, האָבן שוין קיין געדולד נישט געהאַט אַליין זיך אָפּצוראַ־זירן, און דערפאַר האָבן דאָס באַדאַרפט טאָן די יידישע פריזירערס.

געוועזן גאַסן וואָס זענען גאָר ווייניק באַשעדיקט געוואָרן. ווער עס איז דורכגעגאַנגען אַזאַ גאַס, וועט ס׳זענען נישט געוועזן קיין אַליאַרמען און באָמ־באַרדירונגען, האָט בשום אופן נישט געקענט גלייבן, אַז דער פראָנט געפינט זיך נישט ווייטער ווי צוויי קילאָמעטער פון דאַנען.

אין די קעלערס האָבן יידן נישט געהאַט וואָס צו טאָן. האָט מען געמאַכט פּלענער ווי אַזוי זיך אויפצופירן, אין פאַל ווען די כוליגאַנעס וועלן באַפאַלן די יידישע קעלערס און באַהעלטענישן. מיט פּשוטע שטעקנס אין די הענט האָבן יונגע קינדער געמאַכט איבונגען, ווי אַזוי זיך פאַרשטעקן אין אַ ווינקל, ביים אַריינגאַנג אין קעלער, און מיט אַ מאָל דערלאַנגען מיטן שטעקן איבערן קאָפּ פון מערדער, אַז ער זאָל שוין נישט דערלעבן אויפצושטיין. כאָטש דאָס יידישע יינגל האָט גאַנץ גוט געוווסט, אַז פאַר אַזאַ זאַך וועט ער באַצאָלן

מיטן לעבן. פאַרשידענע מעשיות האָט מען דערציילט, אַפילו וועגן קליינע קוואַנטומס געווער וואָס געפינען זיך ערגעץ ווו... גאָר נאָענט... מיט די אויגן דאָס צו זען...

די דייטשן, נאָך דעם ווי זיי זענען אַוועק פונעם שערער, זענען זיי אַריין אין די יידישע געשעפטן, געקויפט אַלץ וואָס זיי האָבן נאָר געטראָפן און באַצאָלט כיד המלך, ווייל פאַלשע רומענישע געלטער האָבן זיי געדרוקט אָן אויפהער און יידן האָבן דערוויל געהאַט מיט וואָס צו באַצאָלן די שטייערן.

וועלנדיק חוזק מאַכן פון יידן זענען די דייטשן אַריין אין יידישע שטי־בער, געוואָרפן שטיקלעך צוקער און געכיכעט פאַר געלעכטער ווען די אויסגעהונגערטע קליינע קינדער האָבן זיך געוואָרפן אויף דער ערד און צו־נויפגעקליבן די שטיקלעך צוקער. גאָר אָפטע אַריינגייערס זענען זיי געוואָרן, ביז אין איינעם אַ טאָג איז דערשינען אַ באַפעל, אַז יידישע פרויען און מיידלעך זענען מחויב צו באַדינען יעדן רומעניש־דייטשן סאָלדאַט און טאָן אַלץ וואָס ער וועט פאַרלאַנגען פון זיי.

יידישע פרויען האָבן אָנגעהויבן וואַשן וועש, פוצן שיך, רייניקן די קליי־דער פון די רוצחים, ביז 4 אַ זייגער נאָך מיטאָג, ווען ווי לויט אַ סיגנאַל, זענען אַלע נעלם געוואָרן און זיך קאָנצענטרירט אין געוויסע פונקטן פון שטאָט, פון וואַנען זיי האָבן זיך „צוגעכאַפט" צום שלאַכטפעלד. קעמפן זענען זיי געגאַנגען אויסגעפוצטע, ראַזירטע, פאַרפומירטע. ווי האָט ייפ"אַ געזאָגט: זיי ווייסן, אַז אין עטלעכע שעה אַרום וועלן שוין די מייז פּיקן די אברים פון זייערע קערפּערס... זאָלן די מייז אויך וויסן, אַז דייטשן זענען ציוויליזירטע מענטשן...

די „סטראַטעגן" פון דער קוועסטור, זעענדיק אַז מיט יעדער שעה ווערט דער פראָנט נענטער, האָבן זיי מודיע געווען, אַז אַלע יידן וואָס זענען פאַרצייכנט אַלס „פאַרדעכטיקטע", ווערן דערקלערט אַלס „אָסטאַטיקער". אויב עס וועט זיך אַרויסווייזן אַז יידן זענען אין עפּעס שולדיק, וועלן די אָסטאַטיקער באַצאָלן מיטן לעבן.

האָבן זיך די טיוולאָנים געלאָזט איבער קעלערס און שטיבער, איבער גאַסן און קלייטן, אַרויסגעשלעפּט אַלע יידן, און דעם 16טן מאַי 1944, איז שוין דער הויף מיט די קעלערס פון דער קוועסטור געווען איבערפולט מיט אַן אַ שיעור „פאַרדעכטיקטע" יידן, ווייל אין זייער טיוולאָנישקייט האָבן

זיי אַרעסטירט ווי נאָר זיי האָבן געטראָפן אַ ייִדן, וואָס האָט נישט באַוויזן זיך אויסצובאַהאַלטן.

אין איינעם אַ טאָג איז מען געקומען נעמען אויך דעם טאַטן. קוים וואָס ער האָט זיך געהאַלטן אויף די פיס. און אַזוי איז ער אַרויסגעשלעפּט געוואָרן פון דער שטוב און אָפּגעפירט געוואָרן אין דער קוועסטור.

צו ווערמען זיך ווענדן איז נישט געווען. די קהילה האָט שוין קיין שום קראַפט נישט געהאַט. איז ווער געקומען אין דער קוועסטור בעטן פאַר עמעצן האָט מען אויך אים תיכף אַרעסטירט, געפייניקט, אַז מ׳האָט מורא געהאַט אַפילו דורכצוגיין די גאַס, ווו די קוועסטור האָט זיך געפונען, ווייל כדי קומען צו די אַרעסטירטע, האָט מען באַדאַרפט אַריבערגיין די בריק איבערן באַכלוי, ווו עס זענען געשטאַנען פאַטרולן און האָבן געשאָסן אויף יעדער ציווילער פערזאָן אונטערן חשד, אַז מ׳וויל זי אויפרייסן.

די לעצטע טעג האָבן די אַלייִרטע געוואָרפן מאַניפעסטן אין וועלכע זיי האָבן אויפגעפאָדערט די ציווילע באַפעלקערונג צו שאַפן אַ פינפטע קאָלאָנע און צוהעלפן, אַז די מלחמה זאָל זיך שנעלער ענדיקן. דאָ האָבן זיך אָנגעהויבן נייע בלבולים:

— נישט עראָפּלאַנען, נאָר ייִדן זענען עס די, וועלכע פאַרשפּרייטן מאַניפעסטן.

האָבן ייִדן געהאַט אַ נייע שטרעבונג, אַ נייעם חלום:

— ווי זעט מען זיך שוין אויף יענער זייט פון באַכלוי? דאָרט געפינען זיך דאָך די אַרעסטירטע ייִדן. ווער ווייסט וויפל פון זיי לעבן נאָך?

און דאָ, אויף דער זייט פונעם טייך, פרוביען און קליינע קינדער אויף דער ערד, עראָפּלאַנען און באָמבעס איבער די קעפּ, און צווישן הימל און ערד, ווי ווייסע קלאָרע פייגעלעך: מאַניפעסטן.

אויס פחד נישט באַשולדיקט צו ווערן, אַז מ׳לייענט אַ מאַניפעסט, האָבן זיך ייִדן אָפּגעשלאָסן אין די שטיבער, פאַרהאָנגען די פענצטער, נישט צו זען ווי כוליגאַנעס שטייען אויסבאַהאַלטן אין הויף און ווילן דערזען אַ ייִד, וואָס באַווייזט זיך אויסער דער שטוב, בעת די מאַניפעסטן געפינען זיך נאָך אויף דער ערד.

זיי, די שליחים פונעם שטן אויף דער ערד, האָבן נישט גענומען אין אַכט, אַז יעדע רגע קענען זיי געטראָפן ווערן פון אַ באָמבע און אומקומען. אַפילו פנים־אל־פנים מיטן טויט, האָבן זיי נישט פאַרגעסן ס׳רציחהדיקייט,

וואָס זיי האָבן דאָס אַפּנים געזויגן אין איינעם מיט דער מאַמעס מילך און אין זיבעץ געהאַט נאָר איין זאַך:

— ווי אַזוי דרייט מען צוריק די צייט, די מלחמה זאָל זיך נישט אַזוי שנעל ענדיקן, אַז זיי, די מלאכי־חבלהניקעס, זאָלן קענען ווייטער אָנגיין מיט זייער פאַרשאָלטענע שפּיל קעגן די יידן.

זונטיק, דעם 5טן יוני 1944, איז מיט אַ מאָל אָנגעפאַלן אַ מרה־שחורה. די לופט האָט אויסגעזעען ווי אַ זידנדיקער קעסל, וואָס אָט־אָט וועט זיך דאָס הייסע וואַסער צעגיסן און אונדז אַלעמען אָפּשרפהן. יעדן איינעם האָט אויסגעפּעלט לופט. ווי מאַריאַנעטן האָט מען זיך אַרומגעדרייט און געפּרווּוט דערגיין די סיבה וואָס האָט אָנגעוואָרפן אַזאַ פּלוצימדיקן פּחד אויף יעדן.

מיט אַ מאָל — ייפ״אַ:

— די רוסן געפינען זיך שוין ביים עק פון שטאָט און די קאַמפן ציִען זיך אויך בייטאָג, און נישט ווי ביז אַהער — נאָר ביי נאַכט.

מ׳האָט נישט באַדאַרפט וואַרטן ביז ייפ״אַ וועט דאָס נייעס מודיע זיין. גאַנצע קאָלאָנעס פון דייטשן מילטער האָבן געהאַלטן אין איין אַראָפּגיין צום עק פון שטאָט, מיט אַלע זייערע שווערע האַרמאַטן, און לויט דער אייליקייט און צעטומלטקייט האָט מען געזען, אַז ס׳איז נישטאָ קיין צייט צו פאַרלירן אַפילו אַ רגע.

די שווערע רוסישע אַרטילעריע האָט געהאַלטן אין איין הודיען. אויפ־ציטערנדיק די ערד און אַלץ וואָס האָט זיך אויף איר געפונען.

ווי משוגעים זענען מיר אַראָפּגעלאָפן אין קעלער, נאָר אויסגעוויזן האָט זיך אונדז אַז אָט־אָט וועט די שטוב זיך צעפאַלן איבער אונדז און מיר זענען צוריקגעלאָפן אין שטוב אַריין. האָבן אָבער די ווענט אַזוי געציטערט, אַז מיר זענען אַרויסגעלאָפן אין הויף ווו ס׳האָט זיך אויסגעוויזן אַז הימל און ערד טרייסלען זיך און מיר צווישן זיי. יעדער איינער האָט זיך אָנגע־האַלטן אין צווייטן און געוואַרט אויפן טויט.

מיר האָבן אַפילו קיין צייט נישט געהאַט צו טראַכטן וועגן די אַרעס־טירטע, וועלכע זענען קאָנצענטרירט געוואָרן אין דער געביידע פון דער רומעניש ער גימנאַזיע „אַלעקסאַנדרו טשעל בון״, ווו ס׳האָט זיך נישט גע־

פונעם אַפילו אַ בונקער, זיי זאָלן זיך קענען אויסבאַהאַלטן פאַר די פאַלנ־דיקע שראַפּנעלן.

לויט אַ ידיעה פון דער ייפ״אַ, זאָל מען האָבן באַפוילן פון דער קוועס־טור, אַז ביי נאַכט מוז מען זיך געפינען אין די קעלערס, אַנדערש וועט מען דערשאָסן ווערן. האָט יעדער מיטגענומען מיט זיך אַ קליין בינטל, און ווי נאָר ס׳איז טונקל געוואָרן, איז מען אַראָפּ אין די קעלערס און געוואַרט אויפן סוף.

מיט אַ מאָל איז שטיל געוואָרן.

נאָך אַ גאַנצן טאָג פון אומאויפהערלעכע באָמבאַרדירונגען און אַלאַר־מען, איז ממש געווען נישט דערטרעגלעך אַזאַ פּלוצימדיקע שטילקייט. ס׳האָט אויפגערעגט. מענטשן זענען פּשוט אין כעס געוואָרן און נישט גע־קענט איבערטראָגן אַזאַ טיפע שטילקייט. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן אָנגע־הויבן צו קריצן מיט די ציין און יעדן איינעם האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אויב די שטילקייט וועט זיך נאָך לאַנג פאַרציִען, וועט ער ממש אַראָפּ פון זינען.

האָט זיך יעדער איינער געטוליעט צו די ווענט פונעם קעלער, ווי מען וואָלט געוואָלט לעבעדיקערהייט אַריין אין דער ערד, אַבי נישט צו געפי־נען זיך אין אָט דער שטילקייט.

מיט אַ מאָל איז ליכטיק געוואָרן אין קעלער ווי אין מיטן העלן טאָג. גע־ווען איז מען זיכער, אַז דאָס דערנעבנדיקע הויז ברענט און די פלאַמען האָבן זיך פאַרשפּרייט ביזן אַריינגאַנג אין קעלער. נאָר ווער? וואָס? איינער האָט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ און געזען אַז אַלע שטיבער שטייען ווי תמיד, און ס׳איז קיין מינדסטער שפּור נישטאָ פון אַ שריפה.

די נייעס־ברענגער האָבן אויסגעפונען:

— ראַקעטן באַלייכטן גאַנץ יפאָ און באַלד נאָך דעם ווערט די שטאָט באָמבאַרדירט שטוב נאָך שטוב, מעטער נאָך מעטער.

ס׳איז געווען אַ נאַכט פון שרעק און פּיין. יעדער איינער האָט גע־וואָלט טויב מאַכן דעם אייגענעם געהער, אַבי ר׳זאָל נישט הערן ווי די האַרמאַטן שיסן און די באָמבעס פאַלן.

ערשט פאַרטאָג, ווען ס׳איז ליכטיק געוואָרן, זענען די עראָפּלאַנען פאַרשוווּנדן און גאַנץ יפאָ האָט געברענט. אָבער יידן, כידוע, זענען אַ פאָלק, וואָס איז דורות לאַנג געגאַנגען צווישן פלאַמען און פייער און דערפאַר איז קיין חידוש נישט, וואָס תיכּף נאָכן ליכטיק ווערן איז מען

שוין געלאָפן זיך דערוויסן און — —שוין אין אַלע קעלערס געוווּסט, אַז אַ סך זייער אַ סך קעלערס זענען פאַרשיט געוואָרן אין די יידישע קוואַרטאַלן און די צאָל פון יידישע קרבנות איז נישט צום ציילן.

איינער פון די דאָזיקע קעלערס האָט זיך געפונען אויף ספּינטו־לאַזאַר גאַס, אונטערן בנין ווו ס׳איז געזעסן דעם פּאַלטיטשענער רבי, ר׳ פּיוּוישל וואַרמאַן. דער רבי מיט דער פרוי זענען געווען אין שפּיטאָל, אָבער אין קעלער פון אונטער זייער שטוב, זענען אומגעקומען צענדליקער נפשות, צווישן זיי אויך זייער יינגסטע טאָכטער, ברכה רחל, מיט איר מאַן ר׳ לייבעלע, פון דער גזע פון ר׳ משה לייב סאַסאָווער.

איז דאָס שוין געווען אין מאָל אַ ר׳ לייבעלע! אַ זיידענע נשמה פון אַ מלאך אין געשטאַלט פון אַ מענטשן.

געווען דער ראש־ישיבת „בית אהרן״ אויף אהרן־וואָדע גאַס. ביז היינט קענען זיינע תלמידים נישט פאַרגעסן די ליכטיקע געדאַנקען וואָס דער כשרער ייד פלעגט אויסדריקן ביים אויסטייטשן די ווערטער פון דער גמרא. אַ הייליקער מענטש. אַ שיינער און אַ קלוגער און מער פון אַלעם: אַן איש אמת. נישט געקענט ליידן קיין ליגן.

אין יענעם קעלער איז אויך אומגעקומען ר׳ יאָסעלע גרינבערג, דער גבאי פונעם פּאַלטיטשענער רבין. געווען אַ ייד אַריבער די שמונים, נאָר פול מיט לעבן און מיט האָפענונג עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל.

ווער האָט נישט געקענט ר׳ יאָסעלען? תמיד אַרומגעטראָגן ביי זיך אַ קושאַן אויף צוויי דונאַם ערד וואָס ר׳האָט געקויפט אויפן כרמל־באַרג, און איינגעוויקלט איז געווען דער קושאַן אין אַ העברעיִשן זשורנאַל „כתובים״, ווו עס איז דערשינען דאָס בילד פונעם גרויסן העברעשן דיכטער אורי צבי גרינבערג, וואָס ר׳ יאָסעלע איז געווען זיין פעטער. מיט שטראַלנדיקע אויגן פלעגט ער יעדן ווייזן די צייטונג מיטן בילד פון זיין ברודערס זון:

— דאָס איז אורילע... אורי צביעלע!... כ׳האָב אים קליינערהייט געהאַלטן אויף מיינע אָרעמס און היינט איז ער אַ גרויסער משורר...

ס׳גאַנצע לעבן אָפּגעלעבט איינזאַם, ווייט פון זיין משפּחה וואָס האָט זיך געפונען ערגעץ אין גאַליציע, געזאַמלט פּרוטה צו פּרוטה ביז ר׳האָט זיך געקויפט די נחלה אויפן כרמל־באַרג און געהאָפט עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. אַצינד איז ר׳ יאָסעלע געלעגן, אַ קדוש צווישן אַלע קדושים,

און אַרום זיין האַלדז — אַ שנירל, צו וועלכן עס איז געווען צוגעבונדן דער קושאַן, איינגעוויקלט אין זשורנאַל „כתובים", מיטן בילד פון אורי צבי.

אין יענעם ביטערן טאָג, זונטיק, ט"ו בסיון (5 יוני 1944), איז אויך אומגעקומען דער פּאָדזוליער רבי, ר' בן־ציון יאַסקאָוויטש. אַ באָמבע איז געפאַלן אויפן קעלער ווו ער האָט זיך געפונען מיט זיין פרוי, צוויי טעכטער מיט אייניקלעך ווי אויך זיינע צוויי זין. אַלע זענען זיי אומגעקו־מען אין יענעם ביטערן טאָג.

ווי נאָר ס'פייער האָט זיך איינגעשטילט, זענען מיר אַרויס איבער די גאַסן. דערפילנדיק אַז אויך זיי זענען אין אַ סכנה, זענען אַלע פּאַטרולן נעלם געוואָרן פון נעבן דער בריק און מיר זענען אַוועק אין דער געביידע פון דער גימנאַזיע, ווו ס'האָבן זיך געפונען די אַרעסטירטע אָסטאַטיקער.

דאָרט האָב איך שוין געטראָפן אַ סך יידן, און דער סאָלדאַט וואָס האָט געהיט (וואָרשיינלעך אַ לינק געשטימטער!), האָט אונדז באַרויִקט זאָגנדיק, אַז די באָמבע וואָס איז געפאַלן אויפן בוידעם פון דער גימנאַזיע האָט נישט אויפגעריסן און אַז אַ פּאַטרול האָט זי פון דאָרט דערווייטערט. ער האָט אונדז אויך געראָטן אַז מיר זאָלן תיכף זיך פונאַנדערגייך, ווייל אונ־דזער אָנוועזנהייט קען זיין אַ סכנה פאַר אונדז, ווי אויך פאַר די אַרעסטירטע.

זעענדיק אַז מיר האָבן צו טאָן מיט אַ האַרציקן מענטשן, האָבן מיר אים געפאָלגט און אַוועקגעגאַנגען, נאָר אַזוי ווי כ'האָב נישט געפילט ווען כ'בין אַוועקגעגאַנגען פון דער היים, אַזוי האָב איך אויך נישט געפילט ווען איך בין צוריק אַהיימגעקומען.

מיט אַ מאָל האָבן זיך גאַנצע משפחות באַוויזן אין אונדזערע געסלעך און געבעטן, נישט קיין ברויט און נישט קיין הילף, נאָר מ'זאָל זיי אויף איבער נאַכט אַריינלאָזן אין די נאָך־געבליבענע קעלערס, ווייל די אויפ־רייסן האָבן חרוב געמאַכט צענדליקער שטיבער מיט די קעלערס אונטער זיי. אַלטע און יונגע, פרויען און קליינע קינדער, ווי נאָר מ'האָט זיך דערזען אין אַ קעלער, האָט מען זיך דערמאָנט, אַז מיט עטלעכע שעה צו־ריק האָט זיך באַקומען פונעם בית־הקברות אַ צעטעלע, אַז ס'האָבן זיך באַקומען פונעם קעלער אויף ספינטו־לאַזאַר־גאַס, אַזוי פיל „פּאַקעטן". פון אַ קעלער אויף אַן אַנדער גאַס — אַזוי פיל „פּאַקעטן"... און געוווּסט האָט

מען אַ אַ „פּאַקעט" האָט געהייסן אַ מת אין אַ קאַסטן, אָדער פאַרוויקלט אין אַ ליילעך...

ווער האָט דען געקענט גיין צו דער לוויה? געציילטע מענטשן האָבן זיך איינגעשטעלט דאָס לעבן און אויף וועגעלעך אַרויסגעפירט די „פּאַקעטן" צום בית־הקברות אויפן פּעקוראַר,* ווו ס'האָט שוין געוואַרט אויף זיי אַ מאַסן־קבר, די אייביקע רו...

ערשט דאָ, אין קעלער, האָט מען זיך דערמאָנט, אַז מ'האָט זיך נאָך נישט געזעצט שבעה. און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שבעה־זיצן, אַ קריעה־רייסן, אַ קדיש־זאָגן... קליינע קינדער האָבן נאָכגעזאָגט די אַלטע יידן די הייליקע ווערטער:

— יתגדל ויתקדש...

איבערן קעלער האָבן געשוועבט נשמות פון קדושים, ווי זיי וואָלטן געקומען איינהערן זיך ווי מען זאָגט נאָך זיי קדיש...

אָבער אויף דעם תענוג פון שבעה־זיצן נאָך זיי, האָט מען די טויטע נישט פאַרגינען. תיכף האָבן אָנגעהויבן אַריינצוקומען אין קעלער אַריין אויך קריסטן און אָנשטאָט 150 מענטשן, האָבן זיך צונויפגעטוליעט 300 מענטשן.

מען האָט זיך נישט געקענט באַפרייען פון דעם נישט־אָנגענעמען געפיל, אַז דאָ, אין קעלער, ווו ס'זענען נאָר־וואָס געווען נשמות פון הייליקע, שטייען אויך די מערדערס זייערע, די רוצחים, אָדער די טאַטעס פון די רוצחים, וועלכע האָבן זייערע קינדער אויפגעצויגן מיט שנאה צו יידן.

נאָר יידן האָבן געמוזט שווייגן! אַזוי שווייגן, אַז אַפילו קיין קרעכץ האָט מען נישט געטאָרט הערן, אויס מורא פאַר די קריסטן, דערפאַר וואָס מ'יר באַוויינען אונדזערע טייערע טויטע אין זייער קעגנוואַרט. איז מען געשטאַנען און געשוויגן.

נישט קענענדיק אַרויסרעדן אַ וואָרט, האָט מען צייט געהאַט אַ טראַכט צו טאָן אויך וועגן די אַסטאַטיקער. אַ טייל פון זייערע משפחות האָבן מצליח געווען צו ברענגען זיי עפּעס עסן, נאָר די סאָלדאַטן האָבן דאָס

---

* דער קוואַרטאַל ווו ס'געפונט זיך דער בית הקברות אין יאַס.

איבערגענומען, פאַרזיכערנדיק, אַז דאָס וועט תיכף איבערגעגעבן ווערן... דערווייל האָבן די סאָלדאַטן אַליין אויך „פאַרזוכט" פון דעם געבראַכטן עסן.

די אומגליקלעכע זענען געשטאַנען ביי די פענצטער און צוגעזען ווי ער־אָפּלאַנען פירן מלחמה אין דער לופט, און איבער די גאַסן אַרום דער גימנאַזיע פירט מען שווער־פאַרווונדעטע אין אָפענע וועגעלעך, ס׳בלוט רינט פון זיי... און דאָס איז געווען פאַר זיי די בעסטע אינפאָרמאַציע ווי עס האַלט מיט די דייטשן אויפן פראָנט, אַ האַלבע שעה מהלך פון זיי.

די וואַך אַרום דער גימנאַזיע איז פאַרשטאַרקט געוואָרן און די אַרעס־טירטע יידן האָבן אַליין געלאַכט פון דער גרויסער חשיבות וואָס מען טיילט זיי צו... און די סאָלדאַטן — ווי אַ מאָל... איינער האָט זיי געהייסן אוועקגיין פון די פענצטער, זיי זאָלן נישט געבן קיין סימנים דעם שונא... אַ צווייטער האָט מורא געהאַט פאַרן אייגענעם לעבן און זיך פאַרשטעקט ערגעץ אין אַ גרוב, צי אונטער אַ בוים... און יידן נעבן די אָפענע פענצטער האָבן געזען ווי אין דרויסן איז פרילינג און טויט...

אַ גאַנצע נאַכט זענען מיר געשטאַנען און געשוויגן. יידן האָבן שוין זייערע אָריגינעלע המצאות: האָט מען נישט געקענט רעדן, האָט מען געטרוימט. אַזוי, ביז ס׳איז טאָג געוואָרן. מ׳האָט אָנגעהויבן פרייער אָפּ־צואָטעמען און די קריסטן האָבן אונדז מודיע געווען, אַז צוליב דער שווערער שטימונג וואָס הערשט אין אונדזער קעלער, וועלן זיי שוין גיין נעכטיקן אין אַ מער באַקוועמערן קעלער, פון וועלכן זיי וועלן אַרויס־טרייבן אַלע זשידאַנעס... מיט די זשידאַנעס איז נישט צו לעבן... עפּעס שוייגן זיי אַזוי, אַז ס׳באַפאַלט אַ פחד...

און אַזוי ווי מ׳האָט געלעבט, אַזוי האָט מען טאַקע אויסגעזען. נישט דערעסן , נישט אַרומגעוואַשן, נישט דערשלאָפן און נישט געאַרבעט. מ׳האָט מער געשלעפּט זיך ווי געגאַנגען. זעלטן ווען עמעצער האָט זיך נאָך געקענט האַלטן אויף די פיס. אַלע האָבן געפילט אַ באַדערפעניש צו זיצן, צו שלאָפן, איינער דעם אַנדערן האָט געוועקט ווי פון אַ חלשות. מאַמעס האָבן געטרייסלט די קליינע קינדער, וואָס האָבן פאַרוואָרפן די קעפּלעך, צוזאָגנדיק זיי גאָלדענע בערג, אויסגעטראַכטע זאַכן, אויב זיי וועלן זיין שטיל און נישט איינשלאָפן.

זענען די קינדער געשטאַנען אָדער געזעסן אויף די קני, גלעטנדיק

ס׳פּנים אָדער די באַקן פון דער מאַמען, אָדער פון אַן איינגעבויגענער צע־בראָכענער באבע.

יעדן טאָג האָב איך געמוזט גיין און טראָגן צו לענוצאַן די צוויי ברויט, ווייל נאָר אַזוי האָבן מיר באַקומען דעם רעשט פון די אַנדערע דריי ברויט, וועלכע זענען צעטיילט געוואָרן צווישן אַלע „איינוווינער" פונעם קעלער. יעדער האָט שוין פאַרויס געוווּסט, וויפל בערך פונעם ברויט וועט אויס־פאַלן אויף זיין חלק, בעיקר האָבן אַרויסגעקוקט אויף דעם די קליינע קינדערלעך, ווי אויף משיחן, ווייל פון דער „אייגענער" ראַציע האָבן זיי געקענט כּוח האָבן נאָר אויף צו שלאָפן... אָבער דער חסד, אויף וויפל ער איז נישט געווען גרויס, האָט ער דאָך געשפּייזט פיר מאָל אין דער וואָך, ווייל נאָר פיר מאָל אין דער וואָך האָט די ציוויל־באַפעלקערונג באַקו־מען ברויט, און מיר ייִדן, נאָר ווען ס׳איז נאָך עפּעס פאַרבליבן.

דער בילעט פאַר פרייער צירקולאַציע, וואָס כ׳האָב באַקומען פון שו־ווייען, כדי כ׳זאָל אים אַלע טאָג קענען אַהיימברענגען דאָס ברויט, האָט מיר דערמעגלעכט אַריבערצוגיין די 10 מעטער בריק און מיך זען אויף „יענער זייט" וועלט, אין אַנדערן יאַס, דאָרט ווו דער טאַטע מיט אַלע אַנדערע „פאַרדעכטיקטע" זענען געווען אַרעסטירט. צוריקגייענדיק פון לענוצאַן, האָב איך שוין אין איין וועגס געכאַפּט אַ קוק פון דער ווייטנס, וואָס ס׳הערט זיך אין בנין פון דער גימנאַזיע. יעדן טאָג פאַרשטאַרקט זיך די וואַך, גלייך די אָסטאַטיקער האָבן בדעה אַרויס פונעם בנין און אָנהייבן אַן אָפענסיווע קעגן דער רומעניש־דייטשער אַרמיי. כ׳ווייס נישט אויב מסוכנע מערדער זענען אַזוי שטרענג באַוואַכט געוואָרן, ווי די אומגליקלעכע ייִדן, צווישן וועלכע אַ סך האָבן אַפילו קיין כּוח נישט געהאַט אַ וואָרט אַרויסצורעדן.

איין מאָל, צוקומענדיק צו דער בריק, האָט מיך אַ סאָלדאַט פאַרהאַלטן, און אַפילו נאָך דעם וואָס כ׳האָב אים געוויזן דעם בילעט, אַז כ׳מעג אַרי־בערגיין די בריק, האָט ער מיר געזאָגט, אַז פאַר ציוויל־מענטשן איז דער אַריבערגאַנג פאַרבאָטן. ר׳האָט מיך געהייסן גיין רעכטס, און אַראָפּגייענדיק דעם ברעג, ביז צום וואַסער, האָב איך באַמערקט אַן אימפּראָוויזירט בריקל פון עטלעכע ברעטער, וועלכע זענען מער געשווימען ווי געלעגן איבערן וואַסער.

גייענדיק־שווימענדיק איבער די ברעטער, האָב איך געדאַנקט גאָט, אַז כ׳האָב זיך שוין געזען אויף „יענער" זייט.

אַרויפגייענדיק פונעם וואַסער צום ברעג, האָב איך מיט אַ מאָל דערזען פאַר זיך גאָר אַן אַנדערע וועלט: פולע גאַסן מיט מיליטער, מאַ־שינען, האַרמאַטן, און צווישן דעם אַלעם האָט מען זיך באַדאַרפט דורכ־שטופן, ביז כ׳האָב געזען זיך ביי לענוצאַן. אייניקע גאַסן זענען געווען אוממעגלעך אַדורכצוגיין, אַנדערע זענען געווען פוסטע, אַרויסרופנדיק שרעק. כ׳האָב שוין געדאַנקט גאָט ווען כ׳האָב זיך דערזען ביי לענוצאַן אין שטוב, ווו זי האָט תיכף דערקענט מיין אומרויִקייט און דערלאַנגט מיר אַ ביסל וואַסער, מיך צו דערמונטערן.

זייענדיק מער טויט ווי לעבעדיק, האָב איך איר געזאָגט, אַז מיט דער ריזיקע צו פאַרלירן די דריי ברויט, וועלכע דערהאַלטן אונדז ממש ביים לעבן, מוז איך אויפהערן צו ברענגען די צוויי ברויט, ווייל ס׳איז אַ סכנה דורכצוגיין די גאַס, און כ׳האָב שוין פשוט קיין כוח נישט.

און עס איז קיין ווּנדער נישט געווען. די בריק איבערן באַכלוי איז געווען ווי אַ מעסער וואָס האָט איבערגעשניטן יידישע הערצער אין צווייען. פון ביידע זייטן — יידן, מיטגלידער פון דער זעלבער משפחה, און דאָ קען איינער דעם צווייטן נישט זען און נישט האָבן אַפילו די מינדסטע ידיעה וואָס ביים צווייטן הערט זיך.

ביז כ׳בין דערגאַנגען צו לענוצאַן זענען געווען עטלעכע אַליאַרמען און כ׳האָב זיך געוואָרפן אין אַלע גריבער וואָס כ׳האָב אָנגעטראָפן אין וועג. כ׳האָב זיי שוין געקענט אויף אויסנווייניק און אויך געקענט די יידן וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין זיי בשעת די אַליאַרמען. געקענט די יידן, אַלע זייערע צ ו ר ו ת און אַלע זייערע צ ר ו ת, ווי אויך די קרובים זייערע, צו וועלכע — און פון וועלכע — כ׳האָב געפירט גרוסן, אַז זיי לעבן נאָך. נישט איין מאָל האָט געטראָפן, אַז ליגנדיק אין אַ גרוב האָב איך פאַרגעסן ווו איך געפין זיך און נאָר אַן אויפרייס אין דער נאָענטער געגנט האָט מיך אַרויסגעריסן פון חלום, אַזוי אַז ביים אַרויסגיין פון גרוב האָב איך געמיינט אַז איך געהער צו אַן אַנדער וועלט.

דערפאַר בין איך צו לענוצאַן אין שטוב מער אַריינגעקראָכן ווי אַריינ־געגאַנגען. כ׳בין אַנידערגעפאַלן אויף אַ בענקל און געשוויגן. זי האָט פאַרשטאַנען מיין שווייגן, נאָר באַמערקט האָב איך, אַז די אויגן אירע זענען עפעס טרויעריקער ווי תמיד און כ׳האָב תיכף פאַרשטאַנען אַז ס׳האָט עפעס פאַסירט.

ווי אַ גוטע פריינדין, האָט זי מיר דערלאַנגט עטלעכע וואַלעריאַן־טראָפּנס און נאָך דעם ווי כ׳בין געקומען צו זיך, האָט זי מיר אָנגעהויבן דערציילן די נייעסן.

ס׳איז אַרויס אַ פאַראָרדענונג לויט וועלכער ביזן 15טן יוני 1944, דאַרפן אַלע קאָמיסאַריאַטן זיין גרייט צו פאַרלאָזן די שטאָט. דער פראָנט איז לטובת די רוסן און מיר אַליין ווייסן נישט אויף וויפל זיי געפינען זיך שוין נעבן יאַס.

צוויי זשאַנדאַרן פון אַ נאָענטן דאָרף איז געלונגען זיך דורכצורייסן דורך די פראָנט־ליניעס און קומענדיק אין דער קוועסטור, האָבן זיי איבער־געגעבן אַלע פּרטים וועגן דעם וואָס עס טוט זיך אָפּ אין אַלע ערטער, וואָס זענען פאַרנומען דורך די רוסן.

אינעם גוט * פון ביוואָלאַרער פּריץ אַלעקסיוק, געפינט זיך דער רוסישער קאָמאַנדאַמענט, אין זיין שפּיץ — אַ רויטע יידישקע,** וואָס רעדט אַ גוטן רומעניש און פירט אָן מיט דער אַרמיי. די רוסן טוען קיין שלעכטס נישט דער באַפעלקערונג. די פויערים בלייבן ווייטער זיצן אין זייערע שטיבער, און נאָר אין די הייף זעט מען יינגלעך מיט מיידלעך, וואָס פאַרנעמען פּאָסטנס אין דער אַרמיי פּונקט ווי די מענער...

ווען די רוסן האָבן זיך דערנענטערט, האָט דער פּריץ אַלעקסיוק צו־נויפגערופן אַלע גרייז־גרויע פויערים און זיי געזאָגט, אַז מ׳וועט טאָן מיט חכמה אויב מ׳וועט אָקעגנגיין דעם ערשטן רוסישן פּאַטרול און זיך אונ־טערגעבן. מ׳האָט געגומען ווייסע העמדער און אויפהענגענדיק זיי אויף סערפּן, האָבן זיך די אַלטע, אין שפּיץ מיטן פּריץ, געלאָזט צום פּרוט. אַלעקסיוק האָט געטראָגן אַ טאַץ מיט ברויט און זאַלץ און אַ דאַנק דעם קלוגן געדאַנק פון די אַלטע, זענען אַלע דערפער פון דער געגנט געגומען געוואָרן אונטערן שוץ פון דער רוסישער אַרמיי און ס׳איז קיינעם קיין שלעכטס נישט געשען.

נאָך מער: די רוסן ווייזן אַרויס פיל פריינדשאַפט דער אָרטיקער באַ־פעלקערונג.

די זשאַנדאַרן האָבן אויך איבערגעגעבן, אַז צווישן דער אַרמיי געפינען

---

* אין שיפּאָטע־אַנדרישען (סטינקאַ ראָזנאָוואַנו).

** אַננאַ פּאַוקער.

זיך זייער אַ סך יידן, וואָס זענען פאַרשיקט געווען אין די אַרבעטס־לאַגערן קיין בעסאַראַביע און אַצינד קומען זיי צוריק אַהיים צוזאַמען מיט די רוסישע טרופּן. אַפילו די 800 יידן, וואָס האָבן געאַרבעט אין פאַרשאָלטענעם לאַגער פון גידיגיטש, נעבן קישעניעוו, צווישן שטעכלדראָטן, זענען אַלע באַפרייט געוואָרן און קומען צוריק מיט די רוסישע טרופּן. ווען רוסישע סאָלדאַטן האָבן זיך דערנענטערט צום לאַגער און דערזען שטעכלדראָט, זענען זיי געווען זיכער, אַז דאָ האָבן זיי צו טאָן מיט אַ דייטשן באַטאַליאָן. דערזעענ־דיק אָבער דעם הילוך פון די באַשעפענישן, וואָס געפינען זיך הינטער די דראָטן, האָט איין סאָלדאַט זיך דערנענטערט מיט אַן אָנגעלאָדענער ביקס און געפרעגט:

— נימעצקי?...

ווען ר'האָט געהערט דעם ענטפער: יעווריעסקי!... האָט מען זיי באַפרייט און זיי מיטגענומען מיט זיך אין די מיליטערישע אויטאָס.

די זשאַנדאַרן אַליין האָבן געערדט מיט אַ סך יידן וועלכע האָבן דער־ציילט, אַז זייערע משפחות אין דער היים מיינען, אַז זיי זענען טויט, נאָר הונדערטער פון זיי לעבן נאָך און זענען דאָלמעטשערס צווישן די רוסן און דער אָרטיקער רומענישער באַפעלקערונג. די רוסן האַלטן אין איין גיין פאָרויס, נאָר ווו זיי וועלן זיך פאַרהאַלטן וויסט קיינער נישט.

דערפאַר האָט מען באַשלאָסן, אַז די משפחות פון די אָנגעשטעלטע אין די מלוכה־אַנשטאַלטן זאָלן פאַרלאָזן די שטאָט. זי, לענוצאַ, מיט די קינ־דער, פאָרן מאָרגן אַוועק קיין מונטעניע, נאָר איר מאַן בלייבט נאָך איבער אין שטאָט, ביז נייע באַפעלן. דערפאַר זאָל איך שוין נישט ברענגען די צווייי ברויט אַהיים, צו איר. איר מאַן וועט יעדן טאָג שיקן אַ געהיים־אַגענט, ר'זאָל ביי מיר נעמען די צוויי ברויט און אין טאָג ווען דער געהיים־אַגענט וועט אויפהערן קומען, וועט זיין אַ סימן, אַז אויך שוויי האָט פאַרלאָזט די שטאָט.

פאַרשטייט זיך, אַז נאָר מיט טרערן און מיט אַ געוויין האָב איך גע־קענט דאַנקען לענוצאַן פאַר איר מענטשלעכער אויפפירונג כלפּי אונדז, ווי אויך פאַר די טובות וואָס איר מאַן, דער קאָמיסאַר שוויי, האָט געטאָן פאַר אונדז און פאַר זייער אַ סך אַנדערע יידן. כ'האָב איר פונעם גאַנצן האַרץ געווונטשן אַ גליקלעכע רייזע און אַז זי זאָל קיין מאָל פון קיין יסורים נישט וויסן.

אַרויסגייענדיק פון איר שטוב, בין איך תיכף אַוועק צו די „אָסטאָטי־קער". פון דער וויטנס האָב איך געמיינט, אַז איך בלאָנדזשע, ווייל פאַר מיינע אויגן האָט זיך צעגאָסן עפּעס שיינענדיקס, וואָס איז געוואָרן אַלע מאָל שאַרפער און שטעכעדיקער, וואָס מער כ'האָב זיך דערנענטערט אַהין. צוקומענדיק נעענטער צום בנין פון דער גימנאַזיע, האָב איך באַמערקט, אַז די וואַך, נישט נאָר וואָס זי האָט זיך פאַרמערט, נאָר זי שטייט דאָס מאָל מיט אָנגעשפּיזטע ביקסן, גרייט צו וואַרפן זיך אויף יעדן איינעם וואָס וועט וואַגן צו באַפרייען די אַרעסטירטע...

כ'האָב שוין פאַרשטאַנען, אַז איך טאָר זיך נישט דערנענטערן, ווייל ס'איז אַ סכנה. האָב איך מיך געמאַכט, אַז איך גיי סתם פאַרביי דעם פּלאַץ, נישט וואַגנדיק אַפילו אַ קוק צו טאָן אין די פענצטער. סיי ווי האָבן זיי מיך שוין נישט געקענט זען און איך זיי — אויך נישט. שטילער־הייט האָב איך אָבער יאָ גערעדט צו זיי. טרערן האָבן געשטיקט. געוווּסט האָב איך, אַז מער וועל איך שוין די בריק נישט אַריבערגיין, ווייל לענוצאַ פאַרט אָפּ און כ'האָב שוין נישט די מעגלעכקייט דאָ פאַרבייצוגיין, כאָטש פאַרבייגיין און זען די ווענט אונטער וועלכע דער טאַטע מיט אַנדערע ערובניקעס געפינען זיך. כ'האָב געהאַט דעם איינדרוק אַז דאָס איז דאָס לעצטע מאָל וואָס איך זע דעם בנין ווו ס'געפינען זיך אונדזערע טייערע, און ווער ווייסט וואָס מיט זיי קען געשען.

אַזוי אַרום האָב איך זיך געזעגנט מיט זיי און גענומען לויפן, זיך צו זען וואָס גיכער אין דער היים.

מיט נסים בין איך בשלום אַריבערגעגאַנגען די צוויי שווימענדיקע ברעטער פונעם אימפּראָוויזירטן בריקל איבערן באַכלוי. קומענדיק אַהיים האָב איך איבערגעגעבן די נייעסן וואָס לענוצאַ האָט מיר דערציילט.

ס'האָט נישט געדויערט אַ האַלבע שעה און מיר לויפן שוין ווידער אין קעלער. אַן אַליאַרם. כ'בין נאָך נישט גוט אַריינגעגאַנגען אין קעלער און ייפּ"אַ האָט מיר דערלאַנגט אין פּנים אַריין די לעצטע פריש־געבאַקענע ידיעות, וועלכע מ'האָט נאָר־וואָס געמעלדעט אין לאָנדאָנער ראַדיאָ.

— אין דער רוסישער אַרמיי זענען די אָנפירערס נאָר פרויען. בעיקר — יונגע מיידלעך. דער פּריץ אַלעקסיוק איז איינער פון די וויכטיקע יועצים פון דער רוסישער אַרמיי, וואָס מאַכט נישט קיין טריט, איידער מען באַראָט זיך מיט אים...

ערשט דאָ האָב איך זיך געכאַפּט, אַז דאָס איז נישט מער ווי אַ פּאַר־קריפּלטע און פאַלשע אויסטייטשונג פון דעם וואָס איך האָב דערציילט, נאָר ייפ״אַ האָט זיי איבערגעגעבן ווי אַזוי זי האָט זיי „געהערט״ אין לאָנדאָנער ראַדיאָ...

אַזוי אַרום האָב איך זיך איבערצייגט אין דער פּינקטלעכקייט פון די ייפ״אַ־ידיעות. נאָר קיין סך צייט האָב איך דערפון נישט געקענט טראַכטן, ווייל אויפרייסן האָבן זיך צעדונערט און מיר זענען געווען זיכער, אַז פונעם קעלער וועלן מיר שוין קיין לעבעדיקע נישט אַרויס.

מיט עטלעכע שעה שפּעטער, ווען מ׳האָט שוין געקענט אַרויסגיין, איז יעדער איינער געווען ווי משוגע. אַרומקוקנדיק זיך, האָסטו געזען רויך, פייער און בלוט, און געהערט די געוויינען פון אַרויסגייענדיקע פונעם קעלער, וואָס האָבן אַצינד באַמערקט, אַז זייער ביסל אָרעמקייט איז אַוועק מיטן פייער און פון זייערע שטיבער זענען געבליבן הויפנס אַש.

דאָס האָבן די רוסן, צוזאַמען מיט דער ענגלישער אַוויאַציע געצילט אין דער דייטשער אַרמיי, וועלכע האָט געשאַפן אירע לעצטע פּאַרטיי־דיקונגס־ליניעס אויףביידע זייטן פונעם באַכלוי. ייפ״אַ האָט אוספּייעט צו כאַפּן אַ קוק אויף דער געגנט און תיכף מודיע געווען, אַז רחל מיט משה פינקלשטיין האָבן גאָר געהויבענע געסט: דער דייטשער קאָמאַנדאַמענט האָט זיך אינסטאַלירט אין זייער וווינונג און לענגאויס די גאַסן גראָבט מען גריבער און טראַנשעען ווייל ווי עס ווייזט זיך אַרויס, וועט יאָס זיין דער לעצטער פּאַרטיידיקונגס־פּונקט פון די דייטשן.

איבערן פלויט האָט מען געקענט זען ווי עס זענען צעהאַנגען די טעלע־פאָן־דראָטן און די דייטשן זענען שוין אַזוי פאַרנומען געווען מיט זיך, אַז זיי האָבן אַפילו נישט באַמערקט, אַז ממש הינטער זייערע פלייצעס דרייען זיך יידן און הערן יעדעס וואָרט.

יעדן איז קלאָר געוואָרן, אַז אַריינגייענדיק אין קעלער מעג מען זיך שוין געזעגענען מיט דער זון, מיטן הימל און מיטן לעבן אויך, ווייל מיר האָבן זיך געפונען אין סאַמע צענטער פונעם שלאַכטפעלד.

אַריבערגיין די בריק איז געווען שטרענג פאַרבאָטן פאַר דער ציוויל־באַפעלקערונג און דאָס האָט געהייסן זיין אָפּגעריסן פון די ערובניקעס און נישט וויסן אַפילו אויב זיי לעבן נאָך. נאָר אין דער צייט וואָס מיר האָבן אין קעלער איבערגעקלערט וואָס מיט זיי פּאַסירט, האָט זיך באַוויזן

אַ קאָמיסאַר פון דער קוועסטור, און געגעבן יעדן איינעם פון זיי אַ צעטל, אַז ער איז פריי און אַז ער מעג אַהיים גיין.

אָבער ווי אַזוי גייט מען? און וווּהין זאָל מען גיין? יאָס איז דאָך אַ שלאַכטפעלד און דער ערשטער סאָלדאַט וואָס וועט זיי דערזען, וועט זיי דערשיסן.

דער קאָמיסאַר אַליין האָט זיי געראָטן זיי זאָלן בלייבן ביי זייערע באַקאַנטע אויף דער זייט פון באַכלוי. יענע עטלעכע מענטשן וואָס האָבן דאָ קיין שום באַקאַנטן נישט געהאַט, האָט ער פאַרגעלייגט, אַז ער אַליין וועט זיי אַריבערפירן דעם באַכלוי.

און אַזוי האָט ער טאַקע געטאָן. אויסגעקליבן אַ פּלאַץ, ווו דאָס וואַסער פונעם טייך איז נישט אַזוי טיף, האָט ער אַריבערגעפירט די עטלעכע יידן, ווייזנדיק זיי הינטערגעסלעך, דורך וועלכע זיי זאָלן אַהיים קריכן.

געגאַנגען זענען זיי צווישן טאַנקן און האַרמאַטן, צווישן רומענער און דייטשן, פּאַכענדיק מיט די בילעטן אין די הענט, און נאָר דורך נסים האָבן זיי זיך דערזען נאָענט צו זייערע היימען און אַזוי איז אויך דער טאַטע אַריינגעקראָכן אין קעלער. צום ערשטן האָב איך אים נישט דערקענט. געווען איז ער באָרוועס, האַלב נאַקעט און נאַס. ווייזט אויס, אַז אויס מורא פאַר אויפרייסן האָבן זיי איבערגעלאָזט די קליידער אויף יענער זייט טייך, ווען זיי זענען אַריינגעגאַנגען אין וואַסער און אין פּחד פונעם איבערגעלעבטן, האָבן זיי נישט געוווּסט וואָס מיט זיי טוט זיך.

זיי האָבן אַליין נישט געוווּסט ווי אַזוי זיי האָבן בכלל אָנגעטראָפן אַהיים. דער טאַטע האָט די גאַנצע צייט געהאַלטן דעם באַפרייונגס־צעטל איינגעקלעמט און דאָס נישט אַרויסגעלאָזט פון דער האַנט, אַפילו ווען ר׳האָט איינגעדרימלט.

ר׳האָט בשום אופן נישט געוואָלט זיך שיידן פון דעם צעטל. ווען ר׳האָט זיך געוואַשן די הענט צום דאַווענען, האָט ער דאָס צעטל געהאַלטן צווישן די ציין ביז ער האָט עס ווידער פאַרקלעמט אין דער האַנט. ס׳צעטל איז געווען פאַר אים דער איינציקער באַווייז, אַז ער לעבט און דער עיקר: ער איז פריי!

אַלע האָבן מיר באַקומען אויף די פּנימער אַ פאַרב וואָס איז געווען ענלעך צו דער ערד. מ׳האָט דעם אמתן אויסזען נישט געקענט אויסבאַ־

האַלטן, און וויפל מיר האָבן אַליין געוואָלט זיך שטאַרקן און דערמוטיקן, האָבן מיר נישט געקענט.

מענטשן זענען געפאַלן פון די פיס. שטענדיק האָט יעדער איינער באַדאַרפט דערמונטערן אַ צווייטן, וואָס איז געפאַלן אין חלשות. אויטאָ־מאַטיש האָט שוין יעדער איינער געכאַפט אַ קוק אויפן צווייטן, צו זען אויב ער איז זיצנדיקערהייט נישט אַנטשלאָפן געוואָרן אויף אייביק. ס'איז געווען אַ מין שטילער קאַמף צווישן לעבן און טויט, וואָס האָט זיך געפירט, דווקא ערב דער באַפרייונג. יעדער האָט געהאַט איין בקשה:

ר'זאָל כוח האָבן דאָס איבערצוטראָגן און זוכה זיין צו זען ווי די פעלקער משפטן און פאַראורטיילן די רוצחים, פאַר אַלע זייערע פאַרברעכנס, וואָס זיי זענען באַגאַנגען קעגן אונדז.

דער פאַקט, וואָס דער טאַטע איז געווען צוזאַמען מיט אונדז, האָט אונדז געגעבן מוט. ר'האָט נישט אויפגעהערט צו דערציילן, וואָס ס'איז אים און אַנדערע ערובניקעס באַשערט געווען צו זען איבער די גאַסן פון יאַס, אין די עטלעכע שעה ווען ער איז געקראָכן פון דער גימנאַזיע אַהיים. ממש נישט נאָכצודערציילן: אַ מין ווירבל וואָס וויל אַלץ און אַלעמען איינשלינגען. זיי האָבן געמיינט אַז פאַר זייערע אויגן רולירט אַ פילם. זיי האָבן געהאַלטן אין איין רייבן די אויגן, כדי זיך איבערצוצייגן אַז זיי שלאָפן נישט און חלומען נישט, נאָר אַלץ וואָס זיי זען איז די אמתעווירקלעכקייט.

געווען איז דאָס סוף יולי 1944.

דער געהיים־אַגענט וואָס פלעגט קומען נעמען די צוויי ברויט פאַר שוויי, איז שוין זינט עטלעכע טעג נישט געקומען. הייסט עס, אַז אויך שוויי האָט שוין פאַרלאָזט די שטאָט. ס'איז געווען אַ שרעקלעך־הייסער טאָג. די זון האָט ממש געבראָטן.

נעבן דעם אַריינגאַנג אין קעלער זענען עטלעכע פרויען געשטאַנען און געוואַשן, דערלאַנגענדיק איינער דער אַנדערער, בכדי ס'זאָל זיך שנעל אויסטריקענען אויף דער ברענענדיקער זון, ווייל אויב עס קומט אַן אַליאַרם און די וועש בלייבט הענגען אין דרויסן, ווערט זי נעלם, כאָטש פאַטרולן

דרייען זיך אויף יעדן טריט און שריט, און „ה י ט ן"... אַפילו בשעת אַליאַרמען.

מיט אַ מאָל האָט זיך דערהערט אַ גרילצן פון רעדער און נאָך עטלעכע מינוט איז פאַרן הויף געבליבן שטייט אַ מעכאַניזירטע איינהייט פון דער דייטשער אַרמיי. דערזעענדיק פאַר זיך אַ גרויסן הויף, זענען זיי תּיכּף אַריינגעפאָרן, זיך גאָר ברייט אינסטאַלירט און ביז אין אַ האַלבער שעה איז די גאַנצע גאַס געווען פול מיט מיליטערישע אויטאָס, וואָס מ׳האָט באַדאַרפט פאַרריכטן.

זיצנדיק אין שטוב און מורא האָבנדיק אַרויסצוגיין, אַז די דייטשן זאָלן אונדז נישט באַמערקן, האָבן מיר דערזען ווי איינער פון זיי דערנענטערט זיך צו דער טיר, קלאַפּט אָן, און זייער העפלעך פרעגט ער, אויב מיר וועלן אים דערלויבן עפּעס אָפּצוקאָכן.

אויס מורא האָבן מיר זיי געענטפערט, אַז זיי קענען טאָן וואָס זיי ווילן און טאַקע תּיכּף זענען אַריין עטלעכע דייטשן און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּרשה פון קאָכן און בראָטן.

4 אַ זייגער נאָך מיטאָג זענען אַריינגעקומען צוויי דייטשן און געבעטן מיר זאָלן צוגרייטן פאַר זיי געזאָטן וואַסער און דאָס טאַקע תּיכּף ברענגען אין הויף אַריין, ווייל זיי ווילן טרינקען טיי. אָפּגעטרונקען די טיי, האָט מען געזען, אַז זיי גרייטן זיך אָוועקצוגיין און זענען שוין אומגעדולדיק צו זען זיך אין גאַס.

מיט אַ מאָל קומען צוריק עטלעכע פון זיי און זענען מודיע, אַז אין אָוונט ווילן זיי אַ ביסל פאַרברענגען. אויך אַנדערע פון זייערע קאַמעראַדן וועלן מיטקומען און מיר זאָלן גאָרנישט זאָרגן, ווייל זיי וועלן שוין אַלץ מיטברענגען מיט זיך.

דער דייטש וואָס האָט גערעדט אין זייער נאָמען האָט אויסגעזען צו זיין קרוב אַ פופפציקער, און ער איז געווען דער אָנפירער. דערזעענדיק, אַז מיר זענען אַלע בלאַס געוואָרן, האָט ער אונדז געזאָגט, מיט אַ שמייכל, אַז מיר זאָלן זיך נישט זאָרגן, ווייל זיי ווילן בלויז פאַרברענגען... ער האָט אויך אַ זון, וואָס ער האַלט אים נעבן זיך, און לאָזט אים נישט אַז ער זאָל, ווי די אַנדערע חברים זיינע, באַקומען אַ סיפיליס... זיין זון שפּילט זייער שיין אויף אַן אַקאָרדעאָן, אַזוי אַז עס וועט זיין זייער אַן אָנגענעמער אָוונט.

ער אַליין איז אַ גרויסער ליבהאָבער פון מוזיק, און מינדלעך וועט ער באַ־
גלייטן דעם זון.

גענענדיקט מיט אַ שמייכל, איז ער אַוועקגעגאַנגען, צופּייפנדיק, ווי
מיט עטלעכע קילאָמעטער פון דאַנען, וואָלט זיך נישט געגאָסן מענטשלעך
בלוט.

מיר זענען געבליבן ווי פאַרשטיינט און געבעטן זיך, אַז אַלע אומגליקן
וואָס קענען פּאַסירן: אַליאַרמען, באָמבאַרדירונגען, דונערן, בליצן און
כלערליי מיתות משונות... געבעטן... און דאָ, דער אָוונט דערנענטערט זיך
און מיר ווייסן אַליין נישט וואָס צו טאָן. טונקל איז געוואָרן און מיר האָבן
מורא געהאַט אָנצוצינדן דאָס קליינע לעמפּעלע, מיר זאָלן נישט דערזען
אונדזערע אייגענע שאָטנס אַרום זיך. אַליין האָבן מיר נישט געוווּסט וואָס
איך מיט מיינע שוועסטער זאָלן טאָן. נישט בלייבן אין שטוב, האָבן מיר מורא
געהאַט, אַז דווקא דאָס זאָל זיי נישט זיין אויפפאַלנד. זענען מיר געשטאַ־
נען און געוואַרט אויף אַן ערדציטערניש, וואָס זאָל זיי אַלעמען לעבעדי־
קערהייט באַגראָבן.

מיט אַ מאָל — די טיר עפנט זיך און מיט אָנגעצונדענע לאָמטערנעס
האָבן זיך געטאָן אַ שיט אַריין קרוב 10 יונגען, אַלע — ראַזירטע, פּאַרפו־
מירטע און אין זייער שפּיץ אַ יונגער בחור מיט אַן אַקאָרדעאָן אין האַנט,
טאַנצנדיק און שפּרינגענדיק.

געפרעגט האָבן זיי אויב אין שטוב איז פאַראַן עלעקטרישע אינסטאַ־
לאַציע. אויף אונדזער ענטפער, אַז צוליב דעם פאַרטונקלונגס־געזעץ,
צינדן מיר בכלל נישט אָן קיין ליכט, האָבן זיי זיך צעלאַכט אויף אַ קול
זאָגנדיק, אַז די עראָפּלאַנען טרעפן אין דער פינצטער אַזוי גוט, ווי ביי דער
ליכט.

עפּעס האָבן זיי זיך געפּאָרעט ביי דער וואַנט און מיט אַ מאָל איז
ליכטיק געוואָרן.

זיי האָבן זיך אויסגעזעצט ווי אין קינאָ און דער יונגער דייטש האָט
אָנגעהויבן שפּילן אויף דער האַרמאָניקע.

קלאַנגען פאַרמאָגן אַ כישוף... און מיר, כאָטש דערשראָקענע און פאַר־
ביטערטע, האָבן נישט געוווּסט וואָס צו טאָן צווישן אַזוי פיל קלאַנג און
ליכט. די אַנדערע האָבן אים באַגלייט זינגענדיק, און עס איז געווען דער
אמתער קאָנצערט. יונג זענען זיי געווען, פול מיט בענקשאַפט צום לעבן,

און אפשר צו אַ היים, צו געליבטע וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט אין דער היים, צו עלטערן... דאָס אַלץ האָט זיך צעגאָסן און געצופּט, ווי זיי וואָלטן מיט זייערע ציטערדיקע דינע שטימען זיך מתוודה געווען פאַר זיך אַליין און איבערגעשיקט גרוסן, איידער דער מאָרגן וועט קומען און וועט זיי אַלע אומברענגען.

מיט אַ מאָל האָט דער יונגער דייטש אָנגעהויבן שפּילן די „בלאָוע דאָנאַו". זיי אַלע האָבן זיך צעוויגט מיט פאַרמאַכטע אויגן, טרוימענדיק וועגן ווינער וואַלד פון יאָהאַן שטראַוס...

לויט זייער בקשה האָבן מיר צוגעגרייט געזאָטן וואַסער, וויל צוקער, טיי און עסן האָבן זיי אָנגעברענגט פאַר פּופּציק... אויסגעטרונקען די טיי, האָבן זיי ווידער אָנגעהויבן זינגען און שפּילן, אַרומנעמענדיק איינער דעם אַנדערן און אָנגעהויבן טאַנצן...

מידע האָבן זיי זיך אַוועקגעזעצט אָפּרוען און דער אָנפירער זייערער האָט אָנגעהויבן דערציילן אַנעקדאָטן, וואָס האָבן דערוועקט אין זיי התלהבות, געלעכטער און איראָניע, ביז איינער פון די יונגען איז אויפגעשטאַנען און אונדז געפרעגט:

— פאַרוואָס זענען די ברידער אין דער היים און נישט אויפן פראָנט?

דאָ האָבן מיר ערשט אָנגעהויבן מורא צו האָבן. זאָלן די דייטשן געווען האָבן אַזאַ ביטערן טעות און מיינען, אַז מיר זענען קריסטן? אָדער זיי מאַכן חוזק פון אונדז?

נאָך עטלעכע מינוט האָט ער אַרויסגעסוויטשעט צווישן די ציין:

— אַ... יודען האָבן אין אַנדער פראָנט... זענט איר נישט פון יענע... פון די פאַרטיזאַנער...

דער עלטערער דייטש, זעענדיק, אַז פונעם וויץ קענען אַרויסקומען אומאָנגענעמע זאַכן, האָט ער תיכף באַפוילן צו גרייטן זיך צום אַוועקגיין. אַזוי האָבן זיי טאַקע געטאָן.

נאָך דעם ווי זיי זענען אַוועק האָבן מיר תיכף פאַרלאָשן דאָס ליכט, פאַרריגלט די טיר און ביז אין דער פרי האָט קיינער קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט.

ווי אויף להכעיס איז יענע נאַכט געווען זייער אַ שטילע. אַליאַרמען זענען נישט געווען. אויפרייסן אויך נישט. איז מען געזעסן שטיל און זיך

צוגעהערט ווי אין דער פינצטערניש דרייען זיך אַרום עכאָס פון „בלאַוער דאַנאַו" און פון אַנדערע וואַלסן...

אויפגעוועקט האָט אונדז אַ האַמער־קלאַפּעריי. באַלד אין דער פרי זענען די דייטשן צוריקגעקומען צו דער אַרבעט און ווי נאָר מיר האָבן געכאַפּט אַ קוק דורך דער שויב, זענען זיי שוין געשטאַנען מיט פאַר־קאַטשעטע אַרבל און פאַרריכט די אויטאָס.

לאַנגזאַם האָבן מיר זיך אָנגעהויבן צו רירן, פּונקט ווי מיר וואָלטן זיך ערשט איצט געלערנט ווי אַזוי צו מאַכן די ערשטע טריט. אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן... ביטערע קאָשמאַרן... נישט האָבנדיק קיין כוח צו שטיין אויף די פיס, האָבן מיר זיך אָנגעהאַלטן ביי די ווענט און זיך געשלעפּט.

אַרויסגייענדיק אין הויף, זענען מיר ערשט געוואָר געוואָרן, אַז דאָס וואָס ס׳איז געשען ביי אונדז איז געווען אַ גן־עדן אין פאַרגלייך מיט אַנ־דערע שטיבער, וווּ די דייטשן זענען אַריין און געפאָדערט מען זאָל זיי צושטעלן פרויען.

מיר האָבן אָבער נישט פאַרשטאַנען פאַרוואָס דער עלטערער דייטש, זייער אָנפירער, קומט פון צייט צו צייט אַריין אין שטוב און פרעגט גוט־ברודעריש אויב מיר האָבן נישט קיין אומאַנגענעמלעכקייטן... מיר האָבן נישט פאַרשטאַנען זיין כוונה.

ערשט צוגייענדיק צום פענצטער, האָבן מיר געזען ווי דייטשן שלעפּן אַריין אין הויף יעדע פאַרבייגייענדיקע פרוי, שטעלן זי וואַשן גרעט, רייניקן קליידער, פּוצן שיך. ערשט דעמאָלט האָבן מיר פאַרשטאַנען פאַר־וואָס דער עלטערער דייטש פרעגט אונדז אויב מיר האָבן נישט קיין אומ־אַנגענעמלעכקייטן...

אָוונט־צו האָבן מיר געזען אַז זיי פּאַקעווען זיך, ווי צום אָפּפאָרן. צומאָרגנס, קוקנדיק דורך דער שויב, האָבן מיר געזען ווי בלויז איין מאַשין געפינט זיך נאָך אין הויף. דער עלטערער דייטש איז אַריינגעקומען אונדז דאַנקען... זאָגנדיק, אַז צוליב דעם וואָס דער פראָנט דערנענטערט זיך, פאַרלאָזן זיי די שטאָט. און אַ סימן האָט ער אונדז געגעבן:

— ווען איר וועט הערן האַרמאַטן־שאָס, זאָלט איר אָנהייבן ציילן ביזן אויפרייס, און דער נומער וועט זיין אויך די צאָל קילאָמעטער וואָס טיילן אייך אָפּ פונעם פראָנט.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ ציילעניש... מיר האָבן שוין אָפּגעציילט ביז 10, דערנאָך ביז 8... דערנאָך ביז 6... און דאָ איז עס געבליבן...

די אויפרייסן האָבן זיך געצויגן און גאָר אַ סך יידן זענען פאַרוווּנ־דעט געוואָרן און געבליבן אָן היימען. האָבן זיי זיך גענומען גיין אין פרעמדע קעלערס, מיטברענגענדיק מיט זיך די לייכט־פאַרוווּנדעטע, ווייל די שווער־פאַרוווּנדעטע זענען געבליבן ליגן אויפן אָרט, ביז ס'האָט זיך אָפּגעפונען אַ דאָקטער, אָדער ביז אַ צווייטער אויפרייס האָט זיי געבראַכט די לעצטע און אייביקע רפואה — דעם ט ו י ט!

ייפ״אַ האָט פאַבריצירט פּלענער און זיי תיכף צעשטערט, בכדי זי זאָל קענען שאַפן אַנדערע.

אין איינעם אַ טאָג האָט זי אָנגעבראַכט די בשורה, אַז די שיף „מאַפּ־קור״, וואָס האָט געפירט אומלעגאַלע עולים קיין ארץ־ישראל, איז דער־טרונקען געוואָרן אַ האַלבע שעה נאָכן אָפּפאָרן פונעם קאָנסטאַנצער האַפן.

טרויער און יאוש האָט אונדז באַהערשט. אַזוי פיל מי, אַזוי פיל געלט, אַזוי פיל האָפענונג — און דער ים האָט זיי איינגעשלונגען.

צוזאַמען מיט אונדז אין קעלער, האָט זיך געפונען די משפחה אַבראַ־מאָוויטש, וועלכע האָבן געהאַלטן אין איין דריקן צום האַרצן די צוויי יידישע קינדערלעך, צוויי ברידערלעך, וואָס זייערע עלטערן פון טראַנס־ניסטריע האָבן זיי אַוועקשיקט אויף גאָטס באַראָט קיין יאַס, מיט דער האָפענונג, אַז פון דאַנען וועלן זיי קענען אָפּפאָרן קיין ארץ־ישראל. אָנגע־קומען זענען זיי צום בנין פון דער יאַסער קהילה און תיכף האָט ייפ״אַ מודיע געווען וועגן די חשובע געסט.

יעדע יידישע משפחה האָט געהאַלטן פאַר אַ גרויסן זכות דעם פאַקט, אַז זי האָט זוכה געווען נעמען צו זיך אַ קינד. מענטשן זענען געשטאַנען אַרום דעם הויף פון דער קהילה און געגאַפט:

— ווי אַזוי האָבן אַזעלכע קליינע באַשעפענישן געקענט איבערטראָגן די איבערמענטשלעכע ליידן און — נאָך לעבן... אמתדיקע נסים... אַן אמתדיקער באַווייז אַז עם ישראל חי!...

יידן וועלן איבערלעבן די מלחמה... די קינדערלעך זענען געווען אַ

באַלזאַם פאַר געפּרוּוטע און דערשלאָגענע הערצער. יעדער האָט געהאַלטן פאַר אַ זכות, פאַר אַ חוב, אַ הייליקן חוב, עפּעס צו טאָן פאַר זיי.

געווען צווישן זיי קליינע קינדערלעך וועלכע האָבן נישט געדענקט אַפּילו ווי אַזוי די עלטערן האָבן געהייסן. אויפגעוואַקסן אין קריסטלעכע שטיבער, האָבן זיי אַפּילו נישט געוווּסט צי זיי זענען יידן. ביז די שליחים פון די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס זענען פאַרשיקט געוואָרן קיין טראַנסניסטריע און דערוויסנדיק זיך דאָרט וועגן די „געפאַנגענע" יידישע קינדער, האָבן זיי אָנגעהויבן זיי אויפצוזוכן און מיט סכנת־נפשות געבערענגט זיי קיין יאַס, אויף גוייִשע נעמען...

אייניקע פון זיי האָבן געהאַלטן אין איין גלעטן די הויזן וואָס מען האָט זיי אָנגעטאָן, דאָס העמדעלע... דאָס היטעלע... אַנדערע האָבן געקושט דאָס טעלערל אין וועלכן מ׳האָט זיי דערלאַנגט עסן...

איינס פון די קליינע קינדערלעך, וואָס האָט געדענקט אַ ביסל יידיש, האָט דערזען אין הויף פון דער קהילה דעם הער יאַנאָוויטש, איז ער צוגעגאַנגען צו אים און געפרעגט:

— ווילסט זיין מיין טאַטע?

מיט טרערן אין די אויגן איז יאַנאָוויטש אַרויסגעגאַנגען פונעם הויף, טראַגנדיק אויף די הענט דעם קליינעם מענדעלע.

צענדליקער משפחות האָבן גענומען קינדער, זיי געהיט ווי דאָס אויג אין קאָפּ, אָנגעטאָן זיי און אויסגעהיילט זיי פון אַלע קראַנקייטן.

שטילע זענען געשטאַנען די קליינע מלאכימלעך אין די קעלערס, ווען איבער אונדזערע קעפּ האָט געריגנט מיט פייער. איינגעקוקט זיך מיט דאַנקבאַרקייט צו יעדן איינעם וואָס איז צוגעקומען אַ גלעט טאָן דאָס שיינע קינדערישע פּנימל. אַנדערע קינדער האָבן געזונגען לידעלעך פון לאַגער, אַנידערגעזעצט זיך אין אַ ראָד אויף דער ערד פון קעלער און אָנגעהויבן זינגען. מיט קלינגענדיקע קולעכלעך, בעת מיר, די צוהערער, האָבן שטיל געוויינט.

ווען מ׳האָט באַקומען די ידיעה, אַז „מאפקור" איז שוין נישטאָ, האָבן זיי אונדז געהאַלטן אין איין פרעגן פאַר וואָס מיר וויינען. נאָר ווער האָט דען געהאַט האַרץ זיי צו דערציילן?

די עלטערע פון זיי, פאַר וועמען מ׳האָט שוין נישט געקענט אויסבאַהאַלטן דעם אמת, האָבן ביטער באַקלאָגט יענע קינדער, זייערע חברים־

לעך, וועלכע זענען איינגעשלונגען געוואָרן פונעם ים און דערמאָנט זיך ווי אַזוי זיי האָבן זיך געזעגנט מיט זיי און געווונטשן צו זען זיך בקרוב אין לאַנד פון די אָבות, אין איינעם מיט זייערע עלטערן.

נאָך דריי טעג זיצן אין קעלער האָבן מיר אים מיט אַ מאָל באַדאָרפט פאַרלאָזן. געווען אַ סכנה אַז דער באַלקן וועט איינפאַלן און אונדז אַלע פאַרשיטן. אַרויסקומענדיק אין הויף האָבן מיר געזען, אַז די גאַס איז ליידיק און פוסט. קיין סימן פון זעלנער, פון פּאָליציי. זאָל זיי די ערד געווען איינשלינגען?

די מענער האָבן שנעל צונויפגעקליבן עטלעכע סטאָלפּעס אויף אונ־טערצושפּאַרן דעם באַלקן. דערווייל זענען עטלעכע ייפ״אַ־אַגענטן אַרויס „אויף יאַגד״ און תיכף מודיע געווען, אַז דייטשע פּאַטרולן גייען איבער די גאַסן און ווו זיי טרעפן אַ מענטש — דערשיסן זיי אים. עס האָבן זיך טאַקע געהערט נאָענטע שיסערייען פון מיטראַליערן און מיר זענען תיכף צוריק אַריין אין קעלער, נישט קוקנדיק אויף דער סכנה, טאָמער וועט דער באַלקן זיך צעפאַלן. מיט אַ מאָל דערהערט זיך אַ וויינענדיק קול ביים אַריינגאַנג פון קעלער:

— ייד,ן האָט רחמנות און לאָזט אונדז אַריין...

געווען איז דאָס אַ משפּחה וואָס האָט זיך נאָר־וואָס געראַטעוועט פון אַ קעלער וואָס איז פאַרשיט געוואָרן און זיי האָבן געזוכט אַן אָרט צווישן יידן. אַריינקומענדיק האָבן זיי אָנגעהויבן צו דערציילן שרעקלעכע סצענעס:

— טויזנטער סאָלדאַטן ליגן טויטע, אָדער פאַרווונדעטע, איבער די גאַסן און דייטשע טאַנקן פאָרן איבער זייערע קערפּערס. אין קעלערס און אין די בונקערס — טויטע און פאַרווונדעטע.

מיר זענען געווען זיכער, אַז פון גרויס דערשיטערונג וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט ביים איינפאַלן פונעם קעלער ווו זיי האָבן זיך געפונען, זענען זיי געווירט פון זינען און וויסן נישט וואָס זיי רעדן.

מיט אַ מאָל לויפט אַריין אין קעלער אַ יונגערמאַן מיט אַן אויסגעשריי:

— טאַטע, מאַמע, איר לעבט?

מיר האָבן געוווּסט, אַז ער איז פון יענער זייט בריק. ווי אַזוי אָבער איז ער אַריבער אויף „אונדזער״ זייט?

לאָזט זיך הערן פון זיינע רייד, אַז די רוסן געפינען זיך שוין פון

גאַנץ פרי אַן אין יאַס. זיי האָבן אַרומגערינגלט די שטאָט, אַז די דייטשן זאָלן נישט האָבן קיין וועג צום אַנטלויפן.

צום ערשטן האָבן די רוסן איינגענומען די פעריפעריע־פונקטן: סאַ־ראַריע, קאַפּאָו, טאַטאַראַש, אַבאַטאַר א״אַנד. די צוזאַמענשטויסן זענען בלו־טיקע. איבער די גאַסן און פון שטוב צו שטוב קומען פאָר בלוטיקע קאַמפן. יידן פון די באַפרייטע גאַסן זענען אַרויס פון די קעלערס און באַגעגנט די רוסן מיט פרייד און מיט טרערן, קוקנדיק ווי עס פירט זיך דער קאַמף איבער די גאַסן, פאַר די יידנס אויגן, גלייך ווי זיי וואָלטן זיך געפונען אין אַ רינג און קוקן זיך צו צו אַן אָקסן־קאַמף.

לאַנגזאַם אָבער זיכער, האָבן די רוסן פאַרנומען די צענטראַל־גאַסן, קוזאַ־וואָדע, קאָסטאַקע נעגרי, זיך אָפּגעשטעלט ביים שיל־הויף, ווו ס׳דאַרף פאָרקומען די באַגעגעניש מיט דער צווייטער טייל פון דער רוסי־שער אַרמיי, וואָס קומט אָן פון אונדזער געגנט, פון דער „רויטער״ בריק, פון דער ניקאָלינע־סאָקאָלאָ...

הייסט עס, אַז אין שיל־הויף, אין צענטער פונעם יידישן קוואַרטאַל, וועלן זיך באַגעגענען די זיגער פון ביידע טיילן פון דער מאָלדאַווער קרוינשטאָט י אַ ס! סאַראַ זכיה פאַר די לעבעדיקע יידן פונעם שיל־הויף! נישט אַנדערש, אַז דער זכות פון דער גרויסער אַלטער שיל האָט דערפירט, אַז די רוסן זאָלן זיך באַגעגענען אַלס זיגער, דווקא דאָרטן!

דערוויסנדיק זיך, אַז די דייטשן האָבן קאָנצענטרירט אַלע זייערע כוחות אַרום דער בריק איבערן באַכלוי, זענען זיי אַוועק פונעם שילהויף און זיך געלאָזט גאַס נאָך גאַס, צום באַכלוי, ווו די דייטשן זענען שוין אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן און פאַלן ווי די פליגן.

גענוען איז דאָס דעם 21סטן אויגוסט 1944.

מיר האָבן זיך געפונען אין אמתן פייער. מענטשן, וועלכע האָבן באַ־וויזן צו ראַטעווען זיך פון די דייטשע רוצחים האָבן דערציילט, אַז די דייטשן, אין אָנפאַל פון משוגעת, גייען אַרום פון הויף צו הויף, שטעכן און דערשיסן. אמת, האָבן זיי דערציילט, אויף יענער זייט פונעם באַכלוי זעט מען שוין די רוסישע טאַנקן, אָבער דער ווידערשטאַנד פון די דייטשן

איז נאָך נישט געבראָכן געוואָרן. זיי קעמפן!... די בריק איז נאָך נישט אויפגעריסן געוואָרן!

נישט קענענדיק אָטעמען מער אינעם איבערגעפולטן קעלער, זענען מיר אַרויסגעגאַנגען און יעדער איינער איז אַוועק אין שטוב, ווו מ׳האָט געטראָפן טיר און פענצטער צעהאַקטע און צעבראָכענע, צוליב דעם אומאויפהערלעכן דרוק פון די אויפרייסן. די שטיבער האָבן אויסגעזען ווי נאָך אַ פּאָגראָם.

נישט געוועזן צו דערקענען קיין כלי, קיין בעט, קיין שאַפע. אַלץ אָנגע־וואָרפן און צעבראָכן.

אויפגעכאַפּט האָבן מיר זיך דעם 22סטן אויגוסט אין דער פרי, פון א י י ן האַרמאַטן־שאָס און תיכף — אַ גרויסער אויפרייס.

הייסט עס, אַז מיר זענען שוין אַ קילאָמעטער ווייט פונעם שלאַכט־פעלד. און אפשר בלויז עטלעכע הונדערט מעטער?

מיר זענען צוריק אַריין אין קעלער.

איבער אונדזערע קעפּ — פאַרביטערטע לופט־קאַמפן. אויפרייסן, שריפות און זייערע פלאַמען שפּיגלען זיך אָפּ ביים אַריינגאַנג אין קעלער.

עטלעכע מענטשן פּרוּווּן אַרויסשטעלן דעם קאָפּ און — תיכף צוריק!

ביים אויפבליץ פון אַן אויפרייס האָבן זיי געזען: די גאַס איז פאַר־זייעט מיט טויטע.

מיט אַ מאָל מאַכט מען סימנים, אַז יעדער זאָל שווייגן, ממש איינהאַלטן דעם אָטעם. דייטשע פּאַטרולן דרייען זיך אין הויף און שיסן... מעגלעך, אַז זיי לויפן נאָך פּאַרטיזאַנער וואָס האָבן געשאָסן הינטער זייערע פּליי־צעס... מעגלעך אַז צוליב די אָנגעוואָרפענע טיר און פענצטער האָבן זיי נישט באַמערקט דעם אַריינגאַנג צום קעלער.

אַרום 3 אַ זייגער ביי נאַכט, דעם 23סטן אויגוסט, מיט אַ מאָל — דער קעלער וויגט זיך און מיר אַלע אין אים ווערן געשליידערט איינער אויפן אַנדערן, אויף די ווענט, צום באַלקן... סוף כל סוף האָבן די דייטשן אַליין אויפגעריסן די בריק איבערן באַכלוי, בכדי די רוסן זאָלן נישט אַריבער־קומען אויף דער זייט פונעם טייך.

די רוסן האָבן אויף פאַרשידענע ערטער פאַרלייגט פּאָנטאָן־בריקלעך און אַזוי אַרום אַריבער דעם טייך. די קאַמפן פירן זיך נישט ווייט פון אונדזער קעלער. נייע אויפרייסן פאַרשיטן דעם אַריינגאַנג צום קעלער. מ׳הייבט

זיך אָן שטיקן. נישטאָ מיט וואָס צו עטעמען. קינדער וויינען, אַלע חלשן. ס'איז אַ גערודער און מ'הייבט אָן צו פאַרלירן דאָס גלייכגעוויכט...

אַרום 4 אַ זייגער פאַרטאָג, דעם 23/24 אויגוסט 1944, הערן מיר ווי יידן פונעם שכנותדיקן הויף האָרעווען שווער ביים אַוועקנעמען די ערד פון דעם פאַרשיטן אַריינגאַנג צו אונדזער קעלער און קולות דערגייען צו די נאָך קלאָרע מענטשן:

— יידן, מיר זענען געראַטעוועט!

מען הייבט אָן אַרויסצונעמען די מענטשן פונעם קעלער, מען לייגט זיי אויס אין הויף. מען גיסט אויף זיי וואַסער. יידן לויפן מיט געזאַנג און טאַנצן. דערוויסנדיק זיך, אַז אונדזער קעלער איז פאַרשיט, קומען יידן אַריין אין הויף און העלפן אַרויסנעמען די מענטשן, אויך דורכן צווייטן אַריינגאַנג. אַריבער 300 נפשות ווערן אַרויסגעשלעפּט, פאַרחלשטע, האַלב־דערשטיקטע.

דריי באַוואָפנטע רוסן באַווייזן זיך אין הויף און פרעגן אויב עס זענען נישטאָ קיין דייטשן.

דערקלערנדיק זיי, אַז מיר זענען יידן, האָבן זיי אַוועקגעלייגט די ביקסן און גענומען פאַרברייטערן די אַריינגענג אין קעלער, געהאָלפן און געוואַרט ביז אַלע יידן זענען אַרויסגענומען געוואָרן.

מיר זענען געשטאַנען ווי פאַרטשמעלעטע און געקוקט אויף די רוסן, נישט פילנדיק ווי אַ דייטשער פאַטרול האָט זיך אונטערגערוקט און גע־פּרוּווט באַפאַלן די רוסן. תיכף זענען אָנגעלאָפן אויך אַנדערע רוסישע זעלנער און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ שיסעריי.

ווי היינט, אַזוי האָט מען זיי געקעפּט. געשטאָכן די דייטשן מיט די שפּיזן און געטרעטן זייערע טויטע קערפּערס מיט די פיס.

דאָס שיסעריי האָט אונדז אויפגעמונטערט מער ווי דאָס וואַסער וואָס מ'האָט אויף אונדז געגאָסן.

די רוסן זענען אַראָפּגעגאַנגען אין קעלער, גוט בודק געווען, אויב עס געפינען זיך נישט אין אים קיין דייטשן, פאַרשיט ביידע אַריינגענג, אַז אין משך פון דער נאַכט זאָלן זיך די דייטשן נישט פאַרפעסטיקן אין אים.

דערזעענדיק אונדז אַזוי דערשראָקן, מער טויט ווי לעבעדיק, האָבן זיי ביי זייער אַוועקגיין, געהייסן אונדז אַרויפקוקן צו דעם טשעטשאַציוע־באַרג,

וואָס דערהייבט זיך ביים עק פון שטאָט. עס האָט זיך קלאָר אָנגעזען ווי קאָזאַקן מיט אָנגעשפּיזטע ביקסן יאָגן נאָך די פאַרווילדעוועטע, אַנטלויפנ־דיקע דייטשן.

מיר האָבן געקוקט צום באַרג, אָבער נישט צו די קאָזאַקן, נאָר צו די ערשטע שטראַלן פון דער זון, וואָס האָט אויפגעשיינט אויך פאַר די יאָסער יידן.

# זוכצעטל פון נעמען

# זוכצעטל פון ערטער

---

ביכער פון טאַני סאָלאָמאָן־מערבי — אין צוגרייטונג:

„טעג אין וועג״

„אַמאָליקע טעג״

the events for literary or other artistic work. A very unique document has been added now, a personal report which will serve from now on as one of the most important sources for the historiography of that period in general and of the events in particular.

*Dr. THEODOR LAVI (LOEWENSTEIN)*

Dr. W. Filderman, who had been evacuated for a short time to Transnistria, also left a diary, but his notes are, I wuold say, synthetic generalizations. These are articles dealing with the sad conditions of Jews in Transnistria, and were addressed to the Roumanian Government.

Toni Solomon Maaravi's book contains personally expressed events and the suffering is expressed from a deep inner perspective. The fact that her writing shows no literary pretensions and is not set forth with metaphors, increases its authenticity. It is a piece of tragic life jotted down on paper at the very strained moments of its occurrence.

Zvi Shner, the head of the library and archive of "Beit Lohamei Hagetaot" has very rightly defined the author's urge to perpetuate the memory of the events. In his speech, delivered at the Congress on the resistance of Jews in time of persecution, which took place in Jerusalem, he said: "Every document of this sort is a special form of resistance, which streams out of deep historical feelings. All those who have felt that they have to bear witness, did not know themselves if they would survive, but their purpose was to build a bridge to future generations. The very writing itself shows that the author believed in the collapse of Nazi-Germany and in the survival of the Jewish people."

The internal stimulus, subconsciously created, which moved the author to write her notes for the book "Days of Anger" has only heightened, rather than diminished, its documentary value. The pulsation of events on each page and in every line of this book testifies to the writer's irrepressible love of truths and *gives them the character of an undeniable love for truth.*

Several historical works were written about the persecutions in Jassy. Only few writers have exploited

## AN IMPORTANT SOURCE FOR THE HISTORIOGRAPHY OF OUR ERA

When the author of this book told me how she had endangered herself, while writing and hiding the notes she had made about the persecutions in Jassy I found it unnecessary to ask her why she had written it. I understood that she had no literary ambitions or intentions to latin publish her work late or use it as raw-material for a narrative.

The author herself was not aware of the fact that by exposing herself to danger, while noting down all the events, she was carrying out the last oral will of the Historian, Prof. Simon Dubnov, at the time when the Nazis took him on his last way, and crying: "Write and record for posterity".

There are very few authentic documents of this sort about the period of the holocaust in Roumania.

The dramatic events of this book can be compared with drawings of the painter, Arnold Dagani, depicting the German camp across the Bug river, where those evacuated to Transnistria were slaughtered.

There is also a diary — not yet published — of the Jewish Roumanian writer Michael Sebastian, who described the persecutions in Bucharest, but that is more in the nature of a tale, since he had heard about it from others and did not witness it himself.

The Jewish-Roumanian journalist B. Branisteanu has also left a diary dealing with that bitter period, but he follows the ideological outburst of antisemitism.

The book shows also how the partisan movement deveoped and became the terror of the Nazi murderers, helping to bring about their crushing defeat.

This is a chronicle of how Jews have lived, suffered, hoped and struggled for their human and Jewish existence during those dark dyas of desruction in Rumania.

The historian of the destruction of Rumanian Jewry will be able to find in this book many details which will aid him in comarison and documentation.

Thus, this book is a remarkable contribution to the literature of that tragic period. It is at the same time a book that shows Jews the world over, how their Jewish brothers survived those horrible years in the Rumanian diaspora.

It is also a contribution to the indictment against the Nazi murderers and their collaborators in all the countries and especially in Rumania.

Special praise is due to the well-known poet, Haim Rabinson, for his fine translaion from Rumanian into Yiddish. The language is clear an full of appropriate "Rumanianisms" and at the same time maintains an epic tone befitting a chronicle of destruction.

Dr. M. DVORSCHETZKI

In Great Jassy, in the small towns, in concentration camps, everywhere, Jews proved themselves helpful towards one another. One of them was the pious God-fearing Reb Hershele. He was one of the many "Hershelech" who proved themselves in those dark days, trying to encourage his suffering brethern.

"Jepa" is often mentioned in the book. That was a sort of "Yiddish Plotkes Agentur" who spread false reports about restrictions that were about to come and warned against them. With sarcastic humor they told stories about the victorious Germans and the barbaric deeds of their Rumanian servants.

"Jeepa" in Rumania, like other secret warning agencies in countries where Jews suffered, was a source of quick information about approaching disaster and at the same time an avenue of humorà and satire against the enemy who seemed to be indestructible.

"Jeepa", a symbol of the Jewish Will to survive, and its variant "Jeeva" (meaning "Jews want it so") foresaw the total defeat of the German "Reich" in the days of its first victories.

Armed with great literary talent the author gives mournful descriptions of the persecutions in Jassy and the evacuation of Jews in the closed "death trains". In a manner both brief and clear, the author describes in siloutte form, Jewish leaders, rabbis, physicians, teachers and Jews of everyday life. The descriptions of how they gave themselves to "Kiddush Hashem", martyrdom, remain engraved in the memory of the reader.

In the book there are many details about the diabolic methods of torture in the concentration camps especially the description of the Wapniavka camp, where the Germans fed the Jews with wild beans which caused different symptoms of paralysis especially that of the legs.

There are Wapniavka victims who bear the scars of German sadism to this very day, in Tel Aviv.

Throughout the book there are also descriptions of the activities of the Zionist underground Youth groups who wanted to organize illegal immigration to Israel during the war years. One of those projects ended with the "Struma" tragedy in which 765 "illegal" newcomers perished in the depths when the ship was blown up.

